# ברנוביץ

## ספר זכרון




הוצאת ארגון יוצאי ברנוביץ בישראל
תל־אביב, תשי״ד, 1953

# תוכן העניינים - אינהאלט

# רשימת התמונות – רשימה פון בילדער

# עם הספר

בחרדת קודש ניגשנו להוצאת ספר הזכרון ליהודי ברנוביץ שהושמדו בשנות תש״א—תש״ג (1941—1943) בשואה.

חלפו עברו שנים מאז, אך קול הדמים הבוקע ועולה מקברות האחים בארץ־גזירה תבע מאתנו להקים מצבת־זכרון לקדושינו.

בקשיים רבים נלבטנו. ברנוביץ כעיר צעירה לא נתברכה בספרות היסטורית־מונוגרפית, והמעט שהיה — אבד. לפיכך עשינו מאמץ ללקט שרידי תעודות ולדובב אנשים מפעילי הציבוריות היהודית בעירנו בעבר ולעודדם שיספרו מזכרונותיהם. הספר הזה הוא, לכן, יצירה קולקטיבית של עשרות משתתפים ובפרקיו צרורה נשמתה של יהדות עממית־שרשית יקרת־סגולות זו, על תום־מסירות־נפשה ויושר־דרכה, על אהבת־האדם ואהבת־העם שפיכו בה, על להט־הצדק והאמת שהיה נשמת אפה, ועל חדוותיה ויגונותיה ואסון שברה — ללא טשטוש השלילה והחולשות. מן התצלומים הרבים ניבטים אלינו דיוקנאותיהם המאירים של אבות ובנים, זקנים ונכדים, בעבודות הכפיה בימי הכיבוש הגרמני הראשון ובבתי־מלאכה בתקופת פולין המשוחררת; בבתי הספר וזרמי הציבור לגווניהם ובמכבי־אש ומוסדות העזרה — ועד להשמדה; דורות שלמים מעורים בחיי העם ומורשתו ונושאים — כל אחד בדרכו הוא — חלום תקומתו וקודם־לכל — חלום ציון.

דאגנו שהספר יקיף וישקף את כל יהדות ברנוביץ על כל שכבותיה, תנועותיה וזרמיה; מתחילת התהוות הקהלה ועד לחורבנה, מברנוביץ התורנית והחסידית ועד ל„בונד״. כן דאגנו שכל רשימה או סקירה יהיו מוסמכים ומהימנים ככל האפשר.

אפס, על אף המאמצים הגדולים לא עלתה בידנו להשיג חומר חשוב על כמה וכמה אישים ומוסדות, ארגונים וחברות, שתפסו מקום חשוב בחיי יהדות ברנוביץ. יכפר היש על האין. בקושי רציני נתקלנו בזיהוי אנשים בתמונות, וביחוד בתצלומים הקיבוציים, שרובם לא ניתנו לזיהוי; אפשר שעל אף שקידתנו חלו גם שיבושים בציון השמות — ועם קוראינו הסליחה.

כן טרם נמצאה, לצערנו, היד הגואלת שתלקט את פזורי מעללי־הגבורה וההקרבה העצמית, הסבל והעמידה על הנפש, נוקמי דמנו בצר הצורר, ורבים מהם ניצלו וזכו לעלות לישראל. גורלם — גורל לוחמי המחתרת היהודים, שפזורים היו במחנות רבים — ולא עלתה בידנו לדובבם ולרכז החומר על נפתולי גורלותיהם ומערכותיהם.

בעיה מיוחדת עוררה שאלת לשון הספר. לעומת משאלתם של אחינו בתפוצות, שספר הזכרון יופיע ביידיש, סברו בני עירנו בישראל, שראוי כי הספר יצא לאור בעברית, כדי שישאר זכרון ומשמרת לדורות הבאים. נאלצנו, איפוא, להוציא את הספר בשתי הלשונות, כלשון כותביו ומספריו. לא היה בידינו — מטעמי תקציב — להוציא שני ספרים נפרדים בשתי הלשונות.

יבואו על הברכה בני עירנו, בארץ ובחוץ־לארץ, שבזכות מסירותם ראה ספר זה אור, וביחוד ד״ר נ. קרושינסקי. ערך: א. ש. שטיין.

**ארגון יוצאי ברנוביץ בישראל**

# צום דערשייַנען פֿון בוך

מיט אַ הייליקן ציטער זענען מיר צוגעטרעטן אַרויסצוגעבן דאָס יזכור־בוך צום אָנדענק פֿון באַראַנאָוויטשער יידנטום, וואָס איז גרויזאַם פֿאַרטיליקט געוואָרן אין די יאָרן תש״א—תש״ג (1941—1943).

עס זענען שוין זינט דאַן פֿאַרלאָפֿן יאָרן, אָבער די שטים פֿון דעם פֿאַרגאָסענעם בלוט האָט גערופֿן פֿון די ברידער־קברים און געמאָנט פֿון אונז אויפֿצושטעלן אַ מצבה צום זכר פֿון אונזערע קדושים.

מיר האָבן זיך געראַנגלט מיט פֿאַרשידענע שוועריקייטן. באַראַנאָוויטש אַלס יונגע שטאָט איז נישט געבענטשט געווען מיט היסטאָריש־מאָנאָגראַפֿישע דאָקומענטן, און דאָס ביסל וואָס איז געווען איז פֿאַרלאָרן געגאַנגען. מיר האָבן געמאַכט אַלע אָנשטרענגונגען צו זאַמלען דעם לעצט־פֿאַרבליבענעם מאַטעריאַל. אויך האָבן מיר זיך באַמיט אָנרעגן פּערזאָנען, וועלכע זענען אין דער פֿאַרגאַנגנהייט געווען אַקטיוו אינם יידיש־געזעלשאַפֿטלעכן לעבן אין באַראַנאָוויטש, צו דערציילן זייערע זכרונות. אַזוי איז געשאַפֿן געוואָרן דאָס בוך, וואָס איז אַ קאָלעקטיוו ווערק פֿון צענדליקער אָנטיילנעמער און אין זיינע קאַפּיטלען איז פֿאַרוועבט די נשמה פֿון אָט דעם פֿאָלקסטימלעך־וואָרצלדיקן מיט טייערע אייגנשאַפֿטן באַזעלטן יידנטום; אויף זיין תמימותדיקער מסירות־נפֿש־גרייטקייט און גראָדליניקייט, אויף דער מענטש־און פֿאָלקס־ליבע וואָס האָט אין אים געוירט, אויף דעם ברען פֿון יושר און אמת וואָס איז געווען זיין אָטעמצוג, און אויך אויף זיינע פֿריידן און ליידן און אומגליק און אומקום — און דאָס אַלץ, נישט פֿאַרטושנדיק דאָס נעגאַטיווע און שוואַכקייטן.

פֿון די פֿילע פֿאָטאָגראַפֿיעס קוקן אַראָפּ צו אונז די ליכטיקע געזיכטער פֿון טאַטעס און זין, זיידעס און אייניקלעך, אין צוואַנגס־אַרבעט בעת דער ערשטער דייטשער אָקופּאַציע און אין די וואַרשטאַטן אינם באַפֿרייטן פּוילן; אין דעם פֿיל־פֿאַרביקן שול־וועזן און געזעלשאַפֿטלעכן לעבן, פֿייערלעשער און הילף־אינסטיטוציעס — און ביז צו דער פֿאַרניכטונג; דורות גאַנצע, טיף־פֿאַרוואָרצלט אינם פֿאָלקס־לעבן און אין זיין טראַדיציע, וועלכע האָבן געטראָגן אין האַרצן — יעדער איינער אויף זיין שטייגער — דעם חלום פֿון זיין באַפֿרייונג און קודם כל — דעם טרוים פֿון ציון.

באַזונדערס האָבן מיר געזאָרגט, אַז דאָס בוך זאָל אַרומנעמען און אָפּשפּיגלען דאָס גאַנצע באַראַנאָוויטשער יידנטום אויף אַלע זיינע שיכטן, באַוועגונגען און שאַטירונגען; פֿון דער אַנטשטייונג פֿון דער קהילה ביז צו איר אונטער־גאַנג, פֿון תורה און חסידות ביז צום „בונד״. מיר האָבן אויך געזאָרגט ,אַז יעדע אַרבעט און דאָקומענט זאָלן זיין ווי ווייט מעגלעך קאָמפּעטענט און אויטענטיש.

טראָץ אונזערע גרויסע אָנשטרענגונגען איז אונז ליידער נישט געלונגען צו באַקומען מאַטעריאַלן וועגן פֿאַר־שידענע פּערזאָנען און אינסטיטוציעס, אָרגאַניזאַציעס און געזעלשאַפֿטן, וועלכע האָבן פֿאַרנומען אַ באַדייטנדיקן אָרט אינם לעבן פֿון באַראַנאָוויטשער יידנטום. זאָל דאָס דערגרייכטע זיין אַ קאָמפּענסאַציע פֿאַר דאָס נישט־דערגרייכטע.

נישט לייכט איז געווען אויך דאָס אידענטיפֿיצירן פּערזאָנען אויף בילדער, באַזונדערס אויף גרופּן־בילדער. ס'איז דעריבער מעגלעך, אַז נישט קוקנדיק אויף אונזערע באַמיונגען זענען געמאַכט געוואָרן פֿעלערן ביים באַצייכנען נעמען.

ס'האָט זיך ביז איצט, ליידער, נישט געפֿונען די האַנט, וואָס זאָל צונויפֿזאַמלען און פֿאַרצייכנען די גבורה־און זעלבסטאָפּפֿערונגס־אַקטן, די ליידן און העראָיזם פֿון די באַראַנאָוויטשער פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן נקמה גענומען אינם שונא און אַ סך פֿון זיי האָבן זיך געראַטעוועט און זוכה געווען עולה צו זיין קיין ישראל. זיי האָבן געטיילט דעם גורל פֿון אַלע יידישע אונטערגרונט־קעמפֿער, צעזייט און צעשפּרייט איבער כלערליי לאַגערן — און ס'איז אונז נישט געלונגען באַוועגן זיי צום פֿאַרצייכנען זייערע זכרונות און איבערלעבונגען און צונויפֿזאַמלען דעם מאַטעריאַל וועגן זייערע ראַנגלענישן און קאַמפֿן.

אַ פּראָבלעם פֿאַר זיך איז געווען די שפּראַך־פֿראַגע. אונזערע לאַנדסלייט אויף גאָר דער וועלט האָבן פֿאַרלאַנגט, דאָס בוך זאָל דערשיינען אין יידיש, דאַקעגן האָבן די באַראַנאָוויטשער אין ישראל געהאַלטן, אַז דאָס בוך דאַרף זיין אין עברית, אַלס זכר און אָנדענק פֿאַר די קומענדיקע דורות. מיר זענען געצוווּנגען געווען אַרויסצוגעבן דאָס בוך איןביידע שפּראַכן, אויף דער שפּראַך פֿון די שרייבער און דערציילער. צוליב פֿינאַנסיעלע שוועריקייטן האָבן מיר נישט געקענט אַרויסגעבן צוויי באַזונדערע ביכער.

אָנערקענונג דריקן מיר אויס אונזערע בני עיר אין ישראל און חוץ לארץ, וואָס אַ דאַנק זייער הילף און מי איז דאָס בוך דערשינען, באַזונדערס ד״ר נ. קראַשינסקי. רעדאַגירט: א. ש. שטיין.

**ארגון יוצאי ברנוביץ בישראל**

# פרקים צו דער געשיכטע פון באראנאוויטש

# פרקים לתולדות ברנוביץ



פּאָלעסיע
טײַך
אָזערע
אײנליניקע באַן
צװײליניקע באַן
שאָסײ
פֿורװעג פֿאַר שװערן געשפּאַן
פֿורװעג פֿאַר גרינגן געשפּאַן
נאָװאָרודאָק
ניעסװיעזש
סלוצק
באַראַנאָװיטש
סלאָנים
װאָלקאָװיסק
פּינסק
לונינעץ
דראָהיטשין
קאָברין
בריסק
סטאָלין
קאַמען קאַשירסק



סכעמע פון באראנאוויטש
געצייכנט לויטן זכרון
דורך אינג׳ מ. צוקערמאן
באמערקונגען
1 דער אלטער וואקזאל
2 סלאנימער שטיבל
3 ציוניסטישע שול
4 דער אלטער בית מדרש
5 די ישיבה „תורת חסד״ (חסידישע)
6 צערקווע
7 די באד
8 תלמוד תורה
9 דער גרויסער בית מדרש
10 דער בעל־מלאכה שער בית מדרש
11 די קהילה
12 קוידאנאווער שטיבל
13 דער נייער בית מדרש
14 סאזשארנער בית מדרש
15 מכבי פלאץ
16 קלויסטער
17 שטאט ראט
18 סייערלעשער געביידע
19 סטאראסטווע
20 פאטשטאווער בית מדרש
21 די ישיבה „אוהל תורה״ (אלחנן׳ס)
22 צערקווע
23 סאדאווער בית מדרש
24 באנק פאלסקי
25 די פאטשט
26 שטאט געריכט
27 פאלעסיער וואקזאל
28 בית יתומים
קריסטלעכער בית הקברות
יידישער בית עלמין
ברודער קבר
גארטן
אלט באראנאוויטש
נ״ י באראנאוויטש
קיין מינסק
קיין ווילנע
קיין בריסק
קיין ביאליסטאק
קיין מוש
קיין לעכאוויטש
קיין לונינעץ
די קאשארן
דער לאגער
דער מארק
ברודער קבר
שטאט גארטן
יידישער בית עלמין
זשווירקא גאס

ד"ר נחמיה קראַשינסקי

# אריינפיר

...דאָך זאָל אים אַ ברכה באַגלייטן מיין עבר,
דעם לאַנדשאַפט פון לאַנד, ווו מיין פאָלק האָט געהיימט,
דאָס פעלד און דער גאָלדענער וואַלד דער סאָסנאָווער,
וואָס האָט די ישובים די פרומע געזיימט.
דער שטאָם איז נישטאָ שוין, דער אַש ווערט צעשטויבן,
דער דיכטער אַליין איז פאַרבליבן פון שטאָם,
וואָס טוט מען מיט דורות פון תפילה און גלויבן ?
פאַרגעסן, פאַרמעקן ? און גאָרנישט און סתם.
— — — — — — — — — ...
ווען איך וואָלט פאַרגעסן דעם וועג פון מיין נעכטן
וואָלט איך דאָך מיין לעבן פאַרגעסן געמוזט.
ווייל אָן אונדזער נעכטן, אַפילו אַ שלעכטן,
איז האַרץ אויסגעריסן און דאָ־זיין איז פוסט.

ז. סעגאַלאָוויטש

ווען מען שילדערט די געשיכטע פון דעם אָדער יענעם ישוב, רוקט מען ארויס אין פאָדערגרונט, קודם כל, דעם גאַנצן אנטיקוואר וואָס די שטאָט פאַרמאָגט.

באַראַנאָוויטש האָט נישט געהאַט קיין ירושה־באַלאסט, ווי אַ ריי אַלטע יידישע קהילות אין פוילן: נישט פאַרמאָגט קיין אַלטן בית־עלמין; נישט געווען דאָ קיין סימנים פון אַלטע שולן; געפעלט האָבן דאָ שפורן פון אַלטערטימלעכע פריצישע טורעמס און פאַלאַצן...

פאַרקערט, באַראַנאָוויטש איז געווען יונג און ניי, געשפרודלט און געבליט מיט שעפערישקייט און יונג לעבן. דאָס וואָרט „אַלט" האָט דאָ בכלל געקלונגען פרעמד—עלהיי אַ זאַך, וואָס איז פאַרשלעפט געוואָרן פון די אַרומיקע דערפער און ישובים מיט אַ פאַרגאַנגענהייט פון הונדערטער יאָרן...

באַראַנאָוויטש איז געווען אַ נייע, אויפגעלאָפענע שטאָט, וואָס אויף איר אָרט איז ערשט נישט־לאַנג געשטאַנען אַ געדיכטער וואַלד. אַ שטאָט, וואָס האָט נאָר־וואָס אָנגעהויבן שאַפן איר טראַדיציע, איר יחוס, איר געשיכטע — און אַן אַנטשיידנדיקע ראָל אין איר וווקס און אַנטוויקלונג האָבן דערפילט יידן.

אין פאַרלויף פון עטלעכע צענדליק יאָר איז באַראַנאָוויטש געוואָרן אַ מאָדערנע שטאָט. אַ דאַנק איר געאָגראַפישער לאַגע און ברייטן קנופ־נעץ פון אירע באַנען, איז זי געוואָרן אַן ערשט־ראַנגיקער מיליטעריש־סטראַטעגישער פונקט, ווי אויך אַ העכסט־וויכטיקער קאָמוניקאַציע־און האַנדלס־צענטער: די נישט־אָפיציעלע הויפטשטאָט פון דער גאַנצער געגנט.

אמת, מ'קען נישט זאָגן, אַז באַראַנאָוויטש איז געווען אַ גרויסע שטאָט. איר באַפעלקערונג — די העכסטע צאָל וואָס זי האָט דערגרייכט, האָט באַטראָפן עטוואָס מער ווי 28.000 נפשות, דערונטער עפעס ווייניקער ווי די העלפט יידן.

אָרטיקע אייגנאַרטיקייט, אויסגעמישט מיט גרויסשטאָטישער גדלות, האָבן זי שאַרף און בולט אויסגעטיילט פון אַ ריי אנדערע שטעט און שטעטלעך. באַראַנאָוויטש איז געווען מער רוישנדיק, מער לעבעדיק און דורכזיכטיק: אַלע זעען איר און זי זעט אַלע. זי איז אַזוי ווי „אין דרויסן געשטאַנען" — פריי און אָפן פאר יעדן אורח און פאר יעדן, וואָס האָט געזוכט אין איר אַ מקום מקלט. געוואָקסן אין אַ שטורמישן טעמפּ, און צוליב דעם האָט זי אפילו באקומען אַ נאָמען פון דער „פּוילישער טשיקאַגאָ" אויף די קרעסן. אַנדערע האָבן זי גערופן „פוילישער מינסק", פאַרגלייכנדיק איר מיט דעם אַמאָליקן מינסק, מחמת דער באַדייטונג וואָס זי, באַראַנאָוויטש, האָט געהאַט אַלס צענטער פאַרן האַנדל און קאָמוניקאַציע. מען האָט זי אויך צו אַ „קליין וואַרשע" פאַרגליכן, צוליב איר באַפעלקערונג וואָס איז זיך אַהער צונויפגעפאָרן פון אַלע עקן.

איז דאָ געווען גאַנץ היימיש. יעדער איינער האָט זיך גוט געפילט אין איר. באַקאַנט איז דער אַנעקדאָט: מען האָט אַמאָל

געפרעגט אַ קבצן, וואָס פלעגט וואַנדערן פון שטאָט צו שטאָט, פון וואַנען איז אַ ייד? „וואָס הייסט פון וואַנען... אַ היגער!“ — האָט ער געענטפערט — „פאַרשטייט זיך, מיטן אַריינקומען אין באַראַנאָוויטש ווערט מען גלייך אַ היגער!“



אַ טייל פון שאָסיי־גאַס, וואָס פאַרדרייט זיך פון שעפּטיצקע אין דער ריכטונג צו ניי־באַראַנאָוויטש

די שטאָט גופא איז געווען צעצויגן, פונאַנדערגעשפּרייט, „שווער געווען צו דערגיין ווו עס ליגט דער אינמיטן, — די גאַנצע שטאָט איז געלעגן אַ ביסל הינטערן שטאָט“.

זי איז באַשטאַנען פון דריי חלקים: אַלט־באַראַנאָוויטש,



די הויפּטגאַס שעפּטיצקע (מאַרינסקע).

**לינקס, אינם 2־שטאָקיקן מויער, איז געווען דער מאַגיסטראַט**

ניי־באַראַנאָוויטש און פון דער שטאָט גופא. די לאַנגע געשלענגלטע שאָסיי־גאַס, אָדער ווי „שלום־עליכם“ האָט זי אַ נאָמען געגעבן „שאָשע גאַס“, האָט זיי מיט אַנאַנדער פאַרבונדן.

וווּנדערלעך זענען געווען דער בוי־פּלאַן און די טאָפּאָגראַפישע פאַרהעלטענישן: פּרעכטיקע לאַנגע, ברייטע, פּאַראַלעלע גאַסן, רעגלמעסיק און סימעטריש געקרייצט איינע מיט דער צווייטער. קיין איינציקער שפּור פון אַ באַרג־אַרויף, קיין שום סימן פון אַ באַרג־אַראָפּ. די גאַנצע שטאָט ווי אַ נעץ פון קוואַדראַט־קעסטלעך — ענלעך צו אַ שאַכמאַט־לוח. און אַרום און אַרום — וועלדער...

אין 1914־15· איז באַראַנאָוויטש אַ געוויסע צייט געווען דער זיץ־אָרט פון דעם רוסישן גענעראַל־שטאַב, ווי אויך די צייטווייליקע רעזידענץ פון ניקאָלאַיי דעם צווייטן — דער אימפּעראַטאָר פון רוסלאַנד און קעניג פון פּוילן. בעת דער ערשטער דייטשישער אָקופּאַציע, 1915—1918, איז זי באַרימט געוואָרן ווי אַ וויכטיקע מיליטערישע באַזע מיטן זיץ־פּלאַץ פון אַ דיוויזיע־שטאַב. איניקע יאָר איז דאָ דערשינען די „באַראַנאָוויטשער קריגס־צייטונג“ אין דייטש.

גיך האָט זיך באַראַנאָוויטש אַנטוויקלט אונטער דער פּוילישער הערשאַפט. אינטענסיוו און לעבהאַפט האָט דאָ פּולסירט דאָס יידישע לעבן. די יידישע באַפעלקערונג איז באַשטאַנען פון אַ גרויסער צאָל קרעמער און האַנטווערקער, סוחרים, וואַיאַזשאָרן און מעקלערס. עס האָבן פונקציאָנירט אַ סוחרים־קליינהענדלער־און האַנטווערקער־פאַריין, ווי אויך פאַרשידענע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. דער גאַנצער האנדל און האַנטווערק איז געלעגן אין יידישע הענט. די אינדוסט־ריאַליזאַציע איז נישט געווען קיין באַדייטנדיקע. אויסער אַ פּאָר גרויסע טאַרטאַקן און עטלעכע קלענערע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, זענען דאָ כמעט ווי נישט געווען קיין גרויסע פאַבריקן. דער רוב פון דער אָרטיקער יידישער אַרבעטער־



נאַרוטאָוויטש־גאַס (פּאָטשטאָווע)

**רעכטס איז דער 1־שטאָקיקער מויער פון קינאָ־טעאַטער „אַפּאָללאָ״. די גאַס האָט געפירט צום „סטאַראָסטוואָ״, שטאָט־פּאַרק, ראַדיאָ־סטאַציע און געענדיקט ביים גלאַטן שאָסיי.**

שאַפט האָט זיך רעקרוטירט מערסטנס פון פאַרשידענע בעלי־מלאכה׳שע וואַרשטאַטלעך און האַנדלס־אַנגעשטעלטע. פון די פרייע פּראָפעסיעס האָט זיך שטאַרק געוואָרפן אין די אויגן די פאַרהעלטניסמעסיק גרויסע צאָל דאָקטוירים. דעם גרעסטן טייל פון די קריסטן האָבן אויסגעמאַכט מלוכה־באַאַמטע און מיליטער־לייט.

די באַציונגען צווישן יידן און קריסטן האָבן אַנדערש אויסגעזען אונטער דער רוסישער הערשאַפט, און אַנדערש בעת דער פוילישער ממשלה. אין אַלגעמיין זענען זיי געווען נישט קיין שלעכטע. די באַאַמטע פלעגן גערן באַזוכן יידישע געשעפטן און יידישע בעלי־מלאכות. אין די לעצטע יאָרן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, זינט ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די פאַרשטאַרקטע ווירטשאַפטלעכע באָיקאָט־אַגיטאַציע, האָבן זיך די באַציונגען באַדייטנד פאַרערגערט. די האַלטונג פון די אָרטיקע קריסטן און זייער באַציונג צו יידן בעת דער נאַצישער הערשאַפט — איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך.

באַראַנאָוויטש האָט געהאַט אַ גרויסע יידישע קהילה, צו איר האָבן געהערט די גמינעס: מוש, מייטשעט, פּאָלאָנקע, סטאָלאָוויטש און האָראָדישטש.

באַזונדערס רייך האָט זיך דאָ אַנטוויקלט דאָס קולטורעלע לעבן. עס פלעגן אָפט פאָרקומען פאָרלעזונגען, ליטעראַרישע שמועסן און דיסקוסיעס, בעיקר מיט דער באַטייליקונג פון אָרטיקע לעקטאָרן. 6 יידישע וואָכנבלעטער זענען דערשינען אין דער תקופה צווישן ביידע וועלט־מלחמות.

פאַרבנרייך איז געווען דאָס פּאַרטייאישע לעבן, אונטערן צייכן פון פאַרביסענעם קאַמף צווישן ציוניזם און „בונד״. שאַרף איז דאָ געקומען צום אויסדרוק דער לייִדנשאַפטלעכער געראַנגל צווישן די אַרבעטער־פּאַרטייען און די רעוויזיאָניסטן.



מיצקעוויטש־גאַס (קלאַדבישטשענסקע)

**די גאַס האָט געפירט צום לאַגער און צו ניי־באַראַנאָוויטש**

באַראַנאָוויטש איז געווען אַ צענטער פון תורה און אַ פעסטונג פון חסידות. עס האָבן דאָ עקזיסטירט צוויי גרויסע ישיבות. די ישיבה „אוהל תורה״, וואָס אין איר שפּיץ איז גע־שטאַנען דער גאון ר׳ אלחנן וואַסערמאַן זצ״ל, האָט קאָנצענט־רירט אַרום זיך ראשי ישיבות אויטאָריטעטן אין תורה און מו־סר, און תלמידים האָבן צו איר געשטראָמט פון דער גאַנצער וועלט. די גרויסע חסידישע ישיבה „תורת חסד״, די איינציקע אין דער פוילישער ליטע, האָט פאַרקערפּערט אין זיך לומדות מיט חסידות צוזאַמען. דער גייסטיקער פירער פון דער ישיבה איז געווען דער גאון, צדיק און מקובל ר׳ משה מידנער זצ״ל. ביידע ישיבות האָבן אויסגעאיבט אַ שטאַרקן איינפלוס אויפן גייסטיק־רעליגיעזן כאַראַקטער פון יידישן יישוב אין שטאָט.

באַראַנאָוויטש איז אויך געווען דער זיץ־אָרט פון קוידאַנאָווער הויף. אין איר האָבן געלעבט און געווירקט די לעצטע קוידאַנאָווער רביים רבי נחמיה און רבי אלתר זצ"ל. דאָ איז אויך געווען דאָס גרעסטע „שטיבל", אַרום וועלכער



אַ ווינקל אויפן מאַרק

עס האָבן זיך קאָנצענטרירט די סלאָנימער רביים ר' אברהם און ר' שלמה זצ"ל אין זייערע לעצטע יאָרן.

אויב די געאָגראַפישע באַראַנאָוויטש עקזיסטירט נאָך אַלס



די לויה פון ר' מרדכי חיים ליפשיץ נ"ע (ב' אייר תרצ"ה)

ראַג שאַסאָוו־מינסקע

טייל פון סאָוויעט־רוסלאַנד און זעצט פאָר איר געשיכטע, — איז דאָס יידישע אזוי דינאַמישע, שעפערישע און פארבנרייכע באַראַנאָוויטש — טויט. איר געשיכטע איז געבליבן שטיין ביי די ריזיקע קברים פון אונזערע קדושים, מיט דער פאַרניכטונג פון איבער 12.000 יידן. אונזער קהילה באַראַנאָוויטש עקזיסטירט נישט מער און וועט שוין קיינמאָל מער נישט אויפשטיין.

און אויב מיר קענען נישט אויפלעבן די טויטע — זאָל ווייניקסטנס זייער זכרון אויפגעלעבט ווערן אין דעם יזכור־בוך, וואָס וועט אונז תמיד דערמאָנען אין אונזער אַלטער היים און אַלץ וואָס איז געווען מיט איר פאַרבונדן.

זאָל דאָס בוך זיין אַן אָנדענק אויך פאַר די קינדער פון דעם דור און פאַר די קינדס־קינדער פון די קומענדיקע דורות. זאָלן זיי וויסן, ווו און ווי־אַזוי זייערע טאַטעס און זיידעס האָבן געלעבט, און — ווי־אַזוי און דורך וועמען זיי זענען אומגעקומען...

מיר האָבן פון זיי אַ סך געלערנט און מיר האָבן נאָך אַ סך פון זיי צו לערנען. זייער גייסט לעבט אין אונז און מיט אונז אין ישראל און אויף דער גאַרער וועלט.

# אונטער דער רוסיש־צאַרישער הערשאַפט

„באַראַנאָוויטש שטייט אין דרויסן"
שלום־עליכם

### ווי אַלט איז באַראַנאָוויטש?

אויף דער פראַגע, ווי אַלט איז באַראַנאָוויטש? — איז שווער צו געבן אַ קלאָרע און גענויע תשובה.

די גרונטשטיינער פאַר דעם בנין באַראַנאָוויטש האָבן געלייגט אויסשליסלעך יידן, פשוטע יידן, וועלכע האָבן פאַרשטאַנען אָפּצושאַצן דעם ווערט פון אַן אייזנבאַן־קנופּ פאַר דער אַנטוויקלונג פון אַ שטאָט.

פאַרשטייט זיך, אַז אין די פאַרשטויבטע אַרכיוון פון רוסלאַנד און פוילן האָבן זיך זיכער פאַרוואַלגערט געוויסע פּרטים וועגן דעם ענין; אָבער, לײדער, זענען די דאָזיקע אַרכיוון איצט נישט צוגענגלעך. פּנקסים און פאַרצייכענונגען — קהלשע און פריוואַטע — אויב זיי האָבן אַפילו יאָ עקזיסטירט, זענען זיי אין דער צייט פון דער לעצטער מלחמה פאַרניכטעט געוואָרן. די איינציקע קוועלן פאַר אונז זענען זכרונות פון אַלטע תושבים, און גאַנץ באַזונדערס די העברעאישע און יידישע פּרעסע: „המליץ", „הצפירה" א. אַ.

אליקים קושניר, אַן אַלטער תושב פון באַראַנאָוויטש (געשטאָרבן ז' תשרי תשי"א אין עלטער פון אַכציק יאָר) האָט געהאַלטן, אַז באַראַנאָוויטש איז אַנטשטאַנען אין יאָר 1878. דאַקעגן האָט ישראל קאָפּעלאָוויטש (נפטר געוואָרן אין ארץ־ישראל ר"ח טבת תש"ט אין עלטער פון 72 יאָר) געוווּסט צו דערציילן, אַז אין די יאָרן 1868 — 1869 איז שוין יצחק בערעזאָווסקי געזעסן אין באַראַנאָוויטשער וואַלד און צוגעשטעלט שפּאַלן פאַר דער באַן־ליניע מאָסקווע—בריסק, וואָס האָט זיך דעמאָלט געהאַלטן אין בויען. זיין זון משה־אברהם איז שוין געבוירן געוואָרן אין באַראַנאָוויטש אין יאָר 1872.

אין „המליץ" פון יאָר 1897 (נומער 171) שרייבט יוסף גבריאלוב, פון די ערשטע תושבים פון באַראַנאָוויטש, צוו. אנד.:

„....העיר הזאת עומדת על תלה רק כשתים עשרה שנה ונבנתה בעת שנבנתה מסלת הברזל העולה לראוונא...

הייסט עס, אַז באַראַנאָוויטש איז אַנטשטאַנען אין יאָר 1885.

אין „המליץ" פון 1899 (נומער 139) שרייבט ישעיה בערקמאַן:

„....העיר הזאת מצער היא בכמותה וגדולה מאד באיכותה. לפני חמש עשרה שנה עמדו על תלה רק שני בתי מלון אורחים, אך לקול שריקת החליל, אשר השמיעה פה מכונת מסלת הברזל, התאספו אל המקום הזה משפחות רבות מאחינו בני ישראל לגור פה בין שתי התחנות אשר משני עבריו, והמקום השמם נהפך לעיר מושב...

לויט זיין חשבון איז די אַנטשטייונג פון באַראַנאָוויטש צוריקצופירן אויף דעם יאָר 1884.

אין „המליץ" פון 1900 (נומער 222) שרייבט „יהודי" צווישן אַנדערן:

„....העיר בארנוביטשי היתה לפני עשרים שנה כפר קטן בעל בתים לא רבים, רובו ככולו יהודים, והכפר הזה נוסד יחד את תחנת המסלה ההולכת ממ. עד ב. ..."

דאָס הייסט, אַז אין יאָר 1880 איז באַראַנאָוויטש געווען אַ קליין דאָרף.

אין „הצפירה" פון 1901 (נומער 253) שרייבט ב. ראַבינאָוויץ:

„....זה אך כחמש עשרה שנה עברו מאז נוסדה עירנו..."

לויט זיין רעכענונג איז באַראַנאָוויטש געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1886. מעגלעך, אַז די אַלע אויסגערעכנטע דעות און אָפּשאַצונגען שטימען דורכויס מיט דער ווירקלעכקייט; ס'איז נאָר אַ פראַגע פון סוביעקטיווער אָפּשאַצונג, צי די דורכפירונג פון אַ באַן־ליניע, דאָס אַנטשטיין פון אַ וואָקזאַל, דער אויפבוי פון אַן איינציק הויז אָדער עטלעכע הייזער אין מיטן וואַלד, איז שוין באַרעכטיקט באַטראַכט צו ווערן ווי אַן אָנהויב פון אַ שטאָט.

אין „באַראַנאָוויטשער וואָך" פון 17 מערץ 1933 לייענען מיר אַ נאָטיץ אונטער אַ קעפּל: „פופציק יאָר באַראַנאָוויטש":

„היי יאָר 1933 ווערט פופציק יאָר זינט דער עקזיסטענץ פון באַראַנאָוויטש אַלס ישוב. ווי מיר ווערן אינפאָרמירט, גרייט זיך דער מאַגיסטראַט צו פייערן דעם דאָזיקן יובל פון אונזער שטאָט. די אונטערגענומענע איניציאַטיוו פון מאַגיסטראַט איז געוויס ווערט באַגריסט צו ווערן. נישט פון קליינער באַדייטונג וואָלט געווען דאָס אַרויסגעבן אַ ספּעציעלן זאַמלבוך, אין וועלכן ס'זאָל אָפּגעשפּיגלט ווערן די גאַנצע געשיכטע און אַנטוויקלונג פון באַראַנאָוויטש פאַר די פופציק יאָר".

די „באַראַנאָוויטשער וואָך", איינע פון די 6 יידישע צייטונגען, וואָס זענען דערשינען אין באַראַנאָוויטש — איז אָן ספק באַרעכטיקט צו דינען אַלס די באַגלויבטעסטע קוועלע; און דאָס מיינט, אַז באַראַנאָוויטש איז אַנטשטאַנען אַלס ישוב אין יאָר 1883.

## די נאָענטע אומגעבונג

### א. סטאָלאָוויטש

די אַנטשטייונג און אַנטוויקלונג פון באַראַנאָוויטש איז ענג פאַרבונדן מיט די נעמען פון אַ גאַנצער ריי יידישע שטעטלעך און ישובים. אייניקע פון זיי ווי סטאָלאָוויטש, און באַזונדערס מוש, זענען געלעגן אין איר נאָענטער שכנות און האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין איר אויפקום.

7 מייל פון באַראַנאָוויטש איז געלעגן דאָס אַלטע שטעטעלע סטאָלאָוויטש. איר באַפעלקערונג איז באַשטאַנען פון שטעטלדיקע קריסטן (מעשטשאַניעס) און עטלעכע הונדערט יידישע משפחות.

אויפן ערשטן בליק האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן דער גרויסער מאַרק מיטן הויכן ווייסן קלויסטער, און נעבן אים — דער מאַנאַפּאָל פון בראַנפן, און אַרום — צאָלרייכע קרעמלעך, בעל־מלאכה׳שע וואַרשטאַטלעך און עטלעכע קרעטשמעס. דאָס שטעטל האָט געשמט אַלס איינער פון די וויכטיקסטע דורכרייזע־פּונקטן. פיר גאַסן האָבן זיך דאָ געקרייצט אין פיר פאַרשידענע ריכטונגען: די סלאָנימער גאַס האָט געפירט צום לאַנגן טראַקט נאָך פּאָלאָנקע, סלאָנים און ווייטער; די פאַרלענגערונג פון זאַוויזער גאַס האָט געדינט אַלס אַנהויב פון דעם גרויסן טראַקט נאָך סנאָוו, ניעסוויזש און סלוצק; באַרג־אַראָפּ האָט זיך געצויגן די האַראַדישטשער גאַס אין דער ריכטונג צו האַראַדישטש און נאָוואָגרודעק; די קולפּיניצער גאַס איז געלעגן אויפן וועג קיין באַראַנאָוויטש און מוש.

דעמאָלט, ווען דאָס אייניציקע פאַרבינדונגס־מיטל איז געווען דער יידישער בעל־עגלה מיט זיין פערד און וואָגן, האָבן די דאָזיקע טראַקטן געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג. נישט אומזיסט איז סטאָלאָ־וויטש מיט אירע גרויסע יארידים געווען באַקאַנט אין די ווייטסטע מקומות פון פּוילן און רוסלאַנד. ווער פון די אַלטע סטאָלאָוויטשער געדענקט נישט די צייטן ווען עס פלעגן פאָרקומען די יארידים? דאָס גאַנצע שטעטעלע איז דאַן געגאַנגען ווי אויף רעדלעך. מען האָט זיך צו זיי געגרייט ווי מען גרייט זיך צו אַ יום־טוב. ס׳איז געווען אַן ערב־יאריד און עס איז געווען אַן אסרו־יאריד. זיי פלעגן זיך ציען עטלעכע טעג און אפילו אַ גאַנצע וואָך. די באַרעכענונגען פון צייט האָבן זיך נישט געפירט לויט די נעמען פון די חדשים, נאָר לויט די יאַריד־ים און ימים־טובים.

זומער פלעגט מען ליגן אין די גערטנער און אין די סעדער, ווינטער האָט מען געקאָרמעט גענז און זיי געפירט אין שטאָט אַריין.

אויף דער סלאָנימער גאַס איז געשטאַנען דער גרויסער בית־המדרש און אויפן שול־הויף — די „קאַלטע" שול. נישט ווייט פון אים האָט זיך געפונען דער אַלטער בית־הקברות מיט זיינע הויכע ביימער און האַלב־איינגעפאַלענע שטיינערנעם פּאַרקאַן. פון דער־ווייטנס, אויפן גאָסטשינעץ, האָבן אַרויסגעקוקט די פליגלען פון צוויי הילצערנע ווינט־מילן. באַלד הינטער די הייזער — און דו שטייסט ביים ברעג פון אַ קליין רוהיק טייכל מיט אַ קלאָר דורכזיכטיק וואַסער און לאַנגע שאָטנס פון הויכע פאַנעס.

די יידן האָבן דאָ געפירט זייער אייגנאַרטיק לעבן, און געוועבט אַ יידישע טראַדיציע פון דורות. דאָס גאַנצע שטעטעלע איז געווען ווי איין גרויסע משפחה.

### ב. מוש

ווער פון די באַראַנאָוויטשער האָט נישט געקענט דאָס מיוחס־דיקע שטעטל מוש? עס איז ווי געשטאַנען ביים וויגעלע פון באַראַ־נאָוויטש. פון מוש האָט דער יונגער ישוב געצויגן זיין ערשטע יניקה.

אַלט איז דאָס קליינע שטעטעלע מוש, טראָגט דעם נאָמען ניי־מוש (אַ הויף אַ מייל פון שטעטל רופט זיך אַלט־מוש). אינם פּנקס פון „ועד ארבע ארצות" ווערט אָפט דערמאָנט „מוש חדש", אַ קימאַ־לן פון 500 יאָר, מוש איז אָבער א סך עלטער פון דעם פּנקס.

דאָס שטעטעלע, ווי קליין עס איז געווען, האָט אַרויסגעגעבן גרויסע מענטשן. דעם קעלמער מגיד׳ס ערשטע מגידות איז געווען אין מוש. באַקאַנט איז געווען דער לעגענדאַרער גאון און צדיק רבי יחיאל פון מוש; און ווער האָט עס נישט געהערט פון דעם „מושער רב", רבי יעקב משה חפץ, וועלכער איז געווען אַ באַרימטער מקובל? ווער פון די מושער געדענקט נישט דעם מושער רב׳ס זון רבי ישראל יהונתן יערושאַלימסקי? יונגערהייט אַן עלוי, און שפּעטער אַ גאון און גרויסער געלערנטער; געווען רב אין גרויסע קהילות, געשטאָרבן יונג, אָבער געלאָזט אַן אומשטערבלעכן נאָמען אַלס גרוי׳סער בקי אין העברעאיש (זע מאסף „הכרם" לאטלס). און אַ דער חזן ר׳ נתן נטע, אַ למדן און שפּראַכן־קענער, אַ גרויסער מענטשן־פריינט, אַ חבר פון ר׳ דוד גאָרדאָן פון „המגיד". און אַ ריי אַנדערע שיינע יידישע געשטאַלטן.

אין מוש איז געווען אַן אַלטער פּנקס פון הונדערטער יאָרן. אין דער לעצטער צייט האָט אים דערגענצט דער יונגער פאָלקלאָריסט שלמה פוקסמאַן. צום אומגליק אָבער איז דער מחבר צוזאַמען מיט זיין ווערק אומגעקומען אין דעם חורבן.

מוש איז געלעגן בערך פיר מייל צו מערב פון אַלט־באַראַנאָוויטש. אַ שטעטעלע פון אַ פּאָר גאַסן און עטלעכע געסלעך מיט בערגלעך און טאָלן, אַ לאַנגע גרעבליע מיט צוויי בריקן, אַ שטיל־טייכל; עטלעכע שולן, אַן אַלטער בית־מדרש און אַן אַלטער בית־עלמין. לויט דער ציילונג פון 1897 האָט מוש פאַרמאָגט 2995 איינוווינער, דערונטער 1764 יידן.

אַ צייטלאַנג פאַרדעם ווי באַראַנאָוויטש איז פון וואַלד אַרויס, איז מוש געווען איינס פון די געבענטשטע שטעטלעך, ווו דער יידישער קרעמער און יידישער בעל־מלאכה האָבן געהאַט פּרנסה בשפע; תבואה־און וואַלד־הענדלער האָבן געפירט גרויסע מסחרים. אויך די פרויען זענען דאָ געווען איינגעשפּאַנט אין עול פון פּרנסה; זיי פלעגן שטיין אין די קרעמלעך און העלפן זייערע מענער אָדער פלעגן אַליין פירן די קראָמען. זינט אָבער ס׳איז אויפ־געקומען בשכנות די נייע שטאָט, האָט צו דעם געגומען אַ סוף. עס האָבן זיך אַנגערוקט שלעכטע צייטן. אַ גרויסער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג איז אַריבער קיין באַראַנאָוויטש און האָט זיך דאָ ביסלעכווייז מיט דער צייט איינגעוואָרצלט. מען דאַרף אָבער נישט פאַרגעסן, אַז דאָס שטעטעלע באַראַנאָוויטש איז נאָך דעמאָלט, אין דעם ערשטן צענדליק יאָר פון זיין עקזיסטענץ, געווען אַ סך קלענער פון מוש. אמת, די וואָקזאַלן האָבן געגעבן גרויסע האָפנונגען אויף אַ גוטער צוקונפט, און מענטשן האָבן געשטראָמט אַהער נישט נאָר פון די אַרומיקע שטעטלעך און דערפער, נאָר

אויך פון ווייטערע מקומות, — אָבער די לעבנסבאַדינגונגען זענען דאָ געווען נישט קיין לייכטע. אַ סך זענען דעריבער געווען געצווונ־גען אויסצוואַנדערן מעבר לים. האָט זיך טאַקע אין די נײַנציקער יאָרן געלאָזט מערקן אַ גרויסע אויסוואַנדערונג פון מוש קיין אַפריקע און אַמעריקע. אין „המליץ" פון 1895 (נומער 83) שרײַבט מ. אלכא צווישן אַנדערן:

„...תנועת היציאה לאמריקא התעוררה עוד הפעם בעירנו. משפחות רבות נסעו בחרף העבר לאמריקא, ומשפחות רבות מתעתדות לשים לדרך הנ"ל פעמיהם לבקש טרף לביתם. וגם אלה אשר שבו מארץ החדשה לעירנו, שבים עתה אל המקומות אשר באו משם".

אין „המליץ" פון 1895 (נומער 135) לייענען מיר ווידער אַ קאָרעספּאָנדענץ פון מוש פונם זעלבן מחבר:

„בשבוע העבר נוסדה בעירנו אגודת „גמילות חסד" לתמוך בהלואה בלי רבית את האנשים אשר מסחרם ירד מטה ומצוקת הזמן היתה בעוכרם. ההלואה היא מחמשה עד עשרה רו"ב בכל זמן ועדן. ראש המשתדלים הוא הג' ה' הענדל פיין (לזכרון נשמת בתו היחידה מ' ביילא ע"ה שנק־טפה בדמי עלומיה ביום ח' סיון ש. ז.). כי בראותו את מצב אחינו העניים כי ברע הוא וכי אם לא יחישו לתמכם בעזר מעט אזי יפלו למשואות נצח, אזר חיל לדאוג להם, וכל עני יוכל ללות על משכון מחמשה עד עשרה רו"ב ולמצא מזה פרנסתו..."

אין „הצפירה" פון 1896 (נומער 86) לייענען מיר די פאָלגנדע נאָטיץ:

„ממוש חדש כותב ה' י. מאלאשיצקי, כי מצב בני עדתו החמרי הולך ורע מיום ליום. והעוני יגבר, ועל כן תגבר גם תנועת היציאה משם בימים האחרונים ומספר נודדי העיר הזאת הולך ורב מיום ליום".

וואָס ווײַטער איז די לאַגע פון דער יידישער באַפעלקערונג אין מוש געוואָרן אַלץ ערגער. באַראַנאָוויטש האָט געשטיגן פון טאָג צו טאָג, און מוש איז פון יאָר צו יאָר געזונקען סײַ ווירטשאַפט־לעך, סײַ גײַסטיק. אין „הצפירה" פון 1900 (נומער 99) לייענען מיר א לאנגן רעפּאָרטאַזש פון מ. אלכא אונטערן קעפּל „מוש ובאַ־ראַנוביץ — זו לעומת זו", און אָט וואָס דאָרט איז געשריבן וועגן מוש:

„העיר מוש־חדש הקטנה, כשמונה מאות בתי־אבות מספר תושביה, ומאחינו בני־ישראל — חמש מאות בתי־אבות, ביניהם: סוחרי תבואות, רוכלים ואומנים. החנויות כולן בידי אחינו, גם הנשים אינן יושבות על האח, בלתי אם בחנויות עוזרות ליד בעליהן וגם מנהיגות בעצמן. לפני כעשר שנים היתה העיר הזאת אחת מהערים הברוכות. כל נכבדי סוחרי־תבואה ועצי־יער עשו סחורה על ידה ויושבי העיר ראו ברכה בעמלם.

עתה, מיום שנבנתה העיר בּאראנאוויצי, הסמוכה לה כחמשה וויאָרסט, נשארה עירם כמלונה במקשה. בעלי המלאכה שוב־תים מעבודתם והחיים מן הרוח — מאפס עבודה יטילו כל היום בחוצות העיר ועוד יגדישו את סאת רעתם בשיחות בטלות. לפנים היו רבים יוצאים מבוהלים ודחופים לארצות הזהב, אמריקה ואפריקה. אולם גם שנוי המקום לא הביא ברכה לבעליו, כי הנודדים מתפרנסים שם בלחץ ובדוחק ולעתים רחוקות מאד הם שולחים מעט כסף לנשותיהם ולטפב אשר עזבו שם לאנחות, ואחדים מהם נאנסו לשוב לביתם במפח נפש.

ממעשי הצדקה והחסד בה לא אוכל למגינת לבי להשמיע כבר. חברות מתוקנות כתבנית חברות כאלה בכל ערי ישראל אין בה, וגם המעטות שישנן, כמו, „חברת תלמוד־תורה" ו„לינת־הצדק", אין סדר ומשטר להן, והן הולכות ומתמוטטות מאי אחדות ורדיפת הכבוד. מוסד „גמילות חסדים" להלוות כסף בעבוט בלי נשך לבעלי עסקים קטנים ולאומנים להחזיק את מעמדם בעת־מטה ידם — אין, וכמה אומנים נפלו ולא הוסיפו קום מחסרון חסד וחנינה.

חנוך הבנים מתנהל בעצלתים וברע הוא, השכלה אין בה כל עיקר ואין דורש אחריה. לא אפריז על המידה עם אמר, כי כמעט בכל העיר הזאת לא ימצא איש שיהיה לו מושג קל מספרותנו ורעיון לאומיותנו שפרשו כנפיהם לאשרנו בעת האחרונה על כל עמנו. בודדה היא העיר הזאת ואין לה דבר עם שאר ערי ישראל. קוראים במכתבי עתים אין פה, כי מה להם ולמכתבי עתים — ורק גליון אחד „הצפירה" בא הלום."...

ווי געזאָגט פאַרנעמט דאָס שטעטל מוש אין דער געשיכטע פון באַראַנאָוויטש אַ וויכטיקן אָרט. די ערשטע פּיאָנערן און אײַנוווינער זענען כמעט אַלע געווען פון מוש. דער נאָמען מוש האָט אַ לאַנגע צײַט געדינט אַלס וועג־ווײַזער פאַר די, וואָס האָבן נישט געוווּסט ווו באַראַנאָוויטש ליגט. בריוו האָבן געטראָגן אויף זיך די באַמערקונג: „באַראַנאָוויטש הסמוכה למוש". די דאָזיקע באַצייכע־נונג איז אויך געווען אויף ספרים פון יענע יאָרן. אין דער שפּעטער־דיקער צײַט האָבן זיך די ראָלן געביטן, און אויף די בריוו איז דערשינען די אויפשריפט: „מוש הסמוכה לבאראנאָוויטש"... ס'איז אָבער נאָך עד היום נישט אינגאַנצן קלאָר פאַרוואָס די ביידע שטעטלעך האָבן זיך נישט צוזאַמענגעגאָסן. מעגלעך, אַז דאָס וואָלט טאַקע אַזוי געשען, ווען די מאָסקווער באַן־ליניע וואָלט זיך געצויגן פאַרביי מוש. אגב, אַ סך האָט נישט געפעלט דערצו:

מען האָט געוווּסט צו דערציילן, אַז די אינזשינערן, וועלכע האָבן אויסגעאַרבעט די פּלענער פאַר דער באַן־שטרעקע באַראַנאָ־וויטש—בריסק, זענען אײַנגעשטאַנען אין מוש. זיי האָבן גאַנץ אָפן געגעבן צו פאַרשטיין, אַז פאַר אַ געוויסע געלט־באַפרידיקונג, זענען זיי גרייט צו בויען די געפּלאַנטע ליניע און דעם וואָקזאַל האַרט ביי מוש. די מושער, אָבער, האָבן זיך נישט געלאָזן אײַנרעדן, זיי האָבן אַפילו נישט געוואָלט הערן דערפון. און דאָס זאָל האָבן אזוי געשען פשוט אויס מורא פאר דעם באַן, ער זאָל קיין צרות נישט ברענגען אויף דעם רוהיקן ישוב... די גויים ווידער האָבן געטענהט, אַז דער באַן ווערט געטריבן דורך אַן „אומרײַנער קראַפט".

ווי ווייט מען קאָן זיין זיכער מיט דער דאָזיקער דערציילונג איז, פאַרשטייט זיך, שווער צו זאָגן.

אַזוי צי אַנדערש, מוש האָט נישט געהאַט קיין באַן און איז פאַר־

בליבן אָפּגעזונדערט, אָבער דאָס יידישע מוש איז ביסלעכווייז אַריבער קיין באַראַנאָוויטש און געהאָלפן בויען דעם נייעם ישוב. דער יסוד פון דער נייער שטאָט, ווייניקסטנס דער גייסטיקער יסוד, האָט אַ סך פון זיין זאַפט געצויגן פון דעם טיפן יידישן קוואַל, וואָס האָט געהייסן מוש.

## די ימי־בראשית פון באראנאוויטש

דער העברעאיש־יידישער שריפטשטעלער הלל מאלאכאָווסקי, וועלכער האָט געשטאַמט פון אַ דאָרף נישט ווייט פון מוש, האָט געדענקט, אַז דאָרט ווו עס געפינט זיך די שטאָט באַראַנאָוויטש, איז געווען אַ גרויסער וואַלד פון סאָסנע־בוימער.

אמת, ס׳איז יאָ געווען אַ באַראַנאָוויטש, אָבער דאָס איז געווען אַ דאָרף ערגעץ אין אַ זייט און אויך אַ פּריצישער הויף. אויך איז געווען אַ קרעטשמע אויפן מיטן פעלד, וואָס האָט זיך גערופן באַראַנאָוויטש. די קרעטשמע איז געשטאַנען אויפן גאָסטשינעץ צווישן צוויי וועגן, איין וועג פון לעכעוויטש און דער אַנדערער פון סטאָלאָוויטש. ביי דער קרעטשמע האָבן זיך די צוויי וועגן פאַראייניקט אין דעם וועג, וואָס האָט געפירט קיין מוש.

דער גרויסער שטח, אויף וועלכן די שטאָט באַראַנאָוויטש האָט זיך אויסגעבויט, איז געווען אין באַזיץ פון דריי פאַרשידענע אייגנטימער. דער ווייט גרעסטער טייל, דער גאַנצער וואַלד ביז דער שפּעטערדיקער הויפּטגאַס מאַרינסקע (שעפּטיצקי), האָט געהערט צום גראַף ראַזוואַדאָווסקי.[1] דער צווייטער טייל איז געווען אין באַזיץ פון די פּויערים פון דעם נאָענטן דאָרף סוויאַטילאָוויטש. דאָס איז געווען דאָרפישער באָדן, אויף וועלכן יידן האָבן נישט געטאָרט וווינען. ער האָט פאַרנומען די אַלע פעלדער, וואָס זענען געלעגן אויף מזרח פון מאַרינסקע, און האָט זיך געצויגן אין דער ריכטונג צום צוקונפטיקן „סוכארני־זאַוואָד״ און ניי־באַראַנאָוויטש, ווי אויך צו דער זייט פון דער באַן־ליניע מאָסקווע—בריסק. דער דריטער טייל, דער אַזוי גערופענער „קאַזיאָנער וואַלד״, האָט געהערט צו דער מלוכה גופא און איז פאַרבליבן נישט פאַרבויט און נישט באַרירט ביזן ערשטן וועלט־קריג. דער דאָזיקער וואַלד איז געלעגן אין דעם גלייכן ווינקל, וואָס האָט געגרענעצט מיט די שפּעטערדיקע גאַסן מאַרינסקע און קלאַדבישטשענסקע (צמענטאַרנע).

[1] צו וועמען האָט פריער אָנגעהערט דאָס פאַרמעגן פונם גראַף ראַזוואַדאָווסקי? ווי אַזוי איז עס געקומען אין זיינע הענט? — אויף די דאָזיקע פראַגן קענען מיר נישט געבן קיין קלאָרע תשובה. אַלטע תושבים פון אונזער געגנט האָבן געוווסט צו דערציילן, אַז דער וואַלד האָט געהערט אַמאָל צו אַ פּריץ מיטן נאָמען „באַראַנאָוו״, וועלכער האָט זיך באַטייליקט אין לעצטן פּוילישן אויפשטאַנד (1863) אויף דער זייט פון די אויפשטענדלער. אַלס שטראָף האָט די רוסישע רעגירונג קאָנפיסקירט זיין פאַרמעגן און אויס דאַנקבאַרקייט עס אַוועקגעגעבן אַ רוסישן „הויכן״ מיליטער־מאַן, ווי אַ באַלוינונג פאַר זיינע מיליטערישע אויסצייכענונגען ביים אונטערדריקן דעם אויפשטאַנד אין דער געגנט פון באַראַנאָוויטש. אין אַ צייט ארום האָט דער אָפיצער פאַרקויפט די מתנה דעם גראַף ראַזוואַדאָווסקי. דער גראַף איז אָבער געווען אַ רוימישער קאַטאָליק און ער האָט עס נישט געטאָרט קויפן אויף זיין אייגענעם נאָמען; דעריבער איז דער וואַלד געווען פאַרשריבן אויפן נאָמען פון זיין פרוי מאַריאַ, וועלכע איז געווען אַ פּראַוואָסלאַוונע.

עס איז כדאי צו וויסן די אַלע פּרטים, מחמת זיי האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין דעם אויפבוי און אַנטוויקלונג פון באַראַנאָוויטש.

די באַן־ליניע מאָסקווע—בריסק האָט דערגרייכט די געגנט פון באַראַנאָוויטש צום סוף פון די זעכציקער, און אין די ערשטע יאָרן פון די זיבעציקער איז זי שוין געווען אין פולן באַטריב. זי האָט זיך געצויגן דורך די סוויאַטילאָוויטשער פעלדער לענגאויס דעם ראַנד פון וואַלד. ביים וועג, וואָס האָט געפירט קיין מוש, אַנטקעגן גראַפ׳ס הויף, איז געשטאַנען אַ הילצערנער בנין, וואָס האָט אויף זיך געטראָגן די אויפשריפט: „סטאַנציאַ באַראַנאָוויטשי״.

אונזער בן־עיר לייבע זאַבלאָצקי (געשטאָרבן נישט־לאַנג אין אַמעריקע אין עלטער פון 81 יאָר) האָט נאָך געדענקט, ווי אַזוי עס האָט אויסגעזען דער שטח פון באַראַנאָוויטש אין יאָר 1873, ווען זיינע עלטערן האָבן אים מיטגענומען אויף זייער רייזע קיין מוש. און אָט וואָס ער האָט געוווסט צו דערציילן צווישן אַנדערן:

„...מיינע עלטערן האָבן געוווינט אין פּעטוכאָווטשינע, פינף קילאָמעטער פון לעכעוויטש. מאַכט זיך אין אַ קאַלטן ווינטער און מיין זיידע פון מוש מאַכט חתונה אַ טאָכטער. מיר פאָרן אַלע אויף דער חתונה. ביז מוש איז געווען אַ מהלך פון 25 קילאָמעטער. עס איז געוואָרן אַ גרויסע קודעסע און דער וועג איז פאַרשאָטן געוואָרן. אַ גאַנצע נאַכט האָבן מיר געבלאָנדזשעט און געזוכט דעם וועג. ערשט פאַרטאָג, קוים לעבעדיקע, אַריינגעפאַלן צו פּיניע הירעווער. דערוואַרעמט זיך מיט אַ קאָכעדיקן סאַמאָוואַר, אַ ביסל אויסגערוט די צעבראָכענע ביינער און געפאָרן ווייטער. ענדלעך אָנגעקומען קיין באַראַנאָוויטש. אין יענער צייט האָט מען שוין געהאַט אויסגעענדיקט די באַן־ליניע מאָסקווע—בריסק, און גראָד אין דעם זעלבן פרימאָרגן איז דורכגעפאָרן דער ערשטער באַן. דאָס איז געווען, ווי געזאָגט, אין יאָר 1873. מיר האָבן געלאָפן זען דעם ווונדער, וואָס באַוועגט זיך אַליין אָן פערד און אָן אָקסן. אין וואַלד, אויף דער אנדערער זייט פון די באַן־רעלסן, אַנטקעגן וואקזאַל, זענען געשטאַנען בלויז עטלעכע הייזער, וואָס מען האָט אויסגעבויט אין דער צייט ווען עס האָט זיך פאָרמירט די באַן־ליניע. אין די דאָזיקע הייזער האָבן געוווינט: שלמה טורעצקי, אָרקע מיסקין (אָרקע זנאיער), יצחק בערעזאָווסקי, שלמה קראַסנאָפּיורקע און אַנדערע.[1] נישט געווען קיין סימן פון אַ ניי־באַראַנאָוויטש, נישט געווען קיין שפּור פון אַ שטעטעלע ראַזוואַדאָווע. אַנטקעגן האָט זיך געבויט די באַן־סטאַנציע און אויף יענער זייט פון איר, ביים וועג קיין מוש, איז געשטאַנען שייקעס קרעטשמע און נאָך עטלעכע בנינים, צווישן זיי דאָס הויז וואָס האָט געהערט צו ישראל דעם גרויסן (ישראל דער גזלן). הינטער שייקעס קרעטשמע איז געווען גראַף ראַזוואַדאָווסקיס הויף, און נישט ווייט פון אים — דאָס דאָרף באַראַנאָוויטש.

אין „המליץ״ פון יאָר 1897 (נומער 102) לייענען מיר אַ לאַנגע

[1] אין יאָר 1907, בערך, האָט די גובערניאַלע מאַכט באַפוילן אַראָפּצוטראָגן די דאָזיקע הייזער, מחמת זיי זענען געווען אַלטע חורבות און כלומרשט נישט האַרמאָנירט מיט דער שיינער פּאַנאָראַמע פון דער באַן־סטאַנציע.

קאָרעספּאָנדענץ וועגן אַ משפּט, וואָס איז פאָרגעקומען אין נאָוואַרעדקער קרייז־געריכט. עס ווערט באַשריבן אַ שווידערלעכער רויב־מאָרד, וואָס איז אויסגעפירט געוואָרן אין יאָר 1875 אין איינעם פון די וועלדער אויפן וועג קיין פּאָלאָנקע — מייטשעט—סלאָנים. דער קרבן איז געווען אַ יידישער סוחר פון עסטרייך, וועלכער איז געקומען אַהער איינקויפן פערד פאַר דער עסטרייכישער מלוכה. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם משפּט דערוויסן מיר זיך, אַז אין יאָר 1875, אפילו עטלעכע יאָר פריער, האָט מען שוין אויף דער אַלטער סטאַנציע אין באַראַנאָוויטש געלאָדן טראַנספּאָרטן פערד קיין אויסלאַנד.

די ימי־בראשית פון באַראַנאָוויטש זענען ענג פאַרבונדן מיט די נעמען פון אירע ערשטע פּיאָנערן: שייקע באַראַנאָוויצקי, יצחק בערעזאָווסקי און אַנדערע.



שייקע באַראַנאָוויטשער, —
דער ערשטער תושב פון באַראַנאָוויטש.

שייקע באַראַנאָוויטשער, אָדער פּשוט „שייקע“ — אַזוי האָט מען אים אין שטאָט גערופן, — איז געווען דער ערשטער ייד וואָס איז געזעסן אויפן שטח פון באַראַנאָוויטש, ווען זי איז נאָך אויף דער וועלט נישט געווען. ער האָט עס אויסגעבויט די ערשטע הייזער און די קרעטשמע, וואָס זענען געשטאַנען אויף אַלט־באַראַנאָוויטש.

ווי אַ וויץ פלעגט מען אַמאָל זאָגן: „באַראַנאָוויטש האָט זיך גערופן באַראַנאָוויטש, ווייל שייקע באַראַנאָוויטשער איז געזעסן אין באַראַנאָוויטש“. דאָס האָט געמיינט, אַז די שטאָט באַראַנאָוויטש האָט כלומרשט געהייסן אויף זיין נאָמען.

ביי שייקעס קרעטשמע פלעגן בלייבן שטיין די בעלי־עגלות מיט זייערע פערד און וועגענער. דאָ פלעגן זיך אויך אויפהאַלטן תבואה־און וואַלד־סוחרים, ווי אויך פאַרשידענע אורחים־פורחים, כדי זיך אַ ביסל אויסצורוען און דערהאַלטן די נשמה. און ביי שייקען האָט מען געקענט כאַפּן עפּעס אין מויל אַריין, אויך אַ ברייטן שמועסל פאַרוויקלען, און טאַקע עטלעכע שיינע מעשה׳לעך הערן, — אויף דעם איז ער געווען אַ גרויסער מומחה.

יצחק בערעזאָווסקי — באַקאַנט אונטערן נאָמען „איטשע דער גבאי“, — פון די ערשטע פּיאָנערן פון יונגן ישוב באַראַנאָוויטש. איז געווען אַ ייד אַ למדן, אַ גרויסער חסיד און ירא שמים. גלייכצייטיק אַ מענטש מיט ענערגיע און אונטערנעמונגס־גייסט. אין יענע צייטן האָט זיך געפאָדערט אַ גרויסע מאָס פון דרייסטקייט פאַר אַ יידן ווי ער, — דער גבאי און רוח החיים פון חסידים־שטיבל אין מוש, — צו פאַרלאָזן זיין אַלטע היים און אַלץ וואָס איז געווען מיט איר פאַרבונדן, און קומען בויען זיין איינזאַם הויז אין טיפן אור־וואַלד, ווייט פון יידן און פון אַ יידיש לעבן. נישט אַנדערש, ווי זיין געזונטער חוש האָט אים געוואָרנט פאַר דער שוואַכקייט פון די יידישע ווינט־פּרנסות און לופט געשעפטן אין זיין שטעטעלע מוש און אויסגעמאָלט די פּערספּעקטיוון פונם נייעם ישוב, אַלס באַן־קנופּ אין קרייצוועג.

דערווייל איז נאָך געווען אַרום און אַרום וואַלד. יידן האָבן אָבער פאַרשטאַנען, אַז דאָרט ווו עס שטייט די באַן־סטאַנציע, וועט מיט דער צייט אויסוואַקסן אַ גרויסער ישוב, וואָס וועט זיך וואַרשיינלעך ציען אין דער ריכטונג צום שטעטעלע מוש.

ערשט אין די יאָרן 1880—1883, האָט די דורכפירונג פון דער פּאָלעסיער באַן־ליניע געמאַכט אַ דורכברוך אין די אַלע אָפּשאַצונגען. אַצינד איז געוואָרן קלאָר, אַז דער נייער ישוב וועט זיך אויסשפּרייטן אויפן שטח וואָס ליגט צווישן די ביידע באַן־סטאַנציעס.

מיטן אויפקום פון דעם אייזנבאַן־נעץ איז די גאַנצע סביבה געוואָרן אויפגערודערט. יידן פון די אַרומיקע ישובים האָבן געעפנט זייערע אויגן אויף די באַנען, וועלכע האָבן געשיינט צו געבן אַ זיכערע פּרנסה. אויך דער גראַף האָט פאַרשטאַנען אויסצונוצן די אַנטשטאַנענע קאָניונקטור. די פּאַרצעלאַציע פון די פעלדער און די גאַסן איז, זעט אויס, לכתחילה דורכגעפירט געוואָרן לויט אַ גענויעם פּלאַן, אָפּהענגיק פון די טאָפּאָגראַפישע פאַרהעלטענישן. מיט דעם דערקלערט זיך דאָס אייגנאַרטיקע אויסזען פון דער שטאָט אין דער צוקונפט.

דער גראַף האָט די פעלדער נישט געוואָלט פאַרקויפן; ער האָט בלויז געגעבן אין אַרענדע פאַר אַן אָפּצאָל פון 20 ביז 25 רובל יערלעך. דערמיט איז ער, ווייזט אויס, אויסן געווען צו בלייבן דער איינציקער אייגנטימער אויף זיי, ביז די שטאָט וועט זיך אַנטוויקלען און די פּלעצער וועלן שטייגן אין ווערט. אויך האָט ער זיך באַמיט, אַז די שטאָט זאָל זיך אָנרופן אויף זיין נאָמען. באַראַנאָוויטש האָט טאַקע אַ לענגערע צייט געהייסן „מעסטעטשקאָ ראַזוואָדאָוואָ“.

דער חשק צו אַרענדירן אַ פּלאַץ איז געווען זייער גרויס, און קיין סך געלט האָט מען נישט באַדאַרפט האָבן. יידן האָבן זיך געוואָרפן אויף דער מציאה; באַראַנאָוויטש האָט זיך אָנגעהויבן צו בויען. עס איז אַנטשטאַנען אַ קליינער ישוב.

## באַראַנאָוויטש ווערט אַ ישוב

די געשיכטע פון באַראַנאָוויטש אַלס ישוב הויבט זיך אָן פון יאָר 1883.

אין פאַרלויף פון די אַכציקער יאָרן האָט זיך דאָס שטעטעלע געבויט נישט אין אַ גיכן טעמפּ. דער אַלטער צענטער אַרום שייקע באַראַנאָוויטשער איז געבליבן כמעט אומפאַרענדערט, הגם עס זענען צוגעקומען עטלעכע הייזער. ערשט אין אַ צייט אַרום האָבן זיך דאָ געעפנט עטלעכע גרויסע הורט־געשעפטן און אכסניות; עס איז אַנטשטאַנען „אַלט־באַראַנאָוויטש“.

דער נייער צענטער, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אויפן שטח פון גראַפ׳ס וואַלד, איז שוין געוואָקסן אַ סך גיכער. אָבער אויך דאָ איז דאָס פּאַנאַנ־ערבויען זיך אין אָנהויב געגאַנגען פּאַמעלעך. צוערשט האָט זיך פאַרבויט די געגנט פון וואַנען עס האָט זיך אָנגעהויבן פאָרמירן די שטאָט, און קודם כל דער אָנהויב פון איר ערשטער גאַס יעליזאוועטסקאַיאַ (פילסודסקי).

יידן האָבן גענומען פאָדערן אַ בית־תפילה און אַ מקוה. איז טאַקע אַראָפּ יעליזאַוועטסקע באלד דערשינען אַ בית־מדרש, — באַקאַנט אונטערן נאָמען „דער אַלטער בית־מדרש״, — און נישט ווייט פון אים, להבדיל, אַ באָד מיט אַ מקוה.

ביז איצט איז דער איינציקער צונויפקום־אָרט געווען ביי שייקען, ביי אים אויפן הויף איז אַ לענגערע צייט געשטאַנען אַ קליינער בית־מדרשל, וואָס האָט געהייסן „שייקעס בית־מדרש״. כל זמן ס׳איז געווען נאָענט, פלעגן אַהער קומען דאַוונען אויך די יידן וואָס האָבן געוווינט אין וואַלד.

שייקע איז געווען זייער שטאָלץ אויף זיין בית־המדרש, אין וועלכן ער איז געווען סיי דער בעל־הבית, סיי דער גבאי און אָפטמאָל אויך דער בעל־תפילה. אַ ייד אַ למדן, אַ גרויסער מכניס אורח און אַ הייסער קוידאַנאָווער חסיד. דער אַלטער קוידאַנאָווער רבי ר׳ אהרן זצ״ל, ווען ער פלעגט אַדורכפאָרן באַראַנאָוויטש, איז ער אַלעמאָל געווען דער גאַסט פון שייקע באַראַנאָוויטשער, וועלכער פלעגט פייערלעך אויפנעמען דעם רבי׳ן. שייקע איז געווען אַ קלוגער ייד און זיין קרעטשמע איז מיט דער צייט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַכסניה, וווהין עס פלעגן פאַרפאָרן חשובע געסט. אויך האָט ער געפירט גרויסע געשעפטן מיט וועלדער און תבואה. זיין ברודער, שלמה לוקער, איז געווען דער געשעפטס־פירער. אַלע האָבן שייקען ליב געהאַט און זיך באַצויגן צו אים מיט גרויס דרך־ארץ. ער איז געווען אַ גרויסער וויצלינג; זיינע ווערטלעך פלעגט מען אין שטעטל ממש אַרומטראָגן. „אָך און וויי איז צו אונז — פלעגט ער זאָגן —, אַז באַראַנאָוויטש איז אַ קהילה, בולבעס איז אַן אכילה, און שייקע איז אַ בעל־תפילה״.

נישט לייכט איז דאָ געווען דאָס לעבן אין דער ערשטער צייט. דאָס שטעטל האָט זיך נישט געבויט געדיכט, נאָר צעשפּרייט איבער גרעסערע שטחים, איין הויז אָפּגעזונדערט פון דעם אַנדערן; און אַרום יעדן הויז איז געווען וואַלד — און נאָך וואָס פאַראַ וואַלד! אָנהויב אָוונט האָט מען מורא געהאַט איבערצוטרעטן די שוועל, מחמת די צאָלרייכע וועלף, וואָס פלעגן זיך פון צייט צו צייט דערנעענטערן ביז צו די הייזער.

דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן איז געווען האַלב־טויט. אַ חוץ דעם בית־מדרש האָט דער יונגער ישוב גאָרנישט פאַרמאָגט. צו די נאָענטע שכנים האָט מען באַדאַרפט אָנקומען, כדי צו באַפרידיקן די נויטיקסטע באַדערפענישן. דער רב און דער שוחט זענען געזעסן אין מוש, און דער בית־עולם איז אויך געווען דאָרט.

אויף די אייגענע פיס האָט דאָס שטעטעלע אָנגעהויבן זיך שטעלן ערשט אין די לעצטע יאָרן פון די אַכציקער. דער ישוב האָט באַשלאָסן זיך באַפרייען פון דער אפטרופסות פון מוש. דערצו האָט מען נאָך באַדאַרפט אַ רב, אַ שוחט און אַן אייגענעם בית־עלמין.

דאָס אַלץ איז געשען אין די יאָרן 1886—1888.

## די ערשטע שוחטים און דער ערשטער רב

אין יאָר תרמ״ו (1886) האָט באַראַנאָוויטש אויפגענומען דעם ערשטן שוחט (געגנוג זיך שוין געלאָזט „קוילענען״ פון די מושער), ר׳ משה ברב אפרים הלוי קאָפּעליאָוויטש, געשטאַמט פון בוטען, אַ סלאָנימער חסיד, אַ גרויסער למדן און ירא שמים. ער איז אַריינגעפאָרן פון מוש (געווען אַ מושער איידעם), לויט דער עצה און ווונטש פון סלאָנימער רבי ר׳ שמואל זצ״ל, וועלכער האָט, ווייזט אויס, אויסן געווען אַריינצוזעצן אין דעם נייעם ישוב אַ חסידישן שוחט. דער רבי האָט משפיע געווען אויף שייקען, ער זאָל אין דעם ענין מיטהעלפן.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן די מתנגדים אַראָפּגעבראַכט אַן אייגענעם שוחט מיטן נאָמען ר׳ אברהם; פון אים פלעגט מען דערציילן, אַז ווען ער האָט „גענומען״ באַראַנאָוויטש האָט ער געזאָגט אַ פשטל: „ויקח אברהם את האַיל״ — אברהם האָט גענומען דעם באַראַן...

באַלד נאָך זיין אָנקומען איז צווישן ביידע שוחטים אויסגעבראָכן אַ סכסוך. ביידע צדדים האָבן לסוף מסכים געווען אויף אַ דין־תורה. די מתנגדים האָבן אַראָפּגעבראַכט דעם מירער רב ר׳ ליפּעלע, און פון חסידישן צד איז געזעסן דער מושער רב ר׳ לייזער יהודה עפשטיין. דער בית־דין האָט געפסקנט, אַז ר׳ משה דאַרף באַקומען 60 פּראָצענט און ר׳ אברהם 40.

אין אָנהויב פון די נייינציקער איז פון שטעטעלע סווערזשנע אַריינגעפאָרן ר׳ משה יוסף מרדכי ראַבינאָוויטש. ער איז באַלד אויפגענומען געוואָרן אַלס חזן און שוחט אויפן אָרט פון ר׳ אברהם דעם שוחט, וועלכער האָט באַראנאָוויטש פאַרלאָזט.

כ״ג חשון תרנ״ג (1893) איז נפטר געוואָרן דער חסידישער שוחט ר׳ משה הלוי קאָפּעליאָוויטש אין עלטער פון 32 יאָר, איבערלאָזנדיק אַן אלמנה מיט 2 קינדער. זיין אָרט האָט איבערגענומען ר׳ משה פיינגאָלד פון סלאָנים. און ווידער איז אויסגעבראָכן אַ שאַרפע מחלוקת צוליב אַ סכסוך, וואָס איז אַנטשטאַנען צווישן קהל און דער אלמנה, ווי אויך צווישן ביידע שוחטים.

מיט דער הילף פון אָרטיקן רב, און דורך דער פאַרמיטלונג פון סלאָנימער רבי ר׳ שמואל, האָט זיך די מחלוקת געענדיקט מיט אַ הסכם, לויט וועלכן דאָס שטעטל האָט זיך מתחייב געווען אויסצוהאַלטן די אלמנה במשך פון אַ יאָר, און יעדער איינער פון די שוחטים האָט מסכים געווען אויף 50 פּראָצענט פון דער שחיטה.

אַ שעכט־הויז איז נאָך דאַן נישט געווען, און די קצבים פלעגן שעכטן ביי זיך אין די שטאַלן. שפּעטער איז שוין יאָ געווען באַשטימט אַן אָרט פאַר דעם צוועק, אָבער דאָס איז אויך געווען אַ שטאַל ערגעץ אויף דער אָרלע גאַס, נעבן יאָשע דעם בעדער.

דער ערשטער רב אין באַראַנאָוויטש, הרב ר׳ חיים לייב ליובטשאַנסקי זצ״ל, איז אויפגענומען געוואָרן פאַר רב אין יאָר 1887. די דאָזיקע ידיעה געפינען מיר אין „המליץ״ פון יאָר 1887 (נומער 179), אין צוזאַמענהאַנג מיט אַ מאמר, וואָס פאַרנעמט זיך מיט דער טעטיקייט פון דער חברה „תומכי־תורה״ אין מינסק:

„...בשנת תרמ״ז היה כבר רב־אב״ד לישוב היהודי בעיר ברנוביץ. שמו היה: הרב הג׳ הצדיק ר׳ חיים לייב מעיר מוש. הוא למד לפני בואו לברנוביץ כאברך־פרוש

במינסק בחסותה ותמיכתה של החברה המינסקאית „תומכי־תורה".

ער האָט חתונה געהאַט מיט חיה בלומה׳ן, די טאָכטער פון יעקב זאַבלאָצקי פון מוש. באַלד נאָך דער חתונה איז דאָס יונגע פּאָר־פאָלק אַוועק קיין מינסק, ווו ער האָט געלערנט אין כולל „תומכי־תורה" און געזאָגט אַ בלאַט גמרא פאַר אַן עולם אין דעם בית־מדרש, וואָס האָט געהייסן „געזעלן־שול". אין מינסק האָט ער געקראָגן סמיכה אויף רבנות. צוזאַמען מיט דער משפחה — שוין אַ טאַטע פון צוויי קינדער — געזעסן אַ געוויסע צייט אין מינסק און געוואַרט אויף אַן אָרט, וואָס זאָל אים אויפנעמען פאַר אַ רב.

די אויסזיכטן זענען אָבער נישט געווען דערמוטיקנדיקע. אין אַלע אַרומיקע ישובים זענען שוין געזעסן רבנים — און נאָך וואָס פאַראַ רבנים, — און קיין נייע ערטער האָבן זיך נישט געבויט. און אָט איז אויפגעקומען באַראַנאָוויטש.

די רביצין חיה בלומה איז געשטאָרבן אין יאָר תשי"א (1941), אין עלטער פון צוויי און אַכציק יאָר. זי איז געווען אַ קלוגע פרוי מיט זעלטענע מידות טובות — אַ צדקת. און אַזאַ איז אויך געווען איר טאָכטער יהודית דבורה הי"ד — די שפּעטערדיקע רביצין, די פרוי פון יבדל לחיים הרב ר׳ דוד ווייצל שליט"א.[1]

דעם כסא הרבנות האָט הרב ר׳ חיים לייב פאַרנומען אַ דאַנק דער שתדלנות פון שייקע באַראַנאָוויטשער, וועלכער איז געווען אַ פעטער פון דער רביצין חיה בלומה. אגב, איז רבנות אין אַ קליינעם ישוב אין יענע צייטן ווייט נישט געווען אַן „עסק", וואָס זאָל זיין אימשטאַנד מפרנס זיין אַ רב מיט זיין משפחה. קיין שכירות האָט מען דערווייל נישט געצאָלט, און דער איינציקער מקור פון הכנסה זענען געווען די דין־תורות און דאָס געבן חופה וקידושין. האָט טאַקע חייה בלומה געמוזט אַ ביסל אַרויסהעלפן, ווייל פון איר מאַנס רבנות איז בלויז געווען וואַסער אויף קאַשע. זי האָט פאַרקויפט הייוון אויף באַקן חלות אויף שבתים און ימים־טובים. מען האָט געלעבט בצמצום. אין דאָך זענען זיי געווען צופרידן מיט זייער גורל. אַלץ בעסער ווי זיצן אין מינסק און וואַרטן אויף אַן „אָרט"...

## אנהויב פון בית-עלמין און די גרינדונג פון א חברא-קדישא

לסוף האָט מען זיך גענומען אויך צו די מתים; פאַר דעם צוועק האָט דער גראַף באַשטימט אַ שטיקל וואַלד, נישט ווייט פון דעם דאָרף „זנאַ־עס". בעצם האָט מען שוין לאַנג געטראַכט וועגן אַן אייגענעם בית־הקברות, אָבער, ווייזט אויס, עס זענען געווען געוויסע מניעות.[2]

---

[1] הרב ר׳ דוד ווייצל שליט"א, וועלכער איז געוואָרן רב אין באַראַנאָוויטש נאָך דער פטירה פון זיין שווער (תרס"ו) געפינט זיך אַצינד אין תל־אביב. ער איז געווען רב אין באַראַנאָוויטש קרוב צו 35 יאָר (ביז 1941), ווען די רוסן האָבן אים פאַרשיקט קיין סיביר און אַ דאַנק דעם איז ער ניצל געוואָרן. זיין פרוי, די רביצין יהודית דבורה הי"ד, איז אומגעקומען אין באַראַנאָוויטשער געטאָ צוזאַמען מיט אירע צוויי טעכטער און די עלטערע שנור מיט אירע קינדערלעך.

[2] לויט אַ מנהג פלעגט מען נישט עפענען קיין בית־עלמין מיט איין בר־מינן.

מאַכט זיך, און דאָס שטעטעלע ווערט אויפגעציטערט פון אַ שרעקלעכן אומגליק: די באָד פלעגט מען הייצן איין מאָל אין וואָך, יעדן פרייטיק. אַלטע תושבים האָבן דערציילט, אַז די מקוה איז געווען אַ ביסל צו טיף; מען פלעגט דאַרפן אַראָפּגיין אַ סך טרעפּלעך. אין מיטן מקוה איז געשטאַנען אַ גרויסער קעסל, אין וועלכן עס האָבן געברענט קוילן. צוויי עלטערע יינגלעך, איינער פון זיי — דעם רב׳ס אַ זון, האָבן זיך געבאָדן אין דער מקוה (ווייזט אויס, נישט אין דער באַשטימטער צייט) און האָבן זיך דערטרונקען. גאַנץ מעגלעך, אַז זיי האָבן זיך פריער פאַרטשאַדעט. לויט אַן אַנדער גירסא, זענען זיי דערטרונקען געוואָרן ביים באָדן זיך אין דער אָזערע נעבן דעם דאָרף סוויאַטילאָוויטש.

די לויה איז פאָרגעקומען זונטיק. דאָס גאַנצע שטעטעלע האָט מיט ביטערע יללות באַגלייט די צוויי קרבנות, פאַר וועלכע מען האָט געגראָבן די ערשטע קברים אויפן באַראַנאָוויטשער בית־עולם. עס האָבן זיי מספיד געווען עטלעכע רבנים, וועלכע האָבן באַוויזן צו קומען פון די אַרומיקע ישובים, צווישן זיי דער לעכעוויטשער רב, הרב הגאון ר׳ שמחה הלוי הורביץ.

דער אָנהויב פון באַראַנאָוויטשער בית־עולם איז אַזוי אַרום פאָרגעקומען, ביי ווייט נישט קיין געוויינלעכע אומשטענדן, אין יאָר תרמ"ח[1] (1888).

מיט דער דערעפענונג פון בית־הקברות איז געגרינדעט געוואָרן אַ חברא־קדישא, אין שפּיץ פון וועלכער ס׳האָט זיך געשטעלט דער באַראַנאָוויטשער בעל־הבית ר׳ יעקב יודקאָווסקי. אין משך פון זיין גאַנצן לעבן איז ער געווען דער הויפּט־גבאי און בעל דעה. כל ימיו געווען איבערגעגעבן בלב ונפש דער אַרבעט פון חברא־קדישא. אין די לעצטע יאָרן האָבן זיך אָנגעהויבן מישן אין דער חברה נאָך אייניקע בעלי־בתים, ווי ר׳ דב קורחין, ר׳ יצחק צבי יאסעלעוויטש, ר׳ לויק רוטקאָוויטש און אַנדערע.

בכלל איז די חברא־קדישא אין באַראַנאָוויטש פון אָנהויב אָן באַשטאַנען פון כמעט לויטער בעלי־מלאכות. צום טעכנישן פּערסאָנאַל האָבן צווישן אַנדערע געהערט: משה וויניקאָווסקי (משה דער הויכער, אָדער משה דער שוואַרצער), אַ ייד מיט אַ זעלטן גוט האַרץ, שטענדיק גרייט צו טאָן יענעם אַ טובה; יצחק ארלינסקי (איטשע דער טויבער סטאָליער), אַ פּשוטער ייד, אַן איבערגעגעבענער טעכנישער טוער אין דער חברה; חיים־עטשע, פלעגט זיך מתעסק זיין מיט די תכריכים; אברהם זעלווין (אברהמ"ל דער שוסטער); נחמיה פילניק (חעמע דער קברות־מאַן, אָדער חעמע דער שמיד); קאַפּוסטע, און נאָך זיין טויט — זיין זון אַלטער קאַפּוסטע א. אנד.

די טעטיקייט פון דער חברא־קדישא אין באַראַנאָוויטש האָט זיך געפירט פּונקט ווי אין אַנדערע שטעט. איז נפטר געוואָרן א גביר, אַ רייכער בעל־הבית, — האָט עס אויף זייער לשון געהייסן: „געכאַפּט אַ פעטן העכט". עס האָט נישט געהאָלפן קיין אויסטענהן זיך, די משפחה האָט געמוזט באַצאָלן, וואַרום אַנדערש האָט זיך דער בר־מינן פון „אָרט נישט גערירט".

באַראַנאָוויטש באַפרייט זיך ענדלעך פון אַפּטרופּסות פון מוש, — זי ווערט זעלבסטשטענדיק.

---

[1] אויפן טויער פון בית־עולם איז געווען אַן אויפשריפט: נוסד בשנת תרמ"ח (1888).

## אַנטוויקלונג פון דער שטאָט

דער סוף פון די אַכציקער און די גאַנצע תקופה פון די נײַנציקער, איז פאַרלאָפן אונטערן צייכן פון אינטענסיווער בוי־טעטיקייט און וווּקס פון דער באַפעלקערונג. אין צפון און מזרח איז זי שוין פון די פריסטע יאָרן פאַרבליבן אײַנגעקלעמט דורך דעם פאַרלויף פון די ביידע באַן־ליניעס; די איינציקע מעגלעכקייט פאַר עקספּאַנסיע איז פאַרבליבן אָפן צו דער זייט פון די וועלדער, אין דער ריכטונג צו מערב און דרום.

און אַזוי איז עס טאַקע געשען.

די רוסישע מאַכט האָט באַשלאָסן צו פאַרוואַנדלען דעם נײַעם פּונקט אין אַ וויכטיקן מיליטעריש־סטראַטעגישן צענטער, צוליב דער גינסטיקער געאָגראַפישער לאַגע זײַנער און דעם גרויסן קנופּ־נעץ פון די באַנען. מיט דער צײַט האָט זיך טאַקע באַשטעטיקט די גרויסע חשיבות פון דער ליניע מאָסקווע—באַראַנאָוויטש—וואַרשע, אויף דער שטרעקע פּאַריז—מאָסקווע, פאַרבינדנדיק פּאַריז, בערלין, וואַרשע, מאָסקווע. זייער וויכטיק איז אויך געווען די פּאָלעסיער באַן־ליניע, וואָס האָט פאַרבונדן די גרויסע רוסישע שטעט פּעטערבורג, דווינסק, ווילנע מיט דער פּאָלעסער געגנט און דרום רוסלאַנד (קיעוו—אָדעס). דער קאָנטאַקט מיט וואַרשע איז געווען דורך די באַן־ליניעס: באַראַנאָוויטש—בריסק און באַראַנאָוויטש—ביאַליסטאָק. דער ווערט פון דעם דאָזיקן מיליטעריש־סטראַטעגישן פּונקט איז באַשטעטיקט געוואָרן אויך אין ביידע וועלט־מלחמות. אין יאָר 1914—1915 איז דאָ געווען דער זיץ־אָרט פון הויפּט־קאָמאַנדיר ניקאָלאַיי ניקאָלאַיעװיטש און דעם שעף פון רוסישן גענעראַל־שטאַב גענעראַל יאַנוש־קעוויטש מיט זײַן שטאַב.

אין די לעצטע יאָרן פון די אַכציקער אָדער אין אָנהויב פון די נײַנציקער זענען שוין אויפן שטח פון קאַזיאָנעם וואַלד, נישט ווײַט פון דער פּאָלעסיער סטאַנציע, געשטאַנען די ערשטע קאַזאַרמעס פון דעם מיליטערישן לאַגער און באַלד האָט זיך אין זיי אַרײַנגעצויגן דאָס מיליטער, וואָס האָט ביז דאַן סטאַציאָנירט אין נאָוואָגרודעק און אין דער געגנט פון פּאָלוואַרק יאַטרע.

שוין מיטן אָנקום פון מיליטער האָט דאָס שטעטל אָנגעהויבן ביסלעכווײַז אויפצולעבן. גלײַכצײַטיק מיט די ערשטע אײַזנבאַן־באַטאַליאָנען זענען אַ הער אַרײַנגעפאָרן אייניקע פאַרמעגלעכע ייִדן, די באַקאַנטע משפּחות: לימאַן, פּייוול דער יאַטרער, מיטראָפאָלי־טאַנסקי און אַנדערע. זיי זענען געקומען פון נאָוואָרעדאָק און יאַטרע, וווּ זיי האָבן צוגעשטעלט פּראָוויאַנט און פאַרשידענע פּראָדוקטן פאַר דעם דאָזיקן מיליטער.

דער ברייטער פאַרנעם, מיט וועלכן די רוסישע מאַכט האָט שוין דעמאָלט, אין די נײַנציקער יאָרן, צוגעטרעטן צו פאַרווירקלעכן אירע גרויסע מלוכהשע אונטערנעמונגען אין באַראַנאָוויטש, האָט געגעבן גוטע אויסזיכטן אויף אַ גיכן וווּקס פון דער שטאָט. דער מיליטערישער לאַגער ווי אויך ביידע באַן־סטאַנציעס האָבן זיך כסדר פאַרברייטערט, און דער ריזיקער „סוכאַרני־זאַוואָד" איז געווען אין פולן בוי־גאַנג; געבויט האָט אים אַ רוסישער גענעראַל־אינזשינער מיטן נאָמען „באַראָן־פאָן־דירשאַו".

די האָלץ־בוי־אַרבעט איז אויסגעפירט געוואָרן דורך דעם אָרטיקן פּאָדריאַטשיק יונה שילײנער צוזאַמען מיט דעם אָראַנער סטאָליער (יונה אשמיאַנסקי). ציגל פאַר די אַלע בנינים האָט צוגעשטעלט דער באַקאַנטער ליפעראַנט פון מינסק פרומקין, וועלכער האָט פאַר דעם צוועק אויפגעשטעלט אַ גרויסע ציגל־ברענערײַ אויפן וועג קיין מוש, וואו עס איז געווען אַ ברייטער שטח פון ליימיקן באָדן. דער פאַר־וואַלטער איבער דער ציגעלניע איז געווען העניך פּיין, אויך אַ מינסקער; אין אַ צײַט אַרום איז זי אַריבער אין זײַן באַזיץ, און איז אַ לענגערע צײַט געווען באַקאַנט אונטערן נאָמען „פּיינס־ציגעלניע". דער אַלטער פייגמאַן איז געווען אונטערנעמער פון דער פאַרבערײַ־אַרבעט. שלאָסבערג פון מינסק האָט אַהער אַראָפּגעבראַכט ייִדישע שלאָסערס און אָנגעשטעלטע אויף אויסצופירן די שלאָסערײַ־אַרבעט.

דער גרעסטער טייל פון די נײַ־אָנגעקומענע האָט שוין באַראַנאָ־וויטש נישט פאַרלאָזט, און מיט דער צײַט זיך אײַנגעגלידערט אין דער אָרטיקער באַפעלקערונג.

צוזאַמען מיט די גרויסע מלוכהשע אונטערנעמונגען איז געגאַנגען דער פּריוואַטער בוי. עס זענען צוגעקומען אַ סך הײַזער. די צאָל אײַנוווינער האָט געהאַלטן כסדר אין וואַקסן. באַראַנאָוויטש איז אַרײַן אין אַ נײַער פאַזע פון אַנטוויקלונג.

עס איז שוין אויך געווען אַ גרויסע נישט־ייִדישע באַפעלקערונג, וואָס איז באַשטאַנען מערסטנס פון אײַזנבאַן־באַאַמטע, אַרבעטער פון די דעפּאָס, ווי אויך אַ היפּשער צאָל מיליטערלײַט. עס פאַרשטייט זיך, אַז דאָס אַלץ איז געשען בהדרגה במשך פון לעצטן צענדליק פון פאָריקן יאָרהונדערט.

אין יאָר 1894 איז באַראַנאָוויטש געווען אַ קליין שטעטל מיט אַ ייִדישער באַפעלקערונג פון קרוב דרײַ הונדערט משפּחות. מער אָדער ווייניקער פאַרבויט איז געווען דער שטח אַרום דעם אַלטן בית־מדרש. פון דאַנען האָט זיך געצויגן די יעליזאָוועטסקע גאַס (פּילסודסקי). געציילטע הײַזער זענען געשטאַנען אויף די גאַסן: אַלעקסאַנדראָווסקע (סענאַטאָרסקע), פּעטראָווסקע (אולאַנסקע) און אויף די שכנותדיקע קווער־גאַסן: גראַפּסקע, אָרלע, מינסקע (שקאָלנע), סאָסנאָווע און ווילענסקע. אין די איבריקע האָבן זיך געוואָרפן אַ סך נישט־פאַרבויטע פלעצער און ליידיקע שטחים, באַוואַקסן מיט דערנער און ווילדע גראָזן. אומעטום האָט מען געזען קוסטעס און סאָסנע־בוימער. ערטערווײַז איז שווער געווען צו אונטערשיידן צווישן שטעטל און וואַלד. דאָ און דאָרט זענען געשטאַנען „סקעלעטן" פון נישט קיין אויסגעענדיקטע הײַזער. אויף מאַרינסקע האָבן זיך געפונען בלויז געציילטע הײַזער אויף דער זײַט, וואָס האָט געהערט צום גראַף. אין הויז פון יהושע הינצעוויטשער (סוכאַרעבסקי) איז געווען דער אַפּטייק פון פּראָוויזאָר טעץ. אין הויז פון אברהם שמואל זאַבלאָצקי — צווישן שימשעלעוויטשן און יענקל בערל נײַפעלד — איז געווען אַ שטענדיקער בית־תפילה, וווּ עס האָבן געדאַוונט חסידים און מתנגדים צוזאַמען. אויף דער צווייטער זײַט מאַרינסקע זענען געשטאַנען עטלעכע גוייִשע הײַזלעך. אויף מינסקער גאַס איז שוין געשטאַנען דער סקעלעט פון דעם גרויסן בית־מדרש. דער הורטאָווער האַנדל און אכסניות זענען געווען אויף אַלט־באַראַנאָוויטש, דער דעטאַלירטער — אויף יעליזאָוועטסקע גאַס.

באַזונדערס שנעל איז באַראַנאָוויטש געוואָקסן אין דער צווייטער העלפט פון די נײַנציקער. די באַפעלקערונג האָט זיך מיט יעדן טאָג פאַרמערט. די ליידיקע פלעצער האָבן זיך אָנגעהויבן ביסלעכווײַז

אויספּילן. דער וואַלד האָט זיך גענומען פּאַמעלעך דערווייטערן. עס האָבן זיך אויסגעפאָרמירט גאַסן און געסלעך. אין אַלגעמיין איז די בוי־באַוועגונג געגאַנגען פון צפון־מערב צו צפון־מזרח, אויסשפּרייטנ־דיק זיך בהדרגה אין דער ריכטונג צו דרום־מזרח.

ווי געזאָגט, האָט זיך אויף מאַרינסקע פאָרמירט בלויז די זייט, וואָס אירע פּלעצער זענען געווען אַרענדירט פון גראַף. אויף דער אַנדערער זייט מאַרינסקע און ווייטער אַרויף אין דער ריכטונג צו פּאָלעסיער סטאַנציע און „סוכאַרני־זאַוואָד“, ווי אויך צו די פעלדער פון דעם דאָרף סוויאַטילאָוויטש, האָבן יידן נישט געטאָרט וווינען. אויף דעם שטח זענען געווען חל די באַרימטע „צייטווייליקע באַ־שטימונגען“ פון יאָר 1882, לויט וועלכע יידן איז געווען פאַרבאָטן צו באַזעצן זיך אויף דאָרפישן באָדן.

אַזוי אַרום איז מאַרינסקע געווען דער גרענעץ צווישן שטאָט און דאָרף.

אויף דעם „הייליקן“ באָדן האָבן זיך דעמאָלט באַזעצט בלויז קריסטן. האָבן זיך דאָ טאַקע אין פאַרלויף פון דער צייט געשאַפן צוויי קריסטלעכע צענטערס: איינער אַרום דער פּאָלעסיער סטאַנציע, וואָס האָט געהייסן „ניי־באַראַנאָוויטש“, דער צווייטער — אַנטקעגן דעם מיליטערישן לאַגער, אַרום דער אַזוי גערופענער קאַווקאַזער געסל (קאָפּערניקא).

## געזעלשאַפטלעכע פיזיאָנאָמיע

דאָס אינערלעכע לעבן פון באַראַנאָוויטש אין לעצטן צענדליק פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט האָט זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבן צופּאַסן צו די באַדערפענישן און פאָדערונגען פון דעם פאַרגרעסערטן ישוב. די באַפעלקערונג איז געווען אַן אָנגעלאָפענע פון אַלע עקן. די ישובניקעס, וואָס זענען אַהער אַריבערגעגאַנגען פון די אַרומיקע דערפער, האָבן מיטגעשלעפּט די זיטן און אַטמאָספער פון דאָרפישן לעבן, אַזוי ווי די אָנגעקומענע פון פאַרשידענע שטעטלעך, נאָענטע און ווייטע. עס האָט זיך געשאַפן אַ געמיש פון פאַרשידענע פאָרמען און באַגריפן פון עפנטלעכן און געזעלשאַפטלעכן לעבן.

אין „המליץ“ פון 1897 (נר.171) לייענען מיר:

„...כל אחד מהיהודים היושבים פה, עולם בפני עצמו הנהו, ואיננו מתערב בשכנו הקרוב אליו, יען יפחד פן ואולי יחוסו של שכנו לא יעלה יפה ובד בבד עם יחוסו הוא, כי בארא־נאוויץ נקראת „אמריקא השניה“ בשביל הערב רב, שבא הנה להשתקע בעיר. אף שבאמת לא כאמריקא באראנאוויץ; שם המרחק יסתיר ויעלים את גזע מחצבתו של כל אחד ואחד וידֿ־ביק בין הנפרדים. אבל אחרת נראה פה, רובם ככולם הנם מעירות הקרובות, הידועים במעשיהם וביחוסם, ויש ביניהם, שקופה של שרצים תלויה מאחוריהם, והדבר הזה יפריד בין הדבקים והקרעים אינם מתאחים לעולם...“

### א. „נאַטשאַלסטוואָ“

בערך אין אָנהויב פון די נייַנציקער האָט די רעגירונגס־מאַכט אַריינגעשיקט אַן אוריאַדניק מיט עטלעכע סטראַזשניקעס. ביז איצט האָבן די פּאָליציייִשע פאַרשטייער סטאַציאָנירט אין די נאָענטע שטעטלעך סטאָלאָוויטש און מוש.

עס פאַרשטייט זיך, אַז דער נייער מושל האָט שטענדיק געזוכט באַשעפטיקונג און פּרנסה; לײדיק, מיט פאַרלייגטע הענט, איז ער חלילה קיינמאָל נישט געזעסן. ער איז פאַקטיש געוואָרן דער איינציקער בעל־הבית און דעה־זאָגער איבערן לעבן און פאַרמעגן פון דער יידישער באַפעלקערונג. און דעריבער האָבן די יידן געזוכט אָנצוקניפּן מיט אים אַ „ממשותדיקע“ פריינטשאַפט...

### ב. כלל־לעבן

דאָס שטעטעלע וואַקסט גיך און צוזאַמען מיט דעם אויך די קהלשע באַדערפענישן און זאָרגן. די מאַכט פאָדערט מען זאָל באַשטימען אַ יידישן סטאַראָסטע. צום ערשטן מאָל איז אויך אויפגעשוווּמען די פראַגע פון „קאראבקע“. אָפט לויפט אַדורך אַ גזרה׳לע, וואָס מען דאַרף תיכף אויפן אָרט דערליידיקן; פון צייט צו צייט באַווייזט זיך אַ גרעסערע צרה, וואָס פאָדערט אַ באַלדיקע אינטערווענץ אין אויעזד, אָדער אין דער גובערניע גופא. מען דאַרף אויך נישט פאַר־געסן, אַז אַ גרויסער טייל פון באַראַנאָוויטש איז, ווי געזאָגט, געווען אָפיציעל פאַררעכנט ווי אַ דאָרף, וואָס אויף אים זענען חל באַזונדערע באַגרענצונגען. די צאָל מתפללים האַלט כסדר אין וואַקסן — דאַרף מען בויען נייע בתי־מדרשים. די באַפעלקערונג ווערט פאַרגרעסערט און צוגלייך מיט איר שטייגט אויך די נויט און אָרעמקייט. אומפאַר־מעגלעכע קראַנקע און אָרעמע קימפּעטאָרינס פאָדערן מעדיצינישע הילף א. א. וו.

דאָס לעבן פון אַ יידישן ישוב אונטער אַ פרעמדן רעזשים אין יענע צייטן האָט געפאָדערט כל מיני עסקנים און כלל־פאַרזאָרגער. דאָס שטעטל האָט נישט געהאַט קיין אייגענע טראַדיציע אין קהל׳שע ענינים.

קיין אָרגאַניזירטע יידישע קהילה האָט דער יונגער ישוב בכלל נישט פאַרמאָגט. אַלע קהל׳שע ענינים פלעגן ווערן באהאנדלט און באַשלאָסן אויף אסיפות פון בעלי־בתים, אויף וועלכע די הויפּט־דעה האָבן געהאַט די גבאים פון בתי־מדרשים, נגידים און סתם אָנגעזעענע יידן; אויך דער רב האָט דאָ גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל. פאַרשטייט זיך, אַז דאָ און דאָרט פלעגן אויסברעכן געוויסע מחלוקות, הגם אין אַלגעמיין איז באַראַנאָוויטש אין דער הינזיכט געווען אַ רוהיק שטעטל.

אַלס ערשטער סטאַראָסטע פון דער יידישער „מעשטשאַנסקאַיאַ אופּראַוואַ“ איז אויסגעווײלט געוואָרן אברהם משה פּיקעלני.

### ג. „קאראבקע“

צום ערשטן מאָל איז אויך איינגעפירט געוואָרן די „קאָראבקע“. דאָס איז געווען אַ פליישׂ־אָפּצאָל, וואָס די מאַכט האָט אַרויפגעלייגט אויף דער יידישער באַפעלקערונג — אַ מין אומדירעקטער שטייער אויף כשר פלייש. די פּראָצעדור איז געשען אויף פאָלגנדיקן אופן: די מאַכט אַליין האָט זיך נישט געוואָלט פאַרנעמען מיט דעם גאַנצן ענין. די „קאָראָבקע“ פלעגט ווערן אויסגעשטעלט אויף עפנטלעכע טאָרגעס (אין דעם אויעזד נאָוואָרעדאָק) און פלעגט ווערן אָפּגעגעבן אין אַרענדע אויף פיר יאָר דעם, וואָס האָט אָנגעבאָטן דעם העכסטן פּרייז, און ער פלעגט עס ווערן דער אַרענדאַטאָר. דאָס געלט האָט באַדאַרפט פאַרווענדעט ווערן אויף שטיצע פאַר די אָרטיקע

אַנשטאַלטן, וואָס זענען געווען אָפיציעל אָנערקענט דורך דער רעגירונג. פאַקטיש אָבער האָבן די יידן וויניק וואָס געגאָסן פון די דאָזיקע געלטער. די הצטרכותן זענען געווען זייער גרויסע; יידן האָבן געהאַט צו זאָרגן פאַר אַ סך זאַכן, וואָס די מאַכט האָט נישט געוואָלט אָדער נישט געטאָרט פון זיי וויסן. אַ יידישער ישוב האָט תמיד געהאַט צו טאָן מיט פאַרשידענע געהיימע אויסגאָבן, וואָס האָבן איינגעשלונגען באַדייטנדיקע סכומים. עס איז קלאָר, אַז דער קהל האָט זיך באַמיט אויסצונוצן די „קאָראָבקע" צו זיין גונסטן. דער הוכר פלעגט זיך מתחייב זיין אויף אַ געוויסן אָפּצאָל, וואָס דאָס שטעטל האָט אויפ אים אַרויפגעלייגט. דער כוח פון קהל און רב איז געווען גענוג גרויס; דער רב האָט צו יעדער צייט געקענט פסקענען, אַז דאָס פלייש איז נישט כשר. דער גאַנצער סחר־מכר מיט דער קאָראָבקע פלעגט זיך אָפּשפּילן אין בתי־מדרשים און אויף אסיפות, און פלעגט אַרויסרופן שטענדיקע רייבונגען און שאַרפע וויכוחים. דער חוכר פלעגט אָפּטמאָל נעמען צו זיך אַ שותף און אַ באַאַמטן, וואָס האָט אָנגעפירט מיטן גאַנצן עסק; און דער עסק איז געווען נישט קיין שלעכטער. דער באַאַמטער האָט געהייסן „נאָמן". איינער פון די ערשטע חוכרים אין באַראַנאָוויטש איז געווען פייווע יאטרער צוזאַמען מיט אַ שותף. דער פאַרוואַלטער איז פאַרבליבן וועלוול דער נאמן. שפּעטער האָט געהאַלטן די „קאָראָבקע" הירש פייגמאַן מיט ניסן גאָלדבערג, און לסוף איז זי פאַרבליבן אין די הענט פון משה נח ביטענסקי (משה נח דער קצב) און וועלוול דעם נאמן.

## ד. סאָציאַלער מצב

ווי געזאָגט, זענען מיטן שנעלן וווקס פון דער באַפעלקערונג אויפגעשוואומען אַ היפּש ביסל פּראָבלעמען און אויפגאָבן, וואָס האָבן געפאָדערט די באַלדיקע אויפריכטונג פון אַ גאַנצער ריי סאָציאַלע אינסטיטוציעס און צדקה־חברה'ס.

אַן אומאויפהערלעכער שטראָם פון איינצלנע מענטשן און גאַנצע משפחות האָט כסדר געשטראָמט אין יונגן שטעטל, מיט דער האָפענונג צו געפינען באַשעפטיקונג און פרנסה. דער גרעסטער טייל איז באַשטאַנען פון געדריקטע בעלי־מלאכות און נישט־פאַרמעגלעכע קרעמער. עס האָבן אויך נישט געפעלט קיין ליידיקגייערס און סתם לופט־מענטשן.

די סאַניטאַר־היגיענישע און מעדיצינישע פאַרהעלטענישן זענען געווען נישט קיין גוטע, דער לעבנס־ניוואָ פון דער באַפעלקערונג נישט איבעריקס הויך. די הייזער זענען געווען פון האָלץ און אָן קיין שום באַקוועמלעכקייטן. די ענגשאַפט און שלעכטע וווינונגס־באַדינגונגען האָבן מיטגעהאָלפן צו דער פאַרשפּרייטונג פון פאַרשידענע קראַנקהייטן. עס איז אויך נישט געווען קיין שפּיטאָל אויף איזאָלירן קראַנקע אין פאַלן פון עפּידעמיעס. די מעדיצינישע הילף איז געווען פאַרבונדן מיט גאָר גרויסע שוועריקייטן. דאָס שטעטל האָט פאַרמאָגט בלויז אַ פעלדשער מיטן נאָמען ווינער. דער נאָענטסטער און איינציקער דאָקטאָר, וואָס האָט באַדינט נישט בלויז באַראַנאָוויטש, נאָר אויך די גאַנצע אַרומיקע געגנט, איז געזעסן אין האָראָדישטש, איבער 20 קילאָמעטער פון באַראַנאָוויטש, — אַ גרויסער מרחק ביי די דעמאָלטיקע טראַנספּאָרט־מיטלען. דאָס איז געווען דער באַרימטער דאָקטאָר שצעפּורזינסקי, אַ קריסט. און האָט מען אים באַדאַרפט אַראָפּברענגען צו אַ שווערער געבורט, בעת אַן אומגליק, אָדער ביי פאַרשידענע אַנדערע דרינגנדיקע פאַלן, איז מען געווען געצוווּנגען אַרויסצורופן אים נישט אַנדערש ווי דורך דער פאַרמיטלונג פון אַפּטייק און דערביי פאַרויס איינצאָלן 25 רובל, כמעט אַ פאַרמעגן אין יענע צייטן. און די רפואות זענען אויך געווען אומרחמנותדיק טייער. צומייסט האָט דערפון געליטן די אָרעמע באַפעלקערונג.

די דערציִונג פון יידישע קינדער איז געווען זייער אַן אָפּגעשטאַנענע און איז געלעגן אין די הענט פון אַלטמאָדישע מלמדים, וועלכע האָבן געלערנט עברי, דאַוונען, חומש און מעביר סדרה זיין אָפּט מיט דער הילף פון קאַנטשיק. די קינדער זענען געווען צוגעבונדן צום חדר אַ גאַנצן טאָג. גרעסערע קינדער פלעגט מען אויסנוצן אויף אַ שפּרונג אין קרעמל, ברענגען וואַסער און אַרויסטראָגן די ברודיקע עמערס. אָרעמע קינדער האָבן זיך בכלל אַרומגעדרייט ליידיק אין די גאַסן.

דער בעל־מלאכה און קלייִנהענדלער האָבן זיך געניטיקט אין קלענערע הלוואות אויף לייכטע באַדינגונגען, און ווו צו לייען איז נישט געווען.

און דאָך האָט באַראַנאָוויטש נישט אָפּגעשטאַנען פון אַנדערע יידישע שטעטלעך. אין לויף פון די ניינציקער יאָרן האָט זי באַוויזן צו שאַפן און אַנטוויקלען אַ נעץ פון פאַרשידענע צדקה־חברה'ס און סאָציאַלע אינסטיטוציעס, אָן וועלכע אַ יידישער ישוב האָט נישט געקענט אויסקומען אין יענע צייטן.

אמת, אין אָנהויב האָט זיך געפילט אַ גרויסער מאַנגל אין דערפאַרענע כוחות; אָבער מיט דער צייט איז אויך אין דער הינזיכט געקומען אַן ענדערונג צום גוטן. אין די יאָרן 1893—1894 האָבן זיך אָנגעהויבן קאָנצענטרירן מער פאַרמעגלעכע און כלל־טוערישע עלעמענטן. עס האָבן זיך געעפנט גרויסע געשעפטן פון מאַנופאַקטור, גאַלאַנטעריי, אייזן און שפּייז. עס האָט זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבן אויסטיילן אַ קרייז פון באַגאַבטע טוער און טוערינס מיט אַ געפיל פאַר געזעלשאַפטלעכער אַרבעט.

אין דער צווייטער העלפט פון די ניינציקער איז שוין דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן אין באַראַנאָוויטש געשטאַנען אויף אַ הויכער מדרגה, אין פאַרגלייך מיט די אַרומיקע ישובים. באַראַנאָוויטש איז געוואָרן אַ פריילעך און דינאַמיש שטעטל. זומער איז דאָ געווען אַ באַליבטער דאַטשע־אָרט. הונדערטער מענטשן פלעגן זיך אַהער צונויפפאָרן פון נאָענט און פון ווייט נישט בלויז כדי צו געניסן פון דער פרישער און טרוקענער וואַלד־לופט, נאָר אויך אַ ביסל צו פאַרברענגען די צייט. אין „המליץ" פון 1897 (נומער 171) שילדערט יוסף גבריאַלוב דאָס לעבן אין באַראַנאָוויטש אין יענע יאָרן. ער שרייבט צווישן אַנדערן:

„...רובם ככולם מתפרנסים מן הרוח; יש ביניהם סוחרי תבואה, סוחרי עצים, חנוונים ובעלי מלאכות שונים, וחיים חיים של טובה. ואף כי העיר היא במרכז מדינת ליטא, בכל זאת תושב העיר איננו נכר בסימניו המובהקים כליטאי, היינו: בפניו החשכים הרזים והדלים, ובבגדיו המטולאים טלאי על גבי טלאי, כי רוב יושבי העיר בעלי מעשה הם ופניהם צוהלים תמיד.

בקיץ באים הנה רבים לשאוף רוח צח בנאות דשא, כי גם יער צומח עצים סמוך לעיר. בין הבאים יש כאלה, אשר ההכרח יאלצמו לבוא בארנאוויצה לשאיף רח ולהחליף כח, למען הוסיף חיים ובריאות. וגם יש ביניהם כאלה שבאו הנה רק לצאת ידי חובת המאָדע האחרונה, וביחוד מהמין היפה, כי בזמן הזה חרפה היא לבת ישראל לשבת כבת מלך פנימה, והזמן דורש ממנה לראות ולהראות...

בשבוע העבר ירדו גשמים מרובים תמידים כסדרם, ולרגלי זאת לא יכלו לצאת היערה לשאוף רוח ולהשיג בריאות ונאלצו להתאסף בבית כל אחת, בית אשה יומה, לעשותו יום משתה ושמחה.

כל אחת מהשואפות רוח רוצה להתאכסן בבית הסמוך ליער, על כן מתאספות עשר נשים בבית אחד והלחץ הזה הדחק גדול מאד, לכן תעשינה למו נשפי חשק לבלות לכל הפחות את הלילות בעונג ובנעימים. וכונתן לחקות בזה את מעשי אומות העולם, שנוהגים לכבד ימים כאלה באורים, בנשפי חשק ובמחולות.

וההבדל ביניהם הוא רק שהגויים אוכלים בשר וקמחא דסמידא ושותים יין; ובני ישראל יוצאים ידי חובתם בדגים מלוחים ואבטיחים חמוצים ובנשפי חשק כאלה חותכים דג מלוח ואוכלים ביחד עם פת קיבר, והמהדרים שותים אחר כך חלב חמוץ. דעת לנבון נקל, כי על כל פרוטה יתרה אנחה גדולה יוצאת מקרב לבן ושוברת חצי גופן, ויצא שכרן בהפסדן..."

## די ערשטע אינסטיטוציעס

### א. „מאכל כשר"

באַראַנאָוויטש, ווי געזאָגט, איז געוואָרן אַ וויכטיקער מיליטעריש־סטראַטעגישער פונקט. שוין אין די נײַנציקער יאָרן איז דאָ געשטאַנען אַ גרויסער מיליטערישער לאַגער, אין וועלכן ס'האָבן זיך געפונען אַ סך יידישע זעלנער, וואָס זייער צאָל איז געוואַקסן פון יאָר צו יאָר. פאַר די דאָזיקע זעלנער האָט דאָס שטעטעלע געגרינדעט אַ „מאכל כשר", וואָס האָט זיך מיט דער צייט אַנטוויקלט אין אַ גרויסע אייגנאַרטיקע צדקה־חברה.

אין שפיץ פון דער חברה איז געשטאַנען ר' פיקער, וועלכער האָט זיך מיט אַלע כוחות משתדל געווען, אַז דער „מאכל כשר" זאָל שטיין אויף אַ געהעריקער הויך. די הכנסות זענען געקומען פון פאַרשידענע זאַמלונגען צווישן דער יידישער באַפעלקערונג.

אַ קורצע אָפּשאַצונג וועגן דער טעטיקייט פון „מאכל כשר" אין באַראַנאָוויטש געפינען מיר אין „המליץ" פון 1895, נומער 283:

"...גם חייל צבא רב בא לחנות פה, כשלשת אלפים במספר, ויבנו פה תחנה ומעונות. חברות שונות לצדקה ישנן פה, וביחוד ראויים לתהילה בני העיר הזאת, כי הכינו דוד כשר להאכיל את אנשי הצבא מבני ישראל העובדים פה, כשבעים נפש, מאכלים טובים וערבים; ואף כי ההוצאה הזאת מרובה היא, בכל זאת לא תבקש עזר מהערים האחרות אשר סביבה".

אַ צווייטן מאָל ווערט דערמאָנט דער „מאכל כשר" אין „הצפירה" פון יאָר 1901, (נומער 253). צווישן אַנדערע לייענען מיר:

„...בראש המפעל „מאכל כשר" פה עומד ר' פיקער המשתדל בכל יכלתו להרבות הכנסות המפעל ולכלכל במזון כשר מאה יעשרים איש צבא מבני ישראל החונים בעירנו, — בשר ותבשיל חם ינתן להם פעמיים בכל יום".

די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך זייער וואַרעם באַצויגן צו די יידישע זעלנער, וועלכע האָבן דאָ סטאַציאָנירט. אייניקע פון זיי האָבן גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון יידישן ישוב אין באַראַנאָוויטש.

(שפּעטער אונטער דער פּוילישער הערשאַפט איז ווידער באַנייט געוואָרן דער „מאכל כשר" אין באַראַנאָוויטש, און געווען טעטיק אַ סך יאָרן).

### ב. „בקור חולים"

בערך אין די יאָרן 1893—1894 זענען פון האַרקאָוו אַריינגעפאָרן קיין באַראַנאָוויטש צוויי שוועסטער פון דער אָנגעזעענער משפחה האָווקין. איינע פון זיי איז געווען די פרוי פון פּאַדריאַטשיק רומקין, די צווייטע האָט שפּעטער חתונה געהאַט מיט דעם דענטיסט טשערניכאָוו. אינטעליגענטע פרויען מיט זעלטענע מידות, שטאַרק באַליבט אין שטעטל פאַר זייער הילף־גרייטקייט און גוטער באַנעמונג צו דער אָרעמער באַפעלקערונג. זייער לעבהאַפטיקע פילאַנטראָפּיש־ און געזעלשאַפטלעכע אַרבעט איז געווען ממש צו באַוואונדערן. מיט לייב און לעבן האָבן זיך די ביידע שוועסטער געוואָרפן אין דער אַרבעט און באַוויזן אין אַ קורצער צייט צו קאָנצענטרירן אַרום זיך אַן ענגן קרייז פון באַגייסטערטע מיטאַרבעטערינס.



אַקושערין האָווקינאַ־טשערניכאָוו

די הויפּט־טוערין איז געווען פרוי האָווקין. זייענדיק פון באַרוף אַ דיפּלאָמירטע אַקושערין און אַ גענייטע קראַנקן־שוועסטער, האָט זי גוט געקאָנט די נויט און באַדערפעניש פון די אָרעמע קראַנקע. מיט דער הילף פון איר שוועסטער, וועלכע איז געווען אַן אויסגעצייכנטע אָרגאַניזאַטאָרין, איז איר געלונגען צו שאַפן די וויכטיקע אגודת נשים „בקור חולים".

די ערשטע ידיעה וועגן דער טעטיקייט פון פרוי האָווקין געפינען מיר אין „המליץ" פון יאָר 1895, נומער 283:

„...העלמה המילדת מרת חאווקין יסדה אגודת נשים להמציא עזר להיולדות העניות, לכלכל אותן בכל דבר מחסורן. יהי שמה מבורך!"

די אויפגאַבע פון „בקור חולים" איז געווען צו זאָרגן פאַר אָרעמע קראַנקע און העלפן זיי מיט אַלעם נויטיקן: אַ רופא, רפואות, מעדיציניש־ע מכשירים, אייז, און אָפטמאָל אויך מיט מזומן און פאַרשידענע שפּייז־מיטלען. אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמ־קייט איז געווידמעט געוואָרן דער אָרעמער קימפּעטאָרין.

„מאין בית־חולים תקדשנה נשים צעירות ועדינות את עתותיהן לגבות בסירוגין את הנדבות לבקור־חולים והן עוסקות בצרכי החולה, להביא את הרופא, לתת לו סמי מרפא ובשר ויין להבריאו ולהשיבו לאיתנו".[1]

די אַרבעט פון דער אגודה איז געווען זייער באַשווערט מחמת דאָס פעלן פון אַ דאָקטאָר מיט האַרץ פאַר אַ יידישן קראַנקן. אָבער נאָך לאַנגע באַמיִונגען און שתדלנות איז מיט דער צייט געלונגען אַראָפּצוברענגען אַ יידישן דאָקטאָר מיטן נאָמען מאַרגאַלין, וועלכער האָט אָפילו געהאַט גענוג קאַפּריזן, אָבער מען איז מיט אים ווי עס איז דורכגעקומען. אַ באַזוך ביי אַ קראַנקן האָט באַטראָפן 15 קאָפּיקעס. אַ טייל פון רפואות און מכשירים האָט צוגעשטעלט אַן אָרטיקע קראָם פון אַפּטייק־אַרטיקלען. די איבעריקע רפואות האָט מען געמוזט באַשטעלן אין אַפּטייק פון פּראָוויזאָר טעץ.

די נויטיקע מיטלען אויף אויסצוהאַלטן דעם „ביקור חולים" זענען געקומען פון אַ שטענדיקן וואָכגעלט, וואָס איז געזאַמלט געוואָרן צווישן דער יידישער באַפעלקערונג, און פון פאַרשידענע זאַמלונגען אויף שמחות. אין די שפּעטערדיקע יאָרן, זענען דער וואָכגעלט און די אַנדערע הכנסות באַדייטנדיק געשטיגן.

ביידע שוועסטער זענען נאָך אַ לאַנגע צייט געשטאַנען אין שפּיץ פון דער אגודת נשים און פלייסיק דיריגירט מיט איר טעטיקייט. אין יאָר 1897 געפינען מיר צווישן די אַקטיווע טוערינס פון „בקור חולים" אויך די פרוי באַראַנאָוויצקי.

„...גם יש בה חברה „בקור־חולים" שנתיסדה על ידי נשים ועלמות כבודות. המיסדת היתה הגברת חאווקין ועתה המנצחת על החברה היא האשה באראנאוויצקי".[2]

די משפחה רומקין האָט פאַרלאָזט באַראַנאָוויטש נאָך דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה. די פרוי חאווקין־טשערניכאָוו האָט פאַרנומען אַ בכבודיקן אָרט אויך אין דעם געזעלשאַפטלעך־קולטורעלן לעבן פון דער שטאָט, און האָט זיך געשיידט מיט באַראַנאָוויטש פאַרן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

### ג. „תלמוד תורה"

ווי געזאָגט, איז די דערציונג אין באַראַנאָוויטש געלעגן אין די הענט פון פּריוואַטע מלמדים. אַ סך אָרעמע עלטערן האָבן נישט געהאַט קיין מיטלען אויף צו שיקן זייערע קינדער אין פּריוואַטע חדרים. אין די הערצער פון יידישע עסקנים האָט ביסלעכווייז אָנגעהויבן אַריינצודרינגען אַ טיפע זאָרג פאַר אָרעמע קינדער,

[1] ישעיה בערקמאַן: „המליץ". 1899 (נומער 139).
[2] יוסף גבריאלוב: „המליץ", 1897 (נומער 171).



וואָס האָבן זיך אַרומגעדרייט פּוסט און פּאַסט אין די גאַסן. עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן אַ „תלמוד תורה" (אין יאָר 1894).

דער הויפּט־איניציאַטאָר און גרינדער איז געווען אַ ייד מיטן נאָמען צבי יערוזאַלימסקי — באַקאַנט אין שטאָט אַלס הירש צירינער, — אַ חשובער בעל־הבית און אָנגעזעענער עסקן, אַ גרויסער למדן און ירא שמים; איינער פון די ערשטע תושבים פון יונגן ישוב. אַריינגעפאָרן קיין באַראַנאָוויטש פון שטעטעלע צירין, געהאָלפן בויען דעם „אַלטן בית־המדרש", אין וועלכן ער איז געווען דער גבאי און בעל־תפילה. באַליבט אין שטאָט. יעדן פאַר פסח ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה פלעגט מען אים זען צוזאַמען מיטן רב „גיין איבערן שטאָט" זאַמלען געלט אויף מעות חטים, און ער אַליין פלעגט דאָס צעטיילן צווישן די אָרעמע און באַדערפטיקע. ווען דער אַלטער רב ר' חיים לייב זצ"ל האָט נישט געהאַט דעם צוגעזאָגטן נדן אויף חתונה צו מאַכן זיין טאָכטער ~~חיה בלומה~~ פאַרן צוקונפטיקן באַראַנאָוויטשער רב ר' דוד ווייצל, איז עס ווידער געווען ר' הירש צירינער, וועלכער האָט צונויפגעזאַמלט נישט נאָר דעם נדן, נאָר אויך געדעקט די הוצאות פון דער חתונה.

מיט לייב און לעבן איז דער מענטש געווען איבערגעגעבן דער „תלמוד תורה", אין שפּיץ פון וועלכער ער איז געשטאַנען כל ימי חייו. אַ זעלטענע מסירות און איבערמענטשלעכע כוחות האָט ער אַריינגעלייגט אין דעם אַנשטאַלט, וואָס האָט אַזוי שווער זיך געראַנגלט פאַר זיין קיום. אין אָנהויב פלעגט ער אַליין דינגען די חדרים און קלייבן געלט אויף שכר־למוד פאַר די מלמדים, אָפט דעקן די דעפיציטן פון זיין אייגן געלט.

געהייסן האָט עס כלומרשט „תלמוד תורה", אָבער אין דער ווירקלעכקייט זענען עס געווען געדונגענע חדרים ביי עטלעכע מלמדים, וועלכע פלעגן יעדן פרייטיק נאָכמיטאָג אויך אַליין דאַרפן אָפּשלאָגן די שוועלן פון די בעלי־בתישע הייזער, כדי אויפצוזאַמלען זייער מאָגערן שכר־למוד, וואָס האָט באַטראָפן פון 3 ביז 5 רובל אַ וואָך.

די ערשטע אָפיציעלע ידיעה וועגן דער עקזיסטענץ פון אַ „תלמוד תורה" אין באַראַנאָוויטש געפינען מיר אין „המליץ" פון 1897 (נומער 171). אין אַ קאָרעספּאָנדענץ פון באַראַנאָוויטש שרייבט י. גבריאלאָב צווישן אַנדערן:

„...יש בהם גם בית תלמוד תורה, אשר ארבעים ילדים לומדים בו ומתנהג ככל בתי הת"ת בערינו הקטנות".

טראָץ דעם וואָס די אָרטיקע באַפעלקערונג האָט זיך תמיד וואַרעם אָפּגערופן אויף יעדן רוף פאַר צדקה און אונטערשטיצונג, זענען די געלטער, וואָס מען האָט געזאַמלט פאַר דער „תלמוד תורה", שטענדיק געווען בצמצום. און דאָך האָט זי קיינמאָל נישט אָפּגעשטעלט איר טעטיקייט.

די געדונגענע חדרים האָבן נישט אָנטשפּראָכן די מינימאַלסטע היגיעניש־ע פאָדערונגען. אַ סך קינדער צוזאַמענגעפּרעסט אין אַן אומבאַקוועמע און ענג צימערל, אָן לופט און אָן שיין. און געלערנט האָט מען לויט דעם אַלטן צוריקגעשטאַנענעם נוסח.

אַ קורצע אָפּשאַצונג וועגן דער טעטיקייט פון הירש צירינער אין דער „תלמוד תורה" לייענען מיר אין „המליץ" פון 1899 (נומער 139). עס שרייבט ישעיה בערקמאַן:

„...וכמו בעיר גדולה ישנם גם פה מפלגות שונות, ורובם ככולם ישכילו אל דל להמציא לו טרף לרעבון ביתו על ידי חברת „חונני דלים" וחנוך טוב לבניו, אשר על זה ראוי לתודה ולתהלה הנכבד ה' צבי יערוזאלימסקי, המקדיש את רוב עתותיו לטובת החנוך אשר מחסרון בית „תלמוד תורה" ישכור מלמדים טובים להועיל, ועד אשר תקבצנה הנדבות השנתיות יוציא מכספו לשכור מורים וחדרים מאין".

אין „המליץ" פון 1900 (נומער 222) שרייבט דער באַוווּסטער ציוניסטישער מטיף הרב י. י. ניסנבוים אונטערן פסעוודאָנים „יהודי" צווישן אַנדערן:

„...המצב החמרי של בני העיר, שרובם חנוונים ואומ־נים, לא ברע. שתי התחנות של מסלת הברזל ואנשי חיל הרבים הנמצאים בעיר ממציאים פרנסה הגונה ולעדה הישראלית יש כל צרכיה הצבוריים: „תלמוד תורה", „בקור־חולים", „מאכל כשר" ושאר חברות הצדקה.

מה שקוראים „תלמוד תורה" — הוא שלושה חדרים בשלשה בתים מיוחדים ובכל חדר מלמד אחד המקבל שכרו משלשה עד חמשה רובל לשבוע, ושכרו זה הוא מקבל רק אחרי סבבו בכל יום הששי על פתחי בני העיר ומקבץ את „פרוטות השבוע". הפרוטות האלה אינן מספיקות לכל צרכי ה„תלמוד תורה", ובני העיר עומדים מרחוק ומחכים לביאת המשיח, כי אחד משני הסימנים ישנו תמיד למראה עיניהם: הפרוטה כלתה מן הכיס של המלמדים בכל ימות השבוע ועד שישיגוה ערב שבת עם חשיכה כבר „כלו הנשמות שבגוף". אך גבאי אחד יש להת"ת המקדיש להמוסד הזה מיטב כחותיו והוא ממלא את החסרון, וכחמשים תינוקות שומעים לקח מהקריאה העברית עד הגמרא. מובן מאליו, כי לפים אגרא מלמדו ונוכל גם להבין עד היכן מגעת ידיעת התלמידים.

אמנם ישנם בב—ץ החושבים כי על הבל פיהם הם העולם עומד, והאמת ניתנה להאמר כי הבלם באמת גדול עד יוכל להיות יסוד אם לא לעולם כולו לפחות לחצר אחת, ולכן פטורים הם מלהחזיק בידי „הבל פיהם של תינוקות בבית רבם".

בכל זאת עוד ישנם בה גם אנשים היודעים ערך „תלמוד־תורה" בישראל וחרפה היא להם להעלים עינם מהדבר הגדול הזה. מבני העשירים תצא בודאי התורה וידה על ראשה. ו„בעלי הבתים" הלא אוהבים תמיד לחקות את מעשי ה„עשירים" ובפרט בדברים הפוטרים מלתת כסף. ואם לא נשים לב אל „בני העניים" כי תצא מהם תורה, אז אנה אנחנו באים!"

אויף דער שוועל פון נייעם יאָרהונדערט איז שוין אין באַראַנאָ־וויטש געווען טעטיק די אגודת־הציונים, וואָס האָט אין אַ גרויסער מאָס אָנגעהויבן באַאיינפלוסן דאָס קולטורעלע לעבן אויף דער יידישער גאַס. איר השפעה איז טאַקע באַלד געקומען צום אויסדרוק אין די פאַרשידענע אויסבעסערונגען, וואָס זענען אַריינגעבראַכט געוואָרן אין דער „תלמוד תורה" סיי אין דעם נוסח פון לערנען סיי אין די היגיענישע באַדינגונגען.

אין „הצפירה" פון יאָר 1900 (נומער 99) שרייבט מ. אלכא:

„...בהשתדלות הג' הנכבד ה' זימל מינץ, מורשה הועד הפלשתנאי באודיסה, והעורך־דין ה' אדלר, נוסדו בה שתי אגודות: „בני ציון" ו„בנות ציון". האגודות האלו הפיחו רוח חיים בכל ענפי הצדקה והחסד אשר בעיר. בית „התלמוד תורה" לחנוך בני העניים שהיה פרוע מאד לשמצה עד כה, שונה לטוב בעזרת הציונים שכוננהו בדמות „חדר מתוקן". מלבד התלמוד שילמדו בו מלמדים קבועים, מומחים לאותו דבר, יטיפו שם לקחם מורים מובהקים (שלא על מנת לקבל פרס) שלש שעות ביום וילמדו את החניכים בני העניים כתוב שפת־עבר ושפת המדינה, ומנהלים חרוצים ישגיחו על האחרונים הליפות. ויש אשר ילבישום וינעילום".

אין „הצפירה" פון יאָר 1901 (נומער 253) שרייבט ב. ראבינאוויץ:

„...מצב עדתנו המוסרי בכלל — במדרגה גבוהה מוס־דים רבים למעשה הצדקה והחסד מתקיימים בזה כמו: ת"ת, גמ"ח, מאכל כשר, אגודת ציונים, לינה"צ של נשים ועוד.

אכן, בית האלפנא „תלמוד תורה" ראוי להזכר לשבח כראש וראשון למפעלי החסד אשר בזה. אל הבית הזה יספחו ילדי עוני, יתומים עזובים לחנכם בדרך תורה והשכל. מספר החניכים עולה למאה וחמשים נפש הנחלקים למפלגותיהם, איש איש לפי כשרונו ומדרגת ידיעתו. חדרי הלימוד גדולים ומרווחים וערוכים לפי חוקי ההיגינה. מורים מומחים גדולי התורה הופקדו להטיף שיעוריהם והרה"ג אב"ד דמתא ועוד אחרים מטובי העדה ונכבדיה מנהלים את עניני בית האלפנא. מלבד גפ"ת ילמדו לחניכים שפ"ק, תנ"ך ודברי ימי ישראל מזמן ספרי הקדש".

און דאָך איז נאָך לאַנג נישט געווען קיין אייגענער בנין פאַר דער „תלמוד תורה". ערשט אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט ר' הירש צירינער געקויפט אַ שטיבל, וואָס איז געשטאַנען אויפן פּלאַץ הינטער דעם גרויסן בית־המדרש, און די „תלמוד תורה" האָט באַקומען אַן אייגן ווינקעלע. די שטאָט איז אָבער מיט דער צייט געוואָרן גרעסער, די צאָל תלמידים האָט זיך גיך פאַרמערט, און דער קליינער בנין איז וואָס ווייטער געוואָרן אַלץ קלענער און ענגער.

אין באַראַנאָוויטש האָט דעמאָלט געוווינט אַ פרוי מיטן נאָמען וואליע יאסעלעוויטש ע"ה, די מוטער פון די ברידער: יונה, לייב, משה און יבדל לחיים אהרן יאסעלעוויטש, וועלכער געפינט זיך אין ישראל. זיי האָבן געשטאַמט פון דאָרף בערעזאווקע, נישט ווייט פון באַראַנאָוויטש, און דערפאַר האָט מען זיי אין שטאָט גערופן „די בערעזאווקער". די פרוי האָט מנדב געווען 400 רובל.

אַ צווייטער באַראַנאָוויטשער תושב מיטן נאָמען אליהו שוויר־ראנסקי (מען האָט אים גערופן עליע קראסנאיער, ווייל ער האָט געשטאַמט פון דאָרף „קראַסנאָיע"), האָט מנדב געווען עטלעכע הונדערט רובל אויף בויען אַ „הכנסת אורחים".

האָט מען די געלטער פון ביידע מנדבים צוזאַמענגעלייגט און אויסגעבויט אויפן זעלבן פּלאַץ אַ גרויסע שטוב, אין וועלכער ס'איז געווען אַ „תלמוד תורה" און אויך אַ „הכנסת אורחים".

ר׳ הירש צירינער איז געשטאַנען בראש פון דער ת״ת ביז ס׳איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה, און ער איז אַוועק קיין רוסלאַנד. נאָך דער מלחמה איז ער געקומען צוריק קיין באַראַנאָוויטש, אָבער שוין געווען שוואַך און קראַנק און ער איז אין אַ קורצער צייט אַרום נפטר געוואָרן. זיין נאָכפאָלגער איז געווען ר׳ חנן לייב פייגמאַן, וועלכער האָט ווייטער געזאָרגט פאַר דער „תלמוד תורה" מיט דער הילף פון ר׳ זימל קושניר און חייקל דער סופר.

## ד. דער „גרויסער בית־המדרש" („ביהמ״ד הגדול")

אין יאָר 1894 איז שוין אויף מינסקער גאַס (שקאָלנע) געשטאַנען דער סקעלעט פון „גרויסן בית־מדרש". דער אַלטער ביהמ״ד — כמעט דער איינציקער וואָס דאָס שטעטל האָט דעמאָלט פאַרמאָגט — איז שוין געווען צו ענג אויפצונעמען די פאַרגרעסערטע צאָל מתפללים. דער בנין איז אָבער אַ לענגערע צייט געבליבן שטיין נישט פאַרענדיקט.

די נויטיקע מיטלען האָבן נישט געפעלט, ווייל באַראַנאָוויטשער יידן פלעגן אויף צדקה און קדושה־זאַכן געבן מיט אַ ברייטער האַנט. גאָר פשוט, דער פלאַן איז נישט געווען קיין ריכטיקער, ער האָט נישט נושא חן געווען ביי עטלעכע בעלי־בתים; ווייל לויטן פלאַן האָט דער בנין באַדאַרפט האָבן פיר ווענט, און די בעלי־בתים האָבן געהאַלטן, אַז ער דאַרף האָבן בלויז איין וואַנט — אַ מזרח וואַנט. צוליב דעם איז אויסגעבראָכן אַ גרויסע מחלוקת, און דער גאַנצער ענין איז געבליבן הענגען אין דער לופט.

אַ בייזער צופאַל האָט גורם געווען, אַז די צדדים זאָלן צווישן זיך מאַכן שלום.

געשען איז עס אין יאָר 1895, דעם צווייטן טאָג פסח. אַ באַנדע שיכורע כוליגאַנעס האָט זיך פאַרגלוסט מאַכן אַ ביסל פריילעך. זיי האָבן איבערפאַלן יידישע דורכגייער, געבראַכן שויבן און געאַרבעט מעשים. אויפן אָרט איז באַלד אָנגעלאָפן אַ גרויסער עולם פון קרעפטיקע יידישע בחורים, און די שכורים האָבן באַקומען די ריכטיקע מכות־רצח. די שלעגעריי איז פאַרגעקומען גראָד נעבן אַלטן בית־המדרש, בעת ער איז געווען פול מיט מתפללים.

אויפן אָרט איז באַלד אָנגעקומען דער פאַרשטייער פון דער אָרטיקער מאַכט, דער אוריאַדניק מיט זיינע אַלע באַגלייטער, און דאָס איינציקע וואָס ער האָט באַוויזן אויפצוטאָן איז געווען — פאַרחתמענען די סינאַגאָגע; כלומרשט, מען האָט אין איר געדאַוונט אָן אַ דערלויבעניש פון דער מאַכט... (אַן ענלעכע שלעגעריי לעבן בית־המדרש איז פאַרגעקומען מיט עטלעכע יאָר צוריק, דעם ערשטן טאָג ראש השנה).

און אָט וואָס מיר לייענען אין „המליץ" פון 1895 (נומער 89) וועגן דער געשיכטע פון ביתהמ״ד הגדול:

„...בעירנו יושבות יותר מארבע מאות משפחות מאחינו בני ישראל, ובכל זאת — רק בית־תפילה אחד להם, אשר לא יכיל בקרבו גם החלק השלישי מיושבי העיר, ועתה גם „בית מקדש מעט" זה אבד מהם, כי ביום שני של פסח בא שר העיר ויניח חותם צר על דלתיו, יען כי עוד טרם קבלו עליו הרשיון מאת שר הפלך.

זה כשנה ומחצה שהחלו אמנם לבנות פה בית־תפילה גדול ורחב ידיים, אך עד היום לא נבנה גם עד החצי, ובני עירנו נותנים וחוזרים ונותנים לכל דבר שבקדושה, אך בטלו את בנינו מפני תכנית הבית שיש לו — ארבעה כתלים, ובני עירנו חפצים כי יהיה בו רק כותל אחד — כותל מזרחי... כל אחד ואחד חפץ ש„מקומו" יהי אך ורק בכותל מזרחי, ומבלי יכלת להתפשר גמרו שלא לבנותו עוד.

והנה עתה עורר המקרה הזה את אנשי עירנו לטכס עצה על דבר בית־התפילה החדש, ובו ביום אספו אספה. אך לא החליטו דבר מלבד — להתאסף עוד פעם לאספה!.."

ס׳איז געוואָרן אַ גרויסער ויצעקו: „סטייטש, וואָס הייסט פאַרשליסן אַ בית־מדרש, און נאָך אין דער צייט פון פסח!" — די קהל׳שע טוער זענען אַרומגעלאָפן ווי „פאַרסמטע מייז". דער טומל איז געוואָרן אַזוי גרויס, אַז דער אוריאַדניק אַליין האָט זיך דערשראָקן. ער איז זיכער געווען צופרידן, וואָס מען איז מיט אים גיך „דורכגעקומען" און די יידן האָבן געקענט פראַווען זייער „פראַזדניק" (יום־טוב).

אָבער דער ענין האָט זיך נישט גערירט פון אָרט, די מחלוקת האָט זיך געצויגן ווייטער. ווען און ביי וואָסערע אומשטענדן זי האָט זיך געענדיקט, איז שווער פעסטצושטעלן. מיר ווייסן נאָר, אַז אין צוזאַמענהאַנג מיט די זאַמלונגען ביי די ציוניסטישע קערות דערשיינט דער נאָמען „ביהמ״ד הגדול" צום ערשטן מאָל ערב יום־כפור תרנ״ח (1897).[1]

צווישן די הויפּט־איניציאַטאָרן פון גרויסן בית־המדרש זענען געווען: זימל מינץ, יעקב שימשעלעוויטש, יחיאל ראַבינאָוויטש, רדז שערעשעווסקי, יונה אראנער (אשמיאנסקי), ניסן גאָלדבערג, לויק רוטקאָוויטש, שלום רומקין, מאיר שעניצקי, אברהם קלוגסבערג, יעקב משה פיקעלני, דוב קורכין, ר׳ הירש צירינער א. א. באַזונדערס דאַרף דערמאָנט ווערן ר׳ אברהם מיטראָפּאָליטאַנסקי, וועלכער האָט אַ סך כוחות אַריינגעלייגט אין דעם דאָזיקן בנין. פאַר זיין טויט האָט ער נאָך באַוויזן צו שענקען אַ ש״ס פאַרן ביהמ״ד.

דער שמש האָט געהייסן יצחק ראַדעס (איטשע דער שמש), דער בעל־קריאה איז געווען אהרן איטשע דער מלמד, דער חזן — משה יוסף מרדכי ראַבינאָוויטש.

## ה. דער „בעל־מלאכה׳שער בית־המדרש" („פועלי צדק")

אין דער צייט ווען עס זענען פאָרגעקומען די צאָלרייכע אסיפות מכוח אויסענדיקן דעם בנין פון ביהמ״ד הגדול, האָבן די בעלי־מלאכות צוגעטרעטן צו בויען זייער אייגענעם בית־תפילה. אין משך פון אַ קורצער צייט איז אויף מינסקער גאַס, פונקט אַנטקעגן דעם סקעלעט פון גרויסן ביהמ״ד, שוין געשטאַנען דער בנין, וואָס איז געווען באַקאַנט אונטערן נאָמען „בעל־מלאכה׳שער בית־מדרש". ער איז געווען ווייט פאַררוקט אין הינטערגרונט פון גרויסן פלאַץ, וואָס דער גראַף האָט געגעבן אַלס מתנה פאַר דעם צוועק.

צווישן די הויפּט־איניציאַטאָרן פון דעם ביהמ״ד איז געווען ר׳ יעקב יודקאָווסקי. דערפאַר איז ער ביז זיין טויט געווען דער

[1] „המליץ" א׳ שבט תרנ״ח (1898, נומער 9).

הויפּט־גבאי, און קיין זאַך איז דאָרט נישט געטאָן געוואָרן אָן זיין וויסן און דעה.

נאָך דער פּטירה פון אַלטן רב ר׳ חיים לייב זצ״ל, ווען זיין איידעם און נאָכפאָלגער יבדל לחיים האָט זיך געניויטיקט אין אַ דירה פאַר זיין משפּחה און פאַר דער אַלטער רביצין מיט אירע קינדער, האָט ה׳ יודקאָווסקי געפּועלט ביי זיינע גבאים און מתפּללים, מען זאָל פאַרן רב אָפּשרייבן אַ חלק פון דעם פרייען פּלאַץ אין פראָנט צו שקאָלנע גאַס און וואָס האָט געהערט צו זייער בית־מדרש. מיט דער הילף פון גבאי פון דער גרויסער שול ר׳ אברהם יצחק אבראַ־מאָוויטש און די בעלי־הבתים ר׳ לייב יאָשע קאַפּלאַן, ר׳ יצחק אהרן סטרעלאָווסקי און ר׳ משה סנאווסקי, האָט ער צוזאַמענגעבראַכט די נויטיקע געלטער אויף אויסצובויען דעם בנין פון רב׳ס שטוב (אין יאָר תרנ״ט). אַ דאַנק דעם, האָט דער רב געהאַט אַן אייגן הויז אין צענטער פון שטאָט, אַנטקעגן דעם גרויסן בית־המדרש, וווּ ער האָט תמיד געדאַווענט. דאָס איז געווען באַקוועם סיי פאַר אים און סיי פאַרן קהל.

צום ערשטן מאָל ווערט דערמאָנט דער נאָמען ביהמ״ד „פּועלי צדק״ ביי די קערות עיוה״כ תרנ״ז (1896).[1]

אין די ערשטע יאָרן פלעגן דאָ דאַווענען נישט נאָר בעלי־מלאכות און קצבים, נאָר אויך אַ היפּש ביסל אָנגעזעענע בעלי־בתים, וואָס האָבן צוליב פאַרשידענע טעמים נישט געפונען „זייער אָרט״ אין אַנדערע בתי־מדרשים. דער „בעל־מלאכה׳שער בית־מדרש״ איז נישט געווען אַזוי גרויס און רוימיק ווי דער וואָס איז געשטאַנען אנטקעגן אים, אָבער דערפאַר איז ער געווען היימישער און אינטימער. אין אים האָבן תמיד געפונען אַ וואַרעם ווינקל אַ חברה ש״ס און אַ חברה משניות, און אַרום זיי האָט זיך גרופּירט א גרויסער קרייז פון לומדישע בעלי־בתים, — די רעליגיעזע אינטעליגענץ פון שטאָט. פאַרשטייט זיך, אַז עס האָט זיך דאָרט אויך געשאַפן אַ געזעלשאַפטלעכע אַטמאָספער, וווּ מען פלעגט באַטראַכטן פאַרשידענע פראַגן פון קהלשן לעבן. דאָ האָט אויך געהאַט איר שטענדיקן זיץ־אָרט די ערשטע ישיבה, וואָס איז געווען באַקאַנט אַלס „פייטל־איסרס ישיבה״.

די בעלי־מלאכות, ווידער, האָבן אַזוי אַרום געהאַט אַ וויכטיקן צענטער, פון וועלכן זיי האָבן געצויגן זייער השפּעה אויפן גאַנג פון קהל׳שן לעבן.

## ו. „גמילות חסד״

אין יאָר 1897, נאָך דער פּטירה פון חשובן עסקן ר׳ אברהם מיטראָפּאָליטאַנסקי, האָבן זיינע זין אליעזר און יצחק, צוזאַמען מיט די איידעמס אַדוואָקאַט גורוויטש און יבדל לחיים צבי איזיק־זאָן, באַשלאָסן צו גרינדן אין באַראַנאָוויטש אַ ליי־קאַסע מיטן צוועק צו העלפן דעם נויטבאַדערפטיקן בעל־מלאכה און געדריקטן קרעמער מיט אָן־פּראָצענטיקן קרעדיט, און וואָס זאָל אויף אַזאַ אויפן פאַראייביקן דעם נאָמען פון נפטר.

די איניציאַטיוו צו גרינדן אַזאַ אינסטיטוציע איז אַנטשטאַנען אין דעם שטענדיקן מנין, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין

[1] „המליץ״, כ״ה אלול תרנ״ז (1897, נומער 206).

הויז פון די אבלים. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ פאָנד פון די געלטער, וואָס האָבן אַריינגעטראָגן די יורשים און די מתפּללים פון מנין בסך 200 רובל על מנת להחזיר לכשירחיב. אַ לאָטעריע לטובת דער קאַסע האָט אַריינגעבראַכט אַרום 70 רובל.

די קאַסע האָט אָנגעהויבן איר טעטיקייט אונטערן נאָמען „משכיל אל דל״. די הכנסות זענען געקומען פון פאַרשידענע זאַמ־לונגען און פון אַ שטענדיקן וואָכער, וואָס האָט אויסגעמאַכט 7—8 רובל אַ וואָך.

וועגן דער וויכטיקייט פון אַזאַ הילפס־אינסטיטוציע ביי דער עקאָנאָמישער לאַגע פון יענע יאָרן איז איבעריק צו ריידן. זי איז געווען אַ רעטונג פאַר צענדליקער פאַמיליעס. די קאַסע האָט אין אַ גרויסער מאָס אַרויסגעהאָלפן דעם אָרעמען בעל־מלאכה און קרע־מער, און איז אַ לענגערע צייט געווען זייער פּאָפּולער. הלוואות פלעגן געגעבן ווערן ביז 10 רובל אויף אויסצוצאָלן איין רובל אַ וואָך, אָן פּראָצענט.

וועגן דער עקזיסטענץ פון „גמילות חסד״־קאַסע געפינען מיר עטלעכע שורות אין „הצפירה״ פון 1901 (נומער 253):

„.... המפעל גמ״ח משפיע ברכה רבה במתן מלוות כסף לעניים בעבוט בלי כל רבית, לשלם לשיעורין במניות קטנות״.

אין די נישט־רוהיקע יאָרן האָט מען זיך משתדל געווען, לויט דער עצה פון אָרטיקן פּריסטאַוו, צו לעגאַליזירן אַלע פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס. אין יאָר 1903 האָט מען ענדלעך באַקומען די רעגי־רונגס באַשטעטיקונג פאַר דער „גמילות הסד״־קאַסע און אויך פאַרן „לינת הצדק״.

נאָך דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה זענען די באַדערפעני־שן פון בעל־מלאכה און קרעמער געוואָרן קלענער, דאַקעגן איז די צאָל געדריקטע און קראַנקע געוואָרן גרעסער. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ מתן בסתר. טראָץ די באַפרידיקנדיקע רעזולטאַטן פון דער אַרבעט, האָבן זיך אין שטאָט געלאָזן הערן סתירות׳דיקע מיינונגען וועגן דער טעטיקייט פון דער קאַסע, און דאָס האָט גורם געווען גרויסע רייבונגען און מחלוקות.

אין 1907 איז די טעטיקייט פון דער חברה אויסגעלאָשן געוואָרן. די ביכער מיט די צעטלעך און אינווענטאַר, זענען דורך דער פאַרוואַלטונג איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פון רב.

## ז. „לינת הצדק״

נישט קוקנדיק אויף דער פאַרבעסערונג פון דער עקאָנאָמישער לאַגע און טראָץ וואָס דער וואָכער און די אַנדערע הכנסות זענען כסדר געשטיגן, — איז די אַרבעט פון „בקור חולים״ וואָס ווייטער געוואָרן שוואַכער. באַראַנאָוויטש איז געוואָרן אַ סך גרעסער און עס האָט זיך פאַרמערט די צאָל חולים. עס האָט זיך געפילט אַ מאַנגל אין כוחות, וואָס זאָלן פאַרברייטערן און אויסבעסערן די ראַמען פון פילאַנטראָפּישער הילף פאַר אָרעמע קראַנקע, — און דאָס האָט זיך אָפּגערופן אויף דער טעטיקייט פון „בקור חולים״ און געשטעלט זיין ווייטערדיקן קיום אין אַן ערנסטער סכנה.

אין יאָר 1899 איז דורך דער איניציאַטיוו פון די פרויען חאווקין, מינץ, שימשעלעוויטש און פאלאנסקי, און מיט דער הילף פון די „בנות ציון״, פאָרגעקומען אַ גרינטלעכע רעאָרגאַניזאַציע אויפן

געביט פון ערטיילן הילף אָרעמע קראַנקע. עס איז געגרינדעט געוואָרן אַן אגודה „לינת הצדק״, וועלכע האָט איבערגענומען אַלע אויפגאַבן פון דער פריערדיקער חברה „בקור חולים״.

אין „הצפירה״ פון 1901 (נומער 154) שרייבט ב. ראַבינאָוויץ וועגן דער טעטיקייט פון „לינת הצדק״:

„...אגודת לינת הצדק שנוסדה בזה לפני שנים אחדות בעמל הנציבות הכבודות: מינץ, פאלאנסקי, חאווקין, שימ־שעלעוויץ והצעירות בנות ציון העוזרות על ידיהן, הולכת הלוך והתפתח. מטרת האגודה היא לתת עזרה ותמיכה לחולים מדלת העם, לשלוח להם רופא ולהספיק למו כל צרכיהם עד שובם לאיתנם, הכל על חשבון האגודה. מלבד זה מושיטה האגודה עזרה למשפחות עניות בכסף מזומן, שכר למניקות ילדי עניים ועוד.

אכן על אחת הנני להעיר בזה את המנהלות הכבודות על חסרון בית מיוחד לחולים במחלות מתדבקות או חולים סתם אשר מפאת מעונם הצר והאויר המחניק השורר בו אין הם יכולים להרפא רפואה שלמה, ולא עוד, כי מצבם הרע מועיל הרבה להתפתחות המחלה לבל תרפה מהם.

הן כסף לא יחסר להן, גם כשרון ואומץ רוח יש להן למדי לפעול ולעשות טוב וחסד אלא דרוש לזה אך חפץ ורצון. והיה במנותן את החסרון הזה ושכרו מעון מיוחד בעד החולים המתגלגלים תחת שואה בבתי אפל ועשו בזה חסד גדול עם החולים גם עם הבריאים״.

ווי מיר זעען, האָט דאָס פעלן פון אַ שפּיטאָל פאַרשאַפט אַ סך ליידן און פּיין דער אָרעמער באַפעלקערונג. די נויטווענדיקייט פון אַזאַ אַנשטאַלט איז געווען פון דרינגענדער וויכטיקייט.

אַזוי, למשל, געפינען מיר אין „הצפירה״ פון יאָר 1896 (נומער 118) אַ קורצע נאָטיץ פון מ. א. שערעשעווסקי וועגן אַ נשף וואָס איז פאָרגעקומען אין באַראַנאָוויטש לכבוד דעם טאָג פון קרוינען דעם קיסר ניקאָלאַי דעם צווייטן. פון דער נאָטיץ איז צו זען, ווי וויכטיק עס איז געווען דאָס שאַפן פון אַ שפּיטאָל אין באַראַנאָוויטש. אָט וואָס דאָרט איז געשריבן:

„בשוק החדש ערכו בני עירנו משתה גדול לכבוד היום, והגראף ראזוואדאוו אשר כבדנו לבוא גם הוא אל המשתה והשמחה, נדב בית גדול להיות לבית חולים, אשר חסרונו מורגש בעירנו״.

עס איז שווער צו פאַרשטיין, פאַרוואָס דער שפּיטאָל איז נישט געגרינדעט געוואָרן אין משך פון אַזאַ לאַנגער צייט.

## אנהויב פון ציוניזם אין באראנאוויטש

ווען עס איז אין רוסלאַנד אַנטשטאַנען די באַוועגונג פון חובבי־ציון, האָט נאָך באַראַנאָוויטש אַלס ישוב נישט עקזיסטירט. אויך האָט די שטאָט נישט דורכגעמאַכט די שטורמישע עפּאָכע פון השכלה.

אין דער ערשטער העלפט פון די נייַנציקער יאָרן האָבן זיך געפונען יחידים, וואָס זענען באַאיינפלוסט געוואָרן פון דער נייער נאַציאָנאַלער באַוועגונג.

די ערשטע אָפיציעלע ידיעה וועגן אַ ציוניסטישער טעטיקייט אין אונזער שטאָט, דערווייל אין די ראַמען פון געלט־זאַמלונגען און שפענדונגען, געפינען מיר אין „המליץ״ פון יאָר 1897 (נומער 206), ווו עס איז פאַרעפנטלעכט אַ קורצע רשימה פון געלטער, וואָס זענען געזאַמלט געוואָרן אין די בתי־מדרשים „ביהת״פ״ און „פועלי צדק״ ערב יום כפור תרנ״ז (1896). די רשימה קוויטירט אויך אַ זאַמלונג וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אויף דער חתונה פון ה׳ יצחק יאסינאווסקי מיט רבקה טרעשצינסקי ט׳ טבת תרנ״ז.

אין „המליץ״ פון די קומענדיקע יאָרן, אָנהויבנדיק פון יאָר 1898, געפינען מיר שוין גענויערע פאַרצייכענונגען פון שפענדונגען, וואָס זענען געזאַמלט געוואָרן יעדן עיו״כ ביי די קערות, ווי אויך אויף פאַרשידענע שמחות און אַנדערע געלעגנהייטן [1]. אין די דאָזיקע רשימות איז אויסגערעכנט יעדער בית־מדרש און יעדער מנין, ווי אויך די נעמען פון אַלע מנדבים און די גענויע סכומים וואָס יעדער פון זיי האָט מנדב געווען. זיי אַנטהאַלטן אויך די נעמען פון אַ גאַנצער ריי אַקטיווע ציוניסטישע טוער, וועלכע האָבן די אַלע זאַמלונגען אָרגאַניזירט און דורכגעפירט. עס איז כדאי צו פאַרצייכענען די נעמען פון די דאָזיקע טוער, וועלכע האָבן אויסגעמאַכט דעם קערן פון דער ציוניסטישער טעטיקייט אין יענע יאָרן.

אַזוי, למשל, דערוויסן מיר זיך, אַז דער ערשטער מורשה פון די חובבי־ציון אין באַראַנאָוויטש איז געווען ה׳ זימל מינץ. ביי די קערות עיוהכ״פ תרנ״ח, תרנ״ט, תר״ס זענען געזעסן: יצחק יאַסינאָווסקי, משה ראַזווילאָווסקי, יחיאל מאַוושאָוויטש, מ. מ. טשערניכאָוו, אליעזר משה סימאַנאָוויטש (דער יערעמיטשער מל־מד), שלמה מילקאָנאָוויצקי, יצחק מעדניצקי, יהודה יערעמיצ־קי, יצחק סאַקיר, שלמה גאָלדבערג, אהרון ברוך רעזניק, שלמה שימשעלעוויטש, שאול שוואַרץ, דער אַפּטייקער יהודה לייב טעץ, חנן קאַנטאָראָוויטש און אַנדערע.

דאָס זענען געווען די ערשטע פּיאָנערן, וואָס האָבן געשטאַנען ביים וויג פון ציוניזם אין באַראַנאָוויטש.

ערשט אין יאָר 1898 האָט דאָ באַזוכט איינער פון די בעסטע מטיפים פון חובבי־ציון, וועלכער האָט געגרינדעט די „אגודת הציונים״ אין באַראַנאָוויטש, מיט זימל מינץ אַלס מורשה.

דער פאָטער פון זימל מינץ איז געווען אַ רייכער גוטבאַזיצער אין אָדוכאָווטשינע, לעבן באַראַנאָוויטש. נאָך דעם ווי די רוסישע מאַכט האָט ביי אים אַוועקגענומען דאָס גאַנצע אומבאַוועגלעכע פאַרמעגן, האָט דער זון בשום אופן נישט געוואָלט פאַרבלייבן צווישן גויים. ער איז אַריבער קיין באַראַנאָוויטש און געהאָלפן בויען דעם נייעם ישוב. געהאַט אַ פּאַפּיר־געשעפט אויף מאַרינסקע, ביי שלמה קולפיניצער אין הויז, וואָס האָט שפּעטער אָפּגעברענט. זיין געשעפט איז תמיד געווען אַ מין צונויפקום־אָרט פאַר די ציונים און פאַרשידענע עסקנים, וואָס פלעגן קומען צו אים אין קהל׳שע אָנגעלעגנהייטן. פאַרטרעטן שטענדיק די אָרטיקע „אגודת הציונים״ אויף ציוניסטישע צוזאַמענפאָרן און קאָנפערענצן. מיר געפינען אים צווישן די דעלעגאַטן פון דער ערשטער אַלרוסישער ציוניסטי־שער קאָנפערענץ אין מינסק אין יאָר 1898, און אויפן צווייטן ציוניסטישן ראַיאָן־צוזאַמענפאָר אין מינסק אין יאָר 1901. געשטאַנען

[1] „המליץ״, א׳ שבט תרנ״ח — 1898, נומער 9 ; ז׳ חשון תרנ״ט— 1898, נומער 222 ; ט״ז אייר תרנ״ט — 1898, נומער 84 ; ז׳ מרחשון תר״ס — 1899, נומער 211 ; כ״ג אלול תר״ס — 1900, נומער 200.

אנחנו חברי אגדת הציונים מפה. עיר באראנאוויץ פלך מינסק נותנים מתנה
נמטי אפריון למר אליעזר זאב בן ישעיו שלמה הלוי זוכאוויצקי
נין ונכד להגאון ישעיו מזוכאוויץ. על עסקו באמונה במשך ארבע
שנות שבתו פה בצרכי צבור בכלל ובעבודת הציונית בפרט. ובהיותו
גבאי אצלנו בבית תפלתנו ובמוסד הצדקה לינת הצדק וגזבר מקפת
אגדתנו עבד תמיד בחריצות ובמסירת נפש וויוקיר מאד את פרותי
הצדקה וידאג לטובת הענין כארם הדואג בעד עסקיו וקניניו. לזאת
יקבל עתה מאתנו תודתנו היוצאת ממעמקי לבנו וה׳ ישלם לו כפעלו
וכגמול ידו ישיב לו. על זה באנו על החתום היום יום ג׳ עשריב יום
לחדש מר חשון תרס״ד פה באראנאוויץ יע״א

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| א | נאום | [illegible] | נאום | [illegible] | טז |
| ב | נאום | [illegible] | נאום | [illegible] | יז |
| ג | נאום | [illegible] | נאום | [illegible] | יח |
| ד | נאום | [illegible] | נאום | [illegible] | יט |
| ה | נאום | | נאום | [illegible] | כ |
| ו | נאום | [illegible] | נאום | [illegible] | כא |
| ז | נאום | [illegible] | נאום | [illegible] | כב |
| ח | נאום | [illegible] | נאום | [illegible] | כג |
| ט | נאום | [illegible] | נאום | [illegible] | כד |
| י | נאום | זימל בר״ שמואל סוואַטיצקי המלייר הנז ואחד מעשרה הראשונים המיסדים אגדת הציונים דפה. | נאום | [illegible] | כה |
| יא | נאום | [illegible] | נאום | [illegible] | כו |
| יב | נאום | [illegible] | נאום | [illegible] | כז |
| יג | נאום | [illegible] | נאום | [illegible] | כח |
| יד | נאום | [illegible] | נאום | [illegible] | כט |
| טו | נאום | [illegible] | נאום | [illegible] | ל |

אַ דאַנק־בריוו פון דער אגודת הציונים אין באַראַנאָוויטש, אַרויס־
געגעבן אין תרס״ד (1904)

אין שפּיץ פון דער אַרטיקער „אגודת הציונים" ביז 1906, ווען ער איז מיט זיין גאַנצער משפחה אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע. געווען כל ימיו מיט לייב און לעבן איבערגעגעבן דעם ציוניזם. אין יאָר 1931 איז ער געקומען קיין ארץ־ישראל, ווו ער איז נפטר געוואָרן ט״ז מנחם אב תרצ״ו (1936) אין עלטער פון 76 יאָר. זיין מקום מנוחה געפינט זיך אויפן הר הזיתים אין ירושלים.

צווישן די גרינדער פון דער „אגודת הציונים" זענען אויך געווען: מ. מ. טשערניכאָוו, יעקב טשערניכאָוו, יצחק יאסינאָווסקי, זימל סוואַטיצקי, יחיאל מאָושאָוויטש, אַלטער לימאַן, נתן אדלער, משה ראַזווילאָווסקי, יעקב יודקאָווסקי, ישראל זלמן היילפּערין א. א.

צווישן די אַקטיווע ציונים ווערט באַזונדערס באַטאָנט דער נאָמען פון אַדוואָקאַט אַדלער. אין „המליץ" פון 1899 (נומער 139) לייענען מיר וועגן אים צווישן אַנדערן:

„...גם הרעיון הציוני הכה שורש בקרב כל המפלגות השונות בהשתדלות העורך־דין ה׳ אדלר, אשר ישא מדברותיו לפני ההמון בכל יומא דפגרא, ומתבל את דבריו היוצאים מן הלב בפסוקים ובמאמרי חז״ל להטות את לב השומעים אל הרעיון הנכבד, ודבריו יעשו פרי. על פי עצתו יסדו פה „בית־מקרא" עברי, אשר כל קורא ישיג בו את חפצו בקריאה עברית, במחיר עשרה קאָפּ. לחודש. תקוה נשקפה, כי כאשר תתרחב העיר הזאת בכמותה — כי בתים חדשים לעשרות יבני ומשפחות אחינו בני ישראל תרבינה בה —




שער־בלאַט פון דעם דאַנק־בריוו

כן תוסיף להתרחב באיכותה, במנהגיה הטובים ובמפעלותיה הנכבדים".

אין „המליץ" פון 1899, נומער 253 (כ"ז כסלו תר"ס), ווערט דערמאָנט צום ערשטן מאָל דער נאָמען פון מנחם מענדל גינצבורג ז"ל צווישן אַ גאַנצער ריי באַגריסונגען און שפּענדונגען לטוה"פ, לכבוד דער חתונה פון ד"ר אברהם דוד מארגאלין מיט אלגע היילפּערן.

די תקופה וואָס מיר באַהאַנדלען דאָ — די ניינציקער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט — ווערט פאַרענדיקט מיטן יאָר, אין וועלכן דער דאָזיקער ציוניסטישער טוער איז אַריינגעפאָרן קיין באַראַנאָ־וויטש. אָבער שוין אין אָנהויב פון זיין טעטיקייט האָט ער באַוויזן אַריינצובלאָזן אַ נייע נשמה אין די אָרטיקע ציוניסטן. מיר וועלן נישט איבערטרייבן אויב מיר וועלן זאָגן, אַז דער אָנקום פון מ. מ. גינצבורג קאָן באַטראַכט ווערן ווי אַן אָנהויב פון אַ נייער תקופה אין דער געשיכטע פון ציוניזם אין באַראַנאָוויטש, — אַ תקופה, אין וועלכער דער ציוניזם האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגיין פון זיינע ענגע

שטעגן אויף אַ ברייטן שליאַך פון פּרוכטבאַרער אַרבעט און אַנטוויקלונג. דער נייער תושב פאַרנעמט באַלד אַן אָנפירנדיקן אָרט צווישן די אַקטיווע טוער פון דער „אגודת הציונים“. אין יאָר 1902 געפינען מיר אים שוין אַלס שליח פון באַראַנאָוויטש אויף דער 2־ער אַלרוסישער ציוניסטישער קאָנפערענץ אין מינסק. נאָכן אָפּפאָר פון ה׳ זימל מינץ קיין אַמעריקע, איבערנעמט ער זיין אָרט אַלס יושב ראש און מנהיג פון דער אָרטיקער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, אין שפּיץ פון וועלכער ער איז געשטאַנען קרוב צו דריי צענדליק יאָר, טיילנדיק אַלע אירע ליידן און פריידן.

די „אגודת הציונים“ פירט דורך אַן אומפאַנגרייכע רעאָרגאַניזאַציע אין איר טעטיקייט. עס ווערן געגרינדעט צוויי ציוניסטישע יוגנט־קרייזן: „בני ציון“ און „בנות ציון“, וועלכע אַנטוויקלען אַ פאַרצווייגטע אַרבעט. באַזונדערס שטאַרק לאָזט זיך מערקן זייער השפּעה אויף די שטחים פון קולטורעלער און סאָציאַלער הילף.

אין אַלגעמיין האָט זיך דער עולם באַצויגן סימפּאַטיש צו דער נייער נאַציאָנאַלער פאָלקס־באַוועגונג. דאָס זעט מען בולט פון די צאָלרייכע שפּענדונגען, וואָס זענען געקומען פון אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. אָבער מ׳קען נישט זאָגן, אַז מען האָט זיך לחלוטין נישט אָנגעשטויסן אויף קיין שום ווידערשטאַנד. דאָ און דאָרט פלעגט מען יאָ אָנטרעפן אַ געוויסע קעגנערשאַפט, בעיקר מצד די חסידים און פאַנאַטישע אָרטאָדאָקסן. אָבער קיינמאָל זענען דאָ די רייבונגען נישט געווען גאָר שאַרף. באַראַנאָוויטש איז בכלל נישט געווען קיין פאַסיקער באָדן פאַר שטורמישע סכסוכים און מחלוקות. מען דאַרף אויך באַמערקן, אַז דאָס שטעטל האָט נישט פאַרמאָגט קיין אַנטוויקלטע אינדוסטרי, און די יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס ווי „בונד“, „ס. ר.“ און אַנדערע, האָבן זיך דאָ אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן אַ סך שפּעטער. אַזוי אַרום איז די טעטיקייט פון די ציוניסטן אַ לענגערע צייט געגאַנגען כמעט אומגעשטערט, אין אַ רוהיקערער אַטמאָספער ווי אין אַנדערע ערטער.

אין יאָר 1899 איז געגרינדעט געוואָרן אַ ציוניסטישער לעזעזאַל און אַ ביבליאָטעק. דער לעזע־זאַל — באַקאַנט אונטערן נאָמען „טשיטאלניע“ — האָט זיך אָנגעהויב געפונען ביי ה׳ לימאַן אויף אַלעקסאַנדראָווסקע גאַס, אינם הויז וואָס איז געשטאַנען אויפן הויף.[1]

די „טשיטאלניע“ האָט דעמאָלט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אין לעבן פון דער יידישער באַפעלקערונג. זי איז באַלד געוואָרן דער לעבנס־נערוו פון דער ציוניסטישער באַוועגונג; אָפּן יעדן אָוונט, שטאַרק באַזוכט באַזונדערס אין די פרייטיק־צו־נאַכטן, שבתים און ימים־טובים. דאָ האָט מען געקענט לייענען דעם „המליץ“, די „הצפירה“, פאַרשידענע צייטשריפטן און בראָשורן אין העברעאיש, יידיש און רוסיש. אין דער ביבליאָטעק האָט מען געקענט באַקומען העברעאישע און אויך אַנדערע ביכלעך. דאָ פלעגן אויך פאָרקומען רעפעראַטן און פאָרלעזונגען. איז אַלגעמיין איז די „טשיטאלניע“ געווען אַן אָרט, ווו די באַפעלקערונג פלעגט זיך צונויפקומען אויף שמועסן וועגן פאַרשידענע פּראָבלעמען פון יידישן לעבן.

[1] אין די שפּעטערדיקע יאָרן זענען לימאַנס הייזער געווען איינער פון די צענטערס פאַר יידישער זעלבסטשוץ און רעוואָליוציאָנערער טעטיקייט.

הגם אָפיציעל איז די טעטיקייט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע געפירט געוואָרן נישט אויף אַ לעגאַלן אופן, און קיין שום עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען זענען נישט געווען דערלויבט — האָבן שוין די ציוניסטן זיך געגעבן אַן עצה. גרעסערע פאַרזאַמלונגען פלעגן פאָרקומען אין גרויסן בית־המדרש, קלענערע — אין דער „טשיטאלניע“.

אין „המליץ“ פון 1899 (נומער 212) לייענען מיר וועגן אַ פאַרזאַמלונג, וואָס איז פאָרגעקומען א׳ חול־המועד סוכות אין ביהמ״ד הגדול לכבוד דעם דעלעגאַט צום דריטן ציוניסטישן קאָנגרעס, אַדוואָקאַט שמשון ראָזענבוים פון מינסק, וועלכער איז געקומען אָפּגעבן אַ באַריכט פון קאָנגרעס פאַר זיינע וויילער אין באַראַנאָוויטש. זיין באַריכט האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם און צוגעצויגן אַ סך צום ציוניזם.

ש. ראָזענבוים איז געווען איינער פון די אַקטיווסטע ציוניסטישע פירער אין רוסלאַנד. אין אויגוסט 1902 האָט ער געהאָלפן אָרגאַניזירן דעם צווייטן אַלרוסישן ציוניסטישן צוזאַמענפאָר אין מינסק. ער ווערט אויסגעקליבן אין דער צענטראַל־פאַרוואַלטונג פון דער רוסלענדישער אָרגאַניזאַציע. דערהויפּט זיך געווידמעט דער אַרבעט פאַרן יידישן נאַציאָנאַל־פאָנד און קאָלאָניאַל־באַנק. פון צווייטן ביזן עלפטן ציוניסטישן קאָנגרעס דערשיינט ער אַלס דעלעגאַט פון די רוסישע ציוניסטן. אויפן 7־טן ציוניסטישן קאָנגרעס, אין באַזעל 1905, איז ער אויסגעוויילט געוואָרן אין „גרויסן אַקציאָנס־קאָמיטעט“. אין 1906 איז ער געשיקט געוואָרן אַלס דעפּוטאַט פון מינסקער גובערניע צום ערשטן רוסישן פּאַרלאַמענט, די „גאָסודאַרסטווענע דומע“.

באַראַנאָוויטש האָט געבליט און געוואָקסן און איז געוואָרן אַ וויכטיקער ציוניסטישער צענטער. עס פלעגן אָפט אַראָפּקומען פאַרשידענע שליחים און די בעסטע מטיפים פון חובבי־ציון. אין דער העברעאישער פּרעסע האָבן אָנגעהויבן צו דערשיינען באַריכטן און קאָרעספּאָנדענצן וועגן דער טעטיקייט פון די ציוניסטן אין באַראַנאָוויטש.

אין יאָר 1899 האָט באַזוכט באַראַנאָוויטש דער באַקאַנטער ציוניסטישער מטיף הרב י. י. ניסנבוים. אין דער העברעאישער פּרעסע פון יענע יאָרן איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן, אונטערן פּסעוודאָנים „יהודי“, אַ ציקל רעפּאָרטאַזשן וועגן זיינע רייזעס איבערן יידישן תחום פון רוסלאַנד, אַלס אָפיציעלער שליח פון „אָדעסער קאָמיטעט“ פון די חובבי־ציון. און אָט וואָס מיר לייענען אין „המליץ“ פון 1899 (נומער 84) וועגן זיין באַזוך אין באַראַנאָוויטש.

„התחנה הזאת ב. — היא „עיר מצער“. לפני עשרות שנים ישבו בה משפחות אחדות עבריות, ועתה כבר ישנם כארבע מאות בתי אבות. אנשי חיל רבים שוכנים שמה ומהם פרנסת משפחות רבות. מצב העיר טוב מאד ומספר יושביה הולך הלוך ורב שנה שנה. ביחוד מתרבים בעלי מלאכה והמה מתפרנסים בריוח.

לפני שנה סר אליה מדי עברו אחד מטובי חובבי ציון וייסד שמה חברה ציונית, גם מנה מורשה להועד לחברת התמיכה. גם סבב בעצמו על פתחי נדיבים ואסף תרומות

החברים. עברה שנה, מטיפים אחדים הטיפו בבתי מדרשיה, אך החברה הלכה הלוך ורפה; החברים לא שלמו את תרומותיהם. מפריעים מבית ומחוץ קמו עליה, וכמעט שעברה ובטלה לגמרי. אך הלא כבר אמרו, כי „ביום שמת משה נולד משה", וגם ציוני באראנוביץ קמו לתחיה בזמן שחשבו עצמם לגוססים. עתה החלו ללמד לבני העם נביאים ודברי ימינו ויעסקו בכל צרכי הישוב בארץ וצרכי האומה בגולה. עד חצות לילה ישבתי במסיבת החובבים והציונים שמה. כאשר הרגשתי שוררת איזה רוח רעה בין אחדים מהם, הגורמת או הגורם גם לפרוד המעשים, אבל אקוה כי כציונים יבינו את ערך אחדות הכתות והשתתפות המעשים והשלום לא יושבת, ולא ירדפו אחרי כבוד מדומה ומרומה".

אין יאָר 1900 האָט הרב י. י. ניסנבוים ווידער באַזוכט באַראַנאָ־וויטש. דאָסמאָל איז אין „המליץ" דערשינען אַ לאַנגער אַרטיקל אין וועלכן דער שרייבער שילדערט זיינע איינדרוקן פון געזעל־שאַפטלעכן לעבן אין באַראַנאָוויטש. מיר ברענגען דאָ איינצלנע פראַגמענטן וואָס האָבן אַ שייכות מיט דער ציוניסטישער טעטיקייט:

„...העיר מונה היום מספר לבתיה כשש מאות ויותר ובה עדה חשובה מישראל. לפנים היה בה בית מדרש אחד קטן בקצה העיר ובו התפללו מתנגדים וחסידים יחד, והיום כבר נמצאים ארבעה בתי מדרש למתנגדים ושני „שטיבלעך" לחסידים.

גם ציונים ישנם בעיר, גם בנות ציון, גם ילדי ציון. הציונים עוסקים בעבודתם הידועה: מכרו כמאה וששים מניות הבאנק, אספו מאה רו"כ כסף השקלים, גם מנדבים לטובת הישוב בארץ ישראל. הנני מותח קו תחת המלה „מנדבים", כי חברים לחברת התמיכה לבד המורשה אינם ועד עתה גם לא השתדלו כי יהיו. על החתונות, שהן רבות בתחנה זו העומדת על פרשת דרכים, אין כל זכר לציון, אם המחותנים בעצמם לא יזכרוה; וכן שאר השמחות עוברות כמו שהן בלי העלות את ירושלים על ראשן.

גם בית עקד ספרים ובית מקרא פתחו ובו עתונים ציוניים שונים. גם היו ימים שאחד הציונים והוא איש בעל מעשה, אך עומד על דעתו בחזקה רבה עד שרבים אינם יכולים לא להתנגד לה ולא לקבלה, והדבר גרם כי הוא נפרד מחבריו, דרש לפני „בעלי מלאכה" — הכל כמנהג טובי הציונים בערים הגדולות.

„בנות ציון" יסדו חדרים מתוקנים לנערים לבד ולנערות לבד ובהם מלמדים תורה, נביאים וכתובים, שפת עבר ושפת המדינה, והנערים רואים ברכה בלמודם (את הנערות לא בחנתי). אבל לא תהא פונדקית יתרה בזכויות על הכהנות, אם ת"ת סובל מחסור בכסף מדוע לא יסבלו מחסור זה גם „החדרים המתוקנים"? והחסרון הזה מורגש באמת לעתים קרובות והמנהלות מוכרחות לבקש אמצעים שונים למלאות את החסרון, אמצעים שישנם מתאוננים עליהם.

ו„ילדי ציון" יסדו להם בית עקד להם לבדם של „ספרות ילדים" והמה קוראים הרבה יותר מהציונים הגדולים; גם שרים שירי ציון.

בכלל מצב הציונות בעיר איננו רע. הציונים עובדים עבודתם, אם לא בחריצות ובזריזות יתירה, אבל במדה מספ־קת, ובני העיר אינם עומדים מרחוק.

ישנם אמנם גם מתנגדים רבים, מהם „החכמים" בעיניהם משבעה משיבי טעם, ואחד ה„חכמים" האלה חפץ להראות חכמתו הרבה לעיני כל בני העיר. ויהי ב„שבת נחמו" ויאספו המון אדם רב לבית המדרש הגדול ויעלו לתורה וינדבו נדבות לטובת הישוב, איש־איש כפי נדבת לבו, ויעלה גם האיש הזה וינדב בקול רם „חצי זהוב" מפורש שבע קאפ. וחצי למען ידעו הכל את גדל חכמתו.

ורוב המתנגדים הם „החסידים" שהרבי יחי' הוא מתנגד גדול להציונות. על הרבי הזה אומרים כי הוא „חובב־ציון" גדול ובעד חסידיו היושבים בירושלים הוא מקבץ עשרות אלפים רו"כ לשנה. הוא בעצמו מסתפק במועט מן המועט ורק בששה רו"כ לשבוע, ולחסידיו בירושלים, שמספרם יגיע לאיזה עשרות משפחות, הוא מאסף בערך אלף רו"כ למשפחה — והוא עשרים רו"כ לשבוע. כה יקר בעיניו „חסיד" היושב בציון עד כי מאספים בעדו פי שלש מאשר הרבי בעצמו מקבל, אבל על הציונות הוא כועס כעס גדול ומסתמא לבו יודע סבת הדבר כמו שצדיק יודע נפש בהמתו. ואנכי אינני חפץ להרהר כלל וכלל אחריו, כי אם „הרהור כדבור דמי" אז מוטב לדבר ולפחות ישמעו גם אחרים. ויותר ממה שדברתי אין לי גם מה להרהר".

אין „הצפירה" פון 1901 (נומער 253) שרייב ב. רבינאוויץ צווישן אַנדערן:

„...אגודת הציונים פה פעלה רבות להרמת מצבם המוסרי של בני עדתנו בכוננה בזה בית עקד למקרא ספרים, וכמעט כל בני עדתנו נתנו ידם למפעל זה.

נמכרו פה כמאה ושבע מניות מלבד סכום הגון שנאסף למשען קופת הועד המאושר מטעה"מ באדעסא. בראש האגודה עומד הר"ז מינץ. לעתים קרובות יערכו הציונים פה נשפי שמחה, אשר פרי תבואתם קדש לצרכי עדתנו".

אין „הצפירה" פון יאָר 1900 (נומער 99) געפינען מיר אַן אַרטיקל פון מ. אלכא אויף דער טעמע: „מוש ובאראנאוויץ זו לעומת זו". מיר ברענגען דאָ דעם טייל, וואָס האָט אַ שייכות מיט אונזער שטאָט:

„...לעומת העיר מוש — אחותה הצעירה באראנאוויטשי הסמוכה לה — שש מאות בתי אבות מאחינו בני ישראל יושבים בה והם יתחלקו לשתי המפלגות המסתעפים לסעיפים וענפים הרבה. המפלגה הראשונה הם הסוחרים, ביניהם נמצ־אים אנשים שמסחרם פרץ בארץ, רכושם רב ולהם רב ענין ובנין; ומלבד הסוחרים המופלגים בעשרם והונם הכביר, יש גם עשירים בינוניים ועסקיהם ממוצעים. ועוד אנשי רוח שלא נודע משלוח ידם ולרגל הסוחרים יחשבו גם הם אל המפלגה השניה והיא הקטנה יחשבו המתפרנסים ממלאכת ידיהם. ביניהם עשירים מעט מזעיר, ורובם ימצאו מחית

ידם בנחת. בכלל עומדים בני העיר הזאת במצב החמרי במדרגה גבוהה לעומת שאר הערים סביבותיה.

המצב המוסרי של יושבי העיר הזאת טוב מאד. יש להם בתי־מדרש גדולים ובית־תפלה לחסידי סלאנים וחברה ש״ס וחברה משניות. רוב בני הנעורים שוקדים על דלתות התורה והחכמה, ואחדים מהם בקיאים בספרות העברית ובספרות המדינה. ובה גם עלמות מלומדות, קוראות עברית וכותבות בה.

חנוך הבנים והבנות טוב יחד. האבות נותנים את בניהם לבתי־הספר, שמלבד השעורים הקבועים: שפת המדינה, חשבון, ובינות גלילות הארץ וכתיבה־תמה, הם שומעים לקח בשפת עבר ודברי הימים לבני ישראל, או יתנום על פי מורים פידאגוגים פרטיים הידעים לחנכם שיהיו בנים נאמנים לעמם, ויחד עם זה ירכשו למו כל הידיעות האזרחיות. וחזון נפרץ הוא לשמוע איך הבנות עם הבנים מפטפטים ביניהם בשפת עבר״.

אויף דער שוועל פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז שוין אין באַראַנאָוויטש געווען אַ שטאַרקע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע מיט זימל מינץ אַלס יושב ראש, יעקב טשערניכאָוו — וויצע־פּאָרזיצער, אליעזר זאב זשוכאָוויצקי — גזבר, מ. מ. טשערניכאָוו — מזכיר.

אין די קומענדיקע יאָרן געפינען מיר די „אגודת הציונים" אין איר פולער אַנטוויקלונג. עס ווערן פאַרקויפט אַקציעס פון קאָלאָניאַל־באַנק, עס ווערן פאַרשפּרייט מאַרקעס פון „קרן קימת". מען ברענגט אַראָפּ רעדנערס; עס באַזוכן דאָ באַקאַנטע פּערזענלעכקייטן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. באַראַנאָוויטש דעלעגירט אירע פאָרשטייער צו די אָפטע צוזאַמענפאָרן און קאָנפערענצן אין מינסק. די אָרטיקע ציוניסטן נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל אין די וואַלן צום ערשטן רוסישן פּאַרלאַמענט און העלפן דורכפירן דעם ציוניסטישן קאַנדידאַט, אַדוואָקאַט שמשון ראָזענבוים, אַלס דעפּוטאַט פון מינסקער גובערניע. די „טשיטאַלניע" ווערט שוין צו ענג אויף אויפצונעמען די פאַרגרעסערטע צאָל באַזוכער אויף פאַרלעזונגען, און זי גייט אַריבער אין הויז פון ה' קאַפּעליאָוויטש, ראָג אַלעקסאַנדראָווסקע—סאָסנאָווע. אָבער אויך דאָ איז דער לאָקאַל נישט קיין גרויסער. אין די יאָרן 1905—6 איז אויסגעבויט געוואָרן די ציוניסטישע שול. נאָכן צוזאַמענברוך פון דער רוסישער רעוואָלוציע רוקן זיך אָן די שווערע צייטן פון דער פינסטערער רעאַקציע אין רוסלאַנד, און די טעטיקייט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע ווערט אָפּגעשוואַכט, אָבער נישט אָפּגעשטעלט. די ציוניסטישע שיל און די הייזער פון מ. מ. גינצבורג און יצחק יאָסינאָווסקי ווערן די הויפּט־צענטערס פון ציוניזם אין באַראַנאָוויטש. די אַרבעט ווערט פאָרגעזעצט ביז עס ברעכט אויס די ערשטע וועלט־מלחמה און די דייטשן אָקופּירן אונזער שטאָט.

פון די באַראַנאָוויטשער ציוניסטן אין יענער תקופה איז באַזונדערס ווערט צו דערמאָנען דעם אינזשינער יעקב בערמאַן, וועלכער איז געווען אין דער פּוילישער דעלעגאַציע אויפן 8־טן ציוניסטישן קאָנגרעס און אָנטייל גענומען אין דער 4־ער קאָנפערענץ פון די רוסישע ציוניסטן אין האַג אין יאָר 1907, און אין דער 5־טער קאָנפערענץ אין האַמבורג אין יאָר 1909.



אינזש. יעקב בערמאַן

ווי מיר זעען, איז דער ציוניזם אין באַראַנאָוויטש באַלד פון זיין אָנהויב געווען גאַנץ רירעוודיק, און געלייגט די פעסטע פונדאַמענט־שטיינער, וואָס האָבן במשך פון קרוב צו פיר צענדליק יאָר געטראָגן אויף זיך דעם גרויסן און פּאַרדינסטפולן בנין פון ציוניזם אין באַראַנאָוויטש.

## אין די יאָרן 1900—1915

די יאָרן 1900—1915 שטעלן מיט זיך פאָר אַ תקופה פון כסדרדיקן וווּקס און אַנטוויקלונג פון דער שטאָט גופא און פון איר יידישן קיבוץ אויף אַלע געביטן.

די ערשטע יאָרן פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט זענען פאַרלאָפן אונטערן צייכן פון קאַמף פאַר אָפּשאַפן די באַגרענצונגען פון תחום־המושב, וואָס האָט צעטיילט דעם יונגן ישוב אין שטאָט און דאָרף, און פאַראייניקן דאָס שטעטעלע ראָזוואָדאָווא מיט דעם גוישן באָדן, אויף וועלכן יידן האָבן נישט געטאָרט וווינען. דער דערפאָלגרייכער אויסגאַנג פון דאָזיקן קאַמף האָט געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג פאַר דער צוקונפט פון באַראַנאָוויטש. אויך אַנדערע געשעענישן ווי דער אָנהויב פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, די נישט־געלונגענע פּאָגראָם־פּרוּוון אין 1905—6 א. אז. וו., זענען וויכטיקע דאַטעס אין לעבן פון שטאָט.

## ווייטערדיקע בוי-באַוועגונג

ווי שוין דערמאָנט, איז אַ גרויסער טייל פון באַראַנאָוויטש אַ לענגערע צייט געווען פאררעכנט אלס דאָרף, און די פּלעצער אויפן דאָרפישן באָדן, וואָס האָט געהערט צו די סוויאַטאָפּאָלקאָוויטשער פּויערים, זענען אַ געוויסע צייט געשטאַנען ליידיק. יידן האָבן געוואַרט אויף אַ פּאַסיקן מאָמענט אויף זיי אַ פוס צו שטעלן.

שוין אין די לעצטע יאָרן פון די ניינציקער איז ענדלעך געקומען אַ ווענדונג צום גוטן. עס איז ווי נישט איז דערלויבט געוואָרן צו וווינען אויפן גוישן באָדן, אָבער בלויז וווינען, — קויפן אָדער אַרענדירן פּלעצער און בויען הייזער איז נאָך דערווייל געווען פאַרבאָטן.

און דאָך האָבן זיך שוין יידן געגעבן אַן עצה. מען האָט

אָנגעהויבן זיך בויען אויף גוייִשע נעמען. די באַריערע פון תחום־המושב איז איינגעפאַלן. מאַרינסקע גאַס האָט אויפגעהערט צו זיין דער גרענעץ צווישן שטאָט און דאָרף. דאָך איז נאָך געווען אויס־צושטיין נישט ווייניק צרות און ליידן; נישט איין מאָל האָט געדראָט מען זאָל צוריק פאַרטרייבן אויף די פריערדיקע ערטער.

די דאָזיקע נישט־זיכערע לאַגע האָט געדויערט ביז דער דאָרפישער באָדן איז געוואָרן פאַראייניקט מיט דעם שטאָטישן. דאָס איז געווען 9־טן דעצעמבער 1903, ווען נײַ־באַראַנאָוויטש איז, לויט אַ באַשלוס פון מיניסטאָרן־קאָמיטעט, באַפרייט געוואָרן פון די „צייטווייליקע באַשטימונגען" פון יאָר 1882, לויט וועלכע יידן איז געווען פאַרבאָטן צו באַזעצן זיך אויף דאָרפישן באָדן.[1]

עס האָט ווידער דערוואַקסט אַ גרויסע בוי־באַוועגונג, וועלכע האָט זיך געצויגן אין דער ריכטונג פון די פרנסה־קוואַלן, — צו דער פּאָלעסיער סטאַנציע, צום מיליטערישן לאַגער, צום „סוכאַרני־זאַוואָד" (ברויט־פאַבריק) און דער עיקר, צום הויפּט־שאָסיי.

דער דאָזיקער עקספּאַנסיע האָט מיטגעהאָלפן די קנאה פון די פויערים כּלפּי דעם גראַף, וועלכער האָט געשאַרט גאָלד פון אַרענ־דירן זיין באָדן, אין דער צייט ווען זייערע פלעצער זענען קינסטלעך געווען געצוווּנגען צו שטיין ליידיק און זיין ווערטלאָז.

דער יונגער ישוב האָט אָנגעהויבן אויסצושפּרייטן זיך אין דער ריכטונג צו מזרח. ס'זענען דאַן אַנטשטאַנען די נייע גאַסן: פאָזשאַר־נע, קלאַדבישטשענסקע (צמענטאַרנע), המשך שאָססיינע און אַ ריי קלענערע זייטיקע געסלעך. עס איז אויך אויפגעקומען אַ נייער האַנדלס־צענטער אויף נײַ־באַראַנאָוויטש און אַנטקעגן דעם לאַגער. וועלכער איז גענצלעך געווען אין יידישע הענט, הגם די מערהייט פון דער באַפעלקערונג אין יענער געגנט איז שטענדיק פאַרבליבן אַ קריסטלעכע.

אַ ווייטערדיקן עטאַפּ אין דער בוי־באַוועגונג פון דער שטאָט איז צו פאַרצייכנען אין די יאָרן 1910—14, ווען דער ישוב האָט זיך אָנגעהויבן אויסצושפּרייטן אין דער ריכטונג צו דרום־מערב. אין יענער צייט איז אויסגעוואָקסן די פּאָטשטאָווע גאַס און עס זענען פאַרלענגערט געוואָרן די גאַסן אַלעקסאַנדראָווסקע (סענאַטאָרסקע), פּעטראָווסקע (אילאַנסקע) און די קווער־גאַסן צווישן זיי.

טראָץ דעם שנעלן אורבאַניזאַציע־פּראָצעס, איז אַ גרויסער טייל פון גראַפס־וואַלד אין דרום־מערב און דער רעגירונגס־וואַלד (קאַזיאָנער) פאַרבליבן אין סאַמע צענטער פון שטאָט. מענטש, שטאָט און וואַלד האָבן צוזאַמענגעלעבט. די באַפעלקערונג האָט נאָך געאָטעמט פרישע וואַלד־לופט, און צוגלייך מיטן שטאָטישן אויסזען האָט זיך אויך דערהאַלטן דער אַלטער ראָמאַנטישער כאַראַקטער פון אַמאָליקן קוראָרט.

די דאָזיקע אידיליע האָט לאַנג נישט געדויערט. דער וואַלד איז געווען דער ערשטער קרבן פון דער דייטשישער אָקופּאַציע אין ערשטן וועלט־קריג — זיי האָבן אים כמעט אינגאַנצן אויסגעהאַקט, — און די זעלבע דייטשן האָבן אין דער צווייטער וועלט־מלחמה פאַרניכ־טעט אויך די שטאָט און אומגעבראַכט איר גאַנצע יידישע באַפעל־קערונג.

1. Руководство к русск. закон. о евр. (3 изд.), дополн. стр 5

## וווּקס פון דער באַפעלקערונג

אויף דער שוועל פון צוואַנציקסטן י. ה. איז שוין באַראַנאָוויטש אַ היפּש שטעטל, וואָס באַוווּנדערט יעדן מיט זיין ראַשיקן וווּקס און אַנטוויקלונג. די יידישע באַפעלקערונג ווערט פון יאָר צו יאָר פאַרגרעסערט. די לעצטע ישובניקעס אין איר אומגעבונג פאַרלאָזן זייערע דערפער און גייען אַריבער אין שטאָט אַריין. גרויס איז דער צופלוס פון די אַרומיקע שטעטלעך און גאַנץ באַזונדערס פון מוש. עס מערקט זיך אויך אַ שטאַרקע איינוואַנדערונג פון גרעסערע שטעט, נאָענטע און ווייטע.

די מקורות פון פרנסה זענען דאָ אין אַלגעמיין אַ סך גינסטיקער אין פאַרגלייך צו אַנדערע ערטער. באַראַנאָוויטש האָט אויך געצויגן צוליב אירע בעסערע דערציונגס־מעגלעכקייטן פאַר קינדער.

ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה ציילט שוין אונזער שטאָט אַ יידישע עדה פון בערך 9—10 טויזנט נפשות (איבער 60 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעקלערונג). און ווען נישט די מאַסן־אויסוואַנדערונג אין די לענדער מעבר לים, וואָלט דער יידישער קבוץ געווען אַ סך גרעסער.

אגב, אויפן ערשטן בליק האָט די שטאָט אין דער הינזיכט געמאַכט אַ פיל גרעסערן רושם; האָט זי דאָך פאַרמאָגט אַ ריזיקן לאַגער און איינע פון די וויכטיקסטע ברויט־פאַבריקן אין רוסלאַנד, און שטענדיק האָבן זיך אַרומגעדרייט אין אירע גאַסן פאַרשידענע דורכרייזנדע.

ביים אויסברוך פון ערשטן וועלט־קריג, ווען אונזער שטאָט איז געוואָרן דער זיץ־אָרט פון רוסישן גענעראַל־שטאַב און אַ מין צייטווייליקע רעזידענץ פון צאַר ניקאָלאַי דעם צווייטן, איז אַהער אַראָפּגעקומען דער גרעסטער טייל פון פּעטערבורגער זשאַנדאַרמעריע און אַ סך באַאַמטע, ווי אויך די גאַנצע אַריסטאָקראַטיע פון צאַרישן הויף.

## שריפות

שריפות זענען אין באַראַנאָוויטש געווען אַ זעלטענע דערשיי־נונג; און ווען עס איז יאָ אויסגעבראָכן אַ „פּאָזשאַר", איז אויך מער ווי אַ שטוב אָדער אַ שטאַל נישט פאַרברענט געוואָרן.

אין קעגנזאַץ צו די אַרומיקע שטעטלעך, זענען אין באַראַנאָוויטש די הייזער געווען רחבותדיק צעשפּרייט און אַרומגערינגלט מיט גרויסע הויפן און גערטנער. אויסער דעם איז אין באַראַנאָוויטש געווען אַ גוט־אָרגאַניזירטע פייערלעשער־געזעלשאַפט, וועלכע פלעגט קומען צו הילף אויך די שכנותדיקע ישובים.

דאָס שפּריכוואָרט זאָגט: „נאָך אַ שריפה ווערט מען רייך". אַזוי איז עס טאַקע געשען אין באַראַנאָוויטש. נאָכן אָפּברענען פון אַ כאַטע — פלעגט אויפשטיין אַ הויז, און נאָך אַ הויז — אַ מויער, באַזונדערס אין האַנדלס־צענטער און אַרום דער הויפּטגאַס מאַרינסקע.

עס איז שווער אויסצורעכענען אַלע שריפות פון יענער צייט, אָבער אויף איין שריפה, וועלכע איז צופעליק פאַראייביקט געוואָרן אין „הצפירה" פון יאָר 1913 (נומער 201),[1] איז כדאי זיך אָפּצושטעלן.

[1] כותב המאמר — הוא י. מ. זאקין.

זי איז אויך כאַראַקטעריסטיש פאַר באַראַנאָוויטש אַלס צענטער פון חתונות, אָדער „חתונות־אינדוסטריע”, ווי די ליצנים האָבן עס אָנגערופן.

„לפני זמן מה נשרף פה ביתו של הרב מטעם המקומי, הד״ר שפירא, בין יתר מטלטליו עלו על המוקד גם ספרי תעודות הלידה והנישואין. אבדן הספרים האלה גרם נזק רב לא רק לאנשי קהלתנו, אלא גם לכמה מאות איש מן החוץ — כי בהיות שתי התחנות דפה, האלכסנדרונית והפו־ליסית מעין פרשת דרכים לבני ערים רבות, משמשות הן לרוב ל„מרכז” והרבה זוגות באים לכאן לחוג את חג חתונתם, ותעודות נשואים נרשמות בספרי הרב המקומי.

עכשיו באים אלה האנשים, שמספרם מרובה, לדרוש את תעודותיהם מאת הרב, והלז מוכרח להתיחס בשלילה אל בקשותיהם, כי אין לאל ידו להושיעם ברב או במעט.

הרב השתדל להשיג רשיון מאת שר הפלך, שהמועצה המחוזית תמציא לו העתקה של תעודותיו המשתמרות לזכרון גם אצלם בספרים מיוחדים. ולזה דרוש שכר מצער, שכר הלבלר וכדומה. אחר כך פנה הרב בבקשה אל המועצה המקומית לתת לו את הס״ך האמור, ואולם זו סירבה בהחלט להשלים חפצו זה מטעם ונימוק פשוט, כי אין המועצה זקוקה לקניות שכאלה... הרב הוכרח איפה למשוך את ידו מהשתדלותו, — ודורשי התעודות יוצאים יום־יום בפחי נפש ושבים כלעומת שבאו”.

## פייערלעשער־געזעלשאַפט

די פרייוויליקע פייערלעשער־געזעלשאַפט אין באַראַנאָוויטש האָט פאַרמאָגט אַ לאַנגיעריקע טראַדיציע פון איבערגעגעבענער אַרבעט פאַר דער זיכערקייט פון דער באַפעלקערונג.

אין איר מהות איז זי געווען אַן אויסדרוק פון יידישן דראַנג צו



„פאַזשאַרנער סאַראַי” אויף מאַשטשיצקע (פאַזשאַרנע) 14

אויטאָנאָמיע. פאַלקסטימלעך אין איר כאַראַקטער, האָט זי געדינט אַלס באַזע פאַר געמיינזאַמער אַרבעט פון פאַרשידענע קרייזן און שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג, ווי אויך פאַר האַרמאָנישער

צוזאַמענאַרבעט צווישן יידן און גויים.

אויב אין נאָרמאַלע צייטן איז די פייערלעשער־געזעלשאַפט געווען פאָפולער און באַליבט, האָט זי זיך באַזונדערס אַרויסגעוויזן אין איר גאַנצער וויכטיקייט אין אומרוהיקע צייטן, ווען ס׳האָט געדראָט די געפאַר פון פאָגראָמען, אָדער אין מלחמה־צייטן, ווען די שטאָט איז איבערגעגאַנגען פון מאַכט צו מאַכט. אין דער געפער־לעכער צווישנצייט פלעגט די פייערלעשער־אָרגאַניזאַציע איבערנעמען די אויפזיכט און זאָרג פאַר דער זיכערקייט פון דער שטאָט און אירע איינוווינער.

די געשיכטע פון די פייערלעשער אין באַראַנאָוויטש הויבט זיך אָן אין די ניינציקער יאָרן. פון צייט צו צייט פלעגן אויסברעכן שריפות. דאָס ביישפּיל פון די אַרומיקע ישובים, ווו עס פלעגן אָפּברענען גאַנצע קוואַרטאַלן און האַלבע שטעטלעך, האָט אַרויס־גערופן זאָרג און באַאומרוהיקונג. די הייזער און קראָמען זענען נאָך דאַן נישט געווען פאַרסטראַכירט.

לויט דער איניציאַטיוו פון די ה״ה שילײנער, שימאַנסקי, ד״ר טשערניכאָוו, צבי איזיקזאָן, אַדוואָקאַט גורוויטש, חיים דוד טורעצקי, יהודה זילבערבערג, משה וויניקאָווסקי, זעליג דאָבקאָווסקי, יענקל יודקאָווסקי א. אנד., איז געגרינדעט געוואָרן אין אונזער שטאָט די פרייוויליקע פייערלעשער־געזעלשאַפט („פאַזשאַרנאָיע אָבשטשע־סטוואָ”).

אַלס אָרגאַניזאַטאָר און אינסטרוקטאָר איז אַראָפּגעבראַכט גע־וואָרן דער אַלטער אַווינאַוויצקי פון האָראָדייע, וועלכער איז געווען באַקאַנט אין דער גאַנצער אומגעגנט אַלס גרויסער פאַכמאַן אין די ענינים. אַלס הויפּט־קאָמאַנדיר איז באַשטימט געוואָרן ה׳ שילײנער. מען האָט אָפּגעזוכט אַן אַלטע פּאָמפּע און אַ פּאָר פעסלעך (באָטשקעס), צונויפגעקלאַפּט עטלעכע לייטערס און די „פאַזשאַרנע־קאָמאַנדע”, ווי מען האָט זי דאַן גערופן, איז געוואָרן פאַרטיק. די מכשירים זענען אַ לענגערע צייט געשטאַנען ביי שילײנערן אויפן הויף.

אין יאָר 1904 בערך, ווען ס׳איז אַראָפּגעקומען קיין באַראַנאָ־וויטש דער נייער פריסטאַוו שקליאַרעוויטש און די יידן האָבן געזוכט וועגן ווי אַזוי זיך מיט אים צו באַפריינדן, האָט מען אים



א גרופע פייערלעשער פון דער „פאזשארנע־קאמאנדע" אין יאר 1912

עס זיצן פון רעכטס: 2. יענקל יודקאווסקי, 4. אדוואק. באגאטין, 5. דענטיסט טשערניכאוו, 6. אדוואק. גורוויטש, 9. לעוויקאוו, 10. חיים דוד טורעצקי, 11 ניקטשעמני.

רעכטס, לעבן ראד פון מאשין: יום־טוב יאסעלעוויטש (מיט זיין קינד).

עס שטייען אין מיטן: 3. ניעסוויזשסקי (הינטער באגאטין), 5. באראווסקי (הינטער גורוויטש), 6. מיכאל קראשינסקי (לעבן דער פאן), 7. גארינאווסקי, 8. ירשל יודקאווסקי, 10. ליאכאוויצקי.

אויף דער מאשין, רעכטס: שייע קושטשינסקי (סאלוטירט), גאם (האלט די קישקע), אהרל'ע טורעצקי (מיט א ווייס באנד), וואלף מוקאסיי (לעבן טורעצקי).

אויף דער מאשין, לינקס: אהרל'ע יודקאווסקי (רעכטס), יענקל דוד כאיימאוויטש (לינקס).

אויפן לייטער: שמואלאוויטש (אויבן רעכטס), עליאוויטש (אויבן לינקס), משה וויניקאווסקי (אין מיטן לינקס).

לעבן לאמטערנע: מוקאסיי פנחס.

געשטעלט בראש פון דער „פּאָזשאַרנע־קאָמאַנדע“. עטלעכע יאָר שפּעטער האָט ער פאַרלאָזן די שטאָט און אַריבער קיין מינסק. זיין נאָכפאָלגער איז געווען דער נאָטאַריוס באַרקאָווסקי. נאָך אַ קורצער צייט איז דער אַמט פון נאַטשאַלניק אַריבער אין די הענט פון פּריץ ליסאָווסקי, וועלכער איז פאַרבליבן אויף זיין אַמט ביזן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

אונטער זיין אָנפירונג האָט די פייערלעשער־געזעלשאַפט אַנטוויקלט אַ לעבהאַפטיקע טעטיקייט. זי האָט געציילט איבער הונדערט פייערלעשער (כמעט אַלע יידן), און דערוואָרבן אַן אייגענעם פּלאַץ מיט אַן אייגענעם בנין, וועלכער האָט געטראָגן דעם בכבודיקן נאָמען „פּאָזשאַרני־סאַראַיי“ (פּאָזשאַרנער שטאַל). עס זענען אויך געבויט געוואָרן וואַסער־רעזערוואַרן אין פאַרשידענע פּונקטן פון דער שטאָט. מען האָט שוין איינגעשאַפט עטלעכע פּאָמפּעס און אַ סך אַנדערע מכשירים, און דער עיקר, — עטלעכע שיינע פערד און אַן אייגענעם אָרקעסטער.

אין דער פאַרוואַלטונג זענען געווען פאַרטראָטן אויך עטלעכע קריסטן פון די פּני פּון שטאָט ווי דער פּריסטאַוו, גראַף ראַזוואַדאָווסקי אַלס ערן־מיטגליד, און אנד.

ליסאָווסקיס הויפּט־אַדיוטאַנט איז געווען אָסקע טעץ, דער ווירטשאַפטלעכער לייטער פון דער אָרגאַניזאַציע. אַלס נאַטשאַלניקעס און מיטגלידער פון שטאַב זענען באַשטימט געוואָרן די ה״ה מאַנסקי, אַדוואָקאַט גורוויטש, זילבערבערג, גערל גאָלדבערג א. א.

די הוצאות זענען געדעקט געוואָרן פון חודשדיקע אָפּצאָלן פּון די פאַרמעגלעכע בעלי־בתים. איין מאָל אין וואָך פלעגן פאָרקומען געוויינלעכע איבונגען, און פון צייט צו צייט פלעגט מען אַראַנזשירן פּלוצלימדיקע אַלאַרם־מאַנעווערס. צום דעם צוועק פלעגט מען שטענדיק אויסקלייבן אַלס קרבן אַ בעל־הבית, וואָס האָט זיך אַנטזאַגט צו צאָלן. עס איז אים שוין נישט געווען וואָס מקנא צו זיין: אַ מבול פון וואַסער פלעגט מען אַריינגיסן דורכן קוימען ביז די גאַנצע שטוב איז „פאַרטרונקען געוואָרן“.

די באַראַנאָוויטשער פייערלעשער־געזעלשאַפט האָט געהאַט אַ גוטן נאָמען אין דער גאַנצער געגנט. אויף אירע טראַדיציאָנעלע יערלעכע פייערונגען פלעגן זיך צונויפפאָרן דעלעגאַציעס פון אַלע אַרומיקע ישובים. די פייערונגען זענען געווען די גרעסטע אַטראַקציע אין שטאָט. (וועגן דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער פייערלעשער־געזעלשאַפט, זע „די פייערלעשער געז. אין דער תקופה פון דער פּוילישער הערשאַפט“ פון ב. אווינאַוויצקי).

## שולוועזן

שוין אין די ניינציקער יאָרן האָבן זיך אין באַראַנאָוויטש באַוויזן די ערשטע לערער און די ערשטע מאָדערנע „חדרים“, אָדער ווי מען האָט זיי דאַן גערופן „קלאַסן“.

צווישן די ערשטע פּיאָנערן פון די דאָזיקע שולן זענען געווען די לערער: ראַזווילאָווסקי, יחיאל מאָוושאָוויטש, טשערניכאָוו, שליאַמאָוויטש, ראַגוזניצקי, גאָרדאָן א. אנד. זיי זענען אַלע געווען אַקטיווע טוער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, און מיטגעהאָלפן דער איינוואָרצלונג פון יידיש־נאַציאָנאַלן גייסט און העברעאישער שפּראַך צווישן דער יוגנט.

באַראַנאָוויטש האָט שוין אין די יאָרן פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה געשמט אַלס אַ שטאָט, ווו מען האָט גערעדט פריי העברעאיש.

מ. גנעסין ז״ל, אויף זיין רייזע איבער די יידישע שטעט פון פּוילן, ליטע און רוסלאַנד, צוזאַמען מיטן דיכטער יצחק קצנלסון, קינסטלער רודאָלף זאַסלאַווסקי א. אנד., האָט אויך באַזוכט באַראַנאָוויטש אין יאָר 1913, וווהין ער איז אַראָפּגעקומען פאָרשטעלן „אוריאל אקוסטא“ אין העברעאיש. אין זיין בוך „דרכי עם התיאטרון העברי“ ווידמעט ער כמעט אַ גאַנצן קאַפּיטל דעם דאָזיקן באַזוך און שרייבט אונטערן קעפּל „עם יצחק קצנלסון בבאראנוביץ׳“ צווישן אַנדערן:

„...אחרי לודז׳ באו צ׳נסטוחוב, בנדין ועוד ערים בפולין, ומאלה — קפיצה לעיר באראנוביץ׳ שהשתייכה אז לרוסיה. גם כאן, כמו בערים שקדמו לזו, באו לקבל את פני השחקנים העברים בתחנת־הרכבת חשובי העיר ומוסדותיה הציבוריים. כאן נוכח גם קצנלסון ב„חשיבותה של רצינות“ לגבי העברית, ואפילו האידישאים הרגישו שאין לזלזל עוד במשחק. עיירה זו משולה היתה בעיני, בדוברי העברית שלה, למושבה רחובות שבארץ־ישראל. לא רק אלה שבאו לקבל את פנינו דיברו עברית, אלא אף רוב אנשי העיירה דיברו עברית. התהלכתי לאורכם ורוחבם של רחובותיה, ושמעתי עברית צחה...

„...גדולה היתה החיבה לכל דבר השייך לארץ־ישראל ולספרותה (הספרות הארצישראלית התבטאה אז ב„הפועל הצעיר“ וב„מולדת“, שהיו להם בעיר זו חותמים רבים ונאמנים)...

ביזן יאָר 1907 האָט באַראַנאָוויטש נישט פאַרמאָגט קיין גימנאַזיעס און מלוכה־שולן. די ערשטע „קאַזיאָנע“ פיר־קלאַסיקע פּראָגימנאַזיע פאַר פרויען איז געגרינדעט געוואָרן אין 1907, בערך. די דאָזיקע שול האָט באַצוועקט אַנטקעגנצוקומען דעם ווונטש פון דער שטאָטישער קריסטלעכער באַפעלקערונג. די גימנאַזיע איז אין אַ זייער באַגרענעצטער מאָס געווען צוטריטלעך אויך פאַר יידישע שילערינס, קינדער פון פאַרמעגלעכע בעלי־בתים. די שמחה פון די גליקלעכע עלטערן האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט. די גימנאַזיע האָט זיך געפונען ווייט פון שטאָט, אויף ניי־באַראַנאָוויטש, אין אַ קריסטלעכער סביבה, און די יידישע שילערינס האָבן באַלד פון אָנהייב פאַרזוכט דעם ביטערן טעם פון אַנטיסעמיטיזם מצד זייערע חבר׳טעס און לערער־פּערסאָנאַל.

ווען די לאַגע איז געוואָרן אומדערטרעגלעך, האָבן זיך די יידן געזעץ געצוווּנגען צו שאַפן (אין יאָר 1910) אַן אייגענע ענלעכע שול מיטן נאָמען „דרעווניע־יעווריייסקאיע אוטשילישטשע“. דער פאַרוואַלטער איז געווען אַ געוויסער לערער שפּירא.

אין יאָר 1907—8 איז אויפגעקומען אויך אַ פיר־קלאַסיקע מענער־גימנאַזיע, מיט מלוכה רעכט, — די אַזוי־גערופענע „שוליצקי׳ס פּראָ־גימנאַזיע“ (אויפן נאָמען פון איר קריסטלעכן אייגנטימער „שוליצקי“). דאָס איז געווען אַ פּריוואַטע אונטערנעמונג, וועלכע האָט געהאַט גרויס אָנזען אין דער יידישער געזעלשאַפט און גענאָסן פון איר צוטרוי און אונטערשטיצונג. דער בנין האָט זיך געפונען אין אַ ריין־יידישער סביבה, און די שילער כמעט אויסשליסלעך

יידן. די אונטעררריכט־שפּראַך איז געווען רוסיש (דאָס זעלבע אויך אין דער יידישער פּרויען־שול) און די לימודים — אין פאַרנעם פון אַ מלוכה־גימנאַזיע. ביים ענדיקן די שול פלעגן פאָרקומען שטרענגע „דעפּוטאַטסקע" אַרויסלאָז־עקזאַמענעס (אויפן נאָמען פון די עקזאַמינאַטאָרן — „דעפּוטאַטן" —, וועלכע די מלוכה פלעגט דעלעגירן פון ווילנער שול־קוראַטאָריום), און די שילער, וועלכע האָבן אויסגעשטאַנען דעם נסיון, האָבן באַקומען אַ צייגניש, וואָס האָט זיי געגעבן דאָס רעכט פאָרצוזעצן זייערע לימודים אין די ווייטערדיקע קלאַסן פון רעגירונגס־שולן, אויף וויפל זיי זענען בכלל געווען פאַר יידן צוטריטלעך. פון דער דאָזיקער פּריוואַטער מיטל־שול האָבן גענאָסן בלויז קינדער פון פאַרמעגלעכע עלטערן, מחמת דעם הויכן שכר־לימוד.

בליענדיקע שול־יוגנט און אַ דינאַמישע אינטעליגענץ.

זייער טעטיק איז געווען אין יענע יאָרן די „יידישע אַרטיסטיש־ליטעראַרישע געזעלשאַפט" מיט איר באַרימטן טעאַטער־קרייז, וואָס האָט אַ כּך בייגעטראָגן צו דער גייסטיקער און קולטורעלער אַנטוויקלונג פון דער יידישער באַפעלקערונג.

## אנהויב פון יידישן טעאטער אין בּאראנאוויטש

דער שפּעטערדיקער „יידישער דראַמאַטישער פאַריין" אין באַראַנאָוויטש איז געווען אַ המשך פון דעם אַמאָליקן אַמאַטאָרן־קרייז, וועלכער איז אין די יאָרן פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען אַ באַשטאַנדטייל פון דער אַזוי גערופענער „יידישער ליטעראַריש־אַרטיסטישער געזעלשאַפט".



שוליצקי'ס פּראָ־גימנאַזיע

אין יאָר 1900 האָט די מלוכה געעפנט אַ שטאָט־שול פאַר מענער („גאָראָדסקאָיע אוטשילישטשע"), וועלכע איז אויך באַשטאַנען פון 4 קלאַסן, באַשטימט פאַר דעם נישט־פאַרמעגלעכן עלעמענט פון דער אָרטיקער און אַרומיקער קריסטלעכער באַפעלקערונג. דער צוטריט פאַר יידן איז דאָ געווען לויט אַ פאָרויס באַשטימטער פּראָצענט־נאָרמע (5 פּראָצענט) און די באַציונג צו זיי — אַ גענוג פיינטלעכע. דאָך איז זי געווען לכל הפּחות צוטרעטלעך אויך פאַר יידישע קינדער פון די ווייניקער־פאַרמעגלעכע שיכטן, וועלכע האָבן אָבער געמוזט אַרויסווייזן באַזונדערע פעאיקייטן ביי די שטרענגע איינטריט־עקזאַמענס.

ס'איז אויך געווען אַן אייניאָריקע מלוכה־פאָלקס־שול („נאַראָדנאָיע אוטשילישטשע"), פון וועלכער מען פלעגט אויטאָמאַטיש אריבערגיין אין ערשטן קלאַס פון דער שטאָט־שול. דער צוטריט פאַר יידן איז דאָ געווען אַ סך לייכטער.

אין דער צייט, ווען אויפן געביט פון יידיש־רעליגיעזן און יידיש־מאָדערנעם דערציונגס־וועזן, איז באַראַנאָוויטש אין יענע יאָרן געשטאַנען אויף לגמרי נישט קיין נידעריקער מדרגה, איז דאָס אַלגעמיין־וועלטלעכע שול־וועזן געווען אָפּגעשטאַנען. די יוגנט האָט געמוזט פאָרן פאָרזעצן איר בילדונג אין דער פרעמד; די פרויען — מייסטנס אין וואָלקאָוויסק, און די מענער — אין ווילנע, אין דער באַרימטער פּריוואַטער גימנאַזיע פון קאגאַן.

נישט געקוקט דערויף, האָט באַראַנאָוויטש פאַרמאָגט אַ

שוין אין די ניינציקער יאָרן פון פריערדיקן יאָרהונדערט האָט דער קליינער יידישער ישוב געהאַט דאָס פאַרגעניגן וואַרעם אויפצונעמען די ערשטע יידישע אַקטיאָרן, וועלכע האָבן זיך באַוויזן אין שטעטל.

אין יאָר 1893 האָט באַזוכט באַראַנאָוויטש די יידישע טרופּע „אנציפּאוויטש" מיט דעם באַרימטן כאָרמייסטער „ליאָווו", און אין אַ יאָר אַרום איז אַראָפּגעקומען די יידישע טרופּע „אַדאָלף קאמפּאַנעיעץ". זיי האָבן אויפגעפירט אייניקע אָפּערעטקעס און עטלעכע שאַפונגען פון גאָלדפאַדן אין גאָרדין. די פאָרשטעלונגען זענען געשפּילט געוואָרן אין דעם נישט־אויסגעענדיקטן הויז ביי גרינשפּאַנען אויף מאַרינסקע גאַס, און אין אַ שפּייכלער, וואָס איז געשטאַנען ביי לימאַנען אויפן הויף.

דאָס דערשיינען פון אַ יידיש טעאַטער, ווי אויך די ווייטערדיקע באַזוכן פון יידישע טעאַטער־שפּילער, האָבן פאַרכשופט אַ סך יונגע מענטשן און שטאַרק געווירקט אויף אַ גרופּע יונגעלייט, וועלכע האָבן אָנגעהויבן חלומען וועגן אַן אייגענעם טעאַטער קרייז. עס האָט נישט געדויערט לאַנג און אַזאַ קרייז איז טאַקע אָרגאַניזירט געוואָרן.

אויף דער איניציאַטיוו פון די פרויען חאַווקינאַ־טשערניכאָוו, וואָלקינאַ, בעלאָדובראָווסקאַ און די ה"ה בוסעל, ראַטנער, מאַנסקי, בעלאָדובראָווסקי א. א., מיט דער הילף פון עטלעכע באַגאַבטע יידישע זעלנער פון דעם מיליטערישן גאַרניזאָן אין באַראַנאָוויטש

גאָלד, שפּיץ און אַנדערע, — איז זיך צונויפגעקומען אַ גרופּע, וואָס האָט זיך גענומען צו פאַרווירקלעכן דעם געדאַנק פון אַ יידישן שוישפּילער־קרייז אין אונזער שטאָט.

מיט גרויס מי פלעגן די דאָזיקע באַגייסטערטע אַמאַטאָרן פון צייט צו צייט דערשיינען פאַרן יידישן עולם אויף פאַרשידענע אימפּראָוויזירטע בינעס, אין נישט־אויסגעענדיקטע הייזער, שטאָלן א. דגל.

די עלטערע מיטגלידער פונם שפּעטערדיקן „דראַמאַטישן פאַריין״ פלעגן אויף אַ הומאָריסטישן אופן דערציילן וועגן איינער פון אַזעלכע פאָרשטעלונגען, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין אַ תבואה־שפּייכלער וואָס איז מיט גרויס מי געוואָרן אויסגערייניקט; די ווענט און דעקאָראַציעס אויף דער פּרימיטיוו־צונויפגעשטעלטער בינע זענען אויסגעקלעפּט געוואָרן מיט קאָלירטן פּאַפּיר. און ווען מען איז חוה״מ פּסח געקומען אויף דער גענעראַל־פּראָבע, האָט מען געפונען דאָס גאַנצע פּאַפּיר אויסגעפרעסן און צעריסן דורך... שטשורעס.

דער ערשטער טעאַטער־בנין אין אונזער שטאָט איז אויסגעבויט געוואָרן אין די יאָרן פון פאַר דעם רוסיש־יאַפּאַנישן קריג דורך דעם אָרטיקן גראַף ראַזוואַדאָווסקי דאָס זאָל האָבן געשען נישט אַזוי אויס ליבע צו טעאַטער־קונסט, ווי פּשוט צוליב אַ צופאַל, וואָס האָט געהאַט הינטער זיך אַ געוויסן ראָמאַנטישן עפּיזאָד. דער דאָזיקער טעאַטער האָט זיך געפונען אויף ראָג פּאָטשטאָווע־גראַפּסקע, אויפן וועג צום יידישן בית־עלמין. עס רעדט זיך אַזוי — פּאָטשטאָווע, גראַפּסקע! אין דער אמתן זענען עס געווען בלויז נעמען פון אַנגעמערקטע גאַסן, ווייל אַרום און אַרום זענען נאָך נישט געווען קיין שום הייזער, נאָר בלויז ווילדע גראָזן און בוימער.



דער בנין פון ערשטן טעאַטער אין באַראַנאָוויטש (ראָג פּאָטשטאָווע־גראַפּסקע)

צוליב פאַרשידענע סיבות פלעגן דאָ די יידישע אַמאַטאָרן שפּילן זייער זעלטן.

אויף דעם אָרט פון דער טעאַטער־געביידע איז אין די יאָרן 1909—10 דערשינען דער בנין פון דעם אַמאָליקן פּאָסט־אַמט.

אַ סך פריער, בערך אין די יאָרן 1905—6, איז אויף ניי־באַראַנאָוויטש, אין דער געביידע פון דער אַזוי־גערופענער „אָפּשטשעסט־ווענאַיע סאָבראַניע״ (געזעלשאַפטלעכע פאַרזאַמלונג), אויפגעקומען אַ גרויסער טעאַטער מיט אַ ריזיקן זאַל און אַ שיינער מאָדערנער בינע, אויף וועלכער עס פלעגן אָפט אויפטרעטן די באַרימטסטע אַרטיסטן, זינגער און מוזיקער, וועלכע פלעגן כמעט שטענדיק אָפּשטייגן אין באַראַנאָוויטש אויף זייערע רייזעס קיין מאָסקווע, וואַרשע, פּעטערבורג און קיעוו. אויך יידישע באַרימטע אַרטיסטן, און אַפילו חזנים, פלעגן דאָ פון צייט צו צייט דערשיינען פאַרן יידישן און אויך נישט־יידישן עולם.

אַ סך פון די באַראַנאָוויטשער וועלן זיכער געדענקען די פאָרשטעלונגען פון אסתר רחל קאַמינסקי מיט איר טרופּע, וועלכע האָט איבערגעלאָזט אַ שטאַרקן רושם אויף דער יידישער באַפעלקערונג, ווי אויך די קאָנצערטן פון באַרימטן חזן סיראָטע אויף דער בינע פון דאָזיקן טעאַטער.

דעם אמת זאָגנדיק האָבן די יידישע אַמאַטאָרן־שפּילער און די יידישע באַפעלקערונג פון אים זייער ווייניק גענאָסן. דאָס טעאַטער איז געווען אונטער אַ קריסטלעכער פאַרוואַלטונג, און ער איז בכלל געווען ווייט פון שטאָט, אין אַ פיינטלעכער, ריין־גוישער סביבה.

## יידישע ליטעראַריש־אַרטיסטישע געזעלשאַפט

די פראַגע פון אַ יידישן טעאַטער און אַ צונויפקום־אָרט פאַר דער יידישער באַפעלקערונג, אַ מין ליטעראַריש־קולטורעלער צענטער, איז וואָס ווייטער געוואָרן אַלץ מער אַקטועל.

ענדלעך איז אין די יאָרן 1907—8 געגרינדעט געוואָרן די שוין דערמאָנטע „יידישע ליטעראַריש־אַרטיסטישע געזעלשאַפט״. די איניציאַטאָרן זענען געווען: חייקל עפּשטיין, בעלאָדובראָווסקי, יצחק יאַסינאָווסקי, דענטיסט טשערניכאָוו, מיטראָפּאָליטאַנסקי, מאַנסקי, שימאַנסקי, אשעראָווסקי, יערעמיצקי, משה לימאַן, ראַטנער, יודל בוסעל, מקס שילינער, פידלער, די פרויען וואָלקינא, חאַווקינאַ א. א.

די געזעלשאַפט האָט זיך געפונען אין הויז פון ליבער ראַבינאָוויטש, ראָג פּעטראָווסקע־מאַרינסקע. זי האָט פאַרנומען דעם גאַנצן צווייטן שטאָק. דאָ איז געווען אַ לעזע־זאַל און אַ ביבליאָטעק, ווי אויך אַ לאַנגער טעאַטער־זאַל און פאָרשטעלונגס־בינע, וואָס איז געווען קליין און אומבאַקוועם. אין אַלגעמיין איז דער לאָקאַל געווען נישט קיין גרויסער, אָבער אַ גאַנץ שיינער, און דער

עיקר, ער האָט זיך געפונען אין סאַמע צענטער פון שטאָט, און יעדער האָט זיך אין אים געפילט געמיטלעך און היימיש.

דער ליבהאָבער־קרייז איז באַשטאַנען פון אַ גאַנצער ריי באַגאַבטע פרויען און מענער, וועלכע האָבן זיך קונה שם געווען נישט נאָר ביי דער אָרטיקער יידישער באַפעלקערונג, נאָר אויך אין די טעאַטער־קרייזן ווייט איבער די גרענעצן פון אונזער געגנט. ביי אַ סך באַראַנאָוויטשער זענען זיכער איינגעקריצט אין זכרון און אין די הערצער די נעמען פון יוסף גאָלדשמיד, יודל בוסעל, ראטנער, בעלאדובראָווסקי און פרוי בעלאדובראָווסקאַ, ה׳ וואָלקין און פרוי וואָלקינא, מקס ליאכאָוויצקי, מאנסקי, מישאלאוו, פראַדל עפשטיין, ראָזע אַדלער, זלאַטקע פופקא, מלכה מיסקינא, פייגל אייזענשטאַט און אָפּגעשיידט צו לאַנגע יאָר מינע רובינשטיין (איצט אין אַמעריקע).

די ליטעראַריש־אַרטיסטישע געזעלשאַפט, אָדער ווי מען האָט זי אין שטאָט גערופן „ליטעראַטורנאָיע אָפשטשעסטוואָ“, איז אין די יאָרן פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, געווען דער לעבעדיקער נערוו פון געזעלשאַפטלעכן לעבן אין באַראַנאָוויטש און דער איינציקער אָרט ווו ס׳איז געווען קאָנצענטרירט די קולטור־טעטיקייט. די „ליוביטעלעס“ האָבן דאָ געפונען אַן אמתע היים און אַ ברייט פעלד פאַר זייער אַרבעט. דאָ פלעגן פאָרקומען טעאַטער־פאָרשטעלונגען און קאָנצערטן, יובילײ־פייערונגען, חנוכה־פאַרווײלונגען און טראַדיציאָנעלע פורים־בעלער, ווי אויך ליטעראַרישע אָוונטן און אַנדערע פאַראַנשטאַלטונגען. יידישע וואַנדער־טרופּעס און די באַרימטסטע קרעפטן פון וואַרשעווער יידישן טעאַטער, וועלכע פלעגן פון צייט צו צייט באַזוכן באַראַנאָוויטש, — האָבן דאָ שטענדיק געפינען אַ וואַרעם ווינקל און אַ פריינטלעכע באַציונג.

ביי וועמען פון די באַראַנאָוויטשער פון עלטערן דור איז נישט פאַרבליבן אין זכרון דער באַזוך פון שלום־עליכם, די פאָרשטעלונגען פון יוליוס אַדלער אין דער הויפּטראָל פון „ווילדן פאָטער“, און דער באַזוך פון מ. גנעסין אין יאָר 1913. עס איז דאַן אויפגעפירט געוואָרן אין באַראַנאָוויטש „אוריאל אקאסטא“ אין העברעאיש אונטער דער אָנפירונג פון מנחם גנעסין (הויפּטראָל: רודאָלף זאַסלאַווסקי).

אין אַזוי האָט זיך די טעטיקייט פון אַמאַטאָרן־קרייז געצויגן ביז דעם ערשטן וועלט־קריג.

דאָך האָט זיך די אַרבעט אינגאַנצן נישט אָפגעשטעלט. אין פרילינג 1915, אין סאַמע ברען פון קריג, האָבן די יידישע „ליוביטעליעס“ אויפגעפירט „קרייצער סאנאטע“ (אין רוסיש). די פּיעסע איז געשפּילט געוואָרן מיט גרויס דערפאָלג; עס איז אָנוועזנד געווען אויף דער פאָרשטעלונג די רוסישע אַריסטאָקראַטיע פון קייסערלעכן הויף, ווי אויך דער גאַנצער גענעראַל־שטאַב, וועלכער האָט דעמאָלט רעזידירט אין באַראַנאָוויטש. די איינקונפט איז געווען לטובת די קריגס־פאַרוואונדעטע.

מיט דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון קריג און דערנענטערן זיך פון דער דייטשער אַרמיי צו אונזער שטאָט, האָבן אייניקע פון די אַקטיווסטע מיטגלידער פון ליבהאָבער־קרייז זיך עוואַקואירט קיין טיף רוסלאַנד, אַנדערע האָבן זייער נייע היים געפונען אין די לענדער מעבר לים.

## ווירטשאַפטלעכער כאַראַקטער

ליגנדיק אויף אַ קרייצוועג פון דריי אייזנבאַן־ליניעס — האָט באַראַנאָוויטש געשמט אַלס אָנגעזעענער ווירטשאַפטלעכער צענטער אויפן שטח פון מערב־ווייסרוסלאַנד. אַ וויכטיקן אָרט האָט פאַרנומען דער האַנדל. פון אים האָט געצויגן זיין חיונה אַ היפשער טייל פון די אָרטיקע יידן: סוחרים, קרעמערס, אַגענטן, וואָיאַזשאָרן, מעקלערס, וואָזאַקעס, טרעגערס, און אַמדירעקט — די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג. אויך האָט מען געוווסט צו דערציילן וועגן כלומרשטע גליקן, וואָס די באַראַנאָוויטשער יידן מאַכן פון די גרויסע מיליטערישע גאַרניזאָנען, וואָס האָבן סטאַציאָנירט אין שטאָט.

וואָס אַן אמת, איז דער עקאָנאָמישער מצב פון די באַראַנאָוויטשער יידן שטענדיק געווען אַ סך בעסער ווי אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך אין איר גלייכן.

דער ריזיקער „סוכאַרני־זאַוואָד“, איינער פון די גרעסטע אינטענדאנטסקע זאַוואָדן אין רוסלאַנד, האָט זיך פאַרנומען מיטן באַקן און טריקענען מיליטערישע ברויטלעך, וואָס האָבן געדינט אַלס „אייזערנער רעזערוו“ פאַרן מיליטער אין צייטן פון מאַנעווערס און אין פאַל פון אַ מלחמה. די דאָזיקע ברויט־פאַבריק האָט פאַרברויכט גרויסע קוואַנטומס מעל, ברען־האָלץ און אַנדערע טעכנישע מאַטעריאַלן.

דאָסגלייכן אויך דער גרויסער מיליטערישער לאַגער אין שטאָט גופא און דער באַרימטער „סקאָבעלאָוו“־לאַגער, בערך 20 קילאָמעטער פון באַראַנאָוויטש, וווהין עס פלעגן זיך צונויפזאַמלען אויף זומערדיקע מאַנעווערס די חילות פון די אַרומיקע געגנטן. ער איז געלעגן נעבן דאָרף טאַרטאַקי (5 קילאָמעטער פון דער סטאַנציע לעשנא), און זיך געצויגן לענגויס דעם ביאַליסטאָקער שאָסיי אין דער ריכטונג צו באַראַנאָוויטש. די הויפּט־ליפעראַנטן פאַרן מיליטער און די באַנען זענען געווען אָרטיקע יידן, די אַזוי־גערופענע „פּאָדריאַטשיקעס“, וועלכע פלעגן אַהין צושטעלן אַלערליי בוי־מאַטעריאַלן, ברען־האָלץ, תבואה, מעל, פלייש און אַנדערע פּראָדוקטן.

אַזוי, צום ביישפּיל, האָט יעקב טורעצקי געליפערט שפּאַלן פאַר די באַנען, בוי־און ברען־האָלץ פאַר דער אַרמיי; לימאַן פלעגט צושטעלן אייזן און אַנדערע טעכנישע מאַטעריאַלן; גורעוויטש און זאבלאצקי — היי און האָבער פאַר די פערד; די קצבים נארקונסקי און שעניצקי האָבן באַזאָרגט די לאַגערן מיט פלייש; אילוטאָוויטש — מיט קאַרטאָפל און קרויט. מרדכי סאדאָווסקי איז געשטאַנען אין שפּיץ פון א גרופּע יידישע סוחרים, וואָס האָט געליפערט הונדערטער טויזנטער פודן תבואה און מעל פאַר דער ברויט־פאַבריק, און געמאַכט אַ יערלעכן אומזאַץ פון אַ מיליאָן רובל, בערך.

די צאַרישע אַנטיסעמיטישע רעגירונג האָט נישט געפונען קיין בעסערע ליפעראַנטן ווי די יידן; אין יענע צייטן, ווען עס זענען נישט געווען קיין אויטאָמאָבילן און טעלעפאָנען, און דאָס נעץ פון שאָסייען איז נישט געווען אַנטוויקלט, און אַלץ האָט מען באַדאַרפט פירן אויף בלאָטיקע וועגן און אומוועגן, — האָבן זיך געפאָדערט אויסערגעוויינלעכע אָרגאַניזאַטאָרישע כוחות און אַדמיניסטראַטיווע פעאיקייטן, כדי צו ליפערן אַלץ אין דער באַשטימטער צייט, אין דער געהעריקער מאָס, לויט די פאַרפליכטונגען.

אויסער די אַלע צושטעלונגען פאַרן מיליטער, האָבן אין די גאַרניזאָנען געלעבט אָפיצערן מיט זייערע משפחות, פון וועלכע די שטאָט האָט געצויגן אַ סך פדיון און פרנסה. דער רוסישער אָפיצער האָט ליב געהאַט צו טראָגן פּריוואַטע שטיוול און מונדירן, באַשטעלטע ביי די אָרטיקע יידישע שוסטער און שניידער. זייערע פרויען און קינדער זענען שטענדיק געגאַנגען שיין געקליידעט, און זייערע גאַרדיראָבעס פלעגן זיי נייען ביי די בעסטע יידישע פאַכלייט. דאָס זעלבע גילט אויך לגבי די פּוילישע פּריצים פון דער אַרומיקער געגנט.

אַרום די וואָקזאַלן און אייזנבאַן־וואַרשטאַטן, באַזונדערס אויף ניי־באַראַנאָוויטש, האָבן געוווינט מיט זייערע פאַמיליעס אַ סך באַאַמטע, קאָנדוקטאָרן און מאַשיניסטן, וואָס אויך זיי זענען געווען אָפטע געסט ביים יידישן בעל־מלאכה און קרעמער.

אַ חוץ דעם האָט באַראַנאָוויטש פאַרמאָגט, אויסער דעם אָרטיקן יידישן קאָנסומענט, אַ ברייטע פּראָווינץ, פון וואַנען מען פלעגט פאָרן אַהער איינקויפן פאַרשידענע סחורות אין די הורטאָווע געשעפטן. האָבן זיך טאַקע געעפנט גרויסע געשעפטן און צאָלרייכע קראָמען.

באַקאַנט און באַרימט זענען געווען די גרויסע הורט־לאַגערן און געשעפטן פון מאַנופאַקטור (משה דוד שערעשעווסקי, צבי איזיקזאָן, און שפּעטער — געצאָוויטש־שערעשעווסקי, איצקאָוויטש־קאַפּלאַן, ברוך גאַלאַי, ספּעקטאָר א. א.), אייזן און בוי־מאַטעריאַלן (לימאַן, האַלפּערין), גאַלאַנטעריי (גרשון ברעגמאַן, גאָלדין), שוכוואַרג (סלוצקי), א. אנד.

אין קעגנזאַץ אָבער צו דער ווירטשאַפטלעכער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט אַלס צענטער פון האַנדל און מלאכה, האָט זי נישט געהאַט צו פאַרצייכענען קיין באַזונדערן פאָרשריט אויפן געביט פון אינדוסטרי. עס זענען אַפילו יאָ געווען אייניקע פאַרהעלטניסמעסיק גרעסערע און קלענערע אינדוסטרי־אונטערנעמונגען ווי צ. ב., דער טאַרטאַק פון קושניר, די פאַבריק פון מילשטיינער און מיל־מאַשינען „מוקאָמאָל" פון ראָגוזניצקי־ברוק, די בוימל־פאַבריק פון שימשעלעוויטש, די דזעגעכץ־פּראָדוקציע פון גובאַר, די זייף־פאַבריקל פון לייזער בערענשטיין א. א. וו.; די דאָזיקע געציילטע אונטערנעמונגען זענען געבויט געוואָרן אין די ערשטע יאָרן פון צוואַנציגסטן יאָרהונדערט. אין יאָר 1909 איז צוגעקומען די אייזן־און מעטאַל־גוס־פאַבריק פון שמואל זשוכאָוויצקי.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען אויפגעקומען די מילשטיינער פאַבריקן: „קרעמען" פון סטאָלאָוויצקי און „מעלניק" פון די ברידער באַרישאַנסקי, די בוימל־פאַבריק פון גאָלד און אַ פאַבריקל צום טריקענען עפּל, אַ פאַבריק פון פלייש־קאָנסערוון „קרעסעקספּאָרט" (אין די דרייסיקער יאָרן, מערסטנס אויף עקספּאָרט), אַ גרויסער מעבל־וואַרשטאַט (אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות), און אַנדערע, מערסטנס קלענערע אונטערנעמונגען. אָבער גרויסע פאַבריקן, וואָס באַשעפטיקן הונדערטער און טויזנטער אַרבעטער, זענען אין באַראַנאָוויטש נישט געווען.

דער זעלבער קאָמוניקאַציע־צענטער, וועלכער האָט פון איין זייט בייגעטראָגן צו דער אַנטוויקלונג פון האַנדל, האָט פון דער אַנדערער זייט געשטערט איר אינדוסטריעלן וווּקס. עס איז געווען אַ סך לייכטער און ביליקער צו ברענגען פאַרטיקע מאַטעריאַלן און סחורה מיט די באַנען, ווי צו פּראָדוצירן זיי אויפן פּלאַץ און קאָנקורירן מיט די אַלטע, גוט־אַנטוויקלטע פאַבריקן.

ווי באַקאַנט איז באַראַנאָוויטש געלעגן אין אַ געגנט, וואָס איז געווען רייך אויף וועלדער; צוליב דעם איז די שטאָט געווען באַקאַנט אַלס האַנדלס־פּונקט פון וואַלד און, אַ דאַנק אירע גרויסע טאַרטאַקן, אַן עקספּאָרט־צענטער פון האָלץ־מאַטעריאַלן קיין אינלאַנד און אויסלאַנד. דאָסגלייכן אויך שפּייז־פּראָדוקטן ווי תבואה קעז, אייער, פלייש א. א.

וואָס שייך געוויסן רוי־מאַטעריאַלן, איז צוליבן פעלן פון אַ טייך געווען באַשווערט און נישט ביליק דער טראַנספּאָרט פון רויען, נישט־באַאַרבעטן האָלץ אין לאַנד גופא און אין אויסלאַנד. אַזוי איז אין דער שכנותדיקער שטאָט סלאָנים, וואָס איז געלעגן ביי דער טייך שטשאַראַ, דער האָלץ־טראַנספּאָרט געגאַנגען אויפן וואַסער (פּליטן, ראַפּסאָדעס א. ד. גל.).

ענלעך איז געווען דער מצב מיט פעל. די אויסאַרבעטונג פון דאָזיקן אַרטיקל האָט געפאָדערט אַ סך וואַסער.

בכלל האָבן אין באַראַנאָוויטש געפעלט די אַלע פרנסות, וואָס האָבן געהאַט אַ וועלכע ס'איז שייכות צום וואַסער ווי פישעריי, גאַרבעריי, וואַסער־מילן א. ד. גל.

וואָס אַמבעלאַנגט אַנדערע רוי־מאַטעריאַלן ווי מילך, תבואה, זוימען, האָלץ, קאָרע, סמאָלע, ליים א. א., זענען זיי, ווי געזאָגט, מער אָדער ווייניקער אויסגענוצט געוואָרן אויפן פּלאַץ אין די אויבנדערמאָנטע אונטערנעמונגען.

באַראַנאָוויטש איז געלעגן אויף אַ זאַמדיקן באָדן, אָבער דער קליינער שטח פון ליים, וואָס האָט זיך געפונען אויפן וועג קיין מוש, איז פולקום פאַרברויכט געוואָרן דורך די אַמאָליקע דריי ציגעלניעס (פיין, פּיקעלני און רפעל קאַפּלאַן).

צוגלייך מיטן האַנדל איז אונזער שטאָט אויך געווען אַ גרויסער פאַרמיטלונגס־צענטער מיט אַ סך אַגענטורן און עקספּעדיציע־קאַנטאָרן, פאַרמיטלער, קאָמיסיאָנערן, וואַיאַזשאָרן א. א. וו. לסוף איז נאָך ווערט צו דערמאָנען דיביידע באַראַנאָוויטשער וועלדער, וואָס איינער פון זיי, דער „קאַזיאָנער", איז געשטאַנען אין סאַמע מיטן שטאָט, און דער צווייטער, דעם גראַפס וואַלד, איז נאָך געווען אַ זכר פון דעם אַמאָליקן געדיכטן וואַלד, וואָס האָט בשעתו באַדעקט דעם גאַנצן שטח פון באַראַנאָוויטש. די שטאָט האָט געשמט אַלס קוראָרט פאַר לונגען־קראַנקע און אַלס אַפּרו־אָרט.

פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט נאָך באַראַנאָוויטש געאָטעמט מיט דער געזונטער טרוקענער לופט פון אירע וועלדער, פלעגן זיך טאַקע צונויפפאָרן אַהער הונדערטער דאַטשניקעס, און די שטאָט האָט פון זיי געניאָסן אויך אין מאַטעריעלן זין. אַ סך פון די באַראַנאָוויטשער איינוווינער האָבן פון דעם זומער־סעזאָן טיילווייז געצויגן זייער פרנסה.

דער רוב מנין און בנין פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט זיך דאָ פאַרנומען מיט קליינהאַנדל און מלאכה. אַ חוץ די רייכע פּאָדריאַטשיקעס, פאַרמעגלעכע וואַלד־און תבואה־סוחרים, אייגנטימער פון גרויסע אונטערנעמונגען און געשעפטן וואָס האָבן אויסגעמאַכט אַ דינע שיכט פון דער באַפעלקערונג, האָט באַראַנאָוויטש

פאַרמאָגט אויך אַ היפּש ביסל אָרעמקייט. אמת, אויך דער קליינער קרעמער און בעל־מלאכה האָט גענאָסן פון מיליטער און באַנען, דאָך זענען צווישן זיי געווען גענוג אָרעמע און געדריקטע.

דאָסווירטשאַפטלעכע לעבן האָט זיך אַלץ מער און מער אַנטוויקלט, און עס האָט זיך אָנגעהויבן ביסלעכווייז פילן אַ שטאַרקער מאַנגל אין געלט. דער גרויסער סוחר האָט זיך נאָך ווי עס איז געגעבן אַן עצה, באַקומענדיק קרעדיטן אין די איינקויפס־פלעצער פון וואַרשע, לאָדזש א. אנד. אַ סך ערגער איז אָבער אין דעם פּרט געווען די לאַגע פון קליינעם קרעמער און בעל־מלאכה. דער ערשטער האָט זיך געניטיקט אין קלענערע קורץ־טערמיניקע הלוואות אויף איינצוקויפן אַ ביסל סחורה און אויספילן זיין קרעמל און קלייטל פאַר אַ מאַרק־טאָג, וועלכער פלעגט פאָרקומען איין מאָל אין וואָך און איז געווען אַ וויכטיקער מקור פרנסה פאַר דעם קליינעם קרעמערל און אַלע וואָס האָבן געלעבט פון מאַרק. געוויינלעך פלעגט דער גוי איבערלאָזן אין שטאָט, אין די פאַרשידענע קלייטלעך און אין די שיינקען, דעם גרעסטן טייל פון אָפּגעלייזטן געלט. דער האַנטווערקער און בעל־מלאכה האָבן אויסגעקוקט נאָך אַ פּאָר רובל אויף איינצושאַפן זיך די נויטיקסטע מכשירים, רוי־שטאָפן און צודאַטן צו דער אַרבעט.

אַ סך נוצן האָט דאָ געבראַכט די „גמילות חסד״־קאַסע, וואָס האָט שוין עקזיסטירט אין באַראַנאָוויטש זינט די נײַנציקער יאָרן. זי האָט טריי געדינט די באַדערפענישן און נויטן פון די נישט־פאַרמעגלעכע שיכטן. איז אָבער צוליב אינטריגעס אונטערגעגאַנגען.

די איינציקע מקורות ווו מען האָט נאָך געקענט באַקומען אַ קלענערע הלוואה זענען געווען די געוויינלעכע לווים, וועלכע האָבן געפאָרעדט הויכע ציינזן. עס זענען אויך געווען צוויי פּריוואַטע געלט־קאָנטאָרן, פון מ. מ. גינצבורג און שלום צעכאַנאָוויטש, אָבער זיי האָבן פאַרלאַנגט געוויסע גאַראַנטיעס אָדער זשיראַנטן.

די לאַגע האָט זיך געענדערט צום גוטן ערשט שפּעטער, ווען ס׳איז געגרינדעט געוואָרן, אויף דער איניציאַטיוו פון בערל קורכין, א „ססודא־זבערעגאַטעלנע״ קאַסע (אַ מין שפּאָר־קאַסע), וואָס האָט געפירט צו אַן אויפלעבונג אין מסחר און האָט געהאָלפן דעם אָרעמען בעל־מלאכה און קרעמער. מען פלעגט באַקומען הלוואות אויף קליינע ציינזן אויסצוצאָלן אין קלענערע ראַטעס. די דאָזיקע קאַסע איז אָבער נישט געווען ביכולת צו באַפרידיקן די גרויסע נאָכפראַגן נאָך קרעדיט.

נאָך שפּעטער איז שוין אויפגעקומען די באַנק „וזאַאימנאָהאָ קרעדיטאַ״ (קעגנזייטיקער קרעדיט). דער הויפּט־איניציאַטאָר און דירעקטאָר איז דאָרט געווען אלתר לימאַן. די דאָזיקע באַנק האָט געהאָלפן די סוחרים און קרעמער אין פיל הינזיכטן. קליינע וואַלד־סוחרים פלעגן באַקומען געלט אויף גיין צו טאָרגעס פון קאַזיאָנע וועלדער, און קרעמער האָבן פרייער געקענט אַנטוויקלען זייערע געשעפטן. לסוף איז כמעט דער גאַנצער קאַפּיטאַל פאַרבליבן ביי די וואַלד־הענדלער, ווייל ווען עס האָט אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה האָבן די קרעמער זייערע חובות אומגעקערט, אָבער דער וואַלד־סוחר האָט נישט געהאַט פון וואָס צו צאָלן און נישט געקענט נאָכגיין זיינע פאַרפליכטונגען.

אין יאָר 1913 האָט זיך געעפנט אין באַראַנאָוויטש אַן אָפּטייל פון „רוסקאָ־פראַנצוסקי״ באַנק. ער האָט פונקציאָנירט נאָר אַ קורצע צייט און זיין טעטיקייט האָט זיך געפילט אין שטאָט זייער ווייניק, אַ חוץ וואָס מען האָט דאָ געמוזט צאָלן ס׳רוב וועקסלען, וועלכע מען האָט אַהער איבערגעגעבן אויף אינקאַסאָ.

אַנדערש האָט באַראַנאָוויטש אויסגעזען אין די יאָרן פון דער דייטשישער אָקופּאַציע (1915—1918). די שטאָט האָט דאַן דורכגעמאַכט אַ שרעקלעכן עקאָנאָמישן קריזיס.

באַראַנאָוויטש איז געלעגן האַרט ביים פראָנט. מען האָט נישט געקענט אַריינפאָרן און אַרויספאָרן. דאָס ווירטשאַפטלעכע לעבן איז געוואָרן אָפּגעשטעלט. די גאַנצע באַפעלקערונג איז געגאַנגען אויף צוואַנגס־אַרבעט, די געשעפטן, קראָמען און וואַרשטאַטן זענען געווען געשלאָסן; שפּייז־פּראָדוקטן פון ערשטן געברויך האָט מען באַקומען פאַרטיילט פון בירגער־קאָמיטעט. אַנדערע זאַכן האָט מען נישט געקענט קויפן, און ס׳איז נישט געווען פאַר וואָס צו קויפן. די שטאָט איז געווען פאַרפלייצט פון מיליטער מיט זייערע „אָבאָזן״ און פעלד־קיכן. יידן, די וואָס זענען געווען באַפרייט פון צוואַנגס־אַרבעט, האָבן זיך אויסגעזוכט אַ נייע פרנסה, — מען האָט געעפנט טייהייזער; נישט אַזוי צוליב דעם פאַרקויפן פון אַ גלעזל טיי פאַר די זעלנער און אָפיצערן, ווי צו שליסן מיט זיי באַקאַנטשאַפט, געניסן פון די מיליטערישע קאַנטינעס און דער עיקר, מאַכן מיט זיי פאַרשידענע האַנדל־טראַנזאַקציעס.

ערשט אין יאָר 1918, נאָכן בריסקער שלום־טראַקטאַט צווישן ראַטן־פאַרבאַנד און דייטשלאַנד, האָט די שטאָט אָנגעהויבן ביסלעכווייז אויפצולעבן. די דייטשן האָבן זיך דערלאַנגט אַרוק טיפער קיין רוסלאַנד און אוקראַינע, פונוואַנען זיי האָבן טראַנספּאָרטירט דאָס אָנגערויבטע רוסישע האָב און גוטס אַהיים קיין דייטשלאַנד. אונטערוועגס, אומעטום ווו די עשאַלאָנען פלעגן זיך אַ געוויסע צייט אויפהאַלטן, ווי ס׳איז געווען דער פאַל אין באַראַנאָוויטש, פלעגן גאַנצע וואַגאָנען מיט סחורות ווערן אויסגעפאַרקויפט דורך די באַגלייטער אַליין. אַ סך יידן זענען פון דעם רייך געוואָרן.

## געזעלשאפטלעכע דיפערענציאציע און אנהויב פון דער ארבעטער-באוועגונג

דעם אָנהויב פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אונזער שטאָט איז צוריקצופירן אויף די יאָרן 4—1903.

באַראַנאָוויטש האָט נישט פאַרמאָגט קיין פאַבריקן און ממילא קיין אינדוסטריעלע אַרבעטערשאַפט. דאַקעגן איז דאָ געווען אַ גרויסע צאָל בעלי־מלאכות פון פאַרשידענע פאַכן וואָס האָבן באַשעפטיקט אַרבעטער און לערניינגלעך אין קלענערע וואַרשטאַטלעך, אין וועלכע ס׳האָבן געאַרבעט פון 2 ביז 10 געזעלן.

דער יידישער שניידער און שוסטער, ער און זיינע קינדער, האָט אליין געמוזט ארבעטן ביז שפּעט אין דער נאַכט, כדי ער זאָל זיין אימשטאַנד אויסצוהאַלטן זיין משפּחה מיט אַ שטיקל ברויט און קאַרטאָפל, באַזאָרגן זיינע צאָלרייכע קינדערלעך מיט אַ שוך און בגד און שכר לימוד, געבן עטלעכע קאָפּיקעס דער פרוי אויף אַריינצוברענגען אין שטוב שבת און יום־טוב, אָפּשפּאָרן אַ פּאָר קערבלעך אויף אַ ניי־מאַשין און נויטיקע צודאַטן צו דער אַרבעט.

געווען אַ סך בעלי־מלאכות, וואָס האָבן געלעבט אַפילו ערגער פון די אַרבעטער וואָס האָבן ביי זיי געאַרבעט. אָפט האָט מען געאַרבעט, געגעסן און אפילו געוווינט צוזאמען.

אָט פון די בעל־מלאכה׳שע וואַרשטאַטלעך האָבן זיך רעקרוטירט די ערשטע אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעטער. וואָס שייך אַרבעטער, איז זייער מצב געווען גאַנץ שווער. צומיינסט קינדער פון אָרעמע הייזער, וואָס האָבן געמוזט פאַרלאָזן די באַנק פון „חדר" און אַוועקגיין זיך לערנען אַ מלאכה, עטלעכע יאָר אַרבעטן אומזיסט אַלס לערניינגל און ערשט דאַן אָנזען די ערשטע פאַרדינטע גראָשנס. יידישע מיידלעך פון נישט־פאַרמעגלעכע עלטערן, פלעגן שוין אין די קינדערשע יאָרן אַוועקגיין זיך לערנען אַן אַרבעט און די שווער פאַרדינטע קאָפּיקעס אָפּגעבן דעם טאַטן, אָדער קלייבן אַ גראָשן צו אַ גראָשן אויף נדן א. א. וו.

אַ סך יידישע בחורים און מיידלעך פלעגן פאַרלאָזן די היימען פון זייערע געדריקטע עלטערן אין די אַרומיקע ישובים און קומען קיין באַראַנאָוויטש. זיי פלעגן זיך אויפהאַלטן ביי אַ קרוב אָדער אַ נאָענטן באַקאַנטן. מייסטנס אַרבעטן אין אַ וואַרשטאַט פאַרן עסן און שלאָפן און אַמאָל נאָך עטלעכע מטבעות דערצו אויף טאַשן־אויסגאַבן.

אין אַלגעמיין האָט סיי דער בעל־מלאכה און סיי דער אַרבעטער געלעבט זייער אָרעם. דער שפּייז איז באַשטאַנען בעיקר פון קאַרטאָפל, קרויט, אַ הערינג און ד. גל. אַ שטיקל פלייש האָט מען זיך פאַרגונען נאָר אויף שבת אָדער יום־טוב. מען האָט געמוזט שווער אַרבעטן, און נישט שטענדיק איז געווען אַרבעט. געאַרבעט האָט מען פון זון־אויפגאַנג ביז זון־אונטערגאַנג, און ווינטער ביז שפּעט אין אָוונט. דער לוין איז געווען אַ נישטיקער, די סאָציאַלע באַדינגונגען שווערע. סאָציאַלע פאַרזיכערונג ווי קראַנקן־קאַסעס, קעגנזייטיקע הילף, באַצאָלטער אורלויב איז נאָך דאַן נישט געווען. אין דער צייט פון קראַנקהייטן האָט מען דעם אַרבעטער נישט געצאָלט. באַזונדערס שווער האָט געליטן דער לערניינגל; ער איז בכלל געווען אַ קנעכט, וואָס האָט געמוזט טאָן אַלץ וואָס זיין בעל־הבית און בעל־הבית׳טע האָבן אים באַפוילן, און נישט זעלטן אויסשטיין קלעפּ און זידלערייען.

אין די רייען פון מיליטערישן גאַרניזאָן, וועלכער האָט סטאַציאָנירט אין באַראַנאָוויטש, האָט זיך געפונען אַ גאַנץ היפּשער קערן, וואָס איז געווען דורכגעדרונגען מיטן רעוואָלוציאָנערן גייסט און אַפילו באַוויזן אָנצושטעקן מיט אים אַ געוויסן טייל פון דער אָרטיקער יידישער אינטעליגענץ, וועלכע איז צוגעשטאַנען צו דער אַזוי גערופענער ס. ר. (סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי).

מען האָט ביי אונז געוווסט צו דערציילן וועגן דעם דאָזיקן מיליטער אַ געוויסן עפּיזאָד, וואָס הגם איך גיב אים איבער מיט אַ געוויסער באַוואָרעניש — איז ער אָבער גענוג כאַראַקטעריסטיש. ווען דער צאַר ניקאָלאַיי דער צווייטער איז איינמאָל דורכגעפאָרן באַראַנאָוויטש, האָט די ערנוואַך פון אָרטיקן מיליטערישן גאַרניזאָן, וואָס איז געווען אויסגעשטעלט אויפן וואָקזאַל, זיך דערלויבט נישט צו ענטפערן מיט דעם טראַדיציאָנעלן אויסרוף אויף דער באַגריסונג פון זייער אַלמעכטיקן הערשער. ס'איז געווען אַ שטרענגע אויספאָרשונג — און די שולדיקע זענען באַשטראָפט געוואָרן.

די דאָזיקע אייזנבאַן־באַטאַליאָנען, וועלכע האָבן באַלאַנגט צו די שופרא דשופרא פון רוסישן מיליטער, און האָבן געשמט אין די ברייטסטע מיליטערישע קרייזן פון רוסלאַנד מיט זייער אינטעליגענץ, האָבן געשפילט אַ גרויסע ראָל ביים דערשטיקן דעם איין־און־איינציקן פּאָגראָם, וואָס האָט געזאָלט פאָרקומען אין אונזער שטאָט אין יאָר 1906 (זע — „נישט־געלונגענע פּאָגראָם־פּרוון אין באַראַנאָוויטש").

אויף דער יידישער גאַס זענען נאָך דאַן נישט געווען קיין שום פּאַרטייען, אַ חוץ דער פאַרהעלטניסמעסיק גוט־אָרגאַניזירטער „אגודת הציונים", וואָס איז שוין געווען טעטיק זינט עטלעכע יאָר, אָבער נישט באַוויזן, אָדער זיך נישט באַמיט, אריינצודרינגען אין די רייען פון דער אָרטיקער אַרבעטערשאַפט. איך גלויב, אַז דאָס איז געווען צוליב דער שאַרפער סאָציאַל־עקאָנאָמישער און געזעלשאַפטלעכער אָפּגרענצונג מצד דעם בעל־הבית׳יש־בירגערלעכן טייל פון דער באַפעלקערונג לגבי דעם יידישן בעל־מלאכה און אַרבעטער.

דעם אויבן־אָן אין יידישן לעבן האָבן פאַרנומען יחוס־לייט, לייידיק־גייערס, מנחם־מנדל׳ס און לופט מענטשן. דעם יידישן בעל־מלאכה האָט מען באַטראַכט פאַר אַ ייד פון אַ נידעריקערער מדרגה, אַ „פּאָליש"־מענטש, אַן אָפּגעשטאַנענער, מינדערווערטיקער עלעמענט און עם הארץ. אַ שידוך מיט אַ בעל־מלאכה — ערגער ווי שמד רחמנא לצלן. אין באַראַנאָוויטש איז די דאָזיקע יחוס־דיסטאַנץ געווען באַזונדערס בולט. די שטאָט איז געווען אַ יונגע, די מענטשן צונויפגעלאָפענע. און ביז מען האָט דערקאָנט איינער דעם צווייטן — פון וואַנען ער שטאַמט און דער עיקר פון וועמען ער שטאַמט און וואָס איז זיין יחוס, — פלעגט מען זיך באַציען צו אים מיט רעזערוו. און דאָס אַלץ נישט געקוקט אויף דעם, וואָס דער בעל־מלאכה איז לגמרי נישט געווען קיין אָפּגעשטאַנענער עלעמענט, הן אין די שוואַרצע פינטלעך און הן אין פאַרשטאַנד, און אודאי נישט אין מאָראַלישן זין. אַזוינע בעל־מלאכות ווי זונדל דער שוסטער און באָגאַט׳ן דער שניידער, אַרקע דער טשעסליער (געלערנט מיט אַן עולם משניות), דוד דער בעל־עגלה (געווען בעל־קריאה אין אַ בית־מדרש), משה אהרן דער שמיד און אז. וו., האָבן זיך זיכער נישט באַדאַרפט שעמען קעגנאיבער די „שענסטע" בעלי־בתים פון שטאָט.

די בעלי־מלאכות האָבן גוט געפילט די דאָזיקע אומווירדיקע איינשטעלונג און האָבן זיך געזען געצוווּנגען איר אַנטקעגנצושטעלן.

ווי שוין דערמאָנט, האָט באַראַנאָוויטש דאַן נישט פאַרמאָגט קיין קהילה, און די אָפיציעלע ייד׳שע פאָרשטייערשאַפט קעגנאיבער דער מאַכט איז געווען רעפּרעזענטירט דורך דעם „קאַזיאָני־ראַווין". (ראַבינער באַשטימט דורך דער מאַכט) ד"ר שפּירא און „מעשטשאַנסקי סטאַראָסטאַ" (געמיינדע־פאָרשטייער) יעקב משה פּיקעלני (שפּעטער מיכל גאלאי). פאַקטיש אָבער זענען אַלע קהל׳שע אָנגעלעגנהייטן געלעגן אין די הענט פון גבאים און חשובע בעלי־הבתים, די אַזוי גערופענע כלל־טוער.

די בעלי־מלאכות האָבן אָבער אויך געוואָלט האָבן אַ השפעה און דעה אויף די שטאָטישע ענינים. זיי האָבן זיך קאָנסאָלידירט אין און אַרום זייער בעל־מלאכה׳שן בית־מדרש „פועלי צדק" אונטער דער אָנפירונג פון זייער גבאי, דעם עסקן יעקב יודקאָווסקי, און געשאַפן א גוט־אָרגאַניזירטן כוח צו פאַרטיידיקן זייערע אינטערעסן

עס זענען אנטשטאנען צוויי קעמפנדיקע צדדים. פון איין זייט די לומדים און זייערע בעל־הבית׳ישע אנהענגער, פון דער צווייטער זייט — דער בעל־מלאכה׳שער פראנט און סתם עמך. דער פיזישער כוח איז, פארשטייט זיך, געווען ביי די לעצטע. אין זייערע הענט האט זיך געפונען די גאנצע צייט די חברא־קדישא, זייערע מענטשן האבן אויסגעמאכט דעם רוב מנין ובנין פון דער ארטיקער פייערלעשער־געזעלשאפט. אין אנהויב פון צוואנציקסטן י. ה. האט די אויבנ־דערמאנטע דיפערענציאציע דערגרייכט איר הויך־פונקט. קהל׳שע רייבונגען און עקשנות׳דיקע מחלוקתן זענען געווען נישט קיין זעלטענע דערשיינונג. איינע פון די שארפסטע מחלוקת איז פארגעקומען אין יאר 1906, נאך דער פטירה פון ערשטן רב, הרב ר׳ ח. ל. ליובטשאנסקי זצ"ל. די לומדים האבן געטענהט, אז בארא־נאוויטש איז שוין געווארן אן עיר ואם בישראל; זי איז שוין ראוי צו האבן אן עלטערן רב, א „גרויסן" מרא דאתרא. דער בעל־מלאכה׳שער צד, אונטערשטיצט פון די קצבים, האט קאטעגאריש געפאדערט, אז דער ממלא־מקום זאל זיין דער יונגער איידעם פון נפטר, וועלכער וועט אגב אויסהאלטן די אלמנה מיט איר משפחה. ביידע צדדים האבן געקעמפט פארביסן און עקשנותדיק, איין אסיפה האט געיאגט די אנדערע — און עס האט נישט געהאלפן אפילו די אריינמישונג און פארמיטלונג פון פרעמדע רבנים. לסוף האט גובר געווען דער פיזישער כוח... פון די בעלי־מלאכות און קצבים.

די אלגעמיינע יוירונג אין די יארן 1903—5 איז, פארשטייט זיך, נישט געבליבן שטיין ביי די טויערן פון אונזער שטאט; זי איז אין איר אריינגעדרונגען און געפונען די ארטיקע ארבעטערשאפט אין א צושטאנד, וואס איז גינסטיק פאר איר אויסווירקונג. דער יידישער ארבעטער האט געזוכט א וועג, וואס זאל קודם כל פירן צו דער אויסבעסערונג פון זיין טאג־טעגלעכן לעבן. ער האט אים געפונען אין דעם נייעם שטראם.

דער „בונד" האט ביי אונז געפונען א ברייט און פריי פעלד פאר זיין טעטיקייט. ער איז אנטשטאנען אין יאר 1904 בערך, און גלייך באהערשט די ארטיקע יידישע ארבעטער־גאס. ער האט ארויסגעוויזן א שטארקע טעטיקייט אויפן ארגאניזאטארישן און פראפעסיאנעלן געביט, ארגאניזירט די ארבעטער לויט זייערע פאכן, און דורכגעפירט א סך קלענערע און גרעסערע שטרייקן, באזונדערס אין דעם שניידער־פאך, וואס האבן געצילט צו קירצן דעם ארבעטס־טאג און העכערן דעם לוין. על פי רוב פלעגן זיך די שטרייקן ענדיקן מיט א פשרה. פשוט, ס׳איז נישט געווען לייכט צו קעמפן קעגן אן ארבעט־געבער, וואס האט אליין געארבעט שווער און ביטער אויף זיין שטיקל ברויט. דאך איז די לאגע פון דעם ארבעטער ביסלעכווייז געווארן בעסער, און דאס האט ער געהאט צו פארדאנקען זיין ארגאניזאציע — דעם „בונד".

דער „בונד" האט אויך געפירט אן אינטענסיווע אויפקלערונגס־ארבעט. עס פלעגן ארפקומען רעדנערס און עס פלעגן פארקומען פארזאמלונגען אין די שבתים און ימים־טובים, מייסטנס בייטאג אין גראפ׳ס וואלד, ביי האלינקע און ארום דעם יידישן בית הקברות; אין די וואכנדיקע אוונטן — אויף דער „בערזע". דער „בונד" האט אויך גענומען דעם שטארקסטן אנטייל אין דער „סאמאאבאראנע" (זעלבסטשוץ). און אזוי האט זיך זיין טעטיקייט געצויגן מיט גרע־סערע הפסקות, ביז די רוסן האבן פארלאזן בארא־נאוויטש אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. א סך פון זיינע קעמפער האבן אין די יארן 1905—6 געמוזט אנטלויפן אין די לענדער מעבר לים; אייניקע פון זיי לעבן נאך דארט עד היום (זע קאפיטל „דער בונד" פון דאבקאווסקי).

## נישט־געלונגענע פאגראם־פרווון

אין אנהויב פון צוואנציקסטן י. ה. איז קיין בארא־נאוויטש אראפגעקומען א נייער פריסטאוו מיטן נאמען ניקאלאיי שקליארע־וויטש, וועמען ס׳איז אנפארטרויט געווארן די אויפגאבע צו ווארפן א שארף אויג אויף דער ארטיקער באפעלקערונג און אויף אלץ וואס געשעט אין און ארום דער שטאט. די יידן האבן, פארשטייט זיך, געזוכט וועגן זיך צו באפריינדן מיטן נייעם מושל און צוו. אנד. אים באשטימט פארן הויפט פון דער „פאזשארנע קאמאנדע" (פייערלעשער ארגאניזאציע), וואס איז באשטאנען פון לויטער יידן.



לייבע זאבלאצקי

למראית עין האט ער זיך באמיט צו זיין פריינדלעך מיט דער יידישער באפעלקערונג, אבער פאקטיש איז ער געווען טריי זיין אנפארטרויטער אויפגאבע. ער איז געווען א גרויסער קאריעריסט און געזוכט נושא חן צו זיין אין די אויגן פון די „הויכע פענסטער" פון דער גובערנסקער מאכט (בארא־נאוויטש האט געהערט צו מינסקער גובערניע). אים האט געשיינט, אז דער בעסטער וועג צו דערגרייכן דעם דאזיקן ציל איז — ארגאניזירן אין בארא־נאוויטש א פאגראם, וואס וועט זיכער צופרידנשטעלן די העכערע מאכט. אט וואס עס האט געוווסט צו דערציילן וועגן דעם ענין דער בארא־נאוויטשער תושב לייבע זאבלאצקי ז"ל:

„...קורץ נאך מיין באזעצן זיך אויף ניי־בארא־נאוויטש, נאכן צוריקקער פון די פאראייניקטע שטאטן, בין איך ארויס אין א שבתדיקן טאג אויף א שפאציר צום פאלעסיער וואקזאל, צוזאמען מיט די קינדער און מיין שוועסטער רבקה, וועלכע האט דאן געארבעט ביי מיר אין געשעפט. אויפן וועג האב איך באגעגנט דעם געהילף־נאטשאלניק פון דעפא לעפקא, וועלכער איז געווען מיט מיר גוט באפריינדעט. ער האט מיך אפגערופן אין א זייט און אנפארטרויט, אז דער פריסטאוו שקליארעוויטש ארגאניזירט די דעפא־ארבעטער

(עטלעכע טויזנט אין צאָל) אויף אַ פּאָגראָם אין באַראַנאָוויטש; גיי תיכף, זאָגט ער, און זיי מודיע וועגן דעם דיינע יידן, זיי זאָלן אָננעמען די געהעריקע שריט און דער עיקר, גוט זיך צוגרייטן צו דעם אומגליק.

איך האָב שוין, פאַרשטייט זיך, גלייך איבערגעלאָזט מיין שוועסטער מיט די קינדער, און געלאָפן אין שטאָט אַריין צו דערפילן מיין הייליקע שליחות. אויפן וועג האָב איך געטראָפן חיים דוד דעם שוסטער און אים געבעטן תיכף ומיד צונויפרופן אַ סך בעלי־בתים ווי זימל מינץ, ליבער ראבינאָוויטש, שימאנסקי, חיים דוד שערעשעווסקי א. אנד. די אסיפה איז פאָרגעקומען ביי זימל מינצן אין שטוב אין דער אַנוועזנהייט פון 10—15 חשובע כלל־טוער, וועלכע האָבן באַשלאָסן גיין צום בעל־דבר אַליין און זאָגן אים, אַז מיר ווייסן וועגן זיין טעטיקייט אין אייזנבאַן־דעפּאָ.

פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט אַלץ עקשנותדיק אָפּגעלייקנט.

אייניקע טעג שפּעטער איז לעפּקא, צוזאַמען מיט אַ רוסישן סטודענט דרוקאָוו, געשמידט געוואָרן אין קייטן און אָפּגעפירט געוואָרן קיין מינסק. דער פּאָגראָם איז שוין אָבער נישט פאָרגעקומען. עס האָט וואַרשיינלעך עפּעס געקאָסט...

באַלד נאָכדעם (דאָס איז געווען אין 1905) איז דער צורר אַוועק קיין מינסק, וווּ ער איז געוואָרן געהילף־פּאָליציי־מייסטער. שוין אין די ערשטע טעג פון זיין טעטיקייט אויפן נייעם אַמט האָט ער אנטדעקט אַן אומלעגאַלע דרוקעריי, און עס זענען אַרעסטירט געוואָרן אַ סך מענטשן. עס איז שוין געוואָרן פינסטער, ווען ער איז אַרויס פון סוטינס האָטעל (וווּ ער האָט זיך דאַן אויפגעהאַלטן) און זיך געקליבן פאָרן צום גובערנאַטאָר אָפּגעבן אים אַ באַריכט וועגן זיין אַנטדעקונג. ביים אַרויסגיין פון האָטעל האָט מען אַריינגעשאָסן אין אים עטלעכע קוילן; אַ שווער־פאַרוווּנדעטן האָט מען אים געבראַכט אין שפּיטאָל, וווּ ער האָט שוין די נאַכט נישט איבערגעלעבט״.

באַראַנאָוויטש האָט פרייער אָפּגעאָטעמט, ווייל ער האָט געוווּסט אַ סך סודות פון אונזער שטאָט...

די מפּלות אויפן ווייטן מזרח און די רעוואָלוציע אין 1905 האָבן געבראַכט אַ נייע כוואַליע פון פּאָגראָמען, וואָס האָט דאָסמאָל אַרומגעכאַפּט אויך דעם שטח פון ווייס־רוסלאַנד און אייניקע שטעט אין אונזער געגנט ווי ביאַליסטאָק א. אנד. אויך די יידישע באַפעלקערונג אין באַראַנאָוויטש האָט זיך אָנגעהויבן צוגרייטן אויף יעדער צרה וואָס זאָל נישט קומען. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ זעלבסטשוץ, אין וועלכן עס האָבן גענומען אָנטייל אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג, און גאַנץ באַזונדערס דער שוין גוט־אָרגאַניזירטער „בונד״. מען איז אויך געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט דעם רעוואָלוציאָנערן קערן פון די אייזנבאַן־באַטאַליאָנען, מיט דער הילף פון די יידישע זעלנער און זייער פאַרמיטלונג.

עס איז כדאי צו באַטאָנען אַ מערקווירדיקע און זעלטענע דערשיינונג אין יענער צייט, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק ביי אונז אין באַראַנאָוויטש.

אין אַלע ערטער וווּ עס זענען פאָרגעקומען פּאָגראָמען, זענען די אָרטיקע מיליטערישע גאַרניזאָנען אָפן געשטאַנען אויף דער זייט פון די פּאָגראָמשטשיקעס און זיי מיטגעהאָלפן אין זייער בלוטיקער אַרבעט. אַזוי, למשל, האָט דאָס מיליטער אין די ביאַליסטאָקער פּאָגראָמען פון 1905 און 1906 נישט נאָר גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל, נאָר אויך געשאָסן אויף דעם יידישן זעלבסטשוץ. און די זעלבסט־פאַרטיידיקונג אין ביאַליסטאָק איז געווען גאַנץ גוט אָרגאַניזירט און וואָלט זיך געוויס געקאָנט געבן אַן עצה מיט דעם ווילדן המון, ווען נישט די „אינטערווענץ״ פון אָרטיקן גאַרניזאָן קעגן די יידן. אין דער הינזיכט איז באַראַנאָוויטש אין יענע יאָרן אפשר געווען די איין־און־איינציקע שטאָט אין רוסלאַנד, וווּ דאָס אָרטיקע מיליטער איז נישט נאָר געווען קעגן פּאָגראָמען בכלל, נאָר אויך פולשטענדיק, מיט זין גאַנצן כוח, געשטאַנען אויף דער זייט פון די יידן.

און נאָר אים האָבן מיר אפשר צו פאַרדאַנקען, וואָס אין די קריטישע שעהן פון יענעם גורל׳דיקן טאָג איז נישט באַנייט געוואָרן דער נישט־געלונגענער פּרווו אַרויסצורופן אַ שחיטה אין באַראַנאָוויטש.

געשען איז עס אין איינעם פון די זומערדיקע טעג פון יאָר 1906. עס איז געווען אין אַ זונטיק, אַ געוויינלעכן מאַרק־טאָג, און פּויערים פון די אַרומיקע דערפער האָבן געדיכט אויסגעפילט דעם רוימיקן שטח פון מאַרק, וואָס האָט זיך געפונען אין סאַמע צענטער פון דער שטאָט. פּלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ שאָס, און באַלד נאָך אים איז אַ שוואַרץ־מאה׳ניק אַרויפגעקראָכן אויף אַ הויכן וואָגן און אויסגעשריען: „זשידי באָמבי בראָסאַיוט!״ (יידן וואַרפן באָמבעס).

עס איז אָנצונעמען, אַז דער פּאָגראָם איז געווען געהעריק אָרגאַניזירט און צוגעגרייט. זינט עטלעכע מאָנאַטן האָבן זיך אין שטאָט און אין דער אומגעבונג אַרומגעדרייט פאַרדעכטיקע פאַרשוינען, אין מונדירן פון טשערקעסן, און אַנדערע פינסטערע טיפּן (לויט זייער אויסזען האָט מען גלייך געקאָנט דערקענען, אַז דאָס זענען מענטשן פון דער פרעמד), וואָס האָבן געפירט אַ ווילדע העצע קעגן יידן צווישן דער שטאָטישער קריסטלעכער באַפעלקערונג און אין די אַרומיקע דערפער, מיט דער הילף פון אָרטיקע שוואַרץ־מאה׳ניקעס.

דער פּראָוואָקאַטאָרישער שאָס און אויסרוף האָבן וואַרשיינלעך, לויט זייער פּלאַן, געזאָלט דינען אַלס סיגנאַל צום אָנהייב פון אַ ווילדן אָנפאַל פון אויפגעהעצטן המון און צערייצטע געמיטער אויף די יידישע הייזער און געשעפטן. זייער חשבון האָט אָבער נישט פאָרויסגעזען די פּסיכאָלאָגיע און די עוונטועלע רעאַגירונג פון ווייסרוסישן פּויער. באַלד נאָכן שאָס און נאָכן רוף, אַז די יידן וואַרפן באָמבעס, איז אויף די גויים אָנגעפאַלן אַן אימה און אַ פּחד; עס איז אַנטשטאַנען אַן אומבאַשרייבלעכע פּאַניק און מהומה אויפן מאַרק. זיי האָבן אין גרויס איילעניש איבערגעלאָזן זייער האָב און גוטס און געמאַכט ויברח. אַ סך פּויערים האָבן געלאָזן שטיין זייערע וועגענער און אַנטלאָפן רייטנדיק אויף די פערד; אייניקע האָבן אין טומל אונטערוועגס פאַרלאָרן זייערע ווייבער און קינדער. דאָס יידישע געשפּענסט און די יידישע באָמבעס האָבן זיי פאַרפּאָלגט

דעם גאַנצן וועג ביז זיי האָבן טויט־דערשראָקענע זיך אומגעקערט אין זייערע דערפער.

דער מאַרק האָט אויסגעזען ווי נאָך אַן אמתן פּאָגראָם: איבערגעקערטע און צעבראָכענע וועגענער, הורבעס זעק מיט קאַרטאָפל און האָבער; הינער, חזירים און קעלבלעך האָבן אומגעשטערט געריעט אין די צעטראָטענע גרינסן און פרוכטן. איך געדענק, ווי מיין עלטערער ברודער פייוול הי״ד איז געקומען צעלויפן מיך אָפּנעמען פון „חדר״, וואָס איז געווען נישט ווייט פון מאַרק. ווי אַ בליץ איז ער אַדורכגעלאָפן פאַרביי דעם מאַרק טראָגנדיק מיך אויף זיין רוקן.

פאַרשטייט זיך, אַז אין שטאָט איז אויך געווען אַ גרויסע מהומה. מען האָט אויף גיך פאַרהאַקט די הייזער און געשעפטן; איך געדענק נאָך דאָס קלאַפּעריי פון די טירן און פענסטער און די בלייכע דערשראָקענע פּנימער פון די מענטשן. די זיידעס און באָבעס פון די אַרומיקע ישובים האָבן באַלד געשיקט בעלי־עגלות אויף אַריבערצונעמען זייערע טעכטער און אייניקלעך. מען האָט אונז אַריינגעוואָרפן אין אַ גרויסן וואָגן מיט אַ בויד, און צוזאַמען מיט דער מאַמען ז״ל אַוועקגעפירט צום זיידן קיין סטאָלאָוויטש.

די שטאָט איז געוואָרן אויסגעליידיקט פון פרויען און קינדער. פאַרבליבן זענען נאָר די מענער. ווען עס האָט אָנגעהויבן צו ווערן פינסטער, זענען די גאַסן געוואָרן ליידיק און עס האָט געהאַט דאָס אויסזען פון אַ טויטער שטאָט. מען האָט מורא געהאַט, אַז דער פּאָגראָם־פּרווו וועט זיך אַ ליאדע שעה ווידער באַנייען. אָנהויב אָוונט איז מען שוין געזעסן פאַרשפּאַרט און פאַרהאַקט אין די הייזער.

אינצווישן האָט די זעלבסטשוץ געמאַכט אַלע נויטיקע צוגרייטונגען, און די אָרגאַניזירטע אַרבעטערשאַפט האָט זיך גלייך פאַרבונדן מיט די חברים אין די אייזנבאַן־באַטאַליאָנען. אויך אונזערע כלל־טוער זענען נישט געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט. זיי האָבן באַלד אינטערווענירט ביים גענעראַל און באַקאַנטע הויכע אָפיצערן פון מיליטערישן גאַרניזאָן און באַקומען באַרוהיקנדיקע פאַרזיכערונגען.

אין יענער נאַכט האָט קיינער מיט קיין אויג נישט צוגעמאַכט, און ווען ס'האָט אָנגעהויבן צו טאָגן האָט מען דורך די שפּאַרעס פון די לאָדנס דערזען שטאַרקע מיליטערישע פּאַטרולן אַרומשפּאַצירנדיק איבער די גאַסן אין זייער פולער מיליטערישער גרייטקייט. זיי זענען געשטאַנען פון אָנהויב אָוונט און געהיט. זיי האָבן באַפוילן עפענען די הייזער און געשעפטן און האָבן פאַרזיכערט, אַז כל זמן זיי זענען דאָ וועט אין באַראַנאָוויטש קיינמאָל קיין פּאָגראָם נישט פאָרקומען. די שטאָט האָט זיך באַלד אומגעקערט צו איר נאָרמאַלן לעבן.

## שלום־עליכם׳ס באזוך אין באראנאוויטש

שלום עליכם׳ס באַזוך אין באַראַנאָוויטש, אין יאָר 1908, וואָלט געווען גאָר אַ וויכטיקער קולטורעלער עפּיזאָד. ליידער איז ער צוליב זיין טרויעריקן פאַרלויף — מיטן טראַגישן צוזאַמענברוך פון שריפטשטעלער אינמיטן דער פאָרלעזונג און געצוווּנגענער בלייבן ביי אונז במשך פון זיין קראַנקהייט — פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ געשעעניש, וואָס האָט יאָרנלאַנג געהאַט זיין איינפלוס אויפן קולטורעלן און געזעלשאַפטלעכן לעבן פון באַראַנאָוויטשער יידנטום.

אין יענעם יאָר האָט שלום־עליכם אונטערנומען אַ רייזע איבערן יידישן תחום פון רוסלאַנד, פּוילן און ליטע. נאָך אַ ריי באַזוכן אין פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך איז ער אויך איינגעלאַדן געוואָרן אויף אַ פאָרלעזונג קיין באַראַנאָוויטש.

דער באַזוך פון באַליבטן יידישן פאָלקס־שרייבער איז געווען אַ סענסאַציאָנעלע דערשיינונג אינ׳ם לעבן פון פּראָווינציאָנעלן שטעטל און סביבה. וואָכנלאַנג פאַר זיין קומען האָט זיך געלאָזט שפּירן אַ געוויסע שפּאַנונג. אומעטום, אין די געשעפטן, וואַרשטאַטן און אויף דער גאַס, האָט מען געשמועסט און גערעדט וועגן שלום־עליכם'ן און זיינע ווערק.

מען האָט געשאַפן אַ קבלת־פּנים־קאָמיטעט, און די בילעטן זענען געוואָרן גלייך אויסגעפאַרקויפט. מיט יעדן טאָג איז די שפּאַנונג געוואָרן שטאַרקער. יידן פון די אַרומיקע ישובים האָבן ממש געשטראָמט קיין באַראַנאָוויטש; אַ סך זענען געגאַנגען צופוס צענדליקער קילאָמעטערס. די הייזער זענען געווען איבערפולט פון קרובים, פריינט און באַקאַנטע, אָנגעפאָרענע אַהער פון דער גאַנצער געגנט, כדי צו זען דעם באַרימטן שרייבער און הערן אים לייענען פון זיינע אייגענע שאַפונגען. כאָטש איין מאָל לאַכן, לאַכן און זיך אויסלאַכן.

אין אַ הערבסט־טאָג, אָנהויב אויגוסט 1908, איז דער חשובער גאַסט דורכגעפאָרן די גאַסן פון אונזער שטאָט אין דער באַגלייטונג פון די פּני פון שטאָט. שלום־עליכם האָט אויסגעזען מיד און אויסגעמאַטערט פון די צאָלרייכע רייזעס, באַנקעטן און פאָרלעזונגען אין משך פון די הייסע זומערדיקע מאָנאַטן, — „ווו ער האָט געטאָגט, האָט ער נישט גענעכטיקט״. ער איז פאַרפאָרן צו שמעון דאָבעס (שמעון מיסקי) — אַן אכסניה אויף אַלעקסאַנדראָווסקע לעבן לימאָנען. דאָס איז געווען אַ לאַנגער איין־שטאָקיקער בנין מיט נידעריקע פענסטער. דאָס הויז איז אַ גאַנצן טאָג געווען באַלאַגערט פון די אַרומיקע קינדער, וואָס האָבן זיך איינגעעקשנט און פאַר יעדן פּרייז געוואָלט כאַפּן אַ קוק אויף שלום־עליכם'ן.

נאָך אַ פייערלעכן און האַרציקן קבלת־פּנים האָט שלום־עליכם אין אָוונט געהאַלטן זיין פאָרלעזונג אין דער געביידע פון זומער־טעאַטער, וואָס איז געשטאַנען אין דעם אַזוי גערופענעם „גראַפּ׳ס־פּאַרק״. דער זאַל איז געווען איבערפולט פון ריזיקן עולם.

פּלוצלינג, אינמיטן דער פאָרלעזונג, איז דעם שרייבער געוואָרן נישט גוט — ער איז אַנידערגעפאַלן פון אַ בלוט־שטורץ, וואָס ער האָט באַקומען פון די לונגען. דאָס לעצטע שמייכל אויף זיין טויט־בלאַסן געזיכט איז פאַרשוווּנדן און פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ „רויטן־געלעכטער״.

ס'איז אַנטשטאַנען אַ גרויסע שפּאַנונג. עס זענען באַלד אַלאַרמירט געוואָרן די אָרטיקע דאָקטוירים, און אונטער זייער שטרענגער אויפזיכט האָט מען דעם געפערלעך־קראַנקן חולה אַריבערגעטראָגן אין דעם שכנותדיקן צוויי־שטאָקיקן מויער, וואָס איז געווען איינער פון די שענסטע האָטעלן אין שטאָט — דער „סלאַווישער האָטעל״.

בליץ־שנעל האָט זיך צעטראָגן די טרויעריקע געשעעניש איבערן

שטאָט. עס זענען אַראָפּגעקומען די בעסטע דאָקטוירים פון מינסק און ווילנע, וועלכע האָבן אויסגעפונען, אַז דער בלוט־שטורץ איז אַ פועל־יוצא פון אַ בייזאַרטיקער שווינדזוכט אין די לונגען; דער צושטאַנד פון חולה איז זייער ערנסט און מען טאָר אים בשום אופן פון אָרט נישט רירן.

אַזוי אָרום איז דער יידישער שריפטשטעלער פאַרבליבן ליגן אין אונזער שטאָט קרוב צו צוויי מאָנאַטן, ביז סוף סעפּטעמבער. די אָרטיקע יידישע אינטעליגענץ האָט געטאָן אַלץ וואָס איז געווען אין אירע כּוחות, כדי צו פאַרלייכטערן דעם גורל פון באַליבטן אורח. ס׳איז געשאַפן געוואָרן אַ מין ספּעציעלער לינת־הצדק פון די אָנגעזעענסטע דאַמען און הערן, וועלכע האָבן טאָג און נאַכט געהאַלטן וואַך ביים בעט פון קראַנקן.

די שטימונג ביי דער יידישער באַפעלקערונג איז אין אָנהויב געווען זייער אַ געדריקטע; גרויס איז געווען די עגמת נפש און נאָך גרעסערע די אחריות. עפּעס האָט זיך יעדער געפילט פונקט ווי ער וואָלט פערזענלעך געווען שולדיק אין דעם אומגליק. שפּעטער, ווען דער חולה איז געקומען צו זיך און שוין געשטאַנען אויף די פיס, איז די שטימונג געוואָרן אַ געהויבענע. עס פלעגן יעדן טאָג אַראָפּקומען שליחים פון די אָרומיקע שטעט און קאָרעספּאָנ־דענטן, כדי צו באַקומען אינפאָרמאַציעס וועגן מצב פון קראַנקן. דאָס יונגע פּראָווינציעלע שטעטל באַראַנאָוויטש „וואָס האָט דערפילט אַ וויכטיקע אויפגאַבע אין לעבן פון יידישן פאָלק, — זי האָט געראַטעוועט שלום־עליכם׳ן פון טויט“ — איז איבערנאַכט געוואָרן מפורסם...

נאָך שלום־עליכם׳ס אָפּפאָר, לויטן ראָט פון די דאָקטוירים, קיין נערווי (איטאַליע), אין באַגלייטונג פון זיין פרוי אָלגא און יונגסטן זון נומטשיק, איז נאָך אין פאַרלויף פון אַ געוויסער צייט די היים פון שלום־עליכם׳ס פאַמיליע געווען באַראַנאָוויטש. די טאָכטער ליאַלע האָט זיך דאָ איינגעאָרדנט ביי פּריוואַטע לעקציעס, און איז פאַרבליבן ביי אונז איבער אַ יאָר. זומער 1909 איז אויך געקומען קיין באַראַנאָוויטש („אַהיים“ אויף פעריען־צייט) דער עלטסטער זון מישא ראַבינאָוויטש, דאַן שילער אין אַ קיעווער גימנאַזיע. בכלל האָט זיך אין יענעם זומער צונויפגעפאָרן קיין באַראַנאָוויטש כמעט די גאַנצע שלום־עליכם׳ס משפּחה, — זיין פרוי, די טעכטער מארוסי און ערנעסטינע מיט איר קינד, ווי אויך איר מאַן, דער יידישער שרייבער י. ד. בערקאָוויטש.

שלום־עליכם אַליין האָט פון איטאַליע אַ לענגערע צייט געפירט מיט באַראַנאָוויטש אַ רעגולערע קאָרעספּאָנדענץ און צוגעשיקט זיינע בילדער; ער האָט דאָ איבערגעלאָזט אַ סך באַקאַנטע, מיט וועלכע ער האָט זיך זייער באַפריינדעט פאַר דער צייט פון זיין ליגן אין באַראַנאָוויטש, באַזונדערס מיט ד״ר בערמאַן, ד״ר טשערני־כאָוו, סינגאַלאָווסקי, מאַנסקי א. אַנד.

אַ שאָד וואָס אַ סך בילדער און שלום־עליכם׳ס בריוו זענען פאַרלאָרן געגאַנגען אין גרויסן חורבן, ווי אויך די ווערטפולע זכרונות, וואָס זענען דורך מ. מאַנסקי פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „באַראַנאָוויטשער וואָך“, אין יאָר 1933, אונטער אַ קעפּל: „מיט 25 יאָר צוריק“.

שלום־עליכם האָט נישט פאַרגעסן באַראַנאָוויטש, וועלכע איז אים פאַרבליבן איינגעבאַקן אין האַרצן, און ער האָט איר פאַראייביקט אין איינע פון זיינע ווערק „ברענען זאָל די סטאַנציע באַראַנאָוויטש“. דער אינהאַלט פון דער דערציילונג האָט לחלוטין נישט צו טון מיט אונזער שטאָט. און דאָס באַווייזט, אַז ער האָט נאָר אויסגעבאָרגט איר נאָמען, כדי זי צו פאַראייביקן, — ווייל זי איז אים געווען טייער.

צום סוף אַ פּאָר ווערטער וועגן שלום־עליכם׳ס אָרט אָפּשאַ־צונג און כאַראַקטעריסטיק פון אונזער באַראַנאָוויטש, אין דער צייט פון זיין ווילן אין איר. אויף דער פראַגע, וואָס וועט איר ליבער שרייבער זאָגן וועגן אונזער באַראנאָוויטש, — האָט שלום־עליכם לאַקאָניש און באַדייטונגספול געענטפערט: „אַ שטעטל אַן אַ פאַרקאַן!..“

מיר האָבן עס בשעת מעשה גוט פאַרשטאַנען: — אַ שטעטל אַן „אויפגעלאָפּענע“...

און ווירקלעך איז באַראַנאָוויטש נישט געווען אָרומגעצוימט, פריי און אָפן פאַר יעדן אורח. דער גרעסטער טייל פון איר שטח איז נאָך געווען באַדעקט מיט וואַלד, און צוליב דעם האָט זי אויפן שרייבער געמאַכט דעם רושם פון „אַ שטעטעלע, וואָס שטייט אין דרויסן“...

אַ צווייטן מאָל האָט זיך שלום־עליכם אויסגעדריקט וועגן אונזער שטאָט: „פון ביידע זייטן צוויי גרויסע וואָקזאַלן און אין מיטן — אַ גרויסע בלאָטע“...

אין זיינע בריוו צו פריינט און באַקאַנטע האָט זיך שלום־עליכם אָפט אויסגעדריקט וועגן באַראַנאָוויטש און אירע יידן מיט ליבע און בענקשאַפט. באַראַנאָוויטש האָט קיינמאָל נישט פאַרגעסן שלום־עליכם׳ן און פלעגט אים שטענדיק דערמאָנען צו זיין יאָרצייט. אין יאָר 1939 איז אין נייעם בנין פון „טאָז“ איינגעמויערט געוואָרן אַן אָנדענק־טאָוול מיט אַ מאַרמור־ביוסט פון שרייבער, קינסטלעריש אויסגעפּערטיקט דורך אמציה סינגאַלאָווסקי.

אַ שיינע שילדערונג פון יענער תקופה געפינען מיר אין ווערק פון באַקאַנטן שריפטשטעלער י. ד. בערקאָוויטש (שלום־עליכם׳ס איידעם): „הראשונים כבני אדם“.

## אָנהויב פון דער ערשטער וועלט-מלחמה און סוף פון דער רוסיש-צאַרישער הערשאַפט

ווי אַ דונער אין אַ העלן טאָג האָט איבערראַשט דער אויסברוך פון ערשטן וועלט־קריג אין יולי 1914.

באַלד האָבן זיך אין שטאָט אָנגעהויבן אָרומדרייען אומבאַ־קאַנטע מיסטעריעזע פּערזאָנען, וועלכע, ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, זענען געווען אַגענטן פון דער צאַרישער „אָכראַנע“. די שטאָט איז צעטיילט געוואָרן אויף צוויי פּאָליצייאישע באַצירקן: באַראַנאָוויטש און ניי־באַראַנאָוויטש. עס זענען איינגעפירט געוואָרן הויז־ביכער מיט גענויע פאַרצייכענונגען פון די באַווינער. עס איז געפירט געוואָרן אַ שטרענגע קאָנטראָל איבער די באַוועגונגען פון די אָרטיקע בירגער. יעדער ניי־אָנגעקומענער האָט געמוזט געמאָלדן ווערן אין פאַרלויף פון 24 שעה. אויסער דעם זענען צעטיילט געוואָרן פּאַספּאָרטן צו אַלע איינוווינער אין עלטער פון 16 יאָר און

ווייטער. עס זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן פון שטאָט אַ ריי פּאָליטיש־פאַרדעכטיקע עלעמענטן, יידן און קריסטן.

אַ באַזונדערע אויפרודערונג האָט דערוועקט דער פאַקט, וואָס אין באַראַנאָוויטש האָט זיך אַ לענגערע צייט אויפגעהאַלטן אַ גרויסער צירק, אונטער דער לייטונג פון הענריך ריכטער (אַן עסטרייכישער בירגער), מיט אַ גרויסן פּערסאָנאַל, דערונטער 12 פרויען. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס אַלץ איז געווען אַ פאַרשטעלט שפּיאָנאַזש־נעץ קעגן רוסלאַנד.

באַראַנאָוויטש איז באַשטימט געוואָרן אַלץ זיץ־אָרט פון רוסישן גענעראַל־שטאַב און פון די מיליטערישע פאָרשטייער פון די פאַרבינדעטע מלוכות, ווי אויך אַ מין צייטווייליקע רעזידענץ פון צאַר ניקאָלאַיי דעם צווייטן. דער צאַר ניקאָלאַיי און דער הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער רוסישער אַרמיי, ניקאָלאַיי ניקאָלאַיעוויטש, האָבן לאָזשירט אין סאַלאָן־וואַגאָנען פון צאַרישן צוג; דאַקעגן האָבן די גרויספירשטן, שטאַב־אָפיצערן און דאָס איבעריקע פּערסאָנאַל זיך אויפגעהאַלטן אינם אָרטיקן מיליטערישן לאַגער.

עס זענען אויך אָנגעקומען אין שטאָט אייניקע עסקאַדראָנען פון צאַרישן לייב־וואַך־רעגימענט, די אַזוי גערופענע „דאָנער קאָזאַקן". באַראַנאָוויטש און איר אומגעגנט איז שטרענג באַוואַכט געוואָרן פון קאָזאַקישע רייטער־פּאַטרולן. דער צאַר האָט פאַרבראַכט ביי אונז מאָנאַטנלאַנג; און יעדעס מאָל, ווען ער פלעגט פאַרלאָזן פעטערבורג און אָפּפאָרן קיין באַראַנאָוויטש, פלעגט אין די רוסישע צייטונגען דערשיינען אַ קורצע אָפיציעלע מעלדונג, אַז דער צאַר האָט באַוויליקט אָפּצופאָרן צו דער קעמפנדיקער אַרמיי, דאָס הייסט, אויפן פראָנט...

מיר, די באַראַנאָוויטשער, האָבן, פאַרשטייט זיך, געלאַכט אין די פויסטן לייענענדיק די דאָזיקע ידיעה אין די צייטונגען און זעענדיק ווי דער אַלמעכטיקער „העלד" שפּאַצירט זיך אַרום רוהיק איבער די גאַסן פון אונזער שטאָט...

אין אָנהויב האָט זיך דער מלחמה־קאשמאַר נישט געלאָזט אַזוי שטאַרק שפּירן. אין ווירטשאַפטלעכן זין האָט די שטאָט גענאָסן פון אַ גרויסער האַנדלס־אויפלעבונג, און יידן האָבן געמאַכט גוטע געשעפטן. דער קאָנטאַקט צווישן די יידן און די שטאַב־לייט איז געווען אַ נאָענטער; פאַר אַ סך פון זיי איז די ערשטע באַגעגעניש מיט יידן געווען אַן איבערראַשונג, און זיי האָבן ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן עפנטלעך אויסגעדריקט זייער פאַרווונדערונג, וואָס מען האָט פאַר זיי געשילדערט די יידן אין שוואַרצע פאַרבן. אָרטיקע יידן זענען געוואָרן ליפעראַנטן פון שטאַב און צאַרישן הויף, און גענאָסן פון אַריינטריט אין די געהיימסטע פלעצער, לויט פער־זענלעכע שיינען.

ווי שטרענג פאַרטרוילעך עס איז אַלץ געווען, פלעגן זיך דאָך פון צייט צו צייט דורכזיפּן „מיליטערישע סודות". אַזוי, צ.ב., האָט אַ מאָל אַ געוויסע יידענע, וועלכע פלעגט צושטעלן הינער צום צאַרישן הויף, געוווּסט צו דערציילן אין נאָמען פון הויף־קיכער, אַז אַ דרינגענדיקער טעלעפאָן האָט אויפגעוועקט דעם הויפּט־קאָמאַנדיר ניקאָלאַיי ניקאָלאַיעוויטש אין מיטן דער נאַכט. ער האָט אויפגענומען דעם געשפּרעך אין זיינע אונטערוועש, און אין אַ אויפגערעגטן צושטאַנד גלייך אָפּגעפאָרן צום פראָנט.

געווען איז עס בעת דער גרויסער מפּלה פון דער רוסישער אַרמיי אין די מאַזורישע אָזערעס אין מזרח פּרייסן, ווען גענעראַל רענענקאַמפּ'ס אַרמיי האָט צוזאַמענגעבראָכן. די רוסישע רעאַקציע האָט באַשולדיקט די יידן אין די דורכפאַלן פון דער אַרמיי, און אין רע־זולטאַט פון דער העצע זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן די טרויעריקע גירוש־באַפעלן אויף דער יידישער באַפעלקערונג פון די פראָנט־זאָנען.

אין פרילינג 1915 איז קיין באַראַנאָוויטש אָנגעקומען די ערשטע כוואַליע יידישע פליטים. די קראַנקע און שוואַכע האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין באַראַנאָוויטש, די איבעריקע האָבן פאָרגעזעצט זייער וועג קיין טיף רוסלאַנד און אוקראַינע.

די ערשטע נצחונות פו דער רוסישער אַרמיי האָבן אויפגע־הייטערט די שטימונג פון דער באַפעלקערונג. עס זענען אָבער געווען יידן, וועלכע האָבן זיך באַצויגן זייער סקעפּטיש צום גאַנצן עסק, און נאָכן גרויסן רוסישן נצחון ביי לוואָוו האָבן זיי געטענה'ט: ווער ווייסט? עס איז נאָך נישט זיכער, והראיה — עס איז דאָ אַ בפירוש'ער פּסוק „וְאָמַר עַם תֹּעֵי לֵבָב הֵם" וכו'...

כמעט יעדן טאָג פלעגן דורכפאָרן דורך באַראַנאָוויטש עשאַלאָנען מיט פאַרווונדעטע. די יידישע באַפעלקערונג האָט געשאַפן אַ ספּעציעלן קאָמיטעט, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט ערטיילן הילף די פאַרווונדעטע זעלנער. אויך די יוגנט איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער דאָזיקער אַקציע. יעדעס מאָל, נאָך שווערע שלאַכטן אויף די פראָנטן, פלעגט מען שוין זיין גרייט צו דערפילן די אויפגאַבע: טראָגן גרויסע קאָרבן מיט פּראָדוקטן צו די צאָלרייכע סאַניטאַרע טראַנספּאָרטן, וואָס פלעגן זיך שטענדיק אויפהאַלטן אויף די וואָקזאַלן פון אונזער שטאָט.

ניקאָלאַיי ניקאָלאַיעוויטש, מיט זיין ריזיקער גלית־פיגור, פלעגט אָפט דער ערשטער באַזוכן די פאַרווונדעטע, כאַפּן מיט זיי קורצע שמועסן און דעקאָרירן זיי מיט מעדאַלן. נאָך אים פלעגט דערשיינען דעם קיסר'ס טאָכטער טאַטיאַנאַ מיט אירע פאַרשידענע מתנות (אויף איר נאָמען איז געווען דער אַלרוסישער פאַרבאַנד פון רויטן־קרייץ). ערשט דערנאָך פלעגט קומען די ריי פון „כל הנערים" מיט זייערע כּיבודים.

אַ געוויסע צאָל לייכט־פאַרווונדעטע פלעגט מען איבערפירן אויף ניי־באַראַנאָוויטש אין דער געביידע פון דער ספּירט־ראַפינעריע, וועלכע איז טיילווייז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שפּיטאָל. גרויס אינטערעס און אויפמערקזאַמקייט האָט די אָרטיקע יידישע באַפעל־קערונג געווידמעט די יידישע פאַרווונדעטע. איך דערמאָן זיך אין פּסח 1915, ווען אַלע יידן האָבן געטראָגן כּשר עסן אין שפּיטאָל.

ווי שוין דערמאָנט, איז פּאַראַלעל מיט די דורכפאַלן אויפן פראָנט געטריבן געוואָרן אַ ווילדע העצע קעגן יידן. מען האָט זיי באַשולדיקט אין די מפּלות און אין די אַלע צרות. אַ כוואַליע פון גזירות, משפּטים, אַרעסטן, גירושים און פאַרפאָלגונגען האָט פאַרפלייצט די יידן אין די פראָנט־זאָנען. אין אָנבליק פון דער לאַגע, איז דורך די אָנפירנדיקע אויטאָריטעטן פון דער יידישער געזעלשאַפט אין רוסלאַנד געשיקט געוואָרן דער מאָסקווער רב, הרב מזא"ה זצ"ל, צום הויפּט־קאָמאַנדיר ניקאָלאַיי ניקאָלאַיעוויטש אין באַראַנאָוויטש, מיט דער אויפגאַבע צו אינטערווענירן לטובת די אומשולדיקע יידן.



מאַרינסקע־גאַס אין 1915

אין דער צווישנצייט האָט נאָך ביי אונז אין שטאָט געהערשט אַן אמת׳ע אידיליע. אַ סך באַראַנאָוויטשער יידן פלעגן טאָג־טעגלעך קומען אין באַרירונג מיט די אָפיצערן און אַנדערע חשובֿע פּערזאָנען פון „סטאַווקע״ (הויפּט־שטאַב) ; אייניקע — אַפילו מיט די פירשטן פון צאַר׳ס סוויטע. בכלל האָבן די באַראַנאָוויטשער יידן זיך דאַן געפילט ווי „מקורבים למלכות״. פון צייט צו צייט פלעגט מען זען דעם קיסר שפּאַצירנדיק מיטן קריגס־מיניסטער סוכאָמלינאָוו, באַגלייט פון זיין פּערזענלעכן שומר ראש, אַ דאָנער קאָזאַק, אַ ריז.

איינמאָל ווען דער צאַר איז אַדורכגעפאָרן די שאָסיינע גאָס, איז צופעליק אַריינגעפאַלן אין זיין אויטא אַ פּילקע, מיט וועלכער יידישע קינדער האָבן זיך געשפּילט. תיכף ומיד איז די גאַנצע זיכערהייטס־מאַכט געווען אויף די פיס ; עס איז, פאַרשטייט זיך, אַנטשטאַנען אַ בהלה, אָבער צום גליק איז דער „אינצידענט״ אַדורך בשלום.

באַראַנאָוויטש האָט דאַן באַקומען אַ פייערלעכן אויסזען. לכבוד דעם קיסרלעכן הויף און גענעראַל־שטאַב האָט מען פאַרענדיקט דאָס ברוקירן פון אייניקע צענטראַלע גאַסן און דאָס אַוועקלייגן פון הילצערנע טראָטואַרן. עס האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש האָט בדעה צו פאַרגרעסערן און פאַרשענערן די שטאָט, ענדערן איר נאָמען אויף „נאָוואָניקאָלאַיעווסק״און געבן איר אַ סטאַטוס פון אַ ראַיאָן־שטאָט. די שנעלע אַנטוויקלונג פון קריג, און באַזונדערס די מפּלות אויפן פראָנט, ווי דאָס פאַלן פון דער מאָדלינער פעסטונג, וואַרשע, קאָוונע א. א., האָבן צונישט געמאַכט די דאָזיקע פּלענער.

באַראַנאָוויטש, אַלס גרויסער קאָמוניקאַציע־צענטער, איז געשטאַנען אונטערן צייכן פון די צוריקציענדיקע אַרמיען אין דער ריכטונג צו מזרח. די שטאָט און איר אומגעגנט איז באַלאַגערט געוואָרן מיט היימלאָזע פּליטים, צווישן וועלכע עס האָבן זיך פאַרשפּרייט געפערלעכע עפּידעמיעס פון דיזענטעריע און כאָלערע, און מענטשן פלעגן פאַלן ווי פליגן. ברייטע סאַניטאַר־וועגענער פלעגן פאָרן אומאונטערבראָכן פול מיט טויטע קערפּערס.

טאָג און נאכט, אָן אויפהער, האָבן זיך געצויגן דורך די גאַסן, אין די טויזנטער, פויערישע וועגענער און פורלעך, אָנגעלאָדן מיט קינד און קייט. די קאַרטאָפל אויף די פעלדער, ווי אויך דאָס אויבסט און גרינס אין די סעדער און גערטנער, זענען געוואָרן צעשלעפּט דורך דער פּליטים־כוואַליע. ווו נאָר אַ הילצערנער פּליים, יעדעס שטיקל האָלץ און ברעטל איז איבער נאַכט פאַרשוווּנדן געוואָרן. די הייזער זענען געשטאַנען הייל און נאַקעט. די גאַנצע שטאָט האָט אויסגעזען ווי נאָך אַ גרויסן שטורעם.

שוין דאַן האָבן די קאָזאַקן געפירט אַ טאַקטיק פון „פאַרברענטער ערד״, און זייער וועג צוריק איז געווען פאַרזייט מיט בלוט און פייער, מיט פּאַניק און פאַרצווייפלונג פון דער הילפלאָזער באַפעלקערונג. זיי האָבן פאַרברענט גאַנצע ישובֿים און פאַרטריבן זייערע איינוווינער.

וואָכן און חדשים האָבן זיך געצויגן די קאַראַוואַנען פון דער אַרמיי און היימלאָזע. אַפילו די איינפאַכע זעלנער האָבן געוווּסט צו דערציילן, אַז מען גייט צוריק ביז מאָהילעוו. אין גרויסן כאַאָס איז פּלוצלינג פאַרשוווּנדן דער צאַר, זיין הויף און דער גענעראַל־שטאַב. פּונקט ווי מען האָט נישט געוווּסט ווען און ווי־אַזוי זיי זענען געקומען,אַזוי האָט מען נישט געוווּסט ווען און ווי־אַזוי זיי זענען נעלם געוואָרן. די טעג פון דער רוסישער הערשאַפט ביי אונז זענען געווען געציילטע, נאָך דעם ווי ס׳איז געפאַלן בריסק. עס האָבן זיך שוין געהערט די שאָסן פון דער פראָנט־אַרטילעריע, און ביינאַכט זענען די הימלען געווען באַלויכטן מיט פּראָזשעקטאָרן קעגן אַעראָפּלאַנען. אַ שווערע הערבסט־שטימונג האָט באַהערשט אַלעמען. די רוסישע באַאַמטע און אייזנבאַן־אַרבעטער האָבן באַקומען באַפעלן צו פאַרלאָזן די שטאָט. אויך יידן פון די פאַרמעגלעכערע קלאַסן האָבן זיך אָנגעהויבן פרייוויליק עוואַקואירן קיין טיף רוסלאַנד.

עטלעכע טעג פאַרן פאַרלאָזן די שטאָט איז אונטערגעצינדן געוואָרן די גרויסע ספּירט־ראַפינעריע אויף ניי־באַראַנאָוויטש, נאָך דעם ווי מען האָט געעפנט אַלע קראַנען און דער ספּירט האָט זיך צעגאָסן איבער די אַרומיקע פעלדער. די קאָזאַקן און די אָרטיקע גויים האָבן זיך געוואָרפן ווי דורשטיקע חיות אויף די קאַנאַלן און לוזשעס, און כאָטש איין מאָל אין זייער לעבן זיך אָנגעזויפט ווי עס באַדאַרף צו זיין מיט דעם ברודיקן, ביטערן געטראַנק.

עס איז געווען אַ גרויסע געפאַר פאַר דער יידישער באַפעלקערונג..., און נאָך גרעסער איז געווען דער נס, וואָס די שטאָט האָט פון דעם כמעט נישט געליטן. (אַ פּאָר יאָר שפּעטער האָט אַ



פאָלעסיער וואָקזאַל פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה (פאַר דער צעשטערונג)



אַלעקסאַנדער (אַלטער) וואָקזאַל (פאַרברענט דורך די רוסן פאַרן פאַרלאָזן די שטאָט אין דער ערשטער וועלט־מלחמה)

גרופּע באַראַנאָוויטשער יידן באַקומען פון דער דייטשישער אָקופּאַציע־מאַכט די קאָנצעסיע אויף אַרויסצובאַקומען דעם ספּירט פון דער ערד, און דער עסק איז געווען נישט קיין שלעכטער). די רויך־וואָלקנס פון דער ברענענדיקער פאַבריק האָבן זיך פאַרשפּרייט איבערן שטאָט און געווירקט אויף די געמיטער, ווי אַ שווערער שוואַרצער אָנזאָג פון עפּעס פינסטערעס, אומבאַקאַנטעס.

דעם לעצטן טאָג, ערב סוכות, האָט די אָפּטרעטנדיקע רוסישע אַרמיי אָנגעהויבן סיסטעמאַטיש אויפרייסן די אייזנבאַן־ליניעס, די וואָקזאַלן און פאַרשידענע מיליטעריש־נוציקע וואַרשטאַטן. די ערשטע נאַכט סוכות האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דער מיליטערישער קאָמענדאַנט האָט פאַרלאָזן די שטאָט און עס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ באַפעל, אַז אַלע יוגנטלעכע, אין עלטער פון 16 יאָר און ווייטער, דאַרפן זיך עוואַקואירן קיין רוסלאַנד.

דער באַפעל איז שוין געווען צוגעגרייט מיט אייניקע וואָכן צוריק, נאָר אַ דאַנק דער ענערגישער שתדלנות פון אָרטיקע כלל־טוער, איז געלונגען אָפּצולייגן דאָס פאַרעפנטלעכן פון דער גזירה ביז דער לעצטער מינוט. פאַרשטייט זיך, אַז עס האָט געקאָסט געניג געלט.

אַ גאַנצע נאַכט האָבן געשטראָמט די לעצטע רוסישע חיילות. דער הימל איז געווען רויט פון די ברענענדיקע געביידעס, די לופט האָט געציטערט פון די אויפרייסן. יידן האָבן מיט קיין אויג נישט צוגעמאַכט. אויף צומאָרגנס האָט אַ מאָדנע שטילקייט באַהערשט די שטאָט. די זון האָט באַלויכטן דעם שטומען און פון שרעק פאַרשטאַרטן ישוב. די לאָדנס זענען געווען פארמאַכט און די טירן פאַרריגלט. אַלץ און אַלע זענען געווען אויסגעשטעלט אויפן גורלס באַראָט. פון צייט צו צייט פלעגן זיך באַווייזן איינצלנע רייטער־קאָזאַקן. פון מאָל צו מאָל פלעגן זיך הערן געשרייען און הילף־רופן פון באַפאַלענע און באַרויבטע יידן.

מיטאַמאָל האָט זיך דער לעבנסאָטעם פון ישוב אָפּגעשטעלט. אַלץ איז געוואָרן ווי פאַרשטיינערט, דאָס בלוט אין די אָדערן ווי פאַרגליווערט. אין יענע מינוטן האָט מען געלעבט אין שפּאַנענדיקער דערוואַרטונג, ווי אַ פאַראורטיילטער צו זיין פסק דין.

דעם צווייטן טאָג סוכות, 24־טן סעפּטעמבער 1915, דריי אָדער פיר אַזייגער נאָכמיטאָג, האָבן זיך אין שטאָט באַוויזן די ערשטע פּאַטרולן פון דער עסטרייכישער אַרמיי, און באַלד נאָך זיי האָבן געשטראָמט דורך אַלע גאַסן גאַנצע פּאָלקן אויף זייער ווייטערדיקן וועג צום פראָנט.

אַ געפיל פון אַנטשפּאַנונג האָט באַהערשט די יידן; מען איז באַפרייט געוואָרן פון פּאָגראָם־קאָשמאַר און פון טויט־געשפּענסט. אַלט און יונג איז אַרויס פון די לעכער, אַלץ איז געווען אין דרויסן. אַ רירנדיקע איבערלעבעניש איז געווען, ווען עס האָבן זיך באַוויזן צווישן די עסטרייכישע זעלנער היימישע יידן פון גאַליציע, וועלכע האָבן מקבל פּנים געווען די אָרטיקע יידן מיט אַ „גוט יום־טוב!“ און זיך נאָכגעפרעגט, אויב ס׳איז דאָ ערגעץ־ווו אַן אתרוג צום בענטשן. מען האָט פּלוצלינג דערשפּירט, אַז עס איז ווירקלעך יום־ טוב און זיך געלאָזט באַהערשן פון אַן אמת׳ער יום־טוב׳דיקער שטימונג...

אַ יידישער אָפיצער האָט פאַרביירייטנדיק זיך אָפּגערופן: „יידן! פרייט זיך נישט, עס איז נאָך נישט משיח“!

ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז ער געווען גערעכט...




אַ ווינקל אויפן בית־עלמין

**יענקל יודקאָווסקי (אין מיטן), הויפּט־גבאי פון חברא־קדישא, און זיין פרוי מלכה מיט איר ברודער משה דאָמאָכאָווסקי**

שמואל זקיף (ז'וכוביצקי)

# ברנוביץ במלחמת העולם הראשונה

בשנת 1909 עברתי לברנוביץ, במגמה לייסד בה בית חרושת ליציקת ברזל ולמכונות חקלאיות.

והעיר — בעצם תנופת בנייתה. בכל פינה צצים ועולים בנינים, רחובות, חצרות, בנויים עץ, מפוזרים, בלא תיכנון, איש לפי טעמו. המתישבים הראשונים — יהודים מן הסביבה, סוחרי עצים, „ישובניקים" ורבים גם, כמובן, סוכני יערות עם עוזריהם, חוכרי אחוזות ובעלי מחלבות. ביער הסמוך חנה מחנה הצבא עם בתי־המלאכה שלו אשר יהודי ברנוביץ היו ספקיו. המסחר התפתח ועלה ועמו קמו מפעלים למיניהם: המנסרה של קושניר, בית החרושת לשמן של שימשלביץ, טחנת הקמח ועוד. ושעל כן אתה מוצא בין ראשוני בוני העיר גם עובדים ובעלי מלאכה כיעקב דב נייפלד הנגר, יעקב יודקובסקי, קרושינסקי החייט, זקלד החייט, וולוול (זאב) מוקסיי, בנאי, וולטמן בעל מכבסה ועוד, אשר נטלו חלק פעיל גם בחיי הציבור והחברה.

כן, למען האמת יצויין, כי בברנוביץ מצאו מקום גם יסו־דות מפוקפקים, ועל שנים מהם אעמוד בזה.

מעשה בגרמני אשר הממשלה הרוסית מסרה לו זכיון להתקנת טלפונים בעיר ומחוצה לה. הוא הקים תחנה מרכזית בעיר, ליד הדואר, ובידו היתה כל מערכת הטלפונים — הצבאיים והפרטיים. הוא ערך מפות מהסביבה, בהסוותו עבו־דתו בהתקנת קווי־טלפון בינעירוניים, ובדרך זה ריכז בידו פרטים חשובים על העיר וסביבתה. בפרוץ המלחמה נודע, שהוא וכל עוזריו היו מרגלים.

והרי אחר, אשר נמסר לו זכיון לבניית בית חרושת לנקניקים ובשר חזיר מעושן. את תוצרתו היה מספק לכל הערים הגדולות — וגם לברלין. את מפעלו הקים בברנוביץ החדשה, הסמוכה למחנה הצבא ולידו הקים מועדון, שמבקריו היו קציני הצבא ועוד. גם הוא ועוזריו נתגלו כמרגלים, ועלה בידם, בפרוץ המלחה, להמלט לגרמניה.

***

עם מלחמת העולם הראשונה (תשעה באב תרע"ד), כאשר החזית היתה בשטחים שהיו מיושבים בעיקר פולנים, החמיר מאוד מצב היהודים. הפולנים הפיצו עליהם עלילות דבות ועמדו לימין הרוסים — ונגדם. המפקדה הרוסית ביצעה מעשי־איבה נגד היהודים. המפקד הראשי ועוזרו התירו למפקדי החילות הבודדים לגרש יהודים מן המקומות אשר, לפי ראות עיניהם, סיכנו, כביכול, את החזית — וקהלות שלמות נעקרו ממקומותיהם. במקומות אחדים נלקחו בני־ערובה רבנים ונכבדי המקום. כמאתים אלף נפש גורשו. אך גם אלה שלא הוגלו נתונים היו בסכנה, שכל יהודי נחשב בעיני הצבא מרגל. ריחפה אימת פרעות והשמדה. הועד שבראשו עמדו עו"ד גרוזנברג והרב מזא"ה חיפש דרכים למניעת האסון. עו"ד גרוזנברג מינה ועדת־חקירה מורכבת מעורכי־דין, שמתפקידה היה לבקר במקומות בהם הופצו עלילות על יהודים, לאסוף חומר להכחשתן ולהזמתן. והנה נתברר, למשל, שיהודי — ראש העיר מאריאמפול — מרגל גרמני הוא שהעליל עליו (עלילת ריגול). ולא אחת פירסם הצבא בפקודות־היום האשמות נגד יהודים שלא היו ולא נבראו ושמותיהם נבדו על־ידי מקטרגים. הועד התקין תזכיר למפקד הראשי וחיפש את הדרך אליו. ולא קל היה הדבר, שכל הדרכים אליו חסומות היו ליהודים. והואיל והמפקדה העליונה חנתה בברנוביץ — נשלח הרב מזא"ה לסלונים, לחבר הועד עו"ד יעקבסון, והוא הזמינני טלגרפית ביום 18.5.1915 לבקרו


Телеграфъ
Телеграмма
Барановичи Самуилу Жуковицкому
Изъ Слонима
Просимъ приехать первымъ поездомъ Якобсонъ

המברק שנשלח מסלונים לשמואל ז'וכוביצקי ע"י העו"ד יעקובסון וזה תוכנו: „נא לבוא עם הרכבת הראשונה"

בבואי כבר מצאתי את הרב מזא״ה ממוסקבה. דעתו היתה כי רק בידי המפקד ניקולאי ניקולאיביץ, הנמצא בברנוביץ, נתון גורל היהודים, ולפיכך יש הכרח להגיע אליו גם אם הדבר כרוך בסכנות.

בהתיעצות זו העירותי את תשומת הלב לכך, כי בברנוביץ מצוי רופא שניים יהודי — ד״ר פידלר, שקנה לו שם טוב בחוגי הצבא ועל פי המלצתם התחיל גם לרפא את שיניו של המפקד.

כן היה בידי אני מכתב תודה מהמפקדה הראשית (מתאריך 9.10.1914) והיתר כניסה קבוע למחנה הצבא, בזכות שירות חשוב שעשיתי למפקדה שלא על מנת לקבל פרס. מכתב־התודה נקרא בפקודת־היום של הצבא, ולכן היו קציני הצבא מבקרים גם במשרדי ובביתי ועם אחדים מהם התידדתי.

*УДОСТОВѢРЕНІЕ.*

Дано сіе владѣльцу машино-строительнаго и чугуно-мѣдно-литейнаго завода въ м. Барановичи, Минской губ., **купцу Самуилу Гиршевичу Жуховицкому** въ томъ, что получивъ экстренный, по военнымъ обстоятельствамъ, заказъ на исправленіе казенной типографской машины, онъ **С. Жуховицкій**, пріостановивъ на заводѣ начатую ранѣе частную работу, поручилъ исполненіе починки машины наиболѣе опытнымъ мастерамъ и механику завода Сребровичу, при чемъ работа эта производилась подъ личнымъ наблюденіемъ **г-на Жуховицкаго** и, не смотря на свою сложность, была исполнена быстро, прочно и аккуратно, что дало возможность **ТИПОГРАФІИ ШТАБА ВЕРХОВНАГО ГЛАВНОКОМАНДУЩАГО** выполнить безъ всякой задержки типографскія работы.

**По** предложенію **г. Жуховицкаго**, на его заводѣ, безукоризненно отлита, съ усовершенствованными деталями, новая часть (нижняя рама) къ казенной типографской машинѣ, дѣйствительно давшая большую продуктивность въ работѣ, что провѣрено въ продолженіи 2-хъ мѣсячнаго опыта.

Всѣ произведенныя работы оцѣнены **г. Жуховицкимъ** по дѣйствительной стоимости рабочихъ рукъ и матеріала, отъ личной-же своей выгоды, въ виду военнаго времени, **г. Жуховицкій** отказался, въ чемъ и выдано настоящее удостовѣреніе.

**Завѣдывающій ТИПОГРАФІЕЙ ШТАБА**
**ВЕРХОВНАГО ГЛАВНОКОМАНДУЮЩАГО,**
**Подполковникъ**

*Октября 2-го дня 1914 г.*

מכתב־תודה מהמפקדה הראשית

אגב, בין הדברים שראיתי לנכון לספר להרב מזא״ה — גם על בני גדליהו בן התשע, שהיה אוהב מתוך סקרנות לעקוב אחרי הצאר שהיה נוהג לא אחת לטייל בסביבה; הנער אף היה מחווה קידה לפני הצאר וזה היה עונה לו בהצדעת יד, כנהוג בצבא.

אחרי התיעצויות ממושכות הוחלט לנסות את ההתערבות אצל המפקד בדרך של ניצול רופא השיניים ד״ר פידלר, הנהנה מאימון השלטונות, של כותב הטורים האלה ושל בני גדליהו (לשם מסירת תזכיר באמצעותו לצאר). ואכן, הוכן תזכיר, אשר הילד צריך היה, בהזדמנות נאותה, להגישו לצאר. לתזכיר צורף מכתב־לואי וזה תוכנו (לפי הזכרון):

„כבוד הוד מעלתו,

לקחתי על עצמי את התפקיד למסור להוד מעלתו את התזכיר, לאחר שנסגרו כל הדרכים להגיע אל כבודו. יודע אני כי ראוי אני לכל עונש על ניצול אדיבות כבודו, אבל מפי בחיר־עמנו הרב מזא״ה שמעתי על הסכנה המרחפת על מאות אלפי יהודים, שעה שגם מאות אלפי חיילים יהודים עומדים בחזית להגנת מולדתם.

ולכן בקשתי שטוחה לפני הוד מעלתו שיקרא את התזכיר כדי להווכח בעוול שנגרם ליהודים על ידי הפצת עלילות שקר. הרב מזא״ה חקר את כל העובדות והוא עומד לשרותך כל זמן שתדרוש.

אני מוכן לקבל עלי כל עונש שתטיל עלי, עבדך הנאמן.״

אפס, אחר כך הוחלט להשמיד את המכתבים, לפי שיתברר להלן.

למחרת היום, ב־19.5.1915, נסע עמי הרב מזא״ה לברנוביץ והתחלנו לגשש ולחפש את הדרכים להגשמת התכנית— ובסודיות גמורה. תושבי העיר לא ידעו על נוכחותו של הרב מזא״ה בעיר ועל כל הנעשה. וכפי שאמרתי לעיל — הרב מזא״ה ניהל מו״מ עם ד״ר פידלר.

אחר בדיקת כל האפשרויות סוכם, כי התזכיר יוגש תחילה לאפטריארך הכנסיה הפראבוסלאבית, שהשפעה גדולה היתה לו על המפקד, בצירוף בקשה, שישתדל אצל המפקד לקבלת משלחת של יהודים ולפחות את הרב מזא״ה. המפקד סירב, אך הסכים שהאפטריארך יקבל את הרב מזא״ה.

הרב מזא״ה שמח גם לאפשרות הזאת, אך היה במבוכה, שכן לא היו לו בגדי הרבנות — והפגישה נועדה כעבור יומיים. יעצתיו, איפוא, להזמין את החייט מר יעקב יודקובסקי שיתקין לו הבגדים. האחרון נרעש ונפעם בשמעו השליחות המוטלת עליו, ואחרי שהתאושש אמר: „רבונו של עולם, האם באמת נתגלגלה לידי זכות כה גדולה, ואני במחט שלי אוכל לסייע לענין כה נכבד? רבי היקר, אני לא אפסיק את עבודתי ביום ובלילה ואתקין את הבגדים לפני הזמן״. ובקול רועד הוסיף — „אני אקנה את הבד, הכל שלי, ואל תציע לי שום שכר. רצוני לקיים את המצווה בשלמותה״. וכך היה. ביום הקבוע הופיע הרב מזא״ה לפני האפטריארך, וכעבור שעתיים חזר בכלי רכב צבאי לביתי, תקוף כאבי בטן. הזמנתי את הרופא נחומובסקי שקבע, כי הכאבים נגרמו מרוב התרגשות.

משהוקל לו ישבתי לידו והוא קרא את פסוקי התפילה: אתה יודע רזי עולם ותעלומות סתרי כל חי. אתה חופש כל חדרי בטן (נרמז לכאבי בטנו) — וסיפר על רשמיו מהראיון, שהוא מעריך אותו כחיובי בהחלט. ולמעשה רמז המפקד העליון להמנע מהפצת עלילות בלתי־מבוססות נגד

היהודים. יש אומרים, שבפקודותיו אף נרמז, כי „פוגרומים והתעללות אינם רצויים".

הרב מזא"ה יצא מברנוביץ למוסקבה שבע רצון מאד, אבל הגירושים נמשכו ופליטים רבים עברו את ברנוביץ.

אנשי המקום אירגנו ועד, שחבריו עמדו בתחנת הרכבת והיו מספקים למגורשים מזונות, רפואות וכו'.

האמת ניתנה להאמר, שדוקא הפליטים שהיו מגורשים לפי צו הצבא, מצבם היה טוב יותר ממצב הגויים שיצאו מרצונם הטוב. הללו היו נוסעים בעגלותיהם בדרכים, והצבא הנסוג היה שומטם לצדדים וחומס הפרות והסוסים ורבים מהאנשים מתו בטלטולי הדרכים.

כשלונות הצבא רבו — והמצב בברנוביץ התחיל להיות מתוח מאוד, אף שכל ימי המלחמה עד לנסיגה — המצב במובן הכלכלי היה טוב מאוד. הישוב בברנוביץ גדל ומספר התושבים נאמד ב־15 אלף נפש בערך. ביניהם פקידי ממשלה ואנשי־מסחר גויים, ועתה החליטו כולם לעזוב את העיר. כן נמסר, שהרוסים בנסיגתם מעלים באש ומשמידים את כל בתי החרושת, בתי המלאכה וכל שיכול להועיל לאויב. אולם בעלי בתי החרושת היהודים החליטו להשאר במקום ויהי מה, ולחפש דרכים למניעת השמדתם. בעלי בתי החרו־שת קושניר (בעל המנסרה), שימשילביץ (ביח"ר לשמן) ואני, בעל ביח"ר למכונות ויציקה, רוגוזניצקי — בעל טחנת הקמח, וסטולוביצקי — בעל ביהח"ר לאבני טחנות הקמח. לאחר התיעצות עם מכירי מחוגי הצבא ובהמלצתם בכתב יצאתי לסלונים, אל הגנרל איבנוב, הממונה על השמדת הרכוש במקרה נסיגה. הבאתי לפניו הצעה דלקמן: הואיל ואנו בטוחים שבסופו של דבר ינצח הצבא הרוסי וחבל להשמיד בתי־חרושת כה חשובים, מוכנים אנחנו לפרק את המכונות ולהחביאן באדמה, כדי שהגרמנים לא יוכלו להשתמש בהן. וכדי שהצעתנו „תשכנע" יותר הוספנו גם סכום כסף באמצעות מתווך. הגנרל הסכים לכך בתנאי, שקודם כל ישלח הוא צלם שיצלם את המכונות בשלמותן, ובעיקר — את בית החרושת שלי ושהבנינים יפוצצו; וכן שהקבוצה האחרונה של הקוזקים תפוצץ מכונות אחדות, ולו מהגרועות ביותר. מילאנו את התכנית במלואה. פירקנו את החלקים החשובים מכל מכונה, ונותרו רק החלקים המחוברים ליסודות. החלונות והדלתות שוברו. הקבוצה האחרונה של הצבא שעברה את ברנוביץ ומתפקידה היה לבער ולהשמיד, הגיעה ביום כפור תרע"ה (1915) — ואנו עזבנו את התפלות, ויחד עם קציני הצבא עברנו על פני בתי החרושת לשם עריכת פרטי־כל ההריסות ולעשות את הצילומים (צולם רק בית החרושת שלי).

אפס, עצם הנסיגה הטילה עלינו פחד, כי הקוזקים מהפלוגות האחרונות היו שודדים וגם לוקחים עמם מצעירי העיר. אך הצלחנו לקבל מגנרל איבנוב מכתב־מגן וכן הותר לארגון מכבי האש לשמור על הסדר. הוא גם העמיד לרשו־תנו מספר חיילים שיעמדו לעזרתנו. והואיל והמכתב היה על שמי — אנוס הייתי לכבוש כובע של מכבי אש. מפקד הכבאים מושינסקי מסר לי את כובעו ובאופן רשמי היה סגני. הלילה האחרון. מרחוק עולות הלהבות ממחנה הצבא והמחסנים שהועלו באש על ידי הצבא עצמו. הנסיגה בוצעה בסדר צבאי ולתמהוננו לא פגעה בנו כלל. הסכנה היתה צפויה לא מן הצבא הנסוג, אלא מן הפלוגות שנשארו לשם הריסת הבנינים ולאיסוף הרכוש שהיה במחנה, ואשר תפקידם היה גם להוציא את הצעירים וכל דבר שהיה עלול להביא תועלת לאויב. והנה באמצע הלילה הופיעו שני קצינים ודרשו ממני וממושינסקי לגייס את כל מכבי האש, כדי לכבות את השריפות בסביבה. הבינונו כוונתם לתפוש אותנו כבמלכודת — והתחמקנו ממילוי הפקודה. עם אור היום לא היה זכר להם. הנסיגה הגדולה פסקה, אבל פה ושם עוד התרוצצו קבוצות קטנות של קוזקים, בלא השגחה, שהתחילו פורצים לחנויות הסגורות. מצויידים במכתב־המגן של גנרל איבנוב יצאנו אל הקוזקים שבקשו לשדוד, — אך אותה שעה כבר נראו חלוצי הצבא האוסטרי, פרשים על סוסיהם — והקוזקים נמלטו על נפשם. וכך נסתיימה פרשת הרוסים בברנוביץ.

*

ביום שני בסוכות תרע"ה, 24.9.1915, נכנסו האוסטרים לעיר. התושבים חשו תחילה מעין הקלה, כאילו חלפו הסכ־נות שריחפו עלינו כל הזמן. אולם לא יצאו אלא שעות מועטות והתאכזבנו מרה: החיילים האוסטרים פשטו בחשכת הלילה בבתים, שדדו מצרכים, ההרימו דירות והתנהגותם הצטיינה ברוב המקרים באכזריות.

לפנות ערב נתכנסו נכבדי העיר בפקודת המפקד, כדי לנסח את דרישותינו ממנו, ובראשם הזקן שבחבורה — פנחס קפלן — עסקן ושתדלן נודע, ופיקח. בא הקומנדאנט. בדעתנו היה לבקש יחס אדיב ואנושי יותר. אך מה הופ־תענו, כשהקצין פתח בשאלה מצידו: אם יש בעירנו בית בושת? מר קפלן ניסה להעמיד פנים כמי שאינו מבין את השאלה, אך לבסוף הסמיק מרוגז וכעס וענה: אני וחברי אין אנו זקוקים לכך ולא ידענו כי הצבא הכובש האַדיר ישלח לנו קצין כה צעיר ואלה יהיו דרישותיו. אך הקצין עמד על שלו. פתחתי בדברי כיבושין וביקשתי מהקצין להבין לרוחנו, שלא תיארנו לעצמנו, כי בא־כוחו של עם תרבותי — בפנייתו הראשונה אל נכבדי המקום — ידרוש מאתנו להוציא לצבא את בנותינו או שנדאג לבית בושה בשבילו — ואנו כסבורים היינו שנדון בענייני אספקה, השלטת סדר, שיכון לחיילים ולקצינים ודברים חשובים אחרים. ואם בכל זאת יעמוד על דרישתו — הרי בקשתנו להניח בידנו להתיצב לפני הגנרל ולהביע דעתנו בשאלה זו. משמשע הקצין את תשובתנו — קם ועזבנו בלי להוסיף מלה אחת, ושוב לא ראינוהו. נראה שעזב את העיר ובמקומו בא אחר. העניינים התחילו להסתדר. חיילי הצבא האוסטרי התחילו אף להתידד עם יהודי העיר, בה נשארו 26 יום. בינתיים ערכו הרוסים התקפה רבתי על ברנוביץ וגם הפ־

ציצוה. בדרך נס לא היו קרבנות. תושבי ברנוביץ היו שרויים בפחד בפני הרוסים, שעמדו לכבוש העיר, ורבים ברחו לסלונים. בינתים הגיעה תגבורת של גרמנים וההת־קפה נהדפה. הגרמנים הוציאו את האוסטרים מן העיר, וב־20/10 נכנסו כוחות גרמניים לעיר והחלו לקבוע בה את סדריהם. שעה שהאוסטרים הניחו לחנויות לסחור ולא הח־רימו סחורות, הרי עם בוא הגרמנים הורגש משטר אחר.


קבוצת בחורים ובחורות בעבודת־כפיה


קבוצת נשים יהודיות נוסעת לעבודת־כפיה

מיד הופיעו צווי־החרמה. החרימו רק הסחורות שהיו בח־נויות: חמרי בנין, מצרכי אוכל וכו׳, אך רבים מהתושבים הספיקו לאגור ולהחביא סחורות שונות. נדרשנו להגיש מועמדים למנוי ועד. החלטנו לערוך את הבחירות על ידי התושבים לפי שיטה שהיתה מקובלת בימים ההם: כל עשרה בחרו באחד, ו„ראשי העשרה״ נתכנסו ובחרו מתוכם ועד בן 17 איש. המפקד קיבל את דעתנו בהסתייגות אחת, כי זכותו לפסול את מי שימצא לנחוץ. בתחילת נובמבר 1915 נבחר הועד בשלמותו ובאישורו של הקומנדנט; אני נבחרתי כראשו ומר קפלן — כסגני.

מנהגם של הגרמנים היה „לחטוף״ אנשים לעבודה. מדי בוקר היו יוצאים חיילים למלאכת החטיפה, ומעסיקים את האנשים בעבודות שונות. הועד פנה, איפוא, לקומנ־דנט הראשון בדרישה להפסיק את החטיפה, וקיבל על עצמו להמציא את הפועלים הדרושים לעבודות חשובות; לאחר בירור העבודות הדחופות שיש לבצע, בעיקר — פריקת סחורות מהקרונות — באנו לידי הסכם להעמיד לרשותו לעת עתה 40 פועל. הועד הזמין פועלים שמלאכתם בכך וקצב להם את שכרם, והם הוציאו לפועל את העבודה לשבי־עת רצון הצבא. הטלנו חובת העבודה על כל תושב ותושב, יום או יומיים בשבוע, ומי שלא רצה או לא יכול לצאת לעבודה — שילם דמי־כופר ובמקומו עבד פועל שכיר. כן קיבל הועד על עצמו להבטיח את שיכונם של החיילים

ומנע בכך החרמת דירות. הואיל ומילאנו את הכל בדיקנות — הביע הצבא את שביעת רצונו מהסידורים שעשינו, אף רחש לנו אימון, עד שבשל הרעיון בדבר מסירת העיר (הנהלתה ושמירתה) לידי המועצה שלנו. (אירעו שני מקרי אונס וגניבות. מסרתי על המקרים לקומנדנט, אגב בקשה להשתיק לעת־עתה את הענין; דעתו היתה כדעתנו, כי לא רצה להכתים את שם צבאו, אולם פירסם אזהרה חמורה לחייליו). גם המקרים האלה עוררו את הקומנדנט לרעיון מסירת השמירה והנהלת העיר לידינו, עם סמכויות אוטונומיות רחבות וקביעת שוטרים משלנו, ראש משטרה, בית משפט, בית סוהר, חלוקת הלחם שקיבלנו מידי הצבא וכו׳.

במועצה התעוררו דיונים מרובים בשאלות אלה, והיו שהתנגדו לקבלת האחריות מחשש לכשלון ועונש הצפוי בעקבותיו, אך הרוב הכריע לחיוב, שראו בכך טובת הציבור, כי גדול היה הפחד מ„טפולים" של החיילים הואיל ובכל בית היו מוסתרים דברים אסורים. כן איפשר לנו הדבר קביעת סדרי החינוך לילדים, שהיה בכל רע באין לנו זכות להטיל מסים. עם זאת התנתה המועצה, שאין המשטרה היהודית משרתת את הצבא ואין לה שום תפקיד בצבא, ואם, למשל, יראה הצבא צורך לערוך חיפוש מתוך נימוקים שלו — אין המשטרה שלנו מלווה אותם ואינה עומדת לפקודתו ולא לעזרתו. ענין זה עורר ויכוח ממושך עם שלטונות הצבא, שדרשו מצדנו עזרה מלאה גם במקרים כאלה; הגנרל שהסדר האמור היה טעון אישור מצידו, הזמין אותי כראש העיר כדי לעמוד על טיב התנגדותנו ונימוקיה. הסברתי לו, כי המועצה היא נבחרת הישוב המקומי, ומחובתה ותפקידה הראשוני לשמור על האינטרס של תושבי המקום ולהגן עליהם כלפי הצבא. הדגשתי את תפקיד הסניגור להקל על עונשו אף של מי שחטא משהו, וכי אין המשטרה שלנו יכולה לשמש בשני התפקידים כאחד, שהיה בזה כדי להחליש את אימון הציבור בה. הגנרל הסכים לדעתי, ועל הקומנדנט נאסר להזמין אליו את חברי המשטרה ולפקד עליהם. אמנם הוא שמר לעצמו את הזכות לפסול שוטר יהודי אם ייחשד מבחינה פוליטית, וגם לא ביטל את האיסור על קיום אסיפות רבות־עם.

כך הנחנו יסוד להנהגה עצמאית של העיר. בחרנו במשטרה יהודית, ובראשה העמדנו את אליעזר לימון. עוזרו היה גדליהו סטולוביצקי. בחרנו בשופטים, אירגנו חלוקת הקמח והלחם שקיבלנו מהצבא. המצב הכלכלי בעיר היה רע מאוד; הצבא נתן לחלוקה לחם במנות של 100 גרם לנפש ביום, ומלבד המנה — לא היו בנמצא בעיר שמנים ובשר. עיקר פרנסת התושבים היה על העבודה בשכר זעום מאוד, ואף על פי כן היו הולכים לעבודה ברצון בגלל האוכל שקיבלו נוסף לשכר העבודה. כך נוצרו יחסים הדדיים בין החיילים לבין העובדים, שהיו משיגים מידיהם כפעם בפעם קופסת ריבה, שוקולד, סוכר חום שהאכילו בו את הסוסים. בתים רבים היו מכבסים את לבניהם של החיילים הבאים מהחזית לחופשה. שררה דלות איומה, והיו גם שסבלו מרעב. המועצה עשתה כמיטב יכלתה להגדלת מנת הקמח, קנינו מהכפריים־השכנים מן המזונות שהטמינו בתוך הבורות.

היציאה מן העיר היתה להלכה אסורה, אך תמורת 5 רובל זהב היה ניתן הרשיון לצאת, והחוזרים היו מביאים עמם מעט אוכל. תודות למאמצינו עלה בידינו להגדיל את מנת החלוקה מ־100 גרם ל־250 גרם; למחוסרי אמצעים חילקנו לחם חינם והדבר נתאפשר על ידי תוספת־מה למחיר הכללי. קרה ומספר ימים הורגש מחסור בקמח ובלחם — לכן הקדמנו ובתור הראשון חילקנו לעניים. הנהגנו חינוך־חינם וכן הפעלנו את בתי המשפט (והיו לא מעט משפטים על גניבות, הכאות, עלבונות וכו׳). אנוסים היינו לנהוג ביד חזקה כדי להשליט סדר ולא להכשל בעיני הצבא. אנוסים היינו לבור לנו את הדרך הציבורית הנכונה שלא לעורר אי־שביעת רצון בציבור מצד אחד ומהצד השני — להנהיג משמעת ודרך ארץ כלפי השוטר היהודי בן־העיר.

עם החמרת המצב הכלכלי החלטנו, שהאנשים יתחילו לעבד את האדמה בחצרותיהם וגם שטחים פנויים ליד העיר. פתחנו בהסברה רחבה וחילקנו זרעים, בעיקר — תפוחי אדמה, כרוב, סלק וכו׳, כך שבחדשי הקיץ לרוב התושבים היו גינות בחצרות או מחוץ לעיר. היה בכל אלה כדי למנוע רעב.

עם זאת פנינו בכתב לקומנדנט בבקשה שיתיר לנו קיום הרצאות בנושאי מוסר ודת; לשם כך השתמשתי בתעודת הסמיכות לרבנות שהיתה לי — והרשות ניתנה. ואכן, נערכו אסיפות והרצאות, בהן מסרתי דו״ח על פעולותינו וגם דו״ח כספי וקשרנו קשרים אמיצים עם הציבור. תחילת מארס 1916 פתחתי בסידרת הרצאות, בה עמדתי על החשיבות הנודעת לקיום חיי רוח ופעולת תרבות דוקא במצב קשה זה.

ראוי להעיר, כי דוקא האנשים שסבלו רעב ומחסור — הם הם שהיו נלהבים להרצאותי, וכך התחלנו לנהל את אסיפותינו ופעולתנו התרבותית — ובזאת הכנסנו רוח חיים בעיר כולה.

בינתיים נגזרו עלינו גזירות שקשה היה לשאתן. אחדות מהן הצלחנו לבטל. הגרמנים דרשו מאתנו להכניס את הזהב שנמצא אצל התושבים, לפי רשימת בעליו שהגישו לנו. הם הטילו עלינו סכום מסויים ודרשו להמציאו תוך 14 יום. לאחר הסברה והשתדלות העברנו את רוע הגזירה בטענה, כי אין המועצה יכולה לערוך חיפושים אצל תושבי העיר הואיל וקיים בינינו הסכם אתם, שאין המועצה ממלאה שום תפקידים צבאיים. הסברנו, שגם אם הצבא יערוך חיפושים — לא ימצא דבר, כי קל מאוד להחביא זהב, ולא יתכן להאשים את הציבור כולו בגלל אחדים. אבל כוונתם האמיתית היתה לגרש את היהודים מברנוביץ, שכן אחרי שביטלו גזירה זו מיד גזרו על גרוש התושבים, שאין אפשרות להמנע מפעולות ריגול במקום קרוב כל כך לחזית. גם מעיירות רחוקות יותר כהורודישץ וסטולוביץ גורשו כל התושבים.

המועצה הטילה על עצמה את כל כובד המאמץ לבטל את הגזירה הזאת, ואמנם לא הצליחה לבטלה, אלא לצמצמה.

מצב המועצה היה חמור מאד, כי איך תגרש חלק מה־תושבים ותפלה בין האחד לשני. קיימנו אסיפה מיוחדת של מועצת העיר בהשתפות הרבנים ואחדים מנכבדי העיר וביניהם אליעזר ברנשטין (ראש „המזרחי"), לוי גינזבורג, יחיאל רבינוביץ ורגוזניצקי. היתה זו ישיבה טראגית מאוד; רבים בכו וניבאו שחורות, כי בסופו של דבר יגרשו את כולנו, כי אמנם — פקודת המפקדה העליונה אמרה: „לפנות את העיר מכל תושביה" כשם שעשו בערים אחרות, המרו־חקות מהחזית יותר מברנוביץ, כגון פינסק, משם גורשו באכזריות גדולה לעבודת־כפיה גם מאות צעירות שלא ידעו אף את מקום גרושם.



תזמורת של כלי־מיתר, שאורגנה ע"י קבוצת צעי־רים בכדי להשתחרר מעבודה

מימין: שולומוביץ מיכל, בורקובסקי, ברוודה קלמן, ליפשיץ מרדכי, רודניצקי נ., ליפשיץ פרדל, גארינובסקי מ. ב., מושצ'ינסקי, ליפשיץ שרה, בליזניאנסקי (מאחורי שרה), יודקובסקי שמחה, (מאחורי בליזניאנסקי), באגאטין גרישה, שולומו־ביץ, רודניצקי ישראל'יק (מאחורי שולומוביץ), רובינשטיין יוסף, שמואלוביץ, יסינובסקי אהרן, קובנסקי אברהם'ל, מינקוביץ' חיים.

החלטנו לערוך אסיפה רבת־עם, למסור לתושבים את המצב כחומרתו ולבקש את אלה, שאין להם קשר חיוני עם העיר — שיסכימו מרצון לעבור לערים מרוחקות יותר מן החזית.

רבים ביקשו עוד לפני כן רשיונות יציאה מן העיר והת־כוונו לעבור הרחק מן החזית. מצדנו התחייבנו לעזור להם וגם ביקשנו את עזרת הגרמנים — להעמיד לרשותינו, לצורך העברתם, כלי־רכב וכל הדרוש. קבענו מועד להרשמת המסכימים לעבור — ולשמחתנו נענו רבים. הגרמנים אמנם דרשו מספר רב יותר, אך סו"ס הסכימו לכך. הם קבעו את יום העזיבה, הכינו קרונות־רכבת וגם צרכי אוכל, הכל כמדובר; אבל בימים האחרונים — התחרטו רבים מאלה שתחילה הסכימו לעבור ולא רצו לעזוב את העיר. המועצה לא רצתה לפעול בכפיה, והגרמנים עמדו על שלהם ודרשו בכל תוקף שנוציא לפועל את הגירוש בעזרת משטרתנו, בהתאם לרשימת המתנדבים, שהמועצה מסרה לידי הקו־מנדנט. החלטנו לקיים אסיפה שניה באותו הרכב, כלומר בהשתתפות הרבנים ונכבדי העיר, ועל סדר היום העלינו את השאלות הבאות: 1) התפטרות המועצה; 2) תשובתינו לקו־מנדנט; 3) עזרה לאלה שהסכימו לעזוב ולא התחרטו — או שיחזרו בהם מחרטתם.

הדיונים נמשכו עד עלות השחר. היו שלא כילו דבריהם שהדמעות חנקו גרונם. פנחס קפלן התנגד להתפטרות המו־עצה, כי זה היה בלי שום ספק גורם לגרוש כל תושבי העיר. לבסוף הוחלט, שהמועצה רואה חובה להמשיך עבודתה, ועל כן אין היא מתפטרת. על המועצה לעשות כל המאמצים לביטול הגזירה, או — לפחות — לצמצמה, ובעיקר למנוע גירוש בעלי משפחות; ניתן תוקף לדעת המועצה, כי אין היא צריכה להוציא לפועל גרוש בכוח; עליה לטפל באלה שלא התחרטו, וגם באלה שיחזרו בהם מחרטתם, ולהושיט להם עזרה מכסימלית. נקבעו גם הנימוקים שעלינו להביא לפני הקומנדנט להצדקת אי־הציות לדרישתו.

את ההחלטות מילאנו בדיקנות, והקומנדנט פקד על חייליו להוציא את האנשים בכוח, לפי הרשימה שהיתה בידיהם. הגירוש הזה השאיר רושם מדכא על הציבור ועל המועצה. למעשה נשאר מספר ניכר מאלה שנרשמו, כי ברגעים האחרונים מצאנו דרך להוציאם מתוך הקרונות, להעבירם למקומות־סתר ולהחביאם מעיני המשמר. לאחר זה נודע הדבר לגרמנים, והם ערכו גירוש שני... מצבנו היה קשה מאוד; התושבים התקיימו בעיקר על עבודה; המלאי אזל, הבגדים נתישנו ופני העיר היו — עוני ודלות. מספר התושבים שהגיע לעת הכיבוש ל־5000 נפש, פחת ב־50%. וחמור היה, כמובן, מצבי כראש העיר.

ראשי המשטרה התחלפו; המפקד הראשון — לזר לימון — התפטר עקב האשמות בלתי מבוססות. בחרנו במ־קומו בסינגלובסקי (אחיו של מנהל „אורט"); אחרי זמן מה התפטר גם הוא, ואז בחרנו בזבלוצקי. גם אני עמדתי להת־פטר מתפקידי ודרשתי בחירות חדשות.

התנהגותם הכללית של הגרמנים היתה, בדרך כלל, אכזרית מאוד, אם כי לכאורה לשונם אדיבה היתה. שעה ששימשתי ראש העיר ערכו חיפוש בבית החרושת שלי,

חפרו כל החצר בעומק של שני מטרים (והיא השתרעה על שטח של 10 דונם בערך); חיפשו נשק, וראש הבולשת שב־עתות שלום היה בעל בית־חרושת בלודז ועמד בקשרים הדוקים עם יהודים בלודז, — הטעים באזני, ברוב אדיבות, כי „מוטב להרוג 10 איש חפים מפשע מאשר להשאיר בחיים מרגל אחד, כלומר כל ספק אנו פוסקים כודאי".

מכתב עם חתימות תושבי העיר שנשלח לראש הועד האזרחי (בירגער־קאמיטעט) בקשר עם התפטרותו מתפקידו

ב־1917 הגיעונו שמועות על הצהרת בלפור, אבל הגרמנים הסתירו את הידיעות הללו מאתנו ונמנע מאתנו לערוך חגיגות פומביות. הודיעו לנו רק על המהפכה ברוסיה, בזמן שנפגשו עם הרוסים לשיחות בריסק 1918. התוצאה היתה: הרוסים פסקו ממלחמתם בגרמנים, ואז התחילו הגרמנים להתקדם לרוסיה פנימה. קיבלתי היתר־נסיעה למקומות שהיו קודם מעבר לגבול ולתמהוני מצאתי שם עולם אחר. ראיתי חנויות מלאות כל טוב, והרי אנו סבלנו במשך שנתים מחסור רב.

ביזמתי הצלחתי למנוע שיטת ההחרמה שהיתה נהוגה בצבא הגרמני, והגרמנים הסכימו לקנות במזומנים סחורות שונות באמצעות חברה שמשתתפיה היו אליעזר ברנשטין, ישראל משה סטולוביצקי, לייבה יוסלביץ ואחרים. כך התפתח מסחר בממדים גדולים מאוד, כי החברה הפעילה את כל הסוחרים שבאזור ועד בוברויסק הגיע. המפקדה הראשית היתה אחר כך בבוברויסק שסביבתה הצטיינה בגני־פרי גדולים, ובזמני שלום היו מספקים תפוחי עץ למרכזי רוסיה ואילו בשנות המלחמה הפרי נרקב. רוב הגנים היו בידי יהודים, כלומר הם היו קונים את פריים, מעמידים שומרים משלהם, מבצעים הקטיף, האריזה והמשלוח לערים הגדולות; כשנודע להם על האפשרות למכור לגרמנים — פנו לחברה שלנו, שקיבלה על עצמה גם אספקת תפוחי עץ וריבה — וגם עסק זה התפתח והגיע למעמדים גדולים.

כדאי להזכיר גם את מפעל הספירט השיתופי שיסדנו בתחילת 1916 (אני ושותפי: יוסלביץ, סטולוביצקי, ברנשטין, סביצקי וקופילוביץ). הרוסים שפכו בזמן נסיגתם את כל הספירט מבתי חרושת לספירט, ובעיקר מהמיכלים הגדולים, שהיו קיימים בעירנו. הוברר, כי האדמה אמנם ספגה בתוכה אחוז מסויים של הכוהל, אך 10%—8 נותרו.

לאחר מו"מ עם השלטון הצבאי הורשנו להקים ביח"ר לתפוקת הספירט בתנאי, שהוא יקבל 50% מן הכמות המופ־קה — והשאר יעמוד לרשותנו למכירה החפשית. הקימונו את המפעל בביהח"ר ל„שמן" של שימשילביץ. פתחנו בארות במקום ששפכו את הספירט. הרכבנו משאבות, שאבנו את המים העליונים ובחביות הבאנו את המים בעגלות לבית החרושת. התפוקה היתה די גדולה. כשנפתחו הגבולות לרו־סיה — הקימונו בתי חרושת ב־3 מקומות נוספים. 50% מהספירט מכרנו לתושבים באמצעות סוכנים, שאחד מהח־שובים שבהם היה מר טרובוביץ (בעל בית חרושת „יצהר" בארץ).

לאחר שהגרמנים נכנסו למינסק — הציעו לי לייסד עוד בתי חרושת במקומות שונים — ובמינסק ירוכז כל הספירט לזיקוק. התיעצנו והחלטנו, שאין אנו רשאים לנגוע ברכוש הרוסים בלי הסכמתם. הצענו לגרמנים לבוא בדברים עם השלטונות הרוסיים ולקבל את הסכמתם. הסכמתם העק־רונית של הרוסים ניתנה בתנאים מסויימים.

ב־11.11.18 נסוגו הגרמנים מכל החזית. כשנודע הדבר, החליטו רבים מתושבי ברנוביץ לעזוב את המקום, וגם אני ביניהם עברתי לביאליסטוק — ומשם לוארשה.

בינתים כבשו הפולנים את ברנוביץ, אבל בין הרוסים והפולנים נמשך המאבק על אזור זה והמקומות עברו מיד ליד. היה זמן שברנוביץ עברה לרוסים, וכל הפולנים — ובתוכם גם הגראף רוזבדובסקי — עזבוה. בהגיעו לוארשה היה מצבו דחוק. אצל הפולנים לא היה שום סידור של עזרה לפליטים, והוא פנה אלי בהצעה למכור את העיר ברנוביץ (כי כל שטחי העיר שעליהם היו בנויים הבתים בעיר היו שייכים לו). עניתי לו, שאין אני מוכן לקנות ממנו מתוך לחץ, בזמן חירום, אלא מוכן לתת לו הלוואה לצרכיו ונתתי לו הסכום שהיה דרוש לו. בינתים כבש צבא פילסודסקי את ברנוביץ והתקדם עד לקיוב. הרוסים הדפו את הפולנים והגיעו עד לשערי וארשה — ושם הובסו. אז נכבשה ברנוביץ חזרה בידי הפולנים והגבול היציב נקבע 68 ק"מ מהעיר, כלומר במקום הגבול שהיה בין אזורי הכיבוש הרוסי והגרמני.

הגראף חזר למקומו והודיע לי על רצונו לשלם לי בעין יפה ולא בכסף, אלא בשווה־כסף. עניתי שאינני רוצה בהנאה פרטית, אבל רצוני לקנות ממנו בתים אחדים לטובת העיר ברנוביץ. באנו לידי הסכם, קיבלתי את הבתים לרשותי ומסרתים לקהילת ברנוביץ — בית אחד גדול ושני בתים ל„ישיבת וסרמן".

בזאת נסתיימה בשבילי פרשת ברנוביץ.

# צווישן ביידע וועלט־מלחמות 1919–39

משה מוקאַסיי

## געזעלשאַפטלעכע אוןווירטשאַפטלעכע טעטיקייט

### פאָרוואָרט

די יידישע געשיכטע פון באַראַנאָוויטש אין דער תקופה 1919—1939, איז אָרגאַניש פאַרבונדן מיט דער טעטיקייט פון דער יידישער קהילה, וועלכע האָט אין משך פון אַ פּאָר צענדליק יאָר פאַרנומען דעם צענטראַלן פּלאַץ אינם לעבן פון דער אָרטיקער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט.

אין אונזער זכרון לעבט דאָס בילד פון דער גאָר נאָענטער פאַרגאַנגענהייט — נאָענט און דאָך אַזוי ווייט —, ווי אַן אומבאַגרייפלעכער חלום וועגן אַ גרויסער יידישער קהילה, וועלכע איז חרוב געוואָרן. עס איז אַפילו נישט פאַרבליבן קיין בית־קבֿרות.

קורץ איז געווען די געשיכטע פון באַראַנאָוויטש, בלויז אַ 70 יאָר בערך, און ספּעציפיש איז געווען איר כאַראַקטער. זי האָט נישט געהאַט קיין טראַדיציע פון דורות; מען האָט אַלץ געדאַרפט אָנהויבן פונדאָסניי. נישט אומזיסט האָט מען אונזער שטאָט גערופן „דאָס נייע אַמעריקע". באַראַנאָוויטש איז געווען די נאַטירלעכע יורש'טע פון אַ סך אַרומיקע ישובֿים. מיטן ברען פון פּיאָנערן האָבן די איינוווינער געבויט זייער נייעם לעבן, און די געזעלשאַפטלעכע אַרבעט איז געטאָן געוואָרן מיט ליבע און איבערגעגעבנקייט, הגם עס איז אויך געווען נישט ווייניק שאָטן.

אַ ברויזנדיקע קהילה, טעטיק אויף אַלע געביטן פון זעלבסטפאַרוואַלטונג: אויפן נאַציאָנאַלן, רעליגיעזן, קולטורעלן, סאָציאַלן און עקאָנאָמישן געביט.

ביים סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ד יידישע ישובֿים באַהערשט אַ געפיל פון דערוואַכונג און אויפמונטערונג. אין יעדער שטאָט און שטעטל זענען אַנטשטאַנען כלערליי אינסטיטוציעס, פאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס; מען האָט אָנגעהויבן אויפבויען די דורכן קריג חרובֿ־געוואָרענע ישובֿים און קהילות. אין דאָס גילט אויך — און באַזונדערס — לגבי באַראַנאָוויטש.

### די רויטע קומען

שבת, דעם 4־טן יאַנואַר 1919, האָבן די דייטשן עוואַקואירט באַראַנאָוויטש, און אויף צומאָרגנס, זונטיק, איז זי פאַרנומען געוואָרן דורך די באָלשעוויקעס.

די שטאָט, ווי דאָס גאַנצע לאַנד, האָט געלעבט אין דער דערשיטערטער אַטמאָספער פון בירגער־קריג און אין פיבער פון דער רעוואָלוציע.

ווי כוואַליעס האָבן געשטראָמט די רייען פון רויטן מיליטער, וואָס האָט דאַן געטראָגן דעם כאַראַקטער פון אַ פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג פון פּויערים און אַרבעטער, באַהערשט דורך אַ מין הפקר'דיקן פרייהייטס־גייסט פון אַראָפּגעריסענע פון קייטן.

דער ערשטער צייכן פון דער נייער מאַכט איז געווען די טריבונע אין מיטן מאַרק, און די צאָלרייכע מאַסן־מיטינגען און רעדעס טאָג־טעגלעך.

עס זענען געגרינדעט געוואָרן כלערליי „רויטע אינסטיטוציעס" און פאַריינען. די מערהייט פון דער יידישער באַפעלקערונג איז אָבער נישט מיטגעריסן געוואָרן מיטן פּסיכאָז, און אַנטפּלעקט אַ באַציונג פון פאָרזיכטיקייט און רעזערוואַציע.

די גאַנצע יידישע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט האָט זיך אָפּגעשטעלט; מען האָט געלעבט ווי אין אַ כאַאָס.

### לעגיאָן-קאָשמאַר

אין מערץ 1919 האָבן זיך אַריינגעריסן אין שטאָט די פּוילישע לעגיאָנערן. זייער וועג איז געווען פאַרזייט מיט יידישע קרבנות. שוין די ערשטע נאַכט האָבן זיי אויסגעשחט'ן אַ יידישע פאַמיליע. עטלעכע טעג שפּעטער איז געפונען געוואָרן אַ געהרגעטער ייד אויפן פעלד (אַ מת־מצווה).

אַ וואָך צייט האָבן זיי געבושעוועט אין באַראַנאָוויטש, און אין יענע טעג האָבן יידן געלעבט ממש אין אַ פּאָגראָם־קאָשמאַר, פאַרשלאָסן און פאַרשטעקט.

עס קומען ווידער די באָלשעוויקעס; אָבער אויך זייער הערשאַפט האָט לאַנג נישט געדויערט. עטלעכע וואָכן שפּעטער, אין די טעג פון פסח, פאַרלאָזן זיי אונז, און די שטאָט ווערט אָקופּירט דורך דער רעגולערער פּוילישער אַרמיי.

### אונטער דער פּוילישער הערשאַפט

די פּוילישע אַרמיי האָט דאַן געהערשט אין באַראַנאָוויטש אַ יאָר צייט בערך. די לאַגע האָט זיך אָנגעהויבן ביסלעכווייז

צו סטאַביליזירן. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ ציווילע מאַכט. דאָס יידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן האָט ווידער אויפגעוואַכט און די אינסטיטוציעס האָבן אָנגעהויבן פונקציאָנירן.

דורך אַ פאַרשטענדיקונג פון אַלע טיילן פון דער יידישער באַפעלקערונג (אויסער „בונד", וועלכער האָט דאַן נישט אנערקענט די קהילה־אינסטיטוציע) איז געגרינדעט געוואָרן אַ קהילה. עס האָבן זיך ווידער געעפנט געשעפטן און וואַר־שטאַטן; ס'האָט זיך אַנטוויקלט אַ קליין־האַנדל פון אַ מלחמה־כאַראַקטער מיט אַלע זיינע באַגלייט־דערשיינונגען ווי שוואַרצן גרענעצן, שמוגלען סחורות א. ד. גל. די יידישע באַפעלקערונג איז פולשטענדיק רואינירט געוואָרן אין דער מלחמה און כמעט נישט געווען אימשטאַנד זיך אַליין צו העלפן. דאַן האָט דערשינען דער „דזשאָינט", און מיט זיין הילף איז ווידער אויפגעבויט געוואָרן דאָס יידישע לעבן. עס זענען געשאַפן געוואָרן אינסטיטוציעס, שולן, געזעלשאַפטלעכע קיכן, יתומים־הייזער. עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ באַקליי־דונג־און פראָדוקטן־פאַרטיילונג; עס זענען געגרינדעט געוואָרן סאָציאַלע און מעדיצינישע הילפס־אַנשטאַלטן א. א. וו.

שפּעטער, נאָך דער מלחמה, ווען די לאַגע איז אַ ביסל סטאַביליזירט געוואָרן, האָט דער „דזשאָינט", פּאַראַלעל מיט זיין פילאַנטראָפּישער טעטיקייט, זיך אָנגעהויבן ווידמען אויך דער קאָנסטרוקטיווער אַרבעט.

זאָל דאָ אויך אָנגעמערקט ווערן די הילף פון די באַזונ־דערע יידישע לאַנדסמאַנשאַפטן אין אַמעריקע.

## קהילה־טעטיקייט

די יידישע קהילה איז געווען דער צענטראַלער אָרגאַן, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער גאַנצער הילפס־אַרבעט, — פאַרטיילט די פּראָדוקטן, דיספּאָנירט מיט די געלט־סובסידיעס און קאָנטראָלירט די טעטיקייט פון אַלע אינסטיטוציעס און אַנשטאַלטן. זי האָט אויך אָנגעפירט מיט דער פּאָליטישער טעטיקייט אַלס פאַקטישע פאַרשטייערין פון דער יידישער באַפעלקערונג.

הגם דאָס קהילה־געזעץ פון קאָנגרעס־פּוילן איז נאָך דאַן נישט געווען אין קראַפט אויף די קרעסן, איז די קהילה דאָך אנערקענט געוואָרן פון ביידע זייטן, סיי מצד די יידן און סיי מצד דער מאַכט, אַלס אָפיציעלע רעפּרעזענטאַנץ פון דער גאַנצער אָרטיקער יידישער באַפעלקערונג. די קהילה האָט זיך אָבער נישט געוואָלט באַגנוגענען דערמיט, און גע־שטרעבט צו ווערן אויסגעוויילט דורך דעמאָקראַטישע וואַלן. און ווי נאָר די לאַגע האָט זיך עטוואָס באַרוהיקט, איז זי צוגעטרעטן צו אָרגאַניזירן די וואַלן און זיי דורכצופירן לויט אַן אויסגעאַרבעטן וואַל־רעגולאַמין.

אין דעצעמבער 1919 זענען פאָרגעקומען די ערשטע דעמאָקראַטישע וואַלן צו דער קהילה. אין איר זענען געווען פאַרטרעטן אַלע פּאַרטייען און ריכטונגען (אויסער „בונד", וועלכער האָט דאַן באָיקאָטירט די קהילות).

אין יענער צייט האָבן אָנגעהויבן צוריקקערן אין זייער היים אַ סך יידישע איינוווינער פון באַראַנאָוויטש, וועלכע זענען פאַרטריבן געוואָרן דורך דער דייטשישער אָקופּאַציע־מאַכט טיף אין פּוילן.

## גערוואַנגל פאַרן קיום

מיט דער אָפענסיווע פון דער פּוילישער אַרמיי, אין פרילינג 1920, און איר פאַרשריט ביז קיעוו, איז דער צענטער פון דער אַלגעמיינער יידישער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט אַריבער קיין מינסק.


ועד הקהלה העברית
בברנוביץ.

ZARZĄD
GMINY STAROZAKONNYCH
m. Baranowicze.

איינלאַדונג צו דער ערשטער קהילה־זיצונג

איבעראַל האָט געהערשט אַ נאַציאָנאַלע דערוואַכונג און אויפלעבונג. אומעטום האָבן זיך אָנגעהויבן גרינדן קהילות און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. אָנהויב 1920 איז פאָרגעקומען אין מינסק אַ צוזאַמענפאָר פון די יידישע קהילות אין ווייס־רוסלאַנד און עס איז געשאַפן געוואָרן אַ נאַציאָנאַל־ראַט.

ליידער האָט די אויפלעבונגס־תקופה לאַנג נישט געדויערט. אין יולי 1920 האָט זיך אָנגעהויבן די קעגן־אָפענסיווע פון דער רויטער אַרמיי. דער פּוילישער פראָנט האָט זיך צוזאַמענ־געבראָכן, און דאָס מיליטער האָט זיך אין גרויס פּאַניק צוריקגעצויגן ביז וואַרשע. אויפן וועג פון זייער ריקצוג האָבן די פּאָליאַקן געזייט חורבן; אַ סך שטעט און שטעטלעך זענען פאַרברענט געוואָרן, און דאָס יידישע פאַרמעגן פאַר־ניכטעט.

אויך באַראַנאָוויטש האָט געדראָט דער זעלבער גורל. די יידישע קהילה האָט אינטערוועגירט, געשיקט דעלעגאַציעס צו די אָנפירנדיקע מיליטער־קרייזן. אירע ווענדונגען האָבן זיך אָבער אָנגעשטויסן אין אַ שטיינערנער וואַנט פון אומ־פריינטלעכער גלייכגילטיקייט. איינער פון די הויפּט־פאַר־וואָרפן קעגן אונז איז געווען, אַז די יידישע באַפעלקערונג סאַבאָטירט די פּוילישע אַרמיי. אַנטזאָגט זיך פון יעדער מיטאַרבעט און וויל אַפילו נישט צושטעלן קיין ברויט די הונגעריקע זעלנער אויף זייער וועג צוריק.



צוזאַמענפאָר פון די יידישע קהילות פון ווייס־רוסלאַנד אין מינסק, אָנהויב 1920

**מ. מוקאַסיי (אונטן, פון רעכטס דער ערשטער); נ. פּערלאָוו (אויבן פון לינקס דער דריטער)**

כדי אָפּצושוואַכן די דאָזיקע באַשולדיקונג האָט די קהילה געעפנט אַ ספּעציעלע בעקעריי, און געמאָלדן דער מיליטערי־שער מאַכט וועגן דער גרינדונג פון אייניקע הילפס־פּונקטן צום פאַרטיילן ברויט די הונגעריקע זעלנער. אויסער דעם זענען אויך אָנגענומען געוואָרן אַנדערע מיטלען, וועלכע זענען געווען פאַרבונדן מיט גרויסע געלט־הוצאות. די אַלע שריט האָבן געפירט דערצו, אַז ביים פאַרלאָזן די שטאָט איז מען אָפּגעקומען בלויז מיט אייניקע פאַרברענטע הייזער אויפן מאַרק.

לויט גענויע אינפאָרמאַציעס, וואָס מיר האָבן אין יענע טעג באַקומען, האָבן די פּאָליאַקן דאַן אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן אונטערצוצינדן די גאַנצע שטאָט; עס זענען אַפילו צוגעגרייט געוואָרן ברען־מאַטעריאַלן. די אַלאַרמירטע קהילה האָט פאַנאַנדערגעוויקלט אַן אינטענסיווע קעגן־אַקציע. אונטערן איינפלוס פון דער דאָזיקער טעטיקייט האָט דאָס אָרטיקע פּוילישע פעלד־געריכט פאַרעפנטלעכט אַ וואָרנונג צו די סאָלדאַטן, אַז פאַר יעדער גוואַלט־טאַט ווי רויב, מאָרד א.ד.גל., דראָט אַ שטרענגע שטראָף, ביז אַ טויט־אורטייל. אין דער דאָזיקער רעטונגס־אַרבעט האָבן זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט די עסקנים: ר׳ פּיניע קאַפּלאַן, הרב ר׳ יוסף פוימער פון סלוצק (דאַן אין באַראַנאָוויטש), ר׳ ישראל קאָפּעליאָוויטש, משה גובאר א. א.

אויך אין די צייטן ווען מען האָט געשוועבט צווישן לעבן און טויט, האָט מען נישט פאַרנאַכלעסיקט די זאָרג פאַר דער צוקונפט. איך דערמאָן זיך, צווישן אַנדערן, אין אַ מערקוויר־דיקער איבערלעבעניש:

אָנהויב זומער 1920. דער פראָנט האָט דאַן געקראַכט, און מען איז געשטאַנען ערב אַ תוהו ובוהו. אַלע אונזערע געלט־פאָנדן זענען אויסגעשעפּט געוואָרן, און ס׳האָט געדראָט אַ געפאַר, אַז די גאַנצע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט זאָל אָפּגע־שטעלט ווערן. איך בין דאַן צוזאַמען מיט דעם אַלטן חסידישן עסקן ר׳ חנן לייב פייגמאַן ז״ל געשיקט געוואָרן צו דער „דזשאָינט״־צענטראַלע אין מינסק צו באַזאָרגן אונזער קהילה מיט אַ גרעסערן געלט־פאָנד.

די אייזנבאַן־קאָמוניקאַציע איז דאַן געווען רעזערווירט אויסשליסלעך פאַרן מיליטער, און פאָרן אויף די וועגן איז געווען אַ לעבנס־געפאַר, באַזונדערס ביינאַכט. מיר האָבן זיך געשלעפּט אַ וואָך צייט אין אַ וואָגן, ביי שווערע אומשטענדן און טויט־שרעק. ענדלעך האָבן מיר דערגרייכט אונזער ציל און באַקומען אַ היפּשע סומע געלט. צוריקוועגס איז אונזער זאָרג געווען אַ דאָפּעלע: פאַרן לעבן און פאַרן פאַרמעגן.

די געשעענישן האָבן זיך אַנטוויקלט אין אַ שנעלן טעמפּ. די שטאָט איז אָקופּירט געוואָרן דורך דער רויטער אַרמיי. די סאָוויעטן־מאַכט האָט דאַן געמאָלדן, אַז יעדע פרעמדע וואַלוטע מוז איבערגעגעבן ווערן דער מאַכט, אין קעגנפאַל דראָט טויט־שטראָף. מיר זענען אויסגעשטאַנען אַ שווערן געוויסנס־קאַמף: אַ געראַנגל צווישן דער פּערזענ־לעכער סכנה און געזעלשאַפטלעכן פליכט. צום סוף האָט גובר געווען דאָס פליכט־באַוווסטזיין, און מיר האָבן באַשלאָסן צו פאַרשטעקן דאָס געלט און וואַרטן אויף בעסערע צייטן.

דאָס פאַרטרויטע געלט איז איבערגעגעבן געוואָרן אויף דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון דריי פּערזאָן: ר׳ ישראל קאָפּעליאָוויטש, משה גובאר און דער שרייבער פון די שורות. אין דער געשפּאַנטער אַטמאָספער פון קריגס־טעראָר האָבן

מיר שוין דאַן נישט געקענט רוהיק שלאָפן. (שפּעטער, נאָך דעם ווי די פּאָליאַקן האָבן ווידער איינגענומען די שטאָט, איז באַראַנאָוויטש געווען פון די ערשטע קהילות, וואָס האָבן באַנייט זייער געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט, מיט דער הילף פון די פאַרשטעקטע געלטער).

אין דער צווייטער אָקופּאַציע האָבן שוין די סאָוויעטן דערוואָרבן דערפאַרונג. עס האָט זיך געלאָזט שפּירן די שווערע האַנט פון דער מאַכט. די סחורות פון גרעסערע געשעפטן און לאַגערן זענען רעקווירירט און אַרויסגעפירט געוואָרן פון שטאָט. די קראָמען האָבן זיך געשלאָסן. די יידישע יוגנט איז טיילווייז געווען באַשעפטיקט אין רעגירונגס־אַמטן, — דער כמעט איינציקער עקזיסטענץ־מקור דאַן. די ציוניסטישע טעטיקייט איז אַראָפּ אין אונטערגרונט, ווו זי איז אינטענסיוו פאַרטגעזעצט געוואָרן. אַזוי, צום ביישפּיל, האָבן די „צעירי־ציון" געוואַגט, אונטער דער נאָז פון דער מאַכט, אָפּצוהאַלטן אַ קרייז קאָנפערענץ אין דער ציוניסטישער שול.

זייט דאַן הויבט זיך אָן אַ נייע עפּאָכע אין לעבן פון פּוילישן יידנטום אויף אַלע געביטן. אויך די „דזשאָינט"־אַרבעט האָט זיך ברייט פאַרצווייגט. ס'איז געגרינדעט געוואָרן די „האַיאַס"־געזעלשאַפט, וועמענס אויפגאַבע עס איז געווען אַנטקעגנצוקומען די עמיגראַציע־באַדערפעניש פון פליטים, קרובים א.ד.גל., אָרגאַניזירן מאַטעריעלע שטיצע פאַר די רואינירטע פאַמיליעס אין דער „אַלטער היים". אויך אין באַראַנאָוויטש איז געגרינדעט געוואָרן אַ „האַיאַס"־אָפּטיילונג, וועלכע האָט געפירט אַ טיכטיקע אַרבעט, און אירע פאַרדינסטן זענען געווען גרויסע.

## הילף פאַר פליטים

באַראַנאָוויטש, אַלס צענטראַלער אייזנבאַן־קנופּ נישט ווייט פון רוסיש־פּוילישן גרענעץ, איז געווען דער ערשטער אויפנאַמס־פּלאַץ פאַר דעם גרויסן מאַסן־שטראָם פון פליטים פון יענער זייט גרענעץ.



באַראַנאָוויטשער הילף־קאָמיטעט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה

עס זיצן פון רעכטס: י. יאַסינאָווסקי, י. קאָפּעליאָוויטש, ש. ווערטהיים, מ. לימאַן, י. טורעצקי
עס שטייען פון רעכטס: א. דאַראַסינסקי, א. גאָרפינקעל, ח. וועלטמאַן, מ. מוקאַסיי.

אַלץ האָט אויסגעפעלט — אויסער מיטינגען, מאַסן־פאַרזאַמלונגען, פּראָפּאַגאַנדע־ליטעראַטור, רעוויזיעס, משפטים און עקזעקוציעס.

דאָס יידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן האָט זיך ווידער פולשטענדיק אָפּגעשטעלט.

## שלום און רעקאָנסטרוקציע

אין מערץ 1921 איז געשלאָסן געוואָרן דער ריגער שלום־טראַקטאַט צווישן פּוילן און רוסלאַנד.

דער גרעסטער טייל פון זיי האָט זיך גענויטיקט אין מאַטעריעלער און יורידישער הילף. די מערהייט פליטים האָבן נישט געהאַט קיין אָרטיקע דאָקומענטן; זייער פרייהייט און זיכערקייט זענען דעריבער געווען אין געפאַר, און אַפילו זייער עצם עקזיסטענץ — באַדראָט. זיי האָבן כמעט אַלע געשטרעבט צו עמיגרירן ווייטער. אויף די באַראַנאָוויטשער יידן איז אויסגעפאַלן דער גורל צו העלפן די אַלע יידישע פליטים, און זיי האָבן זיך אַריינגעוואָרפן אין דער הייליקער אַרבעט מיט זייער גאַנצן ברען און מסירות־נפש;

יאָ, מסירות־נפש!.. און דאָס אַלץ האָבן זיי געמוזט טאָן אַליין, אויף אייגענער האַנט, אָן קיין שום הילף פון דרויסן. מען דאַרף וויסן, אַז אַזעלכע זאַמל־לאַגערן (קאַראַנטינען) פאַר פּליטים זענען געווען נאָר צוויי אויפן גאַנצן רוסיש־פּוילישן גרענעץ. ערשט דאַן וועט מען פאַרשטיין ווי אַזוי אָפּצושאַצן די דאָזיקע פאַראַנטוואָרטלעכע און שווערע אַרבעט, וואָס דאָס באַראַנאָוויטשער יידנטום האָט געלייסטעט אין יענער תקופה.

עטוואָס שפּעטער האָט זיך שוין געגרינדעט דער צייט־ווייליקער יידישער נאַציאָנאַל־ראַט אין פּוילן, וועלכער האָט דאַן געעפנט אַ יורידישע אָפּטיילונג ביי אונזער קהילה און דעלעגירט אַ ספּעציעלן פאָרשטייער, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער אַרבעט אַלס יורידישער ראַטגעבער און פאַרמיט־לער ביי דער מאַכט. די פּוילישע מאַכט האָט אין יענער צייט געפאָדערט פון די פּליטים דאָקומענטן, וואָס זאָלן באַשטעטיקן, אַז זיי זענען געבוירענע אָדער שטענדיקע איינ־וווינער פון דער פּוילישער טעריטאָריע.

צום גליק זענען אין דאָס רוב שטעט און שטעטלעך פאַרניכטעט געוואָרן אין דער מלחמה די בירגער־ביכער. די יידישע קהילה אין באַראַנאָוויטש האָט דאַן אַנטוויקלט אַ פאַרצווייגטע הילפס־טעטיקייט אויף דעם געביט, און באַ־זאָרגט די יידישע פּליטים מיט באַשטעטיקונגען אַלס איינ־וווינער פון שטאָט און אומגעגנט. אויפן גרונט פון דעם,



אַ גרופּע חלוצים מיט אַקטיווע טוער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג לעבן בית־החלוצים (ציוניסטישע שול) אין 1921.

2־טע שורה, עס זיצן פון לינקס: אליעזר בערענשטיין, י. קצב, מילקאָנאָביצקי, מ. מ. גינצבורג, נ. נאָכומאָלסקי, אומבאַקאַנט, זשעניע טברסקי־גינצבורג (איצט צירת הכנסת אין ישראל).

3־טע שורה, פון לינקס: טיקטינסקי (צווישן בערנשטיין און קצב), ד״ר נאָכומאָווסקי (צווישן קצב און מילקאָנאָוויצקי), ד״ר בערמאַן, אומבאַקאַנט, מ. מוקאַסיי, מ. ליאַכאָוויצקי, 2 אומבאַקאַנטע, רבקה יאָסעלעוויטש.

אויבן: יהושע וויינגער (דער דריטער פון לינקס).

האָט די מאַכט דערלויבט זייער אויפהאַלט אין לאַנד און זייער עמיגראַציע קיין אויסלאַנד.

דאָס איז געווען אַ מאָדערנע אויפלאַגע פון „פדיון שבויים”, און די דאָזיקע אַרבעט איז געווען זייער קאָמפּלי־צירט און אויך פאַרבונדן מיט געפאַר פאַר אירע איניציאַ־טאָרן, אויספירער און אַלע פאַרמישטע אין עסק...

## „בריחה” אדער „עליה ב׳”

כדאי צו דערמאָנען, אַז אין יענע צייטן, ווען די טער־מינען „בריחה” אָדער „עליה ב׳ ” זענען נאָך נישט געשאַפן געוואָרן, איז שוין באַראַנאָוויטש געווען אַ וויכטיקער רינג אין דער „אונטערגרונט־באַן” קיין ארץ־ישראל.

אין פינסטערע נעכט פלעגן איבערן גרענעץ דורכגע־שוואַרצט ווערן חלוצים פון רוסלאַנד קיין פּוילן. באַראַנאָ־וויטש איז געווען די באַזע פאַר אָט די אַלע „שוואַרצע” אָפּעראַציעס. פון דאַנען פלעגן אַרויסגיין די גרענעץ־שמוגלער, און אַהער פלעגן עס אָנקומען גרופּנווייז די אַלע איבערגעשוואַרצטע חלוצים. זיי פלעגן זיך אָפּהאַלטן ביי אונז און באַזאָרגט ווערן מיט דאָקומענטן און מאַטעריעלע מיטלען אויף זייער ווייטערדיקן וועג קיין ארץ־ישראל. די ציוניסטישע שול איז דאַן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ חלוצים־היים.

הונדערטער וויכטיקע ציוניסטישע און חלוצישע כוחות,



קאָנפערענץ פון די שכנותדיקע קהילות אין באַראַנאָוויטש (אין יאָר 1923), מיט דער באטייליקונג פון ל. יפה, יקיר וואַרשאַווסקי און אנדערע געסט.



פאלקס־שול פון „צעירי־ציון" (1922)

**עס זיצן פון רעכטס: ד"ר יעקב קאַגאַן, ב. גלעזער, ס. קאַפלאַן, רבקה גאָלדבערג, גיטל ווערטהיים**
**עס שטייען פון רעכטס: מ. מוקאַסיי, דוד קצנלסון, קושניראָווסקי, ראַיעווסקי, וויינגער**

זענען אויף אַזאַ אופן און דורך דער דאָזיקער „היים" געראַטעוועט געוואָרן און דערגרייכט זייער ציל.

### פּאָליטישע און געזעלשאפטלעכע ארבעט

אין הערבסט 1922 זענען פאָרגעקומען די וואַלן צום ערשטן פוילישן סיים. עס איז דאַן געשאַפן געוואָרן דער בלאָק פון די מינדערהייטן. די יידישע באַפעלקערונג האָט אַרויסגעוויזן גרויס אינטערעס אין דער לאַנדס־פּאָליטיק, גענומען אן אַקטיוון אנטייל אין די וואַלן און דעמאָנסטרירט איר זעלבסטשטענדיקן נאַציאָנאַלן כאַראַקטער און סאָלידאַריטעט מיט די אַנדערע מינדערהייטן.

צוגלייך מיט דעם האָט זיך אויך אַנטוויקלט אַ ברייטע מוניציפּאַלע טעטיקייט. אין 1922 איז אין באַראַנאָוויטש געשאַפן געוואָרן דער ערשטער שטאָט־ראַט, לויט אַ פּאַריטעט־אָפּמאַך (פּ׳פּטי־פּיפּטי) צווישן יידן און קריסטן

אין יענער האָניק־צייט פון פעלקער־באַפרייונג און שטאַטן־אַנטשטייונג, האָבן נאָך די פּאָליאַקן, וועלכע זענען ביי אונז געווען אַ מינדערהייט, זיך באַמיט צו געווינען דעם צוטרוי, מיטאַרבעט און סימפּאַטיעס פון דער יידישער באַפעלקערונג.

מיט דער איניציאַטיוו פון די אָרטיקע כוחות און מיט דער פינאַנציעלער הילף פון „דזשאָינט"־פאָנדן זענען געעפנט געוואָרן שולן פון פאַרשידענע טיפּן: רעליגיעזע און וועלטלעכע, — יידישע, העברעאישע און געמישטע. אויסער דעם „דזשאָינט" האָט אויך דער שטאָט־ראַט סובסידירט די דאָזיקע שולן; זיי זענען געוואַקסן און האָבן זיך אַנטוויקלט, און זייער עקזיסטענץ איז מער אָדער ווייניקער סטאַביליזירט געוואָרן.

### ווירטשאפטלעכע פאריינען און באנק־וועזן

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז באראנאָוויטש פארבליבן אין נויט און אָרעמקייט; און דער ווירטשאפטלעכער חורבן איז נאָך געוואָרן דערגענצט אין איבערגאנגס־יאָר (1919), ווען די מאַכט פלעגט זיך אָפט בייטן. ערשט אין דער צווייטער העלפט פון 1919 האָט באַראַנאָוויטש אָנגעהויבן קומען צו זיך.

אונטער דער פוילישער הערשאפט האָט זיך די ווירטשאַפטלעכע סטרוקטור פון אונזער שטאָט אין אלגעמיין נישט געענדערט. ס׳האָבן זיך אין אַ געוויסן זין געענדערט בלויז די באַדינגונגען און מעגלעכקייטן. עס האָבן זיך געעפנט נייע געשעפטן און אונטערנעמונגען; דער גאנצער מסחר האָט זיך דערלאַנגט אַ קער אויף פוילן. עס האָבן זיך אָנגעהויבן שאַפן ווירטשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, אלס אָפּטיילונגען פון די צענטראַלעס אין וואַרשע און ווילנע. עס זענען גערופן געוואָרן צום לעבן פראָפעסיאָנעלע ארבעטער־פאַריינען און פאַך־צעכן; ס׳איז אַנטשטאַנען אַ האַנטווערקער פאַריין און אַן אלגעמיינער סוחרים־פאַריין.

מ׳קען נישט זאָגן, אַז די אַלע פאַריינען האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט גרויס אחדות. די שטענדיקע קללה פון דער יידישער געזעלשאפטלעכער צעשפליטערונג האָט זיך אנטפּלעקט אויך דאָ.

געוויס איז צו באַדויערן, וואָס דער האַנטווערקער־פאַריין, וועלכער האָט געהאַלטן אונטער זיינע פליגלען די ברייטסטע שיכט פון דער יידישער באפעלקערונג, — גראָד דער פאריין האָט אממייסטן געליטן פון די שטענדיקע סכסוכים, כסדר זיך געהאלטן אין איין שפּאַלטן.

א געוויסע צייט האָבן אין באַראַנאָוויטש עקזיסטירט 2 האַנטווערקער־פאַריינען, וועלכע האָבן איינער דעם צווייטן באַקעמפט אַזוי שאַרף, אַז עס האָט זיך שוין ביי זיי איינגעבירגערט אַ צושטאַנד פון אייביקן קאַמף לשם קאַמף. איינער האָט כלומרשט רעפּרעזענטירט דעם רייכן האַנטווערקער, דער צווייטער — דעם אָרעמען. די „יידנשטאַטס־פּאַרטיי" האָט געגרינדעט אן אייגענע האַנטווערקער־אָרגאַניזאַציע „גוש העבודה". אַ קורצע צייט האָט פיגורירט אין אונזער שטאָט א פאריין „בעלי־מלאכה".

דער יידישער האַנטווערקער האָט אין יענע שווערע צייטן זיך געמאַטערט מיט די לעצטע קרעפטן פאַר זיין עקזיסטענץ; ער האָט זיך גענויטיקט אין אַ שטאַרקע קערפּערשאַפט, וואָס זאָל אים האַלטן אונטער זיין שוץ און שטיין אויף דער וואַך פון זיינע טאָג־טעגלעכע אינטערעסן, כדי ער זאָל נישט צעריבן ווערן צווישן די שווערע מילשטיינער פון עקאָנאָמיש־ווירטשאפטלעכן קריזיס. דאָך וואָלט געווען נישט ריכטיק צו באַהויפּטן, אַז דער יידישער האַנטווערקער איז געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט און נישט געהאַט קיין געהעריקע פאָרשטייערשאַפט. דער באַראַנאָוויטשער האַנטווערקער־פאַריין איז געווען דער גרעסטער און דער שטאַרקסטער אין גאַנצן קרייז. ער האָט געהאַט זיינע פאָרשטייער אין נאָוואָגרודקער האַנטווערקער־קאַמער און אין דער אַפּעלאַציע־קאָמיסיע (קאָמיסיע אָדוואָלאַוועטשע), געווען פאַרטראָטן אין דער קהילה און שטאָט־ראַט און אין אַלע קאָמיסיעס, וואָס האָבן געהאַט צו טאָן מיט פאַרשידענע אַמטן פון דער שטייער־מאַכט; געפירט אַ פאַרצווייגטע טעטיקייט אויף אלע געביטן לטובת די האַנטווערקער. עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ יורידישע און מעדיצינישע הילף, און ס׳איז געווען אַ זאָרג פאַר הויבן דעם קולטורעלן ניווא פון זיינע מיטגלידער דורך אָפטע פאָרלעזונגען און שמועסן איבער אַקטועלע און אַלגעמיינע פראַגן; געגרינדעט אן אייגענעם דראַמאַטישן קרייז און געעפנט אַ לייען־זאַל ביים פאַריין. עס זענען געמאַכט געוואָרן באַמיונגען פאַר אַ גאַנצער ריי אַקציעס: באַקעמפן די קאָנקורענץ צווישן די האַנטווערקער, פאַרביליקערן די פרייזן פון צודאַטן און אַרבעטס־מכשירים, אויסגעפינען ארבעט פאר די האַנטווערקער פון רעגירונגס־באַשטעלונגען, שאַפן קרעדיט־מעגלעכקייטן א. א. וו.

דער האַנטווערקער־פאַריין האָט געהאַט נישט קיין קליינע השפעה אויפן גאַנג פון געזעלשאַפטלעכן לעבן אין אונזער שטאָט. דער יידישער בעל־מלאכה האָט מיט דער



אַ גרופּע טוער פון האַנטווערקער־פאַריין

**עס זיצן פון רעכטס: ה. פּאַרטנאָוו, ה. רעזניק, שווירזאַנסקי, ה. וועלטמאַן, פּ. קראַשינסקי, מ. קאַראַליצקי, מ. י. יאַנקעלעוויטש.**
**עס שטייען פון רעכטס: אומבאַקאַנט, אורינאָווסקי, ה. מינקאָוויטש, ז. קראַווטשוק, נ. מעדרעש, מאיר קאַראַליצקי, י. לייזעראָוויטש**



ראַט, פאַרוואַלטונג און פּערסאָנאַל פון פאָלקס־באַנק

**עס זיצן פון רעכטס: וואָלף מוקאַסיי, א. קצב, ה. וועלטמאַן, מ. מוקאַסיי, איצקאָוויטש, פּאַלאַנסקי, ליטוואַק.**
**עס שטייען פון רעכטס: פּערעפּליאַטשיק, קליינמאַן, צירינסקי, יעזשערסקי, גאַרפינקעל, שווירזאַנסקי, נ. מעדרעש, פּאַליאַטשאַק, לידאָווסקי, זעלצאָווסקי.**

צייט באַוויזן צו שטייגן אין צאָל און אָנזען.

דאָסגלייכן איז אויך געווען מיט דעם אַלגעמיינעם סוחרים־פאַריין. אויך ער האָט געהאַט צו דערפילן וויכטיקע אויפגאַבן אין ווירטשאַפטלעכן לעבן פון שטאָט. ער איז געגרינדעט געוואָרן באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין אָנהויב פון זיין טעטיקייט האָט ער זיך פאַרנומען מיטן אַרויסגעבן „צעניקעס" (פרייז־ליסטעס) פאַר קרעמער; פוילן האָט נאָך דאַן נישט געהאַט קיין סטאַבילע וואַליוטע און מען האָט געמוזט אָפט ענדערן די פרייזן. דער פאַריין האָט אין אָנפאַנג קאָנצענטרירט אין זיך סוחרים און קרעמער פון אַלע קרייזן — גרויסע גבירים און אָרעמעלייט.



ראַט און פאַרוואַלטונג פון סוחרים־באַנק

**אונטן: י. פוקסאָן**

**עס זיצן פון רעכטס: ש. ווערטהיים, י. מישקין, י. קצב, י"ז היילפערין, ב. צ. סעגאַלאָוויטש, באָגין, מ. גאָלדין.**

**עס שטייען פון רעכטס: ח. וויינשטיין, פוקסמאַן, שימשעלעוויטש, פאָלאָנסקי, איצקאָוויטש (הינטער פאָלאָנסקי), שעניצקי, מינ־קאָוויטש, וואָלאָפיאַנסקי, מאָושאָוויטש (הינטער וואָלאָפיאַנסקי), י. זשוכאָוויצקי, מ. היילפערין, א. איזיקזאָן, גאָרעליק, צירינסקי.**

אַ געוויסע צייט זענען אין שפּיץ פון פאַריין געשטאַנען די ה"ה ישראל זלמן היילפערין, בן־ציון סעגאַלאָוויטש, יעקב לעווינבוק א. א.; אָנגעפירט האָט מיט אים אַ לענגערע צייט דער הויפּט־סעקרעטאַר וואָלאָכוויאַנסקי, וועלכער איז שפּעטער אַריבער אלס פּראַקטיקאַנט אין „באַנק קופּיעצקי" און זיין אָרט האָט פאַרנומען סעקרעטאַר צייטלין. אין די שפּעטערדיקע יאָרן זענען בראש פון פאַריין געשטאַנען צוו. אנד. די ה"ה יהושע איזיקזאָן און ח. טראַכטענבערג.

דער אַלגעמיינער סוחרים־פאַריין האָט נישט געקענט צופרידנשטעלן די ווייניק־פאַרמעגלעכע קרעמער און קליינהענדלער, וועלכע האָבן געהאַט זייערע באַזונדערע אינטערעסן, און ס'איז געקומען צו אַ שפּאַלטונג. פּאַראַלעל צום סוחרים־פאַריין האָט זיך געשאַפן אַ צווייטער מיטן נאָמען „קליינהענדלער־פאַריין". געווען צייטן, ווען די באַ־ציונגען צווישן דיביידע פאַריינען זענען געווען גענוג אָנגעשטרענגט. דאָך האָבן ביידע אַרויסגעוויזן אַ לעבהאַפ־טיקע טעטיקייט אויף אַלע געביטן פון ווירטשאַפטלעכן לעבן; געהאַט זייערע פאָרשטייער אין דער קהילה און שטאָט־ראַט, אין אַלע ווירטשאַפטלעכע קערפּערשאַפטן און קאָמיסיעס. נאָך די לעצטע קהילה־וואַלן, אין יאָר 1939, איז דער פאָרזיצער פון קליינהענדלער־פאַריין, ה' קרוטאַ־צאַווסקי (איצט אין ישראל) געוויילט געוואָרן אין דער קהילה־פאַרוואַלטונג אַלס וויצע־פאָרזיצער.

ס'איז פאַרשטענדלעך, אַז דאָס עקאָנאָמיש־ווירטשאַפט־לעכע לעבן פון באַראַנאָוויטש וואָלט זיך נישט געקענט אַנטוויקלען אָן די געהעריקע פאַריינען און קרעדיט־אַנשטאַלטן. עס זענען פאַרלאָפן עטלעכע יאָר ביז עס איז געגרינדעט געוואָרן, אין יאָר 1922/23, די „פאָלקס־באַנק" (באַנק לודאָווי), וועלכע האָט לויט איר כאַראַקטער באַדינט אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג און איז יאָרנ־לאַנג געווען די איינציקע יידישע קרעדיט־אינסטיטוציע.

דאָך זענען די סוחרים נישט געווען פון איר באַפרידיקט און האָבן אין אַ צייט ארום געשאַפן זייער „סוחרים־באַנק" (באַנק קופּיעצקי). ביידע בענק האָבן עקזיסטירט אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות און געווען אָנגעשלאָסן אין „פאַר־באַנד פון יידישע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטן אין פוילן".

שפּעטער זענען אַנטשטאַנען נאָך עטלעכע בענק: די



פאַרוואַלטונג פון דער יידישער קהילה אין יאָר 1932

**עס זיצן פון רעכטס: נ. פערלאָוו, אינז׳ א. וויניקאָוו, ד״ר מ. יאַסינאָווסקי (פרעזעס), ח. וועלטמאַן (וויצע־פרעזעס), ש. ווערטהיים**
**עס שטייען פון רעכטס: צ. קעסלין, ג. גלעמבאָצקי, מ. ביטענסקי.**



אונזערע שטאָט־טאַטעס — ראַטמענער פון מאַגיסטראַט אין יאָר 1933

**עס זיצן פון רעכטס: 1. אַדוואָק. איזיקזאָן, 2. ליטוואַק, 3. וועלטמאַן, 4. מוקאַסיי, 6. אינז׳ וויניקאָוו.**
**2־טע שורה פון רעכטס: 2. צוקערמאַן, 3. ברעגמאַן, 9. בלאָשינסקי.**
**3־טע שורה פון רעכטס: 1. מינקאָוויטש, 2. טונקעל, 3. זשוכאָוויצקי, 4. וואָראָביאָווסקי, 5. וואָלאָכוויאַנסקי, 6. ראַבינאָוויטש.**

האַנטווערקער־באַנק (באַנק זשעמיעשניטשי), די „באַנק פאַר האַנדל און אינדוסטרי" (באַנק האַנדלאָווא־פּשעמיס־לאָווי) און די „אַלגעמיינע באַנק" פון דער „אגודה" (באַנק פּאָווסעכני).

אויסער דעם האָט שוין זינט 1926 עקזיסטירט ביי אונז אַ „גמילות חסד"־קאַסע.

קיין גרויס נחת האָט דער עולם נישט געהאַט פון די אַלע בענק. זיי האָבן זיך אפילו אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען נישט שלעכט און אַ געוויסע צייט געבראַכט אַ סך נוצן דער יידישער באַפעלקערונג, אָבער קיין אַריכות ימים האבן זיי נישט געהאַט און זענען נאָך גרויס מי און אָנשטרענגונג ליקווידירט געוואָרן איינער נאָכן אַנדערן אין פאַרלויף פון דער ערשטער העלפט פון די דרייסיקער, צוליב ווירטשאַפט־לעכע און אַדמיניסטראַטיווע סיבות. אַן אויסנאַם איז געווען די „אַלגעמיינע באַנק" און דער „גמילות חסד", וועלכע האָבן אומאונטערבראָכן פונקציאָנירט ביז די לעצטע טעג פון דער פוילישער הערשאַפט.

צוגלייך מיט זייער אָרגאַניזאַטאָרישער טעטיקייט און טאָג־טעגלעכער ארבעט, האָבן די ווירטשאַפטלעכע פאַריינען געשטאַנען אין אַ שווערן פאַרביטערטן קאַמף קעגן דעם עקאָנאָמישן אַנטיסעמיטיזם און די ווירטשאַפטלעכע גזירות פון דער פוילישער מאַכט. דער קאַמף פאַר עקזיסטענץ איז געוואָרן אַלץ שווערער. נאָר אַ דאַנק די פאַראייניקטע כוחות, דער קעגנזייטיקער הילף און דער פעסטער אנטשלאָסנקייט, האָט מען געקענט אויסהאַלטן דעם פאַרצווייפלטן געראַנגל.

# פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס

אין די יאָרן 1919—1939 זענען אין באַראַנאָוויטש גע־גרינדעט געוואָרן פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס און גע־געזעלשאַפטן; יעדע פון זיי האָט געהאַט אַ גרופּע איבערגעגע־בענע עסקנים, וועלכע האָבן פרייוויליק געווידמעט דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט זייערע בעסטע יאָרן און כוחות. עס איז שווער אויסצורעכענען אַלע ליבע חברים און חבר'טעס, וועלכע האָבן אַזוי פיל געלייסטעט פון זייער פרייער צייט פאַר די נויטבאַדערפטיקע און אומגליקלעכע פון אונזער אַלטער היים. זיי האָבן אַלע דערפילט די הייליקע אויפגאַבע מיט זייער פולן ברען און איבערגעגעבנקייט. זאָל דאָס אַלץ פאַרשריבן ווערן אויפן זכות פון יענע, וואָס זענען שוין נישטאָ מיט אונז, און זאָל דאָ פאַרצייכנט ווערן אונזער פולע אנערקענונג און דאַנקבאַרקייט פאר די אַלע, וואָס זענען צעזייט און צעשפּרייט איבער דער גאָרער וועלט.

אַ קאַפּיטל פאַר זיך איז געווען די געזעלשאַפט „טאָז", אין וועלכער עס זענען געווען פאַרטרעטן אַלע שיכטן און קרייזן פון דער יידישער באַפעלקערונג.

אין אַלגעמיין זענען די פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס ביי אונז געווען אויסערלעך ענלעך צו די זעלבע איסטי־טוציעס אין אַנדערע יידישע ישובים. דאָך זענען זיי אינערלעך שטאַרק באַאיינפלוסט געוואָרן פון ספּעציפישן כאַראַקטער, מענטאַליטעט און גייסטיקער פיזיאָנאָמיע פון באַראַנאָווי־טשער יידנטום.

## „בית יתומים"

בערך אין יאָר 1919 זענען דורכן „דזשאָינט" געשאַפן געוואָרן צוויי צענטראַלע קערפּערשאַפטן, פאַר מעדיצינישער הילף און פאַר יתומים־פאַרזאָרגונג, אין וועלכע עס זענען געווען פאַרטרעטן אויסער די אָפּיציעלע לייטער פון „דזשאָינט" אויך פאַרשטייער פון דער אָרטיקער יידישער געזעלשאַפט. דאַן איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ „בית יתומים". די גרינדערין איז געווען פרוי פידלער, דער ערשטער פאַרוואַלטער — ה' איזראַעליט. היות ווי די אינסטיטוציע האָט נישט געקענט אַרומנעמען די הונ־דערטער יתומים אין שטאָט, איז דאָס פּראָבלעם געלייזט געוואָרן דורך דער „יתומים־פאַרזאָרגונג", וועלכע האָט געזאָרגט פאַר דער מאַטעריעלער אונטערשטיצונג פון די יתומים אינערהאַלב זייערע פאַמיליעס, פאַר זייער שול־דערציונג, און דער עיקר—פאַר זייער פאַך־אויסבילדונג. עס זענען געשלאָסן געוואָרן אָפּמאַכן מיט פאַרשידענע בעלי־מלאכות, און אַזוי זענען אַ סך יתומים דערצויגן געוואָרן אַלס זעלבסטשטענדיקע פּראָדוקטיווע מענטשן.

דער „בית יתומים" זעלבסט, מיט דער הילפס־טעטיקייט פון „דזשאָינט" און דער אונטערשטיצונג פון „יעקאָפּא" און דער אָרטיקער באַפעלקערונג, האָט זיך אַנטוויקלט אין זייער אַ וויכטיקער און נוצלעכער געזעלשאַפטלעכער אינסטיטוציע, וואָס האָט אומאונטערבראָכן עקזיסטירט איבער צוויי צענד־ליק יאָר, ביז די דייטשן י"ש האָבן פאַרטריבן אַלע יידן אין געטאָ. אין פאַרלויף פון איר קיום האָט זי דורכגעמאַכט פאַרשידענע צייטן און גלגולים, ביז זי האָט זיך דערשלאָגן צו אַן אייגענעם פּרעכטיקן געמויערטן בנין, וועלכן די חשובע ברידער גדליהו און יעקב סטאָלאָוויצקי האָבן אויפגע־בויט אויף זייער קאָסטן, אויף זייער אייגענעם פּלאַץ אויף גראַפּסקע גאַס, און עס געשענקט דער געזעלשאַפט פון „בית יתומים" צום זכר פון זייער מוטער חיה (געשטאָרבן ר"ח אלול תרע"ד) און פאָטער ישראל משה ז"ל (געשטאָרבן כ"ד תשרי תר"פ).

אָנגעפירט האָט מיטן „בית יתומים" אַ פאַרוואַלטונג, וואָס פלעגט יעדעס יאָר געוויילט ווערן אויף אַ יערלעכער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג.




די יתומים׳לעך מיט דער גרינדערין און אָנפירערין פון בית־יתומים, פרוי פידלער (אין מיטן), און פאַרוואַלטער ה׳ איזראַעליט(1919).

די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג און די אָרטיקע אינסטיטוציעס ווי „טאָז״, דער דראַמאַטישער פאַריין און די פעדאַגאָגישע ראַטן פון די יידישע שולן, האָבן וואַרעם אונטערשטיצט דעם דאָזיקן אַנשטאַלט און תמיד געשטאַנען צו זיין דינסט הן מיט ממשותדיקער הילף און הן אויף די געביטן פון דערציונג און געזונטהייט.



די ברידער גדליה און יעקב סטאָלאָוויצקי

מיט דער צייט איז ביים „בית יתומים״ געשאַפן געוואָרן אַ מין „קינדער־טאָג־היים״, וואַס פלעגט פאַר אַ געוויסער באַלוינונג אויפנעמען קינדער פון אַזעלכע הייזער, ווו די עלטערן זענען געווען שטענדיק באַשעפטיקט און נישט געקענט אַכטונג געבן אויף זייערע קינדער. די קינדער פלעגן דאָ פאַרברענגען אַ גאַנצן טאָג אויף אַלעם גרייטן — עסן, אָפּרו און דערציונג. אין שפּיץ פון „קינדער־היים״ איז געשטאַנען אַ ספּעציעלער קאָמיטעט, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט דער גאַנצער אַרבעט. לעצטנס האָט ער אויך איינגעאָרדנט אַ האַלב־קאָלאָניע פאַר קינדער אין עלטער פון 3 ביז 7 יאָר.

די געזעלשאַפט „בית יתומים״ האָט וואָס ווייטער אַלץ מער אויסגעברייטערט און פאַרצווייגט איר טעטיקייט, און אירע ראַמען זענען שוין געוואָרן צו ענג אויף אויסצופירן אירע קאָמפּליצירטע אויפגאַבן.

די דאָזיקע אַנטוויקלונג האָט געפונען איר אויסדרוק אויף דער יערלעכער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג, דעם 27 מאַי 1937, מיט דער באַטייליקונג פון ה׳ שאַליט אַלס דעלעגירטער פון געגנט־קאָמיטעט פון „יעקאפּא״ אין ווילנע, אויף וועלכער ס׳איז געענדערט געוואָרן דער ביזאיצטיקער נאָמען „בית יתומים״ אויף אַ „יידישע קינדער־שול־געזעלשאַפט אין באַראַנאָוויטש״, מחמת דער וועזנטלעכער פאַרברייטערונג פון אַרבעטס־פּראָגראַם.

### „לינת הצדק״

די „לינת הצדק״ אין באַראַנאָוויטש האָט הינטער זיך צו פאַרצייכענען אַ לאַנגיעריקע טראַדיציע פון געזעלשאַפטלעכער וווילטעטיקייט.

שוין אין דער ערשטער העלפט פון די ניינציקער פון פאָריקן יאָרהונדערט איז אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פון עטלעכע פרויען געשאַפן געוואָרן אַ „בקור חולים״, וואָס איז מיט דער צייט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ „לינת הצדק״ (זע — „באַראַנאָוויטש אונטער דער רוסיש־צאַרישער הערשאַפט״).

איר טעטיקייט האָט זיך כמעט ווי קיינמאָל נישט אָפּ־

געשטעלט. אפילו אין די שווערע יאָרן פון דער דייטשישער אָקופּאַציע אין ערשטן וועלט־קריג, איז באַראַנאָוויטש קיינ־מאָל נישט פאַרבליבן הילפלאָז אויף דעם געביט. עס האָבן זיך תמיד געפונען יונגע מענטשן, מייסטנס פרויען, וועלכע האָבן זיך באַמיט ביי זייער שווערע באַדינגונגען צו פאַרלייכ־טערן די ליידן פון די שטוביקע דורך דעם, וואָס זיי פלעגן האַלטן וואַך ביים בעט פון קראַנקן.

די מלחמה האָט אונז איבערגעלאָזט אַ שווערע ירושה פון נויט און אָרעמקייט, וואָס האָבן געפירט צו דער פאַר־שפּרייטונג פון געפערלעכע עפּידעמיעס צווישן דער אויס־



פאַרוואַלטונג פון „לינת הצדק" (1930)

עס זיצן פון רעכטס: ש. מאַנדעל, מאָטשאַנאָוו, י"ה יאָסעלעוויטש, ש. פעלדענקרייז (פאָר־זיצערין), י. קאַפּלאַן, א. מיראַנסקי.
עס שטייען פון רעכטס: י. לעוו, א. בעקערמאַן, פּ. זעלצאָווסקי, א. שמושקאָוויטש, י. פּאָ־לאָנסקי, פרידמאַן.



סאַניטאַר־מעדיצינישער קרייז „רויטער מגן דוד" ביים „לינת הצדק"

עס זיצן פון רעכטס: לאה קאַגאַן, יוסף פוקסמאַן, רחל גערציקאָוויטש, פּסח זעלצאָווסקי, רייגראָדסקי, שפּירא, אברהם מיראַנסקי.
2־טע שורה פון רעכטס: ע. באַלאָצקי, זעלדאָוויטש, אומבאַקאַנט, קאָפּעליאָוויטש, ברעוודאַ, אומבאַקאַנט, סאָניע מיראַנסקי, קושניר, ראָזשאַנסקי, פאָרטנאָוו, ח. שערעשעווסקי.
אויבן פון רעכטס: ראַביינאָוויטש, אומבאַקאַנט, מ. לאַנצעוויצקי, ביטענסקי, נ. לאַנצעוויצקי, רחל גרעבלע, 4 אומבאַקאַנטע.

געהונגערטער און פאַרפייניקטער באַפעלקערונג. קיין שפּיטאָל איז דאַן נאָך נישט געווען אין באַראַנאָוויטש. די גרינדונג פון אַ „לינת הצדק" איז געוואָרן ממש אַ לעבנספראַגע.

אין די קאַלטע טעג פון שבט 1920, האָט זיך צונויפגעזאַמלט אַ גרופּע עסקנים און געלייגט דעם גרונטשטיין פאַר דער באַנייטער אינסטיטוציע „לינת הצדק", וואָס האָט אין משך פון צוויי צענדליק יאָר געשטאַנען אויף דער וואַך פון די אָרעמע קראַנקע און זיי טריי געדינט מיט אַלעם נויטיקן, אַפילו מיט אַ גוט־איינגעריכטעטן דענטיסטישן קאַבינעט.

דער „לינת הצדק" איז ביי אונז געווען מער ווי אַן אינסטיטוציע; עס איז געווען אַן אָרגאַניזאַציע פון הונדערטער פרייוויליקע דערוואַקסענע און יוגנטלעכע פון אַלע קרייזן און שיכטן, וועלכע האָבן אַקטיוו אָנטייל גענומען אין דער פאַרצווייגטער טאָג־טעגלעכער אַרבעט פון „לינת הצדק" דורך זאַמלען געלט און פּראָדוקטן, ווי אויך דורך באַזאָרגן די קראַנקע מיט מעדיקאַמענטן און אַנדערע נויטיקע מעדיצינישע הילפס־מיטלען. און דער עיקר, דורך פּערזענלעכער הילף צו די קראַנקע.

די אַרבעט איז געפירט געוואָרן מיט גרויס מסירות־נפש. על פי רוב איז אויסגעקומען די מיטגלידער צו אַמטירן אויף וואַך־נעכט אין דער סאַמע געדיכטער אָרעמקייט, צו נעכטיקן אין פאַרשטיקטע און ענגע הייזער ביי אָנשטעקנדיקע קראַנקע. און דאָך זענען שטענדיק געווען פרייוויליקע מענטשן צו דער אַרבעט, און עס זענען כמעט ווי נישט געווען קיין פאַלן פון אָנטזאָגן זיך. אויך האָט די אינסטיטוציע געזאָרגט פאַר פּראָדוקטן־פאַרטיילונג צווישן קראַנקע און שוואַכע, לויט די פאַראָרדנונגען פון דאָקטוירים.

די „לינת הצדק" איז געווען טראַדיציאָנעל אין איר פאָרם, מאָדערן און קאָנסטרוקטיוו אין איר אינהאַלט. זי האָט אין זיך פאַראייניקט עלעמענטן פון דער אַלטער טראַדיציאָנעלער צדקה מיט דער מאָדערנער קעגנזייטיקער הילף. און דערפאַר טאַקע איז איר הילף געווען עכט יידיש, מענטשלעך און אפילו חבריש, אָן דער שאַרפער דיפערענץ צווישן העלפער און געהאָלפענעם.

די צענטראַלע פיגור אין דער גאַנצער ארבעט פון „לינת הצדק" איז געווען די פרוי פעלדענקרייז, ביז זי איז אָפּגעפאָרן קיין ארץ־ישראל (איצט אין ישראל). אין איר פּערזאָן איז זי געווען די פאַרקערפּערונג פון דער עכטער אידעאַלער וווילטעטיקייט, און מיט איר ענערגיע — אַ דינאַמישע טרייבקראַפט; געדינט ווי אַ ביישפּיל פאַר אַנדערע צענדליקער און הונדערטער אַקטיווע טוער פון דער דאָזיקער וויכטיקער הילפס־אינסטיטוציע.

## „בית לחם"

אַ וויכטיקן אָרט האָט פאַרנומען אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן פון אונזער שטאָט דער „בית לחם".

דאָס איז געווען אַן אינסטיטוציע, וואָס האָט אין בוכשטעבלעכן זין פון וואָרט געקעמפט קעגן הונגער פון די אָרעמע מאַסן. אַ סך מאָל ווערט אין דעם דאָזיקן בוך באַטאָנט, אַז באַראַנאָוויטש האָט פאַרמאָגט נישט בלויז גרויסע סוחרים און רייכע בעלי־בתים, נאָר אויך אַ היפּש ביסל אָרעמע משפחות, וועלכע האָבן ממש געליטן הונגער. אויך זענען געווען צענדליקער יידן פון מיטל־קלאַס, וועלכע האָבן אויסערלעך געפירט אַ בעל־הבית׳ישן לעבנס־שטייגער, און אין שווערע קריזיס־צייטן פלעגט זיי אויסקומען שטילערהייט צו הונגערן. זיי האָבן עס פאַרבאָרגן פון פרעמדע אויגן, נישט געוואָלט און נישט געקענט אויסשטרעקן די האַנט.

אמת, עס האָבן נישט געפעלט ביי אונז קיין צדקניות, וואָס פלעגן אויסגעפינען די דאָזיקע נויטבאַדערפטיקע און באַזאָרגן זיי בסתר מיט שפּייז און אָפט אויך מיט מזומן געלט. אָבער אַ סך האָבן זיי נישט געקענט אויפטאָן מיט די באַגרענעצטע מיטלען, וואָס זיי פלעגן צונויפזאַמלען אין געוויסע הייזער, וווּ מען האָט זיי גוט געקאָנט און תמיד אויפגענומען מיט גרויס כבוד. שטענדיק פלעגט מען זיי זען ארומגיין איבער די גאַסן מיט די טיפּישע פאַרקנופּטע פּאַטשיילקעלעך — און מיט פאַרזאָרגטע פּנימער.

אָט די פליכטן האָט אויף זיך גענומען דער „בית לחם", — אָט די באַשיידענע אינסטיטוציע, וואָס האָט אָן רעש און אָן טומל, אין די ערגסטע צייטן און ביי די שווערסטע באַדינגונגען, דערפילט אירע אויפגאַבן מיט דער גרעסטער אָפּפערווויליקייט און צערטלעכקייט. זי האָט שוין געוווּסט דעם וועג, ווי אַזוי צו שטיצן מענטשן אין זייער נויט אויף אַ בכבודיקן אופן און אין שטרענגער דיסקרעציע. דאָס קרוין־ווערק פון „בית־לחם" איז טאַקע געווען דער אַלטער „מתן בסתר".

אַן ערך 700 נויטבאַדערפטיקע יידישע נפשות האָבן באַקומען פון איר שטיצע. און די אַלע האָט זי געדאַרפט אויסהעלפן מיט ברויט, פּראָדוקטן און האָלץ אַ גאַנצן ווינטער, מיט חלה, פליישׁ און אנדערע שפּייזן אויף שבת און ימים־טובים. און ווען נישט, חלילה, די אינסטיטוציע פון „בית להם", וואָלטן זיי ממש געפאַלן פון קעלט און הונגער.

די נויטיקע מיטלען האָט מען געדאַרפט זאַמלען פון אַ „וואָכער" און ביי אַנדערע געלעגנהייטן צווישן דער יידישער באַפעלקערונג. נישט שטענדיק איז דאָס געווען לייכט און איינפאַך. געווען צייטן, ווען די אינסטיטוציע האָט זיך געראַנגלט פאַר איר קיום.

פון צייט צו צייט פלעגן אַריינפאַלן געוויסע געלטער פון די לאַנדסלייט מעבר לימים. באַזונדערס האָבן זיך אויסגעצייכנט אין דער הינזיכט אונזערע בני־עיר אין דרום־אַפריקע, וועלכע האָבן אַפילו געפונען פאַר נויטיק צו גרינדן אַ ספּעציעלן קאָמיטעט לטובת דעם „בית לחם" אין באַראַנאָוויטש.

אין „באַראַנאָוויטשער קוריער" פון 20־טן מאַי און אין „באַראַנאָוויטשער וואָך" פון 16־טן סעפּטעמבער 1938, געפינען מיר צוויי עפנטלעכע דאַנק־זאָגונגען פאַר די באַראַנאָוויטשער

לאַנדסלייט אין יאָהאַנעסבורג (אַפריקע). די פאַרוואַלטונג פון „בית לחם" קוויטירט דאָרט צוויי געלט־שפּענדונגען, וואָס זענען דערהאַלטן געוואָרן אויפן אַדרעס פון פאַרוואַלטונגס־מיטגליד יעקב דב נייפעלד, און זי דריקט אויס איר גרויס אנערקענונג און דאַנקבאַרקייט פאַר די ברידער און שוועסטער אין אַפריקע, פאַר זייער גוט האַרץ און איבערגעגעבנקייט צו דער האַלטער היים. געחתמעט: אברהם שמואל גאלאי, וועלכער איז געווען דער פּרעזעס און לעבעדיקער גייסט פון „בית לחם" און יאָרנלאַנג געאַרבעט פאַר אים טאָג און נאַכט מיט לייב און לעבן.

### „מושב זקנים"

דער „מושב זקנים" אין באַראַנאָוויטש איז אויסגעבויט געוואָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, דורך ה' ישראל זלמן היילפּערין און זיין פרוי שרה ליבע ז"ל.

ער איז געווען איינגעאָרדנט אין אַ פיינעם, גרויסן געמויערטן בנין. לויט האָבן געוווּסט צו דערציילן, אַז דער חשובער נדבן האָט אין איר אַריינגעלייגט אַן ערך 10—12 טויזנט דאָלאַר.

אין „מושב זקנים" פלעגן אויפגענומען ווערן עלטערע מענטשן, מענער און פרויען, וועלכע זענען פאַרבליבן אויף די עלטערע יאָרן אַליין, — אָן קינדער, אָן געלט און אָן פאַר־מעגן. די זקנים האָבן זיך דאָרט געפילט זייער באַקוועם און אנגענעם, געווען מיט ווענען אַ וואָרט אויסצורעדן און זיי האָט דאָרט קיין זאַך נישט געפעלט. זיי האָבן געהאָט אַפילו אַן אייגענעם בית־מדרש'ל, ווו מען פלעגט יעדן טאָג דאַווענען און לערנען.

ה' ישראל זלמן היילפּערין האָט דעם „מושב זקנים" אָפּגעשריבן, פאָרמעל און געזעצלעך, פאַר דער יידישער קהילה. אָנגעפירט האָט מיט אים אַ פאַרוואַלטונג, וואָס האָט געהאַט צו זאָרגן פאַר זיין עקזיסטענץ און אָרדנונג. די הוצאות פלעגט מען דעקן פון אַ „וואָכער", שפּענדונגען, סובסידיעס פון קהילה און שטאָט־ראָט.

לויט די שילדערונגען פון אָרטיקע יידן, איז ישראל זלמן היילפּערין באַוועגט געוואָרן צו זיין טאַט דורך אַ טיף מענטשלעכן מאָמענט.

ער האָט אין די צייטן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה געוואָגלט און געוואַנדערט איבער רוסלאַנד אַלס פּליט, און נאָך דעם ווי ער האָט זיך אָנגעזען מיט אַ סך נויט און עלנט, און אַליין פאַרזוכט דעם טעם פון זיין אַ נע־ונד, האָט ער ביי זיך אין האַרצן באַשלאָסן, אַז אויב ער וועט דערלעבן קומען צוריק אַהיים קיין באַראַנאָוויטש, וועט ער אויפבויען אויף זיין אייגענער רעכענונג אַ „מושב זקנים".

ער האָט זיין באַשלוס דערפילט, און געשאַפן אַ היים פאַר צענדליקער אַלטע, עלנטע און פאַרלאָזענע יידן.

### „מעות חטים"

אויב אויף אַלע געביטן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן איז דאָס באַראַנאָוויטשער יידנטום געווען דינאַמיש און שעפעריש, איז עס אויפן געביט פון מעות־חטים געווען כמעט אַן אוניקום און מוסטער פאַר גאַנץ פוילן.

דאָס „מעות חטים"־ווערק קען ווירקלעך באַצייכנט ווערן אַלס סימבאָל פון יידישן געזעלשאַפטלעכן געוויסן אין אונזער שטאָט,—אַלס ביישפּיל פון ספּעציפישן „צדקה־סיסטעם", וואָס איז געווען איינגעפירט ביי אונז.

אין אַלע יידישע קהילות איז געווען אַ שטענדיקער מנהג, אַז יעדן יאָר, צווישן פורים און פסח, פלעגט דער רב, צוזאַמען מיט עטלעכע בעלי־בתים, אַרויסגיין מיט דער „רויטער פּאַטשיילע" איבער די הייזער צו זאַמלען מעות־חטים.

אין באַראַנאָוויטש איז נישט געווען אַזאַ מנהג.

אַ געזעלשאַפטלעכע אָפּשאַצונגס־קאָמיסיע פלעגט זיצן און באַשטימען דעם הויך פון „מעות חטים"־שטייער פאַר יעדן קהילה־מיטגליד באַזונדער, און עס זענען גענוג געווען עטלעכע עפנטלעכע מעלדונגען אין דער אָרטיקער יידישער פּרעסע אָדער פּערזענלעכע שריפטלעכע דערמאָנונגען, אַז יעדער איינער זאָל פרייוויליק אַריינטראָגן זיין שטייער.

עס זענען געווען רעקלאַמאַציעס און בירורים איבערן הויך פונם פרייוויליקן שטייער, אָבער עס זענען אין פאַרלויף פון אַלע יאָרן נישט געווען קיין פאַלן פון אַנטזאָגן זיך.

### „פרויען פאַריין"

אין דער ריי פון פאַרשידענע אַנדערע פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס אין באַראַנאָוויטש, האָט אַ בכבוד'יקן אָרט פאַרנומען דער „פרויען פאַריין". דאָס איז געווען אַ ברייט־פאַרצווייגטע אָרגאַניזאַציע פון הונדערטער פרויען פון אַלע שיכטן, וועלכע האָבן זיך פרייוויליק געשטעלט אין דינסט פון זייער פאַריין און געווידמעט צייט און ענערגיע דער הייליקער אַרבעט צו גונסטן דעם נויטבאַדערפטיקן.

די טעטיקייט פון פאַריין איז געווען זייער אַ פאַרצווייגטע. ווי פאַרשידנאַרטיק ס'איז געווען די נויט, אַזוי פאַרשידן זענען אויך געווען זיינע אויפגאַבן. אַפילו אַזאַ איינפלוסרייכע און וויכטיקע אינסטיטוציע ווי „לינת הצדק", האָט אָפּט געמוזט אָנקומען צום „פרויען פאַריין", ווען ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ שווער־קראַנקן, וועלכן מען האָט געדאַרפט אויף גיך פירן קיין ווילנע אָדער וואַרשע, מחמת ס'איז נישט געווען קיין גרויסער שפּיטאָל אין אונזער שטאָט.

האָט אַן אָרעם מיידל נישט פאַרמאָגט די געהעריקע מיטלען אויף חתונה־הוצאות, האָט דער „פרויען פאַריין" שוין געזאָרגט דערפאַר, אַז די באַשערטע זאָלן קומען אונטער דער חופה. די קרוין פון זיין אַרבעט האָט דער „פאַריין" געזען אין דער ערטיילונג פון הילף דער אָרעמער קימפּעטאָרין.

„זייער פאַרצווייגט איז געווען די טעטיקייט פון „פרויען פאַריין" און זייער וויכטיק די הילף פאַר דער אָרעמער באַפעלקערונג. די הכנסות זענען געקומען פון אַ מאַנאַטלעכן מיטגלידס־אָפּצאָל, פאַרשידענע אונטערנעמונגען, און דער עיקר — פון זאַמלונגען צווישן די רייכע פרויען.

דער פאַריין איז געשאַפן געוואָרן אין יאָר 1932 דורך דער איניציאַטיוו פון די פרויען: העניע בוסעל, רחל זשוכאָוויצקי, חסיה סאַדאָווסקי א. א. זיין טעטיקייט האָט זיך געצויגן ביז צום חורבן. די דאָזיקע פרויען זענען געווען איבערגעגעבן זייער פאַריין בלב ונפש. אין שפּיץ פון אים איז געשטאַנען פרוי העניע בוסעל. נישט געקוקט אויף איר עלטער, מיטן גאַנצן ברען און מיט אַן אויסערגעוויינלעכער מסירות־נפש געטראָגן אויף זיך די זאָרג פאַר זיין קיום ווי אויך אַ היפּשן טייל פון דער טאָג־טעגלעכער אַרבעט. דער שטאַרקסטער פראָסט און די גרעסטע שנייען זענען נישט געווען פאַר איר קיין מניעות ביים דערפילן אַ וועלכע ס'איז אויפגאַבע. גרויס איז געווען דער צער פון איר משפחה, ווען מען האָט זי איינמאָל געפונען זיצנדיק אויפן הויף און קרעכצנדיק, באַדעקט מיט שניי. זי האָט זיך פאַרזעסן אויף אַ זיצונג, און איילנדיק אַהיים אין אַזאַ געוויטער האָט איר פאַרכאַפּט דער אָטעם. געוואָלט אַ ביסל קומען צו זיך — און נישט אַריינפאַלן אין שטוב אין אַ נישט־געוויינלעכן צושטאַנד. נישט געוואָלט מצער זיין די משפחה.



העניע בוסעל, גרינדערין און פאַרזיצערין פון „פרויען פאַריין"

זאָל זיין געבענטשט איר נאָמען און דער אָנדענק פון אַלע אירע מיטאַרבעטערינס!

שלמה פוקסמאַן הי"ד

# „גמילות חסד"

פאָרוואָרט

דער פנקס פון דער געזעלשאַפט „גמילות חסד" אין באַראַנאָוויטש, יובילײ־אויסגאַבע 1926—1936, צוזאַמענגעשטעלט און רעדאַקטירט פון שלמה פוקסמאַן, — איז פון די איינציקע דאָקומענטן, וואָס זענען געבליבן פון אונזער שטאָט.

די „גמילות חסד"־קאַסע איז געגרינדעט געוואָרן אין 1926 דורך עטלעכע געזעלשאַפטלעכע טוער, געטריבן דורך אַן אינערלעכן אידעאַליזם, ביי דער דירעקטער מיטהילף פון די גרויסע הילפס־געזעלשאַפטן: „דזשאָינט" — „יעקאָפּא" — „צעקאַבע".

שוין אין פאָרוואָרט באַקלאָגט זיך דער רעדאַקטאָר שלמה פוקסמאַן, אַז בעתן צוטרעטן צו דער אַרבעט פון „פנקס" האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויפן גרויסן מאַנגל פון מאַטעריאַלן און פון אַ יידיש שטאָטישן אַרכיוו. ער באַמערקט דערביי די נויטיקייט פון אַ גרויסן היסטאָריש־מאָנאָגראַפישן פנקס פון באַראַנאָוויטש.

אין די אַרטיקלען געווידמעט „גמילות חסד", געשריבן פון רבנים און אַרטיקע טוער, שטעלט זיך אָפּ הרב ר' ניסן שיינבערג (הי"ד) אויף דער אַטמאָספער, אין וועלכער דער מוסד איז געגרינדעט געוואָרן: אין חברה ש"ס, ביים שמועסן איבער יידישע צרות, — און ער באַמערקט, אַז „דער קאַמף פאַר טאָג־טעגלעכער עקזיסטענץ נעמט אַן פאַרצווייפלטע פאָרמען".

ראַבינאַט־מיטגליד הרב י. לאַנדמאַן (הי"ד) שילדערט די טרויעריקע ווירקלעכקייט: „דער האַנדלס־עקאָנאָמישער ווירקונגס־קרייז פאַר דער יידישער באַפעלקערונג אין פוילן, ווערט אַלץ שמעלער; די פרנסה־קוועלן ווערן פאַרשלאָסן




העניע בוסעל, גרינדערין און פאַרזיצערין פון „פרויען פאַריין"

פאַרן יידישן צוטריט, מיר פילן זיך מאַכטלאָז אַנטקעגן דער באַיקאָט־כוואַליע, וואָס נעמט אַן אַלץ מער דראָענדערע פאָרמען. אין אַנבליק פון דער גרויסער געפאַר, דורכן דער־

נעענטערן זיך מיט שנעלע טריט די שווערע טעג לויטן נוסח פשיטיק און מינסק (מאַזאָוויעצקי — רעד.), דאַרפן מיר ענגער צוזאַמענבינדן די אייגענע רייען אויך אין ווירטשאַפטלעכן זין אַזוי, אַז יעדער איינציקער פאַל פון אַרויסשטויסן אַ יידישע פאַמיליע פון איר עקאָנאָמישער פּאָזיציע, זאָל באַגעגנט ווערן מיט אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד פון אַ קאָלעקטיוון כח".

ד"ר נאַכומאָווסקי שטעלט זיך אָפּ אויפן באַגריף „גמילות חסד", וואָס איז איינע פון די שענסטע מדות ביי יידן. „אין די פאַר־מלחמה'דיקע יאָרן האָבן זיך כמעט אין יעדער שטאָט און שטעטל געפונען רייכע יידן, וועלכע פלעגן — צוליב רעליגיעזע אָדער פילאַנטראָפּישע טעמים — ערטיילן אָנפּראָצענטיקע הלוואות, אָדער ריכטיקער: „גמילות־חסדים"; היינט־צו־טאָג געהערט דאָס שוין צו די זעלטענע דערשיינונגען".

פנחס אייזנבערג (פּרעזעס פון רעוויזיאָנס־קאָמיסיע) באַמערקט „די גרויסע אָפּגעטוענע הילפס־אַרבעט פון דער אינסטיטוציע, וואָס באַזיצט אַן אייגענעם גרונט־קאַפּיטאַל פון 20.000 זלאָטעס, דיספּאָנירט מיט אַן אומזאַץ פון 170 טויזנט גילדן אַ יאָר". ער באַמערקט אויך, „אַז דער „גמילות חסד" האָט במשך זיין פיליעריקער עזיסטענץ נישט געליטן פון קיין שום אינערלעכער אויפטרייסלונג. מענטשן פון פאַרשידענע ריכטונגען, מיט קעגנזעצלעכע אַנשויאונגען, האָבן פרידלעך און האַרמאָניש צוזאַמענגעאַרבעט".

(רעדאַקציע)

## אנטשטייונג פון „גמילות חסד" און זיין אנטוויקלונג

דער געדאַנק צו גרינדן אַ געזעלשאַפטלעכע „גמילות חסדים"־קאַסע איז אַנטשטאַנען אין יאָר 1926 אינם קרייז, וואָס האָט זיך גרופּירט אַרום דער „חברה ש"ס". די דאָזיקע חברה איז געגרינדעט און אָנגעפירט געוואָרן דורך הרב ר' יחיאל מיכל ראַבינאָוויטש; איר זיץ־אָרט איז געווען אין „בית המדרש דפועלי צדק" („בעל־מלאכה'שער"), אויף מינסקער גאַס, און אַרום איר האָט זיך גרופּירט אַ גרעסערע צאָל לומדישע בעלי־בתים. מיט דער צייט איז די „חברה ש"ס" געוואָרן אַ צענטער פאַר געזעלשאַפטלעכער אַקטיוויטעט.

אויף וויפל די גרינדונג פון דער גמ"ח־קאַסע און איר אַרבעט איז געווען ענג פאַרבונדן מיט דער חברה ש"ס פון ביהמ"ד „פועלי צדק" קען דינען דער פאַקט, וואָס די חשבונות און תקנות פון גמ"ח זענען אַ געוויסע צייט נאָך איר אַנטשטייונג פאַרצייכנט געוואָרן אין די חשבונות־ביכער פון דערמאָנטן בית־המדרש, ווו עס זענען אויך פאָרגעקומען אירע אסיפות און פאַרזאַמלונגען.

דער איניציאַטאָר פון „גמילות חסד" איז, ווי געזאָגט, געווען הרב ר' יחיאל מיכל ראַבינאָוויטש און די גרינדער און בויער פון דער אינסטיטוציע — די מיטגלידער פון חברה ש"ס, וועלכע האָבן קודם כל זיך אַליין באַשטייערט, און אין סעפּטעמבער 1926 געעפנט אַ זאַמל־אַקציע איבערן שטאָט, כדי צו שאַפן אַ גרעסערן געלט־פאָנד, וואָס זאָל דינען אַלס גרונט־קאַפּיטאַל פאַר אַן אָנפּראָצענטיקער ליי־קאַסע.

די ערשטע געוויילטע פאַרוואַלטונג איז באַשטאַנען פון די ה"ה: מענדל גאָלדבערג (פאָרזיצער), יעקב יודקאָווסקי (וויצע־פאָרזיצער), יצחק רובינאָוו (סעקרעטאַר), ראובן איצקאָוויטש, אברהם אריה ארלאַנסקי, מאיר מנחם טשערניכאָוו און חיים וועלטמאַן.

דער „גמילות חסד" האָט זיך באַלד נאָך זיין אַנטשטייונג געשטעלט מיטן פּנים צו דער סאַמע אָרעמסטער שיכט פון מאַרק־הענדלער און זיי ערטיילט קליינע הלוואות, כמעט יעדן ערב־מאַרק־טאָג. אָבער אויך די אַנדערע שיכטן זענען נישט געוואָרן פאַרנאַכלעסיקט. אין די ערשטע לווים־רשימות זענען פאַרטראָטן אַלע אַרבעט־און האַנדלס־צווייגן, באַזונדערס די פון דער בוי־בראַנזשע, צוליבן אָפּשטעלן אין שטאָט די בוי־באַוועגונג, וואָס האָט פריער אָנגעהאַלטן אין אַ זייער ראַשיקן טעמפּ. אין אַ שווערער לאַגע האָבן זיך געפונען אויך אַנדערע פאַכן, ווי שוסטעריי און שניידעריי. אין באַריכט פון רעווידענט פון געגנט־קאָמיטעט „יעקאפא" אין ווילנע, שלום כהן, וועלכער האָט באַזוכט באַראַנאָוויטש סוף 1928, איז פאַרצייכנט: „זייער געדריקט זענען דאָ די שוסטער, ווי אויך אַ טייל שניידער, צוליב דעם, וואָס מען קויפט אין די קראָמען פאַרטיקע שיך און זאַכן, וועלכע ווערן געבראַכט פון דער פרעמד". („פנקס פון יעקאפא", 1930, ז' 458).

דער קרעדיט פון „גמילות חסד" האָט דערמעגלעכט פיל הענדלער און בעלי־מלאכות ווייטער צו עקזיסטירן.

אין 1927 איז דער גמ"ח לעגאַליזירט געוואָרן דורך דער מאַכט. זיין טעטיקייט ווי חשבונות, פּראָטאָקאָלן, באַריכטן א. ד. גל. איז געפירט געוואָרן מיט אַ רעגולערער פּינקטלעכקייט און אונטער אַ שטרענגער קאָנטראָל.

די ערשטע הכנסות פון גמ"ח זענען געווען פון די איינמאָליקע גרעסערע באַשטייערונגען און פון זאַמלונגען מיט אַ ספּעציעלער „פּושקע" פון גמ"ח, אין וועלכער עס זענען אַ געוויסע צייט געזאַמלט געוואָרן די מיטגלידס־אָפּצאָלן און סתם נדבות דורך דער פרייוויליקער אַרבעט פון הרב ר' יעקב זלמן לעוויט (אַ ייד מיט אַ פענאָמענאַלן זכרון; ער האָט געקענט דעם גאַנצן ש"ס אויף אויסנווייניק). נאָכדעם איז איינגעפירט געוואָרן דער „וואָכער", דאָס הייסט, אַ וואָכנשטייער פון כמעט אַלע יידישע תושבים.

אין זעלבן יאָר האָט זיך דער גמ"ח אָנגעשלאָסן אין דער „יעקאפא", וועלכע האָט צענטראַליזירט די גמילות־חסד־באַוועגונג אין ווילנער און נאָוואָגרודקער אומגעגנט, און פון איר באַקומען אייניקע הלוואות אויף דער אַלגעמיינער סומע פון 8000 גילדן.

די טעטיקייט פון גמ"ח האָט געהאַלטן אין איין פאַרברייטערן זיך אין דערוואָרבן די סימפּאַטיע פון דער אָרטיקער יידישער באַפעלקערונג און צוטרוי מצד די צענטראַלע קרעדיט־אינסטיטוציעס.

די ערשטע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען

סוף 1927 ביי אַ צאָלרייכער באַטייליקונג פון די קאַסע־מיטגלידער. עס איז געוויילט געוואָרן אַ נייע פאַרוואַלטונג, פון די אַלטע מיטגלידער מיטן צוגאָב פון אייניקע נייע: שלום דערעטשין, משה ראיאק, יחיאל ראַבינאָוויטש און אברהם גאלאי. אַלס סעקרעטאַר איז באַשטימט געוואָרן מ. מ. טשערניכאָוו און אַלס קאַסיר — יצחק רובינאָוו. סוף 1927 האָט שוין דער גמ״ח געציילט 1186 מיטגלידער.

פון צייט צו צייט זענען גערופן געוואָרן אויפקלערונגס־פאַרזאַמלונגען און פּראָקלאַמירט געוואָרן זאַמל־אַקציעס. מיט גרויס ענערגיע האָט דער גמ״ח איינגעמאָנט די חובות און דערביי אויסגעצאָלט 800 זלאָטעס, אַלס טייל פון די חובות, וואָס זי אַליין איז געווען שולדיק דעם „יעקאפא״ פאַר דעם באַקומענעם קרעדיט.

סוף 1928 ציילט דער גמ״ח 1312 מיטגלידער.

אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג דעם 24־טן מערץ 1929 ווערט ווידער געוויילט די אַלטע פאַרוואַלטונג מיט קליינע ענדערונגען. אויפן סעקרעטאַר־אַמט איז אויסגעוויילט געוואָרן דער נייער מיטגליד פון פאַרוואַלטונג, לויק רוטקאָוויטש, ווי אויך זימל קושניר און ישראל קאָפּעליאָוויטש.

די גאַנצע אַרבעט פון „גמילות חסד״ איז דאַן געפירט געוואָרן פרייוויליק. עס איז אָפּגעשטעלט געוואָרן דאָס נעמען פון מיטגלידס־אָפּצאָל פון די לווים, כדי צו זיין ריין פון „שטייב״ פון פּראָצענט. עס זענען גענוי אויסגערעכנט געוואָרן די הוצאות, און בלויז זייער דעקונג איז גענומען געוואָרן פון די לווים.

אין יענער צייט איז דורכגעפירט געוואָרן צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אין שטאָט אַן אַקציע צו באַקומען אָנפּראָצענטיקע פקדונות. עס איז אויך פּראָקלאַמירט געוואָרן אַ „מי שברך״־אַקציע אין אַלע בתי־מדרשים און מנינים. גלייכצייטיק זענען אונטערגענומען געוואָרן שריט, אַז די קאַסע זאָל סובסידירט און קרעדיטירט ווערן דורך דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. אין דעם זין זענען געמאַכט געוואָרן ווענדונגען צום סטאַראָסטווע און מאַגיסטראַט.

אין דער טעטיקייט פון דער קאַסע איז אויך איינגעפירט געוואָרן דאָס סיסטעם פון גרעסערע קורץ־טערמיניקע הלוואות.

אין יאָר 1929 דערגרייכט די צאָל מיטגלידער 1398. פון יאָר צו יאָר זענען געמאַכט געוואָרן אַ סך אויסבעסערונגען, איניציאַטירט נייע געלט־אַקציעס און אויסגעברייטערט די ראַמען פון דער קאַסע־טעטיקייט גופא.

אין 1930 איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ סטאַבילער פרייוויליקער אָפּצאָל פאַרן גמ״ח; די שטאָט איז איינגעטיילט געוואָרן אין 36 קוואַרטאַלן. די באַשטייערונג איז אין גרעסטן טייל געווען ביי אַ זעלכע, וואָס געניסן נישט אַליין פון דער קאַסע. די אַקציע האָט געבראַכט גוטע רעזולטאַטן.

אין מערץ 1930 איז דורכגעפירט געוואָרן אַ רעוויזיע מצד דעם דעלעגירטן פון געגנט־קאָמיטעט „יעקאפא״ ווילנע, וועלכער האָט מיט צופרידנהייט פעסטגעשטעלט די אַקטיוויטעט פון דער פאַרוואַלטונג אויפן געביט פון איינשאַפן אייגענע מיטלען, אומפּראָצענטיקע פקדונות א. א. אין דעם רעוויזיע־באַריכט ווערן אונטערגעשטראָכן די פאַרדינסטן פון די איבערגעגעבענע אַקטיווע טוער: וויצע־פּרעזיצער יעקב יודקאָווסקי, קאַסיר יצחק רובינאָוו, סעקרעטאַר לויק רוטקאָוויטש, ווי אויך די אָפּפערוויליקע אַרבעט פון פ. ד. מיכאַלעווסקי א. א.

אין דעם זעלבן חודש מערץ איז פאָרגעקומען די יערלעכע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג. אין דער פאַרוואַלטונג זענען געוויילט געוואָרן אייניקע נייע מיטגלידער ווי פנחס אייזנבערג (סעקרעטאַר), חיים קאָזלאָוויצקי (יצחק גאָניצער), שלמה יוזשעלעווסקי, פ. ד. מיכאלעווסקי און א. מ. טשענסטאָכאָווסקי; לויק רוטקאָוויטש איז נאָמינירט געוואָרן אַלס צווייטער וויצע־פּרעזיצער.

דער ערשטער שריט פון דער נייער פאַרוואַלטונג איז געווען אַ גוט־אָרגאַניזירטע „בלימל־אַקציע״. זי האָט אויך באַנייט די געלט־זאַמלונגען אויף שמחות ווי אויך די אַקציע פון „חנוכה געלט״.

אַ דאַנק איר רייכער טעטיקייט און פּינקטלעכקייט האָט די אינסטיטוציע אויך געוווּנען דעם צוטרוי פון די צענטראַלע לייטנדע אינסטאַנצן פון דער גמ״ח־באַוועגונג. כמעט נאָך יעדער רעוויזיע פלעגן זיי ערטיילן דער קאַסע אַ הלוואה פון עטלעכע טויזנט זלאָטעס.

אין 1930 איז געשטעלט געוואָרן די הויך פון אַ געוויינלעכער הלוואה אויף 100 זלאָטעס (אין אָנהויב 40 און נאָכדעם 60 גילדן). דאָס האָט געפאָדערט מער געלט־רעזערוון. די צאָל מיטגלידער אין דעם יאָר איז דערגאַנגען ביז 1473.

מיטן פאַרשטאַרקן זיך פון קריזיס ווערט אַלץ שווערער דאָס איינמאָנען פון פאַרלעגענע חובות. אין די באַריכטן פון „יעקאפא״, וואָס האָט געפירט די קאָנטראָל איבער די גמ״ח־קאַסעס אויף די מזרח־קרעסן, ווערט געזאָגט וועגן דער באַראַנאָוויטשער קאַסע: „מיר אנערקענען, דאָס די פאַרוואַלטונג שטייט אויף דער וואַך ביים נישט דערלאָזן קיין פאַרלעגענע חובות״.

אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג דעם 12 אַפּריל 1931 איז איינשטימיק באַשלאָסן געוואָרן אָנצופאַרטרויען די וויטערדיקע אָנפירונג פון דער קאַסע דער אַלטער פאַרוואַלטונג. דאַקעגן איז געוויילט געוואָרן פונדאָסניי אַ רעוויזיאָנס־קאָמיסיע, אין וועלכער עס זענען אַריין די מיטגלידער: א. גאלאי, א. שוויראנסקי און פ. זעלצאָווסקי.

אויף אַ צווייטער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג, דעם 3־טן אַפּריל 1932, איז צום ערשטן מאָל אָנגעווענדעט געוואָרן דאָס סיסטעם פון איבערוויילן בלויז ⅓ פון דער פאַרוואַלטונג, וואָס פאַלט אַרויס לויט אַ גורל. די אַרויסגעפאַלענע מיטגלידער זענען אָבער אויפסניי געוויילט געוואָרן, די פאַרוואַלטונג האָט זיך בלויז געענדערט מיט דעם, וואָס סעקרעטאַר פ. אייזנבערג האָט רעזיגנירט. אויף זיין אָרט איז אַריין דער ערשטער קאַנדידאַט י. צ. יאָסעלעוויטש און אויפן סעקרעטאַר־אַמט איז געוויילט געוואָרן פ. ד. מיכאַלעווסקי.

אין 1933 איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אַ פּראָפּאַגאַנדע־חודש פאַרן „גמילות חסד" מיט דער באַטייליקונג פון פאַרשטייער פון דער גאַנצער יידישער געזעלשאַפט. אויף דער יערלעכער פאַרזאַמלונג, דעם 11־טן יוני, איז אַלס פּרעזעס געוויילט געוואָרן ר' יעקב יודקאָווסקי, וועלכער איז געווען דער טעטיקסטער עסקן אין גמ"ח זינט זיין אַנטשטייונג, און אַלס וויצעס: י. צ. יאָסעלעוויטש און מ. גאָלדבערג, קאַסיר — ר' יצחק רובינאָוו, סעקרעטאַר פּ. ד. מיכאַלעווסקי. אין יענעם יאָר איז באַזונדערס אַקטיוו געוואָרן די רעוויזיאָנס־קאָמיסיע, וועמענס פּרעזעס ס'איז געווען פּנחס אייזנבערג. ה' משה שאַליט (ווילנע), וועלכער האָט דעם 6־טן דעצעמבער, אין שליחות פון „יעקאָפּאָ", רעווידירט דעם גמ"ח, האָט די גאַנצע טעטיקייט, בוכפירונג און קאַסע געטראָפן אין בעסטן אָרדנונג און געלויבט די רעוויזיאָנס־קאָמיסיע.



מיטגלידער פון פאַרוואַלטונג און רעוו.־קאָמיסיע פון „גמילות־חסד" (1931)

עס זיצן פון רעכטס: י. צ. יאָסעלעוויטש, ל. י. רוטקאָוויטש (וויצע־פּרעזעס), מ. גאָלדבערג (פּרעזעס), י. יודקאָווסקי (וויצע־פּרעזעס), י. רובינאָוו (קאַסיר), א. גאָלאַי.

עס שטייען פון רעכטס: א. מ. טשענסטאָכאָווסקי, י. קאָזלאָוויצקי, פּ. אייזענבערג (סעקרעטאַר), פּ. ד. מיכאַלעווסקי, ש. יוזשעלעווסקי, א. שוויראַנסקי, פּ. זעלצאָווסקי

די הכנסה פון אומפּראָצענטיקע פקדונות איז אין 1934 געווען דריי מאָל העכער ווי אין פאַריקן יאָר. עס האָבן זיך אָפּגעפונען יחידים, וועלכע האָבן דעם גמ"ח קרעדיטירט גאַנץ באַדייטנדע סומעס. אַ געוויסער נדבן, וואָס האָט געוואָלט בלייבן אומבאַקאַנט אונטערן נאָמען „פּלוני אלמוני", האָט אַריינגעלייגט אַ פקדון פון 4 טויזנט זלאָטעס, און אַ צווייטער האָט אַפילו געשיקט אַלס נדבה אַ סומע פון 800 גילדן. גוט אָרגאַניזירט איז אויך געווען די איינקאַסירונג פון פאַרלעגענע חובות.

אויף דער יערלעכער פאַרזאַמלונג דעם 24־טן יוני מיט דער באַטייליקונג פון אַ צאָלרייכער מיטגלידערשאַפט איז פאַרגעלייענט געוואָרן צווישן אַנדערן דער באַריכט פון רעוויזיאָנס־קאָמיסיע, וועלכער שטעלט פעסט, אַז דער גמ"ח האָט דערוואָרבן די גרעסטע סימפּאַטיע און צוטרוי אַ דאַנק זיין סאָלידקייט און ראַיעלקייט, און לייגט פאָר אויסצודריקן אנערקענונג און דאַנק דער פאַרוואַלטונג, באַזונדערס דעם פּרעזעס יעקב יודקאָווסקי, סעקרעטאַר פּ. ד. מיכאַלעווסקי און בוכהאַלטערין ר. ליפּסקאַ.

די טעטיקייט פון גמ"ח אין יאָר 1935 איז געשטאַנען אונטערן צייכן פון דעם דורך „צעקאָבע" פּראָקלאַמירטן פאָלקס־קאַמפּיין צו שאַפן אַ מיליאָן זלאָטעס פאַר זעלבסט־הילף־ און אויפבוי־צוועקן פאַרן פּוילישן יידנטום. דער אָרטיקער גמ"ח האָט דעם דאָזיקן קאַמפּיין אָרגאַניזירט און דורכגעפירט די אַקציע מיט גרויס דערפאָלג. די געלטער האָבן געזאָלט פאַרוואָנדעט ווערן דורך דעם קאָמיטעט פאַרן נוצן פון דער שטאָט זעלבסט, און נישט געשיקט ווערן אין צענטער. די אָרטיקע באַפעלקערונג האָט זיך וואַרעם אָפּגערופן.

אויף דער אַלגעמיינער יערלעכער פאַרזאַמלונג פאַרן יאָר 1935 איז באַשטעטיקט געוואָרן די זעלבע פאַרוואַלטונג, בלויז אויפן אָרט פון אַרויסגעפאַלענעם לויט אַ גורל פאַרוואַלטונגס־מיטגליד י. צ. יאָסעלעוויטש איז אויסגעוויילט געוואָרן י. לאָנדאָן.

## „קליינקרעדיט"

„קליינקרעדיט" איז געווען אַ טאָכטער־אינסטיטוציע פון „גמילות חסד". ער איז געגרינדעט געוואָרן אָנהויב 1934 דורך דעם באַקאַנטן גמ"ח־טוער שלום דערעטשין.

דער „קליינקרעדיט" האָט געשטרעבט צו אַנטקעגנקומען און בייהילפיק זיין אין שווערן לעבנס־געראַנגל די סאַמע אָרעמסטע שיכטן, פאַר וועלכע אַפילו דער קרעדיט פון גמ"ח איז געווען פאַרשלאָסן. ער האָט געזאָרגט פאַר דעם עלעמענט, וועלכער האָט זיך נישט געקענט באַזאָרגן מיט קיין וועקסל־זשירע, איז נישט אימשטאַנד געווען צו צאָלן דעם מיטגלידס־אָפּצאָל פאַרן גמ"ח און איז בכלל נישט געווען זיכער, אַז ער זאָל האָבן די מעגלעכקייט דעם קרעדיט אומצוקערן. דערביי איז דער „קליינקרעדיט" געשטאַנען אויפן שטאַנדפּונקט פון קאָנסטרוקטיווער הילף און געשטרעבט דערצו, אַז דער יעניקער וואָס באַקומט דעם קרעדיט זאָל אים פאַרווענדן אויף פּראָדוקטיווע צוועקן.

אויב דער גרויסער קרעדיט פון „גמילות חסד" האָט געשטאַרקט פינאַנציעל די געדריקטע סוחרים און האַנטווערקער, האָט דער „קליינקרעדיט" דערפילט אַ דאָפּלטע אויפגאַבע: ער האָט דערהאַלטן מענטשן, וואָס זענען שוין

געשטאַנען ביים ראַנד פון אונטערגאַנג, ממש אויפן סאַמע אָפּגרונט, — און זיי דערמעגלעכט אַ וועלכע ס׳איז באַשעפטיקונג ער האָט זיי געראַטעוועט פון שרעקלעכסטן נויט.

די געלט־קוועלן פון „קליינקרעדיט״?

— ר׳ שלום דערעטשין, וועלכער האָט די דאָזיקע וויכטיקע אינסטיטוציע געגרינדעט, האָט יאָרנלאַנג געאַרבעט ענערגיש פאַר איר וווּקס און אַנטוויקלונג און געפונען די נויטיקע מיטלען דערצו. עס זענען פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן די אַרטיקע גרעסערע פירמעס קוויטאַריושן מיט דער לאָזונג: „ספּעציעלע הילף פאַר געפאַלענע סוחרים״. יעדע פירמע האָט ביים אָפּרעכענען זיך מיט אירע סוחרים געווירקט, אַז די לעצטע זאָלן שפּענדן פאַרן דאָזיקן צוועק אַ געוויסע סומע.

אַמוואַרעמסטן האָט זיך אָפּגערופן אויף דער אַקציע ה׳ געצל געצאָוויטש, וועלכער האָט נישט דורכגעלאָזט קיין געלעגנהייט אום צו שאַפן עפּעס פאַרן „קליינקרעדיט״. ער האָט אַריינגעבראַכט אין דער קאַסע פון „קליינקרעדיט״ אַ סומע פון העכער 700 גילדן. כמעט אין אַלע פירמעס, מיט וועלכע ער איז געשטאַנען אין געשעפטלעכע פאַרבינדונגען, האָט ער איינגעשטעלט אַ יערלעכן סטאַבילן אָפּצאָל פאַר דער אינסטיטוציע.

אין דער קוויטאַריזש־אַקציע האָבן אויך אָנטיילגענומען אַנדערע אַרטיקע יידישע סוחרים. אין אַלגעמיין האָט די זאַמלונג אַריינגעבראַכט העכער 1200 זלאָטעס. דער „קליינקרעדיט״ האָט אָבער דיספּאָנירט מיט אַ פיל גרעסערן אומזאַץ־קאַפּיטאַל; ער האָט געהאַט אומפּראָצענטיקע פקדונות.

אַ דאַנק די הלוואות פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע זענען הונדערטער יידישע פאַמיליעס אין אונזער שטאָט געראַטעוועט געוואָרן פון רואין און אונטערגאַנג.

ד״ר שלום פּרס

# געזונטהייטס־וועזן

דער גרויסער שטח פון מזרח פוילן, די אַזוי גערופענע „קרעסן״, האָט געאָגראַפיש געהערט צו פּאָלעסיע. דער דרום טייל פון דעם דאָזיקן שטח איז געלעגן אין תחום פון די באַקאַנטע פּאָלעסיער זומפּן. אָבער וואָס ווייטער צו צפון האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ געגנט באַדעקט מיט גרויסע געדיכטע וועלדער, דער באָדן זאַמדיק און טרוקן, דער קלימאַט נישט אַזוי פייכט און אומגעזונט.

די מערהייט באַפעלקערונג פון באַראַנאָוויטש איז באַשטאַנען פון קליינהענדלער, אַרבעטער, בעלי־מלאכות, וואָס האָבן געלעבט אין נויט און אָרעמקייט, צוזאַמענגעפּרעסט מיט זייערע צאָלרייכע קינדער אין ענגע, שלעכטע וווינונגען, אָן סאַניטאַרער אויפזיכט, אָן די עלעמענטאַרסטע באַדינגונגען פון געזונטהייטס־היגיענע.

דאָס שטעטל גופא האָט אַ געוויסע צייט אויסגעזען ווי אַ גרויס דאָרף, מיט אַלטע הילצערנע הייזלעך און נישט ברוקירטע גאַסן, פאַרפלייצט מיט וואַסער און פול מיט בלאָטע אין האַרבסט און פרילינג. דערפאַר אָבער האָט באַראַנאָוויטש אין יענע צייטן פאַרמאָגט אַ גרויסן וואַלד פון סאָסנע־ביימער. מיט דער צייט וואַקסן אויס נייע גאַסן און קוואַרטאַלן; מען וואַרפט אַראָפּ די אַלטע הילצערנע כאַטעס און מען בויט מאָדערנע הייזער; מען ברוקירט די גאַסן און מען לייגט טראָטואַרן; די קאַלוזשעס און די בלאָטעס ווערן פאַרשוווּנדן. באַראַנאָוויטש וואַרפט אַראָפּ פון זיך די שטעטלדיקע דאָרפישקייט.

די פּוילישע מאַכט פירט דורך אַ ריי צוואַנגס־פאַראָרדנונגען מיט דעם צוועק צו הייבן דעם געזונטהייטס־צושטאַנד פון דער באַפעלקערונג. זי זעצט פאַר דאָס ברוקירן פון די גאַסן און פאַרפלאַנצט ביימער, די הייזער מוזן געקאַלכט ווערן, די גאַסן און הויפן דאַרפן זיין זויבער; עס ווערט איינגעפירט אַ שטרענגע סאַניטאַרע אויפזיכט אויף שפּייז־געוועלבן, בעקערייען א. א. וו. די דאָזיקע מאַסנאַמען זענען אָבער נישט געווען גענוגנד. באַראַנאָוויטש האָט נישט געהאַט קיין טייך, נישט געווען קיין קאַנאַליזאַציע, וואַסער־לייטונג איז געווען כמעט אַ זעלטנהייט, שוין אָפּגערעדט פון מאָדערנע איינריכטונגען ווי וואַנעס און קלאָזעטן אין די הייזער. ס׳איז געווען נויטיק צו פירן אַ ברייטע היגיענישע אויפקלערונגס־אַרבעט צווישן די פאָלקס־מאַסן און אַריינברענגען היגיענישע קולטור אין יעדן ווינקל, אין יעטוועדן הויז; און די אַרבעט איז געווען נישט קיין לייכטע.

די דאָזיקע אויפגאַבן האָבן אויף זיך גענומען אַ ריי סאָציאַל־פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס. אין דער הינזיכט איז אויפן ערשטן אָרט, אָן צווייפל, געשטאַנען די פּאָפּולערע און באַליבטע געזעלשאַפט „טאָז״.

דער „טאָז״, (Towarzystwo Ochrony Zdrowia Ludności Żydowskiej w Polsce) איז געגרינדעט געוואָרן אין פוילן אין אָנהויב פון די צוואַנציקער יאָרן. אין שפּיץ פון איר איז געשטאַנען דער וואַרשעווער דאָקטאָר גרשון לעווין.

עס איז דאָן געווען אַ ברייט פעלד פאַר דער טעטיקייט פון „טאָז״ אויפן געביט פון יידישן געזונטשוץ. די יאָרן פון און נאָך דער מלחמה האָבן שטאַרק אַראָפּגעזעצט דעם געזונטהייט־צושטאַנד ביי די יידן. די געזעלשאַפט אַנטוויקלט דאָן אין גאַנץ פוילן אַ ברייט־פאַרצווייגטע אַרבעט, דורך אַ ריכטיקע דערציונג פון זויג־קינדער, שול־קינדער אויפזיכט, באַקעמפונג פון אַנשטעקנדיקע קראַנקהייטן ווי שווינדזוכט, טראַכאָמע, קאַלטן א. אַ., גרינדונג פון סאַנאַטאָריומס, זומער־קאָלאָניעס פאַר קינדער, ווי אויך דורך אַ גרויסער אויפקלע־



אַלפּוילישע קאָנפערענץ פון „טאָז״ אין וואַרשע

1־טע שורה פון רעכטס: 1. ד״ר שיפּער, 4. ד״ר גרשון לעווין (גרינדער און פאָרזיצער פון „טאָז״ אין פּוילן), 8. פּראָפ. שור.
2־טע שורה פון רעכטס: 5. משה מוקאַסיי (פון באַראַנאָוויטש).

רונגס־אַרבעט צווישן די פאָלקס־מאַסן. די אַלע אויפגאַבן האָט אויף זיך גענומען אויך די באַראַנאָוויטשער אָפּטיילונג פון „טאָז״, מיט וועלכער עס האָבן אָנגעפירט די בעסטע כוחות פון דער אָרטיקער יידישער געזעלשאַפט.

מען קען נישט שרייבן וועגן „טאָז״ און נישט דערמאָנען די הערלעכע געשטאַלט פון ד״ר לייב נאַכומאָווסקי הי״ד, וועלכער איז געווען איר איניציאַטאָר און פאָרזיצער; דער אמת'ער פּראָטאָטיפּ פון אַ יידישן פאָלקס־דאָקטאָר. אין מיינע צאָלרייכע באַגעגענישן און געשפּרעכן מיט אים, פלעגט ער שטענדיק באַטאָנען די לאָזונג פון „גיין אין פאָלק״, ווידער און ווידער וועקן און דערמאנען די אַלע, וואָס זענען מיט אים געשטאַנען אין ענגער באַרירונג, וועגן דעם הייליקן חוב צו זאָרגן פאַר די אינטערעסן פון די ברייטע פאָלקס־מאַסן.

אַליין געשטאַמט פון אַ בעל־הבית'יש הויז; דורכגעמאַכט אַלע עטאַפּן פון יידישער דערציונג און וועלטלעכער בילדונג, אנהויבנדיק פון חדר און ישיבה און ענדיקנדיק מיטן טיטל דאָקטאָר פאַר אַלגעמיינער מעדיצין. באַלד נאָכן ענדיקן די הויכשול, אַרבעט ער אַ געוויסע צייט אַלס רעגירונגס־רופא (זעמסקי ווראַטש) אין טיף רוסלאַנד, און פון דאָרט גייט ער איבער קיין באַראַנאָוויטש, אין יאָר 1919, ווו ער געווינט די סימפּאַטיע פון דער יידישער באַפעלקערונג און ווערט איינער פון די באַליבטסטע און פּאָפּולערסטע דאָקטוירים אין שטאָט און אומגעבונג. ער באַהערשט פּראַקטיש אַלע צווייגן פון מעדיצין, אַפילו כירורגיע. ער איז דער לייטער פון שטאָטישן שפּיטאָל און דערשלאָגט זיך אויך צו אַן אייגענער קליניק.

אבער נישט נאָר אַלס פאַכמאַן, אויך אַלס אמת'ער פאָלקס־מענטש האָט ד״ר נאָכומאָווסקי טריי און איבערגעגעבן געשטאַנען אין דינסט פון דער יידישער באפעלקערונג אויף אַלע געביטן פון געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. אליין נישט קיין פּאַרטיי־מענטש, אין ענגן זין פון וואָרט, שטייט ער בראש פון „קרן היסוד״, נעמט אַן אַקטיוון אנטייל אין דער אַרבעט פאַרן „קרן קימת״, אין דער קהילה, שול־ און דערציונגס־וועזן. ד״ר נאָכומאָווסקי האָט נישט נאָר דערפילט זיין חוב, נאָר אויך געוועקט, געמונטערט, און קודם כל געדינט אַלס ביישפּיל פאַר אַנדערע.

די קרוין פון זיין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט איז אבער די געזעלשאַפט „טאָז״. אַרום איר האָט ער קאָנצענטרירט אַ סך פון זיינע בעסטע פריינט און אַ גרויסן שטאַב פון באַגאַבטע געטרייע מיטאַרבעטער. זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן: ד״ר פידלער (לאַנגיעריקער גזבר פון דער געזעלשאַפט),



פאַרוואַלטונג פון „טאָז" אין באַראַנאָוויטש

עס זיצן פון רעכטס: ד"ר בוסעל, ד"ר יאסינאָווסקי, ד"ר סקווירסקי, ברכה מוקאַסיי, ד"ר נאָכומאָווסקי, מ. מוקאַסיי, פרוי וויניקאָוו, ד"ר פידלער, ד"ר בעטי איזיקזאָן.

עס שטייען פון רעכטס: פרוי גאָרעליק, אומבאַקאַנט, פרוי אַבראַמאָווסקי, פרוי יאַסינאָווסקי, מג"ר. אַבראַמאָווסקי, פרוי פאַרבער, פרוי יעלין, זעלצאָווסקי, פרוי נאָכומאָווסקי, ד"ר פראַס, פרוי פעלדענקרייז, ווינאָגראַד, פרוי קאַפּלאַן, איזיקזאָן (הינטער פרוי קאַפּלאַן), פרוי מאָטשאַנאָוו.

ד"ר סקווירסקי (וויצע־פּאָרזיצער), די פרויען ד"ר איזיקזאָן און ד"ר סקווירסקי (אין דער באַראַטונגס־שטעלע פאַר זויג־קינדער), ד"ר יעקב קאַגאַן און ד"ר בוסל (פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער) ה' ווינאָגראַד (סעקרעטאַר), די שוועסטער פון „טראָפּן מילך" א. א. וו.

די געזעלשאַפט „טאָז" אין באַראַנאָוויטש איז אנטשטאַנען אין מיטן פון די צוואנציגער יאָרן. צוערשט ווערט געגרינדעט דער אַזוי־גערופענער „טראָפּן מילך",—אַ באַראַטונגס־שטעלע פאַר מוטערס ווי אַזוי צו דערציען דאָס קינד אין די ערשטע צוויי יאָר פון זיין לעבן. מיט דעם דאָזיקן וויכטיקן געביט פון פאָלקס־געזונטהייט האָבן אָנגעפירט די אָרטיקע יידישע קינדער־דאָקטוירים. יעדע מוטער האָט דאָ באַקומען דעם געהעריקן ראַט און אַלע נויטיקע אָנווייזונגען, ווי אויך פאַרשידענע נאַרונגען, צונויפגעשטעלט אין אַ ספּעציעלער קיך.

נישט געוועזן קיין קינד, וואָס זאָל נישט געניסן פון דער ברייטער הילף פון „טראָפּן מילך". די רעזולטאַטן האָבן לאַנג נישט געלאָזט אויף זיך וואַרטן. די ספּעציפישע קינדער־קראַנקהייטן, ספּעציעל די מאָגן־דאַרם־שטערונגען זענען פאַרמינערט געוואָרן, די שטערבלעכקייט ביי זויג־קינדער שטאַרק אַראָפּגעזעצט.

אויך די עלטערע פאַוואָרלאָזטע קינדער פון די ארעמע פאָלקס־שיכטן, באַזונדערס די מיט אַ פאַרנאַכלעסיקטן געזונט־צושטאַנד, פאָדערן אַ ספּעציעלע אויפזיכט. די געזעלשאַפט „טאָז" שאַפט די ערשטע זומער־קאָלאָניע פאַר גרעסערע קינדער אין דעם טרוקענעם סאָסנע־וואַלד פון נאַוואיעלניע. אין עטלעכע שיינע און באַקוועמע הייזער געפינען פּלאַץ אין פאַרלויף פון זומער אַ־150 קינדער בערך. זיי באַקומען דאָרט, אונטער דער אָנפירונג פון אַ צוגעקלייבענעם פּערסאָנאַל לערער, שוועסטער און פלעגערינס, אַ וואַרעמע היים, גוטע דערנערונג און די בעסטע דערציונג.

דער דראַנג צו דער זומער־קאָלאָניע איז זייער גרויס; מען קען נישט באַפרידיקן די צאָלרייכע קינדער, וועלכע האָבן נישט געפונען זייער אָרט אין דער קאָלאָניע. פאַר זיי אָרדנט איין דער „טאָז" אַ האַלב־קאָלאָניע אויף גראַפּסקע 34, אין דעם שטאָטישן פּאַרק. די יידישע קינדערלעך פאַרברענגען דאָ אַ האַלבן טאָג אין פרישער לופט, אונטער דער אויפזיכט פון געשולטע גננות, און באַקומען די געהעריקע באַהאַנדלונג, כמעט לויטן מוסטער פון דער קאָלאָניע אין נאַוואיעלניע.

ביידע אנשטאַלטן זענען געווען פון דער גרעסטער באַדייטונג פאַר די שוואַכע, אונטערדערנערטע קינדער. מיט דעם אַלץ איז נאָך ווייט נישט אויסגעשעפּט די פרוכטבאַרע טעטיקייט פון „טאָז" אין באַראַנאָוויטש. עס ווערן געעפנט צוויי אַמבולאַטאָריומס: איינס פאַר אויגן־קראַנקע, מיט ספּעציעלער ריקזיכט אויף טראַכאָמע, אונטער דער




זומער־קאָלאָניע פון „טאָז״ אין נאָוואָיעלניע

**אין פראָנט פון רעכטס : 5 אומבאַקאַנטע, ד״ר פידלער, פרוי אַווינאָוויצקי, ד״ר נאָכומאָווסקי, רבקה לימאָן, ד״ר יאַסינאָווסקי, אומבאַקאַנט, מ. מוקאַסיי, ד״ר בעטי איזיקזאָן, פרוי אַבראַמאָווסקי (הינטער ד״ר איזיקזאָן), לערמאַן, ד״ר סקווירסקי.**



האַלב־קאָלאָניע פון „טאָז״ אין באַראַנאָוויטש

**אין מיטן פון רעכטס : וואָראָביאָווסקי, ד״ר פידלער, גאָרפינקעל, ד״ר נאָכומאָווסקי, זעלצאָווסקי, ד״ר בעטי איזיקזאָן, מ. מוקאַסיי, אומבאַקאַנט, ווינאָגראַד, פרוי פעלדנקרייז, אומבאַקאַנט, ד״ר סקווירסקי. די אויבערשטע 3 פון רעכטס : וואָלאָכוויאַנסקי, מג״ר וויגדאָרטשיק, אומבאַקאַנט.**

אָנפירונג פון ד״ר בוסעל; דאָס צווייטע — פאַר אָנשטעקנדיקע הויט־קראַנקהייטן און באַקעמפונג פון פּאַווס, אונטער דער לייטונג פון ד״ר שעניצקי.

עס ווערט געלייגט גרויס אַכט אויפן סאַניטאַר־היגיענישן צושטאַנד פון די ישיבות, תלמוד־תורה, בית־יתומים, שולן און אַנדערע דערציונגס־אַנשטאַלטן. אַ ספּעציעלער פרויען־קאָמיטעט פירט דורך אַ גאַנצע ריי אַקציעס לטובת די קינדער פון נישט פאַרמעגלעכע עלטערן. אָרגאַניזירט קליידער־זאַמלונגען, פאַרטיילונג פון פיש־ טראַן אין ווינטער, מילך און אַנדערע נאַרונגס־מיטלען אין משך פון אַ גאַנץ יאָר צווישן די שול־קינדער. באַקאַנט זענען אויך געווען די אַקציעס פאַר רעמאָנטירן און קאַלכן די יידישע אָרעמע הייזער פאַר פּסח.

נישט פון קליינער באַדייטונג איז געווען די טעטיקייט פון „טאָז״ אויפן געביט פון אויפקלערונגס־אַרבעט. פאַרשידענע פראַגן פון געזונטהייטס־וועזן ווערן פון צייט צו צייט באַהאַנדלט אויף ספּעציעלע מיטינגען, פאַרלעזונגען און אין דער אָרטיקער יידישער פרעסע; עס ווערן פאַשפּרייט בראָשורן און פּאָפּולערע ביכלעך, וואָס באַהאַנדלען פראַגן פון פאָלקס־געזונט.

די נויטיקע געלט־מיטלען ווערן צוזאַמענגעבראַכט פון אַ מאַנאַטלעכן מיטגלידס־אָפּצאָל, סובסידיעס פון צענטראַלן ״טאָז״־קאָמיטעט, פון דער יידישער קהילה און שטאָטראַט, ווי אויך פון פאַרשידענע אַנדערע אַקציעס און זאַמלונגען.

ווי מיר זעען, איז די געזעלשאַפט „טאָז״ אין באַראַנאָ־וויטש געשטאַנען אויף אַ געהעריקער הויך.

גרויס זענען אויך געווען די פאַרדינסטן פון דער יידישער טראַדיציאָנעלער אינסטיטוציע „לינת הצדק״ אויפן געביט פון העלפן דעם אָרעמען קראַנקן (זע — „סאָציאַל־פילאַנטראָ־פישע אינסטיטוציעס אין באַראַנאָוויטש״).

אַ לענגערע צייט זענען אין באַראַנאָוויטש נישט געווען קיין שום מעדיצינישע אַנשטאַלטן. באַזונדערס האָט די שטאָט געליטן צוליב דאָס פעלן פון אַ שפּיטאָל. שווערע קראַנקע האָבן געמוזט געהאַלטן ווערן אין זייערע הייזער אָדער מיט גרויסע שוועריקייטן און לעבנסגעפאַר אָפּגעפירט ווערן אין די שפּיטעלער פון מינסק, ווילנע און וואַרשע. ערשט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה אַנטשטייט אין באַראַנאָוויטש אַ שטאָטישער שפּיטאָל פון 10—12 בעטן. די לייטונג נעמט איבער ד״ר נאַכומאָווסקי, וועלכער פירט אָן מיט אים די גאַנצע צייט, אויך ווען ער ווערט פאַרגרע־סערט אויף 50—60 בעטן און פאַרוואַנדלט אין אַ מאָדערנעם שפּיטאָל מיט אַלע מעדיצינישע אָפּטיילונגען. ער באַדינט די גאַנצע באַראַנאָוויטשער באַפעלקערונג.

מיטן וווּקס פון דער שטאָט ווערט געגרינדעט אַ צווייטער שפּיטאָל, דער אַזוי־גערופענער „פּאָוויאַטאָווי״, אונטער דער אָנפירונג פון קריסטלעכן רופא ד״ר אַבראַמאָוויטש; ער באַדינט מייסטנס די קריסטלעכע באַפעלקערונג פון די אַרומיקע דערפער און שטעטלעך.

אין ביידע שפּיטעלער אַרבעטן אַלס אַסיסטענטן און קאָנסולטאַנטן אויך אַ סך פון די אָרטיקע פּריוואַטע דאָקטוירים. אין שטאָטישן שפּיטאָל אַרבעט די פרוי ד״ר איזיקזאָן און פון צייט צו צייט ווערן צוגעצויגן די ספּעציאַליסטן: ד״ר בוסעל (אויגן), ד״ר שעפּס( נאָז און אויערן), ד״ר שע־ניצקי (הויט). אין „פּאָוויאַטאָווי״ שפּיטאָל ווערן אָפּט איינ־געלאַדן: ד״ר פעלער (פרויען), ד״ר פראַס (קינדער), ד״ר מאַלקעוויטש (אינערלעכע) א. א.

די צאָל פּריוואַטע דאָקטוירים אין שטאָט האָלט כסדר אין איין וואַקסן. אָנהויבנדיק פון יאָר 1930 פאַרמאָגט שוין באַראַנאָוויטש בערך אַ 30 דאָקטוירים, צווישן זיי אַ סך גוטע פאַכמענער. דער קרייז פון זייער ווירקונג נעמט אַרום אויך די ברייטע פּראָווינץ.

אין יאָר 1926 ווערט געגרינדעט אַן אָרטיקער דאָקטוירים־פאַריין פון אַלע רופאים, קריסטלעכע און יידישע. אין פאַריין האָבן תמיד געהערשט העכסט־קאָרעקטע קאָלעגיאַלע באַציונ־גען. בראָש פון אים זענען געשטאַנען: אַלס פאָרזיצער — דער קריסטלעכער ד״ר אַבראַמאָוויטש, אַ ליבעראַלער מענטש, שטאַרק באַליבט ביי דער גאַנצער באַפעלקערונג; וויצע־פאָרזיצער — ד״ר נאַכומאָווסקי, סעקרעטאַר — דער שרייבער פון די שורות. אויסער דער געוויינלעכער אָרגאַניזאַציאָנעלער אַרבעט, האָט דער פאַריין אַנטוויקלט אַ ברייטע וויסנשאַפט־לעכע טעטיקייט אין פאָרם פון רעפעראַטן, באַריכטן, דע־מאָנסטראַציעס פון קראַנקע אין די שפּיטעלער, ווי אויך ראַיאָן־קאָנפערענצן פון דאָקטוירים פון דער גאַנצער אומ־געגנט, מיט דער באַטייליקונג פון פּראָפעסאָרן און אַסיס־טענטן פון וואַרשע און ווילנע.

אין יאָר 1927—1926 ווערט געשאַפן אין באַראַנאָוויטש די מלוכה׳שע קראַנקן־קאַסע, וועלכע האָט זיך מיט דער צייט זייער גוט אַנטוויקלט. דער פאָלקס־מענטש, דער אַרבע־טער און באַאַמטער, האָבן דאָ באַקומען די געהעריקע הילף. די יידישע דאָקטוירים האָבן דאָ אויסגעמאַכט די מערהייט.

פאַר דעם פאַרמעגלעכן טייל פון דער באַפעלקערונג זענען אַנטשטאַנען צוויי מאָדערנע פּריוואַטע קליניקס, פון ד״ר פעלער און ד״ר נאַכומאָווסקי; ביידע זענען געשטאַנען אויף אַ געהעריקן מעדיצינישן ניוואָ.

עס קומען אויך צוויי רענטגען־אַנשטאַלטן, — איינער פון ד״ר שעניצקי, דער צווייטער „סאַניטאַס״ — אַ מין קאָ־אָפּעראַטיוו אונטער דער אָנפירונג פון ד״ר קאַגאַן. אויסער דעם האָבן שוין לעצטנס אַ סך פּריוואַטע דאָקטוירים געהאַט זייערע אייגענע רענטגען מכשירים.

פון די 5 גרויסע אַפּטייקן, וועלכע באַראַנאָוויטש האָט לעצטנס פאַרמאָגט, זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן די אַפּטייקן פון פּראָוויזאָר טעץ, די עלטסטע אין שטאָט, און פון פּראָ־וויזאָר אַבראַמאָווסקי.

די גאַלעריע פון די יידישע דאָקטוירים אין אונזער שטאָט הויבט זיך אָן מיטן אָנקומען פון ערשטן יידישן רופא ד״ר מאַרגאָלין, אין די ניינציקער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונ־

דערט. באַלד נאָך אים באַזעצט זיך אין באַראַנאָוויטש ד״ר שפּירא, וועלכער איז טעטיק איבער 30 יאָר הן אַלס דאָקטאָר, הן אַלס „קאַזיאָני ראַווין״ באַשטימט פון דער רוסישער מאַכט. עטוואָס שפּעטער פאָרט אריין אַ געוויסער ד״ר קאפּלאן.

זאָל דאָ פאַרצייכנט ווערן אויך דער נאָמען פון דעם באַגאַבטן קריסטלעכן ד״ר סציעפּורזשינסקי; אַ פענאָמענאַלער מעדיציינישער כוח. ער איז אויך געווען איינער פון די דאָקטוירים, וואָס האָבן באַהאַנדלט דעם שריפטשטעלער שלום־עליכם אין זיין שווערער קרענק בשעת זיין באַזוך אין באַראַנאָוויטש. ער איז אריינגעפאָרן פון האראדישטש אין יאָר 5—1904.

צו די דאָקטוירים פון דער עלטערער גענעראַציע האָבן אויך געהערט: ד״ר פעלער, ד״ר סקווירסקי און זיין פרוי, דר״ וואָלפסאָן, פרוי ד״ר איזיקזאָן, ד״ר שעניצקי, ד״ר קאַגאַן, ד״ר בוסעל, ד״ר שעפּס, ד״ר ווייל, די צאָן־דאָקטוירים — פידלער, יאסינאווסקי און בערמאַן.

וואָס ווייטער ווערט די צאָל דאָקטוירים גרעסער; עס קומט צו אַ נייער דור פון יונגע מעדיציינישע כוחות, צו אים געהערן די דאָקטוירים: אהרן גאָלדין, דער יונגער שפּירא, יענקל אַשעראָווסקי, יוסף מירסקי, ראובן סלוצקי, בצלאל ראבינאוויטש א. א.

מיט אַ סך פון די אויסגערעכנטע נעמען טרעפן מיר זיך אויף פאַרשידענע ערטער אין דעם דאָזיקן בוך. אַ סך פון זיי זענען געשטאַנען אין שפּיץ פון פּאָליטישע פּאַרטייען, געזעלשאַפטן און אינסטיטוציעס. אַלע זענען געווען גוט־אויסגעבילדעטע ספּעציאַליסטן, און מיט גרויס ליבע געטראָגן זייער הילף דעם נויטבאַדערפטיקן קראנקן; אַלע האָבן זיי, אַלס עכטע יידישע אינטעליגענטן, הויך און שטאָלץ געטראָגן די פאָן פון יידישן רענעסאַנס אויף דער יידישער גאַס. קיינער פון זיי האָט נישט געזשאַלעוועט קרעפטן און צייט לטובת די באַדערפענישן פון די ברייטע יידישע פאָלקס־מאַסן.

ב. אַווינאָוויצקי

# די פייערלעשער־געזעלשאפט

(אונטער דער פוילישער הערשאַפט)

די באַראַנאָוויטשער פרייוויליקע פייערלעשער־געזעלשאַפט איז געגרינדעט געוואָרן דורך די אָרטיקע יידישע בירגער: די ה״ה שיליינער, איזיקזאָן, שימאַנסקי, זילבער־בערג, אדוואָקאַט גורוויטש, טורעצקי, יודקאָווסקי, וויניקאָוו־סקי, דאָבקאָווסקי, חייקל עפּשטיין א. אַ. מיט דער אונטער־שטיצונג פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט זיך די געזעלשאַפט אַנטוויקלט זייער שנעל.

די קאָמאַנדירן, ווי אויך די פּאָרזיצערס פון דער פאַר־וואַלטונג, זענען על־פּי רוב געווען קריסטן, נישט געקוקט דערויף, וואָס כמעט אלע פייערלעשער, איינשליסלעך די אַדיוטאַנטן און אָפיצערן, זענען געווען לויטער יידן. אין דער לעצטער תקופה זענען אין שפּיץ פון דער געזעלשאַפט געשטאַנען ב. אווינאוויצקי אַלס קאָמאַנדיר און ד״ר פידלער אַלס פּאָרזיצער. (פּרטים — זע „באַראַנאָוויטש אין די יאָרן 1900—1915).

די פייערלעשער האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון דער שטאָט. זיי האָבן געהאַט אַ שטאַרקן איינפלוס אויפן גאַנג פון די וואַלן צום שטאָט־ראַט און צו דער קהילה. מיט איר רייכן פארמעגן און אינווענטאַר (טאַבאָר, אָרקעסטער, קינאָ, טעאַטער־זאַל א. א.) איז די געזעלשאַפט געקומען צו הילף אויך אנדערע אינ־סטיטוציעס ביים איינאָרדנען פאַרשידענע פאָרשטעלונגען פאַר געזעלשאַפטלעכע און וווילטעטיקע צוועקן.

אויפן געביט פון לאָקאַליזירן שריפות האָבן די באַראַנאָ־וויטשער פייערלעשער געהאַט צו פאַרצייכענען אַ גרויסן דערפאָלג. באַראַנאָוויטש האָט קיינמאָל נישט איבערגעלעבט דעם אומגליק פון אַ מאַסן־שריפה, הגם אירע הייזער זענען מערסטנס געווען הילצערנע.

ביזן יאָר 1933 איז די אויסשטאַטונג פון די פייערלעשער געווען אַ גענוג פּרימיטיווע (פערד־געשפאַן, קליינע הילצער־נע פעסלעך א. ד. גל.). זייט דאַן הויבט זיך אָן די סיסטעמאַ־טישע מאָטאָריזאַציע, וועלכע איז פולשטענדיק פאַרענדיקט געוואָרן אין יאָר 1937. אין 1933 איז אויסגעבויט געוואָרן אַ גרויסער געמויערטער גאַראַזש (רעמיזע) און אייניקע אַנדערע געביידעס. אין דעם זעלבן יאָר איז אויך דורכגע־פירט געוואָרן די פאַכמענישע אויסשולונג פון פייערלעשער, אונטעראָפיצערן און אָפיצערן.

דער מאַנגל אין וואַסער האָט זיך אין באַראַנאָוויטש געלאָזט שטאַרק שפּירן אין א נויטפאַל. מיט דער איניציאַ־טיוו פון די פייערלעשער זענען אויסגעבויט געוואָרן אַ ריי אונטערערדישע וואַסער־רעזערוואַרן פון גרויסן פארנעם, וועלכע זענען אויך געווען געשיצט קעגן פראָסט.

דער בודזשעט פון דער פייערלעשער־געזעלשאַפט האָט דערגרייכט 30.000 זלאָטעס, מיט אַ יערלעכער סובסידיע פון שטאָטראַט אין דער הויך פון 6000 זלאָטעס.

דער פערזענלעכער צוזאמענשטעל פון דער געזעלשאַפט איז באַשטאַנען פון 200 אקטיווע מיטגלידער (איינגערעכנט די פרויען פון דער סאמאריטאנער אָפּטיילונג) און בערך



אַ גרופע פייערלעשער (1930)

**עס זיצן פון רעכטס: פאָליאַק, אומבאַקאַנט, טונקעל, ניקטשעמני, קאַפּלאַן, ש. יודקאָווסקי, א. טורעצקי,**
**עס שטייען פון רעכטס: י. סאַוויצקי, ל. קאַפּלאַן, סטאָליאַר, אומבאַקאַנט, וויניקאָווסקי, נאָטקאָוויטש,**
**י. ביטענסקי, מ. שקליאַר, באָראָווסקי**
**די קינדער: ברידער יענקל און משה טונקעל**



אַ גרופע פייערלעשער (1933)

**אונטן פון רעכטס: 2. גאָלדבוים, 3. ביטענסקי, 12. סטאָליאַר. 2־טע שורה פון רעכטס: 4. רימער, 6. ש. יודקאָווסקי, 8. קושטשינסקי**
**3־טע שורה פון רעכטס: 2. א. טורעצקי, 3. איזערסקי, 4. ב. איזיקזאָן, 5. קאַפּלאַן, 6. ג. ביטענסקי (געהילף־קאָמאַנדיר),**
**7. ב. אַווינאָוויצקי (קאָמאַנדיר), 8. ד״ר פעלער (פּרעזעס), 9. פרל׳ שווירזאַנסקי, 10. קאָלטין, 11. סוכאַרעבסקי, 12. בארסוק**
**(הינטער טונקעל), 13. א. טונקעל, 14 שוסטער**
**4־טע שורה פון רעכטס: 2. סאָקאָלאָווסקי, 3. ניקטשעמני, 4. גאָרינאָווסקי, 5. יאַסינאָווסקי (אַדיוטאַנט), 7. שמועלאָוויטש,**
**9. סטאָליאַר, 10 מוקאָסיי, 11. ל. קאַגאַן (הינטער מוקאָסיי), 14. ב. וויניקאָווסקי, 15. פאָליאַק, 16. לידאָ.זסקי, 17 סטאָליאַר.**
**5־טע שורה פון רעכטס: 3. פוקס, 7. סטאָליאַר צבי, 12. גאָם. אויבן פון רעכטס: 2. ח. ראַבינאָוויטש, 9. סוכאַרעבסקי,**
**12. יאָסעלעוויטש.**

אַ־1000 אונטערשטיצער. אין דינסט זענען די פייערלעשער געווען געקליידעט אין איינהייטלעכע אוניפאָרמען און העל־מען. דאָס פאַרמעגן אין באַוועגלעכן און אומבאַוועגלעכן אינווענטאַר האָט באַטראָפן אין די יאָרן 1935—1939 אַ מיליאָן זלאָטעס.

דער באַוועגלעכער אינווענטאַר איז באַשטאַנען פון: 2 אויטאָס מיט פולער אויסשטאַטונג; 3 אויטאָס מיט מאָטאָר־פּאָמפּעס און קעסלען, מיט אַן אויפנאַם־מעגלעכקייט פון 8000 ליטער וואַסער; 1 סאַניטאַר־אויטאָ מיט אַ גאַנצער ערשטער־הילף־אויסשטאַטונג; 2 אויטאָבוסן צום איבערפירן דעם פערסאָנאַל; אַ רעזערוו־האַנט־געשפּאַן, 4 מאָטאָר־פּאָמפּעס און אַ־100 מעטער „קישקעס"; פולע אויסשטאַטונג פאַר 6 שוץ־אָפּטיילונגען קעגן גאַז־און לופט־אָנפאַלן; אַ גרויסע צאָל מאַסקעס, גומי שטיוול א. ד. גל..

אַ דאַנק איר רייכן אינווענטאַר און הויכער פאַכמענישער אויסבילדונג פון אירע אינסטרוקטאָרן און אָפיצערן, איז די באַראַנאָוויטשער באַזע (דעפּאָ) געווען אַ צענטער פון פייערלעשער־אויסשולונג פאַר דער גאַנצער נאָוואָגרודקער וואָיעוואָדשאַפט. זי האָט אויך פאַרמאָגט אייגענע ווארשטאַטן און אַ פּראָפעסיאָנעלן שטאַב פון 12 מאַן (די באַראַנאָוויטשער פייערלעשער האָבן אויך באַדינט די אומגעבונג).

די יידישע געזעלשאַפט האָט שטאָלצירט מיט אירע פייערלעשער און זיי אונטערשטיצט אין זייער טעטיקייט. אין די יאָרן פון שטאַרקן אַנטיסעמיטיזם אין פּוילן, האָבן פאַרשידענע פאַקטאָרן זיך באַמיט אַרויסצורייסן די אינסטיטוציע פון יידישע הענט, אָבער עס איז זיי נישט געלונגען. געווען אַ צייט, ווען מען האָט דערוואַרט אַ געפּלאַנטן איבערפאַל פון אַנטיסעמיטישע כוליגאַנעס קעגן דער יידישער באַפעלקערונג פון באַראַנאָוויטש. אויף דער ווענדונג פון וויצע־בירגערמייסטער אינז'. וויניקאָוו, האָבן די פייערלעשער געהאַלטן וואַך אייניקע טעג און נעכט, און צו קיין שום אומרוען איז נישט געקומען. די דאָזיקע וואַך האָט ארומגענומען אַ שטח פון 25 קילאָמעטער.

אין יאָר 1939, אָנהויבנדיק פון 23 מערץ צוויי ביינאַכט, האָט די באַראַנאָוויטשער פייערלעשער־געזעלשאַפט זיך געפונען אין אַ שטענדיקן שטרענגן גרייטקייט־צושטאַנד. אַלע אַנדערע פייערלעשער־געזעלשאַפטן ווי, צום ביישפּיל, פון אָרטיקן מיליטערישן גאַרניזאָן, אייזנבאַן, ניי־באַראַנאָוויטש און פון די אַרומיקע שטעטלעך, זענען געשטעלט געוואָרן אונטער דער אויפזיכט פון באַראַנאָוויטשער הויפּט־קאָמאַנדיר. די פייערלעשער־וואַך איז מיליטאַריזירט און רעאָרגאַניזירט געוואָרן אין 5 זעלבסטשטענדיקע אָפּטיילונגען (פּלוטאָנעס), צעשפּרייט איבער פאַרשידענע טיילן פון שטאָט און פאַרבונדן מיטן שטאַב דורך אַ ספּעציעלן טעלעפאָן־נעץ. צו יעדן פּלוטאָן זענען צוגעטיילט געוואָרן 2 סאַניטאַרע פּאַטראָלן פון דער פרויען־אָפּטיילונג און 2 ראָוועריסטן.

1־ער פּלוטאָן: זיץ־אָרט אין פייערלעשער־דעפּאָ, אָנפירער א. טורעצקי;

2־ער פּלוטאָן: זיץ־אָרט — הויז ראָזענהויז אויף שאָסיינע, אָנפירער א. איזיקזאָן;

3־ער פּלוטאָן: זיץ־אָרט—הויז ניידוס אויף נאַרוטאָוויטש, אָנפירער מ. יעזערסקי;

4־ער פּלוטאָן: זיץ־אָרט — הויז בוקאָווסקי אויף שאָסיינע, אָנפירער גאַרינאָווסקי

5־ער פּלוטאָן — אלס רעזערוו אין פייערלעשער דעפּאָ אונטער דער לייטונג פון ג. מוראַווין און ניקטשעמני. אלס מיטגלידער פון שטאַב זענען באַשטימט געוואָרן: ב. אווינאָוויצקי — שעף פון פייער־שוץ, א. יאַסינאָווסקי און נ. ביטענסקי — פאַרטרעטער פון שעף, ז. שוויראַנסקא — קאָמענדאַנטין פון דער פרויען־אָפּטיילונג, טעלעפאָניסטינס, מאָטאָציקליסטן און ראָוועריסטן.

די ערשטע דייטשישע באָמבע איז געפאַלן אויף טראַוגוטא גאַס; עס האָט געברענט דאָס הויז פון פּאַגזשעלסקי. די פייערלעשער האָבן געאַרבעט אונטער אַ האָגל פון באָמבעס. 2 פייערלעשער זענען פאַרוווּנדעט געוואָרן, 1 זעלנער און 1 יוגנטלעכער געהרגעט געוואָרן. מיט שווערער מי איז געלונגען דעם פייער צו לאָקאַליזירן. נאָך דער צווייטער באָמבאַרדירונג האָט די ציווילע באַפעלקערונג אָנגעהויבן מאַסנווייז אַנטלויפן. אַ סך בעלי־בתים האָבן איבערגעלאָזן אין דער פאַזשאַרנע די שליסלעך פון זייערע הייזער, בעטנדיק איר אויפזיכט און שוץ.

אין פאַרלויף פון דער באָמבאַרדירונג זענען פאַרברענט געוואָרן 23 געביידעס און אַנדערע 70 געשעדיקט. די מאַכט האָט אויסגעדריקט דורכן ראַדיאָ איר דאַנק און אָנערקענונג פאַר דער העלדישער אַרבעט פון די פייערלעשער און זייער דרייסטקייט; אויך די באַפעלקערונג האָט מיט שטוינונג באַוווּנדערט זייער טעטיקייט און מסירות נפש. אַמשטאַרקסטן איז באָמבאַרדירט געוואָרן די געגנט אַרום דער ראַדיאָ־סטאַציע. דאָרט איז די רעטונגס־אַרבעט פאַרגעזעצט געוואָרן אונטער אַ שווערן פייער פון מאַשין־געווער

אין אַנטשטאַנענעם כאַאָס זענען אויסגעבראָכן אין שטאָט גנבות און רויבערייען. עס איז אריין אין אַקציע די זעלבסט־שוץ. די פייערלעשער זענען געוואָרן אָפּיציעל באַוואָפנט, און אין פאַרלויף פון עטלעכע טעג געהאַלטן די אָרדנונג אין שטאָט. במשך פון 19 טעג אין סעפּטעמבער 1939 האָט קיינער פון די פייערלעשער נישט פאַרלאָזן זיין פּאָסטן. דאָס כסדר'דיקע לעשן שריפות אין פאַרשידענע טיילן פון שטאָט האָט זיי דערשעפּט פיזיש און גייסטיק. אַלע אַנדערע אָרגאַניזאַציעס ווי, צום ביישפּיל, דער „פּוילישער רויטער קרייץ", „לאָפּ", „סטזשעלעץ" א. א., האָבן צוזאַמענגעבראָכן און זיך אויפגעלעזט נאָך דער ערשטער באָמבאַרדירונג. די איינציקע, וואָס זענען געבליבן אויפן פּלאַץ, זענען געווען די פייערלעשער, וועלכע האָבן אויסער לעשן שריפות אויך געטראָגן און געפּלעגט פאַרוווּנדעטע, אפילו דערפילט די פליכטן פון חברה־קדישא.

אין דער צייט פון דער סאָוויעטישער אָקופּאַציע איז

די פרייוויליקע געזעלשאַפט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פאַך־אָרגאַניזאַציע, אונטער דער אָנפירונג פון אַ פּאָליטרוק. די מערהייט פרייוויליקע האָבן זיך צוגעפּאַסט צו די נייע אומשטענדן און פאַרגעזעצט זייער דינסט אַלס פּראָפעסיאָנעלע פייערלעשער. דער שרייבער פון די שורות איז נאָך פאַרבליבן אין זיין אמט אלס קאָמאַנדיר ביזן 1־טן מערץ 1940, ווען ער איז אַרעסטירט געוואָרן.

ווי עס האָבן איבערגעגעבן אייניקע אַנטלאָפענע, האָט מען צום לעצטן מאָל געזען אַ טייל פון די באַראַנאָוויטשער פייערלעשער אין דער אומגעגנט פון מינסק בעת דער דייטשישער אָפענסיווע אין יאָר 1941.

אַזוי האָט זיך געענדיקט די לאַנגע רומפולע געשיכטע פון דער באַראַנאָוויטשער פרייוויליקער פייערלעשער־געזעלשאַפט.

ערע דעם אָנדענק פון טייערע אומפאַרגעסלעכע חברים, גוטמוטיקע יידן און האַרציקע פאָלקס־מענטשן, — העלדן פון אומבאַגרענעצטער אָפּפערוויליקייט.

שמואל עפּשטיין

# „יידישער דראַמאַטישער פאַריין"

**די אנטשטייונג פון יידישן דראַמאַטישן פאַריין**

מיט דער אָקופּאַציע פון אונזער שטאָט דורך די דייטשן, סוכות דעם 24 סעפּטעמבער 1915, איז דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן מיטאמאָל געוואָרן אינגאַנצן אָפּגעשטעלט. באַראַנאָוויטש איז געלעגן האַרט ביים פראָנט און זיך געפונען אין אַ שטענדיקן באַלאַגערונגס־צושטאַנד. די פאַקטישע בעלי־בתים איבער איר זענען געווען די מיליטערישע קאָמענדאַנטן און די מיליטערישע זשאַנדאַרמעריע. אַ היפּשער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג איז פאַרשיקט געוואָרן קיין טיף פוילן, און דער רעשט (אויך פרויען) — געטריבן אויף צוואַנגס־אַרבעט. אָנהויב אָונט האָט די שטאָט אויסגעזען ווי טויט.

אַן ענדערונג איז געקומען ערשט אין 1917. דאָס מיליטער האָט אָנגעהויבן זוכן אַ קאָנטאַקט מיט דער ציווילער באַפעלקערונג.

דערוויסנדיק זיך, אַז אין שטאָט זענען פאַראַן מענטשן וואָס האָבן אַ געוויסע באַציונג צו טעאַטער־קונסט, האָבן אייניקע הויכע אָפיצערן זיך געווענדעט צו פרוי וואַלקינאַ מיט אַ פאַרשלאַג אויפסניי צו אָרגאַניזירן די טעטיקייט פון אַמאָליקן טעאַטער־קרייז. פרוי וואַלקינאַ האָט צונויפגערופן אַ באַראַטונג פון אירע בינע־חברים, אויף וועלכער ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צו אַקצעפּטירן דעם פאַרשלאַג מיט דער כוונה א ביסל אויפצומונטערן און אויפצולעבן די געדריקטע שטימונג ביי דער יידישער באַפעלקערונג. אַזוי אַרום איז געלייגט געוואָרן דער גרונטשטיין פאַר דעם „יידישן דראַמאַטישן פאַריין אין באַראַנאָוויטש".

די פאַרשטעלונגען זענען געשפּילט געוואָרן אין גרויסן בנין פון מיליטערישן קלויסטער, וואָס איז געשטאַנען אין ברויט־פאַבריק און וואָס איז פאַר דעם צוועק דורכן מיליטער אַדאַפּטירט און פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ נאָרמאַלן טעאַטער.

עס זענען צוגעצויגן געוואָרן נייע קרעפטן, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן אַ נייגונג צו טעאַטער: אהרן יאַסינאָווסקי, זעליקאָוויטש, ראַיעווסקי, רודניצקי, קראָשינסקי, רבקה וואָליאַנסקי, מאַניע צאַפּאַך, סימע קאַפּלאַן, סאָניע ראַטקעוויטש, דבורה פרידמאַן, דער שרייבער פון די שורות א. א.

די טעטיקייט פון פאַריין האָט זיך אָנגעהויבן מיט די „כישופמאַכערין" און „אַ מענטש זאָל מען זיין". באַלד נאָכדעם איז מען אַריבער צו „חסיה די יתומה", „קרייצער סאָנאַטע", „גאָט מענטש און טייוול" א. ד. גל. געשפּילט האָט מען אין אַ פאַרדייטשטן יידיש. עס איז אָפט געווען פיינלעך און לעכערלעך צו הערן אונזערע אַמאַטאָרן ווי זיי שפּילן אויף אַ שפּראַך, וואָס איז געווען מער ענלעך צו אַ צעבראָכענעם יידיש ווי צו אַ שלעכטן דייטש.

די מיליטערישע געסט האָבן געהאַט גרויס הנאה, ווייל פאַר זיי איז עס געווען אַן אָנגענעמע צייט־פאַרטרייבונג. די יידישע באַפעלקערונג איז געווען צופרידן, וואָס צום ערשטן מאָל אין פאַרלויף פון צוויי יאָר האָט מען באַקומען א מעגלעכקייט אַרויסצוגיין פון די נאַרעס און אָנטייל נעמען אין אַ פאַרוויילונג.

ערשט אין יאָר 1918, ווען דער פראָנט האָט זיך דערלאַנגט אַ רוק טיפער קיין רוסלאַנד, האָט די שטאָט אָנגעהויבן ביסלעכווייז אָפּטרייסלען פון זיך דעם קאָשמאַר פון די מלחמה־איבערלעבענישן און באַלאַגערונגס־רעזשים, — און די השפעה פון דער באַנייטער טעטיקייט פון יידישן טעאַטער (דורך דעם געשאַפענעם דראַמאַטישן פאַריין) האָט באַקומען איר עכטן זין און אָפּשאַצונג.

די פאַרשטעלונגען האָבן זיך פון ברויט־פאַבריק אַריבערגעטראָגן אין דעם לאָקאַל פון קינאָ „אַפּאָללאָ" אויף פאָטשטאָווע 8.

פאַרן דראַמאַטישן פאַריין האָט זיך אַנטפּלעקט אַ ברייט פעלד פאַר זיין הילף־טעטיקייט, וואָס האָט אומאונטערבראָכן זיך געצויגן גאַנצע צוויי צענדליק יאָר. און וואָס האָט אַרויסגערופן ביי אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג גרויס אנערקענונג און דאַנקבאַרקייט. דער דראַמאַטישער פאַריין איז געוואָרן דער ליבלינג פון די ברייטסטע מאַסן אין באַראַנאָוויטש.




פראָגראַמקעס פון פאָרשטעלונגען אין די יאָרן 1917—1921

אין זומער 1918 איז דער דראַמאַטישער פאַריין איינגעלאַדן געוואָרן קיין סלאָנים אויף צוויי פאָרשטעלונגען, וואָס זייער איינקונפט איז געווען געווידמעט דער אָרטיקער יידישער אַרבעטער־קיך. דער מאָראַלישער דערפאָלג איז געווען אַ גרויסער. די סלאָנימער יידישע באַפעלקערונג האָט לאַנג געדענקט דעם אויפטריט פון דער באַראַנאָוויטשער אַמאַטאָרן־טרופּע, און אין אַ צייט אַרום זי ווידער איינגעלאַדן אויף עטלעכע פאָרשטעלונגען.

אין הערבסט 1918 איז געמאַכט געוואָרן אַן ערנסטער פרווו אויפצופירן דעם „דאָרפס־יונג" פון לעאָן קאָברין אונטער דער רעזשי פון די דאַן אין באַראַנאָוויטש וויילנדיקע באַרימטע אַרטיסטן קוסטין און יעדוואַב. דער פרווו איז פולקום געלונגען.

פאַר די מיטגלידער פון פאַריין איז די דורכפירונג פון אַזאַ פיעסע געווען אַ וויכטיקע שול. דער פאַריין איז ארויף אויף אַ ברייטן שליאַך פון ערנסטער קינסטלערישער טעטיקייט.

סוף 1918 איז שוין געווען קלאָר, אַז די טעג פון דער דייטשישער אָקופּאַציע זענען געציילטע. דער דראַמאַטישער פאַריין האָט אינגאַנצן איבערגעריסן יעדע באַציונג מיט די אָקופּאַנטן און מיט זייער שפּראַך. די פּראָגראַמקעס און אַפישן האָבן זיך אָנגעהויבן דרוקן אין יידיש. אויף די פאָרשטעלונגען האָט מען שוין נישט געזען קיין דייטשן, נאָר בלויז יידישע פנימער.

אין שטאָט האָט זיך געפילט אַ מאָדנע שפּאַנונג און אַ געדריקטע שטימונג פון אומזיכערקייט און נערוועזיטעט. די דייטשן האָבן געהאַלטן ביים פאַרלאָזן די שטאָט. מיט דער פאָרשטעלונג פון „קרייצער סאָנאַטע", דעם 13־טן דעצעמבער 1918, האָט זיך געענדיקט די טעטיקייט פון דראַמאַטישן פאַריין אין דער תקופה פון דער דייטשישער אָקופּאַציע אין ערשטן וועלט־קריג. דאָס אָנקומען פון סאָוויעטישן מיליטער איז געווען אַ פראַגע פון וואָכן אָדער טעג.

## אין דער צייט פון סאָוויעט־פּוילישן קריג (1920 — 1919)

אין די קורצע אָפּשניטן פון דער רוסישער אָקופּאַציע זענען מצד דער סאָוויעטן־מאַכט געמאַכט געוואָרן אייניקע פרווון צו רעאָרגאַניזירן דעם פאַריין, און צוזאַמענשמעלצן אים מיט אַ יידישער וואַנדער־טרופּע פון מינסק.

עס זענען אויפגעפירט געוואָרן פאַרשידענע איינאַקטערס

אין רוסיש מיט אַ קאָמוניסטישער טענדענץ. אָבער דאָס שפּילן האָט נישט שטאַרק אויסגענומען, עס האָט נישט אַנטשפּראָכן די באַדערפענישן פון יידישן פובליקום, — ווייל צום קינסטלערישן אויסדרוק האָבן די חברים געקאָנט קומען נאָר אין יידישע פּיעסן. מען האָט אין קינסטלערישן זין געלעבט פון האַנט צום מויל, און זיך געמוזט באַגנוגענען בלויז מיט אינהאַלטלאָזע אָפּערעטקעס א. ד. גל.

אין דער צווישנצייט איז אריבער אַ יאָר אונטער דער פּוילישער הערשאַפט. דער פאַריין האָט אויסגענוצט די צייטווייליקע סטאַביליטעט און זיך ווידער דערהויבן צו עטלעכע גרעסערע קינסטלערישע אויפפירונגען.

## די גלאַנץ־עפּאָכע פון פאַריין
## אונטער דער אַנפירונג פון חיים אָסטראָווסקי
## (1925 — 1920)

קורץ פאַרן שליסן פון ריגער שלום־טראַקטאַט צווישן פּוילן און ראַטן־פאַרבאַנד (סוף 1920), איז מיטן גרויסן עמיגראַציע־שטראָם אָנגעקומען קיין באַראַנאָוויטש אַ באַ־דייטנדיקער דראַמאַטישער כוח — חיים אָסטראָווסקי (אַצינד אין אַמעריקע), וועלכער איז אויפגענומען געוואָרן אַלס רעזשיסער און מיטשפּילער.

אין יאָר 1922 איז דער פאַריין אָפיציעל לעגאַליזירט געוואָרן דורך דער פּוילישער מאַכט, און איז געוואָרן אויטאָ־נאָם אין זיין טעטיקייט.

אין די פרידנסבאַדינגונגען האָט זיך דער פאַריין אַנט־וויקלט אין א וויכטיקן קולטורעל־קינסטלערישן צענטער. די דאָזיקע צייט (25—1920) קאָן פאַררעכנט ווערן ווי אַ תקופה פון וווקס, אַנטוויקלונג און אויפשטייג, און דער פאַריין האָט צו פאַרצייכענען וויכטיקע ליטעראַריש־קינסטלע־רישע דערגרייכונגען ביים אויספירן אַ ריין קלאַסישן רעפּער־טואַר ווי, צום ביישפּיל, די פּיעסן פון שלום־עליכם, פּרץ הירשביין, שלום אַש, לעאָן קאָברין, מאַרק ארנשטיין, ווי אויך איבערזעצונגען פון טאָלסטאָי, טשעכאָוו א. א.

דער פאַריין איז געווען אומפּאַרטייאיש און אַפּאָליטיש. מאָראַליש האָט ער געדינט דעם אידעאַל פון ריינער קונסט, אין מאַטעריעלן זין איז ער געשטאַנען אין דינסט פון דער יידישער געזעלשאַפט און אָנטקעגנגעקומען די נויטן און באַדערפעענישן פון אירע הילף־אינסטיטוציעס.

אויך די קריסטלעכע פּילאַנטראָפּישע אַנ־שטאַלטן אין שטאָט האָבן זיך פון צייט צו צייט געווענדעט צום יידישן דראַמאַטישן פאַריין, און אויך זיי זענען באַפרידיקט גע־וואָרן אין דער מאָס פון זיינע מעגלעכקייטן.

אין אַ קורצער צייט איז דער נאָמען פון פאַריין און זיינע דערפאָלגן וויט אַריבער די גרענעצן פון אונזער שטאָט. אין די יאָרן 1921—1925 איז ער איינגעלאַדן געוואָרן אויף אַ ריי פאַרשטעלונגען אין די שכנותדיקע שטעט—סלאָנים, פּרוזשאַנע און לידע. אומעטום איז געווען אַ דאָפּלטער דערפאָלג: אַ מאָראַלישער און אַ מאַטעריעלער — פאַר די אָרטיקע הילף־אינסטיטוציעס.

די השפעה פון דראַמאַטישן פאַריין אויף דער יוגנט איז געווען זייער גרויס. עס זענען אויפגעוועקט געוואָרן נייע כוחות און עס זענען געקומען צום לעבן אייניקע יוגנט־לעכע דראַמאַטישע קרייזן, — איינער ביים „בונד" אונטער דער אָנפירונג פון ראַיעווסקי, אַ צווייטער איז געווען אומאָפּהענגיק און אַמביציעז; ער האָט אַראָפּגעבראַכט דעם באַקאַנטן אַרטיסט זשאַק לעווי פון ווארשע און „געמאַכט אַ לעבן פאַר זיך". אין זיין קורצער לעבנסצייט איז ער דערשי־נען אייניקע מאָל אין איינאַקטערס און עטלעכע מאָל אין מער ערנסטערע פּיעסן, דערונטער „גרינע פעלדער" פון פּרץ הירשביין און „שווער צו זיין אַ ייד" פון שלום עליכם.

נאָכן אָפּפאָר פון חיים אָסטראָווסקי איז אַנטשטאַנען אַ געוויסע אָנטשפּאַנונג אין פאַריינ'ס טעטיקייט. זיינע אויפ־טריטן זענען געוואָרן זעלטענער, די אַרטיסטישע אַמביציע—שוואַכער, און אַזוי אויך זיין באַגייסטערונג. מען האָט זיך באַגנוגנט מיטן אָפּהיטן די מיט שווערע מי דערגרייכטע טראַדיציע און מיטן דערהאַלטן דעם קינסטלערישן ניוואָ.

## די דראַמאַטישע סטודיע
## און איר איינשליסן זיך אין פאַריין
## (1932 — 1930)

אין די יאָרן 1925—1827 האָב איך געווײלט אין ארץ־ישראל, כדי צו שטודירן און פאַרפולקאָמען זיך אין דער סטודיע פון מנחם גנעסין, און אָנטיילגענומען אין דעם דאָ־זיקן עקזיסטירנדיקן „תיאטרון אמנותי" אונטער דער אָנפירונג פון י. מ. דניאל.

קומענדיק צוריק קיין באַראַנאָוויטש האָב איך אין יאָר 1930 געגרינדעט די דראַמאַטישע סטודיע ביי דער קולטור־און בילדונגס־געזעלשאַפט, אין זאַל פון „מכבי" ביי אשע־ראָווסקין אין הויז אויף שעפּטיצקע גאַס.

די גרונט אידעע פון דער סטודיע איז געווען אויסצושולן יונגע כוחות און אַנטוויקלען זייערע דראַמאַטישע פעאיקייטן, אַלס פאַרזעצער און נאָכפאָלגער פון דראַמאַטישן פאַריין.

עס איז רייף געוואָרן דער געדאַנק, אַז אויסער פעאי־קייטן פאָדערט דאָס טעאַטער אַ סך לערנען און וויסן, אַרבעט און דערפאַרונג. די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט איז געווידמעט געוואָרן אויף בילדונג און אינטענסיווער אַרבעט.

גרויס אויפלעבונג האָט אַריינגעבראַכט דער באַזוך פון ח. צבי פון ארץ־ישראל'דיקן אַרבעטער־טעאַטער „אהל". כמעט די גאַנצע צייט פון זיין באַזוך אין באַראַנאָוויטש האָט ער געווידמעט דער סטודיע, און זי דורכגעדרונגען מיט דער אַט־מאָספער פון חלוצישער באַגייסטערונג.

באַלערנדיק איז אויך געווען דער באַזוך פון באַרימטן אַרטיסט ד"ר פּאַאול באַראַטאָוו און זיינע אויפטריטן.



דראַמאַטישע סטודיע צוזאַמען מיט דעם דראַמאַטישן פאַריין

אונטן פון רעכטס: א. לעוויט, פרל׳ ז. אַראַנטשיק,, ח. סטאָליאַר
עס זיצן פון רעכטס: קווינטמאַן, פרל׳ מ. קונצעוויצקי, פרל׳ גאַווזע, א. טורעצקי, ב. בערענשטיין, ש. עפשטיין, מ. מאַנסקי, י. בוסעל, י. מוקאַסיי, פרוי וואָלקין, ש. זעליקאָוויטש, א. ראַיאַק, מלכה מיסקין, א. ניקטשעמני, פרוי לאַנצעוויצקי, באַראָווסקי.
עס שטייען פון רעכטס: ש. קראַשינסקי, ח. נייפעלד, א. ביטענסקי, פרל׳ ח. פינגערוט (הינטער בערענשטיין), פרל׳ ר. אַלבלינג (הינטער בוסעל), יוסף טורעצקי (הינטער מוקאַסיי), פרל׳ צ.פרידמאַן (הינטער פרוי וואָלקין).
אויבן פון רעכטס: פרל׳ שניידלעדער, נ. צירולניק, זעלעוויאַנסקי(הינטער פרל׳ ליאָס), פרל׳ ב. ליאָס, א. פאַרפעל, ש. גרינוואַלד, פרל׳ ח. קאַראַליצקי, ח. קאַגאַן, יעקב וואָלקין, שרה קונצעוויצקי, מאַלאַכאָווסקי.

די סטודיע האָט גענאָסן פון דער מאָראַלישער אונטער־שטיצונג פון די אָרטיקע געזעלשאַפטלעכע און אינטעלעקטועלע כוחות ווי ד״ר אביגדור גרינשפאַן, וועלכער האָט געגעבן ליטעראַריש־וויסנשאַפטלעכע פאָרלעזונגען און אָפּהאַנדלונגען איבער דעם מאַטעריאַל, מיט וועלכן די סטודיע איז דעמאָלט געווען באַשעפטיקט, ווי אויך ה׳ לערמאַן, (לייטער פון דער „תרבות" שול), ד״ר שעניצקי, יצחק יאסינאָווסקי, אַדוואָקאַט קערצנער, יעקב אבראַמאָווסקי, ברוך בערנשטיין א. א.

אין דער ערשטער פאַזע פון איר אנטוויקלונג האָט די סטודיע אויפגעטרעטן אין ליטעראַריש־קינסטלערישע אָוונטן, וועלכע זענען אויפגענומען געוואָרן מיט באַגייסטערונג.

סוכות 1930 האָט די סטודיע דערשינען אין דער פּרע־מיערע „דעם צדיקס נסיעה" פון ה. סעקלער, און פסח 1931 איז אויפגעפירט געוואָרן „דער קאַרגער" פון מאָליער. אין ווינטער 1932 האָט זיך די סטודיע אָנגעשלאָסן אין דעם דראַמאַטישן פאַריין, און מיט געמיינזאַמע כוחות אויפגע־טרעטן אין „אוצר" פון שלום עליכם.

## דער דראַמאַטישער פאַריין אין 1932 — 1939

מיטן צופלוס פון יונגע קרעפטן האָט זיך דער דראַמאַטי־שער פאַריין פאַרשטאַרקט, און ענערגיש פאָרגעזעצט זיין קינסטלערישע טעטיקייט ביזן אויסברוך פון קריג.

אין דער דאָזיקער ברויזנדיקער תקופה האָט דער דראַמאַטישער פאַריין געדינט אַלס הילפס־קוועלע פאַר דער כסדר וואַקסנדיקער נויט פון דער יידישער באַפעלקערונג און אַלס צענטער פון גייסטיקער אָפּפרישונג.

דעם ערשטן סעפטעמבער 1939 איז אויסגעבראָכן די דייטש—פוילישע מלחמה און דעם 17־טן סעפטעמבער איז די רויטע ארמיי אריין אין באַראַנאָוויטש.

איין מאָל איז נאָך געלונגען דעם דראמאטישן פאריין אויפצופירן „דאָס גרויסע געווינס" פון שלום־עליכם, אין ווינטער 1940. דאָס איז געווען דער שוואַנען־געזאַנג פון דעם פאַריין — און מיט דעם איז פאַרענדיקט געוואָרן די רומפולע געשיכטע פון 40 יאָר יידישער ליטעראַריש־קינסטלערישער טעטיקייט אין באַראַנאָוויטש.

## געשטאַלטן פון דער „דראַמאַטישער משפחה"
## יוסף גאָלדשמיד

יוסף גאָלדשמיד איז געווען דער לאַנגיעריקער פרעזעס פון דראַמאַטישן פאַריין.

אַ קלוגער ייד, אַ תלמיד חכם, מיט טיפער קולטור און בילדונג. די הויכע שלאַנקע געשטאַלט זיינע האָט אַרויסגע־רופן רעספעקט און כבוד. די טיפע ברוינע אויגן האָבן אויס־געדריקט ליכט און מענטשלעכע וואַרעמקייט. ארום זיין




יידישער דראַמאַטישער פאַריין (1922)

אונטן פון רעכטס: סימע קאַפלאַן, מלכה מיסקין, נחמיה קראַשינסקי, פרוי לעווענטאַל, סאַניע ראַדקעוויטש, אהרן יאַסינאָווסקי, שלום קראַשינסקי.

עס זיצן פון רעכטס: שמואל עפשטיין, משה מוקאַסיי, יודל בוסעל, יוסף גאָלדשמיד, הינדע וואָלקין, חיים אַסטראָווסקי, שייע זעליקאָוויטש.

אויבן פון רעכטס: שרה בערענשטיין, אברהמ׳ל קראַשינסקי, בולאַנסקי, חיה פיינשטיין, יהושע וויינגער, חיה איזראַעל, יוסף ראַיעווסקי, דבורה פרידמאַן, הירש וואָלקין, פרל׳ ראַבעץ.

פערזאָן האָט זיך געשאַפן אַן אינטימע אַטמאָספער. זיין מאָראַלישער איינפלוס איז געווען גרויס.

ער פלעגט דורכשטודירן יעדע פיעסע, און אַלס קענער פון מענטשן־כאַראַקטער איז זיין מיינונג געווען מאַסגעבנד ביי דער פאַרטיילונג פון די ראָלן. ער האָט מיטגעמאַכט אַלע געבורט־ווייען פון א נייער פיעסע, און געלעבט אין פולער שפּאַנונג פון איר אויספירונג.

גרויס איז געווען די אומדערמידלעכע טרייב־קראַפט, וואָס דער דאָזיקער, שוין נישט אזא יונגער, שטענדיק געלאַסענער, פיזיש שוואַכער מענטש, האָט ארויסגעוויזן אויף די פּראָבן און אויף דער בינע. מיט זיין ברען און ענטוזיאַזם פלעגט ער וועקן, מונטערן און באַגייסטערן די יונגע חברים.

עס איז נישט געווען קיין גרענעץ צו זיין פריידן ווען עס האָט געלונגען אויסצופירן אַ פיעסע, אין וועלכער די חברים האָבן באַוויזן אַריינצוגעבן לעבן און ריכטיקן אויסדרוק. דאָס איז געווען זיין פערזענלעכער דערפאָלג.

ער אַליין איז געווען ווי געבוירן פאַר כאַראַקטער־טיפּן, וועלכע ער האָט געשאַפן און דורכגעלעבט. באַזונדערס האָט ער זיך אויסגעצייכנט אין די ראָלן פון: „יידישן קעניג ליר" (פון גאָרדין), הירש בער אין „דאָרפס יונג" (פון ל. קאָברין), שמע׳לע סאָראָקער אין „דאָס גרויסע געווינס" (פון שלום־עליכם), „רב אבא" (פון אנוכי) א. ד. גל..

ער האָט לגמרי פאַרבאָרגן זיין שוואַכן געזונט־צושטאַנד פון דער איבערגעגעבענער פרוי, וועלכע האָט אים אָפּגעהיט ווי איר אויג, און געשפּילט מיט לייב און לעבן, אין פולער זעלבסטפאַרגעסנהייט. און קיינער האָט נישט געוווּסט מיט וועלכע יסורים און אָנשטרענגונג עס איז אים אָנגעקומען אויסצופירן דערפאָלגרייך זיין ראָל.

די קונסט איז ביי אים געווען פון די עבודת הקודש זיין גאַנצע לעבן. שטענדיק גוטמוטיק און הארציק, דורכגעדרונגען מיט מענטשן־ליבע און אהבת ישראל. אַ שטילער, פרידלעכער מענטש, אַ גרויסער בעל־טובה מיט אַ זעלטענער נשמה־ריינקייט און נאַטירלעכער העפלעכקייט.

## יודל בוסעל

יודל בוסעל איז געווען פון די עלטסטע חברים פון פאַריין און איינער פון די ערשטע וואָס האָבן געלייגט די גרונט־שטיינער פון דעם אַמאָליקן אַמאַטאָרן־קרייז.

שלאַנק און ברייטבייניק, שטענדיק געשפּרודלט מיט לעבן, קאָנסערוואַטיוו מיט אַ רעליגיעזן געפיל, האָט ער מיט אַ פולער האַנט געשעפּט פון די אוצרות פון לעבעדיקן יידישן פאָלקלאָר, — און דערפון נעמט זיך זיין געזונטער, גייסט־רייכער און שאַרפזיניקער הומאָר.

ער איז געווען דער הומאָר אַליין, און פאַר אונז — אַ נאַטירלעכער אויספירער פון שלום־עליכם׳ס „מנחם מנדל" א. אַ. ער איז אויך געווען אַ כאַראַקטער־קאָמיקער. שוין זיין דערשיינען אויף דער בינע האָט אַרויסגערופן הייטערקייט און אויפלעבונג.

זייער גוט און פּאַסיק איז ער געווען ביים אויספירן פאָלקס־טיפּן, באַזונדערס פון מגושמדיקע בעלי גופים ווי, צום ביישפּיל, נחום׳טשע אין „דאָרפס־יונג", דער בעל עגלה אין „ווילנער בעל הבית׳ל" א. א.

איך דערמאָן זיך אין אַ פאַל, וואָס האָט פּאַסירט אין דער צייט פון דער דייטשער אקופּאַציע. מען האָט דעמאָלט ריכטיק צוגעהונגערט. אַ שטיקל ברויט פון קלייען און אַ האָבערנע לאַטקע זענען געווען זאַכן פון לוקסוס. איינמאָל גיי איך אַזוי אין גאַס און זע אַ גרופּע יידן שטייען אין צענטער שטאָט און קייכן פון געלעכטער. אין מיטן איז געשטאַנען יודל בוסעל און געטופּעט מיט די פיס און געהירזשעט מעשה פערד.

— וואָס איז געשען, יודל? — פרעג איך איבערראַשט און דערשראָקן.

— פּשוט, — ענטפערט ער נאַאיוו און תמעוואַטע, — אַז מען עסט האָבער און מען גייט געשמידט מיט פּאָדקאָוועס, ווערט מען פאַרפערדעוועט...

אַזעלכע „אויפטריטן" זענען געווען כמעט טאָג־טעגלעך. אַ רעדל יידן שטייען אין גאַס און האַלטן זיך ביי די בייכער פון געלעכטער, — אַ זיכערער סימן, אַז יודל בוסעל איז דאָ...

## פרוי הינדע וואַלקינאַ

פרוי וואָלקינאַ איז געווען דער „שטערן" פון דער דראַמאַטישער טרופּע און איר שטאָלץ.

אַ נאַטירלעכער און פילפאַרביקער דראַמאַטישער טאַלאַנט. הערלעך און באַחנט זענען געווען אירע אויפטריטן אויף דער בינע, און ליריש און האַרציק האָט געקלונגען איר שטימע. באַצויבערנדיק זענען געווען אירע דראַמאַטישע געשטאַלטן, פול מיט לעבן און טעמפּעראַמענט. אירע פאָלקס־טיפּן און מוטער־ראָלן זענען געווען רירנד־האַרציק.

שיין, רוהיק און סאָליד איז זי געווען אין איר טאָג־טעגלעכן לעבן, אָבער שטורמיש און ברויזנד — אין אירע ראָלן אויף דער בינע. זי האָט באַגייסטערט און מיטגעריסן אירע מיטשפּילער און פאַרכישופט דאָס פּובליקום.

איר מוזיקאַלישער געהער איז געווען שאַרף אַנטוויקלט. גענוג געווען זי זאָל איין מאָל הערן אַ ניגון, און שוין זינגט זי אים איבער מיט דער גרעסטער פּינקטלעכקייט.

זי איז געווען די מאַמע פון דער יידישער „דראַמאַטישער משפחה" אין באַראַנאָוויטש.

אַ מענטש מיט אַ זעלטן גוטן כאַראַקטער. אַריסטאָקראַטיש אין איר האַלטונג, און אַזוי פּשוט און פאָלקסטימלעך אין געזעלשאַפטלעכן קאָנטאַקט מיט אירע בינע־חברים. איר שיין געשטאַלט, העפלעכקייט און חברישקייט האָבן געוועקט רעספּעקט.

איר פּערזאָן און איבערגעגעבנהייט האָבן אַ סך בייגעטראָגן צו דער קינסטלעריש־קולטורעלער געשטאַלטונג פון דראַמאַטישן פאַריין. זי האָט געווידמעט איר גאַנצע צייט צו לערנען נייע כוחות און דערוועקן דאָס געפיל פון אינטערעס און ליבע צו דער בינע.

יאָרנלאַנג האָט די באַראַנאָוויטשער טעאַטער־געזעלשאַפט געדענקט אירע אויפטריטן אין די דראַמאַטישע ראָלן פון „חסיה די יתומה", אסתר׳קע אין דער „שחיטה", עטי אין „קרייצער סאָנאַטע", נאַטאַשע אין „דאָרפס־יונג", ווי אויך אירע אויספירונגען אין די פאָלקסטימלעכע געשטאַלטן פון שרה שפּירא אין „בלוטיקן שפּאַס", עטימעני אין „דאָס גרויסע געווינס" פון שלום עליכם, און אַזוי ווייטער. א. א. וו...

## „הויז־וואָלקין" — היים פון דער „דראַמאַטישער משפחה"

מיטן צויבער פון איר פּערזאָן און מיט איר גייסטיקער קראַפט האָט פרוי וואָלקינאַ געשאַפן אין איר שטוב אַ היים פאַר דער „דראַמאַטישער משפחה" אין אונזער שטאָט, — אַ היים, וועלכע האָט מיט איר ספּעציפיש־קינסטלערישער אַטמאָספער צעמענטירט דעם פאַריין און צוזאַמענגעהאַלטן זיינע מיטגלידער אין די שווערסטע צייטן.

די רחבות און שפע פון „הויז־וואָלקין" האָבן אַזוי ווי האַרמאָנירט מיט דער גוטמוטיקייט און ברייטהאַרציקייט פון זיינע באַוווינער.

דער דראַמאַטישער פאַריין, וואָס איז געווען — שוין אָפּגעזען פון זיין גייסטיקער שליחות — דער שטענדיקער שפּייזער פון אַלע אינסטיטוציעס און אַנשטאַלטן, דער „רייכער פעטער", וועלכער האָט זיין גאַנצע הכנסה געווידמעט די באַדערפענישן פון דער שטאָט, — האָט נישט פאַרמאָגט אַפילו קיין אייגענעם לאָקאַל. אויסער דעם וואָלט אַפילו פאַר געלט קיינער נישט מסכים געווען צו פאַרוואַנדלען זיין שטוב אין אַ מין רוישיקן וואָקזאַל, ווו צענדליקער מענטשן אַרבעטן אין טומל, בייטאָג און ביינאַכט.

„הויז־וואָלקין" איז שטענדיק געשטאַנען צו אונזער דינסט, פון פאַרטאָג ביז נאָך האַלבע נאַכט. יעדער באַזוכער איז דאָ באַלד געוואָרן אויס גאַסט נאָר אַ בן בית, און מיר אַלע צוזאַמען האָבן זיך צונויפגעלעבט מיט דעם דאָזיקן הויז, וואָס איז געווען נישט נאָר אַן אָרט אויף פּראָבן און צוזאַמענקונפטן, נאָר ממש אַ היים. עס איז אויך געווען אַ קולטורעלער שמעלץ־טאָפּ פון קינסטלערישע אידעען, געדאַנקען,

געפילן און איבערלעבענישן. האָט ווער פון אונז געלייענט אַ בוך, אויפגעכאַפּט אַ ניגון, געפונען מאַטעריאַל פאַר רעציטאַציע אָדער דעקלאַמאַציע, — איז גלייך געלאָפן „אהיים" און געטיילט זיך מיט זיינע איינדרוקן מיט דער גאַנצער „משפחה".

דאָס „הויז" אויף שעפּטיצקע 43 איז אויך געווען אָפן פאַר קינסטלער פון דער גאָרער וועלט, וועלכע זענען אונז געווען גייסטיק נאָענט.

„הויז־וואַלקין" האָט אין פאַרלויף פון צענדליקער יאָרן אַ סך בייגעטראָגן צו דער דערהאַלטונג פון דער „דראַמאַטישער משפחה".

## שלוש־סעודות׳ן, פורים־און חנוכה־אוונטן פון דער „דראַמאַטישער משפחה"

די שלוש־סעודות׳ן אין „הויז־וואַלקין" זענען געווען פון אַ ספּעציעלן ליטעראַריש־קינסטלערישן אינהאַלט. דער וויכטיקסטער פאַקטאָר איז דאָ געווען דער אימפּראָוויזאַציע מאָמענט. יעדער חבר האָט דאָ געקאָנט פריי אין היימיש אויסדריקן זיינע געפילן לויט זיין טעם און גייסטיקן דראַנג. די לידער און ניגונים האָבן געשאַפן אַ האַרציקע נשמה־יתירה׳דיקע שטימונג. מען האָט פאַרגעסן די היץ און מידקייט פון זומערדיקע פאַרנאַכטן, און מען האָט געזונגען און געשמועסט ביז אין דער טיפער נאַכט אַריין.

די פורים־אָוונטן האָבן אין זיך פאַראייניקט דעם הומאָר פון אַ גאַנץ יאָר מיטן טראַדיציאָנעלן פאָלקלאָר פון דורות. זיי זענען געווען אַ מין קרומער שפּיגל פון אַלץ און אַלעמען, און זיך אויסגעצייכנט מיט זייער שאַרפזיניקייט.

דער קולמינאַציע־פּונקט אין לעבן פון דער „דראַמאַטישער משפחה" זענען געווען די חנוכה־אָוונטן. לאַנג האָבן די חברים געוואָרט אויף דעם דאָזיקן אָוונט, און לאַנג נאָכדעם האָט מען וועגן אים געשמועסט. אונזער „היים" פלעגט באַקומען אַ שבת־יום־טובדיקן אויסזען, דעקאָרירט און אויסגעפּוצט. אַלע „משפחה"־מיטגלידער פלעגן קומען אָנגעטאָן אין די שענסטע מלבושים. עס האָט געהערשט אַ געהויבענע שטימונג. יודל בוסעל פלעגט אָנצינדן די חנוכה־ליכט און סאָניע ראַטקעוויטש פלעגט זינגען „אָ איר קליינע ליכטעלעך!" נאָך דעם פייערלעכן אַריינפיר האָט מען זיך באַזעצט ווי צו אַ „סדר" ביי געגרייטע טישן. עס איז געווען אַ מין יערלעכע קינסטלערישע איבערזיכט. די חברים פלעגן אין אַ קייט־פאָרם רעציטירן טיילן פון פּיעסן, דעקלאַמירן מאָנאָלאָגן, סקעטשן, פּאַראַדיעס, און זינגען פאָלקסלידער. אַלץ לויטן פרייען אויסוואַל פון יעדן איינעם.

## נאָכוואָרט

די דראַמאַטישע טעטיקייט האָט זיך אָנגעהויבן ביי אונז פּאַראַלעל מיטן בוי און אַנטוויקלונג פון באַראַנאָוויטש.

מאַטעריעלע שוועריקייטן האָבן נישט דערמעגלעכט דאָס אַראָפּברענגען פון באַגאַבטע אינסטרוקטאָרן און גייסטרייכע רעזשיסאָרן פון דער בינע־וועלט, אָדער דאָס שיקן חברים צו שטודירן די בינע־קונסט אין גרעסערע יידישע טעאַטער־צענטערס. דעם מאַנגל האָבן דערגענצט די באַגייסטערונג און אידעאַליזם פון די חברים. מיט אָפּשפּאָרונגען פון פאַרשידענע פרייוויליקע פאָנדן איז ביים דראַמאַטישן פאַריין געשאַפן געוואָרן אַ רייכע אָפּגעקליבענע ביבליאָטעק פון עטלעכע הונדערט ביכער אין יידיש, העברעאיש, רוסיש און פויליש, אויף פאַרשידענע צווייגן פון דער דראַמאַטישער קונסט.

אין פאַרלויף פון זיין טעטיקייט האָט דער דראַמאַטישער פאַריין אַריינגעבראַכט לעבן און פרייד אין דער יידישער געזעלשאַפט און פאַרברייטערט איר גייסטיקן האָריזאָנט.

אין זיין רעפּערטואַר האָט דער פאַריין געשעפּט פון די אוצרות פון דער פאָלקס־קולטור. דער אידעען־קאַמף אויף דער יידישער גאַס האָט באַקומען זיין געהעריקע אָפּשפּיגלונג אין די אויפטריטן פון דעם פאַריין.

## דערגענצונג פון דער רעדאַקציע

דאָס בילד וועט נישט זיין גאַנץ, אויב מיר וועלן זיך נישט אָפּשטעלן ביי דער געלעגנהייט אויף דער געשטאַלט פון ה׳ שמואל עפּשטיין (איצט אין ישראל) און אויף זיין לאַנגיעריקער טעטיקייט אַלס מיטשפּילער און רעזשיסאָר פון דראַמאַטישן פאַריין.

ער איז געווען די צענטראַלע פיגור פון פאַריין און איינער פון זיינע גייסטיקע זיילן.

אַלס מענטש פון קולטורעלער און קינסטלערישער אמביציע האָט ער כסדר געהאַלטן אין איין לערנען און פאַרפולקאָמען זיך, און דאַסגלייכן אויך געפאָדערט פון זיינע מיטאַרבעטער און שילער. ער האָט געקעמפט קעגן דילעטאַנטיזם, און אים אַנטקעגנגעשטעלט דעם אידעאַלן ליבהאָבער־טיפּ מיט זיין אייביקן גייסטיקן דורשט צו בילדונג און שלמות.

מיט זיין נאַטירלעכן הומאָר, ברייטהאַרציקייט און טיף־מענטשלעכער פאַרשטענדעניש האָט ער באַגייסטערט די חברים אין זייער אַרבעט, און אין אַ גוט־ברודערישן אופן אַרויסבאַקומען פון זיינע תלמידים דאָס בעסטע וואָס זיי האָבן נאָר געקענט געבן.

אַלס שוישפּילער האָט ער אין זיין לאַנגיעריקער אַרטיסטישער טעטיקייט אויפגעטרעטן אין אַ רייכער גאַלעריע פון דראַמאַטיש־קאָמפּליצירטע געשטאַלטן און הויפּטראָלן, אָנהויבנדיק פון דעם עכטן פאָלקס־טיפּ, איבערגייענדיק צום יידישן תלמיד חכם און ענדיקנדיק מיטן רעוואָלוציאָנער־אַסימילירטן אינטעליגענט. פיין און גייסטרייך האָט ער אויך אויסגעפירט אַלגעמיין־מענטשלעכע טיפּן און ראָמאַנטישע געשטאַלטן.

זאב לבנה (לרמן)

# מוסדות החינוך בברנוביץ

זה היה בתחילת שנות העשרים של המאה. ברנוביץ נתפרסמה אז כעיר צעירה, עיר־גבול המושיטה עזרה ביד נדיבה לזרם היהודים החוזרים ממרחקי רוסיה אחרי מלחמת העולם הראשונה.

סיפרו בשבחה שאינה חוסכת אמצעים לפיתוח מוסדות חינוך ועומדת להקים גם גמנסיה עברית דוגמת הערים: ביאליסטוק, בריסק, פינסק, גרודנו ועוד.

בפולין פעלו אז החברות „תרבות" ו„ציש"א" (צענטראַל יידישע שול־אָרגאַניזאַציע) שפיתחו רשת ענפה של מוסדות חינוך. על אף רצון ההטמעה ראו הפולנים במוסדות החינוך בעברית וביידיש תריס בפני השפעת התרבות הרוסית בערי הספר שהיהודים שם נראו בעיניהם כמפיציה ותומכיה.

בעית החינוך של הדור הצעיר תפסה מקום נכבד בעיר. קשת רבגונית של בתי ספר מכל הזרמים והדרגות קמה והתפתחה בברנוביץ.

ברנוביץ התפרסמה ב„ישיבות" הבנויות לתפארת שריכזו סביבן מאות בחורים לומדי תורה, ולעומתן מוסדות חינוך תיכוניים הן של השלטונות בשפת המדינה והן של „תרבות" בעברית. הגמנסיה לבנות של שוליצקי רובה היתה מאוכלסת תלמידות יהודיות ומיעוטה משאינן בני ברית. והוא הדין בביה"ס הפולני למסחר. אחוז מסויים של יהודים למד בגמנסיה הממשלתית לבנים, חלק מהם למד את מקצועות היהדות באופן פרטי מפי מורים.

## ג נ י ם

גני ילדים רבים היו בעיר, ורובם — עברים.

גם ליד מוסדות „תרבות" וכן ליד ביה"ס ע"ש מסלבסקי התקיימו גני ילדים עברים, ואפילו ביה"ס „בית יעקב" של אגודת ישראל קיים גן ילדות עברי.

שנים אחדות התקיים גן ילדים ביידיש בהנהלת מלכה ליסר־שקלרסקי ובילה ויניקוב (שתיהן בישראל). מרת פ. סטרנין ניהלה שנים מעטות גן ילדים בפולנית.

## בתי ספר יסודיים

מלבד ביה"ס „תרבות" היו בעיר בתי ספר יסודיים שונים ו„חדרים" מסורתיים.

חינוך דתי קיבלו הילדים בביה"ס העברי החרדי הציוני „חינוך" ע"ש ל. מסלבסקי, שהיה מייסדו ומורהו הראשון. במרוצת הזמן עבר ביה"ס לידי בניו האחים דב ואפרים ואחותם. כולם פדגוגים מסורים. מחוץ ללימודי הדת הוקצה בביה"ס הזה מקום נכבד ללימודי החול; ביה"ס הזה היה מקובל מאד בחוגי ההורים שנטו ל„מזרחי". גם הורים לא־דתיים רבים שלחו לשם את הבנים.

„אגודת ישראל" לא הסתפקה ב„חדרים" הפרטיים והקימה את המוסדות: „יסודי התורה" — לבנים ו„בית יעקב" — לבנות. בביה"ס לבנים למדו בעיקר לימודי קודש, ולאחר שמונה שנות לימוד קיבלו תעודה של שש כיתות בבי"ס יסודי



המורים ותלמידי ביה"ס „בית יעקב"



המורים ותלמידי ביה"ס „יבנה" שהצטיינו בלימודיהם (1921)
למטה מימין: מ. ניידוס, מ. מוקאסיי, סינגלובסקי, ל. טורצקי, ש. צירינסקי.
יושבים באמצע מימין: אלתר גיטלין, ס. קפלן, בנימין קפלן, לא ידוע, משה יודלביץ.
למעלה מימין: יוסלביץ, וואנכאדלא, צירינסקי, פודלישבסקי, יוסלביץ, לא ידוע, לא ידוע, רוזנהויז, א. יודלביץ.

כללי. ב„בית יעקב" למדו הבנות שבע שנים כבכל בתה"ס היסודיים. המורים גיטלין, סימה ובנימין קפלן ומשה יודלביץ קיימו בי"ס חרדי „יבנה".

ה„חדרים" של המורים דרבסקי, מוֹבשוֹביץ ושמייבסקי התמזגו לבי"ס אחד בשם „תחכמוני" ובו 2 כיתות־יסוד מעורבות ושלש כיתות לבנים.

כיסוד לבית הספר „תרבות" שהוקם בתרפ"ג (1923) יש לראות את ה„פרוגימנסיה" שייסד אהרן ברגמן (בנו צבי ברגמן ממנהיגי „ביתר" בברנוביץ התפרסם בת"א כאמן במלאכת הדפוס וכחלוץ בתעשית אותיות הדפוס של עץ. מת בגיל צעיר בת"א). בבי"ס זה לימדו המורים קושנירובסקי וזכין (בניו חברי קיבוץ ובתו מורה בארץ).

הממשלה פתחה בי"ס עממי לילדי ישראל — „שבתובקה" — בשבת היה מוסד זה סגור ומכאן שמו. כל המקצועות נלמדו בפולנית, ובתכנית הוקצה מקום מעט ללימודי היהדות. התלמידים היו פטורים משכר לימוד וגם קיבלו ספרים ומכשירי־כתיבה בתשלום מועט, ובכל זאת לא דחה מוסד־טמיעה זה את בתי הספר הלאומיים. ההורים ברובם התאמצו ונשאו בעול שכר הלימוד ושאר הוצאות החינוך ובלבד שילדיהם (בעיקר הבנים) יקבלו חינוך לאומי.

חוגים אחרים קיימו מוסדות חינוך באידיש: בי"ס של ציש"א ובי"ס של שול־קולט. לפני זה היה ביה"ס של ציש"א — בית החינוך החילוני היחידי באידיש בברנוביץ. לפי דברי מר ציטמן (מנהלו של ביה"ס בשנים 1923—1929, היגר מברנוביץ לבראזיל ועלה משם לארץ) נוסד ביה"ס ע"י „צעירי ציון". בשנת 1922 עמדו בראשו יעקב כהן (אז סטודנט לרפואה) מטעם ארץ־ישראל העובדת ונחום ביטנסקי מטעם ה„בונד". ביה"ס נקרא ע"ש מנדלי מוכר ספרים.

בהשפעת מורי המוסד הוקם ועד ציבורי למען בית הספר, שהורכב מנציגי המפלגות ואישים בעיר שדגלו ברעיון של הוראה בשפה המדוברת. הקורטוריון למען ביה"ס היה פעיל מאד ורבים מחבריו גילו התמסרות רבה. חבריו היו: (לפי א"ב) הבקטריולוגית ד"ר בוגין חיה, ביטנסקי נחום, גובר פייבל, גורפינקל אהרן, ולטמן חיים, האחיות גאליה ומיליה זילברברג, טונקל, יודלביץ, אליהו ינקלבסקי (ינאי), רופא השנים יסינובסקי משה, לידובסקי אליהו, לימון משה, מוקסיי משה, העורך מנסקי, ד"ר ל. נחומובסקי, שבירנסקי, מיכל שבץ ועוד.

היו ויכוחים בין נציגי המפלגות בענין הלימודים העבריים: מה מקום צריכה תכנית הלימודים להקדיש להם, עד שבא ד"ר חיים זשיטלובסקי והכריע את הכף לצד הדורשים מקום נכבד לעברית ואפילו עד כדי הוראת העברית בכיתה א'.

חבר המורים בבתי הספר האידישאים הורכב רובו אנשים שההוראה לא היתה בשבילם קרדם לחפר בו, כי אם תעודת־חיים. רבים מהם הקדישו כל חייהם להוראה ולא היה להם תוכן אחר זולתה, כמו המורות אצילות־הנפש רוזה זבלודובסקי



תלמידי ביה"ס העממי „ציש"א" עם חבר המורים

**יושבים מימין: לאפצ'ינסקי, לאה רחל אסטרינסקי, רוזה זבלודובסקי, צייטמן חיים (המנהל).**

**עומדים מימין: דזנצלסקי, טייבל יתום, איטה שלימוביץ.**

**למעלה: יתום (הראשון מימין), אברמוביץ (הראשון משמאל).**



זשיטלובסקי בברנוביץ בשנת 1925

**יושבים מימין: ל. ר. אסטרינסקי, א. שלימוביץ, מג"ר בוגין, ח. וולטמאן, מ. לימון, זשיטלובסקי, מ. מוקאַסיי, ד"ר נחומובסקי, גורפינקל.**

**עומדים מימין: ר. זבלודובסקי, שווירנסקי, טונקל, צייטמן, נ. ביטנסקי, קמרמאַן, פ. גובר, ח. אסטרובסקי, קאלטין, נחומובסקי, דזנצלסקי.**

בועידה הארצית הששית, וארשה תחילת 1934, היה סניף הצה״ר של ברנוביץ מיוצג ע״י 8 חברים. הנציגים שלנו השתתפו באופן פעיל בכל הועדות. ש. קרושינסקי נבחר לנשיאות הועידה.

ב־11 במארס 1934 הוכרז בברנוביץ על מפעל ה„פטי־ציה", — עצומה לחבר הלאומים ובה הדרישה להתרת עליה

בשבת ב־10 נובמבר 1934 נקראה ב„בית־העם" אסיפת היסוד לאירגון מועדון צעירי הצה״ר „מנורה" ליד הצה״ר. מג״ר קורינעץ נשא הרצאה אידיאולוגית על מטרות „מנורה" ותפקידיה, וציין תכנית פעולה רחבה, ביחוד בשדה התרבות. נבחרה ועדה זמנית בהרכב: ש. טונקל, ל. זשוכאָוויצקי, דזנצלסקה ועוד.



ועד ברית הצה״ר בברנוביץ (1934)
יושבים מימין: ד. סדובסקי, מגר' אברמובסקי, ש. קרושינסקי, סינגלובסקי.
עומדים מימין: י. רוזנהויז, מ. מוקסיי, מס־לבסקי, פוקסמן, גולדין, ברגמן.



ועדי כל ההסתדרויות הצה״ריות בברנוביץ בשנת 1934
יושבים מימין: קרפובסקי, משה סולו־מיאָנסקי, א. מסלבסקי, ישראל גולדין, דוד סדובסקי, צ. ברגמן, שרגא קרושינ־סקי, עו״ד זלטה שווירנסקי, וורניקובסקי, יעקב רבינוביץ.
שורה ב' מימין: מנדל, חזנוביץ, שמחה טונקל, אסתר יוסלביץ, מאטיק גורביץ, הדסה ברגמן, שמואל ישרעאל, ברסלב, עו״ד צבי וורניקובסקי.
למעלה מימין: לא ידוע, יוסף פוקסמן, יצחק רוזנהויז, עו״ד קורינץ, עו״ד לויכ־טר, עו״ד שלמה אפשטיין.

חפשית. במשך השבוע נקראו אסיפות־עם. בגמר המפעל נערכה הפגנת עם גדולה בהשתתפות רבים.

בפיקודו של הקצין מ. סולומיאנסקי זזה התהלוכה מ„בית־העם" אל שלטונות המחוז. סגן מושל המחוז קיבל משלחת, שמסרה לו תזכיר על עצומת היהודים. התהלוכה חזרה לבית המדרש הגדול ושם נערכה אסיפת־עם גדולה.

ב־11 בנובמבר 1934 היתה בוארשה ועידה של המפקדות הגליליות של בית״ר בפולין. מטעם מפקדת גליל ברנוביץ השתתפו ברוך זאקין, יוסף קאַפלינסקי ויוסף ווינוגרד.

ב־23—25 נובמבר 1934 נערכה בברנוביץ הועידה השניה של הצה״ר במחוז ברנוביץ בהשתתפות 75 צירים מ־30 נקודות ובא כוח המרכז.

בקשר עם המשבר בתנועה והמשאל על הקמת הסתדרות ציונית חדשה, נערכה בברנוביץ ביום 23 במאי 1935 ועידה יוצאת מן הכלל של נציגי התנועה בפלך נובוגרודק, בהשתת־פות נציגי המרכז ד״ר שכטמן וד. וודווינסקי.

כמה חדשים אחר כך, ביולי 1935, בשנת הבחירות לקונגרס ה־19, ביקר שוב זאב ז'בוטינסקי את עירנו.

בועידה הארצית השביעית של הצה"ר, סוף דצמבר 1935 בוארשה, השתתפה נציגות גדולה של הסניף בברנוביץ.

ב־25 באפריל 1936 נקראה ב„בית־העם" אסיפת־מחאה גדולה עם פרוץ מאורעות תרצ"ו בארץ־ישראל. נאמו ד"ר א. גולדין, א. מסלבסקי וב. זאקין.

חוג הצעירים הרביזיוניסטים „מנורה" התפתח והצליח להפעיל רבים. החוג עמד במרכז פעולת הצה"ר במקום.

ב־9 במאי 1936 היתה אסיפה כללית של „ברית החייל", בה התנהל ויכוח על דרכי הפעולה בעתיד והובעה הדרישה להכללת ברית החייל באימונים הצבאים (להגנה עצמית) ולארגן את נוער הצה"ר במסגרת ברית החייל. במפקדה החדשה נבחרו: י. זבלוצקי — מפקד, רזניק צבי — סגן, באסעוויץ יוסף — מזכיר, כארלופסקי — מדריך הפעולה התרבותית, חיים פוקסמן — הכשרה צבאית, בוסל מרדכי — גזבר.

### ברית הציונים המדיניים בברנוביץ

(יידנשטאַטס־פאַרטיי)

לאחר הפילוג בתנועת הצה"ר ב־1933 היתה אצלנו אסיפה של נאמני מפלגת המדינה היהודית, — „ברית הציונים המדיניים" (יידנשטאַטס־פאַרטיי) שנוסדה אז. נבחר ועד בהרכב: ד"ר ברמן — יו"ר, מהנדס ווייניקוב — סגן, מ. ביטנסקי — מזכיר, י. קיבילביץ — גזבר, קלמנוביץ, וילנסקי, רוזין, ברישנסקי — חברי הועד.

קבוצת חברים בראשותו של המדריך דוקאנוביץ פרשה מקן בית"ר בברנוביץ והצטרפה לצמ"ד. ביזמת ועד הצמ"ד (ברית הציונים המדיניים) נוסד אצלנו סניף של אירגון הנוער של המפלגה, — „ברק" (ברית הקנאים). נבחרה מפקדה: קלמנוביץ, וילנסקי, מ. ביטנסקי, ברוך נייפלד, דוקאנוביץ וליפשיץ. מיבנה ה„ברק" היה כדוגמת הבית"ר. הקן היה מחולק לדרגות ולקבוצות. נתקיימו שיחות ואסיפות והתנהלה פעולת ספורט והתעמלות. מזמן לזמן היו גם הרצאות. (מועדון הצמ"ד וה„ברק" היה ברחוב פילסודסקי). ליד המפלגה נוצר „החלוץ המדיני", שמנה כמה עשרות חברים. בועד „החלוץ המדיני" היו: קווינטמן, פ. קיבילביץ, גרינהויז, זלדוביץ, מדרש, וילנסקי וביטנסקי.

גם מגדוד ההכשרה „קדימה" פרש מספר חברים. ליד ברנוביץ נוסד קיבוץ של „ברק" ע"ש מאיר גרוסמן. מנהלי הקיבוץ היו הח"ח קורט ואבעלעבסקי. במשך הזמן קמו בסביבת ברנוביץ עוד כמה קיבוצי הכשרה של ה„מדיניים", ובהם חברים מכל הארץ.

המפלגה השתתפה בבחירות לקונגרסים הציוניים ה־19 (1935) וה־20 (1937) ורכשה כמה מאות קולות בעירנו.

אחר הקונגרס ה־20 נחלש מיתח הפעילות של כל המפלגות הציוניות אצלנו. הדכאון השתלט על הרוחות. החלה העליה הבילתי־ליגלית (עליה ב'), וועד הצמ"ד הצליח להבריח חברים ואוהדים בדרך זו. 6 חברי הצמ"ד יצאו ברגל לא"י, ואחרי הרפתקאות שונות וטלטולים הגיעו לארץ.

במצב זה נערכו הבחירות לקונגרס הציוני ה־21.

האסיפה היחידה היתה של הצמ"ד בהשתתפות מאיר גרוסמן. ישב ראש ד"ר אהרן גולדין, איש נציבות בית"ר לשעבר שהצטרף לצמ"ד. היתה זו האסיפה הציונית האחרונה בברנוביץ.

כמה שבועות אחרי כן, ב־1 בספטמבר 1939, פרצה המלחמה.

הירש דאבקאבסקי

## דער „בונד"

(פאַרוואַרט)

אַנהויב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז אין באַראַנאָוויטש נישט געווען קיין אָרגאַניזירטע אַרבעטערשאַפט. דאַקעגן האָבן דער שנעלער וווקס און אַנטוויקלונג פון דער שטאָט געצויגן צו זיך פיל בעלי־מלאכות און אַ סך אַרבעטער און לערן־יינגלעך. די אַרבעטסבאַדינגונגען זיינען דאַן געווען זייער שווערע — און דער לוין אַ נישטיקער. זומער האָט מען געאַרבעט פון פאַרטאָג ביז נאַכט און ווינטער ביז שפּעט אין דער נאַכט, וועגן סאָציאַלע באַדינגונגען אָדער פּאַרזיכערונג האָט מען אפילו נישט געחלומט. די אַלגעמיינע רעוואָלוציאָנערע כוואַליע, וועלכע האָט אַרומגענומען דאָס גאַנצע לאַנד, האָט אויך נישט אויסגעמיטן באַראַנאָוויטש.

### גרינדונג פון „בונד"

אין די יאָרן 4—1903 איז אַנטשטאַנען אַן אָפּטיילונג פון „בונד" אין באַראַנאָוויטש. די גרינדער זיינען געווען די ח"ח משה דער „אייזערנער" (פון דער אייזן־בראַנזשע, געאַרבעט ביי שרה ליבען, ישראל זלמן גאַלפּערינס פרוי, אין געשעפט), אַלטער דער טאָקער, בערל מאָטע דעם סופר'ס, מלכה לעווינסאָן (אָקושערין), טראָפ דער לערער, אברהם'ל ארקאָוויטש, רחל ווייסשטיין (שפּעטער ארקאָוויטש), אברהם'ל און לייזער זאַטוראַנסקי, שלמקע און רבקה טורעצקי, איטשע יודקאָווסקי, אהרונטשע דעם שניידערס זון, די שוועסטער נייטאַרינס א. א. די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אין גראַפּ'ס וואַלד.

די איניציאַטאָרן פון דער אָרגאַניזאַציע זיינען געווען עטלעכע יידישע זעלנער פון די אַרטיקע אייזנבאַן־באַטאַליאָנען. באַזונדערס אַקטיוו איז געווען איינער פון אָדעס.

אויף דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג איז אָנגעצייכנט געוואָרן

וואָרן די ריכט־ליניע פון דער אַרבעט אין דער צוקונפט. צוליב איר קאָנספּיראַטיוון כאַראַקטער איז די אָרגאַניזאַציע צעטיילט געוואָרן אויף פאַכן און אויף קלענערע גרופּן פון צענטלעך און פינפטלעך. די ערשטע צייט האָט מען זיך קאָנצענטרירט אין שטילער אָבער אינטענסיווער אָרגאַניזאַציע־ און פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט. אַביסל שפּעטער זיינען געוואָרן גרעסערע פאַרזאַמלונגען ווו עס פלעגן אַרויסטרעטן שליחים — רעדנער פון גרעסערע צענטערס ווי מינסק, ווילנע, ביאַליסטאָק א. א. גרויס מי האָט געלייסטעט די אָרגאַניזאַציע ביים פאַרשפּרייטן אויפקלערונגס־ליטעראַטור.

ווינטער 1904 איז אַקטועל געוואָרן די פראַגע פון אַ געהיימען לאָקאַל אין שטאָט. עס איז נישט געווען קיין לייכטע זאַך. אייגנטימער פון דירות האָבן מורא געהאַט צו ריזיקירן. אונטערן איינפלוס פון זיין ברודער יוסף משה, אַן אַקטיווער בונדיסט, האָט מיין פאָטער זעליג דאָבקאָווסקי (דער סטאָלער) מסכים געווען, אַז דער לאָקאַל זאָל זיין אין אונזער דירה. קיין אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען האָבן ביי יענע באַדינגונגען נישט געקענט פאָרקומען. עס פלעגן נאָר אָפּגעהאַלטן ווערן גרופּן־צוזאַמענטרעפן. עס האָבן אָנגעהויבן דערשיינען אָרטיקע אויפרופן, געדרוקט אויף אַ פּרימיטיוון שאַפּיראָגראַף. עס זיינען געמאַכט געוואָרן פאָרבערייטונגען צום ערשטן עפנטלעכן אַרויסטריט.

די געהיימע עקזיסטענץ פון „בונד" האָט אַרויסגערופן פאַרוווּנדערונג און באַאומרוהיקונג ביי דער יידישער באַפעלקערונג. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן קלאַנגען, אַז עס אָרגאַניזירן זיך „ברידער און שוועסטער", אַפּיקורסים און „בונטאָווששיקעס".

דער ערשטער עפנטלעכער אויסדרוק פון די בונטאַרע שטימונגען איז געווען ביים שטערן די תפילה „הנותן תשועה", דורך אויפהויבן אַ טומל אין „נייעם" בית־מדרש. מען האָט זיך געסודעט, אַז דאָס זיינען „זיי"...

נאָכדעם זיינען אויסגעבראָכן אַ ריי קאַמפן אין די מצה־„פּאָדראַטן", ווו עס האָט געהערשט אַ שווערער אויסנוצערישער רעזשים. גלייכצייטיק האָט זיך פאַרשפּרייט אַ כוואַליע פון קאַמפן אין אַלע וואַרשטאַטן. מען האָט געקעמפט פאַר אַ „נאָרמאַלן" אַרבעטס־טאָג, פאַר העכערונג פון אַרבעטס־לוין און דער עיקר פאַר מענטשלעכע באַדינגונגען און באַציונגען צום אַרבעטער.

דער „בונד" אין באַראַנאָוויטש האָט זיך געגרייט צום ערשטן עפנטלעכן אַרויסטריט. די ערשטע אויפגאַבע — צו פאַרבן די פאָן — איז ערטיילט געוואָרן דעם ח. מאָטקע מישקין (דער מאלער).

## צוזאַמענשטויס מיט דער אונטערוועלט

באַלד ביים אַנטשטיין פון „בונד" האָבן זיך די חברים אָנגעשטויסן אין זייער טעטיקייט אין אַ טרויעריקן פאַקטאָר, וועלכער האָט דאַן געוואָרפן זיין פינסטערן שאָטן אויפן יידישן לעבן. די אונטערוועלט האָט אין באַראַנאָוויטש אַלס נייעם האנדל־און קאָמוניקאַציע־צענטער געפונען אַ ברייט פעלד פאַר איר „טעטיקייט". זי האָט זיך נישט באַגנוגנט מיט איר קרימינעלער „טעטיקייט", און זיך אָנגעהויבן אַריינמישן אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. אַזוי האָבן נישט איינמאָל געוויסע אַרבעטס־געבער געדונגען אונטערוועלט־העלדן צו טעראָריזירן שטרייקנדיקע אַרבעטער און אַקטיווע „בונד"־טוער.

מען האָט געוווּסט, אַז אַ צוזאַמענשטויס מיט דער אונטערוועלט איז אומפאַרמיידלעך — דאָך האָט מען דאָס אָפּגעלייגט אויף אַ גינסטיקער געלעגנהייט. די אָרגאַניזאַציע איז געווען יונג און די אונטערוועלט — שטאַרק, און געהאַט פאַרבינדונגען מיט דער מאַכט.

אַ נויט־פאַל האָט געבראַכט די געלעגנהייט.

דער אָרגאַניזאַציע־סעקרעטאַר ח. בערל סופר האָט זיך געקליבן חתונה האָבן. די חברים האָבן געהאָלפן צו באַזאָרגן דאָס יונגע פאָרפאָלק מיט אַ חתונה־גאַרדיראָב. און דאָ איז געשען אַן אומגליק. פסח, ביים ערשטן סדר, זיינען זיי מידע איינגעשלאָפן און מען האָט זיי באַגנבעט. אַ גרויסע פאַרביטערונג און אויפרעגונג האָבן באַהערשט די חברים. אַלע הילפס־ווענדונגען צו דער מאַכט זיינען געווען פרוכטלאָז. אומגעקערט, די מאַכט איז געווען פאַראינטערעסירט אין אַ צוזאַמענשטויס צווישן ביידע צדדים, האָפנדיק אַז די גענוג שטאַרקע אונטערוועלט וועט פיזיש צעברעכן דעם „בונד" און ליקווידירן אים פּאָליטיש דורך מסירות. זי האָט אָבער געהאַט אַ טעות. גלייך דעם ערשטן טאָג פסח האָבן זיך אַלע חברים אָרגאַניזירט אין גרופּן, צונויפגעשלעפט אין בעל־מלאכה'שן בית־מדרש אַ צענדליק חברה פון דער אונטערוועלט, אויפן אָרט מקיים פסק געווען אויף זיי און דערביי געוואָרנט, אַז אויב די גניבה וועט נישט צוריקגעקערט ווערן וועלן זיין קרבנות. צומאָרגנס האָט מען די געגנבעטע זאַכן געפונען אין אַ פאַרבונדענעם פעקל אין „נייעם" בית מדרש.

דער דאָזיקער פאַל האָט געדינט אַלס וואָרנונג פאַר אַלע וועלכע האָבן זיך באַנוצט מיטן דאָזיקן פינסטערן כוח קעגן אַרבעטער.

## זעלבסטשוץ

אין יענער צייט האָט אַ שווערער גורל געהאַנגען איבערן יונגן יידישן ישוב. די אַטמאָספער איז געווען אָנגעזאָפּט מיט אַ ווילדער יידן־העצע. די חברים פון „בונד" זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן צום ווידערשטאַנד. עס איז גערופן געוואָרן אַ ראַיאָן־קאָנפערענץ פון דער גאַנצער אומגעגנט און עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו דערוווערבן געווער, קאַלטע און הייסע, און צו אָרגאַניזירן אַ זעלבסטשוץ. מען איז באַלד צוגעטראָטן צו שאַפן געווער, און עס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ באַהעלטעניש פאַרן געווער אין קעלער פון דער אָרגאַניזאַציע.

אין יענער צייט איז דער „בונד" געווען דער איינציקער כוח אויף דער יידישער גאַס, גרייט צו זעלבסטשוץ און

ווידערשטאַנד. צו אים זיינען צוגעשטאַנען אַלע עלעמענטן וועלכע זיינען געווען פיזיש געזונט און גייסטיק פייאיק צום ווידערשטאַנד ווי צ. ב. די פייערלעשער (דער גרעסטער טייל „עמך" און אַרבעטער), בעלי־עגלות, קצבים, בעלי־מלאכות א. א. אַזוי זיינען אַריבער טעג און נעכט, וואָכן און מאָנאַטן, אין שפּאַנונג און גרייטקייט־צושטאַנד. צום גליק זיינען אָבער אַלע פּאָגראָם פּרווון אין באַראַנאָוויטש דורכגעפאַלן. דאָס האָט אָבער נישט אָפּגעשוואַכט די וואַכזאַמקייט.

## רעאָרגאַניזאַציע — 1911

נאָכן דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע אין 1905 האָט זיך די טעטיקייט פון אָרטיקן „בונד" כמעט ווי אָפּגעשטעלט. אַ כוואַליע פון רדיפות און פאַרפאָלגונגען האָט זיך פאַרשפרייט איבערן לאַנד. די אָרטיקע „בונד"־אָפּטיילונג איז פּשוט צעקלאַפּט געוואָרן. אַ טייל חברים, באַזונדערס די אַקטיווסטע, זיינען אַרעסטירט, אָדער פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר (אַזוי, צ. ב., איז משה „דער אייזערנער" פאַרשיקט געוואָרן אויף אייביקע תפיסה און אַפּאָר יאָר שפּעטער — געשטאָרבן אין טורמע). אַנדערע זיינען אַנטלאָפן קיין אויסלאַנד. דער רעשט איז געבליבן אין שאָטן.

אין 1911 האָט אַ נייער קאַדר פון חברים צוגעטראָטן צו דער רעאָרגאַניזאַציע פון „בונד". אין דער גרופּע זיינען געווען די ח"ח יאָשקע באַראָווסקי, לאָווע מאַנגעל, אַלטער דאָבקאָווסקי, משה דוואָרעצקי, איטשע גאַם, (דער סטאָלער), שלמה קדיש אולקאָוויטש, מאיר קראָשינסקי, יאַנקל ליטוואַק, מלכה לעווינסאָן א. א. קיין לאָקאַל איז דאַן נישט געווען. אין שבתים פלעגט מען זיך טרעפן ביים גרינעם בריק אָדער אין וואַלד. עס פלעגן אויך אָפטער פאָרקומען די באַגעגענישן פון די צענטלעך־גרופּן. אַלס פאַרבינדונגס־פּונקט צווישן דעם אָרגאַניזאַציע־קאָמיטעט און די פאַרוואַלטונגען פון די אומלעגאַל־געשאַפענע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען האָט געדינט ד. א. ג. „בירזשע" לעבן „ליזאָן" (קינאָ), דאָרט פלעגן אַרויסגעגעבן ווערן אינסטרוקציעס און אָפּגענומען ווערן טעטיקייטס־באַריכטן. אַ פאָרשטייער פון קאָמיטעט האָט שטענדיק „אַמטירט" אויפן פּלאַץ.

די טעטיקייט האָט זיך באַלד געלאָזט פילן. עס האָט זיך פאַרשפּרייט איבערן שטאָט אַ כוואַליע פון שטרייקן, באַזונדערס אין נאָדל־פאַך (דאָס איז געווען דער גרעסטער פאַריין און דער אַמשטאַרקסטן אָרגאַניזירטער).

די מייסטערס האָבן רעאַגירט מיט רעפּרעסיעס מיט דער הילף פון „ווילע יונגען" פון דער אונטערוועלט און דער עיקר, מיט דער הילף פון דער מאַכט. די שטרייק־קאַמפּן זיינען געווען פאַרביטערטע און האָבן זיך געצויגן וואָכןלאַנג. אין אייניקע ערטער זיינען פאָרגעקומען דראַסטישע צוזאַמענשטויסן. אַ געוויסער אַרבעטסגעבער האָט אַפילו אַ מאָל אַריינגעטראָגן צו דער מאַכט אַן אָנקלאַגע קעגן צוויי שטרייק־פּיקעטן. עס האָט געזאָלט פאַרפירט ווערן קעגן זיי אַ משפט, און עס האָט זיי געדראָט אַ האַרבע שטראָף. אונטערן דרוק פון שאַרפע וואָרנונגען האָט זיך דער מייסטער צוריקגעצויגן, אָנגענומען די באַדינגונגען פון שטרייק־קאָמיטעט, זיך אַנטשולדיקט אין דער אומלעגאַלער פּרעסע און אויך געשפּענדעט פאַר איר אַ געוויסע סומע.

אַזעלכע און ענלעכע פאַלן זיינען דאַן געווען נישט קיין זעלטענע דערשיינונג. ענלעכע שטרייקן זיינען אויך פאָרגעקומען אין די בלעכער־און סטאָלער־בראַנזשעס.

ערב מאי 1913 זיינען געמאַכט געוואָרן צוגרייטונגען צו די פייערונגען פון ערשטן מאי. עס זיינען פאָרגעקומען אַ ריי געהיימע פאַרזאַמלונגען. אויך די מאַכט איז נישט געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט. דער פאַרטרעטער פון פּריסטאַוו און אַנדערע פּאָליציסטן האָבן זיך איבערגעטאָן אין ציוויל־קליידונג און זיך אַרויסגעלאָזן זוכן קרבנות. די יאַגד האָט זיך אָנגעהויבן.

אויף ווילענסקע לעבן שאָסיינע האָבן זיי פאַרהאַלטן אין הויז פון סטאָלער פּרץ 2 חברים: אַלטער דאָבקאָווסקי און אברהם זעליג יודעלעוויטש. אין אַן אַנדער אָרט זיינען פאַרהאַלטן געוואָרן די ח"ח לאָווע מאַנגעל און יאשקע באַראָווסקי. אין אַרעסט־הויז איז פאָרגעקומען אַ שאַרפער אינצידענט. ווען דער פּריסטאַוו האָט פּראָוואָצירט די פאַרהאַלטענע האָט אים יאָשקע באַראָווסקי אַ שפּיי געטאָן אין פּנים. אַלס קנס האָט מען זיי אויסגעהונגערט יענעם טאָג. נאָך 3 וואָכן אַרעסט איז ספּעציעל אַראָפּגעקומען צום משפט דער זשאַנדאַרמעריע־פּולקאָווניק פון באָברויסק. ביי די אויספאָרשונגען אין געריכט זיינען אַרויסגעטראָטן אַלס באַשולדיקונגס־עדות קעגן „בונד" מצד די אַרבעטסגעבער צוויי שניידער, איין בלעכער און איין סטאָלער.

די חברים יאָשקע, לאָווע און אַלטער זיינען פאַרמשפּט געוואָרן אויף צוויי יאָר פאַרשיקונג קיין סיביר, וווּ זיי זיינען אָפּגעקומען זייער שטראָף.

## דערוואַכונג — 1918

אין 1918 האָט זיך ווידער דערוועקט אַ גרופּע חברים מיטן ח' נחום ביטענסקי אין דער שפּיץ, און צוגעטראָטן צו באַנייען דעם „בונד". אין דער גרופּע זיינען געווען די ח"ה מלכה לעווינסאָן, בעלסקי דער בוכהאַלטער, וואָלף פון לאָדזש, יחיאל טילעוויטש, וואָלאַך פון האָראָדישט א. א. מען איז באַלד צוגעטראָטן צו דער אַרבעט. עס איז געעפנט געוואָרן אַ לאָקאַל, אַ ביבליאָטעק, עס זיינען אויפסניי אָרגאַניזירט געוואָרן די פּראָפ. פאַריינען א. א. אין האַלב לעגאַלע באַדינגונגען האָט זיך אַנטוויקלט אַ פאַרצווייגטע טעטיקייט. עס איז דאַן גערופן געוואָרן אַ מאַסן־מיטינג אין אָרטיקן קינאָ, אויף וועלכן עס זיינען אַרויסגעטראָטן פאָרשטייער פון סאָלדאַטן־ראַט און „בונד".

די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט האָט זיך געגרייט צו פאַרלאָזן די שטאָט. אין שטאָט איז דערשינען אַ געהיימער שליח פון ראַטן־לאַנד אַ געוויסער גאַמזן, אַ ייד פון מינסק. אין אַ באַראַטונג מיט אים האָט ער אָנגעוויזן, אַז די זעלבסט־

שוץ זאָל נישט טראָגן קיין פּאָליטישן כאַראַקטער און אַז די איניציאַטיוו צו זיין שאַפונג זאָל קומען מצד דעם בירגער־קאָמיטעט, מיט אַן אַקטיווער באַטייליקונג פון דער אַרבעטער־שאַפט. די זעלבסטשוץ איז געשאַפן געוואָרן און אין איר שפּיץ זיינען געשטאַנען די ה"ה יעקב סטאָלאָוויצקי, טשעמע גאַלפּערין און נחמיה אַרקין. אין פאַרלויף פון איר קורצער עקזיסטענץ־צייט האָט די זעלבסטשוץ אַנטוויקלט אַ ברייטע טעטיקייט. אַלע פּאָסטנס זיינען שטרענג באַוואַכט געוואָרן מיט וואפן.

די פּאַרטיי האָט זיך געגרייט צו מקבל־פּנים זיין די רויטע אַרמיי און געלעבט אין דערוואַרטונג פון נייעם רעזשים. ווען ס'איז דערשינען דער אַוואַנגאַרד פון דער רויטער אַרמיי, האָט ער איבערגענומען די פּאָסטנס פון דער יידישער זעלבסטשוץ, באַזונדערס פון די געווער־ארסענאַלן. אויף צומאָרגנס, דעם 5־טן יאַנואַר 1919, האָט זיך פאָרמירט אַ צוג פון „בונד" וועלכער האָט מיט פענער און טראַנספּאַ־רענטן אָפּגעמאַרשירט צום זאַמלפּונקט אויפן מאַרק. דאָרט האָבן זיך אויך קאָנצענטרירט די „פּועלי ציון", קאָמוניסטן און די פּייערלעשער. עס האָט זיך פאָרמירט אַן אַלגעמיינער צוג וואָס האָט אָפּגעמאַרשירט אין דער ריכטונג פון ניי־באַראַנאָוויטש צו באַגעגענען די רויטע אַרמיי.

פרידנס־געריכט, „רעווקאָם" א. א. אַמטן.

דער אויפּברויז האָט לאַנג נישט געדויערט. אין פאַרלויף פון אייניקע מאָנאַטן איז די שטאָט אַריבער עטלעכע מאָל פון האַנט צו האַנט — ביז זי איז ענדלעך אין די טעג פון פסח 1919, אָקופּירט געוואָרן דורכן פּוילישן מיליטער און געבליבן אונטער דער פּוילישער הערשאַפט איבער אַ יאָר. דער אַקטיווער טייל פון „בונד" האָט זיך דאַן עוואַקואירט צוזאַמען מיט דער רויטער אַרמיי קיין מינסק.

### אונטער דער פּוילישער הערשאַפט (1921—1939)

אין 1921, נאָכן רוסיש־פּוילישן קריג, איז מיט דער איניציאַטיוו פון אַ גרופּע חברים, אָרטיקע און צוריקגעקומענע פון רוסלאַנד, (צ. א. נחום ביטענסקי, ראובן קופּערמאַן, אַלטער סאָקאָלאָווסקי, סאַנע פּריפּשטיין, מאָטע הייזנבלאַזן, ריווע ראַבעץ, דוד קאָלבאָווסקי, דער שרייבער פון די שורות) רעאָרגאַניזירט געוואָרן דער „בונד" אין באַראַנאָוויטש. ס'איז געגרינדעט געוואָרן אַ נייע ביבליאָטעק, אַן אָפּטיילונג פון דער געזעלשאַפט „אונזערע קינדער", אַ קולטור־אינסטיטוציע פאַר יוגנט און דערוואַקסענע, ס'איז אויך געגרינדעט געוואָרן אַ דראַמאַטישער קרייז אונטער דער אָנפירונג פון ח. ראיעווסקי, א. א.



פאַרוואַלטונג פון דער געזעלשאַפט „אונזערע קינדער" אין 1923

עס זיצן פון רעכטס: ה. דאָבקאָווסקי, ס. פּריפּשטיין, נחום ביטענסקי, ריווע ראַבעץ, ר. קופּערמאַן, אלתר סאָקאָלאָווסקי

עס שטייט: דוד קאָלבאָווסקי

אונטער דער הערשאַפט פון דער סאָוויעטן־מאַכט און אין לעגאַלע באַדינגונגען, האָט זיך דאַן געעפנט פאַרן „בונד" אַ ברייט אַרבעטס־פעלד. די ציווילע אַדמיניסטראַציע האָט זיך אין אַ גרויסער מאָס געשטיצט אויף דער סאָציאַליסטישער אַרבעטערשאַפט און אויסגענוצט אירע אַקטיווע כוחות. די צאָל קאָמוניסטן איז דאַן געווען זייער קליין. עס זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן אַלע פאַכן און ווידער געשאַפן געוואָרן פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. די פאַריינען האָבן דעלעגירט זייערע פאָרשטייער אין די מאַכט אינסטיטוציעס ווי צ. ב.

גלייכצייטיק זיינען אָנגענומען געוואָרן די ערשטע שריט צו גרינדן אַ יוגנט־אָרגאַניזאַציע און פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. דער ערשטער פּראָפ. פאַריין איז געווען פון די בוי־אַרבעטער. ס'זיינען געשאַפן געוואָרן קאָאָפּעראַטיווע גרופּן. עס איז לעגאַליזירט געוואָרן דער נאָדל־פאַריין (ביז דאַן אומלעגאַל), און דער פאַריין פון דערנערונגס־אַרבעטער. מיטן פאַרברייטערן זיך פון דער טעטיקייט, איז אַקטועל געוואָרן די פראַגע פון אַן אַלגעמיינעם אַרבעטס־צענטער, און עס איז געדונגען געוואָרן אַ לאָקאַל. ס'איז פאַרגרעסערט



דער אַקטיוו פון „בונד" אין 1928

עס זיצן אונטן פון רעכטס: רפעל צערקאָוו, מאָטל ליאַכאָוויצקי, רחל פינטשוק, סאַפּאַזשניק, דוד קודעוויצקי, פּאָלאָנסקי.
עס זיצן פון רעכטס: סאָנע פּריפּשטיין, עזרא ליאַכאָוויצקי, גרשון גאַלאַי, אברהם זעליק יודעלעוויטש, ליאָווע וואָראָביאָווסקי, יוסף ליפשיץ, ראובן קופּערמאַן, שמעון וויניקאָווסקי, מאָטע גייזנבלאָזן, הירש דאָבקאָווסקי.
עס שטייען פון רעכטס: משה קראַוטשוק, דוד וויניקאָווסקי, בערל וויניקאָווסקי, מ. סאַפּאָזשניק, איטשע גאַם, חיים גייזנבלאָזן, חיים צוקער, ליאָטע ראַבינאָוויטש.

געוואָרן די ביבליאָטעק, און זי איז לעגאַליזירט געוואָרן אויפן נאָמען פון בוי־אַרבעטער־פאַריין. מיטן שליסן פון דער צענט־ראַלע פון די בוי־ארבעטער אין וואַרשע (דורך דער מאַכט) זענען גלייכצייטיק געשלאָסן געוואָרן אַלע פּראָווינץ־אָפּטיי־לונגען, צווישן זיי אויך דער פאַריין און די ביבליאָטעק אויף זיין נאָמען. ס'איז באַלד געשאַפן און לעגאַליזירט געוואָרן דער האָלץ־פאַריין און איבערגענומען די גאַנצע טעטיקייט פון בוי־אַרבעטער־פאַריין. ווען מען האָט זיך געווענדעט צו דער מאַכט מיט דער מעלדונג, אַז דער אַלטער פאַריין גיט איבער דעם נייעם פאַריין די ביבליאָטעק — האָט דער סטאַראָסטע רעאַגירט מיט אַ רוסישן וויץ, ענלעך צום יידישן שפּריכ־וואָרט: „די זעלבע יענטע נאָר אַנדערש געשלייערט". דאָך איז די ביבליאָטעק לעגאַליזירט געוואָרן. עס איז אויך געגרינדעט געוואָרן דער פאַרייך פון די האַנדלס־אָנגע־שטעלטע, און נאָכן לעגאַליזירן אַלע פאַריינען איז געשאַפן געוואָרן א ראַט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און אַ קולטור־אַמט.

די פּאַרטיי האָט אַנטוויקלט אַ גרויסע פּראָפעסיאָנעלע, פּאָליטישע און קולטורעלע טעטיקייט. ס'זענען פאַראַנשטאַלט געוואָרן אָפטע מיטינגען און פאַרזאַמלונגען.

## מסירות, ארעסטן און פּראוואָקאַציעס

ווען די נאָרמאַלע און אָפיציעל־לעגאַליזירטע טעטיקייט איז פאַרגעזעצט געוואָרן אין פולן טעמפּ, האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אין געשפּענסט פון אַרעסטן. אַזוי איז אַמאָל אַרעסטירט געוואָרן דער ח. גאַלינאַ פון ס'לאָנים נאָך אַ רעפעראַט אויף אַ חברים פאַרזאַמלונג ביי אונז. אַן אַנדערש מאָל זענען אויך אַרעסטירט געוואָרן 2 יוגנטלעכע נאָך אַ לאַנדעס־צוזאמענפאָר פון „צוקונפט" אין וואַרשע, (די ח"ח קיווע שעווץ און שמעון וויניקאָווסקי, אַ דריטער, מיכאל שעווץ, האָט זיך אויסבאַהאַלטן). ס'איז קלאָר געוואָרן, אַז עס געפינט זיך אין אונזערע רייען אַ פּראָוואָקאַטאָר. נאָך לאַנגע אויספאָרשונגען איז געלונגען אויפצודעקן דעם פּראָ־וואָקאַטאָר, אַ געוויסער יאַנקל עגערגאָרן, (אַ סטאָלאר פון פאַך), אַ צוגעוואַנדערטער פון פוילן. ער האָט חתונה געהאַט אין באַראַנאָוויטש און געוועז באַקאַנט אַלס קבצן, פּלוצלינג האָט ער אָנגעהויבן פירן אַ רחבותדיק לעבן און זיך געגרייט צו בויען אַ הויז. נאָכפאָלגענדיק אים איז מען דערגאַנגען, אַז ער שטייט אין קאָנטאַקט מיט דער פּאָליטישער־געהיים־פּאָליציי.

דער מסור דערשפּירענדיק אַז זיינע קאָרטן זענען אויפ־

געדעקט, האָט זיך באַמיט מיט פאַרשידענע מיטלען צו פראָוואָצירן די חברים כדי צו ברענגען צום שליסן די פראָפעסיאָנעלע פאַריינען אין באַראַנאָוויטש.

די לאַגע איז געווען אַ געשפּאַנטע. די חברים זענען געוואָרנט געוואָרן קעגן פּראָוואָקאַציעס.

צו אַ צוזאַמענשטויס איז געקומען ראש השנה אין גרויסן בית המדרש. אייניקע חברים זענען צוגעגאַנגען צום מסור און אים געפרעגט, צי ער איז געקומען מתפלל זיין צו גאָט אויף פרישע קרבנות. דער מסור האָט רעאַגירט פיזיש. ס'איז אויסגעבראָכן אַ געשלעג, און ער האָט געבראַכט אין בית מדרש אַ פּוילישן פּאָליציאַנט (נומער 569). ס'זענען אויפן אָרט אַרעסטירט געוואָרן די ח"ח יוסף ליפשיץ און ישראל דאבקאווסקי (רעכטע „פּועלי־ציון"). אין גאַס איז פארהאלטן געוואָרן הירש דאבקאווסקי און אין זיין היים איז אויך אַרעסטירט געוואָרן ראובן קופערמאַן. צוויי טעג זענען די אַרעסטירטע פאַרהאַלטן געוואָרן אין באַראַנאָוויטש, און דאַן איבערגעשיקט געוואָרן קיין נאָוואָגרודעק. לויט דער באַשולדיקונג האָט זיי געדראָט ביז 15 יאָר תפיסה (פאַרן אָנגרייפן אַ רעגירונגס געהיים־אַגענט, פאַר שטערן אַ תפילה, פאַר אַנטקעגנשטעלן זיך דער מאַכט א. א.). צום גליק האָט זיך דער מסור קאָמפּראָמיטירט אין אַ ריי פאַרברעכנס און אין עפנטלעך שוחד נעמען ביים שווער פון ח' יוסף ליפשיץ, און נאָכדעם ווי דער ענין איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער צענטראַלער לאַנד־פּרעסע (ווי דער „ראָבאָטניק" פון פּ. פּ. ס. און „פּאָלקסצייטונג") און אָנגענומען אַ סקאַנדאַליעזן כאַראַקטער — האָט זיך די רעגירונג אָפּגעטרייסלט פון אים, ליקווידירט דעם ענין און באַפרייט די פאַרהאַלטענע נאָך 4 וואָכן אַרעסט. מיט דעם זענען אויך ליקווידירט געוואָרן כמעט אַלע פריערדיקע פּראָצעסן, אויסער דעם פאַל גאַלינאַ.

## ערשטער־מאי פייערונגען

פאַרשידענע עטאַפּן האָט דורכגעמאַכט דער ערשטער־מאי יום טוב ביי אונז, פון די געהיימע אונטערגרונט באַגענישן אין די וועלדער ביז די גרויסע פייערלעכע דעמאָנסטראַציע־צוגן.

ערב דעם ערשטן מאי 1925 איז גערופן געוואָרן אַ געמיינזאַמע באַראַטונג פון פאָרשטייער פון „בונד", „פּ.פּ.ס." און די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. ס'איז באַהאַנדלט געוואָרן די פראַגע פון אַן עפנטלעכער דעמאָנסטראַציע דעם ערשטן מאי. אייניקע פּ.פּ.ס.־פאָרשטייער האָבן איבערגעגעבן, אַז זיי זענען געוואָרנט געוואָרן פון די אָרטיקע אַנטיסעמיטן, אַז זיי וועלן ניט דערלאָזן צו קיין דעמאָנסטראַציע. צוליב דעם וואָס די וואָרנונגען זענען געווען ערנסטע, האָבן זיי געהאַלטן אַז מען דאַרף מוותר זיין אויף אַ דעמאָנסטראַציע און זיך באַגנוגענען מיט געשלאָסענע אינערלעכע פייערונגען ווי ביז איצט. אונזער מיינונג איז געווען, אַז מען זאָל זיך נישט לאָזן אָפּשרעקן. אויך דער פירער פון „פּ.פּ.ס." אין באַראַנאָוויטש דער ח' מאַכאי האָט געהאַלטן, אַז מען טאָר זיך נישט לאָזן טעראָריזירן. אין רעזולטאַט פון דעם איז באַשלאָסן געוואָרן אַדורכצופירן די דעמאָנסטראַציע. מצד דעם סטאַראָסטווע זענען געמאַכט געוואָרן פּרוּוון משפיע צו זיין, אַז מיר זאָלן זיך צוריקציען פון דעם דעמאָנסטראַציע־פּלאַן, היות ער באַדראָט די עפנטלעכע רו און די זיכערקייט פון דער באַפעלקערונג. נאָכדעם ווי ער האָט זיך איבערצייגט אַז מיר שטייען אויף אונזער רעכט, האָט ער פאָרגעלייגט אַז די דעמאָנסטראַציע זאָל פאָרקומען אונטער פאַרשטאַרקטע פּאָליציייִשע שוץ. מיר האָבן זיך אויך פון דעם אנטזאגט און באַטאָנט, אז מיר האָבן אַ גענוג שטאַרקע אַרבעטער־שוץ־מיליץ און זי וועט זיך קענען אַליין אַן עצה געבן מיט די כוליגאַנעס.

די דעמאָנסטראַציע איז פאָרגעקומען יענעם יאָר און אין די קומענדיקע יאָרן, און די אַלע אַנטיסעמיטישע כוליגאַנעס וועלכע זענען געווען גענוג דרייסט אויף צו באַפאַלן איינצלנע יידן — האָבן נישט געוואַגט אָנצוגרייפן דעם אָרגאַניזירטן כוח פון דער אַרבעטערשאַפט.

אין די דעמאָנסטראַציעס פלעגן זיך צאָלרייך באַטייליקן אַרבעטער און פויערן פון דער אומגעגנט. דער זאַמל פּונקט



1־טער מאי פון „בונד"

פלעגט זיך שטענדיק ענדערן לויט דער פאָדערונג פון דער מאַכט.

די חברים האָבן אָבער נישט געוואָלט זיך באַנוגענען מיטן פּאָליטישן כאַראַקטער פון דער דעמאָנסטראַציע, און געוואָלט איר צוגעבן אויך פייערלעכקייט. צו דעם צוועק האָבן זיי זיך געווענדעט צו דער לייטונג פון דער פייערלעשער געזעלשאַפט מיט אַ ביטע, אַז זי זאָל זיי אויסבאָרגן די אינסטרומענטן פון איר אָרקעסטער (די שפּילער זענען געווען מיטגלידער פון די פּראָפ. פאַריינען). דער ענטפער איז געווען אַן אויסמיידנדיקער, דער אָרקעסטער שטייט נאָר אין דינסט פון דער פייערלעשער־געזעלשאַפט און נישט פון אַנדערע קערפּערשאַפטן.

דער אָפּזאָג האָט אַרויסגערופן פאַרביטערונג ביי די חברים, און זייערע געפילן זענען געקומען צום אויסדרוק ביי דער ערשטער געלעגנהייט.

דעם נעכסטן ל״ג בעומר האָט דער געהילפס־נאַטשאַלניק פון די פייערלעשער נחמיה ביטענסקי אַראַנזשירט אַ גע־מיינזאַמע פייערונג פון „מכבי״ און די „פאַזשאַרנע״ אין מוש. נאָך די פאַרווײַלונגען האָט זיך אויסגעשטעלט דער צוג צום מאַרשירן קיין באַראַנאָוויטש. ווען דער קאַפּעל־מייסטער באַקשט האָט געגעבן דעם צייכן צום שפּילן, האָבן זיך די מוזיקאַנטן אָפּגעהאַלטן מיטן אויסרייד, אַז דער אָרקעסטער שטייט אויסשליסלעך צו דער דיספּאָזיציע פון די פייערלעשער — און פאַר קיינפאַל נישט אין דינסט פון יעדער אַנדערער קערפּערשאַפט און כל זמן דער „מכבי״ איז אין די רייען — שפּילן זיי נישט. עס האָט זיך געשאַפן אַ שאַרפער קאָנפליקט, וועלכער האָט צום סוף געבראַכט צו דער אויפלעזונג פון פייערלעשער־אָרקעסטער. אין רעזולטאַט פון דעם איז געשאַפן געוואָרן אַ זעלבסטשטענדיקער אַרבעטער־אָרקעסטער פון „בונד״ (נאָכדעם איז אויך געשאַפן געוואָרן אַן אָרקעסטער פון „מכבי״).

פון דאַן איז דער „בונד״־אָרקעסטער געווען די קרוין פון אַלע אַרבעטער־פייערונגען, און אַ באַזונדערס אימפּאַ־זאַנטן איינדרוק האָט ער געמאַכט ווען ער האָט געשפּאַנט אין שפּיץ פון ערשטן מאַי צוג.

## קראַנקן־קאַסע

אַנהויב די צוואַנציקער יאָרן האָט נאָך די באַראַנאָווי־טשער אָרגאַניזירטע אַרבעטערשאַפט נישט געהאַט קיין סאָ־ציאַלע פאַרזיכערונג. אין פאַל ווען אַן אַרבעטער איז קראַנק געווען, האָט ער זיך געקענט ווענדן נאָך מעדיצינישע הילף צום „טאַז״, אָדער צו דער שטאַטישער „סאָציאַלער פאַרזאָר־גונג״. צוליב די באַשרענקטע מעגלעכקייטן פון ביידע פי־לאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס, איז זייער הילף נישט געווען גענוגנד און געבראַכט צו דער מאָראַלישער דערנידעריקונג פון אָרגאַניזירטן אַרבעטער. דער פאַריין פון די בוי־אַרבעטער האָט אַפילו געפּרווט אַמאָל שאַפן אַן אייגענע קראַנקן־קאַסע מיט דער הילף פון די אָרטיקע יידישע דאָק־טוירים. דער פּרווו האָט אָבער נישט אויסגעהאַלטן צוליב פינאַנציעלע שוועריקייטן, און נאָך אַ יאָר טעטיקייט האָט זיך די קראַנקן־קאַסע ליקווידירט.

ערשט אין זומער 1926 איז גערופן געוואָרן אַן אַלגע־מיינע פאַרזאַמלונג פון די פאַרשטייער פון „בונד״, „פּ.פּ.ס״ און די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען מיטן ציל צו שאַפן אַן אָפּטיילונג פון דער אַלגעמיינער קראַנקן־קאַסע אין באַראַ־נאָוויטש. ס׳איז געוויילט געוואָרן אַ קאָמיסיע פון דריי פּערזאָן צו גרינדן די אינסטיטוציע.

צום אָנהויב איז געדונגען געוואָרן אַ לאָקאַל אויף שאָסיינע גאַס אין הויז פון יודלעוויטש, און עס זענען אַנגאַ־זשירט געוואָרן אָרטיקע דאָקטוירים. די אינסטיטוציע האָט ארומגענומען כמעט די גאַנצע אַרבעטערשאַפט אין שטאָט און אומגעגנט. זי האָט עקזיסטירט יאָרן און געווען אַ הילפס־קוועלע פאַר די ברייטע פאָלקסמאַסן.

## אַפּעלאַציע־געריכט

לויטן געזעץ פון דער פּוילישער רעגירונג האָט עקזיס־טירט אַן אַפּעלאַציע־געריכט, וועמענס אויפגאַבע ס׳איז געווען צו אנטשיידן די רעכט פון די אַרבעטסלאָזע צו געניסן פון רעגירונגס־פאָנד פאַר אַרבעטסלאָזע.

ביז 1928 האָט אַ באַראַנאָוויטשער אַרבעטער געמוזט אַפּעלירן קיין ווילנע און האָט געהאַט אויסצושטיין שוועריקייטן און שיקאַנעס אַלס ייד און מענטש.

אין 1928 האָבן די פּראָפ. פאַריינען זיך געווענדעט צו דער רעגירונג מיט אַ ביטע, צו שאַפן אַן אָפּטיילונג פון דעם אַפּעלאַציע־געריכט אין באַראַנאָוויטש.

כדי אַנטקעגנצוקומען דער ביטע, איז דורך דער רע־גירונג געשיקט געוואָרן אַ פאַרשטייער פון ווילנער אַפּעלאַציע־געריכט קיין באַראַנאָוויטש צו גרינדן אַן אָפּ־טיילונג פון געריכט ביי אונז.

בעת די פאַרהאַנדלונגען האָט זיך דער רעגירונגס־פאַרשטייער אויסגעדריקט, אַז עס איז ווינטשנסווערט אַז אין צוזאַמענשטעל פון אָט דעם געריכט זאָלן זיין וואָס ווייניקער פאַרטראָטן יידן.

נאָך אַ ריי פאַרבערייטונגען איז דער אַפּעלאַציע־געריכט געשאַפן געוואָרן מיטן צוזאַמענשטעל פון די ח״ח מאַכאַי (פּ.פּ.ס), ה. דאַבקאָווסקי („בונד״), די ה״ה יהושע איזיקזאָן און טראַכטענבערג (אַרבעטס־געבער) און אדוו. מיכניק אַלס נייטראַלער בורר, בסך הכל 4 יידן און 1 גוי. דער „פּרומער ווונטש״ פון רעגירונגס־פאַרשטייער איז אַזוי אַרום נישט דערפילט געוואָרן. פאַרן יידישן אַרבעטער איז עס געווען אַ גרויסע פאַרלייכטערונג. ער האָט זיך אַפילו געקענט פריי באַנוצן מיט זיין שפּראַך. אויך דער איינציקער קריסט אין געריכט דער ח. מאַכאַי (פון פּ.פּ.ס.) האָט פאַרשטאַנען יידיש און פלעגט נישט איינמאָל דערמוטיקן אַ יידישן אַרבעטער, אַז ער זאָל זיך אויסריידן אין „מאַמע לשון״.

## „ארבעטער-היים"

די אָרגאַניזאַציאָנעלע ארבעט פון „בונד" און פון די פּראָפ. פאַריינען איז כסדר געשטערט געוואָרן צוליבן מאַנגל פון אַ פּאַסיקן לאָקאַל און פינאַנציעלע שוועריקייטן. עס האָט ביי די חברים דערוואַכט דער געדאַנק צו בויען אַן אייגענע „היים". ס'איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַן איניציאַטיוו־גרופּע צו שאַפן די געלט־פאָנדן און צו אָנפירן מיט דער בוי־אַרבעט פון דעם הויז אויף ארלע 96.

אין זייער שווערע באַדינגונגען איז די אַרבעט אויסגעפירט געוואָרן, און אין גרעסטן טייל אַ דאַנק דער פּערזענלעכער אָפּפערוויליקייט פון די חברים, וועלכע האָבן געווידמעט דער בוי־אַרבעט זייער פרייע צייט. אין פאַרלויף פון אַ יאָר איז די „היים" געווען פאַרטיק. דאָ האָבן זיך קאָנצענטרירט די פּאַרטיי און אַלע אירע אינסטיטוציעס און די פּראָפ. פאַריינען.

## קולטור טעטיקייט

ביי יעדן פּראָפעסיאָנעלן פאריין האָט עקזיסטירט אַ קולטור־קאָמיסיע, וועמענס אויפגאַבע ס'איז געווען צו זאָרגן פאַר דער קולטור ארבעט צווישן די מיטגלידער. עס זענען אָרגאַניזירט געוואָרן פאָרלעזונגען, רעפעראַטן, קעסטל־אָוונטן א. ד. גל.

אַ באַזונדערע אויפמערקזאמקייט איז געווידמעט געוואָרן דער פראַגע פון פאָלקסגעזונט. מיט דער איניציאַטיוו פון קולטור־קאָמיטעט און מיטהילף פון „טאָז" און די אָרטיקע דאָקטוירים זענען אויף דעם געביט אָפּגעהאַלטן געוואָרן סיסטעמאַטישע ציקלען פון פאָרלעזונגען מיטן אָנטייל פון ד"ר פראַס, ד"ר נאכומאָווסקי, ד"ר שעניצקי, ד"ר קאפלאן א. א. ס'זענען אָרגאַניזירט געוואָרן דראַמאַטישע אונטערנעמונגען, פארוויילונגען א.א.

אויך איז דער „בונד" געווען טעטיק אין די אָרטיקע סאָציאַלע אינסטיטוציעס ווי „אָרט", „טאָז" א. א. און געהאַט פאָרשטייער אין שטאָט־ראַט און קהילה.

אַ סך בייגעטראָגן צו דער מוזיקאַלישער דערציונג פון דער יוגנט האָט דער „מאָרגנשטערן" אָרקעסטער.

מיט דער אנטשטייונג פון דער אַרבעטער ספּאָרט־געזעלשאַפט „מאָרגנשטערן" אין לאַנד־מאַשטאַב, איז אויך אין באַראַנאָוויטש געשאַפן געוואָרן אַן אָפּטיילונג. דער „מאָרגנשטערן" האָט ביי אונז אַנטוויקלט אַן אינטענסיווע טעטיקייט. אין פאַרלויף פון אַ קורצער צייט האָט ער געציילט אַ 200—250 מיטגלידער, פאנאַנדערגעטיילט אין פארשידענע סעקציעס ווי לייכט־אַטלעטיק, פוטבאַל א. א. דער „מאָרגנ־שטערן" האָט אָפּגעהאַלטן אָפטע עפנטלעכע אַרויסטריטן. מיט דער ספּאָרט־טעטיקייט האָבן אָנגעפירט די ח"ח בערל וויני־קאָווסקי, אליהו סטאלאוויצקי און משה קאגאן, אונטער דער לייטונג פון א פּראָפעסיאָנעלן אינסטרוקטאָר.

## די יידישע פאלקס-שול

מיט דער געמיינזאַמער איניציאַטיוו פון „בונד" און „פועלי ציון" (רעכטע) איז געגרינדעט געוואָרן אַ יידישע פאָלקס־שול פון ציש"א טיפּ אין באַראַנאָוויטש. די שול האָט עקזיסטירט יאָרן, און הונדערטער אַרבעטער־קינדער האָבן אין איר געפונען זייער היים און באקומען זייער דערציונג אין זייער מוטערשפּראַך.

## דער מעבל סטאלער קאאפעראטיוו

אין 1933 איז דורך אַ גרופּע אַרבעטער געשאַפן געוואָרן דער קאָאָפּעראַטיוו פון מעבל־סטאָלער־אַרבעטער.

אַלס שטויסקראַפט צו זיין גרינדונג האָט געדינט די לאַגע, אין וועלכער די מעבל־סטאָלער־אַרבעטער האָבן זיך



מעבל־קאָאָפּעראַטיוו

אין מיטן: בערל דוואָרעצקי, (מיט אַ ווייסער העמדל), נחום צוקאָרני (לעבן דוואָרעצקי), אברהם זעליק יודעלעוויטש (זיצט רייטנדיק). ביי דער וואַנט, פון רעכטס: אויגדור פיין (האַלט אַ זעג), שלמקע מאָרדוכאָוויטש, יש־ראל'יק קאַפּלאַן, הירשל לידאָווסקי, מאיר מאַקאַשעווסקי, עליע סטאָלאָוויצקי, יודל אַד־לער, שמחה פייגענבוים, שמעון לובטשיק



פּאַרוואַלטונג פון באַקליידונגס־פאַריין

עס זיצן פון רעכטס: א. גאַם, שעפּץ, דוד בורשטיין, מערע סטאַלאָוויצקי, מאיר פּאַרעצקי.
עס שטייען פון רעכטס: ליפּע דוואָרעצקי, וואָלפּוביטש, ח׳ מאַנדזשע.

געפּונען. פון איין זייט זענען נישט געווען קיין גרעסערע אונטערנעמונגען וועלכע האָבן זיי געקענט שטענדיק באַשעפטיקן, און פון דער אַנדערער זייט האָבן זיי אַלס אינדיווידועלע זעלבסטשטענדיקע פּראָדוצירער זיך געמוזט אונטערוואַרפן דעם דיקטאַט פון די מעבל־הענדלער.

צווישן די מיטגלידער פון קאָאָפּעראַטיוו זענען געווען די ח״ח יודל אַדלער, אברהם זעליג יודעלעוויטש, הירש לידאָווסקי, אליהו סטאַלאָוויצקי, אביגדור פיין, שמעון לובּטשיק, שלמקע מארדוכאַוויטש, בערל דוואָרעצקי שמחה פּייגענבוים א.א.

דער קאָאָפּעראַטיוו האָט זיך זייער פיין אַנטוויקלט, מעכאַניזירט זיך שפּעטער און דעראַרבעט אַן אייגענעם לאָקאַל נישט קוקענדיק דערויף וואָס ער האָט געהאַט אויסצערשטיין שוועריקייטן און שיקאַנעס מצד דער מאַכט, האָט ער עקזיסטירט ביזן קריג (סעפּטעמבער 1939).

## פּראָפעסיאָנעלע טעטיקייט

אין די דרייסיקער יאָרן האָבן די אַרבעטער פּאַרטייען געלעבט אין קאַשמאַר פון צעשטורעמטע פּאָליטישע קאַמפן. אין 1935 איז געוואָרפן געוואָרן די לאָזונג: „פאָלקס־פראָנט״. צו דעם צוועק איז אויך ביי אונז גערופן געוואָרן אַ באַראַטונג פון פאָרשטייער פון אַלע אַרבעטער־פּאַרטייען, און ס׳איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ געמיינזאַמער קאָמיטעט פון 5 חברים, וואָס איז צוגעטראָטן צו רעאָרגאַניזירן די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און אַקטיוויזירן זיי. די פאַריינען האָבן אַנטוויקלט אַ ברייטע פאַרצווייגטע טעטיקייט אויף אַלע געביטן: אָרגאַניזאַציאָנעלן, ווירטשאַפטלעכן און קולטורעלן. ס׳איז געדונגען געוואָרן אַ הויז פאַר די פּראָפ. פאַריינען. מיט דער טעטיקייט האָט אָנגעפירט דער ראַט, אין וועלכן עס זענען געווען פאַרטראָטן פאָרשטייער פון אַלע אַרבעטער־פּאַרטייען.

די אַרבעט איז געשטאַנען אונטערן צייכן פון אַ פאַרשאַרפטן קלאַסן־קאַמף. אַ באַזונדערער קאַמף איז געפירט געוואָרן מיט דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. ס׳איז אויף איר אויסגעאיבט געוואָרן אַ דרוק, אַז זי זאָל שאַפן עפנטלעכע אַרבעטן. שווערע שטרייטן זענען אויך פאָרגעקומען מיט דער מוניציפּאַלער מאַכט פאַר אַ בעסערן אַרבעטס־לוין און פאַר דער אָפיציעלער אַנערקענונג פון דער פאָרשטייערשאַפט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען.

אין יענער צייט (1935/36) איז דאָס לאַנד אויפגעטרייסלט געוואָרן פון אַ רעאַקציאָנערער טעראָר־כוואַליע, די פּאָגראָמען פון פּשיטיק, מינסק מאַזאָוויעצקי, בריסק א. א. ס׳איז דאַן פּראָקלאַמירט געוואָרן דער געזעץ קעגן דער יידישער שחיטה און ס׳זענען איינגעפירט געוואָרן „געטאָס״ פאַר יידן אין די אוניווערסיטעטן.

מצד דעם לאַנד־ראַט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען זענען מיר גערופן געוואָרן צו קעמפן קעגן די גזירות. ס׳זענען איינגעאָרדנט געוואָרן עפנטלעכע פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציעס, אָן דער דערלויבעניש פון דער מאַכט. אויף איינער פון די דעמאָנסטראַציעס זענען אַרעסטירט געוואָרן טעלעכע חברים, צווישן זיי ישראל דאַבקאָווסקי פון „פּועלי ציון״ און די חלוצים פונם אָרטיקן הכשרה־קיבוץ.

די אָרגאַניזירטע אַרבעטערשאַפט איז געוואָרן ווי אַ דאָרן אין די אויגן פון דער מאַכט, און זי האָט אָנגעווענדעט קעגן איר אַ ריי רעפּרעסיעס.

אין אַ געוויסן טאָג אין מערץ 1936 איז דורך דער פּאָליציי אַרומגערינגלט געוואָרן דאָס הויז פון די פּראָפ. פאַריינען, און ס׳זענען אַרעסטירט געוואָרן די ח״ח אליהו סטאַלאָוויצקי (יעצט אין אַרגענטינע), ראובן קופּערמאַן

(דערטרונקען אין ווייסל ביים אָנגריף פון דער רויטער ארמיי אויף ווארשע אין 1944) און עטלעכע קריסטלעכע אַרבעטער.

די רעגירונג האָט אָבער געהאַט אַ טעות. די רעפּרעסיעס האָבן נישט דערשטיקט די טעטיקייט, נאָר אומגעקערט — זי פאַרשטאַרקט. ס׳זענען אויסגעבראָכן אַ ריי שטרייקן אין די עפנטלעכע אַרבעטן. אין איינעם אזא שטרייק אויף פּאָט־שטאָווע גאַס, האָבן די ארבעטער אויסגעשפּרייט שטרוי און געשלאָפן ביינאַכט אויפן ברוק, כדי נישט צו דערלאָזן שטרייק־ברעכער. פאַרן עסן פון די שטרייקער האָבן געזאָרגט די פראָפ פאַריינען.

דער זיכערהייט־דינסט אין נאָוואָגרודעק האָט אַראָפּגע־שיקט צו אונז אַ פאַרשטייער, וועלכער האָט געוואָרנט אַז אין פאַל ווען די שטרייקן וועלן נישט אָפּגעשטעלט ווערן וועלן די פאַרשטייער פון די פראָפ. פאַריינען פארשיקט ווערן אין דעם (בארימטן) קאָנצענטראַציע־לאַגער קאַרטוז בערעזע.

אויף די וואָרנונגען האָבן נישט אָפּגעשטעלט די טעטי־קייט. דעם 27־טן יוני 1936 זענען אַרעסטירט געוואָרן די ח״ח מאַכאי, פאָרזיצער פון ראַט פון די פראָפ. פאַריינען און זיין פאַרטרעטער ה. דאבקאווסקי, פאָרזיצער פון בוי־פאַריין. ביידע זענען פאַרשיקט געוואָרן קיין קאַרטוז בערעזע. אָבער אויך דאָס האָט נישט געווירקט, און אין די שווערע אונטערדריקונגס באַדינגונגען איז די אַרבעט פאָרגעזעצט געוואָרן ביזן אויסברוך פונם קריג דעם 1־טן סעפּטעמבער 1939.

### יזכור!

צום שלוס זאָלן דערמאָנט ווערן, צווישן די אַלע אומ־געקומענע קרבנות פון נאַצי־רעזשים, אויך די אַקטיווע טוער פון „בונד" וועלכע זענען געשטאַנען מיט לייב און לעבן אין דינסט פון דער אַרטיקער יידישער אַרבעטערשאַפט: איטשע גאַם (ביידע: דער סטאָלער און דער שניידער), ל. וואָראָביאווסקי, סאַנע פריפשטיין, די ברידער מרדכי און חיים הייזענבלאָזן, אלתר סאָקאָלאָווסקי, די ברידער בערל, שמעון און דוד וויניקאָווסקי, יאנקל און פייבל אַבולאַנסקי, די חברטעס באַדאַנע לעווינסאָן, מנוחקע סאָפּאָזשניק, ריווע ראַבעץ, רפאל צערקאָוו און מאָטל לאַכאָוויצקי.

כבוד זייער אָנדענק!



אַ ווינקל אויפן בית־עלמין

# ז כ ר ו נ ו ת

מאיר גראסמאַן

## איינדרוקן פון באראנאוויטש

ווען איך פלעג באַזוכן וואַרשע אין פּאַרטיי־פּאָליטישע ענינים, האָב איך שטענדיק געהערט פון די חברים: „היינטיקס מאָל מוזט איר באַזוכן באַראַנאָוויטש". און אויף מיין פאַרוווּנדערונג: „פאַרוואָס דוקא באַראַנאָוויטש?" איז די תשובה געווען: „געהערט דאָך באַראַנאָוויטש צו די טרייסטע סניפים און איר וועט האָבן אַ סך הנאה פון דער באַגעגעניש מיט די אָרטיקע יידן".

נאָכן ערשטן באַזוך אין באַראַנאָוויטש, האָב איך זיך איבערצייגט, אַז מיינע וואַרשעווער חברים זענען געווען גערעכט.

איך האָב זיך דאָ געפילט היימיש פון ערשטן מאָמענט אָן. די אויפריכטיקייט, די פשוט׳קייט און די הויכע מאָס פון אינטעליגענץ — האָבן דערוואַרעמט און דערנענטערט. מען האָט געפילט, אַז די מענטשן מיינען ערנסט ווען זיי רעדן וועגן יידישע פּראָבלעמען. דאָס פּאַרטיי־לעבן איז געווען הויך אַנטוויקלט, און מענטשן האָבן זיך באַצויגן ערנסט צו זייערע פּאָליטישע פליכטן. און נאָך אַ מעלה האָט געהאַט דער באַראַנאָוויטשער יידישער ישוב: ער האָט זיך צוגעהערט צו אַ וואָרט פון אַ גאַסט; געוואָלט וויסן דעם אמת, געזוכט צו פאַרשטיין די אַרגומענטן און חילוקי־דעות.

איך האָב דאָס באַזונדערס שטאַרק געפילט, ווייל איך האָב באַזוכט באַראַנאָוויטש נאָך דער שפּאַלטונג אין דער רעוויזיאָניסטישער פּאַרטיי, און געהאַט קעגן מיר סיי די חברים פון נעכטן און סיי די אַלטע געגנער פון רעוויזיאָניזם. און הגם מען האָט מיר געשטערט בעת מיין רעפעראַט, איז מיר געלונגען צו שאַפן אַ קאָנטאַקט מיט די צוהערער, אָפט גאַנץ פרעמדע מענטשן.

אויסערלעך איז דאָס לעבן אין באַראַנאָוויטש געווען רוהיק און דרעמלדיק. לאַנגע, שטילע גאַסן. הויפן, אין וועלכע ס׳האָבן געלעבט אַ פּאָר משפחות. די הויפּטגאַס האָט דערמאָנט ענלעכע גאַסן פון קלענערע רוסישע שטעט. מען האָט געהערט מער רוסיש און יידיש ווי פּויליש. אָבער די פּראָווינציעלע דרעמלדיקייט איז געווען בלויז דער אויסערלעכער לבוש. אין די הייזער האָבן מענטשן אַ סך געלייענט, געפירט ויכוחים און געטרוימט וועגן דער גרויסער וועלט און ארץ־ישראל. איך האָב געפילט צו באַראַנאָוויטש און אירע מענטשן אַ באַזונדערע קרוב׳שאַפט וועמענס מקור איז זייער גאַסטפריינטלעכקייט, האַרציקייט און אויפריכטיקע טריישאַפט צו יידישע נאַציאָנאַלע אידעאַלן. איר האָט געוווּסט, אַז איר קענט זיך פאַרלאָזן אויף באַראַנאָוויטשער חברים. זייער וואָרט איז אַ וואָרט.

אין מיין לעבן האָב איך באַזוכט הונדערטער שטעט און גערעדט פון הונדערטער פּלאַטפאָרמען. איך האָב שטענדיק גלייך געפילט, צי דער עולם הערט דיך אויפמערקזאַם, אָדער איז גלייכגילטיק. דער באַראַנאָוויטשער עולם האָט געהערט צו דער ערשטער קאַטעגאָריע. מען האָט נישט געדאַרפט פאַרטייטשן. מען האָט פאַרשטאַנען דעם דינסטן רמז. מען איז געווען באַהאַוונט אין פּאָליטישע ענינים. מען איז געווען ערלעך מיט זיך און מיטן רעדנער.

מיין האַרץ גייט אויס צו די, וואָס זענען אומגעקומען און פאַרשוווּנדן אין דעם בלוטיקן מבול. דאָ און דאָרט טרעף איך מענטשן, וואָס געדענקען די שיינע תקופה — שיין אין איר פשוט׳קייט און אויפריכטיקייט. פאַר זיי איז באַראַנאָוויטש אַ שיין קאַפּיטל פון זייער לעבן. זיי ווילן, אַז דאָס בילד פון באַראַנאָוויטש זאָל פאַרבלייבן אין דער יידישער געשיכטע.

און ס׳ווילט זיך לייגן כאָטש אַ קליינעם באַשיידענעם קראַנץ אויף דער מצבה פון דער יידישער שטאָט, וואָס האָט געלעבט יידיש, געבראַכט קרבנות פאַרן יידישן אויפבוי־ווערק און געחלומ׳ט וועגן גרויסע מעשים. ס׳איז גוט, וואָס מען לאָזט נישט אַ יידישן קבר פאַרוואַקסן מיטן ווילדן גראָז פון פאַרגעסנקייט.

**אייזל ווילקאמירסקי**
ניו־יאָרק

# באַראַנאָוויטש אין 1890

אין אָקטאָבער 1890, אין דעם דאָרף דערעוונאָיע, נישט ווייט פון מוש, האָבן זיך אַרומגעשטעלט גויים — מענער, פרויען און קינדער, — און מיט אויסגעסטערטשעטע אויגן געקוקט, ווי דער פויער האָלוב מיט זיינע בנים האָבן אַרויסגעטראָגן דאָס האָב און גוטס, וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט: בעטן, טישן, טאַבורעטקעס, שטולן, אַ שקאַף און אַ קאָמאָד, פּעריינעס און קישנס, יאַשיקעס, טעפּ, פאַנוועס, אַ ליאַק, סאַמאָוואַר און געפעס (פּסחדיקע און חמצדיקע), לייכטער, לאָמפּן מיט אַ קליאָש און אָן אַ קליאָש, 2 אָפּגעבליאַקירטע בילדער (משה מונטיפיורי און ר׳ יצחק אלחנן), אַ דייזשע, אַ מולטער, די זאַשילקע, קאָטשערעס און לאָפּעטעס, אַ בעזים און אַ פּאָמעלע, אַ האַק, אַ האַמער און אַ זעג, אַ פּאַראַסאַן, ביכער און ביכלעך און אזוי ווייטער און ד״גל. אונזער טעכטערל טייבע האָט געהאַלטן אין אירע הענטלעך 2 וואַזאָנעס, אַן אויסגעבייטע וואָראָנע און אירע שבת׳דיקע קליידער מיט אַ שליאַפּקע. די מאַמע האָט געגעבן „פּריקאַזן״ און איר אַדיוטאַנט פריידקע האָט געאַרבעט מעשים; און ווען צוויי גויים האָבן אַרויסגעטראָגן אַ קאַסטן מיט לייוונט, האָט זי צוגעלייגט אַ האַנט... דעם וואַנטזייגער מיטן פּאָמפּערדיקל האָט די מאַמע אָנגעטרויט מיין עלטערן ברודער, פּיניע. קליידער מיט רייפן און קרינאַלינעס, איינגעוויקלט אין ווייסע ליילעכער, זענען געהאַנגען אויף דעם מאַמעס לינקן אָרים. מיר, דריי ייִנגלעך, האָבן געטראָגן אונזער גאַרדעראָב אויף אונזערע קערפּערלעך. צום סוף האָט מען אַרויסגעטראָגן 2 גרויסע קופערטס. דער זיידע האָט געהאַלטן אברהם׳קען אויף די הענט. די גויים האָבן אָנגעפּאַקט דעם ערשטן וואָגן מיט מעבל, קאַסטנס, בעטגעוואַנט און אַלע הויז־געצייג; דער צווייטער וואָגן איז געווען באַשטימט פאַר אונז, דעם לעבעדיקן אינווענטאַר.



א. ווילקאָמירסקי (זשארזש דאלליני)



ראַטשעווסקי, אַן עלטערער גוי, איז צוגעגאַנגען צו אונזער מאַמען און האָט פאַרפירט מיט איר אַ שמועס:

— פּאַני לייזעראָוואַ! וואָס פעלט אייך דאָ צווישן אונז? מיר האָבן אייך ליב... פאַר אייער גוט האַרץ, פאַר אייערע גוטע עצות; 10 יאָר האָט איר צווישן אונז פאַרבראַכט. איר האָט אונז מיט אונזערע קינדער קורירט, ווען פון אַ פאַרקילונג און ווען פון בויך־ווייטיק. מיר האָבן שטענדיק פאַר אייך גאָט געבעטן. פּאַני לייזעראָוואַ! פאָרט נישט קיין באַראַנאָוויטש, אַ בלאָטיק קליין דערפל, נאָך קלענער ווי אונזער דאָרף; וואָס־זשע בייט איר דאָ אויס — „שילאָ נאַ ווילאָ!״

דער גוטער גוי האָט מיך אַ גלעט געטאָן איבערן קעפּל מיט זיין גרויסער האַנט, און איך האָב זיך אָנגעכאַפּט אין מיין מאַמעס פאַרטוך.

— בודטיע זדאָראָווי! — האָט דער גוי געזאָגט, אַרונטערנעמנדיק זיין שעפּסענע קוטשמע, און איז אַוועק מיט אַן איינגעבויגענעם קאָפּ...

אונזער פאָטער לייזער (דער שאַפער) וואָלקאָמירסקי האָט דאַן געאַרבעט אין אַ וואַלד נעבן פּינסק, און אונזער שוואַכע מאַמע האָט געמוזט טאָן אַלץ אַליין; די איינציקע וואָס האָט איר געהאָלפן איז געווען פריידקע.

האָלוב האָט שוין אַרויסגעטראָגן דעם טאָפּטשאַן, אויף וועלכן די מאַמע פלעגט זאַלצן און כשרן פלייש. אין דעם מאָמענט איז צוגעגאַנגען מיקאָלאַיי לוצקי, אַ פאַרמעגלעכער גוי פון אַ יאָר פינף און פערציק. אַ הויכער, שטאַרק געבויטער מוזשיק, מיט לאַנגע שוואַרצע האָר און גרויסע אויגן. ער איז געווען אַ פּראָוואָסלאַוונער און האָט שטאַרק געהאַסט קאַטאָליקן (ראַטשעווסקי איז געווען אַ פּאָליאַק).

— טאַק ווי נאַס אָסטאַוויליאַיעטיע, פּאַני לייזעראָוואַ, — האָט ער געזאָגט פאַרטראַכטערהייט.

— מיר מוזן — האָט געענטפערט די מאַמע, — קינדער וואַקסן אונטער און זיי מוזן לערנען; בילדונג איז דאָס איינציקע, וואָס ביי אונז יידן איז פאַרבליבן. מיר האָבן נישט קיין פעלדער, וואָס זאָלן אונז שפּייזן... און אַז מיר קענען לייענען און שרייבן, וועלן מיר פון הונגער נישט שטאַרבן.

— און אַז מיר האָבן שוין אַ שטיקל פעלד, איז עס דען געגוג? — האָט געזאָגט מיקאָלאַיי שטילערהייט מיט אַ זיפץ, — מיר האָבן קאָרן און בולבעס ביז ראָזשדיעסטוואָ (ניי־יאָר), און די בהמה׳לע און דאָס פערד דאַרפן אויך עסן; נאָך ניי־יאָר דאַרפן מיר שוין פאַרזעצן אונזער נשמה ביים פריץ פאַר אַ זעקל קאַרטאָפל. עך! — האָט ער אַרויסגעלאָזן אַ שטילן טיפן זיפץ — „ני צערקווי, ני שקאָלי!״ אייך איז בעסער, איר קענט פאָרן ווו איר ווילט; מיר זענען צוגעשמידט

צו דער שטיקל זאַמדיקער ערד וואָס דער „גוטער צאַר־באַטיושקאַ" האָט אונז צוגעוואָרפן, ווי מען וואַרפט צו אַ הונט ביינדלעך... זשאַל, זשאַל, וואָס איר פאָרט אַוועק — האָט ער באַדויערט; נאָר אויב איר מוזט שוין יאָ אַוועקפאָרן, טוט־זשע מיר אַ טובה און נעמט מיט זיך די קאַטאָליקן. זיי זענען אַ שאַנדע פאַר אונזער דאָרף; זיי הרגענען, גנבענען, מאַכן פאָגראָמען, מסר׳ן שמואל׳ן דערפאַר, וואָס ער פאַרקויפט שנאַפּס אָן אַ בילעט; אַזאַ אָרעמאַן מיט אַזוי פיל קינדערלעך, אַ רחמנות! „פּראָשטשאַייטיע, ניע פּאָמינאַייטיע ליכאָם!.."

— פּאַני לייזעראָוואַ! — האָט זיך אָפּגערופן האָלוב —, דאָס הויז איז ליידיק, אַלץ איז אויפן וואָגן.

דעם ערשטן האָט מען אַרויפגעזעצט דעם זיידן אויף די בעביכעס. מיר, צוויי יינגלעך, זענען אַליין אַרויפגעקראָכן אויפן וואָגן, און נאָך אונז — טייבע מיט די וואַזאָנעס. פריידקע האָט געהאַלטן אברהם׳קען אויף די הענט און דער קליינער מיזיניקל האָט געראָוועט, נישט געוואָלט פאָרן. די מאַמע האָט זיך געזעגנט מיט די שכנים און איז אויך אַרויף אויפן וואָגן. האָלוב האָט אַרונטערגענומען די טאָרבעס מיטן האָבער פון די פערד, גענומען די לייטשעס צווישן זיינע פינגער און אַ שמיץ געטון דעם פערד.

— אוי, וויי איז מיר! שיר נישט פאַרגעסן... פּאָטשעקאַיי, פּאַן האָלוב!..

טפּררוּ!!! — האָט האָלוב אַ געשריי געטאָן און אָנגעצויגן די לייטשעס.

מיט אַן אימפּעט האָט די מאַמע אַרונטערגעשפּרונגען פון וואָגן און אַריינגעלאָפן אין שטוב. עפּעס האָט זי דאָרט געקלאַפּט און געמייסטרעוועט. אין אַ ווײַלע אַרום איז זי אַרויס, זיך אָפּגעשטעלט און אָפּגעצויגן דעם אָטעם. זי איז געווען שוואַך, דאָס געזיכט בלאַס, די שוואַרצע אויגן האָבן געברענט, אירע שיינע שוואַרצע האָר צעפּודלט, איר שלאַנקע פיגור מיטן קורנאָסן נעזל פאַררויסן. אַ שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף אירע שיינע ליפּן.

— כ׳האָב עס! — האָט זי עטלעכע מאָל איבערגעחזרט מיט אַ טריאומפירנדיקער שטימע, פּונקט ווי זי וואָלט שיר נישט פאַרגעסן אירע בריליאַנטן. זי האָט געהאַלטן אין איר ווייסער האַנט... די מזוזה — — —

לאַנגזאַם, מיט דעם סקריפּען פון די רעדער, האָבן מיר זיך געשלעפּט דורך דעם וועלדל פון דערעוונאָיע ביז מוש.

אַ מורא האָט אונז באַפאַלן ווען פּיניע האָט דערציילט וועגן די וועלף, וועלכע ער האָט געזען פאָרנדיק זומער מיטן טאַטן דורכן וועלדל, — און ווי אַזוי די מאַמע מיט פריידקען זענען פאָריקן ווינטער דורכגעפאָרן צווישן צוויי וועלף; זיי האָבן געמאַכט אַזוינע קולות, אַז דאָס פערד האָט זיך צעטראָגן און זיי געראַטעוועט פון די הונגעריקע וועלף.

אונזער בהמה קראַסוליע האָט אַ פּאָר מאָל אַ מוההה געטאָן און דעם איבעריקן וועג האָט זי געקייט, מעלה גרה, נאָכגייענדיק אונזער וואָגן צוגעבונדן מיט אַ שטריקל.

מיר זענען אַריינגעפאָרן אין מושער בלאָטע איבער די אַקסן פון אונזערע וועגעגער. מענטשן זענען אַרויסגעלאָפן פון די הייזער אָנקוקן דעם באַגאַזש און די פאַרשוינען, וואָס שלעפּן זיך אין אַזאַ פּאַסקודנעם וועטער קיין באַראַנאָוויטש. מענער און ווייבער האָבן געטאָפּטשעט אין בלאָטע, זייערע קאַפּאָטעס און קליידער פאַררויסן.

מיר האָבן דורכגעפאָרן דעם מאַרק און זיך אָפּגעשטעלט ביים הילצערנעם בריק, וואָס איז געלעגן איבערן טייכל. האָלוב מיט זיינע זין האָבן אַראָפּגעשפּרונגען פון די וועגענער און געבעטן אונזער מאַמען, טייבען און פריידקען זיי זאָלן אויך אַראָפּגיין (אונז, די קלענערע קינדער און דעם זיידן, האָבן זיי געלאָזט זיצן). נאָך עטלעכע שמיץ און גוואַלדיקע קולות האָבן די פערד קוים אַריבערגעצויגן די וועגענער איבערן בריקל. אברהמ׳קע האָט זיך דערשראָקן און זיך צעשריען. דאַן האָט זיך דער עולם ווידער איינגעזעצט אויף די פריערדיקע ערטער, און געפאָרן ווייטער.

אַ וויאָרסט פאַר באַראַנאָוויטש זענען מיר פאַרבייגעפאָרן זייטשיקס הויז. אַ פייף און אַ געדיכטער רויך האָבן איבערגעשראָקן אונזער קלאַטשע און זי האָט אָנגעהויבן צו לויפן. „טשוהונקאַ", — האָט זיך אָפּגערופן האָלוב און אָנגעוויזן מיט דער בייטש אויף רעכטס, ווו ס׳איז דורכגעלאָפן מיט אַ גרויסן טאַראַראַם אַ פּאָיעזד.

און אָט זענען מיר שוין ענדלעך אין אַלט־באַראַנאָוויטש פאַרבייגעפאָרן די ערשטע שטוב.

— דאָס איז ישראל דעם גזלנ׳ס הויז — האָט די מאַמע געזאָגט שטילערהייט.

דאָס צווייטע הויז, אַ גרויסער און שיינער בנין, האָט באַלאַנגט צום גראַף ראַזוואָדאָווסקי; אין אים האָט געוווינט דער פּריסטאַוו (אָדער אוריאַדניק). אין דעם דריטן, אַ קלענערן בנין, איז געווען די פּאָטשט. דאָס פערטע הויז האָט געהערט צו איטשע טורעצקי; ער האָט געהאַט דאָרט אַ גאָסטיניצע (אכסניה) און אויך געהאַלטן די פּאָטשטאָווע פערד. אין דעם פינפטן הויז איז געווען שייקעס קרעטשמע, און אויפן הויף זיין חסידיש שטיבל. אין דער זעקסטער שטוב איז געווען בערמאַנס גאָסטיניצע. נאָך איר איז געשטאַנען קאַמינסקיס גאָסטיניצע, און אין געסל האָט זיך געפונען שקאָלניקס באַקאַליינע קראָם. אין דער ניינטער שטוב איז געווען זאַבלאָצקיס גאָסטיניצע. דאָס צענטע און לעצטע הויז האָט באַלאַנגט צו בענדעטן; אין דער צווייטער העלפט, מיט אייזערנע גראַטן אויף די 4 פענסטער, איז געווען דער אַרעסטאַנטסקער קאָנצענטריר־פּונקט. צוויי הייזער זענען געשטאַנען ביים פּערעיעזד; אין איינעם האָט געוווינט די פאַמיליע ליס. מיט דעם האָט זיך פאַרענדיקט אַלט־באַראַנאָוויטש.

איבעראַל איז געווען אַ סך בלאָטע, באַזונדערס אַנטקעגן דעם וואָקזאַל. צופאָרנדיק צום פּערעיעזד האָבן זיך צוגעמאַכט די באַריערן און מיר זענען געבליבן שטיין. ווי אַ בליץ איז פאַרבייגעלאָפן אַ פּאָיעזד מיט אַ פייף און טומל. אונזערע הערצעלעך האָבן געקלאַפּט פאַר שרעק און אברהמ׳קע, וועל־

כער האָט דעם גאַנצן וועג געהאַלטן אין איין שרייען, איז פאַר מורא אַנטשוויגן געוואָרן.

מיר זענען אַריבערגעפאָרן די רעלסן און פאַרבייגעפאָרן בערמאַנ׳ס הויז, נח עפשטיינ׳ס גאסטיניצע, גאַלפעריג׳ס אייזן־קראָם, איטשע גאָלדעס, משה דעם שוחט, זשעמע דעם בעקערס שטיבעלע און חיים יעלניקערס הויז. רעכטס, ביי די ליניעס, צווישן בוימער, אַנטקעגן נח עפשטיינען, זענען געשטאַנען דעם פּאָליאַק צעלינסקיס הייזער; אין איינעם פון זיי האָט געוווינט דער אַדוואָקאַט אַדלער. נאָענט צו חיים יעלניקער, אין אַ קליין הייזל, האָט געהאַט איר שניידערוואַרשטאַט די שניידערקע מינקע טורעצקי און איר שוועסטער שרה.

ווייטער אַראָפּ זענען מיר געפאָרן פאַרביי משה דעם בעקער און אַריין אין אַ גרויסע לוזשע ביז איבער די אַקסן. מיט שוועריקייטן האָבן די מידע פערד אַרויסגעשלעפּט ביידע וועגענער. נאָך שאול ברוך דעם שוסטער זענען מיר ענדלעך אריינגעפאָרן אין חייקעליכעס הויף. אַ פרישע בלאָטע!

„סטאָי!” האָט האַלוב דערלאַנגט אַ געשריי, און זיין קלאַטשע איז געבליבן שטיין.

„נו, אי באָלאָטאָ כוזשע נאַשעוואָ!” — האָט האלוב געשאָקלט און געדרייט מיטן קאָפּ, און דער סוס האָט אַ נאָס געטון — „וואָט אי פראַוודו סקאַזאַל!”...

אַ האַלב־בלינדע פרוי האָט אונז מקבל פנים געווען. אַ הונט איז אַרויסגעקראָכן פון דער לוזשע, ער האָט זיך אָפּגעטרייסלט און באַשפריצט חייקעליכען און אונזער מאַמען.

„פּאַני לייזעראָוואַ, פּאָיעדעם אָבראַטנאָ אווו דערעווניו! איך וועל ביי אייך דערפאַר קיין געלט נישט נעמען; טאָם או נאָס טשישטשע” — האָט זיך געבעטן האָלוב. אָבער די מאַמע האָט באַצאָלט פאַר אַ גאַנץ יאָר פאָרויס און געדונגען דעם סטאָלאָוויטשער רבי פאַר אונז יינגלעך. אונזער בהמה האָט, ווייזט אויס אַלס פּראָטעסט, דערלאַנגט אַ מוהההה, דער כלב האָט אַ ביל געטאָן, און טייבע האָט אַרויסגעלאָזט אַ טרער.

„שלמה! מרדכי! אַבֿרהמ׳ל! אַ קלאָג צו אייך” — האָט געשריען חייקעליכע מיט איר גרילצנדיקן קוויטש — „העלפט ארונטערנעמען די זאכן פון וואָגן”. די דריי יונגע בנים מיט דעם הויז־אַרבעטער פּראָקאָפּ האָבן זיך דערלאַנגט אַ לאָז צו די וועגענער, זיי תיכף ומיד אויסגעלאָדן און צושטעלט אַלץ אויף אַן אָרט.

אונטער פריידקעס אדמיניסטראַציע האָט באלד אין אויוון געפלאַקערט אַ פייער. טעפּ זענען געשטאַנען גרייט און אַלע קליפּער־געצייג האָבן פאַרנומען זייערע פּאָזיציעס. אַ ווייסע טישטוך האָט צוגעדעקט דעם גרויסן טיש, און שוין איז אויף אים געשטאַנען אַ קאָכעדיקער סאַמאָוואַר. אונזער שיינער זיידע איז געזעסן ווי אַ פּאַטריאַרך אויבן־אָן, האַלטנדיק אויף זיין שויס אברהמ׳קען. די מאַמע האָט אלעמען איינגעלאַדן צום טיש אויף אַ גלעזל טיי מיט קיכל, נישט פאַרגעסנדיק האלובן מיט זיינע צוויי בנים.

„האָט רחמנות, פאַרדינט אַ מצוה! גיט מיר פאַר אַ קראַנק קינד אַ טעפּעלע טיי מיט אַ שטיקעלע צוקער” — האָט זיך דערהערט אַ שטימע פון אַ מיטל־יעריקער אָרעמער פרוי, וועלכע איז געבליבן שטיין ביי דער טיר, האַלטנדיק אין האַנט אַ ליימענעם געדראָטעוועטן טעפּעלע.

די מאַמע האָט איר פאַרבעטן צום טיש: „זיצט, טרינקט אַ גלאָז טיי און פאַרזוכט אונזער קיכל”.

דאָס איז געווען כישע די טוקערקע, די פרוי פון ערשטן באַראַנאָוויטשער שמש, אַ קראַנקער און שוואַכער מענטש.

„סאַראַ שיינע פאָרהאַנגלעך” — האָט כישע פאַרבראָכן מיט די הענט — „און ווער האָט ע׳ס אויסגענייט דעם בושעל אַפּ׳ן פּאַטרעט?”

„טייבע, מיין עלטערע מיידל” — האָט די מאמע געענטפערט.

„זי האָט דאָך גאָלדענע הענט, געזונט זאָל זי זיין; זי קען דאָך דאָ מאַכן געוויס 10 גילדן אַ וואָך, די פּריצטעס וועלן עס צעצוקערן”.

די מאַמע האָט אָנגעפילט דעם טעפּל מיט טיי און געגעבן כישען אַ שטיקל צוקער מיט אַ קיכל.

„ווען איר וואָלט געהאַט נאָך אַ קיכל, וואָלט איר געראַטעוועט מיין קראַנקן מאַן” — האָט געזאָגט כישע מיט אַ זיפץ.

די מאַמע האָט איר געגעבן נאָך צוויי קיכלעך.

„גאָט זאָל אייך בענטשן, אַזאַ טייערע נשמה” — האָט כישע באַדאַנקט, גייענדיק צום טיר און בייטנדיק דעם הייסן טעפּל פון איין האַנט אין דער צווייטער. זי האָט זיך אומגעקערט און געפרעגט: „שבת צו נאַכט, נאָך הבדלה, וועט איר דאָך מסתמא ווידער טרינקען טיי?”

„מיר טרינקען טיי יעדן טאָג” — האָט די מאַמע געענטפערט מיט אַ שמייכל.

„ס׳איז גוט צו וויסן” — האָט כישע גערעדט אַזוי ווי צו זיך, און איז אַרויס פון שטוב. — — — — — — — —

דער ערשטער בעל־הבית אין באַראַנאָוויטש איז געווען שייקע באַראַנאָוויצקי, אַ קוידאַנאָווער חסיד. אַ הויכער, שיינער, פעסט־געבויטער מאַן, מיט שוואַרצע ברענענדיקע אויגן, אַ לאַנגער באָרד און אַ גרויסן בויך; ער האָט געהאַלטן אַ קרעטשמע און אכסניה, וועלכע איז געשטאַנען אויף אַלט־באַראַנאָוויטש, אַנטקעגן דעם וואָקזאַל.

די צווייטע אכסניה האָט באַלאַנגט צו ישראל׳ן, שייקעס אַ קאָנקורענט. ער איז געווען אַ מיידעם אויף שלעפּן צו זיך פּאַסאַזשירן, פלעגט פערזענלעך באַגעגנען יעדן באַן, ביי טאָג און ביי נאַכט. אַחוץ זיין אכסניה פלעגט ישראל האַנדלען מיט טרוקענע שוואָמען און אייער. איז אויך געווען אַ שטיקל מעקלער, און ביי די פּריזיוון אין מוש — אַ גאַנצער „פּאַן בראַט” מיט נאַטשאַלסטוואָ און פּריצים, מיט וועלכע ער האָט זיך געקענט גוט פאַרשטענדיקן אויף זייער שפּראַך. אין באַראַנאָוויטש און אין דער אומגעגנט האָט מען וועגן אים געוווּסט צו דערציילן אַ שווידערלעכע מעשה, וואָס צוליב

איר איז ער געקרוינט געוואָרן מיט דעם נאָמען „ישראל דער גזלן"...[1] — — — — — — — — — — — —

אין די זיבעציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט, ווען פּאָליאַקאָוו האָט געבויט די באַן־ליניע מאָסקווע—בריסק, האָבן די ברידער פּידליאַנסקי פון פּעטערבורג געאַרבעט פאַר דעם גרויסן פּאָדריאַטשיק. ווען מען האָט צומאָסטן די ערד און גענומען לייגן דעם אָנשיט, האָבן די פּידליאַנסקיס באַשטימט באַראַנאָוויטש פאַר זייער זיץ־אָרט און אויסגעבויט אַ סך הייזלעך פאַר זיך און זייערע אָנגעשטעלטע. שפּעטער האָבן זיי דורגעפירט די פּאָלעסיער ליניע און צולעצט — די אָפּצווייגונג באַראַנאָוויטש — ביאַליסטאָק. ווען די דריי ליניעס זענען פאַרטיק געוואָרן, האָבן זיי די הייזלעך אָפּגעגעבן זייערע פּריקאַזטשיקעס, אַ טייל אומזיסט אַלס מתנה און אַ טייל פאַר אַ קליינער באַפרידיקונג.

די ערשטע בעלי־בתים פון באַראַנאָוויטש האָבן געשטאַמט פון די אַרומיקע געגענטן, מייסטנס פון מוש; אַן אויסנאַם איז געווען יעקב טילעוויטש, וועלכער איז אַריינגעפאָרן מיט זיין משפחה פון מאָהילאָוו.

אויף דער גאַס, וועלכע האָט זיך שפּעטער אָנגערופן „שאָסיינע" און ווו עס זענען געשטאַנען נח עפּשטיינס און בערמאַנ׳ס הייזער, האָבן איבערן וועג געוווינט חיים לייב שערעשעווסקי און מאָטיע ראַבינאָוויטש. אַנטקעגן, אויף דער קאַזיאָנער ערד, — אַ פּויער מיטן נאָמען בוהאַי. נאָך ראַבינאָוויטשן איז געשטאַנען שמואל דעם שמיד׳ס חורבה מיט אַ קוזניע.

אַריבערגייענדיק פון וואָקזאַל די רעלסן, די ערשטע שטוב ביים וואַלד, האָט באַלאַנגט צום הינקעדיקן קראַסנאָפּיורקע. ביי אים איז געווען דער קאָרטן־קלוב פון שטעטל; קריסטן און יידן האָבן דאָ געשפּילט אין קאָרטן, און ער האָט פון דעם געמאַכט א לעבן... געהאַט חזקה אויף דער ערשטער „שטאָט" לעבן רב, ווייל ער האָט מנדב געווען די ערשטע קלאָץ צום בויען דעם אַלטן בית־המדרש.

אין שכנות צו אים האָט געלעבט אָרקע מיסקין (אָרקע זנאַיער), וועלכער האָט געהאַט אַ גרויסן פּלאַץ מיט האָלץ צום בויען הייזער. נאָך אים איז געווען שלמה טורעצקי; אין דער צווייטער העלפט פון זיין הויז האָט געוווינט פייגבערג (פון האָראָדישטש), — אַ שיינער, הויכער ברונעט מיט אַ שוואַרצער געשאָרענער בערדל, פאַרמאָגט אַ בריטשקע און אַ שיין פערדל מיט גלעקלעך. ער האָט נאָך דאַן געלעבט אויף זיין נדן. ביי שלמה טורעצקי אין הויף האָט געלעבט יעקב לייב זייטשיק מיט זיין פאַמיליע. נאָך שלמה׳ן האָבן זיך געצויגן: דאָס הויז פון ה׳ טילעוויטש (צוגעשטעלט האָלץ צו די באַנען אויפן אָפּשניט פון באַראַנאָוויטש ביז ווילנע), די כאַטקע פון ביניע דעם שוסטער און די שטוב פון איטשע דעם גבאי (יצחק בערעזאָווסקי). משה דער בעקער האָט פאַרענדיקט די געסל. הינטער איר, אין וואַלד, איז געשטאַנען דער

[1] „המליץ" פון 1897, נומער 102.

ערשטער בית־מדרש און להבדיל לעבן אים — די אַלטע באָד. זושע סאַוויצקי — אַ קליין יידל מיט אַ געדיכטער באָרד — און זיין ווייב ליבע, זענען געווען די ערשטע פאַרוואַלטער פון דער באָד.

צווישן משה דעם בעקער און שאול ברוך דעם שוסטער איז געשטאַנען אַן אייבּיקע לוזשע, וואָס פלעגט ווערן פאַרפרוירן בלויז אין ווינטער.

פון דאַנען האָט זיך אָנגעהויבן די ערשטע לאַנגע און ברייטע גאַס, וואָס דער גראַף ראַזוואַדאָווסקי — אויף וועמענס באָדן עס האָט זיך אויסגעבויט די שטאָט — האָט איר אָנגערופן יעליזאַוועטינסקאַיאַ, אויפן נאָמען פון זיין טאָכטער (שפּעטער פּילסודסקי).

דאָס צווייטע הויז אויף דער גאַס האָט געהערט צו חייקל ברעוודען; דאָ איז געווען אונזער ערשטע וווינונג. אַנטקעגן איז געשטאַנען אַן אַלטע כאַטע, אין וועלכער עס האָט געהאַט זיין רעזידענץ משה דער שוסטער מיט זיין אַלטיטשקע און אַ ציג; דאָ איז געווען אונזער חדר. די צווייטע העלפט האָט פאַרנומען אַ טעלעגראַפיסט יערמעליאַנאָוו מיט זיין מוטער, אַ רוסין פון סמאָלענסקער גובערניע. זייער גוטע מענטשן. אונזער מאַמע האָט מאַדאַם יערמעליאַנאָף געלערנט די לאָקאַלע גויישע שפּראַך, וועלכע איז געווען כמעט ווי אומפאַרשטענדלעך פאַר דער רוסישער פרוי.

אַך־און־וויי ווי די שפּראַך האָט אויסגעזען אין די מיילער פון די יידישע ווייבער אין יענע צייטן...

„אידזי איז פייאַנים באַגעם" — האָט זיך איינמאָל אָפּגערופן אין אַ קלייטל אַ יידענע צו עטלעכע שקצים.

— אַ טשי באָך פייאַני? — האָבן די שקצים געהויבן מיט די פּלייצעס און געדרייט מיט די קעפּ.

אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט און איינער פון זיי האָט די יידענע דערלאַנגט אַ שטופּ, און זי איז געפאַלן ביי איר אין קרעמל. ס׳איז געוואָרן אַ טומל. עס האָבן זיך צונויפגעלאָפן אירע דריי זין און נאָך אַ 7—8 יידן; מען האָט די שקצים צעקאָלעטשעט, און פאַרוואָס?..

די שקצים, אין שעפּסענע פעלצלעך, זענען אריין אין אַ הייסן זומערדיקן טאָג און געבעטן סעלצן־וואַסער פאַר אַ גראָשן. די קרעמערקע האָט געפּאָדערט אַ קאָפּיקע פאַר אַ גלאָז וואַסער און נישט געוואָלט פאַרקויפן אַ האַלב גלאָז. די שקצים האָבן אָבער צוגעשטאַנען, אַז זיי האָבן נאָר אַ גראָשן און דאַרפן גיין צופוס אין אַזאַ היץ אַזש ביז קאַלפּיניצע. די יידענע, אַ האַלב־בלינדע, האָט אין דער פינסטער געקוועטשט דעם סיפאָן שוואַך און פאַמעלעך.

„דאַי יעשטשאָ קאַפּליו!" — בעטן זיך ביי איר די שקצים.

— דאַי יעשטשאָ גראָש! — האָט געענטפערט די יידענע.

די שקצים האָבן אַ כאַפּ געטאָן דאָס גלאָז פון אירע הענט, און זי האָט עס צוריק ארויסגעריסן און געהאַלטן אין איין שרייען: „אידזי איז פייאַנים באַגעם!"

דאָס גלאָז מיטן וואַסער איז אַראָפּגעפאַלן אויף דער פּאָדלאָגע און זיך צעבראָכן. די שקצים האָבן דערביי אַ שטופּ

געטאָן די יידענע; זי איז געפאַלן און געמאַכט אַ גוואַלד. און אזוי איז געוואָרן אַ געשלעג.

איך בין דערביי געשטאַנען. דאָס בילד איז פאַרבליבן איינגעקריצט אין מיין זכרון; זי שטייט נאָך איצט פאַר מיינע אויגן. אזוי גרויס איז געווען די אָרעמקייט אין דאָרף און קליינע שטעטלעך אין די רוסישע צאַרישע צייטן סיי ביי גויים און סיי ביי יידן. פאַר אַ גראָשן איז רעכט געווען נישטווילנדיק הרגענען אַ מענטשן...

זונטיק פלעגן די גויים פון די אַרומיקע דערפער קומען קיין באַראַנאָוויטש מיט אַ וואָגן האָלץ, קאַרטאָפל, ציבעלעס, בעבלעך, אַרבעס, בוריקעס, קאָרן, ווייץ און האָבער; זיי פלעגן דאָס פאַרקויפן אָדער אויסבייטן אויף זייף, הערינג א.ד.גל. און, פאַרשטייט זיך, מאַכן אַ „לחיים". קיין קלויסטער איז נאָך דאַן אין באַראַנאָוויטש נישט געווען. — — — —

לעם משה דעם אלטן שוסטער איז געשטאַנען כישעס „פּאַלאַץ" (איר מאַן איז עס געווען דער „אָפּגעדאַנקטער" שמש), און אויפן ראָג האָט געוווינט אברהמ'ל דער שמיד מיט זיין קוזניע אויפן גאָרטן.

אַ היפּשער מרחק פון דאַנען, ביים וואַלד, איז געשטאַנען דעם גאָראָדייער מלמד'ס הויז. איבערן וועג איז געווען אַ חורבה, אין וועלכער עס האָט געלעבט חיים־עטשע (פון חברה־קדישא). באַראַנאָוויטש האָט זיך שוין אַרויפגעאַרבעט אויף אַ בית־עולם.

מיט עטלעכע יאָר צוריק זענען צוויי ישיבה בחורים געגאַנגען אין אַ הייסן זומערדיקן טאָג זיך באָדן אין דער סוויאַטילאָוויטשער שטייענדיקער אָזיערע, און זיי זענען דערטרונקען געוואָרן. אָט די צוויי בחורים'לעך האָבן עס געמאַכט דעם אָנהויב...

מיר קערן זיך אום צוריק צום אָנהויב פון יעליזאַוועטינסקע גאַס.

נאָך חייקל ברעוודען האָט געוווינט אַ שניידער (שטאַטסקי), די הינטערשטע העלפט איז געווען פאַרנומען פון דעם אַקציזניק. ביי חיים יעלניקער האָט געהאַט זיין וואַרשטאַט יעקב יודקאָווסקי. נאָך יעלניקערן האָבן געוווינט: טאַרטשיצקי דער שוסטער און משה אלעייניק דער דאַמען־שניידער. אַנטקעגן, ביי לייבל יאָכעס, (יעלניקערס אַ זון) האָט געוווינט דער ערשטער רב ר' חיים לייב לובטשאַנסקי. יאָכע מיט איר מאַן האָבן געדונגען אַ קרעמל ביי שמואל דעם קצב; זיי האָבן פאַרקויפט באַקאַליי.

פיקעלני, דער ערשטער סטאַראָסטע, האָט געהאַט אַ מעל־קראָם צווישן יאָכען און אהרן דוד דעם בעל־העגלה. שמואל דער קצב האָט פאַרענדיקט דעם קוואַרטל.

אין געסל, צווישן וועלוול וואָלאָכוויאַנסקי און חיים לייב שערעשעווסקי איז געשטאַנען עליע אַנטאָנאַווער'ס הייזל. ביי וועלוול וואָלאָכוויער (געהאַט אַ קראָם פון מעל) האָט געוווינט שוליינער דער סטאָליער מיט זיין פרוי און דריי זין: שמואלקע, גדליה און מייקע (שפּעטער דאָקטאָר מאַקס שוליינער).

משיח דער קצב (ביי אים אין הויף האָט געוווינט דער „מלאך"), ניסן דער סטאָליער און זיין שכן אברהם מיטראָפאָליטאַנסקי, פסח דער בעדער, הרצל ראַזליוושטשיק און העלפאַנד האָבן באַוווינט דעם דריטן קוואַרטל. אַברהם ברוידע'ס קרעטשמע האָט פאַרנומען דעם גאַנצן מיטן פון 4־טן קוואַרטל. אויף דעם פינפטן קוואַרטל איז געשטאַנען לייבע יאסינאָווסקיס הויז (לייבע לעכעוויטשער) און שמעון משה וואָליאַנסקי'ס אכסניה; ביי אים האָט געוווינט און געהאַט זיין מאַסטערסקאַיע דער יוועלירער בערל שימאַנסקי.

גאַנטפיג, דער נאַטשאַלניק סטאַנציע, האָט געוווינט אין זיין אייגענער שטוב ביים וואָקזאַל. עטלעכע וויאָרסט ווייטער, אויפן וועג צו פאָלאָנקע, זענען געשטאַנען דריי גרויסע הייזער, וועלכע האָבן אויך באַלאַנגט צו אים; דאָרט האָבן געוווינט באַן־באַאַמטע.

דאָס איז געווען באַראַנאָוויטש אין יאָר 1890. —

## משה יודעלעוויטש

סאַנטיאַגאָ — טשילע

# הכנסת אורחים

(אַ באַגעגעניש צווישן ר' יאשע בער בריסקער און ר' אהר'לע קוירַאנאָווער ביי שייקע באַראַנאָוויטשער אין קרעטשמע).

40 יאָר זענען שוין פאַרביי, זינט איך האָב געהערט דאָס, וואָס איך גיי דאָ איבערגעבן. דאָך איז עס אזוי פריש אין זכרון, ווי ס'וואָלט ערשט נעכטן פאָרגעקומען.

ר' יהודה גרייעווער, אַ שיינער, ציכטיקער ייד, — ער שטייט מיר פאַר די אויגן אין זיין מהודר'דיקן בערשאדער טלית, ביי זיין שטענדער, אין דעם קוידאַנאָווער שטיבל אין האָראָדישטש. אַ ווינטערדיקער פרימאָרגן, אָבער אַ שיינער טאָג. מילדע שטראַלן פון אַ כסלו'דיקער זון שניידן אַדורך די האַלב־געפרוירענע שויבן און פאַלן אַריין פריילעכע אין דעם וואַרעם־אָנגעהייצטן חסידישן שטיבל. ס'איז שוין נאָכן דאַווענען.

און ווען ר' יהודה פלעגט פאַרענדיקן זיין לאַנגע עבודה און שוין האַלטן ביים צונויפלייגן די תפילין דרבנו תם, האָט ער בשעת מעשה ליב געהאַט צו דערציילן; דערציילן פון אַמאָליקע יאָרן, פון פאַרצייטיקע גוטע יידן. און טאָן פלעגט ער עס מיט הרחבת הדעת, — אַזוי ...פאַמעלינקע, נישט

געכאַפּט. און מיר, תינוקות של בית רבן, פלעגן שטיין צווישן די עלטערע און הערן, הערן מיט אָפענע מיילער, ממש שלינגען זיינע ווערטער. — — — — — — — — — — — — — —

— אנטקעגן דעם וואָס איר זאָגט: באַראַנאָוויטש איז געוואָרן אַ כרך... ווי ס'לויפן זיך די יאָרן! ווי לאַנג איז דאָס, ווען באַראַנאָוויטש האָט פאַרמאָגט נאָר איין איד, איין איינציקן איד... ווער געדענגט עס נישט שייקע באַראנאָוויטשער און די אַלטע קרעטשמע זיינע? מסתמא געהאלטן ביים גראַף אין אַרענדע; אַן אַלטער פאַרצייטיקער בנין מיט אַ הויכן שטרויענעם דאַך... און שייקע אַליין? אַ הייסער חסיד, פלעגט גיין אויף ימים נוראים קיין קוידאַנאָוו. און דער עיקר, — געווען אַ גרויסער מכניס אורח. יע! אַ שיינער איד געווען דער ערשטער אידישער תושב פון באַראַנאָוויטש. אָבער, — און דאָ האָט ר' יהודה מפסיק געווען און מיט אַ ישוב־הדעת'דיקן שמייכל אַ זאָג געטאָן: הכנסת אורחים האָט אַ סך בחינות און מדרגות. איז דען דאָ אַ שיעור אין דעם? שייקע באַראַנאָוויטשער איז געווען א מכניס אורח, טאַקע מיט דער ברייטער האַנט; אָרעמע חסידים פלעגן ביי אים אָפּזיצן גאַנצענע וואָכן, אָן אַ גראָשן געלט. אָבער די דאָזיקע מידה האָט שייקע געהאַט צו פאַרדאַנקען נישט קיין אנדערן, ווי דעם בריסקער רב ר' יאָשע בערן ז"ל. דער בריסקער גאון האָט עס אונזער שייקען געמאַכט אזוי ברייטהארציק, ומעשה שהיה כך היה. כדאי איר זאָלט עס הערן.

דאָס איז געווען — דערציילט ר' יהודה — אין אַ ווינטערדיקן אָוונט. דער יונגער רבי ר' אהר'לע זצ"ל האָט געדאַרפט אָנקומען פון קיודאַנאָוו. חסידים פון דער סביבה — פון מוש, האַראָדישטש, לעכעוויטש, מייטשעט און אַנדערע שטעטלעך, — האָבן אָפּגעוואַרט דעם רבין אין שייקעס קרעטשמע.

מאַכט זיך אַ מעשה און גראָד דעם זעלבן אָוונט איז אָנגעקומען ר' יאָשע בער בריסקער; ער האָט געמוזט איבערנעכטיקן אין באראנאָוויטש. און דער שטייגער פון בריסקער גאון איז געווען צו גיין אליין, אָן משרתים און אָן שמשים...

קומט זיך אַזוי דער בריסקער רב אריין אין קרעטשמע, גייט צו צו שייקען, און פרעגט אויף אַ צימער צום איבערנעכטיקן. שייקע, פאַרנומען מיט די חסידישע אורחים און רבינ'ס אָנקומען, האָט זיך קיין חשבון נישט געגעבן מיט וועמען ער האָט צו טאָן. ער האָט נישט געקאָנט פערזענלעך דעם בריסקער גאון; געמיינט, סתם אַ איד, — גיי ווייס, אַז דאָ שטייט פאַר דיר ר' יאָשע בער בריסקער. גיט ער זיך, שייקע הייסט עס, אַ זאָג: „הנה ארצי לפניך — זייט מוחל ר' איד און שפאַרט זיך צו ערגעץ אין שענק; קיין חדרים האָב איך נישט. דער רבי דאַרף באַלד אָנקומען, ס'איז אומעטום פאַרנומען. אָפּגעזאָגט און אוועק.

איז וואָס מיינט איר האָט ר' יאָשע בער געטאָן? געגאַנגען זוכן אַן אַנדער קרעטשמע? קיין אנדערע איז נאָך דאַן אין באַראַנאָוויטש נישט געווען. האָט ער זיך טאַקע, באין ברירה, צוגעזעצט אויף אַ באַנק, אין שענק צווישן די ערלים, אַרויסגעצויגן פון קלומיקל אַ ליכט, אַרויסגענומען אַ ספר'ל און אַריינגעקוקט אין אים שטעלרהייט.

מיטאַמאָל ווערט אין קרעטשמע אַ גרויסער גערודער: „דער רבי! דער רבי קומט!" חסידים לויפן הין און הער, מען שטייט ביי די טירן, מען רעש'ט, מען שטופּט זיך, ווי דער שטייגער ביי חסידים. און דער בריסקער רב — ווי אים וואָלט גאָרנישט אָנגעגאַנגען, קוקט אַריין אין ספר, פאַרטיפט אין זיין ענין; טאַקע א גאון אָבער דאָך אַ מתנגד...

ווען דער רבי ר' אהר'לע איז אריינגעקומען אין קרעטשמע און גענומען שלום ביים עולם, האָט זיך ביי יאָשע בער'ן פלוצים עפּעס געענדערט... עפּעס איז פאָרגעקומען אין זיין געמיט; זאָל זיין סתם נייגיר, אָדער אפשר טאַקע כדי מקבל פנים צו זיין אַ תלמיד חכם? ער האָט זיך געגעבן אַהויב אויף, זיך אַדורכגעשטופּט דורך די חסידים, און אויך דערלאַנגט שלום דעם רבין.

איז וואָס מיינט איר איז געווען? איך ווייס נישט, צי דאָס טביעת עין פון אַ תלמיד חכם, צו אַ... יש אומרים, אַז ר' אהר'לע האָט בימי נעוריו גאָר געלערנט תורה ביי ר' יאָשע בער'ן... און ער האָט אים פשוט געקאָנט. ווי די זאַך זאָל נישט זיין, נאָר דער רבי האָט באַלד געוווּסט מיט וועמען ער האָט צו טאָן, און ווי עטלעכע חסידים וואָס זענען דערביי געשטאַנען דערציילן, איז ר' אהר'לע געווען זייער איבערראַשט, דערזעענדיק דעם חשובן אורח, און אויסגערופן: „שלום־עליכם בריסקער גאון! וואָס מאַכט איר?" ער האָט אים שטאַרק מקרב געווען, גענומען אונטערן אָרים און נישט אָפּגעלאָזט; געהייסן שייקען צושטעלן נאָך אַ בעט פאַרן אורח.

ביים אַריינגאַנג אין ספּעציעל צוגעגרייטן עסצימער, האָבן זיך ביידע רבנים גענומען דינגען ווער זאָל אריין פריער; איינער האָט געלאָזט דעם וועג פאַרן צווייטן.

— איר זענט פריער, אויף אייך האָט מען געוואַרט... — האָט זיך אָפּגערופן יאָשע בער. ביים טיש האָט מען אויבן־אָן צוגעשטעלט אַ צווייטן שטול פאַרן בריסקער רב.

ווילט איר דאָך אודאי וויסן, ווי ס'האָט זיך געפילט נאָך אַזאַ מין באגעגעניש אונזער שייקע? אים איז טאַקע נישט געווען וואָס מקנא צו זיין. באַלד ווי ער האָט זיך דערוווּסט, אַז דער איד, וועמען ער האָט אַזוי באַהאַנדלט, איז דער בריסקער גאון און זעענדיק וואָס פארא גרויסן כבוד דער קוידאַנאָווער גיט אים אָפּ, איז אויף אים אָנגעפאַלן אַ שרעק. און ווען ביידע רבנים האָבן זיך געזעצט צום טיש, איז ער צוגעגאַנגען צו יאָשע בערן אַ פאַרוויינטער, אַ צעבראָכענער און גענומען בעטן ביי אים מחילה: „הייליקער רבי! — האָט שייקע געכליפּעט — איך האָב מבזה געווען די תורה, איך האָב נישט ווי געהעריק מקיים געווען די מצוה פון הכנסת אורחים; זענט אויף מיר גוזר וואָס איר ווילט, נאָר זייט מיר מוחל".

חסידים, עדי ראיה, דערציילן, אַז ר' יאָשע בער האָט שייקען געענטפערט בזה הלשון:

— די מידה פון הכנסת אורחים איז זייער אַ שיינע מידה.

די גמרא זאָגט: גדולה הכנסת אורחים מקבלת פני השכינה. איצט איז מיר פאַרענטפערט געוואָרן אַ קשיא, — די דאָזיקע מידה דאַרפן מיר לערנען פון אברהם אבינו און נישט פון לוט׳ן. דער ערשטער, וואָס האָט מקיים געווען די מצוה, איז געווען אברהם אבינו. די תורה דערציילט, אַז נישט גע־קוקט דערויף וואָס ס׳איז ביי אים געווען „שלישי למילה״, וואָס ער איז געווען אַ חולה, איז ער, דערזעענדיק פון דער־ווייטנס פשוטע מענטשן „וירא והנה שלשה אנשים נצבים עליו וירא וירץ לקראתם״, — געלאָפן אנטקעגן די אורחים, זיך פאַר זיי פאַרנויגט, געבעטן אין שטוב אַריין, זיי געגעבן עסן און טרינקען.

פרעגט די וועלט א קשיא: לוט האָט דאָך אויך מקיים געווען די מצוה פון הכנסת אורחים. ווען די מלאכים זענען געקומען איבערקערן סדום, איז זיי לוט געלאָפן אַנטקעגן, גע־בעטן אין שטוב און אפילו „ויפצר בם״; אויף אַזוי ווייט איז געגאַנגען זיין הכנסת אורחים געפיל, אַז ווען די „אנשי סדום נסבו על הבית... ויקראו אל־לוט ויאמרו לו איה האנשים אשר־באו אליך הלילה הוציאם אלינו ונדעה אותם״ — איז לוט ארויס צו זיי, פאַרשלאָסן הינטער זיך די טיר און געזאָגט: „אַל־נא אחי תרעו הנה־נא לי שתי בנות אשר לא ידעו איש אוציאה־נא אתהן אליכם ועשו להן כטוב בעיניכם רק לאנשים האל אל תעשו דבר כי־על־כן באו בצל־קרתי״.

האָט דאָך לוט איינגעשטעלט זיין לעבן און מקריב געווען דעם כבוד פון זיינע טעכטער, — טאָ פאַרוואָס ווערט די מצוה פאַררעכנט אויפן חשבון פון אברהם אבינו? איז דער תירוץ: אברהם אבינו האָט נישט געמאַכט קיין אונ־טערשייד; זיינע שטוב־טויערן זענען תמיד געווען אָפן אויף אַלע פיר זייטן פאר יעדן אורח; לוט, דאקעגן, האָט געזוכט נאָר מלאכים. אַ מכניס אורח איז נישט דער וואָס נעמט אויף מלאכים... נאָר דער, וואָס וואַרט אויף פשוטע מענטשן.

און טאַקע זינט דאן — האָט ר׳ יהודה פאַרענדיקט — איז שייקע באַראַנאָוויטשער געוואָרן דער אמת׳ער מכניס אורח.

משה לימאן

# חדרים און די ערשטע ביבליאָטעק

## אמאליקע חדרים

יינגלעך האָבן פון 6—5 יאָר אָנגעהויבן צו גיין אין חדר. די חדרים האָבן באַלאַנגט צו מלמדים, וועלכע האָבן פאַר דעם צוועק געהאַט אַ צימער ביי זיך אין וווינונג אָדער גע־דונגען ערגעץ ביי אַ צווייטן. אַ דורכשניטלעכער חדר איז באַשטאַנען פון 20—15 קינדער.

אין צימער איז געשטאַנען אַ גרויסער טיש און 2 לאַנגע בענק פון ביידע זייטן. דער רבי האָט פאַרנומען דעם אויבן־אָן און געהאַט זיין דרך פון לערנען.

אלף־בית האָבן כמעט אַלע געלערנט אויף איין שטייגער. איך געדענק דעם ערשטן טאָג ווען איך האָט אָנגעהויבן גיין אין חדר און אַ „מלאך״ האָט מיר געוואָרפן קליין־געלט, מיר דוכט זיך 3 קאָפּיקעס.

עס האָט לאַנג נישט גערויערט און אַלע קינדער האָבן געקענט דעם אלף־בית „ווי אַ וואַסער״, און מען האָט אין דעם ערשטן זמן שוין געלערנט עברי און אָנגעהויבן לייענען פון סידור. ווען מען האָט געלייענט עברי פון סידור, האָט מען די העברעאישע ווערטער נאָך נישט פאַרשטאַנען און נאָך נישט פאַרטייטשט. ערשט ווען מען איז אין צווייטן זמן צוגעטרעטן צו לערנען חומש האָט מען אָנגעהויבן פאַרטייטשן די ווערטער אויף יידיש.

די ערשטע פאָר זמנים פלעגט פאַרנעמען אַ סך צייט דאָס דאַוונען אין חדר, כדי דער רבי זאָל הערן יעדערנס עברי און נאָכקאָנטראָלירן צו דער תלמיד מאַכט נישט קיין גרייזן ביים זאָגן פון סידור. אויפן דריטן אָדער פערטן זמן האָט מען שוין געלערנט מער חומש, בעיקר די סדרה פון דער וואָך.

די מער פראָגרעסיווערע מלמדים האָבן שוין דאַן אָנגעהויבן צו לערנען מיט די קינדער אַ ביסל דקדוק. דאָס איז על פי רוב געווען דער מורה הלשון און תלמוד לשון עברי. מען פלעגט אויך לערנען אויסנווייניק אַ העברעאיש ליד א. ד. גל..

נאָכן חומש האָבן זיך שוין אָנגעהויבן צוויי פאַרשידענע וועגן. אייניקע האָבן זיך גענומען מער פאַרטיפן אין חומש, רש״י און דקדוק, נביאים ראשונים און אחרונים. מען האָט געענוג צייט געווידמעט ישעיהו, ירמיהו, יחזקאל און תרי עשר. מיט כתובים האָט מען זיך פארנומען ווייניק, אויסער שיר השירים, רות, איכה, קהלת און מגילת אסתר, וועלכע עס איז אויסגעקומען צו לערנען, מחמת זיי זענען פארבונדן מיט ימים טובים. און תהילים זאָגט זיך דאָך אליין... די מאָדערנע לערער האָבן אריינגעבראַכט געשיכטע, שירים, מאמרי חז״ל און העברעאישן דיקטאַנט.

שרייבן יידיש האָט מען זיך נישט געלערנט; ווייזט אויס, ביאַליק איז געווען גערעכט: יידיש שרייבט זיך אליין...

די מער טראַדיציאָנעלע מלמדים האָבן גלייך נאָך אַ קורצן פעריאָד פון חומש, אָן קיין שום באַקאַנטשאַפט מיט תנ״ך, אָנגעפאַנגען גמרא. על פי רוב זענען פאר גמרא געווען אַנדערע מלמדים. אַזוי האָט אַ יינגל פון 9 יאָר שוין געלערנט בבא קמא און אָפט כתובות, גיטין, קדושין א. א..

וועלטלעכע לימודים האָט מען אין די טראַדיציאָנעלע חדרים נישט געלערנט. אין די חדרים מתוקנים האָט מען גע־לערנט מאַטעמאַטיק, רוסיש, געשיכטע, געאָגראַפיע א. אַ. וו..

עס האָבן שוין אָנגעהויבן ווערן אין דער מאָדע פריוואַ־טע לערער און פריוואַטע שולן, ווו מען האָט געלערנט וועלט־

לעכע לימודים אין אַ גרעסערער מאָס. דער ערשטער פּיאָנער איז געווען דער לערער שליאָמאָוויטש. פון די ערשטע העברעאישע לערער זאָלן דערמאָנט ווערן: יחיאל מאָוושאָוויטש, ראַזווילאָווסקי, מרדכי ביטענסקי, מ. מ. טשערניכאָוו, ח. א. קאַפּלאַן, גאָרדאָן, ראָגוזניצקי א. אַ. שפּעטער זענען שוין אָנגעקומען נאָך לערער. די חדרים פון די פּראָגרעסיווע לערער האָבן אויסגעזען אַ סך ריינער און באַקוועמער, די לימודים — סיסטעמאַטישער און דער לערן־טאָג קירצער.

ביי די טראַדיציאָנעלע מלמדים האָבן מיר געלערנט פון 8 פרי ביז 8 אָוונט. ווינטער פלעגן מיר קומען אין חדר מיט אַ לאַמטערנע און אַ פלאַש נאַפט; גענומען מיט זיך אַ שטיקל ברויט מיט עפּעס צום עסן.

עס איז אויך געווען אַ תלמוד תורה, וווּ עס האָבן געלערנט די אָרעמערע קינדער. דער סדר הלימוד איז דאָרט געווען אַ מער טראַדיציאָנעל־אָרטאָדאָקסישער.

אַ סך תלמוד תורה יינגלעך, און שפּעטער אויך ישיבה בחורים, האָבן „געגעסן טעג" אין בעלי־בתישע הייזער, וווּ מען האָט זיך באַצויגן צו זיי זייער פריינטלעך. דאָס עסן איז געווען דאָס זעלבע וואָס די בעלי בתים פלעגן אַליין עסן. ממילא, אין אַ רייכערן הויז איז דער „טאָג" געווען אַ בעסערער, פון א מער באַשיידן הויז איז מען אויך נישט אַרויס הונגעריק.

איך האָב גערעדט מיט ישיבה בחורים און זיי פלעגן מיר אָפט דערציילן וועגן זייערע „טעג".

שבת פלעגט מען מערסטנס עסן ביי רייכערע בעלי־בתים. נישט שלעכט איז געווען ביי קצבים; מען פלעגט דאָרט געבן אַ סך פלייש, פעטן קוגל, און מען פלעגט בכלל זען, אַז דער ישיבה בחור זאַל שבת זיין פון עסן צופרידן, ווייל אַ גאַנצע וואָך איז דאָך, מ'שטיינס געזאָגט, ווי גאָט גיט.

איינער א ישיבה בחור האָט מיר אַ מאָל דערציילט וועגן אַ פרייטיק־צו־נאַכט ביי אַ קרעפּטיקן בעל־עגלה, ממש אַ ריז. דער בחור'ל איז געווען אַ צאַרטער, אַ שוואכער, און האָט נישט געקענט אַ סך עסן. מען דערלאַנגט אים אַ גרויסע טעלער מיט לאָקשן, ער עסט אַ ביסל און לאָזט איבער מער ווי די העלפט. דער בעל עגלה איז גוטהאַרציק, קוקט אויפן ישיבה בחור'ל און שאָקלט מיטן קאָפּ: אַ רחמנות! מען גיט פלייש, — ער עסט אַ שטיקל און לאָזט איבער אַ היפּשן חלק. דער בעל עגלה וואַרפט אַן אויג און שווייגט. מען שטעלט אים אַוועק אַ טעלער צימעס, — די זעלבע זאַך. דאָ ווענדעט זיך שוין דער בעל־עגלה צום בחור'ל מיט די ווערטער:

— וואָס לערנסטו דאָרטן אין דער ישיבה?

— מסכת שבת, — ענטפערט דערשראָקן דער בחור'ל.

— „קאָנסט נישט לערנען!" שרייט אויס דער בעל־עגלה...

— איר קענט מיך פאַרהערן, אויב איר ווילט, — זאָגט ציטערנדיק דער יינגל.

— איך דאַרף דיך נישט פאַרהערן! איך ווייס נאָר, אַז אויב מיין קאַשטאַן עסט נישט, וועט ער שוין דעם וואָגן נישט שלעפּן, אם אין קמח אין תורה!..

דער בחור'ל האָט שוין מער ביי אים נישט געגעסן און געמוזט זוכן אַן אַנדער אָרט.

## די ערשטע ביבליאָטעק

אין מיטן די נייַנציקער יאָרן איז אין באַראַנאָוויטש נישט געווען קיין שטאָטישע אָדער פּריוואַטע ביבליאָטעק. אַ רוסיש בוך האָט מען געקאָנט קריגן ביי ד"ר טשערניכאָוו, וועלכער איז מיט יאָרן צוריק צוזאַמען מיט זיין פרוי (חאַווקינאַ, אַן אַקושערין) אַרעסטירט געוואָרן און געהאַלטן געוואָרן ערגעץ ווו א לענגערע צייט. מען האָט אויך געקענט קריגן אַ רוסיש בוך ביי טעץ דעם אַפּטייקער, אָדער ביי אַ באַקאַנטן פון דער רוסישער אינטעליגענץ ווי דעם ריכטערס זון, דעם גלח'ס זון א. אַ. פון פּראָפעסיאָנעלן קרייז, צו וועלכן ווייניק יידן האָבן געהאַט אַ צוטריט.

עס האָבן זיך באַוויזן ביסלעכווייז דאָ און דאָרט אַ בוך פון מאַפּו, סמאָלענסקין, מענדעלע און שלום־עליכם. אין יענער צייט האָבן שוין אחיאסף און תושיה אָנגעפאַנגען מיט זייערע פּאָפּולערע אויסגאבן. מיין גרופּע האָט נאָך באַלאַנגט צו חדר־יינגלעך און מיר האָבן געזען אין „הצפירה", וועלכע איז אָנגעקומען אין שטאָט אין איין אָדער צוויי עקזעמפּלאַרן, אַז די דערמאָנטע פאַרלאַגן האָבן אַרויסגעגעבן ביכלעך פאַר דער יוגנט, ווי „מגבורי האומה", „בן המלך והעני" א. א. וו. ביכלעך מיט נעמען, צו וועלכע קינדער האָבן אַ געוויסע תשוקה. דער קרייז, צו וועלכן כ'האָב דאַן באַלאַנגט, איז געווען צו יונג און כ'האָב פון אים אויסגעקליבן אייניקע ווי בן־ציון שימשעלעוויטש (היינט אַ דאָקטאָר אין רוסלאַנד), בערל עפּשטיין און זיין שוועסטער, אַרטשיק יאָסעלעוויטש (היינט אין בן־שמן) און איינער מיטן נאָמען יעדידאָוויטש. אַלע האָבן געוואָלט עפּעס טאָן כדי צו באַקומען אַ געוויסע צאָל פון די ניי־אַרויסגעגעבענע ביכלעך, וואָס האָבן געקאָסט אַזוי ביליק, — 2, 3 און 5 קאָפּיקעס אַ ביכל.

איך און שימשעלעוויטש זענען געווען פון די רייכערע יינגלעך. בן־ציון האָט זיך מיטאַמאָל אַריינגעלאָזט אין אָפּהיטן שטרענג דאָס דאַווענען און לאַנג שאָקלען זיך ביי שמונה עשרה. איך האָב שוין גוט געקענט חומש און אַ ביסל תנ"ך און בין געווען נייגעריק כאָטש אָנקוקן אַזאַ ביכל.

איינמאָל אין אַ ווינטער טאָג זענען מיין זיידע און פעטער מאָוושאָוויטש געקומען פון אַ ווייטער נסיעה — פון מאָסקווע — וווּ זיי האָבן מיט נאָך שותפים געקויפט אַ וואַלד (טשערניכאָווע) פאַר אַ גרויסער סומע געלד, — העכער הונדערט טויזנט רובל — דאַן אַ קאָלאָסאַלע אונטערנעמונג. עס האָט זיך געמאַכט, אַז עס איז אויסגעקומען חנוכה און די געסט, כטוב לב המלך, נאָך אַזאַ גרויסער געשעעניש, האָבן אָנגעהויבן טיילן די קינדער חנוכה־געלט. איך האָב שוין דאַן געהאַט אויפגעקליבן אפשר 2 רובל און געחלומט וועגן קויפן די ערשטע „תושיה" ביכלעך, אפילו געמאַכט זאַוויעסקעס מיט

שלעסער צו אַ טיי־קעסטל, וואָס איך האָב באַקומען פון אַ קרעמער און עס געהאַלטן פאַר מיין צוקונפטיקער ביבליאָטעק.

ווען ס'איז געקומען מיין ריי צו קריגן חנוכה־געלט, האָב איך געזאָגט צו מיין פעטער יצחק, וועלכער איז געווען אַ גוטער הברעער (צום זיידן האָב איך בכלל מורא געהאַט צו רעדן), אַז איך האָב שוין אַ ביסל געלט פאַר העברעאישע ביכער, אָבער נישט גענוג. וויפל מיינסטו וואָלט גענוג געווען אויף איינצוקויפן, צום ערשטן מאָל, האָט ער מיך געפרעגט. איך האָב אַ זאָג געטון: „מיט 5 רובל וואָלט איך געקאָנט האָבן אַ שיינע זאַמלונג פון „אחיאסף" און „תושיה". דער פעטער האָט אַ שמייכל געטון און אין אַ פּאָר מינוט איז מיין קאַפּיטאַל געוואָרן אַ גאַנצער פינפעדל און אַביסל זילבער־געלט און קופּער. נאָך אין אָונט האָב איך אָנגעשריבן 2 קאַרטלעך קיין וואַרשע מען זאָל מיר צושיקן די קאַטאַלאָגן פון אחיאסף און תושיה, און ווען כ'האָב זיי באַקומען האָב איך אָפּגעשיקט די 5 רובל מיט א רשימה פון ביכער. אין עטלעכע טעג אַרום האָט דער בריוו־טרעגער געבראַכט עטלעכע פּעקלעך און אַ פּאָווסטקע, אַז אין פּאָסט־ביוראָ געפינט זיך פאַר מיר אַ פּעקל. כ'האָב געהאַט גענוג דרייענויש ביז דער סטאַראָסטע יעקב משה פּיקעלני האָט באַשטעטיקט אַז איך בין דאָס דער אָפּנעמער פונם פּעקל.

עס האָט לאַנג נישט גענומען און בערל, בעניע און נאָך עמעץ פון אונזער גרופּע זענען געקומען עפענען די פּעקלעך און זען מיט די אייגענע אויגן די פרישינקע, שיינינקע ביכעלעך, וועלכע האָבן זיך אַזוי לייכט געלאָזן לייענען.

די דאָזיקע קינדערשע ביכעלעך האָבן געגעבן דעם ערשטן שטויס פאַר אַ ביבליאָטעק, וועלכע איז שפּעטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער איינציקער יידישער ביבליאָטעק אין אונזער שטאָט.

איך געדענק ניט די איינצלהייטן, אָבער אַן „אָוונט" איז איינגעאָרדנט געוואָרן און מיר האָבן ארייננעקראָגן עטלעכע צענדליק רובל. מיט דער הילף פון ד"ר טשערניכאָוו, חייקל עפּשטיין, מאַנסקי, יאָסל אַרקין, גדליה אַרקעס, יצחק יאָסינאָווסקי, אהרן שאַצקעס א. אַ. איז געשאַפן געוואָרן אַ ביבליאָטעק־קאָמיטעט, און עס איז באַשטעלט געוואָרן אַ גרעסערע צאָל ביכער, דורכויס העברעאישע.

מיר האָבן געקראָגן אַ צימער אין דער „טשיטאַלניע", וועלכע האָט זיך געפונען ביי אונז אין הויף, אַן אַלמער מיט פּאָליצעס, געמאַכט אַ קאַטאַלאָג, אָנגעקלעפּט אויף די רוקנס נומערן און איינגעשטעלט אַ „דיזשורסטוואָ" יעדן טאָג, ווו יעדער האָט געקאָנט קריגן אַ בוך. כדי מען זאָל שאַפן געלט אויף איינבינדן און פאַררעכטן ביכער האָבן מיר שפּעטער איינגעשטעלט אַ פּרייז פון 5 קאָפּיקעס אַ חודש פאַרן באַנוצן זיך מיט דער ביבליאָטעק.

מיט דער צייט האָבן מיר געהאַט עטלעכע הונדערט ביכער, אַלע קלאַסיקער, און אויך אַריינגעבראַכט יידישע און רוסישע ביכער. ביי דער ביבליאָטעק האָבן זיך געשאַפן קרייזן ווו מען האָט געמיינזאַם געליינט שווערע ביכער, ווי „על פרשת דרכים" אין העברעאיש און רוסישע קריטיקער. דער „דור דור ודורשיו" האָט געמאַכט אַ רושם; ווען ער האָט זיך באַוויזן אין בן־אביגדור'ס „ספרי האגורה", האָט מען געכאַפּט ווי מצה־וואַסער...

ד״ר נחמיה קראַשינסקי

# אַ בליק אין דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט

מיר ווייסן נישט, וואָס פאַר א פּרצוף עס האָט באַראַנאָוויטש איצט, נאָכן חורבן. ווער ווייסט, צי ס'איז נאָך פאַרבליבן אַ שטיקל זכר פון אונזערע היימען. אַ סך פון אונז הויבן שוין אָן ביסלעכווייז פאַרגעסן, ווי זי האָט אויסגעזען אין די לעצטע יאָרן פאַרן חורבן; אַלץ איז עפּעס איצט אַזוי פאַרנעבלט...

מעגלעך, אַז דאָס איז דערפאַר, ווייל די שטאָט גופא האָט שוין ביי אונז איר זין און ווערט פאַרלאָרן; ווייל זי איז אויסגעליידיקט געוואָרן פון איר אַמאָליקן אינהאַלט, — פון די מענטשן, וואָס זענען אונז געווען אַזוי נאָענט, אַזוי טייער. די מענטשן זענען שוין נישטאָ, און ממילא איז שוין אויך טויט דאָס אַלץ, וואָס איז געווען מיט זיי ענג פאַרבונדן.

אינטערעסאַנט, ווי דער זכרון און פאַרשטעטלונגס־קראַפט אַנטלויפן פון די לעצטע יאָרן, ווי זיי וואָלטן נישט וועלן אָנרירן די פרישע וווּנדן, נישט אויפוועקן דעם טיפן ווייטיק.

און זיי ציען דיך אַוועק אין דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט, ווו זיי פילן זיך אַ סך בעסער און באַקוועמער. וואָס ווייטער פון דעם חורבן... און דו הויבסט אָן צו חלומען וועגן די אַמאָליקע צייטן, און אַלץ איז אַזוי קלאָר און בולט, ווי עס וואָלט געווען נישט־לאַנג, ערשט היינט־נעכטן.

**
*

ווי אויף אַ לויפנדיקער לענטע גייען פאַרביי פאַר דיינע אויגן די קינדהייט, די יוגנט און אַלץ וואָס איז מיט דעם פאַרבונדן.

אָט איז דאָס אַמאָליקע שטעטעלע באַראַנאָוויטש... און זי זעט אויס אינגאַנצן אַנדערש, און די מענטשן זענען עפּעס אַנדערע, און דאָס לעבן איז אויך גאָר אַנדערש, — מער היימיש, מער פאַלקסטימלעך, מער נאָענט צו דער נאַטור; אַרומגערינגלט פון גערטנער, געדיכטע וועלדער און ברייטע פעלדער. און אַלץ בליט און שפּרודלט מיט יונג לעבן און שעפערישקייט.

אָט איז דעם גראָפּס וואַלד מיט זיינע הויכע דיקע

בוימער, וואָס האָבן אונז באַשיצט פון די גרויסע היצן און הוי־האַ פון וואָכעדיקן לעבן. אָט שטייט ער ווי אַ זכר נאָך די ימי־בראשית פון באַראַנאָוויטש, ווי אַ שטומער עדות, וואָס האָט אונז תמיד באַגלייט אין די שטורמישע יאָרן פון אונזער יוגנט...

דער צווייטער וואַלד, דער „קאַזיאָנער", ווי מען האָט אים דאַן גערופן, איז עפּעס נישט אַזוי געווען באַליבט ביי אונז, כאָטש ער איז געשטאַנען אין סאַמע מיטן פון שטאָט. אפשר דערפאַר, וואָס גלייך ביים אַריינגאנג איז געלעגן אויסגעשפרייט דער גוי׳ישער בית־הקברות, וואָס האָט נישט איבעריקס האַרמאָנירט מיט דער געוויינלעכער פּאַנאָראַמע פון דער אומגעבונג.

מיר, קינדער, האָבן אפילו ווייניק־וואָס מורא געהאַט פאַר די גוייִשע קברים און צלמים; און אויך נישט פאַר דעם קלויסטער מיט זיינע פאַרריסענע טורעמס און די גלאָקן, וואָס ווען זיי פלעגן זיך פאַנאַדערקלינגען, האָט קינד און קייט געוווסט, אַז אָט באלד קומט אָן אַ גוייִשע לוויה מיט געזאַנג און מיט מוזיק...

שוין מער דרך־ארץ און מער פחד האָבן מיר געהאַט פאַר דעם הויכן ערד־אָנשיט, וואָס איז געווען אַ ביסל אָפּגערוקט אין אַ זייט. דאָס איז געווען אַ מין בערגל, וואָס אונטער אים איז געווען באַהאַלטן אַ גרויסער אוצר מיט פּולווער, — אַ סך פּולווער; און אַ רוסישער יוון פלעגט תמיד אַרומשפּאַצירן אַרום אים מיט אַ לאַנגער ביקס, סיי בייטאָג און סיי ביינאַכט. מיר האָבן, חלילה, קיינמאָל נישט געהאַט דעם חשק זיך צו דערנעענטערן צו אים; מיר האָבן אים אָנגעקוקט פון דערווייטנס און... אונזער קינדערשע פאַנטאַזיע פלעגט זיך דאַן צעשפּילן. מיר האָבן בשום אופן נישט געקענט באַגרייפן, פאַרוואָס מען האָט דערלויבט אַזאַ זאַך, אַזוי נאָענט פון די הייזער? עס קען דאָך אויפרייסן אַ ליאַדע טאָג און חרוב מאַכן די גאַנצע שטאָט, און אומברענגען אַלע מענטשן?!

אָבער גיי און פרעג אַ קשיא, אַז מיר האָבן אַ סך זאַכן נישט פאַרשטאַנען דאַן.

פאַרוואָס, למשל, איז דער יידישער בית־הקברות אַזוי ווייט פון שטאָט, זעט אויס אַזוי אומעטיק, און וואַרפט אָן אַזאַ מורה שחורה? פאַרוואָס איז אויף די גאַסן אַזוי בלאָטיק און אַזוי פיל קאַלוזשעס, — און די שטאָט גייט אויס פאַר אַ ביסל וואַסער, נישטאָ מיט וואָס צו לעשן שריפות? און ס׳איז נישטאָ קיין טייכל? פאַרוואָס האַלט מען אונז אָין איין דערציילן, אַז באַראַנאָוויטש איז אַ יונגע שטאָט, — און אַזוי פיל הייזער זעען אויס אַזוי צעפוילט און אַלט, ווי זיי וואָלטן ווער ווייסט וויפל דורות געשטאַנען? און נאָך אַזוינע פראַגן פלעגן שטענדיק עקבערן אין אונזערע יינגלשע מוחות. אַ סך זאַכן זענען אונז פאַרבליבן נאָך עד היום נישט לחלוטין באַגרייפלעך.

אַזוי, למשל, פלעגן אָפט פאָרקומען גרויסע שריפות אין די אַרומיקע שטעטלעך, און גאַנצע גאַסן פלעגן אוועקגיין מיטן פייער. אמת, ביי אונז איז דער ענין נישט געווען אַזוי שרעקלעך; עס פלעגט אָפּברענען נאָר איין הויז, אָדער איין שטאַל. מען האָט געהיט עס זאָל נישט פאָרקומען קיין שריפות און קיין גניבות. אַ 10—15 בעלי־בתים פלעגן דינגען אַן אַלטן גוי, און ער פלעגט ארומגיין אַ גאַנצע נאַכט איבער די הויפן און קלאַפּן אין אַ מין הילצערנע כלי, כלומרשט דער גנב זאָל הערן און זיך דערשרעקן.

מיר האָבן נישט געקענט פאַרשטיין, פאַרוואָס קלאַפּט ער אַזוי שטאַרק מיט דער כלי („קאָלאָקאָטקע")? ראשית, קען מען דאָך מיט אַן אויג נישט צומאַכן פון דער קלאַפּעריי; צווייטנס, האָט דאָך דער גנב דעם בעסטן סימן ווו עס געפינט זיך מאָמענטאַן דער שומר, און ער קען זיך גאַנץ רוהיק אָפּטאָן זיין שטיקל אַרבעט אויף אַן אַנדערן הויף?

אונזערע טאַטעס און זיידעס פלעגן אונז דערקלערן, אַז פאַר דעם פּולווער דאַרף מען נישט מורא האָבן; אַז מען צינדט אים נישט אָן, וועט ער נישט אויפרייסן. מען טאָר נישט אָנצינדן מיט אַ שוועבעלע ווען מען גייט פאַרביי דעם באַרג, ווייל דער זעלנער קען נאָך, חלילה, אין אונז שיסן...

די לעצטע ווערטער פלעגן אונז טרעפן ווי אַ דונער, און אַ ציטער פלעגט דורכגיין דורך אונזערע קערפּערלעך. צוליב דעם האָט דער „קאַזיאָנער" וואַלד אַ סך פון זיין חן ביי אונז פאַרלאָרן, און מיר פלעגן דעם באַרג פּולווער אויך שפּעטער שטענדיק אויסמיידן ווי מען מיידט אויס אַ שיכורן גוי.

וואָס שייך אַ טייך, האָבן זיי, אונזערע עלטערן,, תמיד אָנגעוויזן מיטן פינגער אויף מוש. אונזער שטאָט — פלעגן זיי זאָגן — ציט אירע וואָרצלען פון מוש. בכלל, איז באַראַנאָוויטש געווען אַמאָל אַ פאָרשטאָט פון מוש (ברנוביץ הסמוכה למוש). און דאָרט איז יאָ פאַראַן אַ טייכל, און מיר האָבן אויך אין איר א חלק. און די בלאָטעס, און די קאַלוזשעס וואַסער אויף די גאַסן, שטאַמען דען נישט פון מוש?

דאָסגלייכן אויך מיט דעם יידישן בית־הקברות, וואָס איז געווען ווייט פון שטאָט. ווער האָט געדאַרפט אַמאָל האָבן אין באַראַנאָוויטש אַ בית־עולם? האָט דען באַראַנאָוויטש אַמאָל געהאַט אייגענע מתים? און אַז עמעצער פלעגט מאַכן אַ שטאַרב, איז ער דען געווען אַ באַראַנאָוויטשער? ער איז געווען פון וואַנען איר ווילט, אָבער נישט פון באַראַנאָוויטש. מייסטנס האָבן זיי געשטאַמט פון מוש, און די מושער פלעגן זייערע מתים אויפנעמען מיט גרויס כבוד, און דער בר־מינן פלעגט זיך דאָרט פילן ווי אין דער היים.

און וועגן די אַלטע הייזער איז דאָך גאָר פשוט: אונזערע זיידעס, די ערשטע פּיאָנערן פון דעם נייעם ישוב, האָבן זיי מיטגעבראכט פון די אַרומיקע דערפער און ישובים. באַראַנאָוויטש האָט אַפּנים שוין דעמאָלט, מיט 60—70 יאָר צוריק, פאַרשטאַנען די מלאכה פון איבערפירן פאַרטיקע הייזער פון איין אָרט אויף אַ צווייטן.

און דאָס וואָס דער אַלטער תרח האָט אַ גאַנצע נאַכט געקלאַפּט מיט זיין קליפּער־געצייג און נישט געלאָזט קיינעם

איינשלאָפן, — ווייזט זיך גאָר אַרויס, אַז אין דעם האָט גראָד געשטעקט אַ גרויסער שכל; אפילו די כעלם'ער חכמים וואָלטן נישט געקענט פאַלן אויף אַזאַ קלוגן איינפאַל ... דאָס וווּנדערבאַרע פאַטענט, דאָס גאַנצע קלאַפעריי מיט דער „קאָלאָקאָטקע", האָבן די באַראַנאָוויטשער בעלי־בתים אויסגעפונען נישט אַזוי קעגן דעם גנב, ווי קעגן דעם שומר זעלבסט. דאָס שטענדיקע קלאַפן איז געווען דער בעסטער באַווייז, דער זיכערסטער סימן, אַז דער שומר כאַפט נישט קיין דרימל...

און די „קאָלאָקאָטקע" האָט געקלאַפט, און די הייזער האָבן געברענט!.. און אונזערע טאַטעס פלעגן זאָגן, אַז אַ שטוב ברענט נישט סתם אַזוי, פון זיך אַליין, — סיידן מען מאַכט די ברכה „בורא מאורי האש"...

באַזונדערס פלעגט מען אונז אַרויסברענגען פון די כלים, און מיר פלעגן ווערן זייער בייז, ווען עמעצער האָט זיך אויסגערעדט, אַז די אָדער יענע שטאָט איז שענער און גרעסער פון באַראַנאָוויטש. ווי קאָן דאָס געמאָלט זיין?! איז דען פאַראַן אַ זאַך אויף דער וועלט, אַז באַראַנאָוויטש זאָל עס נישט פאַרמאָגן? — באַנען, וואָקזאַלן, זעלבער און אַ „קאָנקע" (אַ טראַמוויי אויף פערד); טעאַטערס, אייגענע פורים־שפילער און אַ „פאָזשאַרנע קאָמאַנדע" מיט אַן אייגענעם אָרקעסטער; אַ ייד, וואָס רופט: „אין שול אַר־ר־ריין!" און אַ „קאַראַבקע", און...

מיט איין וואָרט, — אַ גאַנצע מלוכה מיט אַלע קליפער־געצייג. אפילו מיט אייגענע מאַרקעס (פון „קרן קימת"), און מיט אייגענע קאָלאָניעס (קאָלאָניאַל־אַקציעס), און וואָס נישט?

***

און די שטאָט גופא?! באַראַנאָוויטש איז דאַן געווען אַ געמישעכץ פון אַלע געמישן. אַלץ האָט איר געקענט אין איר געפינען.

איר ווילט זיין אין דאָרף, אָדער געניסן פון שטעטלדיקער דאָרפישקייט? — אָט האָט איר עס. אַרום יעדן הויז שטייט אַ הילצערנער פאַרקאַן פון ברעטער אָדער פלעקענער. די הויפן געדיכט פאַרבויט מיט שייערס, שטאַלן און שטעלכלעך; פאַרזייט מיט אוגערקעס, ציבעלעס, רעטעכלעך און שאר ירקות. ארום די פלויטן וואַקסן פאַרלאָזענע בוימעלעך, ווילדע שטעכיקע קוסטעס, און עפעס אַ מין בריעכטס, וואָס אירע בלעטער בריען און ברענען ווען מען רירט זיי אָן. הינטער די שטאַלן געפינט איר צעוואָרפענע הורבעס מיט מיסט און שטוביקן אָפּפאַל, פון וועלכן עס זעצט אַ שלעכטער ריח. ערגעץ אין אַ זייט קוקט אַרויס אַ קליינע „סוכה'לע" פאַר מענטשלעכע באַדערפענישן. ווייטער אַרויף ציען זיך לאַנגע גערטנער, פאַרזעצט מיט קאַרטאָפל; בוימער און סעדער פון כל מיני פירות. הינער, קעץ און הינט שפאַצירן ארום פראַנק און פריי איבער די גאַסן. עטלעכע קליינע שקצימלעך טרייבן פון פעלד אַ געוואַלדיק גרויסע סטאַדע קי דורך די גאַסן. אויף די ליידיקע פלעצער, פאַרוואָקסן מיט גראָז, פאַשען זיך ציגן, פערד און אַ יינג לאָשאַקל מיט געפענטעטע פיס. קאַטשקעס און גענז טובלען זיך אין די שטייענדיקע שמוציקע וואסרן, און קוואַקען און גונערן פון גרויס הנאה.

איר ווילט זען, ווי באַראַנאָוויטש זעט אויס שטאָטיש־שטעטלדיק? איר דאַרפט עס ווייט נישט זוכן, — אָט איז עס: דאָס זעלבע אָרט, און איר דאַרפט אַפילו די דעקאָראַציעס נישט בייטן. אין מיטן שטאָט ליגט אויסגעשפרייט אַ רוימיקער פיר־קאַנטיקער מאַרק, טיילווייז פאַרוואָקסן מיט ווילדן גראָז. לאַנגע, ברייטע גאַסן מיט אַ סך געשעפטן, קראָמען, קרעמלעך און בעלי־מלאכה'שע וואַרשטאַטלעך. אַ חוץ געציילטע מויערן זענען אַלע הייזער הילצערנע, איין־שטאָקיקע; די דעכער באַדעקט מיט שינדלען און פאַרשפיצט אין דער הויך. אויף פאָזשאַרנע גאַס שטייט אַ גאווה'דיק פאַרריסענער טורעם פון דער פרייוויליקער „פאָזשאַרנע קאָמאַנדע", און גלייך לעבן אים — אַ לאַנגער הילצערנער בנין, וואָס טראָגט דעם מיוחס'דיקן נאָמען „פאָזשאַרני סאַראַי". פורמאַנעס, אין פאַראַדנע פאָרמעס, זיצן זיך ברייט־באַלעבאַטיש אויף די הויכע בריטשקעס פון זייערע פרעכטיקע דראָשקעס, און פירן פאַסאַזשירן פון איין וואָקזאַל צום צווייטן. נישט ווייט פון מאַרינסקע מאַנעווּרירן לאַנגע לאַסט־באַנען, מידע, קוים וואָס זיי רירן זיך, און די לאָקאָמאָטיוון סאָפן שווער און ריטמיש. פון צייט צו צייט רייסט איבער די שטילקייט אַ מאָנאָטאָנער פייף־סיגנאַל פון אַ פאַסאַזשיר־צוג, וואָס לויפט אַדורך מיט אַ טייוולאָנישער שנעלקייט. זעלנער, אין זייערע פאַרביקע מונדירן, דרייען זיך ארום פוסט אין פאַסט אויף די יידישע גאַסן. קרעמער מיט פאַרטראַכטע, פאַרזאָרגטע פנימער, שטייען מיט פאַרלייגטע הענט פאַר די טירן פון זייערע קרעמלעך. דאָ און דאָרט, נישט זעלטן אויף דער סאַמע גאַס, וואַרפט זיך אין די אויגן אַן אַלטמאָדישער, האַלב־איינגעפאַלענער ברונעם. און אָט איז ער, אונזער באַקאַנטער וואַסערטרעגער; ער טאָפטשעט אין דער בלאָטע מיט זיין שווערער משא אויף די הויפן פון באַלעבאַטישע הייזער. אַ צונויפגעדרייטער, איינגעהויקערטער, מיט אַ קיילעכדיק־אויסגעבויגענער פלייצע, מיט אויסגעקרימטע אַקסלען — איינער העכער, איינער נידעריקער, — ווי זיי וואָלטן לכתחילה באַשאַפן געוואָרן צו טראָגן די עמערס...

***

באַראַנאָוויטש איז געווען אַ המשך פון די אַרומיקע וועלדער. כמעט אַלע גאַסן האָבן געפירט גלייך אין וואַלד אַריין.

זומער איז דאָ געווען אַ באַליבטער דאַטשע־אָרט. ווו נאָך האָט מען געקענט אַזוי גוט די צייט פאַרטרייבן ווי אין דער לוסטיקער שטאָט באַראַנאָוויטש מיט איר דינאַמישער יוגנט און מיט איר ברייטער הכנסת־אורחים? און ראָמאַנטיק האָט דאָ אויך נישט געפעלט — סיי אין דער נאַטור סיי אין די הערצער און נשמות פון די מענטשן.

ביי וועמען פון די אַמאָליקע באַראַנאָוויטשער איז נישט פאַרוואַלגערט ערגעץ אין אַ ווינקעלע זכרונות פון זיין שטור־

מישער יוגנט? דערמאָנט זיך אין די מיט פרייד שפרודלדיקע זומער־אָוונטן אין גראַפ'ס פאַרק, ווו אונטער די קלאַנגען פון הארציקע רוסישע ראָמאַנסן און מעלאנכאָלישע יידישע פאָלקס־לידער, איז נישט איין האַרץ צעבראָכן געוואָרן, נישט איין הארץ איז געוואָרן געשטאַרקט...

און ווער פון אונז געדענקט נישט דעם פריילעכן פרייטיק־צו־נאַכט און די זאָרגלאָזע יום־טוב'דיקע אָוונטן, דעם הילכיקן געלעכטער פון יונגע העלזער, די גוטמוטיקע פנימער פון טייערע חברים, די גליענדיקע אויגן פון ליבע חבר'טעס, — יענעם לעבעדיקן מענטשן־שטראָם, וואָס האָט זיך ווי אַ שלאַנג געצויגן און געדרייט אויף דער מערב־זייט פון דער אַמאָליקער מאַרינסקע?

פאַרוואָס דוקא אויף דער מערב־זייט און נישט אויף דער זייט פון שלמה קולפיניצער? — דאָס ווייסן מיר עד היום נישט. דאָס זעלבע יעדן שבת און יעדן יום־טוב נאָכמיטאָג. די גאַנצע שטאָט פלעגט דאַן מאַרשירן אין וואַלד אַריין. יעדער איז געווען מיט עפּעס באַלאַסטעט: בחורים און מיידלעך — מיט אַ רוסיש ביכל אין דער האַנט, מיט אַ דאַטשקע פאַרוואָרפן איבער אַן אַקסל; פרויען און קינדער — מיט פעקלעך שפייז און אַנדערע חפצים. אויף פּאָטשטאָווע גאַס זענען געשטאַנען בלויז געציילטע הייזער. ביי ציקליק דעם בלעכער פלעגט מען כאַפּן אַ קאַלטן טרונק וואַסער. אַ גאַנצן טאָג האָט מען פאַרבראַכט אין וואַלד, אויף דער פרישער לופט.

צי האָט מען זיך אַ ביסל אויסגערוט אין דעם געטומל, אין דעם הו־האַ? פאַרקערט, שבת פלעגט מען זיך נאָך מער פייניקן, דער שבת איז געווען ממש אַן אָפּקומעניש.

נישט אויף אויסצורוען זיך איז מען אין וואַלד געגאַנגען. פשוט, די שטאָט האָט אויסגעזען וויסט און טויט, אויסגעליידיקט פון קליין און גרויס. אַ מאָדנעם אומעט האָט זי אָנגעיאָגט. דאָס אַלטוואַרג פלעגט זיך צעלייגן אויף די בעטן אין כאַפּן אַ געשמאַקן דרימל נאָכן פעטן טשאָלנט און קוגל. און די יוגנט האָט געזוכט געזעלשאַפט און פאַרוויילונגען; זי האָט ליב די גאַס, דעם וואַלד, די נאַטור; זי וויל זיך שפּילן, זינגען, לאַכן, — זי וויל לעבן... די גאַסן זענען פוסט, און דער וואַלד איז אַזוי נאָענט. און אין וואַלד האָט געשווירבלט און געגריבלט. קיינער איז אויף אַן אָרט נישט איינגעזעסן. די הוידעס און די ביכלעך האָט מען מיטגענומען נאָר אויף למראית עין. און האָט שוין איינער יאָ אַריינגעקוקט אין אַ ביכל, האָט מען אים באַטראַכט פאַר אַ מתמיד, נישט אַנדערש ווי דאָס וואַקסט אַ פילאָזאָף, אַ פּאָעט... מען האָט געהאַלטן אין איין גיין: קיין האַלינקע און צום בית־עולם; מען פלעגט אַזש ביז דער צענטראַלער סטאַנציע פאַרקריכן. אייניקע האָבן געפּראַצעוועט זייער שווער, ביז זיי איז געלונגען אַ הייפעלע יאַגדעס אויפצוזוכן, עטלעכע שוואָמלעך צו געפינען; אייניקע האָבן זיך באַשעפטיקט מיט סתם אויפזוכן באַקאַנטע; אַנדערע האָבן זיך גלאַט ארומגעדרייט אָן אַ ציל און אָן אַ תכלית. דער וואַלד איז גרויס, און יעדער וואַלד האָט אַ טבע צו ציען דעם מענטש אַלץ טיפער און טיפער. דער דורשט האָט שרעקלעך געפּייניקט. די זון איז שוין געווען פאַרגאַנגען, ווען מידע, פאַרחלשטע פלעגט מען זיך קוים דערשלעפּן אַ היים.

ווינטער פלעגט די שטאָט אויסזען אַנדערש, גאַנץ אַנדערש. און די שבתים און ימים־טובים פלעגן גאָר אַן אַנדער פּנים האָבן. אין די גרויסע פרעסט און שטאַרקע שניישטורעמס פלעגט מען זיך צונויפזאַמלען אין די הייזער; עפּעס פון אַ ביכל פאָרלעזן, מיט פאַרשידענע שפּילערייען זיך פאַרנעמען, טאַנצן, זינגען און סתם אַזוי פאַרברענגען; יעדע חברה לויט איר שטייגער. איז דער טאָג געווען אַ שיינער, פלעגט מען אין די גאַסן שפּאַצירן, גיין אין אָוונט צו די וואָקזאַלן — עמעצן באַגלייטן, באַגעגנען אַ קרוב, און גלאַט אַזוי אָנקוקן די באַנען, וואָס קומען אָן פון מינסק, ווילנע און וואַרשע.

נישט אַזוי פריילעך האָט די שטאָט אויסגעזען אין האַרבסט און אָנהויב פרילינג. די גאַסן זענען געווען נישט געפלאַסטערט; אין די גרויסע רעגנס און ביים צעגיין פון שניי — ממש אין וואַסער פאַרטרונקען. און טראָטואַרן זענען אויך נישט געווען, נאָר אַ פּאָר צעפוילטע צוזאמענגעקלאַפּטע ברעטער, וואָס האָבן זיך געהאַלטן אין איין הוידען. מאָדערנע באַלייכטונג — אודאי און אודאי נישט געווען, נאָר אַ נאַפט־לאָמפּ מיט אַ פאַררויכערט גלעזל, וואָס האָט אין די הייזער די ענגשאַפט באַלויכטן. אויף דער הויפּטגאַס מאַרינסקע, אָדער „גאָט'ס גאַס" ווי מען האָט זי דאַן גערופן, זענען געשטאַנען עטלעכע נאַפט־לאַמטערנעס, וואָס דער קלענסטער ווינט האָט איבער זיי געוועלטיקט...

אין געוויסע הינזיכטן איז דאָס לעבן אין באַראַנאָוויטש געווען אויך קליינשטעטלדיק. די זעלבע חברה־קדישא ווי אין אַנדערע שטעטלעך, די זעלבע בתי־מדרשים, די שטענדיקע אסיפות, מחלוקת און עיכוב הקריאה אין די שבתים און ימים־טובים...

אַ סך יידן האָט מען דאָ נישט אָנגערופן מיט זייערע משפחה־נעמען, נאָר מיט ספּעציעלע נעמען און צונעמענישן, מייסטנס לויט זייער אָפּשטאַם, באַשעפטיקונג און אויסזען. איך דערמאָן דאָ אייניקע, צופעליק געכאַפּט פון זכרון: לייבע לעכעוויטשער, דער מייטשעטער מלמד, מיכל דער קלעזמער, איטשע דער טויבער, דער שטומער שוסטער, דער הינקעדיקער מלמד. א. אַ. וו..

באַראַנאָוויטש איז קיינמאָל נישט געווען קיין פאַנאַטיש שטעטל. לייט פלעגן אפילו זאָגן, אַז זי איז געווען גאַנץ „פריי", וויניגסטנס, — ליבעראַל. דאָך, דער שבת האָט דאָ אויסגעזען שבת'דיק. מען מוז מודה זיין, אַז די „פרייע" האָבן זיך דאָ אויפגעפירט זייער לייטיש. קיינעם איז נישט איינגעפאַלן אום שבת רייכערן אַ פּאַפּיראָס בפרהסיה; אפילו מיט אַ שטעקל האָט קיינער נישט געוואַגט צו גיין אום שבת. און דאָס אַלץ, אויס דרך־ארץ פאַר טאַטע־מאַמע, נישט געוואָלט אָנרירן די געפילן פון פרומע יידן.

אַט אויף דעם באָדן האָבן עס אויסגעוואַקסן די צוויי גרויסע באַרימטע ישיבות, וואָס זענען, אין משך פון די לעצטע פאָר צענדליק יאָר פאַרן חורבן, געווען די שטאָלץ און קרוין פון באַראַנאָוויטש.

דער דייטש, דער מיאוסטער רוצח, האָט אונזער באַראַ־נאָוויטש דערמאָרדעט. דאָס יידישע באַראַנאָוויטש איז צע־שטערט און חרוב געוואָרן.... האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן; עס וועט שוין קיינמאָל מער נישט אויפשטיין, — עס וועלן בלויז בלייבן די צוויי גרויסע ברודער־קברים... און דער בית־עלמין.

**קלארא איזראעליט** (יודקאווסקי)
ניו־יארק

# פון מיין אלטער היים

אַ „שול־קלאַס פאַר אָרעמע

יאָר 1906. איך בין נאָך דאַן געווען אַ יונג מיידל, — געזונט, פריש און באַשעפטיקונגסלאָז... אַמאָליקע יאָרן האָבן מיידלעך פון בעלי־בתי׳שע עלטערן נישט געאַרבעט; עס איז דאָך אפילו געווען א בושה און חרפה צו ארבעטן. דאָך האָב איך און מיינע חברטעס נישט געקענט זיצן מיט פאַר־לייגטע הענט, און טרוימען און וואַרטן אויף אונזערע באַ־שערטע.

די אָרעמקייט ארום איז געווען גרויס. האָבן מיר זיך צונויפגערעדט און געגרינדעט אַ „קלאַס" פאַר אָרעמע קינ־דער און אַרבעטנדיקע מיידלעך. דער נאָמען „קלאַס" קלינגט אפילו נישט אַזוי שיין — היינטיקע צייטן וואָלטן מיר מסתמא אויסגעפונען א בעסערן, אַ מער מאָדערנערן נאָמען, — אָבער אַזוי האָט מען עס דאַן גערופן.

אין דער איניציאַטיוו־גרופּע זענען געווען יונה יאָסעלע־וויטשעס (יונה בעראַזעוויקערס) 2 טעכטער, לעווינסאָנס 2 מיידלעך, לייוויק רוטקאָוויטשעס עלטערע טאָכטער און נאָך אַנדערע, וועלכע איך געדענק שוין נישט.

מיר האָבן אליין צונויפגעזאַמלט אַ ביסל געלט, געדונגען אַ צימער ביי ניסן זעבראַק דעם סטאָלער, געקויפט די נוי־טיקסטע לער־און שרייב־מאַטעריאַלן און אַליין ערטיילט די לעקציעס, בייטאָג פאַר קינדער און אין די אָוונטן פאַר דער־וואַקסענע מיידלעך. אייניקע פון אונז האָבן זיי געלערנט רעכענען, אנדערע — לייענען און שרייבן יידיש.

### רעאָרגאַניזאַציע פון „לינת הצדק"

קיין שפיטעלער זענען דאַן ביי אונז נישט געווען; און אויב ס׳איז געווען שווער די לאַגע פון דער אָרעמקייט אין טאָג־טעגלעכן לעבן, איז באַזונדערס טראַגיש געווען איר גורל, ווען עמעצער אין דער משפחה איז געוואָרן קראַנק.

אמת, ביי אונז האָט שוין פון די פריערדיקע יאָרן עק־זיסטירט אַ „לינת הצדק", וועלכער פלעגט זיך פאַרנעמען מיט די דאָזיקע קראַנקע, אָבער נישט שטענדיק איז ער גע־ווען טעטיק. אונזער גרופּע איז צוגעטרעטן צו רעאָרגאַניזירן דעם „לינת הצדק", אריינגעגאָסן אין אים אַ ביסל פריש בלוט און גענומען אויף זיך די זאָרג פאַר די אָרעמע קראַנקע, וועלכע פלעגן באַקומען אומזיסט מעדיקאַמענטן, פענכערס, טערמאָמעטערס, באַנקעס א. ד. גל. און דער עיקר, דאָס פערזענלעכע באַדינען די קראַנקע בייטאָג און באַזונדערס ביינאַכט.

דאָס נעכטיקן ביי די קראַנקע איז געווען איינגעאָרדנט לויט אַ באַשטימטער ריי, מיט דער הילף פון פרייוויליקע יוגנטלעכע. דאָך איז מיר אויסגעקומען גאַנץ אָפט צו נעכ־טיקן אויסער דער ריי. אויב ס׳איז עפּעס נישט געווען אין אָרדנונג, אָדער אַ פרייוויליקער האָט זיך נישט געקענט צו־שטעלן צו דער צייט, — האָבן מיר, די אַקטיוויסטעס, די פאַר־אַנטוואָרטלעכע (היינט הייסט עס „פאַרוואַלטונג"), אַליין געמוזט אויסשפּילן די דאָזיקע אויפגאַבע.

נישט איין מאָל איז אונז אויסגעקומען צו באַזוכן, אין די קאַלטע ווינטער־נעכט, הייזער פון אָרעמע קראַנקע, און דערוויסנדיק זיך אַז עס איז נישטאָ מיט וואָס צו הייצן און וואָס צו עסן, פלעגן מיר זיך גלייך אַרויסלאָזן איבער די שכנות׳דיקע הייזער און צונויפקלייבן אַ ביסל האָלץ און עפּעס צום עסן.

די דאָזיקע טעטיקייט האָט געהאַט איר איינפלוס אויף מיין לעבנס־גורל. די רביצין, ר׳ שלמה׳ס פרוי, איז געווען א שוואַכע פרוי; איינמאָל, ווען זי איז געוואָרן קראַנק, איז אויף מיר אויסגעפאַלן זי צו פלעגן. איך בין איר זייער געפעלן געוואָרן און זי האָט מיר גערעדט אַ שידוך מיט מיין מאַן עליו השלום, וועלכער איז געווען אירער א ווייטער קרוב. שפּע־טער האָט זי געטאַנצט אויף מיין חתונה (די רביצין איז איצט אין ישראל). די מאַמעס פון די אָרעמע קינדער האָבן מיך באַגלייט מיט זייערע האַרציקע ברכות און בעסטע גליק־וווּנטשן.

### די קהל׳שע פאַדריאַטן

אַ קאַפּיטל פאַר זיך זענען געווען די קהל׳שע פאַדריאַטן צו באַקן מצות צווישן פורים און פסח.

אויך אויף דעם געביט איז געפירט געוואָרן אַ ברייטע און פאַרצווייגטע הילפס־טעטיקייט פאַר אָרעמע משפחות. ראשית, האָט מען געדאַרפט זאַמלען געלט (מעות חטים) און דערנאָך פלעגט מען צונויפקלייבן בחורים און מיידלעך, וואָס פלעגן אָפּגעבן שעה׳ן און אָפט גאַנצע טעג און אָוונטן פון זייער פרייע צייט, כדי צו העלפן אין די דאָזיקע פאַד־ריטן צו באַזאָרגן די אָרעמע משפחות מיט מצות אויף פסח.

מיר דוכט זיך, אז אין אלגעמיין בין איך קיינמאָל נישט געזעסן ליידיק; שטענדיק געווען באַשעפטיקט מיט אַזעלכע ענינים און געהאַט גרויס באַפרידיקונג, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס נישט איינמאָל, ווען איך פלעג קומען אַ היים נאָכן איבערנעכטיקן אַ נאַכט ביי אַ שווערן קראַנקן, איז מיר אָפט אויסגעקומען צו הערן פון מיין פאָטער ע״ה געוויסע באמערקונגען, וועלכע האָבן מיר געמאַכט אַ שווערן קאָפּ.

„זאָלסטו געזונט זיין! — פלעגט זיך אָפרופן מיין פאָטער — האָב רחמנות! דו וועסט דאָך מיר אָנשלעפן אין הויז אַלע צרות!"

איך האָב מיין „אַפּטייק־מאַגאַזין" מיט אַלע זיינע קליפּערגעצייג ווי פענכערס, באַנקעס, טערמאָמעטערס א.ד.גל., געמוזט האַלטן אין שטאַל אויף אַ ספּעציעלן פּלאַץ, און פאַר יעדן באַזוך ביי אַ קראַנקן זיי וואַשן און רייניקן א.אַ.וו.

## היימיש...

אין ערשטן וועלט־קריג, בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע, איז די לאַגע אין דער היים געוואָרן שווער. עס איז פּשוט נישט געווען מיט וואָס צו מפרנס זיין די משפחה פון 13 נפשות. האָבן מיר געעפנט אַ טיי־הויז; אָבער וואָס צו עסן איז נאָך אַלץ נישט געווען.

מיין מוטער ע״ה פלעגט אָפּקאָכן אַ גרויסן טאָפּ מיט גרויפּן, כמעט אָן זאַלץ (זאַלץ איז געווען א יקר המציאות)— און די משפחה האָט זיך מיט דעם געשטאָפּט אַ גאַנצן טאָג. אויך פלעגט מיין מוטער שוין לכתחילה אויסרעכענען אויף אַ צופעליקן אורח; און יעדן הונגעריקן, וואָס פלעגט אריינקומען צו אונז, האָט זי מכבד געווען מיט אַ טעלערל זופּ אויפצוהאַלטן די נשמה.

די אָפטע אַריינגייער צו אונז, וואָס האָבן געקאָנט דער מאַמען און גענאָסן אָפט פון איר גוטהאַרציקייט, האָבן נישט געוווּסט ווי אַזוי זי אָפּצודאַנקען, — און אָפט, ווען ווילנדיק איר אָפּגעבן אַ באַזונדער כבוד, פלעגן זיי זי רופן „רב מלכה".

באַזונדערס ענערגיש אין איר צדקה־אַרבעט פלעגט זי זיין דאַנערשטיק און פרייטיק. ווען זי פלעגט איינקויפן אין קרעמל פיש, פלייש און אַנדערע פּראָדוקטן אויף שבת און יום־טוב, אָדער נאָכן ארויסנעמען די חלות פון אויוון, האָט זי קיינמאָל נישט פאַרגעסן אין אירע שטענדיקע קונדן, — די נויט־באַדערפטיקע; און מיר, אירע קינדער, זענען עס געווען די שטענדיקע „שלח מנות" טרעגער.

מיין מאַמע האָט אויך געזאָרגט פאַר „תכלית", דאָס הייסט, חתונה צו מאַכן אָרעמע מיידלעך. און ווען ס'האָט שוין געהאַלטן ביי „הכנסת כלה", פלעגט זי אויך דעם טאַטן משתּף זיין אין דער הייליקער מצוה; ער פלעגט נעביך מוזן אונטערשרייבן עטלעכע וועקסלען און דערנאָך זיי אויך באַצאָלן...

## אנטשטייונג פון „בית יתומים"

אין 1919, ווען די מלחמה האָט זיך שוין דערנענטערט צום סוף, האָט אָנגעהויבן אָנקומען הילף פון אַמעריקע. עס זענען דורכן „דזשאָינט" געעפנט געוואָרן אומזיסטע קיכן פאַר אָרעמע, און פרוי פידלער איז נאָמינירט געוואָרן אָנצופירן מיט דער דאָזיקער אַרבעט. ווען די טעטיקייט האָט זיך פאַרצווייגט, האָט פרוי פידלער איינגעלאַדן מיין מאַן איזראַעליט אַלס פאַרוואַלטער פון דער קיך.

דער אויסוואַל איז געפאַלן אויף אים, ווייל אלס געוועזענער ליפעראנט פון דער ארמיי איז ער געווען אַ פאַכמאַן אויף איינצוקויפן פּראָדוקטן; און דער עיקר, ווייל ער איז געווען באַקאַנט אַלס גרויסער אידעאַליסט און געוויסנהאַפטער מענטש.

אין פאַרלויף פון 18 חדשים האָט ער דערוויזן גוט צו דערנערן די קינדער, ערטיילן הילף און פּראָדוקטן אַ סך אָרעמע משפחות, און דערצו נאָך אָפּשפּאָרן גאַנצע 3000 מאַרק.

עס איז ביי מיין מאַן רייף געוואָרן דער געדאַנק צו שאַפן מיט דער הילף פון די אָפּגעשפּאָרטע געלטער אַ „בית־יתומים".

ער האָט עס דערציילט דער פרוי פידלער, און זי האָט זיך אָנגעכאַפּט אין דעם געדאַנק. זיי האָבן ביידע גלייך צוגעטרעטן צו רעאַליזירן דעם פּלאַן. מען האָט געדונגען אַ הויז און צונויפגעזאַמלט אין אים אַלע פאַרוואָרלאָזטע יתומים ביי אונז אין שטאָט, אַ 40 קינדער, בערך.

אונטער דער לייטונג פון פרוי פידלער און מיין מאַן האָט זיך דער „בית־יתומים" אַנטוויקלט אין אַ מוסטערהאַפטע אינסטיטוציע — אַ היים און א דערציונגס־אַנשטאַלט.

איך דערמאָן זיך, ווען די קינדער פלעגן רופן מיין מאַן: „פאָטער!", האָט ער געשעפּט נחת און געפונען אין דעם זיין גליק און באפרידיקונג.

אין 1920 זענען מיר (איך, מיין מאַן און אונזערע 3 קינדער) אָפּגעפאָרן קיין אמעריקע.

## ער מישט זיך נישט אין מחלוקת...

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן די דייטשן ביי אונז געשיקט אַלע דערוואַקסענע מענער אויף צוואַנגס־ארבעט. איינמאָל (אין יאָר 1916, עטלעכע וואָכן פאר ימים־נוראים) איז מיין מאַן אַוועקגעשיקט געוואָרן מיט אַ גרופּע יידן (500 מענער) אויף אַרבעט אין דאָרף „קריפּאטשי" לעבן באַראַנאָוויטש. זיי האָבן געאַרבעט ביים בויען אַ קליינבאַן צום פראָנט.

לעבן מיין מאַן איז געשטאַנען אַ חסיד, וועלכער האָט די גאַנצע צייט קיין האַנט נישט צוגעלייגט צו דער ארבעט, און געהאַלטן אין איין דערציילן מעשיות.

ווען מיין מאַן האָט אים אויפמערקזאם געמאַכט, אַז אַנדערע מוזן פאַר אים ארבעטן, האָט אים יענער געענטפערט:

— „ה' איזראעליט! איר פארשטייט אַן עסק: דער צאַר ניקאָלאַי האָט אַ סכסוך מיטן קיסר ווילהעלם; איינער וויל, אַז מיר זאָלן דאָ יאָ מאַכן אַ קליינבאַן און דער צווייטער וויל, מען זאָל דאָ נישט מאַכן קיין קליינבאַן, — און איך, פאַרשטייט איר מיך, וויל זיך נישט מישן אין זייער מחלוקת!"

משה ברעוודא
ניו־יאָרק

# דער וואַלד און די שטאָט

נאָר איין ווינקעלע פון שטאָט האָט זוכה געווען צו האָבן אַ שטיקל זכר פון דעם געדיכטן וואַלד, וואָס האָט באַדעקט דעם גאַנצן שטח אויף וועלכן באַראַנאָוויטש איז געלעגן אויסגעשפּרייט. דאָס איז געווען דער פּלאַץ, ווו דער קליינער „אַלטער בית־המדרש״ איז געשטאַנען, — נישט ווייט פון דער אַלטער סטאַנציע.

מען האָט געקענט זען די בוימער פון יעדן פון די צאָל־רייכע פענסטער. מיט הויכע, דינע און שלאַנקע שטאַמען פלעגן זיי שטיין, די בוימער, און בויגן זייערע גרינע שפּיציקע קעפּ איבערן אַלטן בית־המדרש און איבער די יידישע קינדערלעך, וועלכע פלעגן זיך שפּילן צווישן זיי אין די שבתים און ימים־טובים. אויך אַ פּאָר עלטערע מתפּללים פלעגן זיך זומער־צייט אַרויסכאַפּן אויף אַ ווײַלע צו שעפּן לופט אין זייערע שאָטנס. מענטש און בוים פלעגן זיך דאַן באַהעפטן צוזאַמען און זיך שאָקלען צום ריטם פון די תפילות...

היינט קומט מיר אויס, אַז זיי פלעגן איבערזאָגן אַ פּסוק פון דער תורה: „כי האדם עץ השדה״, מיינענדיק: טייערע יידן, איין בורא האָט אונז באַשאַפן, דעם מענטש און דעם בוים אין פעלד, — לאָמיר הנאה האָבן איינער פון דעם אַנדערן, ווארום ווי נאָר עס וועט אָנקומען אַ רוצח, אַן אכזר, און וועט אויפהויבן אַ האַק איבער אונזערע קעפּ, קען זי נאָך חס וחלילה טרעפן אויך אייך !...

און אַזוי איז עס טאַקע געווען. ווי נאָר די דייטשן י״ש האָבן פאַרנומען באַראַנאָוויטש אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָבן זיי פאַרוואַרט די איינוווינער צו גיין אין וואַלד אַריין און האָבן אים פאַרמשפּט צום אונטערגאַנג. מיט ווייטיק אין האַרצן פלעגן מיר אַרויסקוקן פון די בוידעם־פענסטער אויף די ענדלאָזע רייען ווייסקעפּיקע וואַרצלען פון די אָפּגעהאַקטע שטאַמען, וואָס האָבן זיך געצויגן מײַלן־ווייט...

אַ קליינקייט — דער וואַלד ! קיינער האָט זיך גאָרנישט געקענט פאָרשטעלן באַראַנאָוויטש אָן דעם וואַלד. איך געדענק נאָך אַלס קינד, ווי איך בין געזעסן מיט מיין מוטער אונטער די לעצטע סאָסנעס נעבן אונזער הויז. אַרום האָט זיך געהערט דער קלאַנג פון האַמערס און דאָס לעבעדיקע געשפּרעך פון די אַרבעטער, וועלכע האָבן געבויט אונזער נייע היים. די לופט איז געווען פול מיט דופטיקע ריחות. פון נישט־ווייט האָט זיך דערהערט אַ לאַנגער מאָנאָטאָנער פייף פון דער נייער אייזנבאַן און איבערגעלאָזט זיין עכאָ צווישן די בוימער. דער פייף האָט ווי אָנגעזאָגט דעם וואַלד, דורך וועלכן די רעלסן האָבן זיך געשניטן אין דער ענדלאָזער ווייטקייט אַריין: „מענטשן קומען אָן ! —, דו וועסט מוזן מאַכן פּלאַץ פאַר זיי !״

האָט זיך דער וואַלד אָפּגערוקט פון שטאָט, — האָט זיך די שטאָט גערוקט צום וואַלד ; מען האָט זיך נישט געקענט



שיידן. ווינטער האָט מען זיך געוואָרעמט פון זיינע האָלץ, און זומער — זיך געקילט אין זיין שאָטן. דער וואַלד האָט באַלאַנגט צו אַ פּוילישן פּריץ. אָבער ווער האָט געטראַכט וועגן פּריץ, — ס׳איז אונזער וואַלד ! מיר האָבן אויף אים געהאַט אַ חזקה.

פּאַר אונז, קינדער, איז דער וואַלד געווען ממש אַ גן־עדן. מיטן אָנקום פון זומער פלעגן מיר ווי פאַרשכורט ווערן פון זיינע ריחות, קלייבן אין אים יאַגאָדעס און ער פלעגט ווערן אונזער נאַטירלעכער שפּיל־פּלאַץ. ווי לאַנג און ווי ברייט דער וואַלד איז געווען האָבן מיר נישט געוווּסט, אָבער געגלייבט האָבן מיר, אַז ער ציט זיך מסוף העולם ועד סופו. צו ווייט פלעגן מיר אין אים נישט גיין, מחמת ס׳איז געווען אַ סכנה פון שקצים. אונזער פאַנטאַזיע פלעגט זיך צעשפּילן אומגעהויער אונטער די צווייגן פון די בוימער. האָט אַ קלאַפּ פון אַ האַק אָפּגעקלונגען אין וואַלד, איז עס געווען אַ סימן, אַז די געשיכטע וועגן באַהאַלטענע אוצרות איז נישט קיין פּוסטע לעגענדע... איינמאָל, אין אַ שטילער יום־טוב׳דיקער נאַכט, איז טאַקע פאָרגעקומען אַ גניבה ביי אונז אין שטוב. זענען מיר געלאָפן אויפמאָרגן אַ גאַנצע חברה אין וואַלד אַריין זוכן די פאַרבאָרגענע געגנבעטע זאַכן. מיר האָבן זיך שוין מיאש געווען זוכנדיק און געטראַכט זיך אומקערן מיט גאָרנישט אַהיים ; פּלוצלינג האָט מיין ברודער אריה דערזען דעם טאַטנס טלית צווישן די קוסטעס. מיר האָבן עס ציטערנדיק און פאַרזיכטיק אויפגעהויבן, און אויך געפונען דעם טאַטנס פּאַפּירן, וואָס זענען מסתמא געווען ווערטלאָז פאַר די גנבים.

איז דער יום־טוב שבועות אָנגעקומען, פלעגן מיר אַריינברענגען דעם וואַלד אין שטוב אַריין און באַפּוצן די ווענט מיט גרינע דופטיקע צווייגן פון יונגע סאָסנעס און בעראָזעווע בוימער. סוכות־צייט האָט דער ריח פון דעם סכך געבראַכט צו אונז דעם ריח פון די ארץ־ישראל׳דיקע גערטנער און פעלדער...

מיר זענען עלטער געוואָרן, און מיט אונז איז אויך דער וואַלד געוואָרן אַ בא־בשנים. איז געקומען אַ רוצח, דערווייטערט די שטאָט פון וואַלד און אים פאַרניכטעט. אַ לאַנגע צייט האָבן מיר זיך געפילט ווי יתומים. די האַנט פון בייזן אָקופּאַנט איז געפאַלן שווער סיי אויף דעם מענטש, סיי אויף דעם בוים ; אָבער נישט אויף אייביק — דער מערדער איז פאַרשווונדן, כאָטש די ווונדן זענען געבליבן. דעם ערשטן פרילינג נאָך דער באַפרייאונג פון דייטשישן יאָך, האָבן מיר, אַ גרופּע יונגע לייט, זיך אַרויסגעלאָזן באַזוכן דעם צעשטערטן וואַלד. מיר זענען אַרומגעגאַנגען ווי אַבלים צווישן די אָפּגעהאַקטע בוימער, וואָס האָבן אויסגעזען ווי ענדלאָזע רייען מצבות. פּלוצלינג איז אונזער אויפמערקזאַמקייט געפאַלן

אויף אַ הויכע, דינעקע יונגע סאָסנע, וואָס האָט געבליט צווישן די וואָרצלען פון אָפּגעהאַקטע בוימער. די אונטער־גייענדיקע זון האָט געוואָרפן גלעטנדע שטראַלן אויף אירע צווייגעלעך. אַן אָנגענעם געפיל האָט אונז אַרומגעכאַפּט. מיין ברודער קלמן, דער קינסטלער, האָט גלייך פאַרצייכנט דאָס וווּנדערבאַרע בילד אויפן פּאַפּיר. באַצויבערטע האָבן מיר זיך אַלע צוגעקוקט צו דער צייכנונג, און אַ נייע האָפענונג איז געבוירן געוואָרן אין אונז. מיר האָבן דערין געזען אַ סימבאָל פון דער צייט: צווישן די רויִנען פון אַלטן דור, הויבט אָן אַ נייער דור צו שפּראָצן מיטן קאָפּ צום הימל; דער נאַטירלעכער דראַנג צום לעבן קען נישט פאַרהאַלטן ווערן...

און דאַן איז געקומען די צווייטע וועלט־מלחמה: דער וואַלד און דער ייִד — צוזאַמען געלעבט און צוזאַמען אונטערגעגאַנגען; איין גורל האָט זיי געטראָפן.

און אויב עס וואַקסט נאָך ערגעץ־ווו אַ יונג בוימל אין באַראַנאָוויטש, אָדער אַ גרעזעלע אַרום די קברים פון אונזערע קדושים, — בין איך זיכער, אַז בויגנדיק זיך אונטער די ווינטן — שרייט עס אויס מיט ווייטיק: ה׳ יקום דמם!

**אפרים וואַלאך**

# ערב יום־כפור

דער מושער עולם האָט שוין פאַרדייט דעם שווערן טשאָלנט און דעם פעטן קוגל, געהערט די שבת־תשובה מוסר־דרשה פון רב, אָפּגעגעסן דעם „שלש־סעודות" מיט גרויס הנאה און זיך געלאָזן אין אַלטן בית־המדרש און די איבעריקע שולן צו באַגלייטן דעם הייליקן שבת.

אין בית־המדרש איז האַלב טונקל. סוחרים שמועסן צווישן זיך וועגן די שלעכטע צייטן, מסחרים זענען אין ד׳רערד, שניידער גיסן אויס די הערצער איינער פאַרן אַנדערן, אַז דער עולם איז אָרעם, מען נייט נישט קיין מלבושים. שוסטער — דאָס זעלבע פון זייערע ענינים א. אז. וו. שלמה ישראל אַרקעס, אַן איש תם און זייער פרום, שטייט הינטער דער בימה און זאָגט תהילים אויסנווייניק.

עס ווערט נאָך טונקעלער, און משה לאקיז גיט אַ געשריי: אשרי תמימי דרך — און דער עולם נאָך אים, מיט געבראָכענע געמיטן, זאָגט תהילים (אַלע קענען אויף אויסנווייניק, דאָס טוען זיי אַ גאַנץ יאָר, בפרט שבת תשובה).

די יונגע חברה ליגן אין פאַליש און אַרבעטן מעשים אין דער פינסטער, לאַכן אויפן קול, קלאַפּן מיט די הענט און קערן וועלטן.

פלוצלינג — אַ קלאַפּ אויף דער בימה. חיים דער ממונה (אין מוש רופט מען דעם שמש — ממונה) שרייט אויס מיט אַן אומעטיקן, אימה׳דיקן נגון: והוא רחום. אַלע פאַלן אַריין אין אַ מרה־שחורה׳דיקע שטימונג, און מען דאַוונט מעריב מיט כוונה. דער ממונה מאַכט הבדלה; איינע די אַנדערע באַגריסן זיך מיט אַ „גוט וואָך" און דער עולם צעגייט זיך...

די יידישע גאַס איז לעבעדיק. ווייבער לויפן איינקויפן כפרות, פלייש, פיש, פרוכטן און נאַשעריי אויף מאָרגן ערב יום־כפור. מען זיצט שפּעט ביינאַכט צוגרייטן קרעפּלעך און פלעכטן די לייטערס (אין מוש באַקט מען די חלה אויף ערב יום־כפור אין דער פאָרם פון אַ לייטער, אפשר כדי די תפילות זאָלן האָבן אויף וואָס צו קריכן אין הימל אַריין). מען בינדט די כפרות; דער וואָס האָט אַ ווייסע כפרה פילט זיך גליקלעך. מען וועקט די קינדער, די איינגעשלאָפענע, אויפצושטיין און שלאָגן כפרות; מען דרייט די עופות איבערן קאָפּ און מען זאָגט בני אדם...

דער חזן ר׳ נתן נטע, אַ ייִד אַ למדן, אַ חכם, אַ גאָלדן האַרץ, שטייט מיט אַ חלף ביי זיך אויפן הויף און שעכט די כפרות (אין מוש דאַרף אַ חזן זיין אויך אַ שוחט דערצו). דער סטאָלאָוויצער באַס, אַ משורר ביים מושער חזן, שטייט דערביי און גאַרגלט אויף די אונטערשטע טענער. די סלאָני־מער גאַס איז אַ ביסל רוהיקער, אָבער דאָך איז די לופט אָנגעפילט מיט ערן־פורכט פון דעם קומענדיקן יום הדין.

זונטיק פרי. די שולן זענען געפּאַקט. נאָכן דאַווענען פראַוועט מען די התרת נדרים. דער חזן מיטן באַס פון סטאָלאָוויץ גייען אויפן הייליקן אָרט מאַכן הזכרות.

אָפּגעגעסן דעם וואַרעמעס יום־טוב׳דיק: המוציא מיט האָניק, קרעפּלעך, עופות, מייערן־צימעס און וואָס גאָט גיט; מען בענטשט מיט יראת שמים און מען מאַכט הכנות אויף דעם מאָרגנדיקן תענית. נאָך מיטאָג געגאַנגען אין באָד, גוט געשוויצט, געוועזן אין מקוה, געלאָפן אין די שולן, געדאַוונט אַ וואָכנדיקע מנחה, מיט אַ ביילאַגע יום־כפור׳דיקן על חטא; געלייגט זיך אויף דער ערד און געלאָזט זיך פון די שמשים שמייסן מלקות. געלאָפן אַהיים זיך פאַרפאַסטן, געגעסן די לייטערס און די לאָקשן מיט די כפרות, געבענטשט וויינענדיק, די ווייבער פאַרגיסן טייכן טרערן ביים בענטשן די ליכט. און גלייך אין די שולן. אויפן וועג טיילט מען צדקה צו די אָרעמע־לייט. עס איז נאָך ליכטיק, צייט צו זאָגן תהילים וויפל דאָס האַרץ גלוסט, אויסגעוויינט זיך אויפן תפילה־זכה, אויף די זינד וואָס מ׳האָט ניט באַגאַנגען...

אין שול ווערט אַ דערשטיקעניש פון די וואַקסענע און חלב׳דיקע ליכט (נישט אַלע קענען זיך פאַרגינען צו האָבן סטעאַרינאָווע ליכט) וואָס שטעקן אין די קאַסטנס זאַמד. אָבער דער עולם האַלט זיך רוהיק; מען כל־נדרי׳ט, מען

יעלה׳ט, מען על־חטא׳עוועט קלאַפּנדיק זיך אין האַרצן. די יינגערע גייען אַהיים שלאָפן, די עלטערע פאַרבלייבן אויף אַ גאַנצע נאַכט אין די שולן, זאָגן שירת־יחוד און גאַנץ תהילים.

דער גאַנצער טאָג יום־כפור גייט אַוועק אין איין תפילה־טאָן. די געוויינען און געשרייען דערלאַנגען ביזן הימל; יידן אין מוש האָבן וואָס צו וויינען. אוי, די פּרנסה, די אונטער־דריקונג און די נישט־ווילנדיקע עבירות בין אדם לחברו!

ביי מושער יידן איז פאַסטן אַ מעת לעת פון די קליינע זאַכן. מען שטייט אין זאָקן אַ נאַכט מיט אַ טאָג אויף שטרוי אָדער היי; די קינדער פלאָנטערן זיך אונטער די פיס, קייקלען זיך אין די טרוקענע גראָז, אָבער זיי פילן אויך דעם טעם פון יידישקייט, קיין אַנדערע פאַרגעניגנס האָבן זיי נעביך נישט.

גאָט צו דאַנקען נאָך נעילה; געשריען „לשנה הבאה בירושלים!״, געדאַוונט מעריב. די פרימערע איילן זיך נישט צו גיין אַהיים. וואָס דען, פרעסן? מעשה עשו? זיי זענען נאָך מחדש די לבנה און גייען זיך לאַנגזאַם אַהיים, שלאָגן אַריין אַ פלעקל פאַר דער סוכה, וואָס זיי גייען מאַכן; ערשט נאָכדעם עסט מען די קאַלטע סעודה, קאַלטע כפּרות מיט המוציא.

און וועו מען באַטראַכט דעם לוקסוס, וואָס מיר האָבן איצט, און די אומגעהויערע גרויסע אָרעמקייט פון דער אַמאָליקער היים, פרעגן מיר אַליין ביי זיך: וועמעס געוויסן, וועמעס נשמה איז ריינער — אונזערע אָדער די פון דער אַלטער היים?

מיר דאַכט זיך, אַז אין דער אַלטער היים, איבערהויפּט אין מוש, מיין געבורט־שטאָט, האָט אַ ייד געהאַט, אמת, קליינע השגות פון לעבן, אָבער דאָס לעבן איז געווען ריין און אָרנטלעך.

פריידל שטיין (צירולניק)
(בוענאָס־איירעס)

# מיין שטעטעלע מוש

(זכרונות)

ווי אין אַ נעבל פון זכרונות שטייט פאַר מיינע אויגן מיין שטעטעלע מוש מיט זיינע עטלעכע גאַסן; די יידישע גאַס מיט דעם גרויסן בית־המדרש, חסידישן שטיבל, שניי־דערשער שול, תלמוד־תורה און ישיבה; דער מאַרק מיט זיינע צוויי רייען קראָמען און צוויי קלויסטערס, ווי אויך די סלאָנימער גאַס. דאָס אַלץ איז געווען ענג באַוווינט פון יידן; אין די זייטיקע געסלעך האָבן געלעבט די גויים.

שוין ביים אַריינפאָר האָט זיך אַנטפּלעקט אַ שיינע מאָלערישע לאַנדשאַפט. דאָס גאַנצע שטעטל איז געווען איינגעטונקט אין דופּטנדיקע בעז־ביימער און פּרוכט־סעדער. שטיל האָט געפלאָסן דאָס טייכל מישאַנקע, און רוהיק האָט זי זיך געשלענגלט נישט ווייט פון די הייזער איבער די אַרומיקע פעלדער. אידיליש־ראָמאַנטיש איז געשטאַנען דער וועלדל.

די גאַסן האָבן זיך געצויגן באַרג־אַרויף און באַרג־אַראָפּ. ווו נישט ווו צווישן די קליינינקע נידעריקע הייזקעס מיט זייערע ענגע פענסטערלעך און ווייסע פאַר־האַנגלעך, האָט אַרויסגעקוקט גדלות׳דיק אַ גרויס, הויך נגידיש הויז מיט רחבות׳דיקע פענסטער, שיין געהאַפּטענע גאַרדינען און בלומענטעפּ.

אינגאַנצן עטלעכע הונדערט משפּחות, דערונטער אַ ביסל גבירים, אַ שטיקל מיטל־קלאַס — און אַ סך אָרעמע־לייט; אַ דינע שיכט פון פּאַדריאַטשיקעס, תבואה־און וואַלד־סוחרים, ווי אויך מעקלערס, פּראַצענטניקעס, סתם שטעקלדרייערס א. א.. מוש האָט געהאַט כלערליי קראָמען און קרעמלעך און אַפילו אייניקע הורט־געשעפטן. די הויפּט־פּרנסה האָט מען געצויגן פון די אַרומיקע דערפער. יעדע וואָך פלעגן פאָרקומען מערק און יעדע פאַר חדשים — קלענערע און גרעסערע ירידים. די יידישע פּאַדריאַטשיקעס האָבן צוגעשטעלט פּראָדוקטן צום גרויסן מיליטערישן סקאָבעלעוו־לאַגער אין דער אומגעגנט. ס׳זענען אויך געווען בעלי־מלאכות פון אַלע פאַכן. דאָס פּראָדוצירן און מאָלן רעצקע גריפּן (אויף אַ פּרימיטיוון אופן) — איז געווען איינע פון די מושער פּרנסות.

אַ באַזונדער אויסזען האָט דאָס שטעטל באַקומען מיטן פאַנאַנדערשמעלצן זיך פון שניי און אייז ערב פּסח. דאָס וואַסער האָט געשטראָמט פון די בערגלעך. דאָס טייכל מי־שאַנקע פלעגט אַרויס פון זיינע ברעגן, פאַרפלייצן די גאַנצע אומגעבונג און אָפּשניידן מוצקעוויטש פון מוש. מיר, קינ־דער, פלעגן לויפן זען ווי ס׳שווימען די גרויסע אייז־שטיקער (קריעס), מיר פלעגן נישט דערקאָנען אונזער שטיל טייכל, וואָס איז שטענדיק געווען רוהיק און זיך באַגנוגנט (לויט דער פאָלקס־לעגענדע) — בלויז מיט איין מענטשלעכן קרבן אין יאָר...

די יוגנט פון באַראַנאָוויטש פלעגט קומען אַהער זיך באָדן אין קלאָרן וואַסער פון אונזער טייכל. האָבן מחותנים געוואָלט מאַכן אַ שטילע חתונה, האָט אַ פּאָר־פאָלק זיך געדאַרפט גטן, — איז מען אַראָפּגעקומען קיין מוש. די עלטערע יידן פון באַראַנאָוויטש האָבן געשטרעבט צו געפינען זייער אייביקע רו אויף מושער בית־הקברות...

אַ חוץ חדרים, ספּעציעל פאַר יינגלעך, האָט מוש פאַר־מאָגט אויך אייניקע מאָדערנע שולן: די וויכטיקסטע פון זיי איז געווען די שול פון יעקב איזראַעליט, ווו ער האָט גע־קנעלט מיט זיינע תלמידים יידיש, העברעאיש, חומש און תנ״ך. פאַר רוסיש האָט ער אַראָפּגעבראַכט אַ ספּעציעלן לערער. דאָס צימער פאַר די רוסישע למודים האָט געהייסן

„קלאַס". ס׳איז אויך געווען נאָך אַ שול פון ה׳ לובאָווסקי, אין קריינע־רחל׳ס געסעלע (דאָס געסל איז געגאַנגען באַרגאַראָפּ, און ווינטער־צייט אין אַ גליטש־טאָג, האָט מען זיך געקענט אויסגליטשן און אַריינפאָרן זיצנדיקערהייט גלייך אין דער שול אַריין...).

ס׳איז אויך געווען שמואל יעקב׳ס חדר, וואָס האָט זיך אונטערשיידט פון אַנדערע חדרים מיט דעם, וואָס אין אים האָבן געלערנט יינגלעך מיט מיידלעך צוזאַמען. כדאי אויך צו דערמאָנען אברהם אריה׳ס חדר פאַר דערוואַקסענע יינגלעך. ס׳איז געווען אַ רוסישע שקאָלקע, אָבער ווייניק יידישע קינדער האָבן דאָרט געלערנט.

אויך אויפן געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן געביט האָט מוש צו פאַרצייכענען אַ שיין בלעטל געשיכטע. מען קען אָבער נישט רעדן וועגן געזעלשאַפטלעכן לעבן, אין דער תקופה צווישןביידע וועלט מלחמות, און נישט דערמאָנען דעם חבר יוסף בעלסקי אָדער יוסף כאַשע אסתר׳ס. ער איז געווען דער איניציאַטאָר און לעבעדיקער גייסט פון כמעט אַלע געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען; קיין זאַך איז נישט געטאָן געוואָרן אָן אים און אָן זיין וויסן.

אומגעפער אין יאָר 1919 איז געשאַפן געוואָרן אין מוש דער ערשטער ליטעראַרישער קרייז. דער פאָרלעזער איז דאַן געווען דער ח׳ דזענצעלסקי, אַ לערער אין אַ שכנות׳דיקן דאָרף. ביסלעכווייז איז אַנטשטאַנען אַ שטיקל ביבליאָטעק. ווער ס׳האָט נאָר געהאַט אַ ביכל האָט עס געבראַכט צו יוסף׳ן. מען האָט די ביכער קאַטאַלאָגירט און אָנגעהויבן אַרויסגעבן צום לייענען. מיר האָבן דורכגעפירט קולטור־אָוונטן מיט פרייע דיסקוסיעס איבער אַקטועלע פראַגן.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה און נאָכן רוסיש־פּוילישן קריג האָט אָנגעהויבן אָנקומען די הילף פון אַמעריקאַנער יידנטום צום ווידעראויפבוי פון דער אַלטער היים. ס׳האָבן אונז באַזוכט פאַרשידענע דעלעגאַטן פון אַמעריקע, צווישן זיי אַ געוויסער ד״ר פיין. אונז איז געלונגען צו באַוועגן אים, אַז אין דער סובווענץ פאַר שול־וועזן אין אונזער שטעטל זאָל אַ געוויסער סכום געווידמעט ווערן דער גרינדונג און אויסהאַלטונג פון אַ מאָדערנער וועלטלעכער שול. עס האָט זיך פאַנאַנדערגעפלאַקערט אַ פאַרביטערטער קולטור־קאַמף צווישן די רעליגיעזע און וועלטלעכע. עס זענען פאָרגעקומען אסיפות און פאַרזאַמלונגען, ביז ס׳האָט זיך אַריינגעמישט דער „מושער־באַראַנאָוויטשער לאַנדסלייט פאַריין" און געפּסקנט: פיפטי־פיפטי!

צוזאַמען מיט דער שאַפונגס־פרייד האָט אין האַרצן גענאָגט די פראַגע: ווי וועלן מיר עס אויסהאַלטן אַ שול, לערערס א. אז. וו.? צו אונזער הילף איז געקומען יוסף׳ס מוטער, וועלכע האָט אונז שטענדיק דערמוטיקט. זי איז פאַקטיש געווען די מאַמע פון אונזער יוגנט־גרופּע, און ביי איר אין שטיבעלע איז אַלץ געשאַפן געוואָרן. זי האָט געוווינט צוזאַמען מיט יוסף׳ן אין אַ קליין הינטערשטיבל פון איין צימערל מיט אַ גרויסן אויוון, אין מיטן אַ קליינער



טיש און ביי דער וואַנט אַ בעט און אַ שלאָפבאַנק.

זאָל ביי דער געלעגנהייט געזאָגט ווערן אַ פּאָר ווערטער וועגן כאַשע לאה׳ן, יוסף׳ס מוטער. שוין פון איר געבורט אָן איז זי פון דער נאַטור שטאַרק באַוואָלה׳ט געוואָרן. און דאָך קיינמאָל נישט געווען פאַרביטערט. יוסף׳ס חברים זענען אויך געווען אירע חברים. אַ גלאָז טיי מיט אַ שטיקל ברויט (אַ מאָל אויך אַ שטיקל הערינג) איז שטענדיק דערלאַנגט געוואָרן צום טיש. תמיד איז זי געווען גרייט צו העלפן, גענומען אויף זיך פאַרשידענע אַרבעטן און אויסגעפירט אַלערליי שליחותן. זי האָט אונז שטאַרק דערמאָנט אין גאָרקיס „מוטער". די אַרבעט איז ביי איר געווען אַ הייליקייט

אונטערן איינפלוס פון איר באַגייסטערונג האָבן מיר צוגעטרעטן צו עפענען די שול. צו אונזער איבערראַשונג האָט דער דערפאָלג איבערגעשטיגן די דערוואַרטונגען. מיר האָבן באַלד געהאַט קינדער פאַר צוויי שיכטן. אַלס לאָקאַל האָט געדינט די עזרת־נשים פון גרויסן בית־המדרש און אַלס ערשטע לערערס — האָדעס מענאַכאָווסקי און צאַלקע מענאַוויצקי. אין יענע טעג האָט מען געדאַרפט אָנקוקן יוסף׳ן, ווי ער איז ממש געלאָפן מיט דער קוליע אונטערן אָרים ביי־צוזיין די למודים אין דער שול. די אויגן האָבן ביי אים געברענט מיט אַזאַ פייער, וואָס האָט, דוכט זיך, אַ גאַנצע וועלט געקאָנט אָנצינדן...

און דאַן האָט זיך פונאַנדערגעברענט די אַרבעט. אויך די אָרעמע ביבליאָטעק איז אויפגעלעבט און באַרייכערט געוואָרן. איך געדענק ווי מיר פלעגן זיצן ביי יוסף׳ן אין שטוב און „ברעכן" די קעפּ איבער געלט־פראַגן. מיר האָבן געוואָלט איינקויפן דאָס בעסטע פון דער יידישער ליטעראַטור. און אַז ס׳פלעגן אָנקומען ביכער פון וואַרשע, מיט וואָס פאַר אַ הייליקן ציטער האָט דער יונגער עולם זיי באַטראַכט, פשוט געגלעט און געצערטלט.

מיטן דערפאָלג פון דער שול און ביבליאָטעק איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ דראַמאַטישע סעקציע, וועלכע האָט טראָץ די אָרעמע מעגלעכקייטן זיך פאַרמאָסטן אויסצופירן גרעסערע פאָרשטעלונגען ווי „דער בטלן", „דער ישיבה בחור", „דער יידישער קעניג ליר" א. אַ. ווי דער מנהג אין קלענערע שטעטלעך, האָט אַלס זאַל פאַר די פאָרשטעלונגען געדינט די געביידע פון דער „פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע", וועלכע מען האָט געדאַרפט פון אַ שטאַל פאַרוואַנדלען אין אַ טעאַטער. מיר האָבן געמוזט שטעלן וואַכן, מען זאָל נישט פונאַנדערטראָגן די בענק מיט דער בינע און טירן צוזאַמען. מיר זענען געווען געצוווּנגען אָנצוקומען צו דער הילף פון די גאַסן־יונגען. אַ טייל פון זיי האָבן מיר נאָכדעם צוגעצויגן צו אונזער אַרבעט. די הכנסות זענען געווען געווידמעט דער שול, אָדער ביבליאָטעק. מיר האָבן אויך איינגעאָרדנט „בלומען־טעג".

אַ גרויסער טייל פון מושער יוגנט האָט געאַרבעט אין באַראַנאָוויטש, ווער אַלס האַנדלס־אָנגעשטעלטער און ווער

אַלס לוין־אַרבעטער. אַ גאַנצע וואָך געוווינט אין באַראַנאָוויטש, ערשט פרײַטיק פאַרנאַכט איז מען געפאָרן, בעסער געזאָגט, געגאַנגען אַהיים. שבת פלעגט דאָס שטעטל אויפלעבן. מען פלעגט זיך דרייען ארום דעם מאַרק און צווישן די קלויסטערס, — שפּאַצירן, דיסקוטירן, פאַנטאַזירן... און פאַרגעסן אין דער גרויסער וועלט. די יוגנט איז געווען דער צענטראַלער נערוו פון יידישן לעבן אין מוש. ס'איז נישט געווען קיין געזעלשאַפטלעכע אַקציע אָדער אַרבעט ווו די יוגנט זאָל נישט זיין באַטייליקט. טראָץ דעם וואָס ס'האָבן עקזיסטירט פאַרשידענע פּאָליטישע ריכטונגען, זענען די צווישנפּאַרטייאישע קאַמפן נישט געווען אַזוי פאַרביטערט. די שטאַרקסטע און אַקטיווסטע גרופּע, וועלכע האָט אמ־מערסטן בייגעטראָגן צו דער געזעלשאַפטלעכער ארבעט, איז געווען דער קרייז פון די לינקע „פועלי־ציון".

דאָס איז געווען די גלאַנץ־עפּאָכע פון מוש, אין דער תקופה צווישן ביידע וועלט־מלחמות. זי האָט אָנגעהאַלטן אַ 3—4 יאָר בערך. נאָכדעם האָט זיך אָנגעהויבן די שטילע שקיעה, וועלכע האָט זיך לאַנגזאַם געצויגן ביז צום חורבן. דער עולם האָט גענומען פאַרלאָזן דאָס שטעטל. די יוגנט איז אַוועק אין דער וועלט אריין: ווער קיין אַמעריקע און ווער קיין ארץ־ישראל. דעם גרעסטן טייל מושער האָט איינגעשלונגען די שכנה'דיקע שטאָט באַראַנאָוויטש. אַ סך פון זיי האָבן דאָרט פאַרנומען אַ וויכטיקן אָרט אין געזעלשאַפטלעכן, קולטורעלן און פּאָליטישן לעבן. אויך יוסף איז אַוועק קיין באַראַנאָוויטש, דאָרט חתונה געהאַט און געאַרבעט ביי זיין פאַך אַלס היטל־מאַכער. צו זיין אומגליק איז ער געשטאָרבן אין יונגן עלטער, און צו זיין גליק — מיט אַ נאַטירלעכן טויט פאַרן חורבן.

און דער חורבן האָט אַלץ פאַרניכטעט און אויסגעראָטן...

זאָל דאָס ביסל וואָס איך האָב דערציילט דערמאָנען אַ סך וואָס איך האָב נישט דערציילט; און זאָל דער הייליקער זכר פון דער טייערער אַלטער היים מוש געטראָגן ווערן אין די הערצער פון אירע קינדער אויף גאָר דער וועלט...

חיותה בוסל

# עיר ארצישראלית

השם ברנוביץ חרות על לוחי לבי משחר ילדותי. מחצית תחנת רכבת מברנוביץ שכנה עיירתי לאחוביץ אשר בה נולדתי, גדלתי וממנה עליתי לארץ. עוד בהיותי ילדה שמעתי על העיירה הצעירה ברנוביץ, וכך פעם אחת או שתים בקרתי בה לפני עליתי בשנת 1908.

בין הזכרונות אשר נשארו לי מהימים ההם — הפגישה עם המהנדס ברמן אשר זכה לעלות אף הוא, אך לא האריך ימים בארץ. בן למשפחה ענפה, משפחה ציונית אשר רוב אחיותיו עלו לארץ. אחת מהן היתה רוקחת וחובשת בסג'רה עוד בתקופת העליה השניה; אח"כ נישאה לצעיר, חלוץ האכרות ביבניאל — נסנבאום, ועברה אתו לבנות משק חקלאי בגליל התחתון.

בקשרי ידידות התקשרתי לברמן זה. ספרתי לו על החלטתי לעלות ועל ההתנגדות העזה מצד הורי ובעיקר מצד אמי. הוא קיבל על עצמו לבוא לעיירתי ולנסות להשפיע על אמי שתתן לי רשות להגשים שאיפתי.

ואמנם הוא בא אלינו ולקח דברים עם אמי, והטיף לה מוסר על אשר אין היא מעריכה את רצוני לנסוע דוקא לארץ ישראל ולא לאמריקה. אמא שמעה אשר דיבר וכתום דבריו אמרה: עתה תן לי רשות הדיבור... אולם אחרי שהרצתה על כל הסבל והצרות אשר עברו עליה, אמר לי ברמן: „את צריכה להיות חזקה מברזל כדי להתגבר על כל אלה ולהשאיר את אמה לבדה". כי אני נשארתי בת יחידה אחרי שאחותי הכלה נספה ברעם ביום תמוז אחד. מהביקור ההוא נשאר לי תצלום משותף.

בברנוביץ עסקתי בארגון הנוער ועזרתי להקמת אגודה ציונית. אך קשה היה לנו לבוא לעמק השוה בענין השם של האגודה. הוא כחניך „פועלי ציון" רצה שנקרא תיכף את האגודה בשם זה, ואני דרשתי לדחות את הדבר עד אשר יבינו ויעריכו בעצמם הצעירים ויחליטו מה שם יבחרו: „פועלי ציון" או „התחיה" אשר אליה השתייכתי אני.

אחרי מלחמת העולם הראשונה בקרתי את אחי ומשפחתו (כיום בארץ), מצאתים עומדים על כליהם הארוזים מחכים לאות לעלות. בפעם הראשונה פגשתי חוטבי עצים ושואבי מים מבין החלוצים אשר הסתדרו בברנוביץ. רוח מרעננת ומעודדת נשבה מבתי החלוץ אשר בהכשרת ברנוביץ. היו רגעים ושכחתי שאני נמצאת בגולה, כי נשמתי אוירא ארץ־ישראלית. את ספורי על הארץ ועל הנעשה בה שתו בצמא. כל צעד שהלכתי צולם ע"י חוגים שונים ונשאר אתי עד היום.

עד היום אינני מסוגלת להסביר לעצמי מה היה הקסם אשר צד את האיש אשר ביקר ברנוביץ? האם בגלל הרוח החפשית אשר נשבה בה, והרי חיו בה גם רבנים ורביים ובני משפחותיהם ואף בחורי ישיבה, לומדי תורה לא חסרו בה. ואולי בגלל האינטליגנציה שלה? והרי לא היו בה בתי אולפנא גבוהים — רק גימנזיות קמו בתוכה והשכלה גבוהה חיפשו בערים אחרות בפולין ובארצות חוץ. לא עשירות מופלגת ואף לא קבצנות נכרת. אדם שבא ברכבת ועוד בעמדו בתחנה כבר ראה והרגיש את היהודי הנצחי המחפש אחר פרנסה... כן, דמויות אלו לוו אותי בכל דרכי שעשיתי בארץ. רבו היהודים המדוכאים בברנוביץ אחרי מלחמת העולם הראשונה. בני הנוער נשארו תלויים באויר, בלי קרקע תחת רגליהם. הטובים מצאו את הדרך אל התנועה הלאומית המגשימה. מחנות

מחנות נהרו למקומות ההכשרה. על אף התנאים הקשים היתה השמחה במעונם. ברנוביץ היתה לא רק ציונית, אלא גם ארצישראלית. השפה העברית היתה מצלצלת בפי ילדים, נוער ומבוגרים. הרגשתי שהלב היה תמיד ער ופתוח לשמוע את דבר הארץ. ולא אחת לא יכלתי לשאת את רוב הטובה אשר הרעיפו עלי ידידים וחברים לרעיון. רחמים רבים עוררו בי הורים, אמהות ואבות, שהיו מודאגים מאד לגורל בניהם והתחננו לפני שאעשה את הכל ואסייע להם לעלות. רק לעלות. רק רשיון לעליה נחוץ להם, ואת היתר יעשו בעצמם, בכוחותיהם וברצונם העז להצטרף אל הבונים.

בין הנספים בימי הזעם — רבים אשר לעולם לא אשכחם. לא אפרטם לשמותיהם, חתומים הם בלבי. ביניהם בני המשפחה, בני לאחוביץ, ראשי התנועה ומנהלי המגביות, חברי וראשי תנועת העבודה, כולם מסורים ונאמנים. וכשנפתחו השערים כבר לא היו בחיים. אל ישכחו הדורות הבאים את אלה אשר חיו, שאפו, חתרו.

וישמש גם הספר הנכתב מצבה לאבדה הגדולה.

לא אוכל לסיים מבלי לציין במלים מעטות את יעקב כהן. מי לא ידע את יעקב כהן זה? רבים בארץ חיכו לבואו. מה רב האושר הרוחני התנועתי אשר היה בידו להעניק לנו, ולדאבון הלב לא זכה ולא זכינו גם אנו. יהא זכרו צרור בצרור חיינו במולדת.

# פון דער פרעסע

## די לעצטע מאהיקאנער

(סקיצע פון מ. מינץ [1])

1.

עלנט, זייער עלנט האָט זיך געפילט ר׳ יצחק יעקב, ווען ער איז געקומען וווינען צו זיינע קינדער אין באַראַנאָוויטש.

באַראַנאָוויטש איז אַ נייע, „אויפגעלאָפענע" שטעטל. פון אַלע „עקן" איז מען זיך אַהער צונויפגעפאָרן, זינט עס האָט זיך דאָ אויפגעבויט די אייזנבאַן. אין פרנסה איז באַראַנאָוויטש אַ סך העכער און בעסער ווי אין די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך. אמונה און יראת שמים אָבער איז שטאַרק, שטאַרק פון הינטן. דער מישער חסידישער רב, ר׳ לייזער יודל, ווען ער פלעגט קומען לעבן ישעיה׳קעס קרעטשמע ביים אַריינפאָר אין שטאָט, פלעגט אַראָפּגיין פון וואָגן, קערן דעם קאָפּ אין אַלע זייטן און שטאַרק שמעקן. „דער אויר" — פלעגט ער זאָגן — „אפילו דער אויר איז דאָ אַנדערש ווי ביי אונז, פול מיט הפקרות"...

אויך ר׳ יצחק יעקב האָט שטאַרק געפילט, אַז אַלץ איז דאָ אַנדערש: די מענטשן, זייערע פירונגען, זייער לעבן; צו זיינע קינדער קומען זיך צונויף אָפּט יונגע מענטשן, זכרים און נקבות. מתחילה איז דאָס אים אויסגעקומען „פריקרע". וואָס איז דאָס פאַר אַ שטאָט? דערצו נאָך האַלטן זיך די נשים אַזוי פריי: ריידן הויך, לאַכן פונקט ווי קיין מאַנסביל וואָלט זיך אין חדר ניט געפונען און קוקן זיך גלייך אין פנים אַריין. וויי געשריען! — האָט ער געקרעכצט — ווו איז אַהינגעקומען די צניעות, די שעמעוודיקייט. וואָס פלעגט צוגעבן אַזאַ חן מיוחד דער יידישער טאָכטער!

ער איז געווען אַ מאָל טשיקאַווע הערן, וואָס קענען זיי רעדן מיט אַזאַ ברען, מיט אַזאַ התלהבות; זיי רעדן, דאַכט זיך, פּראָסט יידיש, נאָר אַזוי אומפאַרשטענדלעך פאַר אים, סתרי תורה, להבדיל; ער פאַרשטייט יעדן וואָרט באַזונדער, אויסער אייניקע אויסדרוקן, וואָס זענען קאָנטיק לגמרי ניט יידיש, ער קען זיי ניט צוזאַמענבינדן און אַרויסציען פון זיי עפּעס אַ געדאַנק. מאָדנע מענטשן!

באַלד נאָך זיין קומען אין באַראַנאָוויטש פון זיין קליין שטעטל איישישאָק, איז ער געוויינלעך געגאַנגען אין בית המדרש. אוי, וואָס פאַראַ טיפע, שטילע, שטיקנדיקע מעלאַנכאָליע עס רוט אויף אַלעס! דער בית מדרש איז גרויס, נאָר פוסט, די „שטענדערס" שטייען אַזוי ווי פאַראומערט, פאַרטראַכט, ווי מצבות אויף אַ בית עלמין. אין דערוואָכן קוים וואָס מען קלייבט צונויף אַ מנין, באַלד נאָך דעם דאַווענען, נאָך פאַר „עלינו" צעלויפט מען זיך. און ווייטער ווערט שטיל און מרה־שחורה׳דיק און עס קלינגט אַזוי הילכיק אָפּ זיינע טריט. מיט וואָס פאַראַ טיפע בענקעניש עס ווערט פול זיין אַלט האַרץ צו יענעם ליבן און הערלעכן בילד פון אַ גרויז־גרויען יידן אין טלית און תפילין לערנענדיק מיט אַ האַלב פאַרשטיקטן, אַ ביסל אונטערן נאָז הייזעריקן ניגון...

עס איז געקומען יום טוב דער ערשטער יום טוב דאָ. וואָס פאַראַ וואָכנדיקע פנימער: יונגע לייט אין דעם גאַנצן „אויבן־אָן", רויטע, געזונטע, גאָר נישט יידישע צורות, געגאָלטע מאָרדעס... „געוואַלד!" האָט געקרעכצט זיין האַרץ, — „ווו זענט איר, בלאַסע פנימער, הויכע צעקנייטשטע שטערנס, לאַנגע, ווי דער ערשטער שניי ווייסע בערד, ווי שלאַנגען געקרייזלטע פאות, שטראַלנדיקע עטרות?"

און נאָך טיפער פלעגט ווערן זיין יאוש, און נאָך שטאַרקער פלעגט ווערן זיין אומעט און בענקעניש צו עפּעס, וואָס איז ווייט, ווייט, ווען ער פלעגט זיך דערמאָנען, אַז אַפילו אין דער היים, אין איישישאָק, אַ מקום תורה פון אַלעמאָל, אַ שטאָט פון חכמים און סופרים, אַז אויך דאַרט איז נישט. וואָס עס איז געווען. הקול קול יעקב ווערט שוואַכער און שטילער, די „עולים ויונקים" צוליב וועמענס תורה די וועלט שטייט, ווערן אָפּגעגעבן יונגערהייט אין

[1] „דער יידישער קעמפער" פון 1907, נומער 20.

די שקאָלעס, און די „תפארת בחורים“ גייען אַוועק אין לעבן און ווערן פאַרפאַלן... „נישט גוט“, פלעגט ר׳ יצחק יעקב שאָקלען מיט זיין ווייסן קאָפּ צו זיך אַליין — „נישט גוט! אַ שלעכטע וועלט געוואָרן, און ערגער ווי אַלץ, — אַ פרעמדע וועלט ווו דו פאַרשטייסט נישט יענעם, און נישט יענער דיך“. און וואָס ווייטער, אַלץ מער און שטאַרקער האָט ער אָנגעהויבן פילן, אַז ער איז דאָ, אין דער איצטיקער וועלט, פרעמד צו אַלעמען און אַלעס איז פרעמד צו אים. און וואָס ווייטער ער איז געוואָרן פון דער וועלט, אַלץ נענטער איז ער געוואָרן מיט יענער וועלט. און וואָס מער אָפּשטויסנדיק עס איז געוואָרן פאַר אים דאָס לעבן, אַלץ פריינטלעכער איז געוואָרן דער „טויט“...

מיט דער צייט האָט פאַר אים אויפגעהערט דער „טויט“ צו זיין יענע שרעקלעכע זאַך, וואָס מאַכט אַן ענדע צו אַלעס. עס האָט פאַר אים נישט עקזיסטירט „דער קאַלטער און שוואַרצער טויט; פאַר אים איז ער געוואָרן אַ גוטער מלאך, וואָס וועט אים נעמען און אויף זיינע פליגלען אים ברענגען אין אַ וועלט אַ בעסערע און נענטערע, ער וועט אים ברענגען צו די, וועגן וועמען ער האָט אַזוי פיל געהערט, וועמעס ספרים ער האָט אַזוי פיל געלערנט, און וועמען ער פאַרשטייט אַזוי גוט, און צווישן וועלכע ער וועט זיך פילן אַזוי גוט, אַזוי היימיש...

.2

אין יענער צייט האָט ער באַגעגנט משה אָשר׳ן. יענער איז אויך געקומען צו זיינע קינדער, וועלכע זענען רייך געוואָרן דאָ, אין באַראַנאָוויטש.

מיט עטלעכע יאָר פריער וואָלט אַזאַ באַגעגעניש געווען אַן אוממעגלעכקייט. ר׳ יצחק יעקב איז געווען געזעלשאַפטלעך ווייט פון משה אשר׳ן, ווי עס איז ווייט אַ דיין, אַ למדן פון אַ דאָרפישן שניידער, וואָס ווייסט נישט מער ווי פון „מנורת המאור“ אויף עברי טייטש און נאָך אזעלכע „ווייבערישע ספרים“; ווי עס איז ווייט אַ „שטאָט“ לעבן ארון קודש פון אַן אָרט ערגעץ הינטער דעם אויוון — נאָר איצט איז ביי זיי געשלאָסן געוואָרן פריינטשאַפט, און שטענדיק זעען מיר זיי גיין פון שול נאָך דעם ערשטן „מנין“ מיט גראָבע טלית־זעק אונטער די אָרימס. זיי גייען לאַנגזאַם, טריט ביי טריט מיט אַ מאָדנער ערנסטקייט...

אויך משה אשר האָט געפילט, אַז ער שטייט אויפן וועג. היינט־מאָרגן און ער איז נישט קיין היגער. און אויך ער איז געווען שטאַרק אומצופרידן מיט די נייע „פּאָריאַדקעס“ פון דער היינטיקער וועלט אין אַלגעמיין און פון זיינע יונגע שניידער און גלאַט בעלי מלאכות בפרט. אָט די נישט־צופרידנקייט, דאָס געפיל, אַז זיי זענען דאָ אין דער פרעמד און זיי שטייט פאָר ביידן איין „וועג“, אַ לאַנגע וועג — האָט זיי שטאַרק נאָענט געמאַכט. פאַר זיי ביידן האָט די וועלט און אַלע אירע ערשיינונגען אויפגעהערט צו האָבן אַ ווערט אָן און פאַר זיך, נאָר מער נישט אויף אַזוי פיל, וויפל די ערשיינונגען קענען העלפן גיכער און גרינגער אַריבער דעם „גרענעץ“, ווי משה אשר פלעגט זאָגן, און וואָס קען ברענגען און האָט אַ שייכות מיט דעם נייעם „עולם“, וווהין זיי גייען... און צוזאַמען פלעגן זיי אַרויסגיין זוכן מצוות און מעשים טובים. „עס וועט צונוץ קומען“, פלעגט זאָגן משה אשר מיט אַ צופרידענעם שמייכל און מיט אַ טאָן פון אַ פראַקטישן מענטשן.

אין דעם טאָג, וואָס האָט זיך גאָר נישט געמאַכט, אפילו נישט קיין „סעודת מצוה“ אָדער „הלוית המת“, האָבן זיי ביידע געפילט אַ מאָדנע פוסטקייט. „אַ טאָג אַוועק און גאָרנישט“, פלעגן זיי רעדן צווישן זיך. אין אַזאַ „פּוסטן טאָג“, אויב עס איז געווען וואַרעם, פלעגן זיי אַרויסגיין אַ ביסל שפּאַצירן אויף דעם וועג צום „בית־עולם“, און דערציילן מעשיות און אָנעקדאָטן פון יענער וועלט, פון דעם מלאך הדומה און דער איבעריקער „שוואַרצער חברה“, ווי גרויסע צדיקים מאַכן אַלערליי שפּאַס מיט זיי. איבערהויפּט איז רייך געווען אין אַ זעלכע דערציילונגען משה אשר. ער האָט זיי אָנגעלייענט אין „קב הישר“, און „מנורת המאור“ אין יענע לאַנגע ווינטערדיקע אָוונטן פאַר דער ליכט פון אַ קינעלקע אין די קליינע, איינגעפאַלענע דאָרפישע הייזלעך, ווו ער פלעגט פאַרברענגען אַ גאַנצע וואָך. און ווען ער פלעגט דערציילן עפּעס אַ העלדנטאַט פון אַ קדוש, אָדער וועגן אַ מיאוסן פסק פון „די יעניקע“, פלעגט ער דאָס דערציילן מיט אַזאַ טעם און מיט אַזאַ צופרידנקייט, ווי ער אליין וואָלט געווען דער „העלד“, פון וועמען דער „נישט־גוטער“ האָט געכאַפּט דעם אָפּשניט. משה אשר׳ס צופרידנקייט פלעגט ווירקן אויף יצחק יעקב׳ן, און זייערע ביידנס צעקנייטשטע פנימער פלעגן ווערן מער צעקנייטשט, און די בוימער פון וואַלד פלעגן הערן אַן אלטן, אָן־ציינערדיקן געלעכטער. נאָך מער פלעגט ר׳ יצחק יעקב קלייבן נחת, ווען משה אשר פלעגט אַריינשטעלן אין דעם פּאַסיקן פלאַץ אַ „גוייש ווערטל“, איבערהויפּט פון דער „פּאָליציע“־שפּראַך; אַ שטייגער: דער מלאַך הדומה איז געקומען אים נעמען אויף אַ „דאָפּראָס“. האָט ער אָנגעקלאַפּט אין קבר — „קטאָ טאַם?“ דער מת, וועלכער איז געווען אַ גרויסער ירא שמים וירא חטא, האָט זיך מסתמא קנאַפּ־וואָס דערשראָקן, אָפּגעזאָגט אים דעם „פסוק“ און גאָר. „מאָלאָדעץ“—האָט אים דער מלאַך הדומה אַ קלאַפּ געטאָן אין פּלייצע, און איז אַוועק. „מלכותא דרקיעא כמלכותא דארעא“, פלעגט זיך דערמאָנען ר׳ יצחק יעקב דעם מאמר חז״ל.

שבועות איז דאָס געווען, אַ דאָפּלטער יום טוב איז דאָס געווען פאַר די באַראַנאָוויטשער איינוווינער. אַלע, גרויס און קליין, זענען געגאַנגען צו דעם „נייעם וואָקזאַל“ צו זען דורכפאָרן דעם קייסר. אויך ר׳ יצחק יעקב מיט משה אשר׳ן זענען געגאַנגען מאַכן אַ ברכה „שחלק מכבודו“. ווען מאַכט זיך אַזאַ געלעגנהייט? דער טאָג איז געווען א באַזונדערס שיינער. די זון האָט מיט אַ פולער האַנט באַגאָסן די ערד מיט ליכט און וואַרעמקייט, די ערד האָט פאַרשפּרייט אַ געשמאַקן ריח פון פרישן גרינעם גראָז און יונגע פלאַנצונגען. „הוצאה חמה מנרתיקה“, האָט געזאָגט ר׳ יצחק יעקב, אַראָפּלאָזנדיק זיינע גרויסע ברעמען. זיי זענען פאַרבייגעגאַנגען דעם „גענעראַל׳ס הויז“. אַ פראַכטפולע געביידע, איינגעוויקלט אין שמעקנדיקע אַלערליי פאַרביקע בלומען, און אַרומגערינגלט מיט הויכע, צווייגנדיקע בוימער. די בוימער האָבן זיך עטוואָס גערירט אַזוי ווי געבעטן די פאַרבייגייענדיקע אָפּצורוען זיך אין זייער שאָטן. פאַרשידענע פויגעלעך האָבן פריילעך און יום־טוב׳דיק געזונ־

גען. פון ווייטן האָבן זיך געהערט טענער פון אַנקומענדיקער מוזיק, און עס האָבן געבלענדעט די אויגן די גאָלדענע עפּאָלעטן מיט דער גאַנצער „פּאַראַדנע פאָרמע“ פון די הויכע באַאַמטע, וועלכע זענען מיט אַ פריילעכער שטימונג געגאַנגען באַגריסן זייער הערשער. „טו ווי איז שוין היינט דאָרטן?“ האָט געזאָגט אַזוי ווי צו זיך אליין ר׳ יצחק יעקב מיט אַ ווייכער און רירנדיקער שטימע. „ד־אָ־ר־ט־ן?“ האָט משה אשר געענטפערט מיט אַ פראַגע, זייער אויסציענדיק דאָס וואָרט. און ער האָט באַלד אָנגעהויבן צו דערציילן, וואָס ער האָט אַמאָל געלייענט אין אַ ספר, דאַכט זיך „מקדש מלאך“ הייסט ער, וועגן דעם גרויסן „פּאַראַד“, וואָס עס איז יעדער שבועות דאָרט. „גאַנץ, גאַנץ פרי הויבן זיך אָן צו קלייבן די אויסגעלייטערטע נשמות אויף אַן אומגעהויער גרויסן פּלאַץ לעבן גן־עדן. פייערדיקע בוימער רינגלען ארום דעם גאַנצן פּלאַץ, און צווישן די בוימער דרייט זיך ווי אַ שלאַנג דער „נהר היוצא מעדן“. פון אַלע זייטן ציען זיך די גאונים און גדולים מיט זייערע תלמידים, עס קומען די תנאים און אמוראים פון די „ישיבות של מעלה“, און אַלע שטעלן זיך אויף זייערע פּלעצער; דערנאָך קומען די „קדושים“, וואָס זענען געהרגעט געוואָרן פאַר דער תורה און פאַרברענט געוואָרן צוזאַמען מיט אירע פאַרמענט, און שטעלן זיך באַזונדער. דאַן קומען די אבות הקדושים מיט די נביאים פון זייערע „היכלות“. צולעצט, אַרומגערינגלט מיט „ענני כבוד“, קומט די שכינה, כביכול, אליין, באַגלייט פון דער גאַנצער פמליה של מעלה מיט משה׳ן, און אין זיינע הענט די „לוחות“. דאָ גייט אהרן הכהן צום עמוד, אים העלפן די בני קרח און אַלע משוררים און לויים פוןביידע בתי מקדש; און אַז אהרן מיט זיינע הייליקע משוררים הייבן אָן צו זינגען, זינגט אַלץ ארום: עס זינגען די צען טויזנטער כרובים און שרפים, וועלכע זענען אָנגעזעצט אויף די בוימער אליין, די אינדן פון טייך און דער גאַנצער חלל זינגט מיט, און די שירה איז אַן אמת׳ע שירה פון סאַמע מקור, פון עולם השירה...

משה אשר ווערט אַנטשוויגן. ביי ביידע אין די אויגן שטייען טרערן, טרערן פון באַגייסטערונג, און האַלב לאַכנדיק, האַלב וויינענדיק פון גרויס פרייד, שעפּטשעט ר׳ יצחק יעקב „אשרי עין ראתה כל אלה“. ווי קליין איז אַלץ וואָס אַרום זיי, אין פאַרגלייך וואָס עס קומט פאַר „דאָרטן“!

און אַרום זיי רעש׳ט און קאָכט דאָס לעבן. די לופט איז פול מיט יונגן געזונטן געלעכטער. מיט שנעלע טריט גייען פאַרביי פאָרלעך, איינע געאָרמט, נאָר אַלע צופרידן און גליקלעך. ר׳ יצחק יעקב׳ס האַרץ ווערט פול מיט לייד פאַר די „אומגליקלעכע“ נפשות, וואָס זענען פשוט „מאבדים את העולם“. סטייטש, קלערט ער, פאַרשפּילן אַזאַ וועלט, אַזאַ שיינע וועלט. עפּעס אַ קלייניקייט „עולם הבא“, „גן־עדן“, און צוליב וואָס? געוואַלד, צוליב וואָס?!..

.3

שוין עטלעכע טעג, אַז ר׳ יצחק יעקב איז נישט געזונט. ער גייט נישט אַפילו דאַוונען. משה אשר טרעט נישט אָפּ פון זיין בעט. אייגנטלעך איז ר׳ יצחק יעקב נישט קראַנק, נאָר שוואַך, זייער שוואַך. ער האָט נישט קיין שליטה אויף קיין אבר. ר׳ יצחק יעקב פאַרשטייט גאַנץ גוט וואָס דאָס מיינט. אַז דאָס איז אַ „פּאָוועסטקע“ — ווי משה אשר זאָגט: מען רופט „אַהין“. און אַ מאָדנעס געפיל באַהערשט אים, אַ געפיל פון פרייד מיט אומעט צוזאַמען. אָט, אָט, און ער איז דאָרט אין דער „היים“, און אים שרעקט אָט די אומבאַוווּסטע היים, און איבערהויפּט פאַר דעם וועג, פאַר דער „גרענעץ“, ווי משה אשר דריקט זיך אויס. ער דערמאַנט זיך אָן „חבוט הקבר“, וואָס כמעט אַלע דאַרפן ליידן, די שבעה מדורי גהינום, וואָס כמעט אַלע דאַרפן דורכגיין, און אַ שרעק נעמט דורך זיין לייב. אין מיט אַ נידעריקער שטימע פול מיט קנאה און נישט־פאַרגעניגן רעדן זיי ביידע וועגן יענע מזל׳דיקע, וואָס זיי איז באַשערט אויסצומיידן די שרעק און „לקנות עולם בשעה אחת“. געוויינלעך מיינען זיי נישט און ווילן נישט גלייכן זיך צו די, וואָס זענען געשטאָרבן נישט פון דעם מלאך המות, נאָר בנשיקה, פון גאָט ברוך הוא אליין. ווי קענען זיי זיך גלייכן צו יענע, נאָר מקנא זענען זיי — גאָט זאָל דאָס זיי פאַר קיין זינט נישט רעכענען — אָט די וואָס זיי האָט אָפּגעגאַלטן שטאַרבן אין אַ גוטער צייט, אַ שטייגער מוצאי יום־כפור אָדער אין דעם חודש ניסן, אפילו די קדושים זענען זיי מקנא. וואָס איז? וואָלטן זיי דען נישט געוואָלט געהרגעט ווערן אויף „קידוש השם“? מיט דעם גאַנצן האַרצן! נאָר מסתמא זענען זיי נישט ווערט. און דער לעצטער געדאַנק ערגערט זיי זייער. זיי זענען נישט ווערט. אויב זיי האָבן מיט עפּעס פאַרזינדיקט, טו ווער ווייס ווי מען וועט זיי מקבל פנים זיין דאָרטן?

און שטייענדיק ביי דער שוועל פון דער נייער וועלט, הויבן זיי אָן זיך צו דערמאָנען און איבערבלעטערן זייער גאַנצן לעבן. „דאַכט זיך, נישטאָ זיך וואָס צו שרעקן“, בלייבט ביי זיי. ר׳ יצחק יעקב הויבט אָן צו דערציילן פון זיין לעבן, אַ לעבן פול מיט פאַרשידענע בתי מדרשים, ישיבות און ספרים, יונגערהייט געלערנט אלס ישיבה בחור, נאָך דער חתונה אַלס פרוש, אויף דער עלטער געלערנט אַלס דיין און רב, און נישט נאָר אליין געלערנט, מיט אַלע מעגלעכקייטן האָט ער געזען, אַז אַנדערע זאָלן לערנען, געזאָגט אַ שיעור, געשטיצט מיט געלט אָרעמע בחורים.

איך האָב נישט אַזאַ „שווערן באַגאַזש“, זאָגט משה אשר מיט אַ אומעטיקן קול, נעמענדיק אַ שטאַרקן שמעק טאַבאַק. איך האָב נישט געלערנט, ווייל איך האָב נישט געקענט, ווייל איך האָב נישט געהאַט קיין עלטערן, וואָס זאָלן מיר געבן לערנען. מיט צרות איז מיר אָנגעקומען דאָס ביסל, וואָס איך קען: דאַוונען, תהילים זאָגן און אַריינקוקן אין „עברי טייטש“ ספרים. אַן אָרעמער שניידער, אַ דאָרף־שניידער בין איך געווען כל ימי. ווי שטייט דאָרטן: „עם לבן גרתי“, צווישן גויים געפין איך זיך, נאָר תרי״ג מצוות שמרתי, קיינמאָל חלילה נישט מטמא געמאַכט זיך מיט זייערע אַכילות, קיינמאָל נישט פאַרפעלט אַ דאַוונען און מיט אַ יום תהילים פאַרביסן. דער טלית־און תפילין־זאַק איז געווען מיין שטענדיקער באַגלייטער.

און לערנען אליין האָט ער נישט געקענט, האָט ער ליב געהאַט דאָס לערנען און די לערנער: שטונדן־לאַנג פלעגט ער ליב האָבן צו זיצן פרייטיק־צו־נאַכט — דער איינציקער אָוונט, וואָס ער איז אין דער היים — אָפן מויל און אויערן און צוהערן די אומ־

פאַרשטענדלעכע ווערטער און דעם זיס־אומעדיקן ניגון פון די לערנער. עד היום האָט ער נאָך ליב אין די ווינטערדיקע פרייטיק־צו־נאַכט׳ן שלאָפן אין בית המדרש אונטער דער מעלאָדיע פון דער תורה. פון קינדווייז אָן פלעגט ער מכבד זיין די לערנער און באַדינען זיי. זינט ער איז געוואָרן א בעל־מלאכה, פלעגט ער אלעמאָל פאַרריכטן די לערנערס קליידער. „אָן אָרעמער באַגאַזש״ — גיט משה אשר א מאַך מיט דער האַנט און נעמט אַ צווייטן שמעק טאַבאַק...

ר׳ יצחק יעקב איז געוואָרן שוואַכער פון שעה. ער האָט שוין געלאָזט פאַרטיק מאַכן זיינע „נייע מלבושים״ און אויף זיין גאַנצן בלאַסן פנים און טיף־איינגעגראָבענע אויגן איז אויסגעדריקט געווען די ערוואַרטונג פון עפּעס וויכטיקעס, גרויסעס.

דאָס ערוואַרטעטע איז געקומען. לאַנגזאַם, שטיל, אַזוי ווי אויף די שפּיץ פינגער איז געקומען דער „טויט״ און פאַרמאַכט די שוין האַלב פאַרמאַכטע אויגן, צוגעשלאָסן די ליפּן און אויסגעגלייכט די דאַרע פיס...

ביי משה אשר׳ן אויף די הענט איז ר׳ יצחק יעקב געשטאָרבן. מיט אָראָפּגעלאָזטן קאָפּ האָט משה אשר באַגלייט זיין איינציקן פריינט אויף דער אייביקער וועלט, געקוקט אין קבר און אויפן הימל, זיך משער געווען ווו ער איז איצט, וואָס טוט זיך מיט אים. שוין לאַנג אַריבער, אודאי אויף דעם „דאַפּראָס״, קלערט משה אשר, גייענדיק צוריק אָן חשק, מיט קליינע טריט, אָפּקערנדיק די קאָפּ אַלע ווײַלע צום בית עולם צו. אָן חשק האָט זיך אומגעקערט משה אשר צו דער פרעמדער שטאָט, צו די פרעמדע מענטשן. אָבער מיט דער האָפענונג, אַז באַלד, באַלד און ער וועט אויך זיין דאָרט, ווו עס איז שוין זיין איינציקער און בעסטער פריינט...

# באראנאוויטש

(רעפּאָרטאַזש פון מ. ר.[1])

לענגאויס דער לאַנגער, ברייטער באַן־גאַס ציט זיך אַ שמאָלער פּאַס וואַלד. הויכע סאָסנאָווע בוימער, און איבער זיי פלאַטערן און קראַקען כסדר מחנות וואָראָנעס, קראַקען און שעלטן מיט שוואַרצע קללות דעם דייטש, וואָס האָט פאַרוואַנדלט דעם ברייטן שטח פון באַראַנאָוויטשער וואַלד אויף פּאַפּיר פון די קריגערישע דייטש־נאַציאָנאַלע צייטונגען זיינע.

קראַ, קראַ, באַ־ראַ־נאָוויטש.

די וואָראָנעס געדענקען נאָך זייער וואַלד. אָבער יעדער עלטערער סיחר אין באַראַנאָוויטש וועט אייך מיט שטאָלץ דערציילן, אַז מיט ס״ה 40 יאָר צוריק איז דאָ אינגאַנצן געווען בלויז וואַלד, און נאָר אין קרעטשמע איז געשטאַנען ביים הויפּטוועג, ביז די בלויז־אייזערנע מעסערס פון די באַן־רעלסן האָבן צעשניטן דעם וואַלד.

די שטאָט וואַקסט. זי איז אין איר פולער יוגנט. דערפאַר פילט זיך דער פרעמדער אַזוי גוט אין איר.

אָפּט גייענדיק איבער אַ באַוועגטן רירעוודיקן בולוואַר פון לאָדזש אָדער וואַרשע בענקט זיך אַ קוק טון אויף אָט דער שטאָט מיט אַ הונדערט יאָר צוריק. אָט איז דאָס: אַזוי ווי באַראַנאָוויטש היינט, אַזוי האָט אויסגעזען לאָדזש מיט עטלעכע צענדליק יאָר צוריק. און אַזאַ שטימונג איז דאָרט דעמאָלט געווען.

דערווייל אָבער איז באַראַנאָוויטש אַ צענטויזנטקעפּיק צעצויגן דאָרף מיט ברייטע גאַסן, מיט הילצערנע הייזער, מיט שטייענדיקע וואַסערן דורך דער ברייט און לענג פון די פרינציפּאַלע גאַסן. אַ מין ווענעדיק, נאָר אָן גאַנדאָלן...

דערווייל איז דאָ היימיש און דאָרפיש און גרויסשטעטיש צוגלייך, און דער עיקר יידיש.

אַ ביסל הינטערנשטאָט (ווו אין באַראַנאָוויטש איז דער אינמיטן שטאָט בין איך בשום אופן נישט דערגאַנגען. די גאַנצע שטאָט ליגט אַביסל הינטערן שטאָט) שטייט אונזער הילצערנע יידישע פאָלקס־שולע מיט אירע גרויסע קלאַסן־צימערן, מיט דעם ריח פון ערשט־געטעפּעטע סאָסנע־האָלץ. אין אַזעלכע שולן וועט וואַקסן אַ געזונטער דור — סאָסנע־ריח אין דער נשמה, וואָס קען דען שענערס זיין!

נישט ווייט דערנעבן איז דאָ אַ ישיבה, די פענסטער אָפן, דער מנהל מיט דער יאַרמולקע און מיט דעם קאַפּעלאַטש זיצט און שווינצט אויפן באַלעמער. שאָקלט זיך און ביי יעדן שאָקל אויף רעכטס וואָרפט ער ווי נישט אומיסטן אַ בליק אויף מיר. איך שטיי ביים פענסטער — און אויף מיר קוקן נאָך אַ פּאָר אויגן, גליענדיקע אויגן פון אַ ישיבה־בחור, וואָס לייענט אין געהיים יידישע ביכלעך, וואָס רעדט זיך אָפּט דורך מיטן חבר ב., וואָס באַגלייט מיך.

אָט אַזאַ איינער — דערציילט מיר חבר ב. — האָט דאָ ערשט נישט לאַנג זיך גענומען דאָס לעבן אויפן היגן בית־עולם. און איך קוק אין די גליענדיקע אויגן אריין און אין מיין האַרצן ברענט אַ גליענדיק פאַרלאַנגען — וואַקס און ווער אונזער צווייטער ח. לייוויק! ער האָט דאָך אפשר אויך געקוקט אַמאָל אַזוי אויף אַ פאַרבייגייענדיקן מענטשן פון דער ברייטער וועלט.

דערווייל אָבער מויערט די ישיבה אַ נייעם מויער און מיר זענען צופרידן און גליקלעך, וואָס מיר האָבן אַ דאָרפיש האָלץ־הייזל פאַר אונזער שולע.

און אויך דאָס צום גרויסן טייל אַדאַנק דער נישט־מידווערנדיקער ענערגיע פון דער באַקטעריאָלאָגין פרל. ב., וואָס האָט ליב די שול און ליב יידיש און ליב די אַרבעט. גיט אונז אין יעדער שטאָט איין מענטשן אַזאַ, און די יידישע שול איז געזיכערט. אָט די יידישיסטקע פאַרשטייט עס צו פאַראינטערעסירן פאַר דער יידישער שול די גאַנצע בורזשואַזיע און אינטעליגענץ אין באַראַנאָוויטש, און דער פאָרזיצער פון שול־קאָמיטעט איז גלייכצייטיק דער פאָרזיצער פון קרן־היסוד...

אין באַראַנאָוויטש אָבער גילט איין פּאַספּאָרט: יידיש? איז גוט! דאַרף עס לעבן! און ביי אונזער שול גילט דאָך אויך איין פרינציפּ: קודם־כל דאַרף זי לעבן!

[1] „ליטעראַרישע בלעטער״ פון 1924, נומער 11.

און דער פרל. ב. לאָז איך איבער איינס פון מיינע ביכער און געפין קיין אַנדערע ווערטער נישט אָנצושרייבן דערויף נאָר: צו אייער ליבע צו יידיש מיט דער טיפסטער אַכטונג.

דער גאַנצער שטאַב פון די יידישע דאָקטוירים און די יידישע פאַרמאַצעווטן אין באַראַנאָוויטש איז יידישיסטיש געשטימט. בכלל איז די יידישע אינטעליגענץ אין די קרעסן־שטעט יידישיסטיש. דער איינפלוס פון רוסיש איז געבראָכן, דער איינפלוס פון פויליש איז נאָך דערווייל ווייט — איז אַ קולטור אַן אייגענע האָבן מיר דאָך, נישט צו פאַרזינדיקן. האָט מען זיך געכאַפּט: אפשר גאָר טאַקע יידיש? איז דערווייל געבליבן ביי יידיש. דעריבער קען מען פאַרברענגען אין דער זעלבער גוטער היימישער שטימונג צווישן דאָקטוירים אין אַ גרויס־שטעטישער יידישער אַפּטייק פונקט ווי צווישן אַרבעטער אין אַ פראָפעסיאָנעלן פאַריין.

ביינאַכט גייען מיר אין אַמאַטאָרן־טעאַטער. מען שפּילט דעם „לעבעדיקן מת" — און דאָס איז אַ פעלער. אַ אַמאַטאָרן־טרופּע דאַרף שפּילן אָריגינעלעס. איז די אנשטרענגונג אַ האַלבע און די שטימונג אַ גאַנצע. און הגם עס זענען צווישן די אַמאַטאָרן פאַראַן טאַלענטירטע כחות, איז מיר אָבער ליידער נישט באַשערט געווען צו זען דאָס, וואָס זיי קענען געוויס יאָ, נאָר דאָס, וואָס זיי קענען דאָך, אַלס אַמאַטאָרן נישט קענען.

עס איז שוין געווען העלער טאָג, ווען מיר זענען געגאַנגען אַ היים.

אין משך פון צוויי טעג בין איך פיר מאָל געשטאַנען פאַרן עמוד. און אַלץ פאַר קולטור און ליטעראַטור. הייסט עס, אַז ליטעראַטור איז נאָך נישט אַזאַ אויסגעדראָשענע טעמע, ווי מיר יאושדיקע ליטעראַטן מיינען...

און אַז עטלעכע חברים האָבן מיט מיר פאַרבראַכט אַ שעה פאַרן אַוועקפאָרן ביי חברטע ל., איז צווישן זיי געווען איינער אַ בלאָנדקעפּיקער 17־יעריקער באַגייסטערטער יינגל, וואָס האָט די גאַנצע צייט געשוויגן. האָב איך מיר געטראַכט: מסתמא ביזטו דער איינציקער פּאָעט פון באַראַנאָוויטש, ווייל איך האַלט דאָך שוין ביים אַוועקפאָרן און ווו איז דער פּאָעט?

ער האָט אָבער צום געזעגענען געזאָגט: גריסט מיר פרץ מאַרקישן!

— און ווו זענען אייערע לידער? — פרעג איך ברוטאַל.

— איך שרייב נישט, מיר איז גענוג, ווען איך לעז — ענטפערט ער שטאָלץ.

און אין צוג האָב איך פריילעך געטראַכט: די יידישע ליטעראַטור איז אונזער לאַנד, אונזער היים אויף דער ווייטער וועלט — און באַראַנאָוויטש איז אַ אומבאַזיגבאַרע פעסטונג.

שלום וואלאכוויאנסקי

# גוואלד, ווי לעבט מען פון די אקציעס?..

(אַ מאָנאָלאָג פון אַ באַראַנאָוויטשער „בעל־צדקה"[1])

איר האָט געהערט? מען לאָזט דאָך נישט לעבן! עס איז דאָך אוממעגלעך איבערצוטראָגן! ביז וואַנען מען פאַרדינט איבערן טאָג די 40—50 זלאָטעכ, און דו האָרעוועסט זיך אָן ווי אַ גוי, גייט דאָס דיר באַלד ארויס באָקאָם! דאַרפסט גלייך צוויימאָל אַזויפיל צעטיילן... וואָס, איר לאַכט? איר זאָגט, אַז דאָס איז נישט ריכטיק?! ווייסט איר נישט וואָס איר רעדט! ווייל צו אייך גייען זיי נישט אַזוי פיל די היישעריקן, זיי ווייסן נאָר אונזער גאַס און מיין טיר!

עס איז דאָך אַ סקאַנדאַל, ווי איר זעט מיך אַ יידן! איר ווונדערט זיך, — וואָס? טאָ זאָל איך קיין ווונדער נישט זיין, מיין פריינט; איר האָט אַ ביסל צייט, — האַ? טאָ נעמט אויף טשעקאַוועס אַ פען אין האַנט און רעכנט, שרייבט אַלץ באַזונדער!

איר ווייסט אַז מען בויט אַ „תרבות"? אַהאַ, — איר ווייסט! פרעגט ווער האָט זיי געבעטן — צו מיינע שונאים'ס קעפּ און צו זייער נאַרישן שכל — די בלוט־זויגער! וואָס ווילן זיי פון מיר? האָב איך דען אַמאָל געלערנט אין „תרבות"? לערנען דען ביי זיי מיינע קינדער? און סתם, צי בין איך ווען עס איז געווען אָנהענגער פון „תרבות"? און איר האָט באַדאַרפט זען, ווי מען איז עס צו מיר אַראָפּגעפאָרן מיטן גאַנצן טראַסק, פונקט ווי איך וואָלט זיי געבעטן בויען אַ „תרבות"!

„פאַניע לעבן, מיר ווילן פון אייך 200 זלאָטעס פאַר „תרבות"!

איר האָט געהערט אַביסל — אַ סקראָמנער פאַרלאַנג, — גיי און גיב זיי נישט אַנדערש ווי גאַנצע 200 זלאָטעס; אַן אַנדערער וואָלט מיינען, אַז 100 זלאָטעס ליגט שוין פאַר זיי אָנגעגרייט, און זיי ווילן נאָר צוויי מאות. ניין, זיי האָבן דעם אָרט נישט געטראָפן! איך ווייס, — ווען עס האַנדלט זיך ביי אַ צענערל, וואָלט איך אפשר אַ קלער געטאָן..., אָבער אַז זיי האָבן אָנגעהויבן אויף טערקיש, האָב איך זיי געענטפערט קורץ: חשובע ה"ה, אומזיסט אייער רייד און טרחה — עס וועט נישט העלפן! איר מעגט אפילו שטאַרק פאַריבל האָבן, קיינער האָט ביי מיר קיין חלקים נישט איינגעלייגט!

מיינט איר, אַז איך בין שוין פטור? אויף מאָרגן איז אַראָפּגעקומען צו מיר אַ נייע דעלעגאַציע, וועגן אַ פרישער אַקציע: „גיט אַ פּקדון פאַרן „גמילות חסד"!"

אַ נייע קרעמל האָבן זיי געעפנט, ג־טס סטראַפּטשעס! איך האָב זיי געבעטן?! אָן זייער גמ"ח האָט ח"ו באַראַנאָוויטש נישט געלעבט?! וואָס, — איר זאָגט, אַז יידן קענען נישט עקזיסטירן אָן אַ „גמילת חסד"; מען קומט צו אייך בעטן, מען רייסט אייך פאַר די פאָלעס, איר זאָלט ראַטעווען, איר זאָלט געבן אַ הלוואה! געוויס. גאָר קיין ווונדער נישט: — אַז איר פויקט פאַנאַנדער און טומלט אין שטאָט מיט אייער גמ"ח, — קומט מען און מען בעט געלט, אָט גייט געזונטערהייט! מיר האָבן פאַר וועמען צו געבן, מיר האָבן בילכערע זאַכן...

[1] „באַראַנאָוויטשער וואָך" פון 12 מאי 1937

עס טומלט נאָך אין קאָפּ פון דעם געשפּרעך, און — ווי איר זעט מיך אַ מענטש — עס איז שוין ווידער דאָ אַ פרישע זאַך; אַ פאַך־שול! מען וועט דאָרטן לערנען סטאָלעריי און שניידעריי, — און מען גיט מיר צו פאַרשטיין, אַז דאָס איז זייער אַ נויטיקע זאַך: מיר מוזן ראַטעווען די יוגנט, וואָס האָט נישט וואָס צו טאָן; מען הויבט מיר אָן איינצורעדן, אַז איך מוז אויף דעם געבן אַ גרעסערע סומע... זיי מיינען, אַז זיי האָבן דאָ געפּאַקט אַ העכט! זאָג איך זיי, איר האָט אַ מיאוסן טעות, — איך האַלט נישט פון אַזעלכע נאַרישקייטן! עס פעלט נישט אין באַראַנאָוויטש קיין סטאָליאַרעס אָדער שניידערלעך; מען קריגט, ג־ט צו דאַנקען, אַוווּ אויפצונייען אַ קאָסטיום אָדער מאַכן אַ טישל, — אַבי נאָר געלט; וואָס, — איך דאַרף נאָך האָבן פרישע לײדיקגייער! גאָר שולן עפענען פאַר זיי!

לאָזט בעסער צו רו, ס'גייט איצט אַן אַקציע פון קרן קימת,— דער „מפעל הגליל". דאָס איז אויך, איר מעגט מיר גלויבן, אויפן הימל אַ יאַריד! אויפן מאַרס אַ קופּליע! מען קויפט שוין ווידער ערד אין ארץ ישראל, און איך דאַרף געבן געלט אויף דעם! נאָר דאָסמאָל האָבן זיי נישט געטראָפן, דאָ זאָג איך זיי שוין דעם גאַנצן אמת: — איך בין איבערהויפּט נישט קיין ציוניסט, איך האָב נישט נויטיק צו לייגן די לעבעדיקע אויף די טויטע. אַז מיר פאַרווילט זיך כּרמל־ווײַן אָדער אַ גוטן מאַראַנץ פון ארץ ישראל, קריג איך עס דאָ אויך, — אבי געלט

איז שוין בעסער העלפן אַ היגע זאַך: אַ „בית לחם", צום ביישפּיל. איז דאָ אויך אַ צרה מיט די אַקציעס!.. אָט איז אַ „האָלץ־אַקציע", „ברייט־אַקציע", — אַזוי ווי מען וואָלט שוין שטאַרבן פון הונגער.

איך האָב נאָך נישט געזען, מען זאָל שטאַרבן פון הונגער. נאָר די קהל'שע קליאַמקעס מאַכן א טומל, און גייען שנאָרן, רייסן געלט. זאָג איך זיי: זייט נישט קיין יחסנים, איך קען אייך נישט העלפן. עס איז דאָ אין באַראַנאָוויטש אַ „בית יתומים", און מען דאַרף עס אויסהאַלטן, — אומגליקלעכע יתומים, נעבעך! אָט, צום ביישפּיל, האָבן זיי געמאַכט אַן אַקציע פאַר באַקליידונג, אַן אַקציע פאַרן „טאָג־היים". זייער אַ וויכטיקע אינסטיטוציע. איז מען געקומען צו מיר — איר פאַרשטייט דאָך, מיך לאָזט מען נישט דורך, — וואָס־זשע מיינט איר, אַז איך בין אַזאַ נאַאיווער, איך כאַפּ און שיס אויס גלייך געלט?! נישט אַזוי גיך. געלט איז געלט,— נישט קיין בלאָטע!

עס פּאַסט טאַקע נישט, ווייל איך בין דאָרט אַ מיוחס... אָבער מען קען זיך דאָך נישט וואַרפן מיט געלט; נישקשה, מען געפינט זיך שוין אַן עצה, — זאָגט מיין דינסט, אַז דער בעל־הבית איז אין שטוב נישטאָ.

איך ליג מיר טאַקע ווי אַ פּריץ אויף דער סאָפע און הער.. וואָס זענען זיי בעסער פון „מושב זקנים", פאַר אַלטיטשקע, וואָס האָבן נישט קיין היים. זיי מאַכן נישט קיין אַקציעס. אמת, מען דרייט אַ קאָפּ מיט וואָכער, אַלע חודש צאָל זיי; אַזוי ווי איך וואָלט געמאַכט מיט זיי אַ קאָנטראַקט און איך דאַרף זיך פאַרדרייען אַ קאָפּ מיטן אינקאַסיענט; עס איז גענוג, אַז איך גיב אים ווען ער כאַפּט מיך.

יאָ, איר ווייסט אויף ווען איך בין שטאַרק אויפגערעגט? אויף „טאָז"! זיי רייסן אויף קאָלאָניעס, האַלב־קאָלאָניעס, טראָפּן מילך, — זיי זאָגן, זיי ראַטעווען דעם אָרעמאַן! און מען נעמט זיך צו מיר ווייטער: „גיב געלט!" מוז איך אייך זאָגן, אַז ווען דאָס וואָלטן געבעטן פּשוטע בעלי־בתים, וואָלט איך זיי מכבד געווען. אַז זיי וואָלטן מיר פאַרשפּאָרן צו טומלען אַ קאָפּ מיט אַלע נאַרישקייטן. אָבער גיי און האָב צו טאָן מיט דאָקטוירים. זאָג איך זיי אַנדערש: חשובע דאָקטוירים, איר זענט אויך געוואָרן בעטלער, אייך האָט זיך פאַרוואָלט אַלע שלעפּערס שיקן אויף דאַטשע קיין נאַוואָיעלניע?! וואָס זענען זיי? — אָרעמע ישיבה בחורים, וואָס איר נעמט זיי אַוועק פון לערנען... זייט נישט קיין קהל'שע קליאַמקעס, און רייסט נישט דעם ביסן פון מויל!

וואָרום איך מוז אייך זאָגן, אַז פון די באַנק־קוועטשער איז אויך שוין נישט אויסצוהאַלטן.ווער בעט זיי, זיי זאָלן זיצן און לערנען! זאָלן זיי גיין אַ פאַך זיך לערנען, פאַר אַ שניידער, סטאָלער, און נישט זיצן און קוועטשן די בענק.

אָט ווי איך זאָג אייך, מען לאָזט נישט לעבן; רק מען רייסט אַזוי ווי, למשל, אונזער שיינע קהילה. זיי האָבן גענומען און מיר געשטעלט 150 זלאָטעס; זיי מיינען אַוודאי, אַז אָט שיק איך זיי אַריין. ווער דאַרף זיי האָבן די קהל'שע בענקל־כאַפּערס! האָט מען דען נישט געלעבט אָן זיי די גאַנצע צייט, און די וועלט איז נישט אונטערגעגאַנגען. זיי ווילן בענקלעך, — געזונטערהייט! אָבער מיר זאָלן זיי לאָזן צורו; איך האָב שוין גענוג פון די „אַקציעס"...

— — — — — — — — — — — —

נו, זייט אַ בריה און זאָגט, אַז ער איז נישט קיין בעל־צדקה!..

עליכם-שלום

# מיין „זעזנאניע"

(מחשבות'ן פון אַ באַראַנאָוויטשער סוחר[1])

זיץ איך גאַנצע טעג און האַלט אין איין קאַלקולירן. איך לאָז נישט אַרויס די פעדער פון האַנט. איך חשבון אַהין, חשבון אַהער, חשבון איין מאָל, צוויי מאָל, צוואַנציק מאָל, — און וואָס מער איך חשבון, קאָמביניר און קאַלקוליר, אַלץ פאַרפּלאָנטערטער ווערט די רעכנונג, אַלץ פאַרוויקלטער דער חשבון, אַלץ פאַרדרייטער די קאַלקולאַציע. איך קאָן מיר בשום אופן נישט אַרויספּלאָנטערן.

נאָר אָט פיר איך שוין אונטער דעם לעצטן סך הכּל, אָט פּלאָנטער איך זיך שוין, דוכט זיך, אַרויס, אָט ווער איך שוין, דאַכט זיך, פּטור.

אוי־וויי! גראָבע טראָפּנס שווייס רינען מיר פון שטערן, פון די פּיאות, פון דער באָרד...

[1] „באַראַנאָוויטשער וואָך" פון 7 מאי 1937.

וואָס דער רעזולטאַט איז? שאַ, לאָמיר זיך בעסער צוקוקן... וואָס זעען מיינע אויגן?

מינוסן! דעפיציטן!

און אָט צוליב דער דאָזיקער מאנקאָ האָב איך עס גענדאַרפט אַזוי לאַנג חשבונען!

ענדלעך! ענדלעך ווייס איך שוין, ענדלעך האָב איך עס געפּאַקט! ענדלעך ווייס איך גענוי, על פּי חשבון און על פּי מאַטעמאַטיק, וויפל עס באַטרעפט מיין — יערלעכע הכנסה!

זי באַטרעפט — 999 פייגן מיט 999 לעכער אין קעשענע!

צו וואָס איך דאַרף דאָס וויסן, פרעגט איר?

וועל איך ענטפערן!

וואָס הייסט עפּעס — צו וואָס? און אַליין פאַרשטייט איר נישט?

איך מוז דאָך מאַכן אַ „זעזנאַניע"; אַז נישט — וועל איך צאָלן שטראָף, ס'איז דאָך דער לעצטער טערמין!

אַ ווערטעלע צו זאָגן אַ „זעזנאַניע" מכּוח הכנסה, מכּוח אַ גאַנץ יאָר הכנסה! אַ קלייניקייט — גיי און ווייס, וויפל דו פאַרדינסט אַ יאָר!

קיין שווערערע זאַך איז גאָר אויף דער וועלט נישטאָ. היינטיקע צייטן — אַ ייד און פרנסה! האָט איר געזען אַזוינס?..

אָבער אַז מען מוז — מוז מען. און קיין שום חכמות וועלן דאָ נישט העלפן, מען מוז פאָרט אָנגעבן עפּעס אַ הכנסה.

נו האָב איך מיך, ווי איר ערט, אַוועקגעזעצט און גענומען שמירן אויף פּאַפּירן, און — אויסגעחשבונט אַ גענויען דעפיציט!

וואָרום לאָמיר זיך נישט נאַרן, — וואָס איז דער טייטש, „פאַרדינסט"?

פאַרדינסט איז דער טייטש דאָס, וואָס בלייבט אין קעשענע, אַז נישט — איז עס דאָך קיין פאַרדינסט נישט, נאָר אַ נעכטיקער טאָג, אַ לאָך פון אַ בייגל, אַ שאָטן פון אַ פויגל, אַ ווייס־איך־וואָס, אַנ'אויסטראַכטעניש, אַ בלבול, אַ געהאַקטער טשייניק, אַ... לייט־אַרטיקל!

נו, גוט! לאָמיר אָננעמען, אַז במשך פון אַ יאָר פאַרדין איך כך וכך. פרעגט זיך: און די הוצאה? די הוצאה איז אַזאַ, אַז די הכנסה ווערט ממילא אַ לעגענדע וועגן אַמאָליקע צייטן, אַ חלום פון אַ שיכּור, אַן עקספּאָזע פון אַ כּלל־טוער, אַ דרשה פון אַ מאָדערנעם פּרעלעגענט, און ענלעכע פאַנטאַזיעס!

איך פאַרדין — לאָמיר זאָגן — כך וכך זלאָטעס אַ יאָר. נו, האָב איך דאָך, דוכט זיך, אַן „אשתי" אויך, זאָל געזונט זיין. און זי, מיין „אשתי", מאַכט דוכט זיך צורעכט אַ היפּש ביסל זאַכן... אוי, מאַכט זי צורעכט!

נו, און מיינע בנים'לעך זענען הינט? אוי, זיי זענען שוין גאָר קיין הינט נישט, — זיי זענען שוין ערגער ווי הינט!

איצט גיי און שטעל צענויף אַ „זעזנאַניע" וועגן דער הכנסה...

זעט איר, אַ „זעזנאַניע" וועגן דער הוצאה, — דאָס וואָלט איך אייך געמאַכט מיניה־וביה!..

ב. ווילנער

# עך, באַראַנאָוויטשער דאָקטוירים!..[1]

אַז גאָט וויל צושיקן דאָקטוירים פרנסה, קען קיינער נישט האָבן דאַקעגן. נישט גוט איז עס נאָר פאַר די, וואָס דאַרפן ווערן די פּאַציענטן; און נאָך ערגער איז, אַז מען מוז אַליין ווערן דער חולה, זיצן שעה'נווייז אין וואַרטע־צימער, בלעטערן אַלע אַלט־געבאַקענע זשורנאַלן, וואָס מוזן נאָך שטאַמען פון די סטודענטישע יאָרן פון דאָקטאָר... און ענדלעך, אַז מען דערוואַרט זיך אויף דער ריי, און מען פּטרט אָפּ דעם וויזיט, — גייט מען אַרויס מיט אַ פאַרבאַנדאַזשירטער און פאַרקלעפּטער אויג (דער וויזיט איז ביי אַן אויגן־דאָקטאָר). אין טייסטער פעלט עטלעכע גילדן, דערפאַר איז מען געבילדעטער געוואָרן מיט אַ פּאָר לאַטייניש ווערטער, וואָס דאָקטוירים באַצייכענען עס אַלס אַ קרענק.

פון דאָקטאָר ציט זיך אַן אויסגעטראָטענע וועג צום אַפּטייק. דאָרטן לערנט מען אייך ווייטער לאַטיין, נאַטירלעך פאַר געלט; חוץ דעם קריגט איר נאָך אַ צוגאָב: סלאָייטשיקלעך מיט פלעשעלעך, פּילן מיט פּראָשקעס.

אין דער היים הייבט זיך אָן אַן אַרבעט מיטן קוקן אויפן זייגער, טרינקען פּראָשקעס, וואָס האָבן אַזאַ טעם, וואָס ווען דער דאָקטאָר אָדער אַפּטייקער וואָלטן דאַרפן דאָס אַליץ פאַרזוכן, וואָלטן זיי שוין לאַנג אַוועקגעוואָרפן די פרנסה...

זעט איר, זייער ביטער איז, אַז די קרענק פאַרציט זיך. אויסער די טאָג־טעגלעכע באַזוכן ביים דאָקטאָר, וואָס קיין פרנסה גיט עס נישט, קומט נאָך אויס צו בייטן אָפּטער די רעצעפּטן; און רפואות איז אַזאַ אַרטיקל, וואָס קאָסטן קאָסט עס אַ פולע און צום פאַרקויפן איז עס אַ גראָשן נישט ווערט...

אָפּגעגאַנגען אַ פּאָר וואָכן צום דאָקטאָר, באַגעגנט מיר אַ באַקאַנטער:

— „זעט, וואָס איז דאָס... אַן אויג?"

— אַן אויג.

— נו, איז וואָס טוט איר?

— איך הייל זיך, גיי צום דאָקטאָר.

— עך, באַראַנאָוויטשער דאָקטוירים!.. — גיט ער אַ מאַך מיט דער האַנט.

— באַגעגנט מיר אַ צווייטער:

— גאָר אַ קראַנקע אויג?

— ווי איר זעט.

— נו, איז וואָס, טוט איר גאָרנישט צו דעם?

— וואָס הייסט גאָרנישט, איך הייל זיך; מען שמירט, מען שפּריצט, מען...

— עך, לאָזט אָפּ מיט די באַראַנאָוויטשער דאָקטוירים!.. מען גיט אַ פּאָר ערגעץ צו, אין ווילנע צו אין וואַרשע און... און ערליידיקט

און דערנאָך שטעלט אָפּ אַ דריטער:

— זעט, נאָך אַלץ מיטן אויג?

— יאָ, נאָך אַלץ מיטן אויג.

[1] „באַראַנאָוויטשער וואָכנבלאַט", 7 מאַי 1937.

— און איר קלערט גאָרנישט טאָן?

— דער דאָקטאָר טוט.

— עָך, לאָזט מיט אייערע באַראַנאָוויטשער דאָקטוירים... איר ווילט מיר פאָלגן, — פאָרט אונטער אין וואַרשע.

און אויסער די גאַס־באַגעגענישן געפינען זיך אויך גוטע פריינט און באַקאַנטע, וואָס פוילן זיך נישט אייך אָפּצושטאַטן אַ וויזיט, און יעדער פון זיי ווייס פון אַזאַ קרענק און יעדער גיט אייך אַן עצה, נישט קלערן און גלייך פאָרן...

הכלל, צו מען יויל יאָ, צו מען וויל נישט, — מען מוז שוין פאָרן, און פאַרשטייט זיך אין וואַרשע, און נאַטירלעך צו אַ פּראָפעסאָר.

גאָט צו דאַנקען, געקומען קיין וואַרשע; איך גיי אַוועק גלייך אין דערפרי צום פּראָפעסאָר (וויל זיין פון די ערשטע). ערשט ווען פּראָפעסאָר, וואָס פּראָפעסאָר... עס דרייט זיך גאָר אַרום אַ גויע, הייסט אָפּצאָלן פאָרויס 20 גילדן — וואַרשע גנב, מען געטרויט נישט, — גיט עפּעס אַ שטיקל בלעכל מיט אַ נומער און הייסט קומען מאָרגן. געקומען מאָרגן, געוויזן דעם נומער, מען פירט מיר אַריין אין וואַרטע־צימער. ווידער די אַלט־געבאַקענע, צעריסענע זשורנאַלן אויפן טיש, און דאָס צימער אָנגעפּאַקט מיט אויסשליסלעך ריין־יידישע פּאַציענטן אויף די שטולן...

געקומען מיין ריי, אָט זיץ איך שוין ביים פּראָפעסאָר. די זעלבע אינסטרומענטן, די זעלבע מאַשינקעס וואָס ביי אונזער דאָקטאָר; אַפילו די פראַגן זענען פון זעלבן מין, וואָס הויבן זיך אָן מיט: איז עס צום ערשטן מאָל ביי מיר? און ענדיקן זיך מיט אַזעלכע פראַגן, וואָס איז גאָר אַ חרפּה צו דערציילן...

געענדיקט דעם מינדלעכן עקזאַמען, הויבט זיך אָן דער פּראַקטישער טייל, וואָס באַשטייט: אין קוקן זיך אין די אויגן, אין לייענען גרעסערע און קלענערע ציפערן און בוכשטאַבן. דערנאָך זעצן מיר זיך נעבן אַ מין „קאַטאַרינקע" מיט צוויי פענסטערלעך, איינע אַנטקעגן די צווייטע; אין איין פענסטערל קוקט דער פּראָפעסאָר. וואָס ער זעט דאָרטן ווייס איך נישט, — מסתמא פּאַציענטן, וואָס שיטן מיט צוואַנציק זלאָטאָווע; אין דעם צווייטן פענסטערל קוק איך אַליין און זע דאָס, וואָס מען זעט אין אַ פּוסטן טייסטער...

צום סוף, נאָכן קוקן, קוועטשן, טאַפּן און באַטראַכטן, ווייזט זיך אַרויס, — אַז אַ פּראָפעסאָר לערנט אין זעלבן חדר וואָס אַ דאָקטאָר, און אַפילו פון זעלבן סידור, ווייל ער האָט מיר געטראָפן אָנצורופן מיין קרענק מיט די זעלבע לאַטייניש ווערטער, וואָס מיין דאָקטאָר אין באַראַנאָוויטש... נעם איך אַרויס די מיטגעבראַכטע רעצעפּטן און ווייז אים: נאַ, קוק און שעם זיך כאָטש! ווערט ער אַ האָר נישט נתפּעל און זאָגט:

— יאָ, דאָס איז דאָס; דאָס איז די קראַנקהייט, און דאָס איז די רפואה, — אייער דאָקטאָר היילט אייך גוט. פאָרט אַהיים, איר האָט דאָ נישט אין וואַרשע וואָס צו טאָן.

זאָג איך צו אים: „פּאַניע פּראָפעסאָזשע, אפשר זאָל איך אַריינגיין צו אַ צווייטן פּראָפעסאָר, אַ גרעסערן?..

ענטפערט ער אַ וואָרט נישט, גיט אַ קנייטש דעם שטערן, אַ כמורע די ברעמען און צו דער גויע אַ געשריי: „נאַסטעמפּני!"

אין קאָרידאָר רינגלען מיר אַרום די פּאַציענטן: „נו וואָס, וואָס האָט ער געזאָגט?"

— די זעלבע זאַך וואָס אונזער דאָקטאָר בוסעל, נישט כדאי געווען צו פאָרן...

— וואָס גלייכט איר אייער דאָקטאָר צום פּראָפעסאָר — זאָגט אַ יידל — אייערער מוז אַוודאי נעמען אַ דריי גילדן פאַר אַ וויזיט און דער פּראָפעסאָר גאַנצע צוואַנציק, אַ שיינער פאַרגלייך...

# א מעשה מיט א מיניסטער[1]

אַ מעשה, וואָס איז פאַרלאָפן מיט יאָרן צוריק.

עס איז דאַן געקומען קיין באַראַנאָוויטש אויף אַ קורצן באַזוך אַ מיניסטער. ווי נאָר מען האָט זיך דערפון דערוווסט, האָבן זיך צונויפגעקליבן דריי, די שענסטע בעלי־בתים פון שטאָט, — איינער אַ האַנטווערקער, דער צווייטער אַ סוחר און דער דריטער פאַרקויפט ברילן —, זיי האָבן אַרויפגעצויגן אויף זיך בגדי שבת און אַוועק אויף אַ שמועס צום מיניסטער.

אין איילעניש האָט מען אַפילו פאַרגעסן זיך צונויפריידן, ווער עס זאָל רעדן מיטן מיניסטער, וואָס און וועגן וואָס מען זאָל רעדן.

דער מיניסטער האָט דאַן געהייסן אַריינלאָזן די דעלעגאַציע און זיי געשענקט אַכט מינוט צייט זיך אויסצוריידן.

נאָכן ערשטן „שלום־עליכם" פרעגט זיי דער מיניסטער:

„פּאַנאָוויע, פונוואַנען האָט איר געוווּסט, אַז אַ מיניסטער קומט צו אייך?"

— ענטפערט איינער, — „דורך רוח הקדש!"

דער מיניסטער איז נישט איבערצייגט.

— כאַפּט אונטער דער צווייטער, — „ווען אַ מיניסטער קומט צופאָרן, שמועסן וועגן דעם די פויגל אויף די ביימער!"

דער מיניסטער דרייט מיטן קאָפּ, — אַ סימן, אַז ער איז ווידער נישט איבערצייגט.

— מישט זיך אַריין דער דריטער (שטילערהייט) — „דורך ראַדיאָ!"...

פרעגט שוין דער מיניסטער: „וועגן וואָס זענט איר געקומען און ווער האָט אייך געשיקט?"

הויבן אָן אַלע דריי צו קוקן איינער אויפן צווייטן און זוכן וועגן וואָס אָנצוהויבן, פונקט ווי דער לשון וואָלט ביי זיי אָפּגענומען... עס האָט נישט געדויערט לאַנג און יעדער פון זיי האָט שוין צוגעטראַכט אַ גרויסע רעדע (און וועגן וואָס צו רעדן איז ברוך השם דאָ...). אַלע שטעלן זיך און הויבן די הענט (אַ סימן, אַז עס ווילט זיך רעדן...).

דער מיניסטער שטעלט זיך אויף, גיט אַ קוק אויפן זייגער און ענטפערט קורץ: „פּאַנאָוויע, די אַכט מינוטן זענען אַוועק, אונזער שמועס איז געענדיקט!"

[1] „באַראַנאָוויטשער וואָך" פון 15 מאי 1936

# פון היימישן פאלקלאר

מתתיהו בערעזאָווסקי

## ר׳ יחיאל הירשל יאסעלעוויטש

(אַ פּאָלקסטיפּ)

ווי אַן אַלטער דעמב איז געווען ר׳ יחיאל הירשל בר׳ יהודא ליפא ממוש.

שוין אין די זיבעציקער האָט ער זיך נישט געוואָלט אונטערגעבן דער אַלטקייט. ער האָט זיך גוט געהאַלטן. זיינע באַוועגונגען זענען געווען רירעוודיקע, און זיינע שווערע שטיוול האָבן געקלאַפּט צום טאַקט — שאַרף, פעסט און אַנטשלאָסן. אַ קלוגער ייד מיט אַ געזונ־טער לאָגיק, שטאַרקן כאַראַקטער, רייכער לעבנסדערפאַרונג, גרונטיקן יושר און גוט־מוטין הומאָר.

שוין אין טיפן עלטער האָט ער נאָך אַרומגעהאַוועט און געהאָלפן זיין זון אפרים אין זיינע תבואה־געשעפטן אויפן מאַרק מיט די גויים.

אויף דער פראַגע, אפשר איז שוין צייט אַ ביסל אָפּצורוען? — פלעגט ער ענטפערן: וויייס איך וואָס? באַזאָרגן זיך מיט אַ פּאַטשיילע און שמעק טאַבאַק, און זעצן זיך אין שטיבל אונטערן אויוון זאָגן תהילים, לערנען עין יעקב און משניות, דערציילן מעשיות, ווערן אַ שיינער ייד און וואַרטן אויפן מלאך המוות? ניין! עס איז פאַר מיר קיין עסק נישט, איך האָב צו דעם קיין געדולד נישט. ווען איך וועל באַקומען אַ „פּאַוועסטקע״ אויף יענער וועלט, בין איך גרייט צו גיין. איך בעט נאָר, עס זאָל נישט זיין קיין לאַנגער „קימפּעט״...

יאָרן־לאַנג איז יחיאל הירשל געזעסן אין דאָרף צווישן גויים; ער איז דאָרט געווען אַלץ: דער „געלערנטער ייד״ (אוטשאָני יעווריי), אַ יועץ, אַ שופט און אויך אַ פּראָשעניע־שרייבער.

אַליין אַ פרידלעכער מענטש, האָט ער געהאַלטן, אַז צום יושר פאָדערט זיך כּוח. אַז עס פלעגן צו אים קומען אַ מאָל דער־שלאָגענע יידן צו באַקלאָגן זיך אויף זייערע פּלוניתטעס — ווער עס האָט אַ „מכשפה״, אַ „כלבתא״, און ווער סתם אַ „מרשעת״, — פלעגט יחיאל הירשל זאָגן מיט איראָניע: לעולם איז נישטאָ קיין שלעכטער אויוון אָדער אַ שלעכטע ווייב. צו אַ שלעכטן אויוון לייגט מען צו נאָך אַ שייטל האָלץ און ער איז גוט, און דאָס זעלבע איז מיט אַ שלעכטער ווייב, — נאָך אַ שייטל האָלץ און זי ווערט גוט...

דערביי האָט ער זיך חס ושלום קיינמאָל נישט באַנוצט מיט זיין „טעאָריע״, נאָר כּדי צו פאַרשטאַרקן זי — האָט ער געבראַכט אַ ראיה פון דער תורה: אין בראשית ביים ענין פון אדם וחוה שטייט „האשה נתנה לי מן העץ ואוכל״. מאַכט דער „בעל הטורים״, — „לפי הפשט שהכיתני בעץ עד ששמעתי לדבריה״.

„פאַרשטייט איר״ — פלעגט יחיאל הירשל אויסרופן מיט טריאומף, — „די גאַנצע צרה איז דאָרטן געווען, וואָס חוה האָט זיך געכאַפּט די ערשטע צום שטעקן; ווען פּאַרקערט, אדם נעמט זיך דער ערשטער צום „דרוק״, — וואָלט די געשיכטע געווען אַן אַנדער געשיכטע און די וועלט — גאָר אַן אַנדער וועלט״.

איינמאָל, אין אַ ווינטערדיקער נאַכט, האָב איך געהערט אין שטיבל אונטערן אויוון אַ שמועס. אַ חסידישער יונגערמאַן האָט זיך באַקלאָגט פאַר יחיאל הירשלען אויף זיין ווייב. נאָכן אויסהערן זיינע טענות האָט יחיאל הירשל געזאָגט:

— אַ שידוך איז געגליכן צו אַ בלאָטע, וואָס מער מען קלייבט, אַלץ מער פּאַלט מען אַריין.

— בין איך דען געווען אַזוי איבערקלייַבעריש? — האָט זיך אָפּגערופן דער יונגער־מאַן.

— אַדרבא, ניין! איך מיין, אַז זי, דיין ווייב, האָט צופיל געקליבן — האָט געענט־פערט יחיאל הירשל.

ער איז געווען קריטיש ביז ציניזם. ער האָט אַלעמען אַריינגעזאָגט דעם אמת גלייך אין די אויגן, אַפילו דעם חסידישן רבין, און זיך נישט אָפּגעשראָקן אַפילו פאַרן טויט.

איינמאָל, ביי אַ לויה, האָט ער זיך אָפּגע־רופן: זאָל מיר מוהל זיין ר׳ משה יאַנקל, ער איז געווען אַ כשרע און אַ פרומע קעלבל — כשר און פרום, אָבער אַ קעלבל; פשוט, נישט קיין איבעריקער חכם.

— שאַ, שאַ! דרך ארץ פאַרן נפטר! — האָבן זיך אויף אים אָנגעבייזערט עטלעכע יידן.

— און וואָס מיינט איר, אַז מען שטאַרבט ווערט מען קליגער? — האָט געענטפערט יחיאל הירשל —, וואָס נישט געלערנט ביים לעבן, וועט מען נאָכן טויט זיכער נישט לערנען — האָט ער צוגעגעבן.

אַן אַנדערש מאָל, ביי אַ לויה פון אַ גרויסן חסיד, איז יחיאל הירשל געווען אויפ־געערעגט: „אַ יושר פון אַ ירושה״ — האָט ער געטענהט — „עס שטאַרבט אַזאַ ייד, מיט אַ הארץ און מוח, און דערצו נאָך מיט אַ ברוך און הויקער, און עס זענען דאָ עטלעכע זין, — לאָזט ער איבער איינעם פון זיי דעם ברוך, אַ צווייטן דעם הויקער, און דעם מוח מיטן האַרצן נעמט ער מיט זיך אין קבר. היתכן?״

דער גורל האָט געטראָפן ר׳ יחיאל הירשלען זייער ביטער. אין זיין לעבן זענען ביי איב געשטאָרבן אַ פּאָר ווייבער, קינדער און אייניקלעך, — און אפשר דערפון האָט זיך גענומען זיין מיטגעפיל פאַר יענעמס ליידן. נישט איין מאָל ווען ס׳איז אין שטיבל געקו־מען אַ ייד אַ יורד, וועלכער האָט זיך גענוי־טיקט אין עטלעכע גילדן אויף אויפצושטעלן צוריק זיין פרנסה, היילן אַ קראַנקע פרוי אָדער קינד, חתונה מאַכן אַ טאָכטער, — האָט אים יחיאל הירשל צוגעגעבן מוט און געהאָלפן „מאַכן״ געלט.

אַמאָל, ביי אַ לויה פון זיינעם אַן אַלטן ידיד, האָט יחיאל הירשל דערציילט: „ער איז פון קינדהייט אַן געווען אַ יתום. אויף איר טויטן בעט האָט אים זיין מאַמע געלאָזט אַ צוואה פון דריי ווערטער — „ליידן, שווייגן און מיידן״, און מיט דעם איז ער דורכגע־גאַנגען אַ לעבן פון 70 יאָר.

„איך קען עס נישט״ — האָט באַמערקט יחיאל הירשל.

אין אַ דריטל איז ער געווען גערעכט, — ער האָט נישט געקענט שווייגן און באַזונדערס פאַרשווייגן. אין דעם זין איז ער געווען געגליכן צו יענעם מושער חסיד, וועלכער האָט בעת אַ שריפה אין שטעטל געהערט ווי אַ יידענע זאָגט: „גאָט איז גערעכט און זיין משפט איז גערעכט", און זיך אָפּגערופן: „אַזוי האָט אַ האַלב שטעטל אָפּגעברענט, אַז דו וועסט אים געבן גערעכט וועט דאָס גאַנצע שטעטל אָפּברענען!"

אַלס אָרנטלעכער מאַן האָט ער זיך אָפּגעהאַלטן, אַפילו אין די שווערסטע צייטן, פון זוכן אַ זייטיק פאַרדינסטל פון שדכנות. ער האָט געוווסט, אַז אַ סך אומגליקלעכע שדוכים זענען קרבנות פון געלטגייציקע שדכנים, און ער האָט זיי אָנגערופן „מענער־און פרויען־הענדלער". איינמאָל האָט ער געמוסרט זיין אייגענעם זון אפרים: „ווי האָסטו דאָס געהאַט אַ האַרץ צו פאַרקויפן אַזאַ טייערן יונגנמאַן פאַר עטלעכע „קאַרבן"!"

די אַלטקייט האָט דאָך גובר געווען איבער יחיאלן, ער האָט זיך געמוזט אונטערגעבן און אַריינגיין אין „מושב זקנים".

מיט דאַנקבאַרקייט פלעגט ער רעדן וועגן גרינדער פון „מושב זקנים", ה' ישראל זלמן גאלפערין, און ווען די אַלטע חסידים פלעגן באַמערקן: „ער איז דאָך אַ פרייער!", פלעגט זיי יחיאל הירשל ענטפערן: „זאָרגט נישט! זייט רוהיק! איך וועל אויף יענער וועלט אָרגאַניזירן אַ וואַך פון מיינע „מושב זקנים'ניקעס" און מיר וועלן פאַר קיין פאַל נישט דערלאָזן אַריינפירן אים אין גיהנום..."

## דער שטאָט משוגענער

ווי אַנדערע יידישע שטעט און שטעטלעך, האָט אויך דאָס יונגע באַראַנאָוויטש אַמאָל געהאַט איר קהל'שן באָק, איר שטאָט משוגענעם און אַנדערע קלאָפּער־געצייג פון אַ קהילה.

וואָס אַן אמת זענען זיי שוין דאַן געווען אַ ביסל אַלט־מאָדיש פאַר דעם נייעם ישוב. אַלץ אַרום האָט זיך געבויט און באַוועגט, אַלץ איז געווען יונג און ניי, און מען האָט זיך פשוט נישט געניטיקט אין זיי...

דאָך האָט דער קהל'שער באָק אויך געהאַט זיין גלאַנץ עפּאָכע פאַרן ערשטן וועלט קריג, ווען ער האָט אַמאָל אָנגעגריפן די ערן־וואַך, וואָס איז געשטאַנען מקבל פנים זיין דעם צאַר ניקאָלאַיי דעם צווייטן אין אונזער שטאָט. אויך האָט ער אַמאָל דעמאָנסטרירט זיין כוח, ווען ער האָט זיך אַמאָל אַריינגעריסן שמחת תורה אינמיטן די הקפות אין חסידים שטיבל, און ס'איז אויסגעבראָכן אַ פּאַניק צווישן די פרויען און קינדער. אַ נס וואָס דער אַלטער פייגמאַן האָט אים אָנגעכאַפּט ביי די הערנער, זיך אַוועקגעזעצט אויף אים רייטנדיק — און דער באָק האָט נעבעך געקניט אונטער דער שווערער לאַסט פון זיין געוויכט...

נאָר מילא, אַ באָק איז דאָך מער נישט ווי אַ באָק. אַ שטאָט־משוגענער להבדיל, איז אָבער עפּעס אַנדערש. ער לאָזט זיך נישט אַזוי לייכט אַראָפּשטויסן פון דער אַרענע. אויף דעם טיטל „שטאָט משוגענער" האָט זיך געפירט אַן ערנסטע קאָנקורענץ צווישן פאַרשידענע פרעטענדענטן. איינע, חאַשע לאה, האָט געקעמפט קעגן דעם „מאָנאָפּאָל" פון מענער אויף משוגעת און געוויזן, אַז אויך פרויען קענען זיין משוגע...

באַקאַנט איז געווען פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה מענדל דער משוגענער.

שוין זיין אָנקומען אין באַראַנאָוויטש איז געווען פאַרבונדן מיט אַ מעשה. מען האָט אים געפרעגט, פון וואַנען איז אַ ייד? האָט ער געענטפערט: „אַ היגער! ווער ס'קומט אַהער ווערט גלייך אַ היגער".

איינמאָל איז ער אַריינגעפאַלן אין גרויסן בית־מדרש — פרייטיק, שפּעט פאַרנאַכט, — און דערציילט: איך האָב זיי שוין ריכטיק אָפּגעטאָן, די מתפללים פון אַלטן בית־מדרש. בעצם האָב איך געקלערט זיין שבת דאָרטן, נאָר ווי איך בין אַהין אַריין האָבן די בעלי בתים געזאָגט: „מזל טוב! מיר וועלן האָבן אַ פריילעכן שבת, — מענדל איז דאָ!" האָב איך זיי געענטפערט: „איר וועט ביי מיר קיין פריילעכן שבת נישט האָבן, — מענדל איז נישטאָ!", און איך האָב געמאַכט „ויברח".

אַן אַנדערש מאָל איז אַריין אין בעלי מלאכה'שן בית מדרש, געעפנט די גמרא חולין און אָנגעהויבן לערנען: „הכל שוחטין ושחיטתן כשרה חוץ מחרש, שוטה וקטן", — אַלעמען מעג מען קוילענען, און עס איז אַ כשרה מצוה זיי אויסצוקוילענען, אויסער אַ חרש, שוטה וקטן...

ער האָט רענקלעך פיינט געהאַט העריגג, און ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן האָט ער געטענהט, אַז אַזוי לאַנג ווי מען שטעלט נישט אַוועק אויף די גאַסן סלוצקער קאָזאַקן מיט פעסלעך הערינג, און מען צווינגט נישט צו עסן זיי, — איז נאָך נישטאָ קיין מלחמה...

מענדל, אַליין, איז געהרגעט געוואָרן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה ביי די דייטשן, נאָר זיין נאָמען האָט געלעבט נאָך אים ווייטער.

יעדער נייער משוגענער, וואָס איז אָנגעקומען אין שטאָט, איז געקרוינט געוואָרן דורך די ווייסע חברה'ניקעס מיטן טיטל „מענדל". זייער לאָגיק איז געווען אַ פשוטע: אויב עס קען זיין ניקאָלאַיי דער ערשטער און דער צווייטער, פאַרוואָס זאָל אויך נישט זיין מענדל דער ערשטער, צווייטער און אפילו דער דריטער.

אָט איינער אַזאַ מענדל איז געווען אַ ייד, וואָס האָט געקענט לערנען. נאָך דער ערשטער מלחמה איז געווען אַ תקופה, ווען מען האָט געשיקט הילף פון אַמעריקע, און מען האָט גערעדט, אַז אַ סך פעקלעך גייען פאַרלאָרן. איינמאָל, ווען ער איז אַרומגעגאַנגען פאַרטראַכט און פאַרזאָרגט, איז צו אים צוגעגאַנגען אַ ייד און געזאָגט: „זאָרגט נישט ר' מנדל, דער אויבערשטער וועט אייך שוין צושיקן זיין הילף!"

— „יאָ, גאָט שיקט טאַקע זיין הילף, נאָר איך האָב געהערט, אַז אויפן וועג גנבעט מען עס אַוועק" — האָט געענטפערט מענדל...

## „משה בן שרה"

משה בן שרה, אַ חסידישער יונגערמאַן, איז געווען אַ הויכער, אַ בלאָנדער, מיט אַ דונערנדיקער שטימע. אַן אמת־זוכער און אַ מאָנער פון גערעכטיקייט.

דאָס שפּריכוואָרט זאָגט, אַז „פאַרן אמת שלאָגט מען", — איז ער טאַקע נישט איינמאָל געשלאָגן געוואָרן פון די, וואָס דער אמת האָט זיי נישט געשמעקט.

די גויים האָבן אַפילו געזאָגט, אַז ער איז, אין זיין אויסערלעכן אויסזען, שטאַרק ענלעך צו זייער „דערלייזער"... דאָך האָט ער פון זיי אויך געכאַפּט קלעפּ.

פונדעסטוועגן האָט ער זיך נישט אָפּגעהאַלטן פון זיין אמת. ער האָט געלייענט אַ סך צייטונגען, איז אַלץ זיך אינטערעסירט.

וועגן אַלץ העפטיק דיסקוטירט און אויף אַלץ שאַרף רעאַגירט.

איך דערמאָן זיך אייניקע עפּיזאָדן. אַמאָל האָט אַ פּוילישער פּאָליציאַנט אויפגעהאָנגען אין שטאָטישן גאָרטן אַ שילד: „מען טאָר נישט שעדיקן קיין בוימער!“, איז באַלד צוגעגאַנגען צו אים משה בן שרה און געפרעגט: „פאַרוואָס בוימער טאָר מען נישט שעדיקן, און יידן מעג מען יאָ שעדיקן?“

אַן אַנדערש מאָל האָט מען אויף אַ זיצונג פון קהילה־ראַט פאָרגעשלאָגן איינשרייבן דעם פּראָפעסאָר איינשטיין אין גאָלדענעם בוך פון קרן הקימת.

— „פאַרוואָס? פאַר וועלכע מעשים טובים?“ — האָט זיך אָפּגערופן משה בן שרה פון דער גאַלעריע.

— „איך ווייס? מען זאָגט, אַז ער האָט עפּעס אַנטדעקט אַ שטערן, אַ פּלאַנעט“ — האָט אים דערויף פאַרזוכט אַ ייד צו דערקלערן.

— „טאָ וואָס איז דאָ דער אויפטו?“ — האָט ווידער געדונערט דער קול פון משה בן שרה — „איך פאַרשטיי, ווען ער אַנטדעקט אַן אָרט, ווו יידן וואָלטן געקאָנט פריי לעבן און רוהיק אַרבעטן, — אָט דאָס וואָלט געווען אַן אויפטו! אַ שטערן, וואָס מען קען נישט דערגרייכן אַהין, איז קיין אויפטו נישט...“

## ווער ס׳איז מוחל, און ווער נישט...

ביי נחום שאַצקעס האָבן זיך נישט געהאַלטן די ערשטע קינדער, און ער איז געגאַנגען פרעגן אַן עצה ביים אַלטן סלאָנימער רבי׳ן וואָס צו טאָן?

— באַטראַכט זיך, אפשר האָסטו אַמאָל געזינדיקט און דאַרפסט תשובה טאָן? — האָט געזאָגט דער רבי.

האָט נחום שאַצקעס געקלערט און געטראַכט און דערמאָנט זיך, אַז אַמאָל — ווען ער איז נאָך געווען אַ יונגער בחור, — האָט מען אים גערעדט אַ שדוך און ער האָט זיך געזען מיט אַ יונגער, שיינער מיידל. זי איז אים שטאַרק געפעלן געוואָרן און ער האָט מסכים געווען אויפן שידוך.

צו די „תנאים“ האָט ער זיך אַרומגעזען, אַז מען האָט אים אונטערגערוקט גאָר אַ שוועסטער — אַן עלטערע און אַ מיאוסע.

אין זיין פאַרצווייפלונג האָט ער זיך אַרויסגעגנבעט שטילערהייט פון שטוב און זיך געלאָזט לויפן העט־ווייט, וווהין די פיס האָבן אים געטראָגן.

— האָסטו פאַרשעמט אַ יידישע טאָכטער, דו דאַרפסט בעטן ביי איר מחילה, און בזכות זו זאָל השם יתברך רחמנות האָבן אויף דיר — האָט זיך אָפּגערופן דער רבי.

און אַז דער רבי הייסט, איז נישטאָ קיין ברירה. האָט זיך נחום נאָכגעפרעגט ווו די פרוי געפינט זיך, און דערוויסנדיק זיך אַז זי איז אין בוטען, לעבן סלאָנים, איז ער אַוועק אַהין.

גראָד האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף איר מאַן, וועלכער איז געווען באַשעפטיקט אויפן הויף, און אים דערציילט דעם גאַנצן ענין. נאָכדעם איז ער אַריין אין שטוב און איבערגעגעבן דער פרוי דעם רבי׳ס בקשה, אַז זי זאָל רחמנות האָבן אויף אים און זיינע צוקונפטיקע קינדער און אים מוחל זיין.

ביים אַרויסגאַנג פון שטוב האָט נחום זיך ווידער געטראָפן מיט איר מאַן.

— נאַ, וואָס הערט זיך? — האָט געפרעגט דער מאַן.

— זי האָט מיר מוחל געווען! — האָט געענטפערט נחום שטראַלנדיק פון זיין הצלחה און גרויס פרייד.

— אַזוי, זי האָט דיר מוחל געווען!? אָבער איך, איך וועל דיר אייביק נישט מוחל זיין וואָס דו האָסט זיך אַמאָל אָפּגעטראָגן באַצייטנס און איבערגעלאָזט פאַר מיר דאָס פעקל —, האָט זיך אָפּגערופן דער מאַן...

## פון וואַנען די הגדה הויבט זיך אָן

איינמאָל, דעם ערשטן טאָג פּסח, ווען די חסידים האָבן געשמועסט וועגן דעם נעכטיקן סדר, איז אַריינגעקומען נוח דער מלמד און דערציילט, אַז ביי אים איז כמעט פאַרשטערט געוואָרן דער סדר. מעשה שטן האָט ער זיך צעקריגט מיט זיין פּלוניתטע און אַרויס פון שטוב.

אַרומדרייענדיק זיך אַזוי אין דרויסן האָט אים באַגעגנט דער אַדוואָקאַט מישקאָווסקי און געפרעגט: „ר׳ נוח, וואָס איז מיט אייך?“

אין זיין פאַרלעגנהייט, האָט נוח אויסגעזאָגט פאַר אים זיין ביטער האַרץ און דערציילט דעם גאַנצן ענין.

אַדוואָקאַט מישקאָווסקי האָט אים געמוסרט: „ס׳טייטש, ר׳ נוח, יידן פאָרן פון מרחקים צו פראַווען דעם סדר ביי זיך אין דער היים און איר פאַרלאָזט גאָר די שטוב, ווייב און קינדער, און...“

זיינע רייד האָבן געווירקט. ר׳ נוח האָט זיך איבערגעבעטן מיט זיין ווייב און געפראַוועט אַ סדר כהלכה.

— און וואָס איז מכוח אַדוואָקאַט מישקאָווסקיס סדר? וואָס האָט ער דאַן געטאָן אין דרויסן? — האָט געפרעגט אַ נייגעריקער חסיד.

— ער האָט אודאי געענדיקט פריער דעם סדר —, האָט זיך אָפּגערופן ר אברהם שמואל זאַבלאָצקי, אַן ערנסטער ייד און גראָד נישט קיין וויצלינג, — זיין הגדה הויבט זיך דאָך נישט אָן פון „הא לחמא“, נאָר פון „דבר אחר“...

## וואס קאסט טייערער: א גאנצע אדער א צעבראכענע זאך?

ה׳ ישראל קצב האָט אַמאָל געבויט אַן אויוון און באַשטעלט אַ וועגעלע מיט גלאָזברוכוואַרג ביי אַ טרעגער, אַ חסידישן יונגנמאַן מיטן נאָמען דוד.

ווען יענער האָט אים געבראַכט די „סחורה“ און געזאָגט דעם פּרייז, האָט קצב געטענהט, ס׳איז צו טייער.

— ס׳טייטש, גאַנצע פלעשער קאָסטן דאָך אַ סך ביליגער!? — האָט ער צוגעגעבן.

— האָסט זיך איצט אַרומגעזען, אַז צעבראָכענע זאַכן קאָסטן טייערער? באמת, שוין צייט צו וויסן! האָסט אַ פּאָר פּיס, איינע אַ גאַנצע און איינע אַ צעבראָכענע,—זאָג אַליין, וועלכע קאָסט דיר טייערער? — האָט באַמערקט דער יונגערמאַן.

## „קוימעניזם“ רחמנא ליצלן...

דוד דער טרעגער איז געזעסן אַמאָל, אין אַ ווינטער אָונט, אין שטיבל ביים אויוון צווישן עטלערע יידן, וועלכע האָבן אים געזאָגט מוסר, פאַרוואָס ער, אַ ייד אַ מטופל מיט קינדער, זוכט נישט קיין אויבערשעהן און זיצט לעם אויוון.

— פאַרשטייט איר מיר, רבותי, — האָט דוד דערקלערט — אין דער וועלט זענען דאָ

צוויי מיליאַרד מענטשן און ביי אַ גלייכער און גערעכטער פאַרטיילונג פון דער אַרבעט, קומט אויס פאַר יעדן דערוואַקסענעם מענטשן נאָר אַ צוויי שעה אַרבעט. איך אַרבעט 8 שעה און מער בין איך נישט מחויב צו אַרבעטן פאַר ליידיק־גייער...

— איך הייב נישט אָן צו פאַרשטיין, וואָס ער רעדט? — האָט באַמערקט אַן אַלטער ייד.

—און איך פאַרשטיי שוין יאָ וואָס ער רעדט, — האָט זיך אָפּגערופן אַן אַנדער אַלטער ייד — דאָס איז „קוימעניזם" רחמנא ליצלן...

## ראובקע טורעצקי פסקנ׳ט א שאלה

ערב פסח איז געווען יענער יאָריד אין שטעטל. די רבנים און דיינים זענען פאַר־פּלייצט געוואָרן מיט שאלות.

איינמאָל, — דערציילט ראובקע טורעצקי — איז ער אַריין צום מושער רב און ער איז גראָד געווען זייער פאַרטאָן אין אַ וויכטיקן ענין, — פישל דער הינקעדיקער איז געקומען מיט אַ שאלה: זיין ווייב האָט געלאָזט קוילע־נען אַן עוף און ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס פעלן די געדערים.

— זייט מיר מוחל, רבי — האָט ראובקע געזאָגט —, אַן ענטפער אויף אַזאַ שאלה דאַרף מען נישט זוכן אין יורה דעה, נאָר, להבדיל אלף הבדלות, אין מיסט־קאַסטן.

און כך הווה, מען האָט געזוכט און געפו־נען... די יידענע איז געווען אַ ביסל צעטראָ־גן ערב יום־טוב און פאַרגעסן, אַז זי האָט שוין פריער אַרויסגעוואָרפן די געדערים...

## א וויזע אויף יענער וועלט...

אין שווערע צייטן האָבן אַ סך מושער יידן עמיגרירט קיין אַמעריקע און איבערגעלאָזן אין דער אַלטער היים פרויען און קינדער, שטרויענע אלמנות און יתומים, וועלכע האָבן יאָרן־לאַנג געוואַרט ביז זייערע מענער און טאַטעס זאָלן זיך איינאָרדנען און זיי אַריבער־נעמען קיין אַמעריקע.

ימים נוראים צייט איז אַמאָל שלמה דער שמש געגאַנגען אויפן בית הקברות. אונטער־וועגס האָט אים אָפּגעשטעלט אַן אמתע אלמנה, און אים געבעטן זי דערמאָנען צום גוטן ביי איר מאַן.

צוריקגייענדיק פון בית עולם, ווען ער איז ווידער פאַרביי די וווינונג פון דער אלמנה, האָט זי אים געפרעגט:

— נאָ, ר׳ שלמה, וואָס הערט זיך?..

— זאָרגט נישט שרה פּעשע — האָט ער איר געענטפערט — די ערשטע צייטן גייט עס צו אַ ביסל שווערלעך. זייט רוהיק, ווי נאָר ער וועט זיך איינאָרדנען וועט ער אייך אי״ה שיקן פּאַפּירן און אַריבערנעמען אַהינצו...

## אינטואיציע

איינמאָל, בעת דער חסידישער דיין ר׳ ניסן איז געגאַנגען פאַרנאַכט אין גאַס, איז ער אָפּגעשטעלט געוואָרן פון אַ גרופּע בחורים און מיידלעך, וועלכע האָבן דיסקוטירט צווישן זיך וועגן אַ געוויסן ענין, און איינער פון זיי האָט אים אַ פרעג געטאָן:

— איר זענט אַ חסיד, האָט איר דאָך געוויס אַ רבין? מיט וואָס זענט איר זיכער אין אמת פון אייער וועג, און אין אייער רבין?

— גלויבסט דאָך מסתמא אין ליבע? — האָט אים ר׳ ניסן געענטפערט, — מיט וואָס ביסטו זיכער, אַז דיין אויסדערוויילטע איז די ריכטיקע? אלא וואָס, דיין אינטואיציע זאָגט דיר, אַז דאָס איז דיין באַשערטע, און זי איז פאַר דיר · די בעסטע און די שענסטע. אַזוי איז אויך מיטן חסיד, זיין אינטואיציע דיקטירט אים צו זען אין רבין זיין גייסטיקן פירער, און אין חסידות, — דעם וועג צום אמת. מען דאַרף נאָר זיין אָרנטלעך צום אייגענעם געוויסן — האָט צוגעגעבן דער דיין.

## רבי, איר האָט מיך געפּאַקט

דער אַלטער ר׳ הירש פייגמאַן האָט אַמאָל געהאַט אַ דין תורה ביים דיין, הרב ר׳ זאב מאיר שיינבערג ז״ל.

— רבי, איר האָט מיך געפּאַקט! — האָט זיך אָפּגערופן דער אַלטער פייגמאַן נאָכן פון אַמביציע, און ווען דער אַלטער פייגמאַן האָט געהאַלטן אין סאַמע ברען פון דאַווענען, איז ער צו אים צוגעגאַנגען און געזאָגט:

— ר׳ הירש, אויב דו מאָנסט געלט, קומט דיר, עס איז דיינס. אָבער אויב די ביסט דער עיקר אויסן „אַרויסנעמען" עס פון יענעם כדי אים „אָנצולערנען", טוסטו אַ גרויסע עוולה אַן אָרעמען יידן, און דאָס טאָר מען נישט.

— רבי, איר האָט מיך געפּאַקט! — האָט זיך אָפּגערופן דער אַלטער פייגמאַן נאָכן דאַווענען, און מבטל געווען די דין תורה.

## „עלינו לשבח"

איינמאָל איז אין גרויסן בית מדרש געווען אַן עיכוב הקריאה איבער קהלשע ענינים, און ס׳האָט אויסגעבראָכן אַ גרויסע מחלוקת.

כדי צו באַרוהיקן דעם צעהיצטן עולם, איז אַרויף אויפן בימה אַ קלוגער בעל־הבית און געזאָגט:

רבותי! איצט איז מיר רעכט פאַרוואָס מיר זאָגן נאָכן דאַווענען די תפילה „עלינו לשבח... שלא עשנו כגויי הארצות".

די גויים שלאָגן זיך אַרום אַ גאַנצע וואָך אין שענק און אויפן מאַרק, און אַז עס קומט זונטיק אינדערפרי, גייען זיי רוהיק און ניכטער אין זייער קירכע. און דאָרט איז שטיל.

ביי אונז יידן איז אָבער פאַרקערט. מען האַנדלט און מען אַרבעט אַ גאַנצע וואָך רוהיק און ניכטער, און אַז מען קומט שבת אין בית מדרש, ווערט מען מיטאַמאָל שיכור פון קהלשע געשעפטן, גבאות, עליות, כיבודים וכדומה, און מיר קריגן זיך, און מיר רייסן זיך אַרום אין אַ מקום קדוש, ווי „זיי" אויפן מאַרק און אין שענק, להבדיל.

## א ווייב, א שטוב און קדחת

אַ מושער ייד, אַ גרינער, האָט זיך אַמאָל געטראָפן אין פאַריז מיט זיינעם אַ שטעטלשן, אַ מאָדערניזירטן. יענער האָט אים איינגעלאַדן אין אַ קאַפע און זיי האָבן אָנגעהויבן שמועסן.

— האָסט אַ ווייב? — פרעגט דער מושער.

— אַ „פרוי"! — פאַרריכט אים זיין שטעטלשער.

— האָסט אַ שטוב? — פרעגט ווייטער דער מושער.

— אַ „הויז"! — פאַרריכט אים ווידער זיין באַקאַנטער.

דער קעלנער לייגט זיי פאָר פיש און דער מאָדערניזירטער לאַנדסמאַן אַנטזאָגט זיך פון עסן פיש.

— פאַרוואָס ווילסטו נישט עסן קיין פיש? צי דען האָסטו קדחת? — פרעגט דער „גרינער" מושער.

— „פיבער!" זאָגט מען — האָט באַמערקט מיט אויפרעגונג זיין באַקאַנטער.

— וואָס דרייסטו מיר אַ קאָפּ?! פרוי,

הויז, פיבער!.. — האָט זיך אָפּגערופן דער מושער — איצט ווייס איך שוין און זע שוין ווי עס האַלט מיט דיר: האָסט אַ ווייב, האָסט אויך אַ שטוב און בסך הכל האָסטו קדחת...

## „קישקע געלט"

„קישקע געלט" האָט געהייסן דאָס געלט וואָס אַ ייד רייסט אָפּ פון זיין ביסן ברויט כדי צו שפּאָרן. שווער איז געווען דאָס לעבן אין דער אַלטער היים, באַזונדערס אין מוש. גרויס איז געווען די אָרעמקייט, ביטער — די נויט. און דאָ קומען פּאָר שריפות אָון אָנזעצן. ס'קומען אָן שוואַכקייטן און קראַנקהייטן. ס'רוקט זיך אונטער די עלטער. ס'וואַקסן אונטער טעכטער וואָס מען דאַרף חתונה מאַכן און ס'מאַכן זיך אָפּט סתם צייטן אָן פרנסה. עס איז קיין ברירה נישט געווען, מען האָט געמוזט שפּאָרן „על כל צרה שלא תבוא" („מאַלע וואָס עס מאַכט זיך").

דערפון אויך די קלאַסישע קמצנות: מען פלעגט שפּאַלטן אַ שוועבעלע אויף 4 טיילן, כאַפּן אַ „צי" פון יענעם'ס אַ ציגאַרעט אָדער לפחות איינשלינגען דעם רויך. פרישע ברויט איז געווען אַ „דלות" („עס שלינגט זיך") און טאָמער האָט מען זיך אַמאָל פאַרגונען צו נעמען אַ שטיקל צוקער צום טיי, האָט מען עס נישט געטאָרט האַלטן „קעגן דעם שטראָם", נאָר אין אַ זייט, עס זאָל נישט צעגיין אַזוי שנעל...

אין דער אַלטער מוש האָט מען אַפילו נישטב געוווסט, אַז עס זענען פאַראַן אויף דער וועלט שקאָטן, דאָך האָט מען די מלאכה פון קמצנות געקענט אַ סך בעסער פון זיי. מען האָט געהאַט אייגענע יידישע איינפאַלן און סיסטעמען.

באַקאַנט איז געווען די מעשה מיט אַ יידן, וואָס האָט אויף זיין טויטן בעט זיך אָפּגערופן צו זיין זון: ווי קען איך אַוועק פון דער וועלט און לאָזן דיך אַליין. דו ווייסט דאָך נישט ווי צו לעבן, קענסט דאָך אַפילו קיין בגד נישט היטן. צי דען זעסטו נישט, אַז דו שטייסט ביי דיין גוססדיקן טאַטן צוקאָפּנס און באַלד וועסטו דאַרפן רייסן קריעה, — צו וואָס טראָגסטו אַזאַ גוטן רעקל?..

און דאָס שפּאָרן האָט זיך אָנגעהויבן אַזוי: האָט אַ ייד „צוזאַמענגעקראַצט" 90 קאָפּיקעס, פלעגט ער באָרגן נאָך 10 און „מאַכן" פון דעם אַ רובל.

דער „קאָנסערוואַטיווער" („אַלט פרענקישער") קמצן האָט דעם אָפּגעשפּאָרטן רובל אַריינגעשטעקט אין אַ זאַק און באַהאַלטן אונטערן שעניק. דער „מאָדערנער" שפּאָרער פלעגט אַריינלייגן אין באַנק און דער „ריזיקאַנט" פלעגט אָפּגעבן אַ סוחר אויף פּראָצענט.

גרויס איז געווען דער ווייטאָק, ווען מען האָט געמוזט אַן אָפּגעשפּאָרטן רובל צוריק אַרויסנעמען און צעבייטן עס אויף קליינגעלט, אָבער שרעקלעך איז געווען די טראַגעדיע, ווען אַ סוחר אַ „נגיד" פלעגט אָנזעצן. עס פלעגט ברענגען צום חורבן פון אַ סך משפּחות. עס פלעגן דאַן „פאַרברענט ווערן" די ירושות פון אלמנות, נדנים פון פאַרזעסענע מיידלעך און דאָס „קישקע געלט" פון עלטערע הענדלער און בעלי־מלאכות.

אויב דער גראָשן פון פשוטן יידן איז געווען אַ שווער פאַרדינטער און ער איז געווען דורכגעזאַפּט מיט בלוט און שווייס ממש, — איז דאָך אויף דעם נישט נאָרמאַלן ווירטשאַפטלעכן באָדן אויסגעוואָקסן אַ קלאַס פון פּראָצענטניקעס.

אָנגעהויבן האָט אַזאַ פּראָצענטניק זיין קאַריערע אַלס איינפאַכער מלוה־בריבית מיט אַ היתר־עסקא. שפּעטער, ווען ער האָט געקראָגן מער געלט, איז ער געוואָרן אַ נושך נשך און פלעגט שרויפן פּראָצענטן. צום סוף איז אַזאַ איינער שוין געוואָרן אַ „מענטשן פרעסער" און ווי אַ גרויסער פיש פלעגט ער איינשלינגען אַלע קלענערע פישלעך אויף זיין וועג.

אַזוי איז אַ געוויסער ג. פון אַן אָרעמאַן געוואָרן מיט דער צייט אַ גרויסער גביר און נאָכדעם ווען מען האָט אים אין אַ קריזיס אָנגעזעצט פון אַלע זייטן, האָט ער געקלאָגט: איך בין שוין אויס מענטש, איך בין געוואָרן אַ זיפּ; יעדער אָנגעזעצטער רובל מאַכט מיר אַ לאָך אין האַרצן און איך בין אינגאַנצן צעלעכערט...

דער פאָלקסהומאָר האָט זיך סאַרקאַסטיש נוקם געווען אין די פּראָצענטניקעס און געזאָגט, אַז זיי וועלן נישט אויפשטיין תחיית המתים. יעדער איינער וועט דאַן גערופן ווערן צוריקצוקערן צו זיין באַשעפטיקונג אין לעבן, און צום פּראָצענטניק וועט מען זאָגן: „ליג, ליג! פּראָצענטן וואַקסן!"

## אנזעצן, באנקראטן און רעגוליאציעס

מיט דער צייט, מיטן אַנטוויקלען זיך פון ווירטשאַפטלעכן לעבן, איז אויף דעם געביט אויך געשען אַ גרויסער פּראָגרעס. מען האָט שוין נישט אַזוי „אָנגעזעצט" „עמך", ווי „באַנקראָטירט" האַנדלס־געזעלשאַפטן און בענק. נאָכדעם זענען געשאַפן געוואָרן די אַזוי־גערופענע „רעגולאַציעס". די חובות פלעגן רעגולירט ווערן און דער קונה האָט געמוזט צאָלן אַן עקסטרא פּראָצענט אויף יעדער סחורה אויפן חשבון פון די באַנקראָטן און רעגולאַציעס. יידן, מאַנופאַקטור־סוחרים, וועלכע האָבן דאַן געלעבט פון איין באַנקראָט צום צווייטן, האָבן זיך געוויצלט און געזאָגט, אַז מאַנופאַקטור קלעקט אויף אַלץ: אויף לעבן אַ לוקסוס לעבן, אויף שיקן קינדער שטודירן קיין אויסלאַנד, און פאַר זיי אַליין אויף פאָרן אין די אויסלענדישע קורערטער, אויסער... אויף צאָלן חובות און וועקסלען.

נאָר מילא, אויף איין זאַך מוז מען פאַרציכטן — פלעגן זיי צוגעבן.

## רבי, זאגט דעם אמת'ן אמת:

מיין ווייב קען מאַכן אַ קוגל אָדער נישט?

דער אַלטער סלאָנימער רבי איז געווען אַמאָל שבת אין מוש. אויף צומאָרגנס זונטיק איז אַריין צו אים אַ חסיד, וואָס האָט געבראַכט אַ קוגל צום רבינ'ס טיש, און געזאָגט:

רבי, איך ווייס, אַז מפני דרכי שלום בית צווישן מאַן און ווייב מעג מען זאָגן אַפילו אַ ליגן, אָבער דאָך בעט איך אייך, זאָגט מיר דעם אמת'ן אמת: „מיין ווייב קען מאַכן אַ קוגל אָדער נישט?"

## „עלילת דם"

ביז דער נאַצישער אָקופּאַציע זענען אין באַראַנאָוויטש נישט געווען קיין פּאָגראָמען. די בייזוויליקע גייסטער פון אַנטיסעמיטיזם פלעגן פון צייט צו צייט דאָך פאַרשפּרייטן פאַרשידענע העצעס און קלאַנגען, און פאַר פסח פלעגן זיי אַמאָל זיך אויך דערמאָנען אין דער אַלט־פאַרשימלטער „עלילת דם".

איינמאָל, ערב פסח, איז אַריין אַ גוי אין געשעפט פון אַ באַקאַנטן יידן און געפרעגט אים:

לעבט אין צרות, לעבט אין שרעק.
געבליבן איז קיינער נישט פון זיי,
נאָך דער ליקווידאַציע־שחיטה,
(דעצעמבער ניינצן־פערציק־צוויי)
אין פאַרלויף פון יאָר — די דריטע.
אין אַ שלייער איינגעהילט,
נישט וויסן וועט שוין קיינמאָל קיינער —
וואָס דאָרטן האָט זיך אָפּגעשפּילט,
ווייסט נאָר גאָט, דער איינציק־איינער.
אויף דער שוועל פון פערציק־דריי
— דער עדות ענדיקט ריידן —
באַראַנאָוויטש איז „יודנפריי";
ער טוט זיך מיט אונז שיידן.

באַראַנאָוויטש! זע וואָס־איז פון דיר געוואָרן,
זע וואָס־איז מיט דיר געשען —
האָסט דיין טעם, דיין קרוין פאַרלאָרן,
וועסט זי קיינמאָל שוין נישט זען.
דיין ערד איז איצט מיט בלוט פאַרפלעקט,
מיט יידיש בלוט, מיט לייד און פיין,
אַ גרויל האָט דיך פון אונז פאַרדעקט;
נישטאָ דיין גלאַנץ, אַוועק דער שיין.
די זון איז איבער דיר פאַרגאַנגען,
חשך איז אַרום דורכויס;
מער שוין וועט זי נישט דערשיינען,
מער שוין וועט זי נישט אַרויס.
געקומען איז דער דייטש, דער רויבער,
פאַרניכטעט האָט ער גרויס און קליין,

אַוועקגערויבט פון דיר דיין צויבער,
צעקריפּלט מיט די הענט דיין חן.
ביסט געווען אַ מקום תורה,
פון צדיקים, גאונים און למדנים,
עס דערוועקט א שרעק, א מורא,
ווען מען זעט אַצינד דיין פנים.
האָסט פאַרמאָגט אַ גרויסע קהילה,
מיט פיל פרנסים, פיל גבאים,
יעדן טאָג געזאָגט די תפילה:
„לשנה הבאה בירושלים!"
האָסט אויף אייביק אונז פאַרלאָרן,
דיינע טעכטער, דיינע זין;
אַפילו אויף קברי אבות פאָרן
נישטאָ צו וועמען... נישטאָ וווהין...
ווען מיר דערמאָנען זיך אַצינד:
ווו די יוגנט? ווו די קינדער?
ווי איז מיר, צי בין איך בלינד?! —
אויסגעשאָכטן ווי די רינדער.
באַראַנאָוויטש! זע ווי דו ביסט נאַקעט, אָרעם,
זע וואָס איז פון דיר פאַרבליבן: —
אַ חורבן... אַזוי פיל ברידער־קברים
פון אַ יידישן ישוב — אַזאַ טייערן, אַזאַ ליבן.

אָ, דרעסירטע חיות אין מענטשלעכע געשטאַלטן!
ווידער וואַרט איר אויף קרעמאַטאָריעס און
זייער רויך...—
שוין בעסער זאָל די ערד זיך שפּאַלטן,
און איינשלינגען די מענטשהייט אין איר בויך.

אליעזר לידאווסקי

# ווידערשטאַנד־אָרגאַניזאַציע

...וואָס שייך דער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע אין אונזער שטאָט, בין איך ליידער דער איינציקער דאָ אויפן פּלאַץ, וואָס קען געבן אַ מער־ווייניק גענויען איבערבליק, ווייל פון די 4 מיטגלידער, וועלכע האָבן געהערט צום שטאַב פון דער געהיימער אָרגאַניזאַציע, זענען 2 געפאַלן: — מאמע קאָפּעלאוויטש און ד"ר אבראשע אבראמאָווסקי; דער דריטער, אליאשע זאריצקעוויטש, א יידישער סטודענט פון רוסלאנד, וועלכער איז געקומען קיין באַראַנאָוויטש באזוכן זיין פאַמיליע, זאַריצקעוויטש דעם פישער, איז צופעליק געווען געצוואונגען צו פאַרבלייבן אין אונזער שטאָט און מיטמאַכן דעם ביטערן גורל פון דער נאַצישער אָקופאציע; ער געפינט זיך איצט אין רוסלאנד. עס איז אויך געווען אַ פינפטער, חיים בעקער, — אַ פּליט פון ווארשע, איצט אין ישראל, וועלכער איז אייגנטלעך נישט געווען קיין מיטגליד פון אונזער שטאַב, הגם ער איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן געווער־באַהעלטעניש אין געטאָ.

אויב אין אנדערע שטעט אין פוילין איז דער יידישער ווידערשטאַנד געקומען צום אויסדרוק ערשט אין יאָר 1943, נאָך דעם ווי אַכציק פּראָצענט פון דער יידישער באַפעלקערונג איז שוין געווען אויסגעראָטן, — האָבן מיר, אין די קלענערע שטעטלעך פון ווייסרוסלאַנד, אָפּגעריסן פון יעדן קאָנטאַקט מיט אונזערע ברידער אין לאנד, שוין אין יאָר 1942 געשאַפן א ווידערשטאַנדס־באוועגונג און אָרגאַניזירט קאַמפס־גרופּן. סוף 1942 זענען מיר שוין געווען טעטיק אַלס פאַרטיזאַנער אין די וועלדער, געקעמפט פנים אל פנים מיטן בלוטיקן שונא און גענומען אין אים נקמה.

אויך אין געטאָ זענען געווען אַ סך חברים פון דער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָבן אפילו געפירט נאָטיץ־און טאָג־ביכער. דער ווערטפולער היסטאָרישער מאַטעריאַל איז אָבער אומגעקומען צוזאַמען מיט די קעמפער און נאָטירער.

„האָסט דען נישט קיין קינדער, מוטער?
לאָז אונז פון דייַן גנאָד געניסן,
האָב רחמנות, זיי אַ גוטער.״
דער מערדער לאַכט... און טוט אַ שפּיי —
„וועסט שוין זען, ווי כ׳בין פאַרדאַרבן:
די מוטער מיט איין קינד איז פריי,
דאָס צווייטע קינד מוז זיין אַ קרבן!״
פאַרגליווערט שטייט זי און צעמישט,
באַקוקט די קינדערלעך די ביידע,
טרערן פון די אויגן ווישט:
„ווער זאָל גיין אויף דער עקדה?״
נישטאָ קיין צייט, מען לאָזט נישט וואַרטן,
שנעל, געשווינט, מ׳מוז באַשליסן;
וואָס האָט אַ מאַמע דאָ צו טראַכטן:
זי נעמט אַ קינד אויף איר געוויסן.
יאָ, זי שליסט אויף גיך די אויגן,
כאַפּט אויף אירע הענט אַ קינד,
דאָס צווייטע ווערט אַוועקגעצויגן...
„גאָט! וואָס טו איך — בין איך בלינד?״
זי לאָזט אַראָפּ פון זיך דאָס קינד,
מאַכט ווידער אירע אויגן אויף,
לויפט גיכער, גיכער ווי אַ ווינט,
כאַפּט דאָס צווייטע קינד אַרויף.
דאָס קלייבן־בייטן הערט נישט אויף,
כל זמן ס׳איז נאָך דאָ אַ ברירה,
אַ קינד אַראָפּ, אַ קינד אַרויף —
זי קלייבט, זי בייט, זי האָט נישט מורא.
דער גזלן קוקט אויף איר געזיכט,
וואָס קען קיין עצה זיך נישט געבן,
פאַרגעסט אַ ווײַלע אין זיין פליכט
און לאָזט זיי אַלע דריי ביים לעבן.
דער טויט האָט זיי נישט אויסגעמיטן,
געפאַלן זענען זיי צוזאַמען
שפּעטער, ביים אומגליק שוין דעם דריטן,
די מיידעלעך אינאיינעם מיט דער מאַמען.
ביים טויער, אויף סאַדאָווע גאַס,
שטייען אויטאָס כסדר גרייט,
מען פּאַקט אין זיי ווי אין אַ פאַס
זקנים, פרויען, קינד־און־קייט.
שוואַכע פאַלן, זיי בלייבן ליגן,
שטאַרקע ראַנגלען זיך ווי בערן;
שווער דעם שונא צו באַזיגן —
אַ גיהנום! מ׳קען משוגע ווערן.
און עס רוישן די מאָטאָרן,
ס׳איז אַ וואָך שוין באַלד אַוועק,
און די אויטאָס פאָרן־פאָרן
אָן אַ סוף און אָן אַן עק.
און עס דרייען זיך די רעדער,
דרייען־דרייען זיך געשווינט,
די אויטאָס מיידן גערטנער־סעדער,
לויפן־לויפן ווי אַ ווינט;
און עס שווינדלט פאַר די אויגן:
הייזער... שילדן... פענסטער... טירן...
אַלץ זעט אויס ווי איינגעבויגן
און די אויטאָס פירן־פירן;
דער מוח אַרבעט גיכער־גיכער,
איין געדאַנק דעם צווייטן יאָגט,
פליען, לויפן ווי אַ וויכער...
און דאָס האַרץ, — עס נאָגט, עס נאָגט.
שוין סוכות, די שחיטה אָפּגעשטעלט;
מען זוכט, מען פרעגט: ווו איז „דער״?
ווו איז „יענער״? — און ווער עס פעלט,
זען שוין וועט מען אים נישט מער.
אַ שטיין פאַרצוימט ביי גראַבאָוועץ דעם וועג —
אַ דענקמאָל נאָך זעקס־טויזנט ברידער;
אַוועק אין גרויל פון יענע טעג,
אַוועק... און נישט געקומען ווידער.

די וועלט פאַרגייט דערווייל אין פלאַמען,
דער קריג איז אין זיין פולן ברען —
קיינער ווייסט נישט ווען, פון וואַנען
וועט מען די ישועה זען.
דער ווינטער וועט באַלד ווידער קומען
מיט זיינע קעלטן, הונגער, נויט;
דער דייטש האָט אַלץ שוין צוגענומען,
אין געטאָ שוין נישטאָ קיין ברויט.
גענוג שוין מיט די ציינער קריצן,
גענוג צו גיין דעם טויט אַנטקעגן,
מ׳טאָר נישט מער אין געטאָ זיצן,
מען דאַרף שוין נישט קיין קשיות פרעגן.
גלייך־אויס די גלידער, נישט האָב קיין מורא,
שטאַרק זיך, ווער אַ פּאַרטיזאַן;
וואַרף אַראָפּ די מרה־שחורה, —
איז אַן אנדער וועג פאַראַן?

געקומען איז דער ווינטער ווידער,
די ערד באַדעקט מיט ווייכן שניי;
דער רעשט אין געטאָ מידער, מידער,
יסורים, הונגער אָך־און־וויי.
מען זעט שוין שאָטנס, בלויז סקעלעטן,
אָן אַ האָפענונג, אָן אַ טרייסט.
מען טוט אויף זיך דעם טויט שוין בעטן —
חורבן ווו דו שטייסט און גייסט.
מען טרייבט זיי אויף עבודת פרך,
די יוגנט לויפט אין וואַלד אַוועק;
דער רעשט, צוויי־טויזנט נאָך בערך,

לעבט אין צרות, לעבט אין שרעק.
געבליבן איז קיינער נישט פון זיי,
נאָך דער ליקווידאַציע־שחיטה,
(דעצעמבער נײַנצן־פערציק־צוויי)
אין פאַרלויף פון יאָר — די דריטע.
אין אַ שלייער אײַנגעהילט,
נישט וויסן וועט שוין קיינמאָל קיינער —
וואָס דאָרטן האָט זיך אָפּגעשפּילט,
ווייסט נאָר גאָט, דער איינציק־איינער.
אויף דער שוועל פון פערציק־דריי
— דער עדות ענדיקט ריידן —
באַראַנאָוויטש איז „יודנפריי״;
ער טוט זיך מיט אונז שיידן.

באַראַנאָוויטש! זע וואָס־איז פון דיר געוואָרן,
זע וואָס־איז מיט דיר געשען —
האָסט דיין טעם, דיין קרוין פאַרלאָרן,
וועסט זי קיינמאָל שוין נישט זען.
דיין ערד איז איצט מיט בלוט פאַרפלעקט,
מיט יידיש בלוט, מיט לייד און פיין,
אַ גרויל האָט דיך פון אונז פאַרדעקט;
נישטאָ דיין גלאַנץ, אַוועק דער שיין.
די זון איז איבער דיר פאַרגאַנגען,
חשך איז אַרום דורכויס;
מער שוין וועט זי נישט דערשיינען,
מער שוין וועט זי נישט אַרויס.
געקומען איז דער דייטש, דער רויבער,
פאַרניכטעט האָט ער גרויס און קליין,

אַוועקגערויבט פון דיר דיין צויבער,
צעקריפּלט מיט די הענט דיין חן.
ביסט געווען אַ מקום תורה,
פון צדיקים, גאונים און למדנים,
עס דערוועקט א שרעק, א מורא,
ווען מען זעט אַצינד דיין פנים.
האָסט פאַרמאָגט אַ גרויסע קהילה,
מיט פיל פרנסים, פיל גבאים,
יעדן טאָג געזאָגט די תפילה:
„לשנה הבאה בירושלים!״
האָסט אויף אייביק אונז פאַרלאָרן,
דיינע טעכטער, דיינע זין;
אַפילו אויף קברי אבות פאָרן
נישטאָ צו וועמען... נישטאָ וווהין...
ווען מיר דערמאָנען זיך אַצינד:
ווו די יוגנט? ווו די קינדער?
וויי איז מיר, צי בין איך בלינד?!—
אויסגעשאָכטן ווי די רינדער.
באַראַנאָוויטש! זע ווי דו ביסט נאַקעט, אָרעם,
זע וואָס איז פון דיר פאַרבליבן: —
אַ חורבן... אַזוי פיל ברידער־קברים
פון אַ יידישן ישוב — אַזאַ טייערן, אַזאַ ליבן.

אָ, דרעסירטע חיות אין מענטשלעכע געשטאַלטן!
ווידער וואַרט איר אויף קרעמאַטאָריעס און
זייער רויך...—
שוין בעסער זאָל די ערד זיך שפּאַלטן,
און איינשלינגען די מענטשהייט אין איר בויך.

## אליעזר לידאווסקי

# ווידערשטאַנד־אָרגאַניזאַציע

...וואָס שייך ד׳ער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע אין אונזער שטאָט, בין איך ליידער דער איינציקער דאָ אויפן פּלאַץ, וואָס קען געבן אַ מער־ווייניק גענויען איבערבליק, ווייל פון די 4 מיטגלידער, וועלכע האָבן געהערט צום שטאַב פון דער געהיימער אָרגאַניזאַציע, זענען 2 געפאַלן: — מאמע קאַפּעלאוויטש און ד״ר אבראשע אבראמאָווסקי; דער דריטער, אליאשע זאריצקעוויטש, א יידישער סטודענט פון רוסלאנד, וועלכער איז געקומען קיין באַראַנאָוויטש באזוכן זיין פאַמיליע, זאַריצקעוויטש דעם פישער, איז צופעליק געווען געצוווּנגען צו פאַרבלייבן אין אונזער שטאָט און מיטמאַכן דעם ביטערן גורל פון דער נאַצישער אָקופּאַציע; ער געפינט זיך איצט אין רוסלאנד. עס איז אויך געווען אַ פינפטער, חיים בעקער, — אַ פּליט פון ווארשע, איצט אין ישראל, וועלכער איז אייגנטלעך נישט געווען קיין מיטגליד פון אונזער שטאַב, הגם ער איז געווען פאַראַנט־וואָרטלעך פאַרן געוווער־באַהעלטעניש אין געטאָ.

אויב אין אנדערע שטעט אין פוילין איז דער יידישער ווידערשטאַנד געקומען צום אויסדרוק ערשט אין יאָר 1943, נאָך דעם ווי אַכציק פּראָצענט פון דער יידישער באַפעלקערונג איז שוין געווען אויסגעראָטן, — האָבן מיר, אין די קלענערע שטעטלעך פון ווייסרוסלאַנד, אָפּגעריסן פון יעדן קאָנטאַקט מיט אונזערע ברידער אין לאנד, שוין אין יאָר 1942 געשאַפן א ווידערשטאַנדס־באוועגונג און אָרגאַניזירט קאַמפס־גרופּן. סוף 1942 זענען מיר שוין געווען טעטיק אַלס פאַרטיזאַנער אין די וועלדער, געקעמפט פנים אל פנים מיטן בלוטיקן שונא און גענומען אין אים נקמה.

אויך אין געטאָ זענען געווען אַ סך חברים פון דער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָבן אפילו געפירט נאָטיץ־און טאָג־ביכער. דער ווערטפולער היסטאָרישער מאַטעריאַל איז אָבער אומגעקומען צוזאַמען מיט די קעמפער און נאָטירער.

ס׳בלייבט דעריבער נאָר צו באַנוצן זיך מיטן זכרון, וואָס איז נישט שטענדיק אינגאַנצן טריי.

### אונטער דער נאַצישער אקופּאַציע

האַלב טויט, האַלב לעבעדיק בין איך אָנגעקומען קיין באַראַנאָוויטש נאָך דעם ווי איך בין אַנטלאָפן פון אַ נאַצישן קאָנצענטראַציע־לאַגער אין מינסק, אין וועלכן איך בין מגולגל געוואָרן. די יידן זענען געווען דערשלאָגן. אַ סך האָבן געלעבט מיט דער אילוזיע, אַז מען וועט אפשר בלייבן לעבן.

צום מזל זענען די ערשטע מיטגלידער פון „יודנראַט" געווען מענטשן מיט אַ ריינעם געוויסן און אָפּפערווילקייט. כדאי צו דערמאָנען די הערלעכע געשטאַלט פון יהושע איזיקזאָן. אין געטאָ האָט ער זיך אַרויסגעוויזן אין זיין גאַנצער גייסטיקער גרויסקייט, שטענדיק געדינט אַלס לעבעדיקער מוסטער פון אידעאַליזם.

ווען איך בין צוריקגעקומען קיין באַראַנאָוויטש, מיד און אויסגעשעפּט פון אַזאַ לאַנגן מהלך, איז צו מיר געקומען איזיקזאָן און געזאָגט, אַז די געסטאַפּאָ פאָדערט צוויי שלאָסערס, אויב נישט וועלן זיין קרבנות. ער האָט מיך און נאָך איינעם געבעטן מיר זאָלן אים נישט אָנטזאָגן, און כדי אונז צו דערמוטיקן איז ער אויך מיטגעגאַנגען און געכאַפּט די ערשטע קלעפּ.

סוף 1942 איז געשאַפן געוואָרן דאָס אָפיציעלע געטאָ פון באַראַנאָוויטש, אין דעם פיר־עק: האָוורא—פּאָניאַטאָווסקי—גראַפּסקע—ווילענסקע.

דער שוואַרצער פינסטערער סוף איז געשטאַנען פאַר די אויגן, און דאָך האָבן יידן נישט געוואָלט גלויבן. די פליטים, וועלכע האָבן זיך אַריינגעגנבעט אין געטאָ באַראַנאָוויטש נאָך די שחיטות אין די ארומיקע שטעטלעך ווי לעכעוויטש, האָראָדישטש, האַנצעוויטש, סטאַלאָוויטש א. א., האָבן דערציילט דעם גאַנצן אמת וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט, דאָך האָט מען זיך געטרייסט: ווער ווייסט, אפשר וועט עס ביי אונז נישט געשען, — פאָרט איז באַראַנאָוויטש אַ צענטער פון אַרבעטס־קרעפטן. עס האָבן אָבער אויך נישט געפעלט שוואַרצזעער, ווי בעלאָסקורניק און ד״ר סאָפּטשיק (פון בריסק). נאָך איזיקזאָנס טויט האָבן זיי עפנטלעך מיטגעאַרבעט אין „יודנראַט" מיט די נאַציס.

אויך צווישן דער אינטעליגענץ זענען געווען פּעסימיסטן ווי ד״ר נאַכומאָוויסקי, ד״ר בוסעל א. אנד., וועלכע, דערצויגן אין גייסט פון גלויבן אין מענטש און ציוויליזאַציע, זענען איצט דערגאַנגען צום פאַרצווייפלטן געדאַנק, אַז די וועלט גייט אונטער, דאָס יידישע פאָלק ווערט אויסגעראָטן, — און ממילא איז נישטאָ וואָס צו טאָן.

די אָפּטימיסטן זענען געווען פאָלקס־מענטשן, יידן פון גלויבן און בטחון. איינער פון זיי איז געווען מיין ברודער הירש׳ל, וועלכער האָט געאַרבעט אַלס פאַכמאַן אין די וואַרשטאַטן פון דער לופט־באַזע אין באַראַנאָוויטש, און יעדן טאָג קומענדיק פון דער אַרבעט האָט ער מיט זיך מיטגעבראַכט עפעס אַ טרייסט־וואָרט, אַ גוטע האָפנונג, אַ שטיקל אויסזיכט; און דוקא ער איז געווען פון די ערשטע קרבנות.

אין כאַאָס פון אַזעלכע שטימונגען איז יעדער געדאַנק וועגן אַ קאַמפערישער ווידערשטאַנדס־אָרגאַניזאַציע אָפּגעשטויסן געוואָרן. ערשט נאָך דער ערשטער שחיטה, דעם 4־טן מערץ 1942, איז רייף געוואָרן דער באָדן פאַרן ווידערשטאַנד־געדאַנק.

### די ערשטע שחיטה און די אנטשטייונג פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע

ערב פּורים תש״ב (3־טן מערץ 1942), האָט די נאַצי־מאַכט אָנגעהויבן פונאַנדערטיילן די יידישע באַפעלקערונג אויף „נוצלעכע" און „אומנוצלעכע". די ערשטע, וועלכע זענען באַשטאַנען פון מענטשן פעאיקע אויף צוואַנגס־אַרבעט, האָבן באַקומען לעבנס־שיינען פאַר זיי און זייערע פאַמיליעס, צוזאַמען ארום 6000 נפשות. די אַנדערע: עלטערע לייט, פרויען אלמנות, און קינדער יתומים — בערך 3000 יידן,— זענען געווען פאַראורטיילט צום טויט.

די שיינען זענען פאַרטיילט געוואָרן די לעצטע נאַכט פאַר דער שחיטה. דאָס געטאָ איז צעטיילט געוואָרן אויף 2 טיילן: אין איין טייל האָבן געזאָלט בלייבן די „אומנוצלעכע" און אין דעם צווייטן, — אין די גאַסן האָווראַ, סאַדאָוואַ און די מיט זיי זיך גרענעצנדיקע ווילענסקע, — די אַזוי גערופענע „גליקלעכע". אַ גאַנצע נאַכט זענען מענטשן אַרומגעלאָפן פאַרצווייפלטע, זיך געשטופּט און געדרענגט נאָך די לעבנס־שיינען, און אריבער מיט זייערע משפחות אין דעם כלומרשט זיכערן טייל פון געטאָ.

אַרום 5 פאַרטאָג האָט זיך אָפּגעשטעלט די שיינען־פאַרטיילונג און די וואַנדערונג, און — עס האָט זיך אָנגעהויבן דער מרחץ דמים...

ביז 10 אינדערפרי זענען אומגעקומען בערך 1400 יידן. און ווען צו דער באַשטימטער שעה האָבן נאָך אויסגעפעלט 1600 קרבנות צו דער קוואָטע פון 3000, האָבן די רוצחים צונויפגעטריבן אַלע יידן מיט לעבנס־שיינען אויף ראָג סאַדאָווע—סאָסנאָווע (לעבן דער מוניציפּאַלער באָד), און די געסטאַפּאָ־לייט האָבן לויט זייער איינזען באַשטימט וועמען צום טויט און וועמען צום לעבן. באַזונדערס זענען פאַראורטיילט געוואָרן עלטערן פון גרעסערע משפחות.

שושן־פּורים נאָך מיטאָג, גענוי צו דער באַשטימטער שעה, האָט זיך די שחיטה אָפּגעשטעלט. דער געסטאַפּאָ־קאָמיסאַר שלעגעל האָט באַפוילן אַלע יידן זיך צונויפצוזאַמלען ביים הויז פון „יודנראַט" אויף סאַדאָווע גאַס און האָט פאַר זיי פאַרגלייענט, אַז די שחיטה איז געענדיקט און זיי ווערן גערופן אומצוקערן זיך צום נאָרמאַלן לעבן.

ס׳זענען דאַן פאַרהאַלטן געוואָרן און אָפּגעפירט צום טויט־פעלד די פירער פון געטאָ: יהושע איזיקזאָן און זיין סעקרעטאַרין פרוי מען. מצד די דייטשן איז עס געווען אַ

וואָרנונג, אַז אַזעלכע נאַציאָנאַלע יידן מיט געוויסן און
כאַראַקטער זענען נישט געוווּנטשן פאַר זיי אין „יודנראַט".
פאַר אונז איז עס געווען אַ צייכן, אַז די פריערדיקע תקופה
און אירע אַרבעטס־מעטאָדן זענען טויט. דאָך האָט דער נייער
יודנראַט פון דעם גאָרנישט געלערנט.

דאַן איז ביי מיר רייף געוואָרן דער באַשלוס צו גרינדן
אַ קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע.

דער פּלאַן איז געווען געבויט אויפן פּערזענלעכן קאָנ־
טאַקט מיט מענטשן, וואָס האָבן געהאַט אַן אידעאַליסטישע דער־
ציונג, פאַרמירט אין קלענערע גרופּן. יעדע גרופּע האָט גע־
ציילט 5 פּערזאָן און איין פאַראַנטוואָרטלעכן; 4 גרופּן (20
מאַן) האָבן געשאַפן אַן אָפּטייל, און איבער די 4 גרופּן
איז געווען אַ קאָמאַנדיר. אין דער שפּיץ פון 5 אָפּטיילן (100
מאַן) איז געשטאַנען אַ שטאַבס־קאָמאַנדיר. די טעטיקייט
איז געווען שטרענג קאָנספּיראַטיוו. ביים גרינדן די גרופּן
האָב איך זיך פאַרבונדן מיט די חברים ד"ר אַבראַמאָוויסקי,
וואַרשאַווסקי (קאָמענדאַנט פון דער יידישער פּאָליציי), אַש־
מיאַן, ראַטקעוויטש, הויזנבלאַזן, מאָרדוכאָוויטש, בוסעל, גור־
וויטשעס איידעם (פון די הויי), חיים בוסעל און יצחק איצ־
קאָוויטש.

אונזער ערשטע געהיימע באַגעגעניש איז פאָרגעקומען
דעם 17 אָדער 18 מערץ, צוויי וואָכן נאָך דער שחיטה, אין
דער געביידע פון דער יידישער געטאָ־פּאָליציי אויף סאָ־
דאָווע (הויז קעסלער). פון די 22 יידישע פּאָליציי־לייט
פון געטאָ זענען 15 דאַן געווען אָרגאַניזירט ביי אונז. מיט
דער הילף פון פּאָליציי־קאָמענדאַנט וואַרשאַווסקי האָט מען
די אויבנדערמאָנטע פּערזאָנען כלומרשט אַרעסטירט איינ־
מיטן דער נאַכט, — אַ נאַטירלעכע דערשיינונג אין יענע
טעג. די איבעריקע 7 פּאָליציאַנטן זענען געשיקט געוואָרן
אין דינסט, ערגעץ ווייטער אויפן שטח פון געטאָ. אין יענער
נאַכט איז דערקלערט געוואָרן אויסנאַם־צושטאַנד, און דאָס
אַרויסגיין פון די הייזער איז געווען שטרענג פאַרבאָטן.
די יידישע פּאָליציי איז געווען אין שכנות פון דער געסטאַפּאָ
(אויף יענער זייט שטאַכל־דראָט). 2 חברים פון דער געטאָ־
פּאָליציי זענען געשטעלט געוואָרן אויף דער וואַך (שנייד־
לעדער — איצט אין ישראל, — און מאָרדוכאָוויטש ע"ה).

די באַראַטונג איז געווען אַ קורצע. איך האָב געמאָלדן
דעם אַרבעטס־פּלאַן, וואָס איז באַשטאַנען פון 3 טיילן: דער־
גענצן דאָס אָרגאַניזירן פון די פינפטלעך, שאַפן געווער און
געלט־מיטלען אויף געווער. דאַן איז דערקלערט געוואָרן
דער פייערלעכער שבועה־אַקט. יעדער מיטגליד האָט גע־
שווירן צו זיין קאָנספּיראַטיוו, טריי, און גרייט אויסצו־
פירן אַלע באַפעלן פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. די שבועה
איז געגעבן געוואָרן פון אַלע אַנוועזנדע מיטן אויסנאַם פון
איינעם (מ. ג.), וועלכער האָט זיך צוריקגעצויגן אין לעצטן
מאָמענט, דערקלערנדיק אַז ער גלויבט נישט אין קיין שום
אויסזיכט פון אַ ווידערשטאַנד, אויך קען ער נישט מפקיר
זיין זיין פאַמיליע. דער נוסח פון דער שבועה איז געווען:

„איך שווער ביי אונזערע נאָר וואָס געפאַלענע און
מיינע לעבנגעבליבענע, אַז איך וועל נעמען נקמה
אין די פאַשיסטישע מערדער, וועל דינען טריי די
צילן פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע און אויספירן
בלינד אירע באַפעלן. אויב איך וועל פאַרראַטן, —
זאָל די שטראָפנדיקע האַנט מיך אורטיילן".

נאָך דער שבועה זענען די חברים אָפּגעפירט געוואָרן
צו זייערע הייזער אונטער דער פּאָליציי־באַגלייטונג. באַלד
נאָכדעם האָט זיך די פּאַקטישע אַרבעט אָנגעהויבן געהיים
אין אַ ברייטן מאַסשטאַב. אין פאַרלויף פון אַפּריל—מאַי האָבן
מיר געציילט 120 מיטגלידער.

אין יענער צייט האָב איך זיך געווענדעט צום ח' מאַמע
קאַפּעלאָוויטש און באַקומען אַן אויסמיידנדיקן ענטפער. זיין
האַלטונג האָט ביי מיר אַרויסגערופן אַ פאַרדאַכט, אַז ער
איז אויך באַשעפטיקט מיטן זעלבן ענין. אויך זענען צו מיר
דערגאַנגען קלאַנגען, אַז אליאָשע זאַריצקעוויטש אָרגאַני־
זירט אַ גרופּע פון צווישן די יידן אויף צוואַנגס־אַרבעט
אין די פאַרשידענע געסטאַפּאָ־פאָרמאַציעס. פאַר מיר איז
געווען קלאָר, אַז די באַזונדערע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציעס וועלן
קאָמפּליצירן די לאַגע און קענען פאַראורזאַכן אַן אומגליק.
מיין ערשטע אויפגאַבע איז געווען צו פאַראייניקן פאַר יעדן
פּרייז די אויבנדערמאָנטע 3 גרופּן.

לויט מיינע אינפאָרמאַציעס האָט מאַמעס גרופּע גע־
ציילט 24 יוגנטלעכע מיטגלידער (20 בחורים און 4 מיידלעך)
און אליאָשעס גרופּע איז באַשטאַנען פון 40 מאַן. איך האָב
זיך אַ צווייטן מאָל געטראָפן מיט מאַמע קאַפּעלאָוויטש,
און ווידער האָט ער מיר עקשנות'דיק איגנאָרירט און גע־
לייקנט שטיין און ביין. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן,
אַז ער האָט נישט געגלויבט אין עלטערע און נאָר זיך גע־
שטיצט אויף יוגנט. איך האָב אים דאַן געגעבן אַן אולטי־
מאַטום, אַז אויב זיי וועלן אין פאַרלויף פון 3 טעג נישט
איינשטימען צו פאַראייניקן זיך, וועט זיין אָרגאַניזאַציע ווערן
אויפגעלייזט און איר געווער קאָנפיסקירט (מיר האָבן געהאַט
גענויע אינפאָרמאַציעס). ער האָט זיך נאָך באַמיט קעגנ־
שטעלן, נאָר אויף צומאָרגנס, נאָך אַ באַראַטונג מיט זיינע
חברים, האָט ער באַשלאָסן די פאַראייניקונג צו אַקצעפּטירן.
לייכטער איז עס געווען מיט אליאָשע זאַריצקעוויטש.
נאָכן אויפקלערן אים די לאַגע איז ער צו אונז צוגעשטאַנען.

די פאַראייניקטע אָרגאַניזאַציע האָט געציילט קרוב 200
מיטגלידער, דערונטער 15 פרויען. ס'איז אָרגאַניזירט גע־
וואָרן אַ שטאַב פון 4 חברים: ד"ר אַבראַמאָווסקי, קאַפּעלאָ־
וויטש, זאַריצקעוויטש און דער שרייבער פון די שורות.

די אויפגאַבן זענען פאַרטיילט געוואָרן אויף פאָלגנדיקן
אופן: איך בין געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער אָרגאַ־
ניזיר־אַרבעט, — קאָנטאַקט מיט די מיטגלידער און קאָאָר־
דינאַציע צווישן חברים, גרופּן און אָפּטיילן; ד"ר אַבראַ־
מאָווסקי, — פאַר אַלע אַרבעטן אינערהאַלב דעם געטאָ (מיר

האָבן געאַרבעט אינדרויסן); מאמע קאָפּעלאָוויטשעס אויפגאַבע איז געווען צו שאַפן געווער, און אַליאָשע איז געווען באַאויפטראַגט צו זאָרגן פאַר געלט־פאָנדן.

אויף דער ערשטער זיצונג איז באַשטימט געוואָרן חיים בעקער (איצט אין ישראל) אַלס פאַכמאַן, צו זאָרגן פאַרן גוטן אויפהאַלט פון געווער אין שטרענג קאָנספּיראַטיווע באַדינגונגען. אונזער זיך־פּלאַץ איז געווען אויף אָרלע, אין דער וווינונג פון ח. לאַקסין.

## שטימונגען און רעאַקציעס אין געטאָ

ביים אָרגאַניזירן די קאַמפס־אָרגאַניזאַציע בין איך געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט פאַרשידענע מענטשן, וועגן וועלכע איך האָב נישט געהאַט דעם מינדסטן צווייפל אין זייער גוטן ווילן און פאַרטרויליעכקייט.

איך האָב זיך אָפט געטראָפן מיט אבא זאקין, דאַן לייטער פון דער אָפּטיילונג פאַר סאָציאַלער הילף אין יודנראַט. זיין שטעלונג איז געווען, אַז אַ גרופּע פון 200 יידן האָבן נישט דאָס מאָראַלישע רעכט צו זוכן אליין אַן אויסוועג און מיט דעם שטעלן אין געפאַר די איבעריקע זיבן טויזנט יידן אין געטאָ. איינע פון זיינע באַדינגונגען איז געווען: אויב די קאַמפס־אָרגאַניזאַציע וועט באַווייזן אין טאָג פון אויפשטאַנד אַרויסצוראַטעווען פון געטאָ אַ טויזנט, צוויי טויזנט יידן און זיי איבערפירן אין וואַלד, — דאַן איז אפשר איר עקזיסטענץ באַרעכטיקט; אַנדערש דערלויבט אים נישט זיין געוויסן צו נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל אין אַזאַ אָרגאַניזאַציע. פונדעסטוועגן איז ער געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט אונז און געשאַפן געלט פארן קאַמפּס־פאָנד. ער איז אויסגעשטאַנען אַלע נסיונות און געבליבן קריסטאַל־ריין ביזן לעצטן מאָמענט. מיט זיינע לעצטע כוחות האָט ער געזאָרגט אַז יידן אין געטאָ, אָן אויסנאַם, (אַלטע, קראנקע און שוואַכע) זאָלן נישט אויסגיין פון הונגער. ער איז געפאַלן אין דער לעצטער שחיטה אויף זיין פאָסטן.

אַן אַנדער טיפּ איז געווען יוסף לעמאַן (פון דעם אַרבעטס־אָפּטייל ביים יודנראַט) און אַנדערש זיין שטעלונג. אליין רעליגיעז דערצויגן האָט ער געהאַלטן אַז דער איינציקער פאַר אונז געבליבענער אויסוועג איז „קידוש השם”. אונזער קאַמף איז האָפּנונגסלאָז און מען דאַרף זיך צוגרייטן צו אַ בכבודיקן טויט דורך אַ מאַסן־זעלבסטמאָרד.

אַן ענלעכע שטעלונג האָט געהאַט ד״ר נאָכומאָווסקי. איייניקע האָבן געוווּסט צו דערציילן, אַז ער איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד צוזאַמען מיט זיין פרוי אין דער ערשטער שחיטה. ריכטיקער איז, אַז ער האָט זיך אנטזאָגט צו נעמען אַ לעבנס־שיין, וועלכן ער וואָלט זיכער באַקומען.

אַ געזונטערע שטעלונג צו דעם ענין האָט געהאַט דער יונגער סלאָנימער רבי. ער האָט שוין ארויסגעוויזן אינטערעס אין דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, געשטאַנען מיט אונז אין באַרירונג דורך אבא זאקין, און פון אים אויך געווען אינפאָרמירט וועגן גאַנג פון דער אַרבעט.

אַן אידעאַליסט איז געווען אויך דער יונגער ד״ר בוסעל. ער איז געווען אַן אויסדרוק פון דער יאוש־שטימונג, וואָס האָט באַהערשט די יידישע אינטעליגענץ. מיט דורשט האָבן זיי געשלונגען די דערציילונגען וועגן דער טעטיקייט פון פאַרטיזאַנער אין די וועלדער, וואָס איר אָפּקלאַנג האָט שוין דאַן אָנגעהויבן צו דערגרייכן אין די געטאָס, — און דאָך געבליבן פאַרשטיינערט פון פאַרצווייפלונג. זיי פלעגן אונז ווינטשן, אַז נאָר איין גאָט זאָל אונז העלפן... ד״ר בוסעל אַליין איז זייער טראַגיש אומגעקומען; אַלס אויגן דאָקטאָר האָבן אים די נאַצי־מערדער אויסגעשטאָכן זיינע אויגן פאַרן טויט.

אַ מוסטער פון פּחדנות איז געווען ה׳ סאָוואָטשיצקי (דער בירניק). אין אַ געוויסן טאָג האָט ער עפּעס דערשמעקט פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע און חושד געווען אַז איך האָב אַ שייכות צום ענין; האָט ער מיך איינגעלאַדן צו אַן אויספאָרשונג־געשפּרעך און געבעטן און געוואָרנט, מען זאָל אָפּשטעלן יעדע טעטיקייט, למען השם, ווייל קוים וועלן זיך די נאַציס פון דעם עפּעס דערוויסן, — איז דער גאַנצער געטאָ פאַרלוירן. אין דער זעלבער צייט איז זיין פרוי — די „וויצאָ”־פאָרזיצערן, — געווען אליין טעטיק אין דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, און געשטאַנען אין שפּיץ פון אַ פרויען־אָפּטיילונג.

## טעטיקייט און פּלענער פון דער קאַמפס-ארגאניזאציע

דער מענטשן־עלעמענט פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע איז באַשטאַנען פון דריי טיילן: יוגנטלעכע, אין עלטער פון 16 ביז 25—30 יאָר, אַ 60—70 פּראָצענט פון די אָרגאַניזאַציע מיטגלידער. דערוואַקסענע, וועלכע האָבן שוין פאַרלוירן זייערע פאַמיליעס אין דער ערשטער שחיטה; אַ קלייינער פּראָצענט (5%, בערך) איז באַשטאַנען פון אזעלכע, וואָס זייערע משפּחות זענען נאָך געווען ביים לעבן. 40 פּראָצענט פון די מיטגלידער זענען געווען פּליטים פון ארומיקע שטעטלעך. די מערהייט — פאָלקס־מענטשן; דאקעגן איז די דיפּלאָמירטע אינטעליגענץ געווען זייער שוואַך פאַרטרעטן.

## סאַבאָטאַזש

אויסער די פריער דערמאָנטע אויפגאַבן פון די שטאַבס־מיטגלידער, איז באַלד געשטאַנען די פראַגע: אין וואָס זאָל זיך אייגנטלעך אויסדריקן אונזער אַקטיווע טעטיקייט קעגן די נאַציס? עס איז אָנגעצייכנט געוואָרן אַן אַרבעטס־פּלאַן, וואָס איז באַשטאַנען פון דריי טיילן: סאַבאָטאַזש, צוגרייטונגען צו אַן עפנטלעכן אויפשטאַנד און קאָנטאַקט מיט דער דאַן אַנטשטאַנענער פאַרטיזאַנישער באַוועגונג אין די נאָענטע וועלדער.

די סאַבאָטאַזש־אַרבעט האָט געמוזט זיין שטרענג דיסקרעט. די מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע זענען געווען פאַרטרעטן אין אַלע גרופּן, וואָס האָבן געאַרבעט אינדרויסן,

אויסערן געטאָ. די אַרבעטס־גרופּן זענען געווען פאַרטיילט אין צוויי אָפּטיילונגען: איינפאַכע און פאַכמענישע. אין דער ערשטער, איז די סאַבאָטאַזש־טעטיקייט געווען באַגרענעצט. יידן האָבן זיך מיט מער השק געמאָלדן אַלס פאַכמענער — מען האָט געהאַלטן אַז דאָס איז זיכערער פאַרן לעבן, — און אַרום יעדן אמתן פאַכמאַן האָבן זיך געדרייט עטלעכע פיקטיווע. אַזוי, צום ביישפּיל, האָבן אויף דער „לופטבאַזע״ געאַרבעט ביי אַ־340 יידן אַלס פאַכמענער, דערונטער בערך 30—40 אמתע בעלי מלאכות.

צום מזל איז די אויפזיכט ביי דער אַרבעט אין די וואַרשטאַטן געווען אין די הענט פון עלטערע דייטשן — ציווילע פאַכמענער, — די אַזוי גערופענע „טעכנישע נויטהילפע״, און זיי זענען געווען מער פאַראינטערעסירט אין זייערע פּריוואַטע ענינים. די דיסציפּלינאַרע זייט איז זיי ווייניק וואָס אָנגעגאַנגען, און בכלל זענען זיי מייסטנס נישט געווען אויפן אַרבעטס־פּלאַץ.

ס׳זענען אין שטאָט (אויסערן געטאָ) געווען גרעסערע וואַר־שטאַטן פון סטאָלערײַ, שלאָסערײַ שניידערײַ א. אַנד.; די צאָל יידישע פאַכמענער איז דאָרט געווען גרעסער. אַ סך יידן האָבן געאַרבעט אין די סקלאַדן פון געווער, וואָס די נאַציס האָבן דעראָבערט ביי די רוסן. יידן האָבן אויך גע־אַרבעט אין די טאַרטאַקן פון קושניר און יאָסעלעוויטש.

אונזערע חברים אין די גרופּן האָבן באַקומען אַ באַפעל צו סאַבאָטירן די אַרבעט, ווי ווייט מעגלעך. אַזוי, למשל, זענען אין די פאַכמענישע אָפּטיילונגען פון דער „לופטבאַזע״ פאַר עלעקטראָטעכניק, עלעקטראָמעכאַניק, שלאָסערײַ א. א. דורכגעפירט געוואָרן גרינטלעכע אָפט קאָמפּליצירטע סאַ־באָטאַזש־אַקטן, און די אַרבעט האָט געליטן פון שטענדיקע שטערונגען.

איך האָב געאַרבעט אין די וואַרשטאַטן פון קליינבאַן, וואָס האָט פאַרבונדן די „לופטבאַזע״ מיט די קריוואָשינער וועלדער. אין יענער צייט, זומער 1942, האָבן מיר באַקומען די ערשטע גרוסן פון די רוסישע פאַרטיזאַנער, וואָס האָבן אָפּערירט אין די דאָזיקע וועלדער. זיי האָבן אויפגעריסן עטלעכע לאָקאָמאָטיוון פון קליינבאַן און מיר האָבן זיי באַ־קומען צום פאַרריכטן. מיר איז געלונגען צו פאַרשטענדיקן זיך מיט אַ פּוילישן אויפזעער, אַ געוועזענעם קאָמוניסט (איצט לייטער פון דעם זעלבן קליינבאַן אין באַראַנאָוויטש), וועלכער האָט די גאַנצע צייט מיט אונז צוזאַמענגעאַרבעט. פון די 9 לאָקאָמאָטיוון, וואָס האָבן קורסירט צווישן דער לופטבאַזע און קריוואָשין, זענען 7 שטענדיק געשטאַנען אין די וואַרשטאַטן. דאָס זעלבע איז אויך געשען אין אַנדערע אַרבעטס־פּלעצער. עס פלעגן אָפט אויסברעכן שרפות אין די סטאָלערײַ־וואַרשטאַטן, און דווקא אינמיטן נאַכט ווען מיר זענען געווען אין געטאָ.

אינמיטן זומער איז איינמאָל אויפגעריסן געוואָרן איינער פון די גרעסטע געווער־מאַגאַזינען (נישט ווייט פון׳ם גרינעם בריק, ווו עס ליגן די קרבנות פון דער ערשטער שחיטה).

צום אומגליק איז דער אויפרייס געווען אַ פריצייטיקער און דער חשד איז געפאַלן אויף צוויי ברידער, די זין פון דעם קצב שלמה מינקאָוויטש; זיי זענען דורך די נאַציס דערמאָרדעט געוואָרן. אַזעלכע פאַקטן זענען געווען נאָך.

אַ סך האָט דאָ מיטגעהאָלפן דער שוחד, וואָס מיר האָבן געגעבן די דייטשע און אָרטיקע גויישע אויפזעער — און ביידע האָבן אונז געלאָזן צו רו.

## קאַמפּס־פּלענער

אויב לגבי דער סאַבאָטאַזש טעטיקייט האָט אין שטאָב געהערשט אַן איינהייטלעכע מיינונג, האָבן די פראַגן פון אויפשטאַנד און פאַרטיזאַנקע אַרויסגערופן אַ שאַרפע מיי־נונגס־פאַרשידנקייט און דראַמאַטישע ויכוחים.

טייל האָבן געהאַלטן, אַז מען דאַרף זיך אָרגאַניזירן און אַוועקגיין אין די וועלדער, אונטער דער לאָזונג: „זאָל זיך ראַטעווען ווער עס קען!״ און וואָס פריער פאַרלאָזן דעם געטאָ. אַזוי האָבן געהאַלטן מאמע קאַפּעלאָוויטש און אַליאָשע זאַריצקעוויטש. זיי האָבן זיך פאָרגעשטעלט, אַז אונז וועט בשום אופן נישט געלונגען אַרויסצורופן אַן אויפשטאַנד אין געטאָ: — די באַפעלקערונג — האָבן זיי געזאָגט — באַשטייט אַממייסטן פון קלענערע און גרעסערע משפחות, ביים ערשטן טומל וועלן זיי זיך אַלע פאַרשטעקן אין די ספּעציעל צוגעגרייטע בונקערס און מיר וועלן בלייבן אַליין, פאַראורטיילט אויף אַ זיכערן אומקום. נאָר דער וואַלד וועט אונז דערמעגלעכן אַ באַלדיקע נקמה־טעטיקייט אין די נאַציס.

די צווייטע שיטה, וואָס איז געווען פאַרטרעטן דורך מיר (און אין דער ערשטער צייט אויך אונטערשטיצט דורך ד״ר אַבראַמאָווסקי), האָט געפאָדערט צוגרייטן אַן אויפ־שטאַנד נאָך איידער די דייטשן וועלן אָרגאַניזירן אַ צווייטע שחיטה, און מיט דעם דערמעגלעכן נאָך הונדערטער און אפשר טויזנטער יידן צו אַנטלויפן פון דעם געטאָ. אין יענע טעג האָבן נאָך אין געטאָ געלעבט איבער 7 טויזנט יידן און געווער האָבן מיר געהאַט בלויז פאַר 40—50 מאַן. מיין מיינונג איז געווען, אַז אויב מיר וועלן נעמען די איניציאַטיוו אין אונזערע הענט און אויסנוצן דעם איבערראַ־שונגס־מאָמענט, זענען דאָ אויסזיכטן אַרויסצוראַטעווען פון געטאָ עטלעכע טויזנט יידן; דאַקעגן ווען מיר וועלן וואַרטן ביז זיי, די נאַציס, וועלן צוגרייטן זייערע שחיטה פּלענער,— זענען אונזערע שאַנסן נישטיקע.

אַ דריטע שיטה, פאַרטרעטן דורך עטלעכע פאַראַנט־וואָרטלעכע חברים פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, האָט גע־האַלטן, אַז מען דאַרף נישט דערוועקן קיין אויפשטאַנד כל זמן מען איז נישט זיכער אין אַ שחיטה, — מען טאָר נישט „אַרויסרופן דעם בער פון וואַלד״. מען מוז זיך געהעריק צוגרייטן און אָרגאַניזירן דעם אויפשטאַנד אויף אַזאַ אופן, ער זאָל זיין גרייט אויסצוברעכן נישט פריער ווי אין דעם טאָג פון דער שחיטה.

נאָך לאַנגע ויכוחים, איז אָנגענומען געוואָרן דער פּאָרשלאַג: די איניציאַטיוו פון אויפשטאַנד מוז זיין אין אונזערע הענט און נישט וואַרטן אויף דער שחיטה.

## דער אויפשטאַנדס־פּלאַן

מיין אויפשטאַנדס־פּלאַן, מיט אייניקע אויסבעסערונגען פון די שטאַבס־מיטגלידער, איז געווען פאָלגענדער:

די קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע איז איינגעטיילט געוואָרן אין צוויי אָפּטיילונגען: די ערשטע פאַר קאַמפּס־צוועקן און די צווייטע אויף פאַרשידענע קאָמאַנדאָ־אונטערנעמונגען, ווי צינדן, אויפרייסן און פאַרגיפטונגס־אַרבעט.

דער פּלאַן האָט ארומגענומען דעם געטאָ צוזאמען מיט דער גאַנצער שטאָט, וועלכע איז פאַרטיילט געוואָרן אין דריי פונקטן, לויט די אַרבעטס־פּלעצער ווו יידן זענען געווען באַשעפטיקט, און גאַנץ באזונדערס ווו מיר זענען געווען פאַרטרעטן דורך אונזערע חברים. ס'זענען גענוי באַשטימט געוואָרן די שליסל־פונקטן פון דער שטאָט, לופט־באַזע און אַרומיקע מיליטערישע לאַגערן. דער געטאָ האָט באַדאַרפט דינען אַלס סיגנאַל־פונקט צום אויסברוך פון אויפשטאַנד.

אַ טייל פון געווער, וואָס איז געווען אין אונזער באַזיץ, איז ספּעציעל רעזערווירט געוואָרן פאַרן געטאָ און דאָס איבעריקע — פונאַנדערגעטיילט אין פאַרשידענע באהעלטענישן, ווי, צום ביישפּיל, די גראפסקע גאַס און אירע אַרומיקע געסלעך, וואָס זענען געווען באזעצט פון די געסטאַפּאָ־פּאַרמאַציעס און ווו עס זענען געווען באַשעפטיקט בערך 70 יידן, דערונטער אַ גרויסער טייל אָרגאַניזירטע מיטגלידער. אַנדערע פונקטן זענען געווען די לופטבאַזע, דער מיליטערישער לאַגער און די ראַדיאָ־סטאַציע. דאָס לייכטע געווער, ווי רעוואָלווערן, איז געווען באשטימט פאר די קלענערע פונקטן ווו עס האָבן געאַרבעט געציילטע יידן און די וואַך איז געווען אַ שוואַכע.

די צינד־אויפרייס־און פאַרגיפטונגס־אַקציעס האָבן באַדאַרפט דורכגעפירט ווערן אין דער זעלבער צייט אין אַלע פונקטן. אויף די באַשטימטע ערטער זענען געווען צוגעגרייט ברען־מאַטעריאַל, ווי בענזין, נאַפט, דינאַמיט, ווי אויך פאַרשידענע כעמישע שטאָפן צום פאַרגיפטן די נאַצי־קיכן.

אינערהאַלב דעם געטאָ איז באַשטימט געוואָרן אַ באזונדער שטאַב פון די חברים ד"ר אבראמאָווסקי און געטאָ־פּאָליציי־שעף וואַרשאַווסקי. צו זייער דיספּאָזיציע איז געשטאַנען אַ גרופּע פון 30 חברים, וועלכע זענען דורך ד"ר אבראמאָווסקי באַזאָרגט געוואָרן, לויט דער ריי, מיט געהעריקע קראנקהייט־שיינען. זייער אויפגאבע איז געווען צו ריכטן דעם געווער, צוגרייטן די קאַמף־באַזע און פאַרהיטן דעם געטאָ פון אַ פּלוצימדיקן איבערפאַל. וואַרשאַווסקי איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן אויפשטאַנדס־סיגנאַל אין געטאָ. צו דעם צוועק זענען געשטאַנען צו זיין דינסט אַכט חברים פון דער פּאָליציי־מאַנשאַפט. פינף פון זיי האָבן באַדאַרפט איבערפאַלן מיט האַנט־גראַנאַטן די גרענעצדיקע געסטאַפּאָ און די ווייסרוסישע פּאָליציי־סטאַציעס. הלל שניידלעדער (איצט אין ישראל) איז געווען באאויפטראגט אין זעלבן מאָמענט צו אונטערצינדן די געטאָ־פּאָליציי (הויז קעסלין). אויף דעם חבר איטשע איז ארויפגעלייגט געוואָרן די אויפגאַבע צו באַוואַכן דאָס געטאָ־טויער און פאַרניכטן מיט האַנט־גראנאַטן יעדן נאַצי, וואָס וועט פּלוצים דערשיינען פאַרן טויער. אַנדערע חברים האָבן געזאָלט אונטערצינדן דעם געטאָ פון אַלע זייטן. עס זענען אויך צוגעגרייט געוואָרן די נויטיקע מכשירים צו איבעררייסן דעם שטעכל־דראָט.

דאָס אַנטלויפן האָט באַדאַרפט פאָרקומען אין דער ריכטונג צו קאַטליבייס וואַלד, 17 קילאָמעטער פון שטאָט, אין דרום זייט. ספּעציעלע חברים זענען געווען באַשטימט צו דינען אלס וועג־ווייזער פאַר די אַנטלויפנדיקע.

די אויפרייסן און די ברענענדיקע געביידע פון דער געטאָ־פּאָליציי, האָבן געזאָלט דינען אַלס סיגנאַל צום אויפשטאַנד פאַר אַלע חברים אין אַלע פונקטן. יעדער לעבנגעבליבענער חבר האָט באַדאַרפט נאָכן אויספירן זיין קאַמפּס־אויפגאַבע, זיך צושטעלן צו אַ פאַרויס באַשטימטן פונקט אין וואַלד.

פאַרן אויספירן דעם פאַרגיפטונגס־פּלאַן אין די נאַצי־קיכן איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פרוי סאַוואַטשיצקי, און צו איר דינסט זענען געשטאַנען 15 פרויען וועלכע האָבן געאַרבעט אין די נאַצי־קיכן.

דער באַפעל איז געווען, אַז יעדער חבר מוז אויספירן זיין אויפגאַבע פאַר יעדן פרייז און ערשט נאָכדעם אנטלויפן אין וואַלד אריין. פאר יעדער אומבאַגרינדעטער פאַרנאַכלעסיקונג, אָדער ריקצוג, האָט געדראָט טויט־אורטייל. צו דעם ציל איז צונויפגעשטעלט געוואָרן אַ גענויע ליסטע פון די חברים, זייערע פונקטן און אויפגאַבן. עס זענען פאָרגעקומען קאָנספּיראַטיווע גרופּן־פאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע ס'איז אויפגעקלערט געוואָרן דער פּלאַן פון אויפשטאַנד.

נאָך די ערשטע צוגרייטונגען איז באַהאַנדלט געוואָרן די פראַגע פון באַשטימען דעם טאָג פון אויפשטאַנד. די שטימונג ביי די חברים איז געווען אַ געהויבענע.

ענדלעך האָט דער שטאַב באַשטימט דעם טאָג און די שעה פון אויפשטאַנד: דאָנערשטיק דעם 19־טן יולי 1942, 4 אזייגער פאַרנאַכט. דער טערמין איז געמאָלדן געוואָרן די גרופּן־פירער, וועלכע זענען געווען באפולמעכטיקט איבערצוגעבן אים די חברים נישט פריער ווי דעם לעצטן טאָג פארן אויפשטאַנד.

## די פאַרשווערונג

אומגעפער צוויי וואָכן פאַרן באַשטימטן טערמין, איז אויף אַ זיצונג פון שטאַב געשטעלט געוואָרן אויפן טאָג־אָרדנונג דורך די אנדערע דריי שטאַבס־מיטגלידער אַ פאָרשלאַג אָפּצולייגן דעם אויפשטאַנד ביזן לעצטן טאָג פאר דער קומענדיקער שחיטה. זיי האָבן געטענהט, אַז די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן געטאָ דערלויבט זיי נישט צו פּראָקלאַ־

מירן דעם אויפשטאַנד אין דער באַשטימטער צייט. לויט זייער מיינונג שטייט פאָר אַ געפאַר, אַז די מערהייט יידן אין געטאָ וועלן דערשטיקט אָדער פאַרברענט ווערן אין די בונקערס נאָך איידער זיי וועלן באַווייזן ארויסצוגיין אין דרויסן. אויך האָבן זיי געהאַלטן, אַז די צוגרייטונג איז נישט גענוגנד, און מען מוז געווינען מער צייט פאַר דער צוגרייטונגס־אַרבעט. אויסער דעם — האָבן זיי צוגעגעבן — מוז מען אין דער צווישנצייט שאַפן אַן ענגערן קאָנטאַקט מיט דער פאַרטיזאנישער באַוועגונג אין די ארומיקע וועלדער.

הגם איך האָב נישט געגלויבט אין די אויסזיכטן פון זייערע פלענער, האָב איך נישט געוואַגט צו נעמען אויף מיין געוויסן די גאַנצע פאראַנטוואָרטלעכקייט פאר די רעזולטאַטן פון אַ פריצייטיקן אויפשטאַנד.

ווי עס האָט זיך שפּעטער ארויסגעוויזן, איז דער גאַנצער ענין געווען אַן אָפּלעיקונג־מאַנעוור. מאמע קאפעלאוויטש און אַליאָשע זאריצקעוויטש איז געלונגען צו איבערצייגן דעם ד״ר אבראמאָווסקי, אַז דער איינציקער רעאַלער אויסוועג פאַר אונז איז אַרויסצוגנבענען זיך פון געטאָ מיטן געווער און זיין טעטיק אין די וועלדער אַלס אַ פאַרטיזאַנער־גרופּע (דאָס הייסט, זיי האָבן אייגנטלעך אויפגעלעבט זייער ערשטן פּלאַן).

אין יענער צייט פלעג איך טאָג־טעגלעך ביים צוריקקערן פון דער אַרבעט זיין באריכטעט פון וואַרשאַווסקין וועגן די טאָג־געשעענישן אין געטאָ. אין איינעם פון די דאָזיקע שטורמישע טעג האָט ער מיר געמאָלדן, אַז אין אונזער געהיימען געווער־מאַגאַזין, לעבן דעם „בונד״ קלוב אויף אָרלע גאַס, ווו עס זענען דורגעגאנגען די גרויסע צעמענט רערן פון דער שטאָטישער וואסערלייטונג, וואָס האָבן אונז געזאָלט דינען אַלס אויסגאַנג־וועג אין דרויסן (אויסערן געטאָ), פאַרזאַמלען זיך 40 חברים, וועלכע קלייבן זיך פארלאָזן דעם געטאָ אינמיטן נאַכט, צוזאמען מיטן געווער; אין זייער שפּיץ שטייען מאמע קאפעלאוויטש און אליאַשע זאריצקעוויטש. עס איז געווען אַ חשד, אַז ד״ר אבראמאווסקי איז אויך פארמישט אין דעם עסק.

אַלע מיינע באַמיונגען צו טרעפן זיך יענעם אָוונט מיט מאמען און אליאשען זענען נישט געלונגען. עס האָט זיך שפּעטער ארויסגעוויזן, אַז יעדער פון די 40 איינגעלאדענע איז אריינגעפירט געוואָרן אין דעם בונקער לעבן די רערן, און דער וועג צוריק איז פאר זיי געווען פארשלאָסן. אויף דער וואַך איז געשטאַנען מיט געווער א געוויסער מ.ט.

אומזיסט האָט דער אויסגעשולטער מאַשין־געווער מאַן ח׳ שאול וואלאנסקי זיך אָנגעשטרענגט מיט אַלע זיינע כוחות צו איבערצייגן די חברים אין דער אומגערעכטיקייט פון זייער טאַט.

די זאַך איז דערגאַנגען צום „יודנראַט״, און פון מינוט צו מינוט איז די שטימונג אין געטאָ געוואָרן אלס מער געשפּאַנט.

10 אזייגער אין אָוונט איז מיר געלונגען צו טרעפן זיך מיט אַליאָשען. אונזער באַגעגעניש איז געווען זייער אַ טראַגישע. איך האָב אים געגעבן אַ באַפעל תיכף ומיד צו פארלאָזן דעם בונקער און באַטאָנט, אז איך זע אין דעם אַ פאַרראט אין געטאָ און אַ מעסער אין רוקן פון דער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע. אויך האָב איך אים געוואָרנט, אז 120 חברים פון דער אָרגאַניזאַציע, באוואָפנט מיט רעוואָלווערן און גראנאַטן, האָבן ארומגערינגלט דאָס הויז און דעם גאַנצן געטאָ און אויב זיי ציען זיך נישט צוריק, עפענען מיר א פייער אויף דער נאצי־פּאָליציי. אין דעם פאַל איז זייער אַנטלויפן אוממעגלעך. מיר אַלע וועלן זיין אין פייער.

אַליאָשע האָט זיך פערזענלעך צוריקגעצויגן און אַריין אין בונקער צו איבערצייגן די חברים, זיי זאָלן אויפגעבן זייער פּלאַן. די אַטמאָספער ווערט וואָס ווייטער אַלץ מער און מער עלעקטריזירט. זיין ערשטער פאַרזוך איז נישט געלונגען.

אין דער זעלבער צייט האָבן די מיטגלידער פון יודנראַט, די טרויעריק־באַקאַנטע בעלאסקורניק און סאפּטשיץ, ארויסגעשיקט אַ גרופּע פּאָליצ־לייט, אונטער דער אָנפירונג פון א געוויסן פּרץ (געוועזענער דראזשקאזש, שפּעטער דערשאָסן אין וואלד), מיט אַ פאראָרדנונג צו ארעסטירן מיך און אַליאָשן און ברענגען אונז אין יודנראַט. בעלאָסקורניק אליין האָט זיך געווענדעט צו אונז מיט שאַרפע וואָרנונגען, געזאָגט אז אַלץ איז אים באַקאַנט און געשטעלט אַן אולטימאַטום, אַז אויב מיר וועלן נישט פאַרניכטן אונזער געווער און נישט אויפלעזן די קאַמפס־אָרגאַניזאַציע, וועט ער אונז איבערגעבן דער געסטאַפּאָ. איך האָב געבעטן 10 מינוט צייט אויף צו באַראַטן זיך מיט אַליאָשען. אין יענעם מאָמענט בין איך געווען צווישן צוויי פייערן: פון איין זייט די צעבונטעוועטע 40 חברים און פון דער אנדערער — דער „יודנראַט״. אַליאָשע האָט אין יענער רגע דערפילט די גאנצע פאראַנטוואָרטלעכקייט פון דער געשאַפענער לאַגע און צוזאמען מיט מיר בליץ־שנעל רעאגירט: ערשטנס, וואָרנען בעלאָסקורניקן און סאפּטשיצן און צווייטנס, אַרויסנעמען גלייך די חברים פון בונקער.

ווען מיר האָבן זיך צוריקגעקערט אין צימער האָבן זיי געפרעגט: נו? וואָס איז דער ענטפער? דער ענטפער איז געווען קורץ און איינדייטיק. לויט מיר האָבן צווישן זיך אָפּגעמאַכט, האָט אַליאָשע ארויסגעצויגן אַ רעוואָלווער און איך האָב קאַטעגאָריש געמאָלדן, אַז פון איצט און ווייטער אַנערקענען מיר נישט דעם יודנראַט אַלס פאַראַנטוואָרטלעכע אינסטאַנץ פאַרן לעבן פון די יידן אין געטאָ, און יעדער פּרווו פון מסירה קעגן אונז וועט פאַראורטיילט ווערן מיט טויט־שטראָף. בעלאָסקורניק און סאפּטשיץ זענען געוואָרן טויט־בלאַס — און געבליבן שטיין ווי פאַראַליזירטע.

באַלד נאָכן אַרוסגיין פון „יודנראַט״ איז אַליאָשע אַוועק צום צווייטן מאָל באַפעלן די חברים זיי זאָלן פאַרלאָזן דעם

בונקער. אין יענער מינוט האָב איך זיך צופעליק אָנגעשטויסן אויף אַבראַמאָווסקין; ער איז געווען אינגאַנצן צעטראָגן. „וואָס איז מיט דיר?" — האָב איך געפרעגט.

— „ראַטעווע זיך ווער עס קען!!" — האָט ער געענטפערט אין רוסיש, און דערביי אָנגעשטעלט אַ רעוואָלווער קעגן מיר. איך האָב אים קאַלט געוואָרנט: „צו שפּעט, דער ענין איז ליקווידירט. ער האָט זיך באַרוהיקט.

ווען אַליאָשע איז אַריין אין בונקער אויפצופאָדערן די חברים זיי זאָלן אַרויס, האָב איך פּלוצלינג דערהערט אַ הילכיקן שאָס פון אַ קרוטשיצע (אַ ביקס מיט אַ אויפגעשניטענער לופע). אַ שוידער איז מיר אַדורך איבערן קערפּער... „אַ קרבן איז געפאַלן פון אַ ברודער־מאָרד" — האָב איך געטראַכט. צום גליק האָט די קויל אים נישט געטראָפן אין דער פינסטער, און דער ענין האָט זיך דערמיט געענדיקט, — אַלע האָבן דעם בונקער פאַרלאָזן.

דערביי איז צו באַמערקן, אַז די 40 צעבונטעוועטע חברים זענען אַממייסטן געווען יוגנטלעכע, פּליטים פון דער אומגעגנט, וואָס זענען נישט געווען פאַרבונדן מיט דער שטאָט.

צו אונזער מזל איז דער שאַרפער, ליידנשאַפטלעכער קריזיס שנעל פאַרביי און די אַטמאָספער איז געוואָרן אויסגעלייטערט. אונזער ווייטערדיקע אַרבעט איז געווען האַרמאָניש, אָן שטערונגען.

צו יענער צייט זענען מיר שוין געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט די רוסישע פּאַרטיזאַנער אין די אַרומיקע וועלדער, און זיי האָבן געפאָדערט יונגע מענטשן מיט געווער. דער וואַלד האָט דאַן געהאַט זיינע אכזריותדיקע געזעצן. מענטשן אָן געווער אָדער נישט קאַמפּספּעאיקע האָט געדראָט טויט אין פאַל פון אַנטלויפן אין די וועלדער.

די פאַרשווערונג איז צוגעגרייט געוואָרן אונטערן איינפלוס פון די אינפאָרמאַציעס, וואָס מיר האָבן באַקומען וועגן די פּאַרטיזאַנער. פון איין זייט האָט געלאָקט דער וואַלד מיט זיין פרייהייט און נקמה־מעגלעכקייט, פון דער אנדערער זייט — די פאַרשקלאַפונג און דאָס פיינלעכע וואַרטן אויפן טויט אין געטאָ. דער נסיון איז געווען גרויס...

מיט צופרידנהייט און שטאָלץ קענען מיר פאַרצייכענען, אַז ס'איז צווישן אונז נישט געווען קיין פּראָוואָקאַטאָר אָדער פאַררעטער, און דער ענין איז גבעליבן אַ סוד כלפי חוץ.

## ווייטערדיקע טעטיקייט פון דער קאַמפּס-אָרגאַניזאַציע

איך האָב פאָרגעלייגט אַ רעאָרגאַניזאַציע אין דער פאַרטיילונג פון די כוחות און געווער אין געטאָ גופא, מיטן ציל אויסצומיידן ענלעכע פאַרשווערונגס־אַקטן. דער פּלאַן איז מיט אייניקע אויסבעסערונגען אַקצעפּטירט געוואָרן.

די רעאָרגאַניזאַציע איז פאָרגעקומען אויף פאָלגנדיקן אופן. דער געטאָ איז צעטיילט געוואָרן אויף קוואַרטאַלן, און איבער יעדן קוואַרטאַל איז באַשטימט געוואָרן אַ קאָמאַנדיר. די קאָמאַנדירן זענען געווען: מאָניק מושינסקי, משה הימלפאַרב, חיים אָשמיאַן, שלמה רעוו, מאָניק דאָבקאָווסקי און חיים אָסאָווסקי.

אין יעדן קוואַרטאַל איז באַשטימט געוואָרן אַ ספּעציעל באַהעלטעניש פאַרן געווער אונטערן אויפזיכט פון אַ פאַראַנטוואָרטלעכן חבר. די פאַראַנטוואָרטלעכע זענען געווען: חיים סטאָלאָוויצקי (איצט אין ישראל), זיגלבוים (זון פון באַקאַנטן פירער פון „בונד", וועלכער איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד אין לאָנדאָן), זשאַמע שוועץ און די פריער דערמאָנטע חברים איטשע און שאול. אַלס אַלגעמיינער אויפזעער און פאַראַנטוואָרטלעכער פאַרן גאַנצן געווער איז געבליבן חיים בעקער.

די צענטראַליזאַציע האָט אויך געהאַט אַלס ציל צו זיכערן באַלדיקע זעלבסטשוץ אין געטאָ אין נויטפאַל.

נאָכן צוגרייטן די פּאַסיקע באַהעלטענישן, איז דאָס געווער איבערגעפירט געוואָרן אין די באַשטימטע פאַרשטעקפּונקטן.

די אַרבעט איז ווידער אַרויף אויף איר נאָרמאַלן גאַנג.

### געווער

אַלס וואָפן־קוועלע האָט אונז געדינט דאָס דעראָבערטע רוסישע געווער, וואָס איז געווען איבעראַל פאַרשפּרייט און די קריגסרויב־מאַגאַזינען, מיליטערישע באַזעס און געסטאַפּאָ־פאָרמאַציעס, ווו אונזערע חברים האָבן געאַרבעט. (מאַשינען־געווער, ביקסן, גראַנאַטן און קוילן). די דייטשן זענען אויך געווען זיכער, אַז קיינער וועט נישט וואַגן איינשטעלן דאָס לעבן און האַלטן געווער.

אין און ארום די מיליטער־באַזעס האָבן זיך געוואַלגערט ביקסן מיט צעבראָכענע האָלץ־טיילן, וואָס די רוסן האָבן איבערגעלאָזן ביים אַנטלויפן. דאַקעגן, איז דאָס דערווערבן פון אַ רעוואָלווער געווען לגמרי נישט פון די לייכטע זאַכן; מען האָט געמוזט טייער באַצאָלן פאַר אַזאַ סחורה, און דאָס קויפן פון אַזאַ אַרטיקל ביי דער קריסטלעכער באַפעלקערונג איז געווען פאַרבונדן מיט לעבנסגעפאַר. יעדער חבר איז געווען פאַראָרדנט ארויסצושלעפּן ווי ווייט מעגלעך יעדן וואָפן, וואָס לאָזט זיך נאָר ערגעץ פאַרשטעקן אָדער באַגראָבן, און מעלדן וועגן דעם אין שטאַב.

דאַן איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ פּלאַן, ווי אַזוי אַריינצוברענגען דאָס געווער אין געטאָ.

די ערשטע צייט האָבן מיר זיך דער עיקר געשטיצט אויף „קרוטשיצעס", דאָס הייסט, — ביקסן מיט אָפּגעשניטענע לופעס. די חברים פלעגן די ביקסן פונאַנדערנעמען, אַוועקוואַרפן די האָלץ־טיילן און איבערזעגן די לופעס. די דאָזיקע „אָפּעראַציע" איז אויסגעפירט געוואָרן אפילו אין דער קעגנוואַרט פון די נאַצי־אויפזעער, — מען האָט כלומרשט געדאַרפט האָבן אַזעלכע רערן צו דער אַרבעט. די צעגלידערטע טיילן פלעגט מען אויף פאַרשידענע אופנים איינציקווייז אַריבערטראָגן אין געטאָ. דאָס זעלבע איז געשען אין די געווער־מאַגאַזינען פון קריגסרויב.

דאָס שווערסטע פּראָבלעם איז געווען, ווי אזוי שמוגלט מען אריין דאָס געווער אין געטאָ? — די אַרבעט איז אָרגאַניזירט געוואָרן אויף אַ קאָלעקטיוון אופן. ביים צוריקקערן פון דער אַרבעט איז יעדער פון אונז ביים געטאָ־טויער דורכגעזיפּט געוואָרן. מען האָט געזוכט בעיקר שפּייז־פּראָדוקטן. די הונגער־פּאַרציע פאַר די יידן אין געטאָ איז באַשטאַנען פון 120 גראַם ערזאַץ־ברויט און עטלעכע גראַם גרויפּן פאר אַ פּערזאָן. אויף די אַרבעטס־פּלעצער האָבן מיר באַקומען אויסער דעם אויך אַ וואַסערדיקע זופּ פון גרינס־אָפּפאַל. די כוונה איז געווען, — אויסצוהונגערן דעם געטאָ ביזן טויט. עס פאַרשטייט זיך, אַז יעדער איינער האָט נישט געשפּאָרט מי און אָנשטרענגונג אויף פאַרשאַפן עפּעס עסן פאר זיך און פאַר זיין משפּחה. פאַרן אַרויסגיין צו דער אַרבעט פלעגט מען אויף זיך אָנטון די לעצטע זאַכן, וואָס מען האָט נאָך פאַרמאָגט, כדי עס אויסצובייטן „אינדרויסן" אויף עסנוואַרג. דער הויפּטקאַמף פון געסטאַפּאָ און דער ווייסרוסישער פאַשיסטישער פּאָליציי איז טאַקע געווען געווענדעט קעגן דעם אַריינברענגען פון אַזעלכע פּראָדוקטן אין געטאָ, און ווי איז געווען דעם, ביי וועמען מען האָט געפאַקט אַ שטיקל פּוטער אָדער אַ ברויטל; נישט ווייניק יידן האָבן פאַר אַזאַ „פאַרברעכן" באַצאָלט מיט זייער לעבן.

טראָץ דעם האָט געבליט אין געטאָ דער שוואַרצער האַנדל מיט שפּייז־אַרטיקלען, וואָס מען האָט אויף די פאַרשידנסטע וועגן באַוויזן אַריינצורענגען פון „דרויסן". ביי די דאָזיקע טראַנזאַקציעס איז די בעסטע מטבע געווען גאָלד, זילבער און צירונג.

די „אונטערגרונט"־טעטיקייט פון יודנראַט און פון דער געטאָ־פּאָליציי איז באַשטאַנען אין אַריינצוקריגן וואָס מער עסנוואַרג אין געטאָ. די יידישע פּאָליציי, וואָס איז געווען אין אָפיציעלער דינסטלעכער באַרירונג מיט דער געסטאַפּאָ און אירע ווייסרוסישע מיטהעלפער, האָט אויסגענוצט די ליידנשאַפטלעכע גייציקייט פון די נאַציס צו ווערן רייך אויפן חשבון פון אונזער חורבן, און פון צייט צו צייט אונטערגעקויפט די וואַך ביים טויער, זי זאָל „קוקן צווישן די פינגער" ביי דער אונטערזוכונג און נישט שטערן דעם שמוגל פון עסנוואַרג.

מיר, ווידער, האָבן זיך שטענדיק באַמיט נישט דורכצולאָזן אַזעלכע געלעגנהייטן פאַר אונזער געווער־שמוגל. אויך האָט דאָ אַ סך מיטגעהאָלפן די באַוועגונגס־פרייהייט פון די געטאָ־פּאָליציסטן אין „דרויסן". די פּאָליציי־חברים פלעגן אונז יעדן טאָג מעלדן וועגן די אונטערזוכונגס־אויסזיכטן ביים געטאָ־טויער, און לויט אַ באַשטימטן פּאַראָל האָבן מיר געוווסט ווען די לאַגע איז געווען פאַר אונז גינסטיק. די חברים אויף די אַרבעטס־פּלעצער פלעגן דאַן אַרויסנעמען די געווער־טיילן און די פאַרשטעקטע גראַנאַטן, און ארומבאנדאַזשירן עס ארום זייער קערפּער; קוילן פלעגט מען באַהאַלטן אין די שיך און אין די שטיוול. ביים אַריינגיין אין געטאָ פלעגן שוין אויף זיי וואַרטן די פּאָליציי־חברים און זיי באַגלייטן אויף א באַשטימטן אָרט. פון דאַנען איז דער מאַטעריאַל איבערגעוויזן געוואָרן אין אַ געהיימען וואַרשטאַט, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ גרויסן בונקער 10 מעטער לאַנג און צוויי מעטער אונטערן באָדן. דאָ האָט מען די האַלב־טיילן צוגעפּאַסט, רעפּאַרירט, צוזאַמענגעשטעלט, און דאָס געווער אויסגעפּרוווט. אויך זענען דאָ פאָרגעקומען איבונגען אין שיסן, צילן א. א. וו..

פאַר דעם וואַרשטאַט זענען געווען פאַראַנטוואָרטלעך די חברים: חיים בעקער, חיים סטאָלאָוויצקי, אברהם לידאָווסקי און זשאַמע שוועץ — אַלע געוועזענע וואַפן־פאַכמענער אין דער פּוילישער אַרמיי. די קאָנספּיראַציע איז געווען אָנגעטרויט דעם חבר אַרליק.

אַ צווייטער וועג פון אַריינשמוגלען גאַנצע ביקסן אין געטאָ איז אויסגעפונען געוואָרן אַ ביסל שפּעטער. פון צייט צו צייט פלעגט מען באַקומען אַ דערלויבעניש אַריינצופירן אַ ביסל ברענהאָלץ אין געטאָ. אין וואָגן פלעגן זיין אַ 10—12 קורץ־געזעגענע צוויי מעטערדיקע קלעצער. מיר פלעגן עפענען אַ קלאָץ אין דער לענג, אויסבויערן אין מיטן אַ פּלאַץ פאַר אַ ביקס, צונויפקלעפּן ביידע טיילן אַזוי קונציק, אַז מען האָט גאָרנישט געקענט דערקאָנען, און דער מיוחסדיקער אוצר פלעגט ווערן אויסגעמישט צווישן די אַנדערע „אומשולדיקע" קלעצער. אויף דעם אופן איז אַריינגעבראַכט געוואָרן אַ סך געווער אין געטאָ. די גאַנצע אַרבעט איז געווען זייער א ריזיקאַלישע און האָט געפאָדערט פאַכמענישקייט.

אַן אַנדערער וועג צו שמוגלען געווער איז געווען דורכן סאַניטאַר־וואָגן, וואָס האָט אַרויסגעפירט דעם אָפּפאַל פון געטאָ. צוריקפאָרנדיק פלעגט מען אין דעם ליידיקן פאַס אַריינלייגן אַ ביסל געווער, צוגעדעקט מיט אָפּפאַל־רעשטן.

יעדעס מאָל, ווען עס איז אונז געלונגען אַריינבאַקומען געווער אין געטאָ, איז פאר די חברים געווען ממש אַ יום־טוב.

צווישן די פרויען האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט אין דער מלאכה די חבר'טע חילקע באַרישאַנסקי (איצט אין ישראל). זי פלעגט אָפט באַנדאַזשירן גראַנאַטן און אויפרייס־מאַטעריאַל ארום איר קערפּער.

## דער ערשטער דורכפאַל

פאַר דער גאַנצער צייט פון אָרגאַניזירטן געווער־שמוגל איז נישט געשען קיין שום דורכפאַל. יעדער חבר האָט געהאַט אַ נאַטירלעכע אַמביציע צו באַזיצן אַ פּערזענלעכן וואַפן. די מערהייט רעוואָלווערן אין געטאָ איז געווען אין פּריוואַטן באַזיץ פון חברים.

מיר האָבן עס פאַרווערט, וויסנדיק אַז יעדער נישט־געהעריק־אָרגאַניזירטער שמוגל קען אונז אַלעמען אומברענגען. דער איינציקער דורכפאַל — פאַראורזאַכט דורך מאָניק מושינסקי, — איז טאַקע געשען אויפן באָדן פון „פּריוואַטער איניציאַטיוו".

מאַניק מושינסקי איז געווען פאַקטישער לייטער פון דער עלעקטראָטעכנישער אָפּטיילונג אין דער לופטבאַזע און אַ דאַנק זיין הויכן אַמט. האָט ער געגאָסן פון פאַרשידענע פּריווילעגיעס. זייענדיק אַ גוטער חבר פון דער אָרגאַניזאַציע, האָט ער געהאַלטן, אַז פאַר דער „זאַך" איז געוווּנטשן, ער זאָל באַזיצן אַ פּערזענלעכע ביקס מיט קוילן. ער איז אויך געווען דער האַלץ־אַריינפירער אין געטאָ און אַזוי אַרום איז אים איינמאָל געלונגען אריינצושמוגלען אַ פּריוואַטע ביקס אָן אונזער וויסן. נאָכדעם האָט ער געפּלאַנט אַריינצוברענגען אויך קוילן צו זיין ביקס, אויף אייגענער האַנט. נישט זייענדיק אינפאָרמירט האָט ער דוקא אויסגעקליבן אַ טאָג פון אַ שטרענגער אונטערזוכונג. אויסנוצנדיק די געלעגנהייט וואָס ער האָט אין יענעם טאָג געאַרבעט אַליין, האָט ער די קוילן געפּרוּווט אריינברענגען צוזאַמען מיט אַ פּאָר קילאָ פּוטער אין אַ ברויט־טאַש. עטלעכע הונדערט מעטער פון געטאָ־טויער האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין אונזערע רייען. די חברים, וויסנדיק פון דער געפאַר אַז ס'וועט פאָרקומען אַן אונטערזוכונג, זענען דעם טאָג געגאַנגען „ליידיק" און רוהיק. כדי נישט ארויסצורופן קיין חשד האָט ער אפילו נישט געפרעגט, ווי איז די לאַגע?

צו זיין גרויסער איבעראַשונג האָט ער נישט ווייט פון טויער באמערקט די שטרענגע אונטערזוכונג און, נישט קלערנדיק קיין סך, גלייך אויפגעהאַנגען די טאַש אויף דער האַלאַבלע פון שפּענער־וואָגן, געשפּאַנט צו אַ פערד און געפירט פון א ייִנגל. ער אליין איז אריין אין געטאָ און זיך אָפּגעשטעלט אין אַ זייט, כדי צו אָבסערווירן פון דערווייטנס דעם קריטישן מאָמענט פון דער רעוויזיע.

נישט שפּירנדיק קיין געפאַר האָבן זיך די חברים באַלד צעשפּרייט איבערן געטאָ. איך האָט נאָך נישט דערוויזן צו דערגיין אהיים, ווי ס'איז פּלוצלינג אנטשטאַנען אַ גרויסע בהלה. אַלע האָבן אנגעהויבן לויפן און פאַרשטעקן זיך אין די בונקערס, און איידער איך האָב זיך אָריענטירט וואָס עס איז אזוינס געשען אין געטאָ, האָבן זיך דערטראָגן צו מיינע אויערן פּאַנישע קולות: „מען האָט געפונען געווער ביים טויער!" ווי איך האָב זיך באַלד דערוווּסט האָט די ווייסרוסישע פּאָליציי געפּאַקט די טאַש מיט איר אינהאַלט, און ווילד אויסגעשריען אין דער ריכטונג צו דער געסטאַפּאָ אין זייער צעבראָכענעם דייטש: „יידן! קוילן!"... זייערע געשרייען האָבן ווי אַ דונער אָפּגעהילכט אין גאַנצן געטאָ און אָנגעוואָרפן אַ מורא און אַ פּאַניק אויף די יידן.

דער ייִנגל איז געווען טויט דערשראָקן, און אונטער אַ האַגל פון קלעפּ האָט מען פון אים אַרויסבאַקומען, אַז אייגנטימער פון דער טאַש איז מאַניק מושינסקי.

די געשעענישן האָבן זיך אַנטוויקלט בליץ־שנעל. מאַניק איז גלייך געלאָפן צו מיר, זיך מודה געווען אין זיין טאַט און געפרעגט וואָס ער זאָל טאָן. איך האָב אים געראָטן קודם כל זיך פאַרשטעקן אין אונזער באהעלטעניש. אָבער ס'איז שוין געווען צו שפּעט; איידער ער האָט באוויזן עפּעס צו טאָן, איז ער באמערקט געוואָרן פון די יידן אין געטאָ.

אין דער זעלבער צייט האָט סאָלאָמאָן איזראַעל (דער טרויעריק־באַקאַנטער פאַרמיטלער צווישן געסטאַפּאָ און „יודנראַט") פאַראָרדנט די יידישע פּאָליציי אַרעסטירן מאַניקן און ברענגען אים אין געטאָ־פּאָליציי. אויך האָט ער גערופן אַלע יידן, זיי זאָלן אים זיין בייהילפיק אין זייער אייגענעם אינטערעס. פון דער גאַנצער געטאָ־פּאָליציי האָבן בלויז צוויי פּאָליציסטן זיך געשטעלט צו זיין דינסט.

אין יענעם טראַגישן מאָמענט האָב איך זיך געטראָפן מיט איזראַעלן. מיט אַ ציניש שמייכל אויף זיין פּנים האָט ער מיר אָנטקעגנגערופן: „נו, וואָס וועט איר אויף דעם זאָגן? איצט איז געקומען אייער סוף!"

„דיין שאַדנפרייד איז פריצייטיק!" — האָב איך אים גלייך געענטפערט, — „מיר גיבן דיר אַ קורצע צייט אויף צו דערליידיקן דעם ענין ביי דער געטאָ־געסטאַפּאָ אויפן חשבון פון דעם גאָלד־און צירונג־פאָנד, וואָס געפינט זיך אין באַזיץ פון יודנראַט פאַר אַ נויטפאַל; אויב נישט... וועלן מיר זיין געצוווּנגען צו עפענען אַ פייער, און דו וועסט זיין דער ערשטער קרבן" — האָב איך צוגעגעבן.

זיין שאַדנפרייד איז באַלד פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ביטערן געיאָמער, און ער איז גלייך געלאָפן אין געסטאַפּאָ צו פאַרטושן דעם גאַנצן ענין.

מאַניק איז דערווייל אַנטלאָפן... און פאַר מיינע אויגן שטייט נאָך עד היום דאָס שוידערלעכע בילד, ווי אַ וואַנזיניקע מאַסע יידן לויפט אים נאָך מיט ווילדע געשרייען...

אונזער עקזיסטענץ אלס באַוואָפנטע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָט פון איין זייט דערוועקט אין געטאָ געפילן פון רעספּעקט, מוט און האָפנונג, אָבער פון דער אַנדערער זייט אויך נישט ווייניק שרעק און צווייפל. איצט איז די פאַרשטעקטע שרעק ארויס אויף דער פריי. די מענטשן האָבן זיך אינסטינקטיוו געוואָלט ראַטעווען פאַר יעדן פּרייז און אויף יעדנס רעכנונג.

דערקענענדיק זיין פאַרצווייפלטע לאַגע האָט מאַניק באַשלאָסן צו באַגיין זעלבסטמאָרד, און לויפנדיק אריינגעשפּרונגען אין אַ טיפן ברונעם אויף אָרלע גאַס. דער גורל האָט אָבער געוואָלט, אַז ער זאָל בלייבן לעבן; די געטאָ־פּאָליציסטן האָבן אים אַרויסגעצויגן אַ לעבעדיקן, און ווי צו אַ שוואַרצער חופה האָבן זיי געפירט דעם קרבן דורך דער צעטומלטער מאַסע יידן אין דער געטאָ־פּאָליציי.

אין יענער גורלדיקער שעה בין איך געשטאַנען אונטערן קרייץ־פייער פון די חברים, וועלכע האָבן געטענהט, אַז איצט איז שוין אַלץ פאַרלוירן, מען וועט מאַניקן אַזוי לאַנג פּייניקן ביז ער וועט אַלץ ארויסגעבן, — מיר מוזן עפּעס טאָן, מיר מוזן באַלד דעצידירן: עפענען א פייער, דאָס הייסט, אָנהויבן אַ קאַמף... אָדער — אַנטלויפן גלייך פון געטאָ. איך האָב אָנגעשטרענגט אַלע מיינע כוחות, כדי צו איבערצייגן די חברים, אַז יעדע אַקציע און יעדער נישט־באַרעכנטער שריט מיינט זעלבסטמאָרד.

מאַניק איז פאַרהאַלטן און איינגעזעצט געוואָרן אין געטאָ־תפיסה, און ארום דעם בנין זענען געזעסן אַלע מיט־גלידער פון יידנראַט, וועלכע זענען מיט זייערע קעפּ געווען פאַראַנטוואָרטלעך אין פאַל פון זיין אַנטלויפן.

אויף אַ זיצונג פון אונזער שטאַב, ביינאַכט, אויף וועל־כער עס איז באַטראַכט געוואָרן די לאַגע, אויף אַלע אירע אויסזיכטן און געפאַרן, איז באַשלאָסן געוואָרן נישט אַנצו־נעמען קיין שום שריט אַזוי־לאַנג ווי די לאַגע וועט זיך נישט אויפקלערן. עס איז בלויז דערקלערט געוואָרן גרייט־קייט־צושטאַנד.

מיר האָבן געוווּסט, אַז דער הויפּט־געסטאַפּאָ־קאָמענדאַנט שלעגעל, קומט יעדן טאָג אַכט אינדערפרי אָפּצונעמען זיינע קרבנות. אין צוזאַמענהאַנג דערמיט האָבן מיר געפונען פאַר נויטיק צו טרעפן זיך מיט מאַניקן, נאָך איידער דער רוצח וועט באַווייזן צו דערשיינען אין געטאָ, כדי צו אָבסערווירן זיין שטימונג און באַנעמונג און אים איבערגעבן אונזערע באַשלוסן און פאָראָרדנונגען, ווי אַזוי ער זאָל זיך האַלטן ביי דער אויספאָרשונג. אויך האָבן מיר באַשלאָסן צו פאָדערן פון אים, אַז אין פאַל ווען שלעגעל וועט אים נעמען מיט זיך, זאָל ער... באַגיין זעלבסטמאָרד דורך פאַרגיפטונג, אָבער נישט אין געטאָ...

דאָס באַגעגעניש מיט מאַניקן האָט אין זיך געטראָגן די געפאַר צו זיין מיטגעצויגן אַלס פאַרדעכטיקער. די שטימונג איז געווען אַ געדריקטע, — ווערמען זאָל מען אויס־קלייבן אויף אַזאַ געפערלעכע שליחות? די שווערע אויפגאַבע איז ארויפגעלייגט געוואָרן אויף דעם עלטערן חבר — אויף מיר.

זעקס אזייגער פאַרטאָג בין איך, כלומרשט, אַרעסטירט געוואָרן דורך דער געטאָ־פּאָליציי, און אריינגעפירט געוואָרן אין מאַניקס צעלע. זיין האַלטונג איז געווען אַ העראָאישע. איידער איך האָב באַוויזן צו עפענען מיין מויל האָט ער שוין געזאָגט: „איך ווייס דעם ציל פון דיין קומען... גיב איבער די חברים אַז אויב מען וועט מיר אפילו לעבעדי־קערהייט צעשניידן גלידערווייז, וועט די געסטאַפּאָ פון מיר גאָרנישט אַרויסבאַקומען".

איך האָב דאַן באַהערשט מיין אינערלעכע שפּאַנונג און איבערגעגעבן אים דעם אכזריותדיקן באַשלוס פון אונזער שטאַב: „...מיר האָבן צו דיר פולן צוטרוי, אָבער — דו מוזט באַגיין זעלבסטמאָרד, אין פאַל ווען מען וועט דיך אַרויסנעמען פון געטאָ" — האָב איך געזאָגט צו אים — „דאָס פלעשל גיפט וועסטו באַקומען אין דער לעצטער מינוט פון וואַרשאַוּוסקין".

קאַלט און רואיק האָט ער באַרעכטיקט אונזער באַשלוס און פאַרזיכערט, אַז ער וועט דעם באַפעל אויספילן. ער האָט געלאָזט גריסן זיין פרוי און שוועסטער, און מיר האָבן זיך צעקושט.

אין דער צווישנצייט האָבן דאָס גאָלד און צירונג, וואָס איזראַעל האָט פאַרגעלייגט דעם אָרטיקן געסטאַפּאָ־קאָמענ־דאַנט, אָנגעהויבן ביסלעכווייז צו ווירקן. מען האָט אים אויפגעקלערט, אַז אין דער ענגשאַפט פון געטאָ האָבן זיך פאַרפלאָדזשעט אַ סך וואַנצן, און מאַניק האָט בלויז געצילט נאָכצומאַכן דעם ביישפּיל פון די דייטשע זעלנער, וואָס באַנוצן זיך מיט רוסישן קוילן־פּולווער אויף אויסצוברענען די וואַנצן.

דער געדאַנק, אַז יידן זאָלן וואַגן צו קלערן וועגן אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד אין אַזעלכע באַדינגונגען — האָט אויסגעזען פאַנטאַסטיש און אומגלויבלעך אין די אויגן פון געסטאַפּאָ קאָמענדאַנט; ער איז געווען גענייגט צו זען אין דעם גאַנצן ענין גיכער אַ קאַפּריז פון אַ יחיד, איידער אַ קאָנספּיראַטיווע אַקציע פון אַ ציבור. ער איז געשטאַנען פאַר דער ברירה אויסצוקלייבן אָדער אַ מאַסן בלוט־באָד, אָדער דאָס גאָלד און צירונג, וואָס דער צופאַל האָט אים אָנגע־באָטן. ער האָט אויסגעקליבן דאָס צווייטע.

אויף זיין באַמערקונג, אַז 70 קוילן זענען אַ ביסל צופיל פאַר די וואַנצן פון אַן ענגער געטאָ־צעלע, האָט מען אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז מאַניק האָט געהאַט אין זינען אויך זיינע חברים׳ס וואַנצן. ליתר בטחון זענען 50 קוילן בכלל נעלם געוואָרן אונטער די הענט פון געסטאַפּאָ־קאָמענדאַנט אַליין, די איבעריקע 20 קוילן זענען באַאַרבעט געוואָרן אַזוי, אַז פון זיי זענען פאַרבליבן נאָר די גילזן און דאָס פּולווער.

דער געדאַנק וועגן פּולווער און זיין באַנוצונג געגן וואַנצן איז אַנטשטאַנען אין דער געטאָ־פּאָליציי, און איז גלייך איבערגעגעבן געוואָרן מאַניקן צום באַנוץ בעת דער אויספאָרשונג.

ס׳איז געשען אַ נס. דער געטאָ איז געראַטעוועט גע־וואָרן פון אַ שחיטה, און מאַניק האָט דערפאַר באַצאָלט מיט הונדערט שמיץ אין צוויי ראַטעס, אין קעגנוואַרט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג אין געטאָ.

## ערב דער צווייטער שחיטה

אונזער געווער־באַזיץ ערב דער צווייטער שחיטה איז געווען: 70 ביקסן, 2 מאַשינען־געווער, 15 טויזנט קוילן, 500 גראַנאַטן און אַ פּאָר קעסטלעך דינאַמיט. עס זענען אויך געווען 40 רעוואָלווערן, מערסטנס אין פּריוואַטן באַ־זיץ פון די חברים. אַ טייל פון דעם געווער איז געווען פאַרשטעקט אין פאַרשידענע פלעצער אויסערן געטאָ.

אונזער אויפמערקזאַמקייט איז דאַן געווען געווענדעט אויף צוגרייטן די חברים צום אויפשטאַנד, אין מאָמענט ווען ער וועט זיך ארויסווייזן פאַר נויטיק, ווי אויך צו קאָנ־צענטרירן וואָס מער געווער. אויפן גרונט פון אייגענער דערפאַרונג און לויט די אינפאָרמאַציעס וואָס מיר האָבן באַקומען פון די רוסישע פּאַרטיזאַנער, האָבן מיר געוווּסט, אַז דער בעסטער לעבנסשיין פאַר אַ יידן איז דאָס ביסל געווער, וואָס ער ברענגט מיט זיך אין וואַלד אַריין, אין פאַל ווען עס געלינגט אים צו אַנטלויפן.

די ביטערע צייט און די אומדירעקטע השפעה פון אונזער קיום אלס קאַמפס־אָרגאַניזאַציע, האָבן איבערצייגט אַ סך יידן אין געטאָ, אַז זיצן מיט פאַרלייגטע הענט און וואַרטן אויף נסים איז קיין אויסוועג נישט, — מען מוז עפעס טאָן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ זוכעניש אויף אייגענע הענט נאָך פאַרשידענע וועגן, וואָס האָבן געזאָלט פירן צו זייער זעלבסטרעטונג, ווי דערגרייכן אַ פערזענלעכן רעוואָלווער, שאַפן פאַרבינדונגען מיט באַקאַנטע גויים און צוגרייטן אַ מקום מקלט. עס זענען אויך אָרגאַניזירט געוואָרן גרופן צום אַנטלויפן אין וואַלד אין פאַל פון אַ שחיטה. אומדירעקט איז די קאַמפס־אָרגאַניזאַציע געווען אַ פסיכאָלאָגיש־דערציערישער פאַקטאָר און וועגווייזער פאַר די יעניקע יידן אין געטאָ, וועלכע זענען געווען פיזיש פעאיק צו ראַטעווען זיך אין אַן עת צרה. די לאַגע פון עלטערע יידן, פרויען און קינדער, קראַנקע און שוואַכע, — איז געווען האָפנונגסלאָז. אין זייער מיואשדיקן מצב האָבן די דאָזיקע מענטשן געזען אין יעדן אַקטיוון אויסדרוק פון לעבנסווילן און אין יעדער דערשיינונג פון זעלבסטשוץ — אַ געפאַר פאַר זייער צווייפלהאַפטער עקזיסטענץ.

אין יענער צייט זענען צו אונז דערגאַנגען טאָג־טעגלעך גרויל־ידיעות וועגן ליקווידאַציע־שחיטות אין אַלע אַרומיקע יידישע ישובים. נאָך אזא אויסראָטונג איז דער ישוב באַצייכנט געוואָרן אַלס „יודן־ריין". דאָך האָבן זיך געפונען נישט ווייניק יידן, וואָס האָבן זיך אָנגעהאַלטן אין יעדן פאַרברענטן שטרוי: ווער ווייס, אפשר וועלן זיי אונז דורכלאָזן!? — באַראַנאָוויטש איז דאָך פאָרט אַ גרויסער אַרבעטס־צענטער און איינע פון די וויכטיקסטע מיליטערישע באַזעס.

אין די לעצטע מאָנאַטן פון 1942, האָבן אייניקע לעבנגעבליבענע יידן פון די שכנותדיקע ישובים געפונען זייער וועג צו די פאַרטיזאַנער און געקעמפט אין זייערע רייען קעגן דעם געמיינזאמען שונא. ערשט איצט האָבן זיך די נאַציס אָנגעשטויסן אין א נייעם טיפ ייד, וואָס האָט העראָיש געקעמפט און נקמה גענומען.

אַ געוויסן טאָג, אין אויגוסט 1942, האָבן מיר זיך דערוווסט פון די עלטערע ציווילע דייטשע אויפזעער, אַז עס קומט פאָר אַ לויה פון 12 נאַציס, וואָס זענען געפאַלן אין אַ יאַגד אויף פאַרטיזאַנער אין די וועלדער צווישן באַראַנאָוויטש און סלאָנים. לויט זייער דערציילן איז די מערהייט פון דער דאָזיקער גרופע פאַרטיזאַנער געווען יידן, וואָס האָבן זיי באַשאָסן פון הינטער די בוימער. צווישן די געפאַלענע נאַציס איז געווען דער הויפטמאַן גרינפעלד, וועלכער איז אמאָל אינדערפרי אריינגעפאָרן אין געטאָ צוזאַמען מיט אַ פרוי און — סתם אזוי פון פאַרוויילונגסוועגן דערשאָסן עטלעכע יידן.

די נאַציס האָבן אָנגעהויבן ארויסווייזן סימנים פון נערוועזיטעט. זיי האָבן זיך דאַן באַצויגן צו אונז מיט חשד און שרעק, און פון צייט צו צייט געפרווט זוכן געווער אין געטאָ. זייער זעלבסטזיכערקייט איז געוואָרן שוואַכער.

שפעטער איז שוין געווען קלאָר, אַז זייער אויסראָטונגספלאַן ווערט פאַרווירקלעכט שטופנווייז, אָבער מיט דער גרעסטער גענויקייט. אין ערשטן עטאַפ האָבן זיי קאָנצענטרירט די יידן אין די געטאָס, נאָכדעם האָבן זיי אויסגעראָטן די שוואַכערע און זייערע פאַמיליעס. דער ווייטערער עטאַפ האָט געצילט צו ליקווידירן די גאַנצע „אומנוצלעכע" געטאָ באַפעלקערונג, אריבערפירן די פאַכמענער און די איבערגעבליבענע ארבעטס־כוחות אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער מיט דער כוונה אויך זיי צו „ליקווידירן".

איינמאָל, אין אַ מיטן טאָג, איז די געסטאַפאָ געקומען אין געטאָ און געזוכט געווער אויף די בוידעמער (ווארשיינלעך איז עס געווען אַ מסירה). זיי האָבן אָבער גאָרנישט געפונען. וואָס אַן אמת זענען זיי געווען נישט ווייט פון זייער ציל. אזוי, צום ביישפיל, האָבן זיי אויף סאַדאָווע גאַס איבערגענישטערט דעם בוידעם פון אַ הויז און אַוועק מיט גאָרנישט. אין יענעם הויז איז גראָד געווען אונזערס אַ געווער־באַהעלטעניש אונטערן באָדן.

דער דאָזיקער באַזוך האָט פאַר אונז געדינט אַלס וואָרנונג, אַז זיי זענען עפעס אינפאָרמירט וועגן געווער אין געטאָ.

## נערוון-קריג

אין יענער צייט האָבן מיר איבערגעלעבט אַ שווערן נערוון־קריג. יעדן טאָג זענען צווישן אונז פאַרשפרייט געוואָרן פאַרשידענע קעגנגעזעצטע ידיעות. איינער ברענגט אַ ידיעה, אַז ער האָט אַליין גערעדט מיט אַ העכערן נאַצי־באַאַמטן פון געביטס־קאָמיסאַריאַט און יענער האָט אים געזאַגט, אַז יעדן טאָג, יעדע שעה און אפילו א ליאַדע מינוט קען מען זיך ריכטן אויף אַן „אַקציע". אַן אַנדערער ווייסט צו דערציילן, פון אַ פערזאָן וואָס שטייט אין שפיץ פון נאַצי־אַרבעטס־אַמט, אַז עס וועלן שוין איבערהויפט נישט פאָרקומען קיין שחיטות, און אלע קלאַנגען און שמועסן וועגן דעם, זענען היסטערישע קאָנוולסיעס.

די נאַציס פון זייער זייט האָבן אויסגעאַרבעט און צוגעגרייט זייערע פלענער שטרענג געהיים, און גלייכצייטיק האָבן זיי סיסטעמאַטיש פאַרשפרייט סתירותדיקע קלאַנגען מיטן צוועק אונז מאָראַליש צו דערשיטערן. אין רעזולטאַט זענען די נערוון געווען געשפאַנט ביז צו דערשעפונג.

פון צייט צו צייט איז ביי אונז דערקלערט געוואָרן גרייטקייט־צושטאַנד. ס'זענען געווען פאַלן, ווען אלע חברים זענען געשטאַנען גאַנצע נעכט ביים געווער. אויך די מאַשינען־געווער זענען געשטאַנען גרייט אויף בוידעמער אין ספעציעלע געפאר־פונקטן (איינס קעגנאיבער דעם געטאָטויער, ראָג סאַדאָווע—סאָסנאָווע, און דאָס צווייטע לעבן מושב זקנים). די חברים האָט מען דערקלערט, אַז דאָס זענען בלויז מאַנעוורען צו קאָנטראָלירן די גרייטקייט פון דער אָרגאַניזאַציע און איר קאַמפס־פעאיקייט. פאַקטיש זע־

נען די אַלאַרם מאַנעוורען אַראַנזשירט געוואָרן אין צייטן, ווען מיר האָבן באַקומען אינפאָרמאַציעס וועגן אַ דראָענדיקער שחיטה־געפאַר, וואָס איז צו דערוואַרטן יעדע מינוט.

## נאַצישע פאַרבערייטונגען צו דער צווייטער שחיטה

ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, האָבן די נאַציס גרינטלעך צוגעגרייט זייער שחיטה־פּלאַן. זיי האָבן אַפילו גענומען אין באַטראַכט אַן עווענטועלן ווידערשטאַנד, און זיך באַנוצט מיט אַלע וועגן און מיטלען כדי אונז אָפּצונאַרן.

ליידער מוז איך פעסטשטעלן, אַז אויף דעם געביט האָבן זיי געהאָלפן יידישע מוסרים, וועלכע האָבן געוואָלט ראַטעווען זייער לעבן דורך פאַרראַט. די נאַצישע אָפּנאַרונגסמאַנעוורען זענען, צום אומגליק, געווען זייער געלונגענע. זיי האָבן געוווּסט אַ סך מער וועגן אונז ווי מיר וועגן זיי.

עס מוז אויך באַטאָנט ווערן, אַז אין אָנבליק פון אויסראָטונגס־געפאַר זענען מיר געשטאַנען נישט בלויז קעגן דער געסטאַפּאָ, נאָר אויך קעגן כמעט דער גאַנצער קריסטלעכער באַפעלקערונג, וועלכע האָט, כמעט אָן אויסנאַם, פולשטענדיק מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן.

די פאַרצווייפלטע יידן פלעגן אָפּגעבן די קריסטן דאָס לעצטע ביסל גאָלד און צירונג, און די גויים, נאָך דעם ווי זיי האָבן געשוווירן ביי זייער מענטשלעכקייט און ביי אַלעם הייליקן צו העלפן זייערע „פריינט" אין אַן עת צרה, — פלעגן זיי איבערגעבן אין די הענט פון די נאַצימערדער.

דער שחיטה פּלאַן פון די נאַציס האָט פאָרויסגעזען: צוערשט אַרויסנעמען אַלע פיזיש געזונטע און אַרבעטספעאיקע יידן — און נאָכדעם דורכפירן די ליקווידאַציע פון געטאָ.

כדי נישט צו דערוועקן קיין חשד זענען זיי געקומען איבערגעטאָן אין אוניפאָרמען פון דער „טאָדט"־אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז באַשטאַנען פון די אַזוי־גערופענע אַרבעטסבאַטאַליאָנען, וואָס האָבן ביז דאַן קיינמאָל נישט גענומען קיין דירעקטן אָנטייל אין די שחיטות. די יידן האָבן אין זיי געזען נאָר אַרבעטס־געבער און אויפזעער. מיט אַ צייט צוריק האָבן זיי געפאָדערט פון „יודנראַט" אַ טויזנט יידן אויף אַרבעט קיין מאָלאָדעטשנע. זיי האָבן דאַן גענומען נאָר 700 מאַן, און איצט זענען זיי כלומרשט געקומען צו דערגענצן די צאָל. די ערשטע אָפּגענאַרטע זענען געווען די מיטגלידער פון „יודנראַט" און אויך אַ פּאָר חברים פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, וועלכע זענען געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן געבן דעם סיגנאַל צום אויפשטאַנד (וואַרשאַווסקי, און אונטער זיין איינפלוס אויך אַבראַמאָווסקי).

אַ טאָג פאַר ערב יום כיפור איז מיר געשען אַן אומגליק ביי דער אַרבעט; אַ גרויסער שמיד־האַמער איז אַראָפּגעפאַלן און מיר צעבראָכן אַ פוס. נאָכן באַקומען די ערשטע הילף האָב איך געבעטן דעם ד"ר אַבראַמאָווסקי ער זאָל מיר לאָזן איבערפירן אַהיים. איך האָב געוווּסט, אַז וואָס עס זאָל נישט געשען, שטענדיק זענען די ערשטע קרבנות די שוואַכע און די שפּיטאָל־קראַנקע.

מוצאי יום כפור האָבן מיך מבקר חולה געווען די שטאַבס־מיטגלידער מאַמע קאַפּעלאַוויטש, ד"ר אַבראַמאַווסקי, אַליאָשע זאַריצקעוויטש און חיים בעקער. קיינער פון אונז האָט נישט פאָרויסגעזען די שחיטה אויפצומאָרגנס. מיר האָבן נאָר פאָרגעפילט דעם גורל, וואָס דערוואַרט אונז אַלע אין געטאָ, און גלייכצייטיק באַטראַכט אונזערע פּלענער פון אויפשטאַנד (ווי שוין פריער באַצייכנט איז ווידער באַשטעטיקט געוואָרן, אַז וואַרשאַווסקי זאָל באַפעלן דעם פּאָליציי־מאַן ה' יצחק (איטשע) צו אַטאַקירן מיט גראַנאַטן די ערשטע טויט־מאַשינען, וואָס וועלן זיך באַווייזן ביים טויער פון געטאָ. הלל שניידלעדער האָט געזאָלט אונטערצינדן דאָס הויז פון קעסלער. די יידישע פּאָליציי האָט זיך געזאָלט וואַרפן מיט גראַנאַטן אויף דער געסטאַפּאָ־פּאָליציי ביים געטאָ. די 30 חברים אויף דער וואַך האָבן באַדאַרפט אונטערצינדן דעם געטאָ פון אַלע זייטן. גלייך מיט דעם האָבן די חברים אויף די אַרבעטס־פּלעצער געזאָלט צוטרעטן צום אויספירן זייערע פון פאָרויס באַשטימטע אויפגאַבן).

## די לעצטע שעהן פאַר דער צווייטער שחיטה

אויף צומאָרגנס נאָך יום כפור, 6 פאַרטאָג, ווען אַלע יידן האָבן ווי געוויינלעך געגאַנגען צו דער אַרבעט, זענען אַרויסגעלאָזן געוואָרן נאָר די גרעסערע אַרבעטס־גרופּן. איינצלנע מענטשן און קלענערע פאָרמאַציעס זענען צוריקגעהאַלטן געוואָרן אין געטאָ.

לעבן געטאָ־טויער זענען דערשינען די „טאָדט" לייט אין זייערע געוויינלעכע אוניפאָרמען (שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז דאָס זענען געווען געסטאַפּאָ לייט). אויף דער פראַגע פון וואַרשאַווסקי און די יודנראַט־מיטגלידער וועגן צוועק פון זייער קומען, האָבן די „טאָדט" לייט דערקלערט, אַז זיי זענען אויסן בלויז צו דערגענצן דעם קאָנטינגענט פון 300 יידן, און אז זיי וועלן נישט אויפלעזן קיין גרעסערע אַרבעטס־גרופּן.

אומגעפער אַ האַלבע שעה שפּעטער זענען צו מיר געקומען צולויפן דער פאַרבינדונגס־חבר חאַצקל און מאַמע קאַפּעלאַוויטש און געפרעגט: וואָס זאָל מען טאָן?

דער גאַנצער ענין האָט מיר אויסגעזען פאַרדעכטיקט און איך האָב געמאַכט די חברים אויפמערקזאַם, זיי זאָלן שטיין אויף דער וואַך און זיין פאָרזיכטיק. זיי האָבן מיר אָבער געענטפערט, אַז לויט דער אינפאָרמאַציע פון וואַרשאַווסקין איז עס נאָר אַ געוויינלעכע אַרבעטס־מאָביליזאַציע. איך האָב פאַרלאַנגט, אז מאַמע און אבראמאווסקי זאָלן בלייבן אין לינקן טייל געטאָ ביים יידנראַט, און אויפן אָרט דעצידירן, לויט זייער איינזען, ווען צו געבן דעם סיגנאַל צום אויפשטאַנד. איך האָב דאַן איבערגענומען די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן רעכטן טייל געטאָ; צו מיין

רשות זענען געשטאַנען 10 חברים (דער גרעסטער טייל חברים זענען געווען דרויסן ביי דער ארבעט). אַלס פאַרבינדלערין צווישן ביידע געטאָ־טיילן איז באַשטימט געוואָרן די יונגע און העלדישע 17־יעריקע מיידל לאַכאָזוויאַנסקי.

נאָכדעם ווי די גרעסערע אַרבעטס־גרופּן, אין אַ צאָל פון עטלעכע טויזנט יידן, זענען שוין געווען אין־דרויסן, האָט זיך אין געטאָ פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז עס גרייט זיך אַ יאַגד אויף מענער צום שיקן אויף אַרבעט קיין מאָלאָדעטשנע. אַלע איבערגעבליבענע מענער, דערונטער אונזערע חברים, האָבן זיך פאַרשטעקט אין די בונקערס. דער אויסוואַל פון אַ מיידל אַלס פאַרבינדלערין איז געווען בארעכטיקט צוליב דעם, וואָס אין יענעם מאָמענט האָבן זיך נאָך פרויען באַוועגט אין געטאָ עפנטלעך.

## די צווייטע שחיטה און דער דורכפאַל פון אויפשטאַנד

אין פאַרלויף פון אַ שעה, אָדער צוויי, האָט זיך שוין די לאַגע געלאָזט אויפקלערן. די נאַציס האָבן אָנגעהויבן כאַפּן פרויען און זיי קאָנצענטרירן אויף ספּעציעלע זאַמלפּונקטן אין געטאָ. גלייכצייטיק איז דער גאנצער געטאָ פון אַלע זייטן ארומגערינגלט געוואָרן דורך דער ווייסרוסישער פאַשיסטישער פּאָליציי. עס איז בליץ־שנעל קלאָר געוואָרן ווי א בלענדנדיקער חלף: עס איז אַ שחיטה!...

די פאַרבינדלערין, וועלכע האָט באַוויזן דריי מאָל אריבערגיין פון איין טייל געטאָ אין צווייטן, איז איצט געלאָפן מעלדן וואַרשאַווסקין וועגן מצב און גלייכצייטיק אים איבערגעבן, אַז דער אויפשטאַנד זאָל זיך גלייך אָנהויבן. זי האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט אויף די רופן פון די געסטאַפּאַבעסטיעס און איז אונטערוועגס דערשאָסן געוואָרן, נאָך איידער זי האָט באַוויזן צו דערגרייכן איר ציל. זי איז געווען דער ערשטער קרבן פון דער צווייטער שחיטה.

אין דער זעלבער צייט זענען ביידע טיילן געטאָ אָפּגעשניטן געוואָרן איינער פון צווייטן, און די פאַרשטעלטע געסטאַפּאָ־„טאָדט"־לייט האָבן באַזעצט און שטרענג באַוואַכט יעדן פּונקט אין געטאָ.

דאַן איז געשען דער טראַגישסטער מאָמענט, וועלכער האָט געבראַכט צום דורכפאַל פון אונזער אויפשטאַנד.

אין דעם מאָמענט, ווען די געסטאַפּאָ־מאַשינען האָבן זיך דערנענטערט, איז דער חבר איטשע געווען גרייט צו וואַרפן אויף זיי די גראנאַטן פון זיין באַהעלטעניש צווישן געטאָ־טויער און „יודנראַט" אין יענעם גורלדיקן אויגנבליק האָט אים וואַרשאַווסקי אָנגעכאַפּט ביי די הענט און געזאָגט: איטשע, וואַרף נישט די גראַנאַטן! דאָס איז נישט קיין שחיטה!..

דער לעצטער שאַנס פאַרן אויפשטאַנד איז פאַרלאָרן געגאַנגען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

מען קען פאַר קיין פאַל נישט באַשולדיקן וואַרשאַווסקין אין תמימות, שוואַכקייט אָדער פחדנות. ער איז געווען אַ קלוגער און העלדישער ייד. מען מוז דערקלערן די האַנדלונג דורך אונטערבאַוווסטזיניקע פאַקטאָרן. —

אין דער דאָזיקער טראַגישער שעה, ווען דער גאַנצער געטאָ איז שוין געווען באַהערשט פון נאַצישע כוחות, און עטלעכע טויזנט יידן — דער הויפּט פּאָטענציאַל פון אונזער כוח, — זענען וואַרשיינלעך אונטער אַ שטרענגער אויפזיכט געווען באַוואַכט און „געבונדן" צו זייערע אַרבעטס־פּלעצער נישט האָבנדיק קיין שום קאָנטאַקט מיטן געטאָ, — וואָלט דער אויפשטאַנד געטראָגן נאָר אַ סימבאָלישן נקמה־כאַראַקטער און וואָלט פולשטענדיק פאַראורטיילט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג אויף אויסראָטונג. מעגלעך, אַז די הונדערט יידן, וועלכע זענען געבליבן ביים לעבן פון יענער שחיטה, האָבן צו פאַרדאַנקען זייער רעטונג וואַרשאַווסקיס האַלטונג און דעם דורכפאַל פון אונזער געפּלאַנטן אויפשטאַנד.

איך באַמערק עס און מאַך צוזאַמען דערמיט אויך אייניקע פּערזענלעכע אויסטייטשונגען, הגם איך האָב געהאַלטן און האַלט אויך איצט, אַז ווען דער בלוטדורשטיקער שונא צווינגט דיר אויף אַ קאַמף אויף לעבן און אויף טויט, און אַלע וועגן פאַר אַ ריקצוג זענען אָפּגעשניטן, און ס'דראָט טאָטאַלע פאַרניכטונג, — איז נישטאָ קיין אַנדער אויסוועג און ברירה, ווי אַנטקעגנשטעלן זיך, אויפנעמען מוטיק דעם קאַמף — ווי אומגלייך ער זאָל נישט זיין, — און קעמפן מיט די לעצטע כוחות. די קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע איז בשום אופן נישט געווען קיין לעבנפאַרזיכערונגס־געזעלשאַפט. אונזער שבועה איז געווען: — נקמה! — — — מיר זענען אַלע דאַן געווען לעבעדיקערהייט באַגראָבן אין די בונקערס. די חברים אין זייערע באַהעלטענישן האָבן ממש געפּלאַצט פון אויפרעגונג. ווי שוין דערמאָנט, בין איך געווען צוזאַמען מיט נאָך 10 חברים אין דעם רעכטן טייל פון געטאָ. אייניקע פון זיי האָבן געפאָדערט, מיר זאָלן אַליין אָנהויבן דעם אויפשטאַנד. אין די ערשטע מינוטן בין איך געווען געניגט צו זייער פאָדערונג.

אָבער אין אָנבליק פון דער געשפּאַנטער לאַגע (ווען אין אונזערע הענט איז געווען נאָר איין ביקס און עטלעכע גראַנאַטן; דאָס הויז אין וועלכן מיר האָבן זיך דאַן געפונען (הויז ריווקין אויף סאַדאָווע גאַס), אָפּגעשניטן פון אַלע געהיימע געווער־באַהעלטענישן; אַלע יידן אין געטאָ פאַרשטעקט אין די בונקערס) — און אין דער איבערצייגונג, אַז אַ פּאָר צופעליקע שאָסן אָדער אַן איינציק ברענענדיק הויז וואָלט פאַר קיינעם נישט געווען קיין צייכן צום אויפשטאַנד, — בין איך געקומען צום אויספיר, אַז אַזאַ אַקט מצד איינצלנע חברים אויף אייגענער האַנט, וואָלט מער געטראָגן אַ כאַראַקטער פון אַ זינלאָזן זעלבסטמאָרד איידער פון אַ נקמה־סימבאָל.

איך וועל זיך דאָ נישט אָפּשטעלן אויף דער אַלגעמיינער שטימונג און שפּאַנונג, וואָס האָט דאַן געהערשט ביי אונז אין בונקער. אַלע זענען געזעסן אויף דער ערד, איינגעקאָרטשעט און צוגעטוליעט איינער צום צווייטן. די פרויען

אין קינדער האָבן געוויינט און געיאָמערט, מיר זאָלן זיי חלילה נישט אומברענגען דורך אַן אומפאָרזיכטיקן און נישט־באַרעכנטן שריט. אין יענעם אכזריותדיקן מאָמענט זענען אָבער די געפילן געווען טויב און טעמפּ.

יענער טאָג איז געווען דער אומגליקלעכסטער אין דער געשיכטע פון אונזער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע. מיר האָבן געפילט די גאַנצע ברענעדיקע חרפה פון אָפּגענאַרטע און די שענדלעכע אומבאַהאָלפנקייט פון קעמפער, ווען איבער אונזערע קעפּ קומט פאָר אַ שחיטה, און מיר זענען געליימט.

ווי ווילדע בלוטדורשטיקע חיות זענען די נאַצי־פאַשיסטן פון אַלע מינים־דייטשן, רוסן, פּאָליאַקן און אַנדערע, — אַרומגעלאָפן מיט זייערע יאגד־הינט איבערן געטאָ און געזוכט און גענישטערט נאָך בלוט און קרבנות.

מיט דייטשער פּינקטלעכקייט איז די שחיטה יענעם טאָג אָפּגעשטעלט געוואָרן פינף פאַרנאַכט.

איך און חבר ליפּניק זענען דאַן געווען פאַרשטעקט אונטערן פוסבאָדן פון ריוואָקינס הויז, און פון אַ שפּאַרע צווישן די ציגל האָבן מיר אָבסערווירט וואָס עס קומט פאָר אין געטאָ, ווי ווייט אונזערע בליקן האָבן נאָר דערגרייכט. ווען די שחיטה איז געוואָרן אָפּגעשטעלט, זענען מיר אַרויף אויפן בוידעם. מיר קוקן זיך אום אויף אַלע זייטן — און דאָ האָט זיך פאַר אונזערע אויגן אַנטפּלעקט דאָס שוידערלעכע בילד פון אַ אמתן שלאַכטפעלד. דער געטאָ — טויט ליידיק. אויף דער ערד האָבן זיך געוואַלגערט קערפּערס פון מתים. דאָס איינציקע פערדל אין געטאָ — דאַר ווי אַ סקעלעט, — וואָס זיין אייגנטימער איז דערהרגעט געוואָרן, איז אַרומגעגאַנגען צווישן די טויטע קערפּערס און געזוכט גראָז צום עסן (אין דער צעטראָטענער ענגשאַפט פון געטאָ איז קיין גראָז נישט געוואַקסן). די הייזער צערויבט, די שויבן צעבראָכן, די אָפענע טירן און פענסטער האָבן געקלאַפּט מיטן אימפּעט פון הערבסט־ווינט.

אַרום דעם שטעכעדיקן דראָט־צוים פון געטאָ זענען געשטאַנען טויזנטער גויים, דערונטער אַלטע לייט, פרויען און קינדער, מיט זעק אין די הענט, און ווי צערייצטע היענעס זיך געריסן צום רויב. די נאַצי־פאַשיסטישע פּאָליציי האָט זיי כלומרשט פאַרווערט און אריינגעלאָזן נאָר די, וועלכע האָבן געפונען חן אין זייערע אויגן. און די דאָזיקע ווילדע מאַסע האָט זיך געוואָרפן אויף די טויטע קערפּערס און אַראָפּגעצויגן פון זיי די מלבושים און די שיך.

### „את אחי אני מבקש“

ווי שוין דערמאָנט איז דער קאָנטאַקט צווישן אונזערע חברים געווען גענצלעך אָפּגעשניטן בעת דער שחיטה. דער איינציקער פּריווילעגירטער טייל אין געטאָ איז געווען דער שטח פון די אַרבעטס־וואַרשטאַטן און זיינע באַוווינער, די פאַכמענער, וועלכע האָבן זיך געפונען אין אַ באַזונדער אָפּצוימונג — אַ מין געטאָ אין אַ געטאָ, — און זיי זענען געווען אויסער דער שחיטה.

אויפן צווייטן טאָג פון דער שחיטה, באַלד ווי ס'האָט אָנגעהויבן צו טאָגן, איז מיר געלונגען אַדורכצורייסן זיך דורכן שטעכעדיקן דראָט און דער שטרענגער וואַך, כדי צו שאַפן אַ קאָנטאַקט מיט די חברים.

איך בין געווען אין אַ זייער געדריקטער שטימונג. איין זאַך איז מיר געווען קלאָר, אַז אין אָנבליק פון דער ניי־געשאַפענער לאַגע מוזן גענצלעך געענדערט ווערן די פרייערדיקע פּלענער. מען מוז דאָך זוכן אַן אויסוועג פון דער פּיינלעכער לאַגע.

די אַנטוישנדיקע דערפאַרונג אין געטאָ פון איין זייט און די אומבאַהאָלפנקייט פון דער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע פון דער אַנדערער זייט, האָט געלערנט, אַז ווייטער פאַרבלייבן אין געטאָ האָט שוין נישט קיין זין, און מען מוז גלייך אויפן אָרט, אין סאַמע ברען פון דער שחיטה, באַשליסן וועגן ווייטערדיקן גורל פון אונזערע אויפגאַבן און אונזער צוקונפט.

איך האָב זיך פאַרבונדן מיטן ח' לאַסקין פון די וואַרשטאַטן, ער זאָל מיר העלפן אַרויסגיין פון געטאָ. ער האָט געהאַט געוויסע באַוועגונגס־מעגלעכקייטן אויף זיין אַרבעטס־פּלאַץ און אויך באַקאַנטשאַפט־פאַרבינדונגען מיט די אַזוי גערופענע גוישע קליענטן פון די וואַרשטאַטן. קודם כל האָב איך געוואָלט קומען אין קאָנטאַקט מיטן ח' זיגלבוים פון די מעכאַנישע וואַרשטאַטן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין דעם בנין פון דער ישיבה אויף האַווערע (אויסערן געטאָ). מיט דער הילף פון אַן אונטערגעקויפטן קריסט בין איך אַלס „גוי“ ארויס פון געטאָ.

דער צוגאַנג צום ישיבה־בנין, ווו די יידישע אַרבעטער זענען געווען פאַרשפּאַרט נאָך דער אַרבעט, איז נישט געווען אַזוי איינפאַך. אייניקע חברים האָבן מיך באַמערקט און געגעבן מיר אַ צייכן, איך זאָל אַרויפקריכן אויפן בוידעם פון די וואַרשטאַטן. איך בין געלאָפן איינגעבויגן, מען זאָל מיך נישט דערזען, און שנעל זיך אַרויפגעכאַפּט אויפן בוידעם.

צום ערשטן מאָל, אין פאַרלויף פון דער שחיטה, האָב איך פריי אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, און אָנגעהויבן ביסלעכווייז קומען צו זיך. אויפן אָרט האָבן זיך באַלד פאַרזאַמלט עטלעכע חברים, וועלכע האָבן מיר איבערגעגעבן די אינפאָרמאַציעס, וואָס זיי האָבן באַקומען דורך באַקאַנטע גויים, וועגן דער לאַגע פון די יידישע אַרבעטער אויסערן געטאָ. זיי זענען געוואָרן פאַרהאַלטן און פאַרשפּאַרט אויף זייערע אַרבעטס־פּלעצער און נישט געקענט זיך פריי באַוועגן. אָבער זייערע הערצער זענען געווען דאָרט אין געטאָ, ווו עס קומט פאָר די שחיטה. דאָס בלוט האָט אין זיי געקאָכט און גערופן און געוועקט צו מעשים און נקמה.

ערשט אויפן דריטן טאָג פון דער שחיטה איז מיר געלונגען צו שאַפן אַ קאָנטאַקט מיט אַליאָשע זאריצקעוויטש פון די אַרבעטער אין די געסטאַפּאָ־פאָרמאַציעס, מיט מאָניק מושינסקי פון דער לופטבאַזע און מיט שלמה רעוו (איצט אין ישראל) פון די סטאָלעריי וואַרשטאַטן. אַלע געהיימע מעלדונגען פון די חברים אויף פאַרשידענע זייטן האָבן

געהאַט איין אינהאַלט: „האַלט זיך אָפּ פון יעדן טאָט! וואַרט ביז מיר וועלן קומען צוריק אין געטאָ!“

אויפן 4־טן טאָג פון דער שחיטה האָב איך באַקומען אַ ידיעה, אַז אַ באַוואָפנטע גרופּע פון 18 יונגע חברים געפינען זיך אויפן בוידעם פון יידישן שפּיטאָל, אין דער געביידע פון מושב זקנים, און אַז צווישן זיי זענען אויך מאַמע קאַפּעלאָוויטש, אבראַשע אבראַמאָווסקי און חיים אשמיאַן. זיי זענען געווען גרייט צו פאַרלאָזן דעם גיהנום און געזוכט אַ קאָנטאַקט מיט די חברים אויסערן געטאָ.

ווי כ׳האָב זיך שפּעטער דערוווּסט, זענען צווישן זיי געווען חילוקי דעות וועגן דעם אופן, ווי אַזוי אויסצופירן זייער געפּלאַנטן שריט. אַ טייל פון זיי, מיט משה זאַלמאַנאָוויטש בראש, האָט געהאַלטן, אַז נישטאָ שוין קיין צייט אויף דעבאַטירן און וואַרטן; מען מוז וואָס גיכער אַנטלויפן פאַר יעדן פּרייז, אפילו אין אַן אָפענעם קאַמף. אַן אַנדער טייל, אונטער דער אָנפירונג פון אבראַשע אַבראַמאָווסקי, איז געווען קעגן א סעפּאַראַטן אַרויסגיין אָן אַ פריערדיקן קאָנטאַקט מיט די חברים, וואָס געפינען זיך אויף דער אַרבעט אויסערן געטאָ. דער ויכוח האָט זיך געצויגן עטלעכע טעג, און אין דער לעצטער נאַכט, איידער עס איז איינגעטרעטן אַ פויזע אין דער שחיטה, זענען דריי חברים אַרויס אויף אייגענער האַנט פון געטאָ (משה זאַלמאַנאָוויטש, לאָווע צייטמאַן און נאָך איינער). אויף צומאָרגנס איז די שחיטה געוואָרן אָפּגעשטעלט און די אַרבעטער זענען אומגעקערט געוואָרן צוריק אין געטאָ.

דער דאָזיקער כלומרשטער איבעררייס איז ווידער געווען אַ טריק פון דער געסטאַפּאָ, כדי אַרויסצובאַקומען די פאַרשטעקטע יידן פון זייערע באַהעלטענישן. אין יענעם אָוונט האָבן זיך ווידער געטראָפן צוזאַמען אַלע חברים. מען האָט זיך קעגנזייטיק אינפאָרמירט וועגן אַלץ וואָס ס׳איז געשען אין די פאַרגאַנגענע טעג, און געמאַכט דעם חשבון פון אונזערע קרבנות.

די אַלגעמיינע מיינונג פון די חברים איז געווען, אַז מען קאָן נישט לעבן ווייטער אין דער געשטיקטער אַטמאָספער; עס איז נישטאָ אויף וואָס צו וואַרטן, — מען מוז וואָס פריער אַוועק אין די וועלדער און נעמען נקמה אין בלוטיקן שונא.

אונזער עקזיסטענץ איז שוין דאַן נישט געווען קיין סוד אין געטאָ. דאָך האָט דאָס אַרויסגיין אין וואַלד געמוזט זיין ווי ווייט מעגלעך שטרענג קאָנספּיראַטיוו. מיר האָבן זיך דערווייל פאַרשטענדיקט מיט די חברים אין שפּיטאָל אויפן בוידעם וועגן אַ געמיינזאַמען פּלאַן. און צומאָרגנס אויף אַ באַראַטונג פון אונזער שטאַב איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז נאָך אין יענער נאַכט 12 אַזייגער, זאָלן מיר פאַרלאָזן דעם געטאָ.

מיר האָבן אויסגעפונען, אַז אין דער צייט פון אַ שחיטה, כל זמן אין געטאָ הערשט נאָך אַ כאַאָס און מען ווייס נישט ווער עס איז געבליבן ביים לעבן, — איז דער פּאַסיקסטער מאָמענט צום אַרויסגיין. אויף אַזאַ אופן וואָלט דאָס פעלן פון עטלעכע הונדערט מענטשן אין געטאָ נישט געווען אַזוי אויפפאַלנדיק און וואָלט נישט געשטעלט אין סכנה די לעבנס פון די פאַרבליבענע. און די שעה איז אויך געווען גינסטיק, ווייל 12 ביינאַכט בייט זיך די וואַך אַרום געטאָ.

די אָרגאַניזאַציע איז צעטיילט געוואָרן אין צוויי טיילן, ווייל דאָס אַרויסגיין פון א גרויסער מחנה וואָלט אפשר געווען פאַרדעכטיקט. די חברים אין שפּיטאָל זענען געוואָרן דערגענצט מיט אַ גרופּע וואָס אין איר שפּיץ איז געשטאַנען אַליאָשע זאַריצקעוויטש. דער אַנדער טייל, דער גרעסערער, האָט געזאָלט אַרויסגיין פון ראָג אָרלע—אָזשעשקאָווע.

אָבער אונז איז שוין מסתמא געווען אַזוי באַשערט, אַז אין דער צווישנצייט זאָלן זיך ווידער אַריינמישן די מיטגלידער פון יודנראַט — סאָפּטשיץ און בעלאָסקורניק. זיי האָבן זיך דערוווּסט וועגן דער גרופּע חברים אין שפּיטאָל און האָבן קאַטעגאָריש געפאָדערט, אַז מען זאָל פאַרניכטן דאָס געווער און זיך פונאַנדערגיין. אין קעגנפאַל, האָבן זיי געדראָט, וועלן זיי אונז איבערגעבן אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ. די חברים זענען שוין געווען מיד און דערשעפּט פון דער היץ, דורשט און שטיקעניש, וואָס האָבן געהערשט אין זייער באַהעלטעניש אויפן בוידעם — און דאָך האָבן זיי נישט געוואָלט זיך אונטערגעבן.

סאָפּטשיץ און בעלאָסקורניק האָבן זיך דאַן געווענדעט צו מיר, אַז איך זאָל פאַרהאַנדלען איבער דעם ענין.

כדי אויסצומיידן אַן אומזיסטן ויכוח האָב איך געבעטן, זיי זאָלן מיר געבן צייט ביז מאָרגן פרי.

## פארן ארויסגיין פון געטא

דער געטאָ האָט אויסגעזען אַזוי ווי נאָך אַ חורבן. די שטימונג איז געווען זייער אַ געשפּאַנטע, די געמיטער דערשיטערט און די נערוון צעטרייסלט.

יענער זונטיק איז געווען פאַר אונז א טאָג פון לויטער דורכפאַלן און אַנטוישונגען.

דעם זעלבן טאָג האָט אַ מיידל, וואָס איר חבר האָט געזאָלט ביינאַכט אַוועקגיין און זי האָט אין דעם געזען אַ געפאַר פאַר זיין לעבן, געפּרוּווט צונישט מאַכן אונזער פּלאַן דורך אַ לייכטזיניקער פּראָוואָקאַציע. צוויי אַזייגער נאָכמיטאָג איז זי צוגעגאַנגען צום שפּיטאָל, וווּ עס האָט זיך דאַן אויסבאַהאַלטן איר חבר, און ווילד אויסגעשריען: „אַנטלויפט! — די געסטאַפּאָ רינגלט אייך אַרום!“

עס איז אויסגעבראָכן אַ שרעקלעכע פּאַניק און אייניקע חברים האָבן אַנטלאָפן, דערונטער מאַמע קאַפּעלעוויטש און אַליאָשע זאַריצקעוויטש. מיר זענען געווען איבעראַשט, ווען זיי זענען דערשינען ביי אונזער קאָנצענטראַציע־פּונקט, וואָס האָט זיך געפונען אין אַנדערן טייל געטאָ.

די באַגעגעניש איז געווען אַ טראַגישע. מאַמע האָט זיך אין יענעם מאָמענט איינגאַנצן צוזאַמענגעבראָכן. איך פרעג אים:

— וואָס איז געשען, מאמע?

— איך קען שוין מער נישט אויסהאַלטן, — האָט ער געענטפערט מיט אַ פאַרשטיקטן קול און אויסגעבראָכן אין אַ געוויין.

אין דעם מאָמענט איז צו אים צוגעלאָפן דער 17־יאָריקער משה׳ל זילבערמאַן און אים מכבד געווען מיט אַ פּאָר הילכיקע פּעטש:

— אָט האָסטו!.. פאַרוואָס האָסטו זיך געלאָזט פראַוואַצירן?!

דאָס האָט מאמען ווי אויפגעמונטערט פון זיין חלשות.

דער געטאָ האָט יענעם טאָג זיך געוואָרפן אין קאָנווולסיעס.

מיר האָבן באַשלאָסן, אַז פון אויסגאַנגס־פּונקט אָרלע—פּאַניאַטאָווסקי זאָלן נאָך אינמיטן דער נאַכט ביי 90 חברים, בערך, פאַרלאָזן דעם געטאָ. אין דעם דאָזיקן פּונקט האָבן מיר געהאַט 15 ביקסן און אַ גרויסע צאָל גראַנאַטן. אין דער באַשטימטער שעה, פון 10 ביז 11 ביינאַכט, האָבן זיך די חברים אָנגעהויבן ביסלעכוויז צונויפקלייבן, און צו אונזער פאַרוווּנדערונג איז יעדער פון זיי געווען באַגלייט פון עטלעכע „שאָטנס" נאָענטע און באַקאַנטע (אויסער דער אָרגאַניזאַציע).

אַ פערטל נאָך 11 ביינאַכט זענען שוין קרוב צו 200 מאַן געווען פאַרזאַמלט אַרום דעם באַשטימטן פּונקט.

ווען מען איז צוגעטראָטן צו דער געווער־פאַרטיילונג, האָבן מיר צו אונזער איבעראַשונג זיך אָנגעשטויסן אין אַ באַדויערלעכער סאַבאָטאַזש־פאַרשווערונג: אַלע קוילן זענען פּלוצלינג פאַרשוווּנדן געוואָרן. ווי עס האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן, האָבן אייניקע חברים, — וועלכע זענען געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם פּונקט, געזען אין דער מאַסן־נאָכפאָלגונג פון זייטיקע מענטשן אַ געפאַר פאַר אונזער פּלאַן, און באַשלאָסן אויף אייגענער האַנט צו סאַבאָטירן דאָס אַרויסגיין. אויף מיין פאָדערונג אַרויסצוגעבן די קוילן, האָבן זיי געענטפערט, אַז זיי וויסן נישט זייער באַהעלטעניש.

מיט דעם איז די גינסטיקע אויספירונג פון אונזער פּלאַן דורכגעפאַלן, און די חברים פון דער אַנדערער אָפּטיילונג האָבן שוין אויך געמוזט ווייטער פאַרבלייבן אין געטאָ.

אויף צומאָרגנס, מאָנטיק, ווען מיר זענען אַלע אַרויס צו דער אַרבעט, האָבן די נאַציס ווידער באַנייט די שחיטה. זיי האָבן אַראַנזשירט אַ מאַסן בלוט־באָד פון פרויען און קינדער... — —

מיטן אָפּשטעלן זיך פון דער שחיטה זענען מיר ענדלעך געקומען צום אויספיר, אַז אין דער דאָזיקער נערוועזער און כאַאָטישער אַטמאָספער פון געטאָ קענען קיין שום פּלענער נישט רעאַליזירט ווערן. און אויב ס׳איז דאָ אַ באַשלוס אַוועקצוגיין אין וואַלד אַריין, מוז עס געשען נישט אַנדערש ווי פון די אַרבעטס־פּלעצער, וועלכע געפינען זיך אין דרויסן.

## מיר פאַרלאָזן דעם געטאָ

עטלעכע אַרבעטס־פּלעצער זענען באַשטימט געוואָרן אַלס אַרויסגאַנגס־פּונקטן: די לופטבאַזע, די סטאָלעריי־וואַרשטאַטן, די ס.ד. אַרבעטס־אָפּטיילונגען און די וואַרשטאַטן אין געטאָ.

מיר זענען דאַן געשטאַנען פאַר אַ פאַרקערטן פּראָבלעם: ווי אַזוי נעמט מען אַרויס דאָס געווער פון געטאָ?

בעצם איז דער דאָזיקער ענין איצט געווען אַ סך לייכטער ווי פריער, ווייל ביים אַרויסגיין אויף דער אַרבעט האָט מען געוויינלעך נישט רעווידירט. פאַרשטייט זיך, עס זענען געווען נישט ווייניק אַנדערע שוועריקייטן, אָבער אויף פאַרשידענע וועגן איז אונז געלונגען אַרויסצוטראָגן כמעט דאָס גאַנצע געווער, נאָך איידער מיר האָבן דעם געטאָ פאַרלאָזן.

נאָך דער צווייטער שחיטה האָט שוין יעדער איינער געפילט, אַז דער גאַנצער געטאָ איז פאַראורטיילט צום אונטערגאַנג; ס׳איז נאָר אַ פראַגע פון געציילטע וואָכן, העכסטנס חדשים.

מיין פאַמיליע האָט נאָך דאַן געלעבט, ווען איך בין געקומען צום אכזריותדיקן באַשלוס, אַז איך מוז זי פאַרלאָזן... מען טאָר נישט זיצן אין דער פאַרסמטער לופט פון טויטן געטאָ און וואַרטן מיט פאַרלייגטע הענט אויף דעם בייזן סוף. מען מוז אַרויסגיין אויף דער פריי און נעמען נקמה אין די בלוטיקע רוצחים. ווער ווייסט, אפשר פון „דאָרטן" וועט מען נאָך עפּעס קענען אויפטאָן פאַר די אומגליקלעכע אין געטאָ. פאַרשידענע געדאַנקען און אומבאַשטימטע פּלענער האָבן זיך געפּלאָנטערט אין מוח. שרעקלעך זענען געווען די גייסטיקע יסורים.

אין יענער וואָך איז אַרויס אַ גרופּע פון 17 מאַן פון די סטאָלעריי־וואַרשטאַטן. איך בין געווען אין אַן אַנדערער גרופּע, וואָס איז באַשטאַנען פון 24 מאַן, און אונז האָבן נאָכגעפאָלגט גרעסערע און קלענערע גרופּן איינע נאָך די צווייטע.

ביים אויספירן אונזער פּלאַן זענען מיר אויף דער לופטבאַזע געווען פאַרבונדן מיט אַ פאַרטרוילעכן פּאָליאַק, וואָס זיין זון האָט געאַרבעט ביים קליינבאַן באַראַנאָוויטש—קריוואָשין. פון דאָרט האָט זיך שוין אָנגעהויבן די פּעריפעריע פון די פּאַרטיזאַנער.

סוף וואָך, שבת 4 נאָכמיטאָג, האָבן מיר, אַ גרופּע פון 22 מאַן (מערסטנס פאַכמענער מיט באַוועגונגס־שיינען אין לאַגער), געזאָלט פאַרלאָזן אונזער אַרבעטס־פּלאַץ.

איין קילאָמעטער פון באַזע, אין גראַבאָוועצער וועלדל, איז געווען פאַרשטעקט אונזער געווער, און דאָרט איז אויך געווען דער זאַמל־פּונקט, וווּ מיר האָבן זיך באַדאַרפט טרעפן ביז אָנהויב נאַכט. אונזער אַרויסגיין האָט שוין נישט געקענט זיין קיין שטרענג געהיימער סוד; עס האָבן זיך אויך אַנדערע דערוווּסט פון דעם, און אין דער לעצטער שעה זענען צו אונז צוגעשטאַנען דריי ברידער, נישט קיין מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע. די שטימונג ביי די חברים

פאַרן אַרויסגיין איז געווען א העכסט שפּאַנענדיקע. אייניקע פון זיי זענען געווען באַהערשט פון אַ פיינלעכן פאַרפאָלגונגס־געפיל. אין דער לעצטער מינוט האָב איך זיך באַנוצט מיט דער אַלטער טראַדיציאָנעלער לאָזונג: „איש הירא ורך הלבב ילך וישוב" — ווער עס האָט מורא, קען זיך צוריקציען. נאָר איינער איז אוועק צוריק אין געטאָ, און איז שפּעטער דאָרט אומגעקומען.

אין יענער גורלדיקער שעה, האָט אַן 18־יאָריקער לאָדזשער ייִנגל, אַ דינער ביים לייטער פון דער לופט־באַזע (אַ דייטש), געמסרט פאַר זיין „באָס", אַז מיר פאַרשטעקן זיך מיט געווער אין נאָענטן וועלדל. צו אונזער גליק האָט דער לייטער נישט רעאגירט אויף דער מסירה. וועגן דער סיבה פון זיין נישט פאַרשטענדלעכער האַלטונג האָבן מיר זיך דערוווּסט ערשט נאָכדעם. עטלעכע טעג שפּעטער האָט דער דאָזיקער דייטש גערופן צו זיך א געוויסן יידישן אַרבעטס־אויפזעער, מיטן נאָמען כהן, אים דערציילט די גאַנצע מעשה און אויסגעדריקט זיין דערשטוינונג, אַז אַ ייד זאָל זיין אַזאַ נידערטרעכטיקער פאַרעטער קעגן זיינע אייגענע ברידער (אגב, דער מוסר איז שפּעטער אומגעקומען אין אַ שחיטה). ער האָט דערביי באַמערקט, אַז נאָר איין טעלעפאָן־קלונג פון זיין זייט, וואָלט אונז אַלע געקאָנט תיכף אומברענגען. אָבער דאָס ריטערלעכע געפיל האָט אים דערפון אָפּגעהאַלטן. ביז דאַן האָט ער נישט געגלויבט, אַז יידן זענען פעאיק אויפצונעמען אַ קאַמף מיט געווער אין האַנט. זיין איבערראַשונג איז געווען אַזוי גרויס, אַז ער האָט באַשלאָסן געבן אונז די מעגלעכקייט צו ראַטעווען זיך און באַווייזן ווי מיר קענען קעמפן.

פון יענעם טאָג האָבן זיך זיינע באַציונגען צו יידן אינגאַנצן געענדערט, און אין דער דריטער שחיטה האָט ער פּערזענלעך מיטגעהאָלפן אייניקע יידן צו ראַטעווען זייערע לעבנס.

אין יענער נאַכט האָט זיך געענדיקט דער לעצטער עטאַפּ פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אין געטאָ באַראַנאָוויטש.

## שמואל יאַנקעלעוויטש

# אויף די חורבות

היה היתה, — געווען און נישטאָ...

געוועזן אַן עיר ואם בישראל, און אָפּגעמעקט איז געוואָרן איר קיום.

נישט צו זען אַ יידיש פנים, נישט צו הערן אַ יידיש וואָרט און קלאַנג אין דער שטאָט, וווּ ס'האָט ערשט נישט לאַנג געלעבט אַ גרויסער און חשובער קיבוץ.

בלויז צוויי פּראָצענט פון באַראַנאָוויטשער יידנטום זענען על פי נס ניצול געוואָרן, און אויך זיי האָבן נישט געקענט בלייבן אין דער שחיטה־שטאָט.

דעם 27־טן יוני 1941 האָבן די נאַציס אָקופּירט אונזער שטאָט, און גלייך זענען געפאַלן די ערשטע קרבנות. אין משך פון אַ חודש צייט, ביז סוף יולי, זענען געכאַפּט און פאַרשוווּנדן געוואָרן העכער 400 יידן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שתדלנות, אַ בעטעניש, אַ לויפעניש. די נאַציס האָבן גענומען פרעסן געלט און אַרויפגעלייגט אויף אונז די ערשטע גרויסע קאָנטריבוציע. זיי האָבן צוגעזאָגט אויף זייער „ערן־וואָרט" אומקערן אונז די געכאַפּטע, אָבער נאָכן צונעמען דאָס געלט האָבן מיר שוין די פאַרלאָרענע ברידער מער נישט געזען.

נאָכדעם האָט זיך אָנגעהויבן שיטן אַ האָגל פון גזירות פון אַלע זייטן. יעדן טאָג פלעגן אין די מוחות פון די נאַצישע בעסטיעס און זייערע מיטהעלפער — אונזערע ווייסרוסישע „אַלטע, ליבע שכנים", — רייף ווערן פאַרשידענע פאַרניכטונגס־פּלענער: די געלע לאַטע, דער פאַרבאָט צו גיין אויף די טראָטואַרן, צוואַנגס־אַרבעט, מאָרד־ און רויב־איבערפאַלן און אַנדערע פורעניות.

דאָס אַלץ איז געווען ווי אַן אריינפיר צו דער גרויזאַמער טראַגעדיע.

אַ דאַנק דער ענערגישער טעטיקייט פון דאַמאָלסדיקן „יודנראַט", מיטן אַדוואָקאַט יהושע איזיקזאָן בראש, איז געלונגען צייטווייליק אויסצוקויפן זיך און „אָפּשרייען" אַ גאַנצע ריי גזירות, ווי דאָס איינאָרדנען דעם געטאָ אויף „סאכאלין" און דער שפּעטערדיקער פּלאַן פון אַריבערפירן דעם געטאָ קיין פּאָלינאָוואַ, 18 קילאָמעטער פון שטאָט, וווּ מען וואָלט זיכער אויסגעשטאָרבן פון הונגער; די פאָראָרדנונג פון צושטעלן 60 יידישע מיידלעך (לויטן פאָרשלאַג פון ווייסרוסישן מאַגיסטראַט) פאַר די נאַצישע שאַנד־הייזער און אַ סך אַנדערע גזירות און רדיפות.

אָבער לאַנג האָט מען זיך נישט געקענט אויסקויפן.

אין סעפּטעמבער 1941 איז אָנגעקומען די געסטאַפּאָ און די נאַצישע ציוויל־פאַרוואַלטונג מיטן שרעקלעכן יידן־פרעסער, געביטס־קאָמיסאַר רודאָלף ווערנער בראש. ערשט דאַן האָט זיך אָנגעהויבן די פּלאַנמעסיקע און סיסטעמאַטישע פאַרניכטונג פון באַראַנאָוויטשער יידנטום. אונטערן אויסרייד פון שוץ קעגן די נאַכט־מאָרדן און רויב־אָנפאַלן, האָט מען אונז דעם 12־טן דעצעמבער 1941 פאַרשפּאַרט אין געטאָ, פאַרצוימט מיט שטעכעדיקן דראָט און אַרומגערינגלט מיט געסטאַפּאָ און ווייסרוסישער פּאָליציי וואַך.

די ענגשאַפט איז געווען אומבאַשרייבלעך, — אַ קוואַדראַט מעטער פאַר אַ פּערזאָן. דאָס עסן — 100 גראַם ברויט אַ טאָג, און די אַרבעט — פיזיש שווער. פון די 9000 געטאָ־איינוווינער פלעגן איבער 5000 אַרויסגיין טאָג־טעגלעך צו

דער אַרבעט, אין ערגסטן וועטער, געקליידעט האַלב־נאַקעט (די ווינטער קליידונג איז קאָנפיסקירט געוואָרן).

די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך זענען שוין דאַן מייסטנס געוועזן ליקווידירט, אָדער דורכגעמאַכט די ערשטע שחיטות. דער איינציקער שאַנס פאַר אַ יידן צו בלייבן לעבן איז געווען דער אַרבעט־שיין. ס'איז אויסגעבראָכן אַ טיפוס־עפּידעמיע, אָבער אַ דאַנק דער מסירות־נפשדיקער אַרבעט פון די יידישע דאָקטוירים און סאַניטאַרן מיטן ד״ר נאָכומאָווסקי בראש, ווי אויך דער דיסציפּלינירטער האַלטונג פון דער געטאָ־באַפעלקערונג, איז געלונגען צו באַקעמפן די שרעקלעכע מגפה און פאַרהוילן דעם גאַנצן ענין פון דער נאַצי־מאַכט, און אַזויאַרום אויסמיידן די זיכערע אויסראָטונג פון גאַנצן געטאָ.

דאָס לעבן איז געגאַנגען ווייטער. טאָג־טעגלעך האָט דער מולך פון טויט געפאָדערט נייע קרבנות. פאַר דער קלענסטער „עבירה", פאַר כאַפּן אַ ברויטל אָדער אַ שטיקל פּוטער, פלעגט מען אָפּט באַצאָלן מיטן לעבן.

מיט ברען און ליידנשאַפט האָט דער „יודנראַט" זיך אַריינגעטאָן אין דער אַרבעט פון אָרגאַניזירן דעם געטאָ און שאַפן אַ וועלכן נישט איז מאָדוס פון עקזיסטענץ, האָפנדיק — פאַרבלענדעט פון אַ אומלאָגישן אָפּטימיזם, — אַז מען וועט די אַלע גזירות ווי עס איז איבערקומען. אויך דער אַלטער גלויבן אין פּאָליציימייסטער, וואָס „נעמט", האָט באַנקראָטירט.

דער 4־טער מערץ 1942 (שושן פורים), איז געקומען. עפּעס איז שוין פריער געווען חשודיק. עטלעכע יידישע יונגעלייט, וועלכע האָבן געאַרבעט אין די געווער־סקלאַדן, האָבן דערציילט, אַז די געסטאַפּאָ האָט אַרויסגענומען פון דאָרט 10 טויזנט קוילן... פאַרשידענע קלאַנגען זענען אַרומגעגאַנגען אין געטאָ. שפּעטער האָט מען אויפגעפאָדערט פון דער יידישער אַרבעטס־אָפּטיילונג די קאַרטאָטעקע.

פורים, דינסטאָק צוויי אַזייגער בייטאָג (דעם 3־טן מערץ 1942), איז דער געטאָ פּלוצלינג אַרומגערינגלט געוואָרן מיט ווייסרוסישע פּאָליציי און ליטווישן געהילפס־מיליטער. במשך פון צוויי שעה האָט מען געמוזט אַריבערגיין דורך אַ שמאָלן דורכגאַנג פון איין האַלבן געטאָ אין צווייטן. דאָרט, אויף אַרלע גאַס, האָט שוין געוואַרט דער פּאָליטישער לייטער פון געביטס־קאָמיסאַריאַט מאַקס קראַמפּע, און געטיילט די לעבנסשיינען פאַר די אַזוי גערופענע „נוצלעכע" יידן.

שווער צו באַשרייבן די נאַכט פון פורים אויף שושן־פורים, — די נאַכט פון גרויל און שוידער. די פאַרצווייפלטע געשרייען פון די, וואָס האָבן נישט באַקומען קיין קאַרטן, דאָס געיאָמער פון די קינדער, וועלכע האָבן פאַרלוירן זייערע עלטערן אין טומל, דאָס ווידוי־זאָגן פון עלטערע און קראַנקע, — דאָס אַלץ האָט די גאַנצע נאַכט פאַרהילכט די גאַסן פון געטאָ און אומגעבונג.

6 פאַרטאָג האָט שוין די זשאַנדאַרמעריע געשלאָסן דעם אַרויסגאַנג צו יענעם טייל געטאָ, וואָס איז געווען באַשטימט פאַר די באַזיצער פון לעבנסשיינען.

ערשט איצט האָט זיך אָנגעהויבן די ריכטיקע שחיטה. מיט די קאָלבעס פון זייערע ביקסן האָבן זיי געשלאָגן איבער די קעפּ פון מענער, פרויען און קינדער און געצוווּנגען די קרבנות צו קריכן אין די אָנגעפּאָרענע אויטאָס, וועלכע האָבן זיי אַוועקגעפירט צו די פון פריער צוגעגרייטע גריבער ביים גרינעם בריק.

עטלעכע שעה שפּעטער זענען זיי אַריין אין צווייטן טייל געטאָ, אַרויסגעיאָגט אַלעמען פון די הייזער אויפן גאַס, און סאָרטירנדיק זיי אויף רעכטס און לינקס — ווידער אַוועקגעשיקט צו די גריבער נאָך אַ טויזנט יידן.

די לעצטע קרבנות פון דער גרויזאַמער שחיטה זענען געווען: 40 מאַן פון דער יידישער געטאָ־פּאָליציי מיט זייער פירער דעם געוועזענעם האַנטווערקער־טוער חיים וועלטמאַן בראש, ווי אויך דער פאָרזיצער פון „יודנראַט", אַדוואָקאַט אָווסעיי איזיקזאָן און די „מוטער פון געטאָ" זשעניע מען — זיין סעקרעטאַרין.

שוין ביי דער ערשטער שחיטה האָט זיך אַ גרעסערע צאָל יידן געראַטעוועט דורך פאַרשטעקן זיך אין בונקערס און פאַרשידענע אַנדערע באַהעלטענישן. דאָס האָט געגעבן אַ שטויס די איינוווינער פון געטאָ צו פאַרפולקאָמען דאָס בויען פון בונקערס („סכראָנעס"). צענדליקער סיסטעמען, איינס קליגער פון דעם אַנדערן, זענען אָנגעווענדעט געוואָרן ביים בויען פאַר זיך „לעבעדיקע קברים און נאָרעס" אונטער דער ערד־פּלאַך. פאַרצווייפלטע האָט מען זיך אָנגעכאַפּט אין יעדן שטרוי און געהאָפט אויף אַזאַ אופן אָפּנאַרן דעם בלוטיק־ראַפינירטן שונא.

נאָך דער ערשטער שחיטה איז דורך דער געסטאַפּאָ פאַראָרדנט געוואָרן אַ נייע רעגיסטראַציע. 7700 זענען נאָך געבליבן ביים לעבן. און דאָס לעבן האָט געפאָדערט זיינס. באַוויינענדיק די פאַרלאָרענע האָט מען זיך ווידער — אנות מיט גאַנץ ווייניק אָפּטימיזם, — גענומען זיך אָרגאַניזירן אין דעם נייעם קלענערן און פאַרשמעלערטן געטאָ. די גזירות זענען געוואָרן האַרבער. צו דער אַרבעט פלעגט מען שוין מוזן אַרויסגיין אין געשלאָסענע רייען אונטער אַ באַוואָפנטער באַגלייטונג. ביים געטאָ־טויער אויף סאַדאָווע פלעגט מען שטרענג רעווידירן און אַלץ קאָנפיסקירן. די ענגשאַפט (70 סענטימעטער פאַר אַ פּערזאָן) איז געווען דערשטיקנד. מען האָט געשלאָפן אין דריי־שטאָקיקע נאַרעס. אַלץ איז פאַרוואַנצט געוואָרן. מען ברענגט נאָך צו אונדז עטלעכע הונדערט יידן פון די אַרומיקע ליקווידירטע געטאָס: לעכעוויטש, קלעצק, מייטשעט, שטויבץ, האָראָדישטש א. א.

אין מיטן זומער 1942 לאָזט מען אַריין אין אונזער געטאָ בערך 350 פאַרוואָרלאָזטע, האַלב־טויטע יידן פון מעזריטש.

עס פאָרן דורך באַראַנאָוויטש גאַנצע טראַנספּאָרטן פון דייטשע יידן פון בערלין, האַמבורג, לייפּציג א. א. וו. זיי פאָרן כלומרשט אויף אַרבעט קיין מזרח (מערקווירדיק, די קרבנות גלויבן אין דעם...).

איינמאָל איז אַזאַ טראַנספּאָרט פון 3000 טשעכישע יידן אַראָפּגענומען געוואָרן פון באַן און דערשאָסן געוואָרן אין נאַענטן וועלדל, צוזאַמען מיט 8 באַראַנאָוויטשער יידן פון ק. צ. קאָלדיטשעווא, וועלכע זענען גענומען געוואָרן צו פאַרשיטן די קרבנות (צווישן זיי דער באַקאַנטער פּועלי־ציון־טוער שלמה ראַוויצקי).

מיר לעבן שטענדיק אין טויט־שרעק. די ידיעות פון פראָנט וועגן זיגרייכן מאַרש פון די נאַציס אויף קאַווקאַז שטיקן און דריקן. עס ווערט וואָס ווייטער אַלץ רייפער און רייפער דער געדאַנק צווישן דער יוגנט אַרויסצורייסן זיך פון געטאָ און אַנטלויפן אין די וועלדער. אַ גרויסער טייל פון דער יוגנט האָט באַשלאָסן שטעלן אַ ווידערשטאַנד. מען האָט געפּלאַנט ביי דער קומענדיקער שחיטה עפענען אַ פייער אויף דער געסטאַפּאָ, פאַרברענען דעם געטאָ, אונטערצינדן די פאַבריקן, מאַגאַזינען, אַרבעטס־פּלעצער א. ד. גל., און אין דעם אַנטשטאַנענעם כאַאָס אַנטלויפן פון געטאָ. מען שלעפּט געווער פון אַלע זייטן, ריזיקירנדיק מיט אַלץ און מיט אַלעמען. דער געטאָ איז געוואָרן ווי אַ פּולווער־פאַס, גרייט צו עקס־עקספּלאָדירן יעדע מינוט.

די צייט רוקט זיך.

דעם 4־טן יולי 1942 נעמט מען אַרויס פון געטאָ 13 דאָקטוירים און דענטיסטן, כלומרשט אויף אַרבעט אין יידישע לאַגערן, און מען דערשיסט זיי דעם זעלבן טאָג ביי האַלינקע.

דעם 29־טן אויגוסט 1942 ווערן אַרומגערינגלט די אַרויסמאַרשירנדיקע אַרבעטער־רייען, און 654 מאַן ווערן פאַרהאַלטן און אַוועקגעשיקט אויף באַן־אַרבעט קיין מאָלאָדעטשנאַ.

דער שעף פון געסטאַפּאָ, אָבערשטורמפירער גרינספעלד, מאַכט אָפטע יאַגד־שפּאַצירן אין געטאָ מיט זיין אויטאָ, און לאָזט זיך וווילגיין דורך דערהרגענען אומגליקלעכע יידן, וועלכע ער טרעפט צופעליק אויף זיין וועג. אַ צייטווייליקע דערמוטיקונג ברענגט אַ קורצע צייט שפּעטער די ידיעה, אַז דער דאָזיקער מערדער מיט נאָך עטלעכע צענדליק נאַציס איז געפאַלן אין קאַמף מיט די פּאַרטיזאַנער.

און אָט ברעכט אויס אַ טאָג נאָך יום־כּפּור, דעם 22־טן סעפּטעמבער 1942, די צווייטע שחיטה.

אונטערן אויסרייד פון אַ פאָדערונג נאָך מענטשן אויף אַרבעט קיין מאָלאָדעטשנאַ, לאָזן זיך אַריין אין געטאָ די געסטאַפּאָ־לייט, איבערגעטוענע אין „טאָדט" אוניפאָרמען (אַרבעטס־דינסט באַטאַליאָנען). צו זייער הילף זענען געשטאַנען עטלעכע הונדערט באַוואָפנטע ווייסרוסן און לעטן פון דער פאַשיסטישער פּאָליציי.

דער ווידערשטאַנד, ווי ער איז געפּלאַנט געוואָרן דורך דער געהיימער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע, ברעכט נישט אויס. די אויפקלערונג פון דער סיבה לאָז איך איבער פאַר די לעבנגעבליבענע, וועלכע זענען געשטאַנען אין שפּיץ פון דער אָרגאַניזאַציע. איין זאַך איז זיכער: עס האָט נישט געפעלט קיין אידעאַליזם און מוט ביי די מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע. מעגלעך אַז עס האָט זיי אָפּגעהאַלטן דאָס געפיל פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג אין געטאָ און פאַר די עטלעכע טויזנט יידישע אַרבעטער, וואָס זיי איז נאָך דאַן געגעבן געוואָרן די מעגלעכקייט צו לעבן.

צופעליק זענען אין הויז פון רודניקאָוו, סאָסנאָווע 20, אויפגעדעקט געוואָרן רעשטן פון ערשטן געווער־באַהעלטעניש. די נאַציס ברענגען אַראָפּ עטלעכע הונדערט ווייסרוסישע יונאַקעס, וועלכע וואַרפן זיך ווי אויסגעהונגערטע צערייצטע הינט אין דער פּאָגראָם אַרבעט. מיט אַ חיישן ברען האָבן זיי גערויבט די הייזער און ווי ווילדע חזירים גענישטערט און אַרויסגעשלעפּט פון די באַהעלטענישן פאַרשמאַכטע האַלב־טויטע יידן. באָרוועסע, האַלב־נאַקעטע, פלעגן די בעסטיעס קומען אין געטאָ מיט געזאַנג אינדערפרי, און גוט־געקליידעטע, מיט טעקעס אין די הענט, פלעגן זיי אים פאַרנאַכט פאַרלאָזן.

ערשט אויפן 4—5־טן טאָג האָבן זיך די דייטשן אַרומגעזען, אַז זיי אַליין זענען בילכער... די מערדער האָבן יעדעס מאָל געפונען נייע סיבות צום ווילדעווען. אין איינִיקע ערטער זענען ווידער אַנטדעקט געוואָרן רעשטן פון געווער־באַהעלטענישן. אויף סאַדאָווע 16 האָט אַן אומבאַקאַנטער העלדישער יידישער פּאָליציאַנט פאַרנאַרט אין בונקער אַ לעטישן אונטער־אָפיצער און אים צעפּערטלט אויף שטיקער מיט אַ מעסער. דער פריזירער זובאַק (שאָלאָמאָוויטש דעם כליזמר׳ס איידעם) האָט אויפן וועג צו די גריבער מיט אַ ראַזיר־מעסער איינגעשניטן דעם האַלז ביי אַ ווייסרוסישן פּאָליציאַנט.

אַזעלכע און ענלעכע נקמה פאַלן האָבן נאָך מער צעיושעט די בלוטדורשטיקע חיות.

8 טעג האָט געדויערט די בלוט־כאָד, און דריי וואָכן איז נאָך דער אַלטער געטאָ, אין וועלכן עס זענען געווען פאַרשטעקט העכער 500 יידן, האַלב־טויטע, געווען אַרומגערינגלט.

דער שרייבער פון די שורות, אָנפירנדיק דאַן מיטן געטאָ, האָט זיך פאַרנומען מיטן ראַטעווען די צום־טויט־פאַרמשפּטע יידן. מיט דער הילף פון אַן אונטערגעקויפטן דייטשן וואַכמייסטער האָב איך איבערגעפירט ביינאַכט עטלעכע צענדליק פון די אומגליקלעכע. צוויי נעכט איז מיר די רעטונגס־אַרבעט ווי־עס־איז געלונגען. אין דער דריטער נאַכט איז געשען אַ דורכפאַל. איך האָב פאַר דעם באַצאָלט מיטן לעבן פון מיין פרוי און קינד און נאָך אַנדערע קרבנות. על פּי נס בין איך אַליין געראַטעוועט געוואָרן אין דער פינסטערניש פון דער נאַכט.

איבער 3000 יידן זענען געפאַלן אין דער דאָזיקער צווייטער שחיטה.

דאָס געטאָ איז נאָך מער פאַרשמעלערט געוואָרן, און דאָס לעבן איז געוואָרן נאָך מער אומדערטרעגלעך. נאַכט איין נאַכט אויס רייסט מען די דראָטן און מען אַנטלויפט אין וואַלד אַריין. עס פעלן שוין איבער 200 מענטשן אין געטאָ. דער „יודנראַט" איז אין קלעם צווישן צוויי פייערן, טעראָריזירט פון איין זייט דורך די פּאַרטיזאַנער און באַדראָט פון דער

אַנדערער זייט דורך דער געסטאַפּאָ. מיט אַלע מיטלען באַמיט זיך דער „יודנראַט״ איינצוהאַלטן דעם רעוואָלטירנדיקן געטאָ. עס געלינגט אָבער נישט. מען האָט שוין נישט וואָס צו פאַרלירן...

דעם 12־טן דעצעמבער 1942 הרגעט יודל אשעראָווסקי אַ נאַצי ביים פאַרזוכן צונעמען ביי אים דאָס געווער און פאַלט אויך אַליין פון דעם גראַנאַט, וואָס ער האָט געוואָרפן. מען שפירט שוין אין דער לופט די זיך אָנרוקנדיקע קאַטאַסטראָ־פע. גרעסערע גרופן גייען אַוועק ביינאַכט אין די וועלדער צו די פּאַרטיזאַנער.

דאָס אַלץ איילט צו, וואַרשיינלעך, די דריטע שחיטה.

דעם 17־טן דעצעמבער 1942 (ט׳ טבת) ווערט פאַרטאָג ווידערס אַרונגערינגלט דאָס געטאָ מיט „שוואַרצע קראַען״ און לעטן. ווידער דויערט ביי אַ מאַנאַט צייט דאָס זוכעניש אין די באַהעלטענישן. ווידער קומט פאָר אַ שרעקלעכע בלוט־באָד, וואָס שלינגט איין קרוב צו 3000 יידן. די קרבנות ווערן אין שטיקנדיקע גאַז־אויטאָס אַוועקגעפירט צו די גרי־בער ביי גראַבאָוועץ.

באַראַנאָוויטש ווערט דערקלערט: „יודן־ריין״.

עס לעבן נאָך דאַן, נאָך דער אָפיציעלער ליקווידאַציע פון געטאָ, קליינע גרופן באַראַנאָוויטשער יידן: די מאַלאָ־דעטשנער גרופּע פון בערך 700 יידן, וועלכע זענען אומ־געקומען שפּעטער (אויסער 50, וואָס זענען אַנטלאָפן צו די פאַרטיזאַנער), עס לעבן נאָך ביי 350 יידן אין „א. ט. לאַגער״ (זיי זענען פאַרברענט געוואָרן דעם 6—5 נאָוועמבער 1943 אין קאָנצענטראַציע־לאַגער קאַלדישטשעווא, פון זיי זענען אַ 30—40 אַנטלאָפן צו די פאַרטיזאַנער), ביי אַ 250 יידן האָבן נאָך געאַרבעט אין „פעלדבאַוליייטונג״־לאַגער ביים לופט־פּלי־פלאַץ און זענען אומגעקומען אינמיטן 1943. ביי אַ 100 יידן זענען נאָך געווען באַשעפטיקט אין די געסטאַפּאָ פאַרמאַ־ציעס; דער גרעסטער טייל פון זיי איז זיך צולאָפן אין די וועלדער סוף 1943 און אָנהויב 1944.

פון אַ קהילה וואָס האָט געציילט 12000 מאַן בערך זענען נאָך יאָרן פון צוואַנגס־אַרבעט, הונגער און נויט, שחיטות, קאָנצענטראַציע־לאַגערן און שפּעטער אין פאַרטיזאַנקע און פראָנט־קעמפן ביז בערלין, — געבליבן לעבן בלויז 250 באַראַנאָוויטשער יידן (2 פּראָצענט בערך), צעזייט און צע־שפּרייט איבער גאָר דער וועלט

ד״ר שטרנפלד שבתאי

# שרות הבריאות בגיטו

עם יסוד היודנראַט, תחילת יולי 1941, קם גם שרות הבריאות ובראשו ד״ר נחומובסקי ועוזריו הראשונים: ד״ר דנילביץ צבי, ד״ר רבינוביץ בצלאל, ד״ר בוסל וכותב הטורים. עיקר פעולתנו היה אז מתן שרות רפואי חינם לנצרכים. עוד קודם לכן היה רובע יהודי צפוף־אוכלוסיה, משום שעוד לפני פלישת הגרמנים נשרפו מאות בתים במרכז העיר מחמת הדליקות שפרצו עם נסיגת הצבא האדום.

לצורך השמירה על הבריאות גויסו קבוצות סניטריות, שבקרו יחד עם רופאים בבתים והורו את התושבים בהלכות היגיינה ומניעת מחלות. פעולה זו נשאה פרי. אולם עיקר פעולתו של שרות הבריאות היה עם הקמת הגיטו, שכן אסור היה ליהודים ליהנות משרותים רפואיים מחוץ לגיטו.

שרות הבריאות היה מסונף ליודנראַט והורכב משתי מחלקות: רפואית וסניטרית. את המחלקה השניה ניהל ד״ר סבצ׳יץ (כעת בארצות הברית). מרכז השרות היה בבנין „מושב זקנים״ לשעבר, כאן היתה גם המרפאה ובית החולים. מולו נמצא בית החולים למחלות מידבקות ומנהל המשק היה יצחק איזיקזון. עם הקמת הגיטו עבדו בשרות הבריאות: ד״ר נחומובסקי, ד״ר דנילביץ, ד״ר רבינוביץ, ד״ר ליוברניצקי (הצעיר), ד״ר אַברמובסקי, ד״ר בוסל, ד״ר שטרנפלד, ד״ר סקווירסקי, ד״ר גב. בירגר וד״ר קפלן. יתר הרופאים עבדו עד יוני 1942 מחוץ לגיטו בבתי חולים העירוניים, ולאחר שפיטרו אותם עבדו גם הם בביה״ח שבגיטו. בשרות הרפואי עבדו גם ד״ר פידלר וד״ר יסינובסקי כרופאי שניים, המילדות ר. איזיק־זון, ח. בגוזה־יסינובסקי, מ. קבינטמן־טורצקי והאחות מ. לחוז־בינסקי. אני ניהלתי את המחלקה למחלות מידבקות. בבית המרקחת עבדו: רקוב, אברמובסקי ליונה, מייזלס, מוקסיי מיכאל, ש. סטולר־מירסקי.

העבודה היתה בחדשים הראשונים עצומה. הצפיפות בגיטו — למעלה מן המתואר, אדם למטר מרובע. הלכלוך בבתים ובחצרות גדול. חששנו מאד מפני מחלות מידבקות ובפרט מטיפוס. היודנראַט קיבל פקודה מפורשת שעליו להודיע על כל מקרה של מחלה מידבקת. קבוצות סניטריות ביקרו בבתים ובחצרות וסילקו הזוהמה. בחצר הגדולה של המחלקה למחלות מידבקות התקינו מכונת־חיטוי הפועלת באֵד לנקוי בגדים נגועי כנים. בית המרחץ נשאר מחוץ לגיטו — ולשם היו הולכים בקבוצות בימים קבועים להתרחץ. אגב, בית המרחץ שימש מקום מגע עם העולם האַריי וסייע לבריחה אל הפרטיזנים.

גיטו ברנוביץ נהפך „מוסטער־געטאָ״ (גיטו לדוגמה), לפי הכנוי של הימים ההם. פעמה בו השאיפה לגבור התלאות ולבלות את האויב. ואכן, הצלחנו לצמצם את מקרי הטיפוס בקרב תושבי הגיטו. בשנת קיום הגיטו, דצמבר 1941 — דצמבר 1942, 10—8 מקרים (הודענו רק על 4—3 מקרים). התמותה ה„טבעית״ בגיטו היתה קטנה באופן יחסי בהשוואה עם השנים מלפני המלחמה. הגיטו התגונן כהלכה מפני המח־לות.

אחרי מות ד"ר נחומובסקי (בשחיטת שושן־פורים) ניהל את השרות הרפואי עד לחיסול הגיטו ד"ר סקוירסקי. אחרי השחיטה השניה צומצם שטח הגיטו וגם השירות הרפואי: חדר אחד למרפאה וחדר לחולים.

אחרי חיסול הגיטו נותרו על שטח ברנוביץ שלש קבוצות של בעלי־מלאכה: האחת ברשות ה־ס. ד. בביתה של הרוזנת ברחוב נרוטוביץ ואני הייתי רופאה של הקבוצה עד לבריחתי לפרטיזנים. הקבוצה השניה, זו של ה„פעלדבאו־לייטונג", ליד שדה־התעופה ורופאה ד"ר אינגלמאן, פליט מהורודישץ' אחרי השחיטה שם, אוקטובר 1941, הקבוצה הזאת הושמדה בחמישי לפברואר 1943. הקבוצה השלישית היתה זו של או. ט. (אָרגאַניזאַציאָן טאָדט) — פועלי־כבישים ורופאה היה ד"ר סַבטשיץ עד לבריחתו לפרטיזנים באוגוסט 1943. היתה עוד קבוצה של תושבי ברנוביץ בקולדיצ'יבו, מחנה הסגר ליד הורודישטש ורופאה ד"ר לבינבוק, שברח ליער עם בני משפחתו בסוף אוקטובר 1943.

### ה„מזריטשאים"

אעמוד בקיצור על האפיזודה המזריטשאית („די מעזערי־טשער"), שיש לה קשר עם השירות הרפואי.

ביוני 1942 באה לברנוביץ קבוצת פועלים, כשלש מאות במספר, מה„גענעראַל־גובערנעמאן" (היינו משטחי פולין שסופחו ל„רייך") — רובם ממזריץ' ומכאן כינויים. הם נחטפו לעבודה, נשלחו לשדה התעופה ליד ברנוביץ. ערב אחד הוכ־נסה כל הקבוצה לגיטו. מראיהם היה קורע לבב; אנשים־שלדים, לבושי סחבות. רבים מתושבי הגיטו התכנסו סביבם — ודמעות בעיניהם.

מיד הביאו להם מזון ובגדים והקצו להם „שיכון" ברחוב אורלה 97, במועדון ה„בונד" לשעבר.

על אף כל אמצעי הסניטציה נדבק חלק מהם במחלות, והוכנסו למחלקה למחלות מידבקות. כעבור ימים מספר הופיעו אצלם סימנים ברורים של טיפוס הבהרות. והתייצבה השאלה, אם יש להודיע עליהם לשלטונות הגרמנים או לא? היה קיים חשש, שעם ריבוי המקרים עלולים הגרמנים לחסל את קבוצת המזריצ'אים המהווה מוקד למגפה, ואולי גם לחסל את כל הגיטו; ואם לא נודיע, שוב נסכן את חיי הגיטו, בפרט שהרופא של ה„געביטס־קומיסאַריאַט" ד"ר ויכמאן היה מבקר כפעם בפעם בבית החולים למחלות מידבקות. בתור אחראי למחלקה זו נועצתי עם ינקלביץ שמואל (ראש היודנראַט) — והחלטנו לא להודיע.

בינתיים נתרבה מספר החולים עד 15—10 בשבועיים. בנין ביתה"ח היה גדול ומורכב משני אגפים, ולא כל החדרים שימשו לאישפוז החולים — ורופא ה„געביטס־קומיסאַריאַט" לא ידע על כל החדרים. ניצלתי עובדה זו, וקבענו את החולים בחדרים נסתרים, שהכניסה אליהם היתה מוסתרת בארון. משירדה מידת חומם של החולים העברתי אותם לחדרים הקדמיים, ועל לוח החום ציינתי עקומות מדומות של שפעת, דלקת ריאות, דלקת מעיים וכד'. 25 חולים אושפזו במשך 6 שבועות — וכולם הבריאו! לאשרנו לא ביקר הרופא הגרמני אף פעם במחלקתנו — וכל הפרשה נסתיימה בכי טוב.

הבית של ה„מזריצ'אים" היה מגודר גדר־תיל. בכניסה אליו תלו שלט עם הכתובת: פה גרה קבוצת פועלים מה„גנרל־גוברנמאן". הם חשבו שזוהי סגולה להצלתם. אפס, בשחיטה השניה והשלישית הושמדו גם הם, ומכל 300 המזריצ'אים נשאר רק אחד, משה רוז'ה, שפגשתיו אחרי השיחרור.

### חטיפת הרופאים

בחודש יולי 1942 בבוקר הופיע ביודנראַט קצין ה־ס.ד. ובידו רשימה של 13 רופאים, שעליהם להתייצב מיד כדי לשלחם כרופאים למחנות־עבודה: ברשימה היו: ד"ר ברט־קובסקי, ד"ר קפלן ליאון, ד"ר לבקוביץ, ד"ר דנילביץ צבי ד"ר דנילביץ (אחיו), ד"ר ברוודה (חוניה), ד"ר איזיקזון (שורא), ד"ר סידרמן, ד"ר מירסקי יוסף, ד"ר יסינובסקי משה, פנטו (טכנאי שניים), ד"ר לוינבוק זליק ושניצקי מירון (סטודנט לרפואה). השנים האחרונים לא הופיעו. את היתר סגרו באוטו שנעלם מן האופק. למשפחות ציוו להכין חבילות־מזון ולבנים. במשך שבועות מספר עוד חיו באשליה שהם חיים אי־שם; כפעם בפעם הגיעו שמועות עליהם, לרוב ע"י פועלי־רכבת פולניים, אולם כעבור זמן קצר כבר התיאשו מהם. אחר השחרור נודע, שנהרגו ביום בו נלקחו.

### גורל הרופאים, הרוקחים והאחיות מברנוביץ

נהרגו: 1. ד"ר נחומובסקי אריה ואשתו — בשחיטה הראשונה; 2. ד"ר סקוירסקי — בשחיטה השלישית; 3. ד"ר איזיקזון בטי — בקיץ 1942, בישוב ליד לסנאיה; 4. ד"ר וייל גיאורג — בשחיטה השניה של יהודי הורודישץ', קיץ 1942; 5.6. ד"ר שפס, רופא אף אוזן וגרון, בשחיטה השלישית יחד עם אשתו חיה, בקטריולוגית; 7. ד"ר שפירא בוריס, רופא אף אוזן וגרון, בחורף 1942. בפרוץ המלחמה ב־1939 נמצא ברוסיה וחזר לברנוביץ. אחרי השחיטה הראשונה הלשינו עליו כעל קומוניסט, נאסר ע"י הנאצים והוצא להורג; 8. ד"ר סלוצקי ראובן — בשחיטה השלי־שית; 9. ד"ר רבינוביץ בצלאל — בשחיטה השלישית. 10. ד"ר בוסל אייזיק, רופא עינים, בשחיטה השלישית; 11. ד"ר אשרובסקי יעקב, בשחיטה השלישית; 12. ד"ר ליוברניצקי יוזיק, פליט מלודז', בשחיטה השלישית; 13. ד"ר אברמובסקי אברהם (אבראשה), ע"י הפרטיזנים ביערות „סביינטשיצה"; 14. ד"ר שניצקי חיים, בשחיטה השניה, ספטמבר 1942; 15. שניצקי מירון, סטודנט רפואה, בנובמבר 1943 במחנה ריכוז „קאָלדיצ'אָבו" ליד הורודישץ'; 16. ד"ר גולדין אהרן, בימי השלטון הסוואָטי עבד ב„נאָוואילניה", בבי"ח לשחפת, יחד עם ד"ר גלס מוארשה. נהרג כנראה ע"י הנאצים; 17. ד"ר קגן יעקב, יו"ר מפלגת „פועלי ציון" בברנוביץ, ומפקד מרד גיטו נובוגרודק. הוגלה בימי השלטון הסוואָטי יחד עם בני משפחתו לעיירה ז'אָטל. אחרי שנהרגו אשתו ובתו הקטנה, הועבר לגיטו נובוגרודק.

ברח משם עם הקבוצה האחרונה דרך המנהרה שחפרו תושבי הגיטו האחרונים ביזמתו ותחת השגחתו. נפל בצאתו מן המנהרה, 26 בספטמבר 1943; 18. ד"ר הרצליך — בא לברנוביץ בימי שלטון הסוואטי. עבד בבי"ח בגיטו, ברח בסתיו 1942 ליערות מולצ'אד, נתפס עם אשתו ונהרג; 19. ד"ר בודובלה צבי, — בקיץ 1942, בסטאַלאָביץ, לשם עבר בתחילת הכיבוש הנאצי. בתו, בגיל 3½, ניצלה בנס. זטורנסקי החייט, אחד מניצולי ברנוביץ, גיסו של ד"ר בודובלה, אימץ את הילדה והם נמצאים עתה בארה"ב; 20. ד"ר גבזה ראובן, עזב את ברנוביץ עם כיבוש העיר ע"י הגרמנים. נהרג אי־שם; 21. ד"ר ריבקין מרדכי — נהרג בנסיבות בלתי־ידועות; 23. 22. ד"ר קפלן (הזקן) עם אשתו, רופאת שנים — בשחיטה הראשונה. בשנות העשרים עבר לוארשה וחזר לברנוביץ אחרי כיבוש העיר ע"י הסוואטים; 24. ד"ר בירגר (רופאה) — בשחיטה השניה; 25. ד"ר ברמן משה, רופא שינים, — בשחיטה השניה; 26. ד"ר מַיזלס, רופאת שינים, — בשחיטה השלישית; 27. ד"ר ארונסון — הוצא להורג בסוף 1942. בא לברנוביץ מלודז' כפליט בימי השלטון הסוואטי; 28. הרוקח רקוב, מנהל בית המרקחת בגיטו — בשחיטה השלישית; 29. הרוקח אברמובסקי ליונה, — בשחיטה השלישית; 30. הרוקח מיזלס — בשחיטה השלישית; 31. הרוקח סידרמן (הזקן) — בסוף 1942. 32. הרוקחת מולצ'אדסקי — בשחיטה השלישית; 33. הרוקחת סטולר־מירסקי שיינה — בקיץ 1942, ב„ניאָדבידיצה", איבדה עצמה לדעת יחד עם בעלה לוליק ובתה רות, לפני שהנאצים עמדו להרגם. עברה לשם בפברואר 1942 לנהל את בית המרקחת לפי המלצת הרופא המחוזי ד"ר לוקאַשינה; 34. הרוקחת פוליאצ'ק — בסוף 1942; 35. הרוקחת פולונסקי־בלוך מירה — בסוף 1942; 36. הרוקח ביטנסקי שלמה — בסוף 1942; 37. הרוקחת קנטרוביץ — בסוף 1942; 38. הרוקח רינג — בסוף 1942. בא לברנוביץ בתור פליט בימי השלטון הסוואטי; 39. איזיקזון יצחק — בסוף 1942. נלקח לקולדיצ'יבו, משם העבירוהו בתור נגר למינסק ונהרג שם; 40. לחוזביאנסקי מינה — בשחיטה השניה. ילידת סלונים. עבדה בוארשה בביה"ח „צ'יסטא". בימי השלטון הסוואטי עבדה בביה"ח העירוני בברנוביץ. היתה אחות ראשית בביה"ח בגיטו. נפלה על משמרתה בשחיטה השניה בתפקיד מטעם ארגון המחתרת בגיטו; 41. בגוזה־יסינובסקי קלרה — בשחיטה השלישית. עבדה כמילדת בבית החולים בגיטו; 42. איזיקזון רעיה — בשחיטה השניה. היתה מיילדת בביה"ח בגיטו; 43. קבינטמן־טורצקי מינה — בשחיטה השניה, מיילדת בביתה"ח בגיטו; 44. גבזה אסתר, אשתו של ד"ר גבזה — בשחיטה השניה. היתה אחות בביה"ח בגיטו; 45. פיליטובסקה — בשחיטה השניה. פליטה מפולין. היתה אחות ראשית במחלקה למחלות מידבקות; 57—46. ד"ר ברטקובסקי שורא, ד"ר לבקוביץ האַרי, ד"ר מירסקי יוסף, ד"ר דנילביץ (רופא נשים), ד"ר דנילבץ גרישא (רופא למחלות פנימיות), ד"ר איזיקזון שורא, ד"ר סידרמן (בנו של הרוקח) ד"ר ברוודה חנן, ד"ר יסינובסקי משה (רופא שינים), ד"ר פידלר (רופא שינים), ד"ר קפלן ליאון (בא לברנוביץ מוילנה ב־1935), פנטי (טכנאי שינים), — כולם הושמדו ביום חטיפת הרופאים, 3 ביולי 1942; 59—58. מתו באופן „טבעי": ד"ר סקוירסקי, רופאת ילדים, בקיץ 1942; ד"ר לוברניצקי וצלב, פליט מלודז' — בפרטיזנים.

ת. נ. צ. ב. ה.

*

יבדלו לחיים: ד"ר לוינבוק זליק, ד"ר שטרנפלד שבתאי, ד"ר ברסלב זלמן, ד"ר ברקוביץ לוליק, הרוקח מוקסיי מיכאל — כולם בישראל; ד"ר סבטשיץ פישל — בארצות הברית; בגוזה לאה (בתה של המיילדת), סטודנטית רפואה, עבדה כאחות בבית"ח בגיטו, נמלטה אל הפרטיזנים. אחרי השחרור נשארה בססס"ר וסיימה חוק לימודיה ברפואה.

ד״ר זעליק לעווינבוק

# אומקום פון באַראַנאָוויטשער יידנטום

די באַשרייבונג פון ד״ר ז. לעווינבוק ווערט דאָ געבראַכט אָן ענדערונגען (מיט קליינע פאַרקירצונגען), אַזוי ווי זי איז געשריבן געוואָרן דורכן מחבר, כדי אָפּצוהיטן דעם אָטעם פון אוממיטלבאַרן באַריר מיט די באַשריבענע געשעעניש.

(די רעדאַקציע).

## די דייטשן קומען...

עס איז אויפגעגאַנגען אַ רוהיקער, זומערדיקער זוניקער פרימאָרגן, פרייטיק פרי, דעם 27־טן יוני 1941.

7 אַ זייגער פרי האָט זיך דערהערט דער גערויש פון מאָטאָציקלען, טאַנקן און אויטאָס. דורך די שפּאַרן פון די פאַרמאַכטע לאָדן און טירן האָט מען געזען דאָס דורכפאָרנדיקע דייטשע מיליטער, אין דער מזרח ריכטונג.

ערשט דאַן האָבן די יידן באַשלאָסן אַרויסגיין פון די קעלערס און די פאַרמאַכטע הייזער.

אין עטלעכע שעה ארום האָבן אָנגעהויבן אַרומגיין קליינע גרופּן דייטשן מיט אָנגעשטעלטע ביקסן און זוכנדיק סאָוויעטישע אויסבאַהאַלטענע סאָלדאַטן, האָבן זיי קאָנטראָלירט ביי אַלע איינוווינער די דאָקומענטן.

דער טאָג איז אַדורך רוהיק. צומאָרגנס זענען די ערשטע אַוועק צו זייער אַרבעט אין שפּיטאָל די יידישע דאָקטוירים, אָנטועדיק אויפן אַרבל פון דער לינקער האַנט אַ ווייסן באַנד מיט אַ רויטן קרייץ אין דערמיט. געטראָפן האָט זיי ד״ר דעראָסעט, — אַ פּאָליאַק, אַ פאַרביסענער אַנטיסעמיט. דאָס האָט ער איבערגענומען די אָנפירונג מיטן שפּיטאָל, נאָך דעם ווי ער איז רוהיק און באַשיידן געזעסן אין דער צייט פון דער סאָוויעט־הערשאַפט.

— איצט וועט שוין קומען אייער סוף! דערוויל פאַרנעמט זיך מיט די קראַנקע אָבער אין גיכן וועלן מיר זיך באַגיין אָן אייך!

דאָס איז געווען די ערשטע „פיינע״ באַגעגעניש מיט אים.

די שטאָטישע מאַכט האָבן אריינגענומען אין די הענט די פּאָליאַקן. מצד די דייטשן איז געגרינדעט געוואָרן די אָרטס־קאָמענדאַנטור.

די ערשטע האָבן, ווי געוויינלעך ביי יעדער מאַכט־ענדערונג, געעפנט זייערע געשעפטן די פאַריקמאַכער. נאָכדעם איז אַרויס אַ באַפעל פון דער אָרטס־קאָמענדאַנטור, אַז אַלע זאָלן זיך שטעלן צו זייערע פריערדיקע אַרבעטן. אויסערדעם האָבן די דייטשן און די אויף־גיך־געגרינדעטע פּוילישע פּאָליציי, געכאַפּט טאָג־טעגלעך יידן אויף אַרבעט און רעקווירירט אַלץ וואָס זיי האָט זיך נאָר געוואָלט. און די קריסטלעכע שכנים האָבן אָנגעהויבן דערטראָגן די דייטשן אַלערליי נישט־געשטויגענע און נישט־געפלויגענע מעשיות אויף יידן.

שוין דעם דריטן טאָג פון דייטשער הערשאַפט האָט אַ שייגעץ געבראַכט דייטשן צו אָשעראָווסקין אין הויף און אָנגעוויזן אויף משה אָשעראָווסקי, אַז ער איז געווען אַ קאָמוניסט. מען האָט אים גלייך צוגענומען אין קאָמענדאַנטור, און 5 אַזייגער נאָכמיטאָג איז ער דערשאָסן געוואָרן.

דער ערשטער קרבן פון אומקומענדיקן באַראַנאָוויטשער יידנטום.

אין אַ פּאָר טעג אַרום זענען אַרעסטירט געוואָרן די דאָקטוירים שבתי שטערנפעלד, טשאַצקעס איידעם, אַלעקסאַנדער בראַטקאָווסקי און אַראָנסאָן—אַ פליט פון לאָדזש. מען האָט אויף זיי געמסרט, אַז זיי זענען קאָמוניסטן. דורך אַ נס, נאָך איינטערווענצן און פּראָטעקציע פון אַ דייטשן ריכטער, וועלכער האָט געוווינט ביי די טשאַצקיס, און דורך יידישע שתדלנים, איז געלונגען זיי צו באַפרייען.

## דער יידן־קאָמיטעט

די געשאַפענע לאַגע האָט געגעבן דעם אימפּולס אייניקע געוועזענע יידישע כלל־טוער, צו גרינדן אַ צענטראַל־פונקט פון די יידן, וועלכער איז שפּעטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין „יודנראַט״. די גרינדער זענען געווען מענדל גאָלדבערג, צוקערמאַן, חיים וועלטמאַן א. אַ. צו די האָבן זיך דערנאָך אָנגעשלאָסן אַנדערע: דער אַדוואָקאַט אָוסעי איזיקזאָן, מרדכי שיף, דער געוועזענער קאַסירער אין מאַגיסטראַט, אַלס קאַסירער, יוסף קוריניעץ — אַלס סעקרעטאַר. זייער אַמטירונגס־שטעלע איז געווען אין הויז פון פּאַקער, אויף דער ווילנער גאַס. זייער אויפגאַבע איז געווען צושטעלן די דייטשן אַלץ וואָס זיי האָבן געפאָדערט, אויך אַרבעטער, וועלכע זענען יעדן פרימאָרגן צונויפגעזאַמלט געוואָרן אויפן דאָזיקן פונקט און פון דאָרט אָפּגעמאַרשירט אויף די דורך די דייטשן אָנגעוויזענע פּלעצער. די אויפגאַבע פון דעמדאָזיקן קאָמיטעט איז אויך געווען צושטעלן ברויט די אַרבעטער.

אַלע די, וועלכע האָבן געארבעט אויף סטאַבילע פּלעצער, ווי צ.ב. אין שפּיטעלער, אַמבולאַטאָריעס, מילן, אַפּטייקן א.א.וו. האָבן באַקומען אַרבעטס־שיינען פון אָרטס־קאָמענדאַנטור, אַז מען זאָל זיי נישט צוציען צו קיין אנדערע ארבעטן.

אַלע איבעריקע האָבן באקומען איינלאַדונגען פון דעם יידן־קאָמיטעט זיך צוצושטעלן צו דער אָנגעגעבענער צייט אין קאָמיטעט. דאָך האָט דאָס נישט אויסגעשלאָסן, אַז פון צייט צו צייט זאָלן יידן נישט געכאַפּט ווערן צו דער אַרבעט.

דער קאָמיטעט האָט זיך אויך באַמיט צו זאַמלען געלט ביי די יידן, כדי צו קענען אונטערקויפן געוויסע איינפלוס־רייכע דייטשן און אָרטיקע פּאָליאַקן.

שוין אין דער ערשטער וואָך זענען אויסגעהאַנגען געוואָרן פּלאַקאַטן פון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט מיט אַ באַפעלן: צווישן אַנדערע אַ באַפעל, אַז די יידן דאַרפן אָנטאָן אויפן לינקן אַרבל אַ ווייסן באַנד מיט אַ אויסגענייטן געלן מגן־דוד. באַלד נאָכדעם קומט אַ באַפעל, אַז די יידן מוזן אָפּגעבן זייערע ראַדיאָ־אַפּאַראַטן. גלייך נאָכדעם אַ נייער באַפעל, אַז מען זאָל אַריינטראָגן אַלע ווערט־פּאַפּירן, אָפּשפּאָר־ביכלעך, הלוואות־בילעטן, סיי פון דער פּוילישער און סיי פון דער סאָוויעטישער רעגירונג.

אינצווישן ווערן די בעסערע וווינונגען אין צענטער שטאָט רעקווירירט דורך די דייטשן, און די יידן מוזן פאַרלאָזן זייערע הייזער און דירות אין געציילטע שעה'ן. מצד דעם קריסטלעכן בירגער־קאָמיטעט פאַרנעמט זיך מיט דער קוואַרטיר־מייסטערשאַפט דער געוועזענער צאַרישער פּריסטאַוו (פּאָליציי־קאָמענדאַנט) פון באַראַנאָוויטש באַכאַר — אַ גוט־באַקאַנטער פון אַמאָליקע צייטן שוחד־נעמער, און פון יידישן קאָמיטעט האָט זיך פאַרנומען מיט דער פראַגע — אָוועסיי איזיקזאָן.

מיט דעם אויבנדערמאָנטן באַכאַר איז נישט איינמאָל אויסגעקומען צו פאַרהאַנדלען וועגן דעם צוקונפטיקן געטאָ, און אַ סך גזירות זענען אָפּגעשריען געוואָרן. איזיקזאָן האָט געהאַלטן פון כלל: „הכסף יענה את הכל". ער האָט געמיינט, אַז דערמיט וועט זיך אים איינגעבן ראַטעווען פון אומקום דאָס באַראַנאָוויטשער יידנטום.

אויסערדעם וואָס די יידן ווערן אַרויסגעשליידערט פון זייערע וווינונגען, פאַרלאָזן אַ סך זייערע הייזער, און באַמיען זיך צו באַזעצן צוזאַמען מיט די איבעריקע יידן אין מערב־דרום־טייל פון שטאָט, וועלכער איז שפּעטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין ענטגילטיקן געטאָ.

זיי גיבן איבער זייערע מעבל און ווערט־זאַכן די קריסטלעכע שכנים, צו באַהאַלטן.

דערווייל פאַרגייען טעג נאָך טעג אין שרעק, פּיין, רעקוויזיציעס און צוואַנגס־אַרבעט.

## דערשאָסן 71 „יידן־קאָמוניסטן"

דעם 9־טן יולי גייען אַרויס פון זאַמל־פּונקט ביים יידישן קאָמיטעט גרופּן אַרבעטער; איבער 200 מאַן ווערן צוגענומען אויף אַרבעט אין די מיליטער־קאַשאַרן. ביז מיטאָג אַרבעטן זיי, ווי געוויינלעך, אונטער אַ האָגל פון קלעפּ, שיקאַנעס א. א. וו. מיטאָג־צייט ווערן אַרויסגעשטעלט אויפן פעלד 3 טישלעך און די אַרבעטער באַקומען אַ באַפעל צוגיין צו איינעם פון די טישלעך און זיך רעגיסטרירן. די גרופּע, וועלכע האָט זיך צופעליק רעגיסטרירט ביים מיטעלן טיש, אין אַ צאָל פון 71 מאַן, ווערט נאָך דער אַרבעט צונויפגעזאַמלט און אונטער קלעפּ מיט ביקס־קאָלבן און שטעקענער אָפּגעפירט אין איינער פון די קאַשאַרן־געביידעס און דאָרט איינגעשלאָסן; די איבעריקע יידן ווערן אָפּגעשיקט אַהיים. דערווייל איז נישט באַקאַנט, וואָס מיט די מענטשן דאַרף פאָרקומען. אינטערוועגנצן זענען דעם טאָג שוין אומגעקומען... מעגלעך, ווייל 7 אַ זייגער אָוונט איז די אַזוי גערופענע „שפּער־שטונדע" — און ביז פרי איז נישט דערלויבט אַרויסצוגיין אין די גאַסן.

צומאָרגנס און אין די קומענדיקע טעג ווערן געמאַכט באַמיונגען פון יידן־קאָמיטעט זיך צו דערוויסן וועגן זיי און באַפרייען זיי, אָבער אָן רעזולטאַטן, — מען ווייס נישט וואָס מיט זיי איז געשען; מען האָפט, אַז זיי וועלן זיך נאָך אומקערן... אָבער אין אַ פּאָר טעג אַרום זעט מען אויף די אַפּישן־טורעמס נישט קיין גרויסע געלע בלעטלעך, אין דייטש און פּויליש, ווו עס ווערט געמאָלדן, אַז דעם 9־טן יולי זענען דערשאָסן געוואָרן 71 יידן־קאָמוניסטן פון באַראַנאָוויטש. אַ טרויער איז אַראָפּ אויף די משפחות פון די אומגעקומענע און אויף אַלע איבעריקע יידן.

## די מערדער מאַכן זיך לוסטיק...

עס פאַרגייען קוים אַ פּאָר טעג. די מענטשן גייען אַרויס יעדן פרימאָרגן צו דער אַרבעט, ווי געוויינלעך. פּלוצים איז אָנגעקומען אַן אָפּטיילונג ס. ס.־מענער; זיי פאָרן מיט אויטאָס איבער די גאַסן, האַלט אָפּ די יידן, וועלכע לויפן צו דער אַרבעט, און לאַדעווען זיי אין די דאָזיקע אויטאָס. די אָנגעפילטע אויטאָס פאָרן אָפּ און באַלד קומען זיי צוריק ליידיק, און מען כאַפּט ווייטער יידן אין די גאַסן. מען כאַפּט נאָר מענער, די פרויען לאָזט מען גיין.

אין די הייזער — אַ יאָמער, אַ געוויין; מען ווייסט נישט, וואָס פאַראַ נייע גזירה איז געקומען.

די אויטאָס ברענגען די יידן אין דער ברויט־פאַבריק. מיט אויפגעהויבענע הענט לאָזט מען זיי אַריין דורך אַ טויער אויף אַ גרויסן, ליידיקן פּלאַץ; מען רעווידירט זיי, מען נעמט אַוועק אַלע זייערע דאָקומענטן און מען וואַרפט עס צונויף אין איין הורבע.

די מענטשן הייסט מען לויפן שנעל און זיך זעצן אין אַ קרייז אינמיטן פּלאַץ, צווישן אומריינקייטן. אַרום זיי דרייען זיך ס. ס.־מענער און שלאָגן מיט ביקסן און שטעקנס איבער די קעפּ. אין מיטן פון קרייז ווערן אַוועקגעשטעלט צוויי פּולעמיאָטן. ס. ס.־מענער לאַדעווען זיי אָן מיט קוילן־בענדער. מען קלאַפּט מיט די מאַשין־געווער־שלעסער. דער עולם ווערט בלייך און פאַרגליווערט.

די דייטשן הויבן אויף פון דער ערד עטלעכע דאָקומענטן און רופן אויס: „מאָרין, מאָרין! אַהער!"

דער געוועזענער לערער פון טאַנץ־קלאַס (ביי אַשעראָווסקין אין מויער) לויפט אַרויס פון זיין זיץ־אָרט און שטעלט זיך אין מיטן.

— דו ביסט אַ טאַנץ־מייסטער?

— יאָ, געוועזן.

— באַוויז דיין קונסט! טאַנץ!

איינער פון די דייטשן נעמט אַ מויל־האַרמאָניק און הויבט אָן שפּילן.

אַ דערשראָקענער הויבט מאַרין אָן צו טאַנצן. מען שלעפּט אַרויס נאָך יונגעלייט און מען הייסט זיי טאַנצן און מאַכן אַלערליי העוויות; דערביי פאָטאָגראַפירן די דייטשן די אויסטערלישע פּאָזעס. מען רופט אַרויס אַ בחור מיט אַ באָרד, מען הייסט אים אויפהויבן די הענט,— ער ווערט פאָטאָגראַפירט. דאַן שניידט מען אים אָפּ אַ האַלבע באָרד — און מען פאָטאָגראַפירט נאָך אַמאָל.

דערביי לאַכן און שפּאַטן די מערדער. מען רופט אַרויס דעם אַלטן גרשון ברעגמאַן. מען האָט אים און נאָך אַ פּאָר יידן געכאַפּט טראָגנדיק טליתים און תפילין. מען באַפעלט זיי אָנטון טלית און תפילין און באַווייזן ווי יידן דאַווענען.

מען רופט אַרויס דעם מעדיצין־דאָקטאָר אייזיק בוסעל:

— וואָס איז דיין באַשעפטיקונג?

— איך בין אַן אויגן־דאָקטאָר.

— דו ביסט איין אַרצט? אַ דרעקישער אַרצט! — און דערביי ווערן אַראָפּגעריסן זיינע ברילן. מען שלאָגט אים אין פּנים.

— און מיט וואָס פאַרנעמסטו זיך? — ווענדן זיי זיך צו ד״ר דאַנילעוויטש גרישע.

— דו האָסט אַ דאָקטאָר־דיפּלאָם פון אַ דייטשער אוניווערסיטעט! מיר דאַרפן נישט קיין יידישע דאָקטוירים!

און זיין דיפּלאָם ווערט צעריסן אויף שטיקלעך.

די תלינים רופן ארויס צו זיך איינעם אַ משוגענעם. ער ענטפערט אויף אַלע פראַגן קלאָר און דייטלעך.

די נאַציס מאַניפּולירן מיט די פּולעמיאָטן און ריכטן זיי אויף אַלע זייטן קעגן די יידן.

דאַן שלעפּט מען אַרויס אַ יונגן בחור. ער ציטערט אויפן גאַנצן לייב. די נאַצישע רויבער באַפאַלן אים און ממיתן אים מיט שטעקנס.

— איך ניכט יודע! — שטאַמלט ער...

מען שלאָגט ווייטער. ער שרייט: „איך ניכט יודע!"

מען קאָנטראָלירט זיינע דאָקומענטן און עס ווייזט זיך ווירקלעך אַרויס, אַז ער איז אַ קריסט.

מען לאָזט אים אָפּ.

עס פּאַרפאָרט אַ מאָטאָציקליסט און רעדט זיך דורך מיט די אָנפירער. דאַן שטעלט זיך אויף איינער פון זיי און האַלט אַ רעדע:

„איר מוזט אַלע גוט און פלייסיק אַרבעטן און דערפילן אַלע באַפעלן פון אונזער מאַכט! — הערט זיך אַ שטים — „אויב נישט" — וועלן מיר אייך אַלע אויסשיסן! פאַרשטאַנען?

אַ טויטע שטילקייט.

— פאַרשטאַנען? —

— פאַרשטאַנען — ענטפערן אַלע ווי איינער.

— און איצט, שנעל צו דער אַרבעט! לויפן! צום טויער! שנעל! שנעל!

מען לויפט צום טויער; דערביי ווערן אַלע געשלאָגן איבער די קעפּ.

מען מוז דורכלויפן דורך אַ שפּאַלער ביז דעם טויער; פון ביידע זייטן שטייען דייטשן מיט שטעקנס און ביקס־קאָלבעס און מען שלאָגט, און מען שלאָגט. איינער פאַלט, און די לויפנדיקע הויבן אָן צו פאַלן איינער אויף דעם צווייטן. און די שטעקנס אַרבעטן; זיי ווערן צעבראָכן איבער די קעפּ און לייבער פון די ליגנדיקע און אַנטלויפנדיקע.

דערשלאָגענע, פאַרבלוטיקטע לויפן אַלע צו דער אַרבעט. מען איז צופרידן, וואָס ס'האָט זיך אַזוי געענדיקט, מען גלויבט אַז מען איז געראַטעוועט געוואָרן פון זיכערן טויט, נאָר ווייל די מיליטער־מאַכט האָט געפאָדערט די אַרבעטער צו דער אַרבעט.

## כאַפּערייען, רעוויזיעס, קאָנטריבוציעס

דעם 17־טן יולי ווערן מיר געוווירט, אַז אין שטאָט איז אָנגעקומען אַ ס. ס.־אָפּטיילונג. און באַלד האָבן מיר זיי אייך דערזען.

גרופּנוויז צו 3—4 סאָלדאַטן מיט די ביקסן אין די הענט, זענען זיי געגאַנגען פון איין הויז צו דעם אַנדערן, געמאַכט גרינטלעכע רעוויזיעס און גערויבט, צונעמענדיק דערביי ווערטפולע זאַכן. די יידישע יונגעלייט, וועלכע זענען צופעליק נישט געווען ביי דער אַרבעט, האָבן זיי אָפּגעפירט אויפן מאַרק־פּלאַץ. איין ס. ס.־גרופּע איז ארויס און אין אַ קורצער צייט אַרום איז געקומען אַ צווייטע; אופסניי רעוויזירט מען און ווידער נעמט מען די מענער, וועלכע האָבן זיך באַוויזן אויסבאַהאַלטן. אַזוי זענען דורכגעפירט געוואָרן דעם נאָכמיטאָג זעקס ביז זיבן „באַזוכן".

איינער פון די דייטשן, וועלכער איז געקומען צו אונז אין הויז מיט נאָך אַ גרופּע, וועלכע האָט דורכגעפירט די רעוויזיע, האָט אָפּגערופן מיר און מיין פרוי אין אַ באַזונדער צימער און געזאָגט, אַז ער האָט אַ באַפעל מיטנעמען די מענער. — און ווייסט איר, וואָס עס מיינט מיטנעמען? — האָט ער שטיל צוגעגעבן. — דאָס מיינט, אַז איר וועט זיי שוין מער קיינמאָל נישט זען.

דערביי האָט ער זיך געווענדעט צו מיין פרוי און געזאָגט: „שענקט מיר אייער רינגעלע"...

ביי 350 יונגע מענער זענען דעם טאָג צוגענומען געוואָרן דורך די „כאַפּערס", און מיט דער פינסטערניש פון דער אָנקומענדיקער נאַכט זענען זייערע שפּורן פאַרשוווּנדן געוואָרן. מען האָט זיי שוין מער קיינמאָל נישט געזען...

צומאָרגנס פרי איז ארויס אַ פאַראָרדנונג פון יידן־קאָמיטעט, אַז יעדער ייד זאָל אַריינטראָגן זיין גאָלד און זילבער ווי אויך געלט אין קאָמיטעט. עס איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אַ קאָנטריבוציע פון דער דייטשער מאַכט — 5 קילאָגראַם גאָלד, 10 ק״ג זילבער און איין מיליאָן סאָוויעטישע רובל.

דער יידן־קאָמיטעט האָט געזאָגט, אַז דאָס איז נויטווענדיק אויף אויסלייזן די געכאַפּטע מענער. פון אַלע זייטן

האָבן זיך אַ לאָז געטאָן די יידן צום קאָמיטעט, ווער מיט יאָלדענע פינגערלעך, ווער מיט די זילבערנע שבת־לייכטער, זילבערנע גאָפל, מעסער און לעפל, מיט געלט א. אַ. וו. יעדער דאָט געגעבן, וואָס ער האָט געהאַט. דער קאַסירער שיף האָט אויפגענומען די געלטער, און דער יובילער טשאצקי האָט אויפגענומען דאָס גאָלד און זילבער. אין גאָר אַ קורצער צייט איז די קאָנטריבוציע צענויפגעזאַמלט געוואָרן, אָבער די מענער, די געכאַפּטע האָט מען נישט געזען.

דער יידן־קאָמיטעט האָט געזאָגט, אַז זיי פאָדערן נאָך זאַכן: וואַש־זייף, טואַלעט־זייף, נייע סקאַרפּעטן א. אַ. וו. שליחים פון קאָמיטעט זענען געגאנגען פון הויז צו הויז און געזאַמלט די אַלע זאַכן.

יעדער האָט געגעבן, אַבי ראַטעווען זיי, און זיי האָט מען אַלץ נישט געזען.

די יידן האָבן אָנגעהויבן צווייפלען אין די מאָטיוון פון דער קאָנטריבוציע, עס האָבן זיך דערהערט מיינונגען, אַז דאָס איז נאָר דייטשע אויספּרעסונג. אַנדערע האָבן געטענה׳ט, אַז אַ טייל פון די געלטער האָט דער יידן־קאָמיטעט גענומען פאַר זיך אויף לויפנדיקע וויכטיקע אויסגאַבן.

## דער קאשמאר פון געטא שווימט אויף

אינצווישן האָט זיך געגרינדעט דער קריסטלעכער בירגער־קאָמיטעט בראש פון וועלכן עס איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן איינער סאָבאָלעווסקי, אַ ווייסרוס פון סטאָלפּצי (ער האָט שפּעטער געדאַרפט זיין דער פּרעזידענט פון ווייס־רוטעניע). עס איז דורכגעפירט געוואָרן אַ פּאַספּאָרטיזאַציע: די סאָוויעטישע פּאַספּאָרטן זענען פאַרביטן געוואָרן אויף אויסווייזן אין דער דייטשער און פּוילישער שפּראַך. די דייטשע קאָמענדאַנטור האָט זיך געווענדעט צום בירגער־קאָמיטעט און אויך צום יידן־קאָמיטעט וועגן ליפערונגען פון נויטיקע זאַכן. דער בירגער־קאָמיטעט פון זיין זייט האָט די אַלע איַיפגאַבעס אַרויפגעלייגט אויפן יידן־קאָמיטעט, און דער לעצטער האָט געדאַרפט אַלץ צושטעלן, נעמענדיק אַלץ ביי די יידן, אָדער קויפנדיק ביי די קריסטן פאַר יידיש געלט.

וועלנדיק צונעמען די יידישע וווינונגען פאַר די קריסטן, פּלאַנעוועט שוין דאַן דער בירגער־קאָמיטעט וועגן איינפירן אַ געטאָ פאַר יידן. מען וויל אונדז איבערפירן אין אַלערליי פאַרוואָרפענע ערטער הינטערן שטאָט — אין דעם מזרח־צפון טייל, וואָס הייסט „סאַחאַלין" און אויך אויסערן שטאָט, אין גוט פּאָולינאָוואַ. מיט גרויס מי, פיל געלט און טיכטיקער אינטערוועניץ פון דאַמאָלדיקן לייטער פון יידן־קאָמיטעט, אַדוואָקאַט איזיקזאָן, איז געלונגען אַ לענגערע צייט אָפּצו־שרייען די גזירות. דאָך ווערט די פראַגע פון געטאָ נישט אַראָפּגענומען פון טאָג־אָרדנונג.

גאָר גיך ענדערט זיך די דייטשע פּאָליטיק לגבי אונזערע געגנטן. זיי פּראָקלאַמירן די גרינדונג פון „ווייסרוטעניע" אין דעם טייל, וואָס האָט געהערט אין דער צייט פון די סאָוויעטן צו ווייסרוסלאַנד. די אַדמיניסטראַציע אין אונזער שטאָט גייט איבער אין ווייסרוסישע הענט. די צווייטע אָפיציעלע שפּראַך נאָך דער דייטשער — ווערט די ווייסרוסישע. די ווייסרוסן הויבן אויף זייערע קעפּ, אַלס קאָמיסאַרישער בירגערמייסטער פון באַראַנאָוויטש ווערט נאָמינירט דער ד״ר וואָיטענקאָ, אַ מעדיצינער, אַ זון פון אַ פּאָפּ. אַמאָל אין די פּוילישע צייטן — האָט ער זיך געחברט מיט יידן, אַ גוטער שפּיטאָל־קאָלעגע, אין צייט פון די סאָוויעטן — אַ דעפּוטאַט פון „גאָרסאָוועט" (שטאָטישע פאַרוואַלטונג). נאָכן דייטשן אַריינמאַרש איז ער שטיל געזעסן און געציטערט צוליב זיין טעטיקייט אין „גאָרסאָוויעט". טאָג־טעגלעך פלעגן מיר זיך, זייענדיק אין שכנות, טרעפן און ער פלעגט אַרויסווייזן גרויס מיטלייד פאַר די יידן. איין פרימאָרגן איז ער גערופן געוואָרן אין בירגער־קאָמיטעט און גלייך איז באַקאַנט געוואָרן, אַז ער איז דער נייער בירגערמייסטער. ווען ער קערט זיך אום אַהיים גייט ער שוין מיט אַ פאַריסענעם קאָפּ. קוים, וואָס ער דערזעט מיך... איך גראַטולירט אים צו זיין נייעם אַמט און דערביי פאַרפיר איך מיט אים אַ שמועס וועגן דער אָנגעווייטיקטער פראַגע: געטאָ. איך זאָג אים, אַז ער, אַלס מעדיצינער, וועט זיכער פאַרשטיין, אַז אין ענגן געטאָ קענען אויסברעכן עפּידעמיעס און די באַצילן וועלן זיך נישט האַלטן אין די ראַמען פון געטאָ... און דעריבער זאָל ער זיך רעכענען דער־מיט ביים אויסטיילן די קוואַרטאַלן פאַר די יידן און געבן אַ גרעסערן מעטראַזש.

זיין ענטפער איז געווען: „די עפּידעמיעס וועלן מיר באַ־קעמפן אויף אַזאַ אופן, וואָס מיר וועלן יעדן פאַרדעכטיקן קראַנקן שיסן". ער האָט אַזוי גיך געביטן זיין פעל און באַוויזן זיין אמת׳ן פּרצוף, אַז מער איז שוין נישט געווען וואָס צו ריידן מיט אים! אַזוי האָבן זיך אויך געביטן אַלע אונזערע נעכטיקע „גוטע" ווייסרוסישע שכנים.

## די גזירה קעגן מעדיצין־דאָקטוירים

אין אַ קורצער צייט אַרום ווערט פּראָקלאַמירט אַ נייע גזירה: קעגן מעדיצין־דאָקטוירים. אַ טייל פון זיי מוז פאַרלאָזן די שטאָט און זיך באַזעצן אין ראַיאָן, אין די ערטער, ווו עס פעלן אויס דאָקטוירים.

מיט דער גזירה פירט אָן דער ווייסרוסישער בירגער־קאָמיטעט דורך זיין געזונדהייטס־אַמט, בראש פון וועלכן עס שטייט ד״ר וולאַדימיר לוקאַשעניא.

זיין אָנדענק איז כדאי צו ווידמען אייניקע ווערטער:

> געבוירן, געלעבט און געלערנט אין באַראַנאָוויטש, געענדיקט דעם מעדיצינישן פאַקולטעט אין ווילנע און נאָכהער פּראַקטיצירט אין באַראַנאָוויטש. אַ רוס פון אָפּשטאַמונג האָט ער זיך אַרויסגעוויזן אין דער ביטערער שרעקלעכער צייט פון דער אָקופּאַציע אַלס איינער פון די חסידי אומות העולם. מיט פּאָטערלעכן געפיל, שטעלנדיק נישט איינמאָל זיין לעבן אין געפאַר, האָט ער אַלץ געטאָן כדי צו פאַרלייכטערן דעם גורל פון כלל און פון פרט. געווען צוטריטלעך פאַר יעדן,

אויסגעהערט יעדנס זאָרגן און מיט אַ ליבלעכן שמייכל באַמיט זיך יעדן באַרוהיקן און דערביי געטאָן אַלץ, וואָס עס איז געווען אין זיינע מעגלעכקייטן. ער האָט זייער פיל געטאָן פאַר זיינע יידישע פאַך־קאָלעגן און שול־חברים. עס דערמאָנט זיך, ווען ער איז געקומען לויטן באַפעל פון ווייסרוסישן מאַגיסטראַט אין יודנראַט וועגן צושטעלן 60 יידישע מיידלעך אין די דייטשע שאַנד־הייזער פון שטאָט. מיט טרערן אין די אויגן האָט ער זיך געווענדעט צום „יידן־עלטעסטן" איזיקזאָן און אים איבערגעגעבן וועגן דערדאָזיקער גזירה. געפּרעגט זיך, באַראַטן זיך, וואָס צו טאָן. ענדלעך האָט ער געפונען אַ אויסוועג: ער איז פּערזענלעך אַוועקגעפאָרן קיין ווילנע און דאָרט צענויפגעזאַמלט די 60 „פרייליינס" — קריסטינס, וועלכע האָבן אַלס געוועזענע „פּראָפעסיאָנאַלן" פרייוויליק איינגעשטימט מיטצופאָרן מיט אים קיין באַראַנאָוויטש. אַזוי אַרום איז די „שאַנד־גזירה" בטול געוואָרן.

ווען דער געטאָ האָט זיך געדאַרפט שליסן האָט ער זיך מיט אַלע מעגלעכקייטן באַמיט, אַז אַלע יידישע דאָקטוירים זאָלן בלייבן אויסערן געטאָ און טיילווייז איז דאָס אים געלונגען. ער האָט צוגעשטעלט מעדיקאַמענטן אין יידישן געטאָ־אַפּטייק, וויפל ער האָט נאָר געקענט.

ווען מיכאל מוקאסיי (איצט אין ישראל), אַ פאַרמאַצעווט, איז אַנטלאָפן פון אַרבעטס־לאַגער „טאָדט" און נאָכדעם פון בנין פון דער ווייסרוסישער פּאָליציי, וועלכע האָט אים געכאַפּט, האָט ער באַגעגנט „וואָלאָדיען", וועלכער האָט זיך מיט אים אַריינגעזעצט אין אַ דראָשקע (קאָמוניקאַציע־מיטל: אַ פערד געשפּאַנט אין אַ פּאַסאַזשיר־וואָגן) — און איינשטעלנדיק זיין לעבן האָט ער אים געבראַכט צו זיך אַ היים. געהאַלטן אים עטלעכע טעג ביי זיך און נאָכהער צוגעפירט צו דעם באַקאַנטן קריסט חאַציע, וועלכער האָט מוקאסייען אָפּגעשיקט צו די פּאַרטיזאַנער.

לעצטנס האָט ד״ר לוקאַשעניא מיטגעהאָלפן די פּאַרטיזאַנער מיט מעדיקאַמענטן און אַנדערע זאַכן.

זיין פאַך־קאָלעגע פּראַווקאַ האָט אים אַרויסגעגעבן, און די דייטשן האָבן אים מיט זיין פרוי צוגענומען אין קאָנצענטראַציע־לאַגער קאָלדיטשעווא, ווו ער און זיין פרוי זענען דערמאָרדעט געוואָרן אין 1944 פאַר דעם, ווי די דייטשן זענען אָפּגעטראָטן פאַר דער אָנקומענדיקער רויטער אַרמיי.

נישט איינמאָל האָבן מיר, יידישע קאָלעגן, גערעדט צווישן זיך, אַז אויב מיר וועלן איבערלעבן, וועלן מיר פאָרשלאָגן, אַז מען זאָל באַשטימען זיין נאָמען אויף אַ גאַס אין אונזער שטאָט, ליידער איז דאָס נישט צושטאַנדגעקומען!

ערע זיין אָנדענק!

די גזירה פון אַרויסשיקן דאָקטוירים אויפן ראַיאָן האָט ד״ר לוקאַשעניא דורכגעפירט אויף אַזאַ אופן, אַז ער האָט געגעבן די מעגלעכקייט יעדן דאָקטאָר אַליין צו באַשטימען וועגן זיך. עס האָבן זיך טאַקע געפונען אַזעלכע וועלכע האָבן נישט געוואָלט צוליב וועלכע עס איז נישט טעמים פאַרבלייבן אין שטאָט, און די האָבן זיך פאַרשריבן צום אַרויספאָר. אַזוי אַרום איז אַרויסגעפאָרן ד״ר בעטי איזיקזאָן מיט איר זון איזיע קיין באַרטניקי, ווייל נאָכדעם ווי זי איז געווען פּאָפּולער (ביי די סאָוויעטן באַקומען אין מאַי די איבערגייענדע רויטע פאָן) האָט זי זיך געשראָקן צו בלייבן אין שטאָט, דאָרט איז זי מיט איר זון אומגעקומען. ד״ר געאָרג ווייל מיט זיין טאָכטער האָבן זיך איבערגעטראָגן קיין האָראָדישטש. ד״ר בודאָוולע הירש מיט זיין פאַמיליע — קיין סטאָלאָוויטש. די פאַרמאַצעווטין שיינע מירסקי מיט איר מאַן לאָליע סטאָלאַר און קינד זענען אַרויסגעפאָרן קיין ניעדוויעדזיץ, ווו זיי זענען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, דערוויסנדיק זיך אַז מען וויל זיי אומברענגען.

אין דער זעלבער צייט האָבן זיך אומגעקערט אין שטאָט צו זייערע פאַמיליעס די, וועלכע זענען געווען אין אַנדערע ערטער אין דער צייט פון אַריינמאַרש פון די נאַציס אין שטאָט. אַזוי האָט זיך אומגעקערט ד״ר לאָליע בערקאָוויטש (איצט אין ישראל) און די טאָכטער פון ד״ר וויל, וועלכע האָבן שטודירט אין לעמבערג, לאה בעגוזע וועלכע האָט שטודירט אין מינסק. אויך האָבן זיך אומגעקערט יוסף ראַטקעוויטש מיט זיין שוואָגער פּוחאָוויצקי.

פון די לעצטע האָט זיך אומגעקערט ד״ר בערע שאַפּירא. דער זון פון ראַבינער ד״ר שפירא. פאַרן קריג־אָנפאַנג איז ער געווען אין קוראַט קיסלאָוואָדסק — און פון דאָרט איז ער אַוועק קיין באַראַנאָוויטש, צו זיין פאַמיליע.

## געלע מגן־דוד׳ים

ע׳ס פאַרגייען אייניקע טעג און די יידן באַקומען אַ באַפעל אומבייטן זייערע אַרעמבענדער מיט די געלע מגן־דוד׳ס אויף געלע „שאַנד־פלעקן" — געלע קיילעכדיקע לאַטעס, 10 צענטימעטער אין דיאַמעטער. איין לאַטע מוז געטראָגן ווערן אויפן ברוסט לינקס און אַ צווייטע פון הינטן, ביי דער לינקער לאָפּאַטקע. אַ געפיל פון אומגעהויערער דערנידעריקונג און פחד האָט באַהערשט די יידישע באַפעלקערונג. די קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט גרויס הנאה געהאַט פון דעמדאָזיקן „שאַנד־פלעק". מיט צירקלען אין די הענט זענען יידן געזעסן און צוגעגרייט פאַר זיך די „יידן־צייכנס" לויט די אָנגעגעבענע אינסטרוקציעס. מיטן אָנטון די לאַטעס האָבן מיר זיך דערפילט ווי איינגעהויקערט, איבערהויפּט האָט די לאַטע פון הינטן געדריקט ווי אַ שווערע משא, געדריקט צו דער ערד.

אין גאָר אַ קורצער צייט אַרום האָט מען געהייסן אומשטעלן די לאַטעס אַזוי, אַז די הינטערשטע לאַטע דאַרף איבער־

גענייט ווערן אויף דער רעכטער זייט, אויפן זעלבן אָרט. אין אַ צייט אַרום איז ווידער אַרויס אַ באַפעל, אַז די לאַטעס מוזן אָנגענייט ווערן נישט נאָר אויף די אויבערזאַכן נאָר אויך אויף די אונטערשטע זאַכן, כדי מען זאָל קענען אונטערשיידן די יידן אויך ביי זיי אינדערהיים. דער לעצטער גלגול פון דער לאַטע איז געווען דער „שאַנד־פלעק" אין פאָרם פון אַ געלן מגן־דוד אין דער גרויס פון 10 צענטימעטער אין דיאַמעטער פון פאָרנט אויף דער געגנט פון האַרץ — לינקס, און פון הינטן — אויף דער רעכטער לאָפּאַטקע, עטוואָס העכער ווי די פאַדערשטע לאַטע. באַמערקנדיק, אַז געוויסע יידן פעסטיקן צו די לאַטעס מיט זיכער־נאָדלען, וואָס עס דערמעגלעכט צו יעדן מאָמענט זיי אַראָפּנעמען, איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ שטרענגער באַפעל, אַז די לאַטעס מוזן צוגענייט ווערן מיט פאָדים אַרום און אַרום. די דאָקטוירים האָבן געמוזט אָנטאָן דעם „שאַנד־פלעק" אויך אויף זייערע ווייסע אַרבעטס־קיטלען פון פאָרנט — לינקס. פאַרשטענדלעך, אַז די קלענסטע שטראָף פאַר נישט אויספירן די פאַראָרדנונגען איז געווען טויט־שטראָף.

נאָר איין איינציקע שטראָף האָט עקזיסטירט פאַר יידן פאַר נישט־אויספירן די דייטשע באַפעלן — טויט שטראָף.

צווישן אַלע אַנדערע פאַראָרדנונגען איז געווען אַ פאַרבאָט צו האַנדלען מיט אַלקאהאָל. אין איינעם אַ פרימאָרגן איז אַרעסטירט געוואָרן ביי דער אַרבעט אין זייפן־פאַבריק טאָליע בערנשטיין, דער ייִנגסטער זון פון דער פאַרצווייגטער פאַמיליע, די געוועזענע אייגנטימער פון זייף־פאַבריק אין שטאָט. עס האָבן נישט געהאָלפן קיינע באַמיונגען אים צו באַפרייען, אויך איז נישט באַקאַנט געווען די סיבה פון זיין אַרעסט. אין אַ פאָר טעג אַרום האָבן מיר געלייענט אין די לאָקאַלע ווייסרוסישע צייטונגען, אַז דער ייִד טאָליע בערנשטיין איז דערשאָסן געוואָרן, ווייל ער האָט פאַרקויפט אַ פלאַש וואָדקאַ.

ער איז אומגעבראַכט געוואָרן, כדי צו וואָרענען די באַפעלקערונג.

טויט־שטראָף האָט אויך געדראָט די, וועלכע עס האָבן דערלאַנגט ברויט אָדער עסן די סאָוויעטישע געפאַנגענע סאָלדאַטן. טאָג־טעגלעך זענען געפירט געוואָרן טויזנטער געפאַנגענע צו דער אַרבעט און פון דער אַרבעט. זיי האָבן שוין נישט אויסגעזען ווי מענטשן, נאָר ווי שאָטנס, וועלכע האָבן זיך קוים באַוועגט. הונגעריקע, אויסגעדאַרטע, פאַרשמאַכטע, אָפּגעריסענע און באָרוויסע זענען זיי געטריבן געוואָרן דורך די נאַצישע חיות, וועלכע האָבן זיי געשלאָגן און געקאַטעוועט מיט נאַגאַיקעס, שטעקנס און ביקסן־קאָלבעס. ביים סוף פון יעדער קאָלאָנע האָט מען געקענט זען, ווי לעבעדיקע מענטשן־סקעלעטן האָבן געפירט אונטער די הענט קוים אָטעמדיקע, האַלב־טויטע חברים, וועלכע האָבן שוין נישט געקענט זיך האַלטן אויף די פיס. מיט קוים הערבאַרע שטימען האָבן זיי געבעטן אַ שטיקל ברויט.

נישט טראַכטענדיק וועגן דער האַרבער שטראָף, וואָס דראָט זיי, נישט האָבנדיק אַליין צו עסן, האָבן די יידן געלייגט ברויט, סוכאַרעס א. א. עסנוואַרג אויף די גאַסן, ווו די געפאַנגענע פלעגן דאַרפן דורכגיין און זיך געפרייט, ווען זיי האָבן עס אויפגעהויבן און געגעסן.

## שרעק און גרויל

דעם 30־טן יולי נאָכמיטאָק איז איבערגעגעבן געוואָרן אַ באַפעל אַלע יידן, אַז מאָרגן, דעם 31־טן, דאַרפן זיין געשלאָסן די נאַכט־טירן און די פענסטער־לאָדנס אין די הייזער, וועלכע זענען באַוווינט דורך יידן. די יידן טאָרן נישט אַרויסגיין במשך פון גאַנצן טאָג אויפן גאַס און אויך נישט אין הויף. זיי טאָרן נישט אַרויסקוקן דורך די פענסטערשפּאַרעס. די יידן, וועלכע דאַרפן גיין צו דער אַרבעט, טאָרן נישט גיין איינציקווייז, זיי מוזן זיך צונויפזאַמלען אין גרופּן— און גרופּנווייז, צו 3 אין אַ ריי, דאַרפן זיי גיין אויפן רעכטן זייט פון דער גאַס אַזוי, אַז דער טראָטואַר זאָל בלייבן פון זייער רעכטער האַנט. זיי טאָרן זיך נישט אומקוקן אויף הינטן. אַריינגייענדיק אין די אַרבעט־שטעלעס דאַרפן זיי דורכהאַקן דעם טראָטואַר אונטער אַ גראַדן ווינקל. נאָך זעקס אַ זייגער טאָר מען נישט זען קיין יידן אין די גאַסן. יעדער איינער וועט דערשאָסן ווערן אויפן אָרט.

עס איז לייכט זיך פאָרצושטעלן, וואָס מיר האָבן דורכגעלעבט במשך פון נאָכמיטאָג דעם 30־טן יולי.

אַ שלאָפלאָזע נאַכט איז אַדורך. די אַרויסגייענדיקע צו דער אַרבעט, וועלכע האָבן זיך געפילט זיכערער, ווייל זיי אַרבעטן, האָבן נישט געהאָפט זיך ווידער צו טרעפן מיט די שטוביקע. מען האָט געטראַכט, אַז די צוגעמאַכטע הייזער וועלן אוטערגעצונדן און פאַרברענט ווערן צוזאַמען מיט די פאַרבליבענע אין זיי יידן. פיל זענען אַוועק פאַרנאַכט פון זייערע הייזער צו באַקאַנטע קריסטן, און האָבן זיך אויסבאַהאַלטן ביז מאָרגן פרי אין די אַרבעט־פלעצער. די איבעריקע — פאַרצווייפלטע און מוטלאָזע זענען פאַרבליבן אין די הייזער.

— „יידן, די נאַכט פון לאַנגן מעסער רוקט זיך אָן!" — זאָגט דער ציוניסטישער עסקן, ציין־דאָקטאָר בערמאַן. „די באַרטאָלאָמיי־נאַכט דערנענטערט זיך! מען וועט אונז אַלעמען אויסשעכטן" — פאַרענדיקט ער.

דעם געשפרעך רייסן איבער די אָנקומענדיקע קריסטלעכע אַרבעטער. מיר וואַרפן זיך צו זיי און פרעגן, וואָס הערט זיך אין שטאָט. אַלץ איז רוהיק. זיי ווייסן גאָרנישט פון די פאַראָרדנונגען, וועלכע מיר האָבן בעכטן באַקומען.

וואָס האָט דאָס אַלץ געדאַרפט באַדייטן? מען האָט נישט געוווסט. מען האָט אַפילו גערעדט, אַז היטלער, ימח זכרו, איז דעם טאָג דורכגעפאָרן דורך דער שטאָט. מען האָט געזאָגט, אַז דאָס איז געווען אַ טרויער־טאָג ביי די דייטשן פאַר די אומגעקומענע אין קריג...

אַ טאָג נאָך אַ טאָג מיט קלענערע און גרעסערע יסורים איז פאַרגאַנגען, מען האָט זיך גענומען צוגעוווינען צום גרויל און פיין. מען האָט זיך איינגעאָרדנט ביי אַרבעט ווער אין

די שטאַטישע אַנשטאַלטן, ווער ביי פּריוואַטע קריסטלעכע אַרבעטס־געבער, ביי די דייטשע גרופּירונגען אָדער אויף שווארצע אַרבעט ביי די דייטשן. דעם ערשטן און צווייטן מאַנאַט האָט מען אַפילו געצאָלט אין די שטאַטישע און פּריוואַטע אַרבעטס־שטעלעס דאָס פולע געהאַלט, שפּעטער האָט מען אַ טייל געהאַלט פאַרהאַלטן פאַר דעם קריסטלעכן מאַגיסטראַט. פון צייט צו צייט האָט מען באַקומען שפּייז־פּראָדוקטן ביי דער אַרבעט צוזאַמען מיט די קריסטן, די יידן האָבן נאָך געקענט זיך באַנוצן מיט די קריסטלעכע הייל־אַנשטאַלטן, מען איז נאָך געגאַנגען אויף די טראָטואַרן, מיזנדיק אָפּטרעטן דעם וועג פאַר די דייטשן. מיט לאַטעס פון פאָרנט און הינטן, אָבער נאָך מיט אַ מענטשלעכן געשטאַלט האָט מען זיך ביסלעכווייז גענומען צופּאַסן צום גרויזאַמען לעבן. גייענדיק פון דער אַרבעט פלעגט מען זיך אַריינכאַפּן אין אַ קריסטלעך געשעפט (יידישע געשעפטן זענען נישט געווען) און קויפן ברויט, זאַלץ און שאר ירקות. מען פלעגט זיך פון צייט צו צייט אַריינכאַפּן צו באַקאַנטע קריסטן, פאַרקויפן זיי מאַטעריאַלן, זאַכן און באַקומען דערפאַר שפּייז־פּראָדוקטן. מען האָט געשאַפן נייע שפּייזן... פון ברויט האָט מען געקאָכט אַ מאכל, וואָס האָט אויסגעזען און געשמעקט ווי געפילטע פיש. פון צייט צו צייט זענען געקומען יידן, איבערהויפּט פרויען פון די אַרומיקע שטעטלעך, ווי האַראַדישטש, סטאָלאָוויטש, לעכעוויטש און מיטגעבראַכט עסנוואַרג. זיי האָבן דערציילט, אַז דאָרט זענען זיי נישט אָן די דייטשן, אַז זיי לעבן דאָרט זייער רוהיק. דאָס האָט געווירקט, אַז מענטשן האָבן זיך איבערגעטראַגן אין די קלענערע שטעטלעך.

## דער גירוש קיין „סאַחאַלין״

און פּלוצלינג: אַ דערוואַרטעטע גזירה, וועלכע איז אומדערוואַרטעט געקומען — מאָרגן פרי דאַרפן זיך די יידן איבערקלייבן אין אַ געטאָ, וועלכע וועט געשאַפן ווערן אין „סאַחאַלין״, פון דער אַנדערער זייט באַן־ליניע לעמבערג — ווילנע, ווו עס זענען פאַראַן קליינע פּויערים־הייזלעך. דאָס איבערקלייבן זיך מוז פאַרקומען אין געציילטע שעהן.

צומאָרגנס אַ פאַרוואָלקנטער, כמורנער, רעגנדיקער טאָג. טויזנטער יידן, פרויען און קינדער, מיט זעקלעך און פּעקלעך אויף די פּלייצעס, אויף ווענעלעך, קינדער־וועגעלעך מיט דעם לעצטן האָב און גוטס, ציען זיך פאַמעלעך מיט די לעצטע כוחות, איינגעבויגן, פאַרמאַטערט, פאַרוויינט אויף דעם וועג צום „נייעם״ לעבן אין געטאָ — קיין „סאַחאַלין״.

עס פאָרט פאַרביי אַ מיליטערישע לוקסוס־מאַשין, זי פאַרהאַלט זיך. עס גייט אַרויס אַ עלטערער מאַן אין אוניפאָרם פון אַ דייטשן גענעראַל, ער פרעגט זיך: „וואָס קומט דאָ פאָר?״ וווּהין גייט איר?״ — מען גיט אים איבער אין קורצע ווערטער. דער גענעראַל צוקט מיט די פּלייצעס: „ווייזט אויס, אַז „זיי״ — די אָרטיקע מאַכט — האָבן נישט קיין וויכטיקערע זאַכן צו טאָן, זאָלן זיי גיין אויפן פראָנט!״ ער זעצט זיך אַריין צוריק אין אויטאָ און פאָרט אָפּ.

די מענטשן קומען אָן אויפן אָרט. דער רעגן גיסט, נישטאָ ווו זיך אויסצובאַהאַלטן. די הייזלעך זענען פאַרנומען דורך זייערע בעל־הביתים, די פּויערן, וועלכע קלייבן זיך נישט פאַרלאָזן זיי אין רעגן. מען שטעלט זיך אַרום די ווענט, מען דעקט צו די וויינענדיקע קינדער. אַזוי זיצט מען אָפּ ביז פאַרנאַכט. אַ טייל קערט זיך אום צוריק אין שטאָט, צו זיך אין די הייזער — און זאָל געשען, וואָס עס וועט געשען! דאָ גיסט דער רעגן און עס איז נישטאָ, מיט וועמען צו רעדן, ביי וועמען צו פרעגן, וואָס ווייטער צו טאָן, בפרט, אַז אַ טייל יידן איז פאַרבליבן אין שטאָט אויף אייגענער האַנט און נישט אַרויס צוליבן רעגן. אַ טייל פאַרבלייבט איבער נאַכט אונטערן פרייען הימל. די פאַרלאָזענע הייזער אין שטאָט ווערן אײַנצווישן צעראַבירט דורך די קריסטן.

אין דערזעלבער צייט באַמיט זיך דער „יידן־קאָמיטעט״ מיט אַלע מיטלען אָפּצושרייען די גזירה, און ענדלעך גיט עס זיך איין. מען דערלויבט זיך אומקערן אין די הייזער, דורכגענעצטע, דורכגעווייקטע, הונגעריק און קוים זיך שלעפּנדיק קערן זיך אַלע אום צו זיך אין די נעכטן פאַרלאָזטע הייזער.

## איוב־בשורות פון די אַרומיקע שטעטלעך

אַריינגייענדיק פון צייט צו צייט צו די באַקאַנטע קריסטן דערוויסן מיר זיך פון זיי, אַז אין די אַרומיקע שטעטלעך און ישובים פאַרפאָרן דייטשע „שטראָף־באַטאַליאָנען״, וועלכע זאַמלען צונויף די יידישע איינוווינער און דערשיסן זיי. די ערשטע ידיעה קומט אָן פון קריוואָשין. דאָרט איז דערשאָסן געוואָרן דער אָרטיקער יידישער אַפּטייקער מיט זיין פאַמיליע און די געוועזענע באַראַנאָוויטשער איינוווינערין צילע זאַבלאָצקי מיט איר מאַן הירשל בוסעל און קינד. אויך דערוויסן מיר זיך, אַז דעם דאָקטאָר אהרן פּיליפּאָווסקי פון באַראַנאָוויטש, וועלכער האָט דאָרט פּראַקטיצירט, איז געלונגען אַנטלויפן אין די אַרומיקע וועלדער, ווו עס האָבן זיך געשאַפן — די ערשטע פּאַרטיזאַנען־גרופּעס. שפּעטער איז אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז ער, אַלס פּאַרטיזאַנער, האָט זיך באַטייליקט אין אַ שלאַכט מיט די דייטשן און איז אומגעקומען.

די כוואַליע פון יידן־אויסראָטונגען כאַפּט אַרום אַלץ מער און מער שטעטלעך, און דערגייט צו דער גרעסערער שטאָט האַנצעוויטש. דאָרט איז אומגעקומען דער באַראַנאָוויטשער אַדוואָקאַט אהרן ברעוודע מיט זיין פרוי וועלכע איז אַרויסגענומען געוואָרן פון קינפּעט צוזאַמען מיט איר ניי געבוירן קינד. אויך איז דערשאָסן געוואָרן דאָרט דער באַראַנאָוויטשער איינוווינער גורוויטש, דער מאַן פון ראַיע טונקעל, וועלכער האָט געהאַט אַן „אייזערנעם בריוו״ פון דער דייטשישער מיליטער־מאַכט אַלס וויכטיקער אַרבעטער ביי די סמאָליאַרניעס. ער האָט געהאַט רעכט פריי זיך צו באַוועגן כדי אויסצופירן זיין אַרבעט. צופעליק איז ער געווען אין יענער צייט אין האַנצעוויטש. אין צייט פון דער אויסראָטונגס־אַקציע האָט מען אים אייניקע מאָל פאַרהאַלטן, אָבער באַווייזנדיק זיין „דאָקומענט״ איז ער באַפרייט געוואָרן. ענדלעך האָט

אים פאַרהאַלטן אַ ווייסרוסישער פּאָליציאַנט, וועלכער האָט צוריסן זיין „אײזערנעם־בריוו", און נאָכדעם — אַוועקגעריסן זיין יונג לעבן.

די אָנגעקומענע ידיעות דעפּרימירן די געמיטער, צוערשט גלויבט מען נישט, אַז מען זאָל אויסמאָרדן גלאַט אומנישט אַ גאַנצע קהילה פון יידן. און ווען עס באַשטעטיקט זיך דער גרויזאַמער אמת, הויבט מען אָן זוכן סיבות, פאַרוואָס דאָס איז געשען, מען רעדט, אַז די יידן אין די שטעטלעך און אויך אין האַנצעוויטש זענען געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט די סאָוויעטישע פּאַרטיזאַנער און דאָס זאָל זיין די סיבה פון זייער אומקום. מען האָט זיך אַזוי אַרום געוואָלט ראַטעווען אין די אייגענע געדאַנקען פון אָנקומענדיקן טויט. דעמדאָזיקן פּסיכאָלאָגישן נאַטור־געזעץ האָבן די נאַצישע מערדער אויסגענוצט אין זייער אויסראָטונגס־טאַקטיק: לאָז יעדער טראַכטן אַז ער וועט בלייבן לעבן. אַזוי אַרום האָבן די מערדער אויסגענוצט ווידערשטאַנדן אין דער צייט פון די דורכגעפירטע דורך זיי „סעלעקציעס" (שחיטות).

## דער „יודנראַט"

די לאַגע פון די יידן איז געוואָרן גאָר אָנגעשטרענגט, דאָס לעבן — פול פּיין און דאגות, נישט צום אויסהאַלטן. מען האָט געוואַרט אויף נסים, אויף ענדערונגען. מען האָט אָנגעהויבן רעדן, אַז עס דאַרף קומען די דייטשע ציוויל־מאַכט און אַזוי אַרום וועט זיך דאָס לעבן סטאַביליזירן. מען האָט געוואַרט און געהאָפט. און מען האָט זיך דערוואַרט!

אין סעפּטעמבער 1941 זענען זיי אָראָפּגעקומען — אַ גאַנצער שטאַב פון ראַפינירטע מערדער מיטן געביטס־קאָמיסאַר אָבערשטורמפירער רודאָלף ווערנער בראש. אַלס רעזידענץ־פּלאַץ האָבן זיי אויסגעוויילט די שיינע געביידע פון געוועזענעם „באַנק פּאָלסקי", וועלכע מיר האָבן פון דאַן אָן געווייכט. ביים דאָזיקן געביטס־קאָמיסאַריאַט איז געגרינדעט געוואָרן אַ יידן־סעקטאָר, מיט וועלכן עס האָט אָנגעפירט אַ יונגער שנעק, אַ רוצח און סאַדיסט, דער יידן־מערדער קראַמפּע. מיטן מעדיצינישן סעקטאָר האָט אָנגעפירט ד"ר וויכמאַן. אויך איז געשאַפן געוואָרן אַ אַרבעטס־אַמט.

אין דערזעלבער צייט איז אָנגעקומען פון קאָוונע די סטאַבילע געסטאַפּאָ מיטן קאַלטן גזלן אַמעלונג אין דער שפּיץ. איינער פון זיינע נאָנטסטע מיטהעלפער איז געווען דער יונגיקער, געלטגייציקער ליטווישער שגץ יוזעף ליטווין אָדער „דער שיינער יוזעף" האָט מען אים גערופן. אויך האָט זיך באַזעצט אין שטאָט די סטאַבילע פעלד־זשאַנדאַרמעריע און גלייכצייטיק איז געשאַפן געוואָרן די ווייסרוטענישע פּאָליציי און געהיים־פּאָליציי מיטן אָרטיקן אוקראַינישן קריסט דיאַטשענקאָ בראש. אויסער זיי זענען פאַרבליבן אין שטאָט מיליטערישע איינהייטן, באַזעס און שטאַבן.

אַלע צוזאַמען, און יעדער באַזונדער, האָבן זיך אָנגעזעצט ווי פּיאַווקעס אויף די פּלייצעס פון באַראַנאָוויטשער יידנטום און גענומען זויגן זיין בלוט. אַלע האָבן געפאָדערט, געמאַכט באַשטעלונגען אויף זאַכן וואָס זיי האָבן נויטיק געהאַט. און די יידן האָבן געמוזט אַלץ געבן, אַלץ צושטעלן. מען האָט געוואָלט אויסלייזן די לעבנס פאַר יעדן פּרייז און מען האָט געגעבן און געגעבן.

אויפסניי האָבן זיך גענומען שיטן פאַראָרדנונגען און גזירות. די יידן טאָרן נישט באַקומען קיין געהאַלט פאַר זייער אַרבעט. די ציווילע קריסטלעכע און מוניציפּאַלע אַרבעטס־געבער דאַרפן אַריינטראָגן דעם אַרבעטס־לוין פון די יידישע אַרבעטער אין קאַסע פון אַרבעטס־אַמט. די יידן טאָרן נישט גיין אויף די טראָטואַרן. זיי מוזן גיין אין מיטן גאַס. די יידישע פּאַספּאָרטן מוזן אָפּגעשטעמפּלט ווערן אויף זייער פאָדער־זייט מיטן שטעמפּל „יודע" מיט גרויסע אותיות. דאָס מוז געמאַכט ווערן אין „יודנראַט". עס איז גלייכצייטיק געגרינדעט געוואָרן דער אָפיציעלער „יודנראַט" מיט אַלע זיינע סעקטאָרן, פּאַקטיש אַ גלגול פון יידן־קאָמיטעט, וואָס האָט געדאַרפט אויספירן די דייטשע באַפעלן לגבי די יידן.

מיט דער אָפּטיילונג פאַר אפּראָוויזאַציע און קוואַרטיר־מייסטערשאַפט אין „יודנראַט" האָט אָנגעפירט פישל סאַווטשיצקי; סאָציאַל־אַמט — חיים צוקערמאַן; אַרבעטס־ביוראָ — יוסף ליימאַן, בייהעלפער איזיע פידלער; סאַניטאַר־אַמט — ד"ר פישקע סאַווטשיץ; אַפּטייק — מגר. מיכל מוקאַסיי און ראַקאָוו; סקלאַדן — אידעלטשיק. געאַרבעט אין די סקלאַדן: פיניע יאַסינאָווסקי און סימע לעוו.

די לעצטע דריי אַמטן האָבן זיך געשאַפן שפּעטער אין געטאָ. אין דער אַלגעמיינער, אָדער הויפּט־אָפּטיילונג, האָבן געאַרבעט: מרדכי שיף — אַלס קאַסירער; יוסף קוריניעץ — אַלס סעקרעטאַר (דער לעצטער האָט געשריבן אַ טאָג־בוך פון געטאָ — ליידער איז דער בוך נישט פאַרבליבן. אַלס געוועזענער זשורנאַליסט און ציוניסט האָט ער נישט איינמאָל געזאָגט, אַז אויב ער וועט איבערלעבן, וועט זיין ערשטער צייטונגס־אַרטיקל אויפן וועג קיין ארץ־ישראל, געשריבן ווערן אונטערן קעפּל: „מיטן הינטן צו אייראָפּע").

מוליק איזרעאל איז געווען דער פאַרבינדונגס־מאַן מיט ס. ד. (געשטאַפּא) און מיט דער ווייסרוסישער געהיים־פּאָליציי. עס איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ יידישע פּאָליציי (ביי 60—50 מאַן) בראש מיטן פּאָליציי־מייסטער חיים וועלטמאַן.

מיט דער צייט האָבן זיך געשאַפן נייע אָפּטיילונגען און עס זענען צוגעקומען נייע מענטשן, אַזוי צ. ב. האָט מיט דער איינציקער קראָם, ווו מען האָט אויסגעטיילט די שפּייז־ראַציעס, אָנגעפירט משה ליטוואַק, געוועזענער איינהאַבער פון אַ פּאַפּיר־מאַגאַזין און געזעלשאַפטלעכער טוער. אַ טיכטיקן אָנטייל אין די באַראַטונגען האָט גענומען ד"ר אייזיק בוסעל. אויך האָט מיטגעאַרבעט בעלאָסקורניק, וועלכער האָט זיך פאַרנומען מיט צושטעלן שטיוול, שיך א.א. מיט דער בוכהאַלטעריע האָט זיך פאַרנומען ברוך גאלאַי. זייער טיכטיק איז געווען די פרוי זשעניע מען. אייניקע יאָר פאַר דעם מלחמה־אָנפאַנג איז זי געקומען מיט איר מאַן, אינזשיניער

מען, פון ראָוונע און זיך באַזעצט אין באַראַנאָוויטש. זי איז געווען באַליבט אין שטאָט. אין אַ קורצער צייט אַרום איז געשטאָרבן איר מאַן און זי איז פאַרבליבן אַליין. זי האָט זיך געווידמעט געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. נאָכן גרינדן פון „יודנראַט״ איז זי צוגעצויגן געוואָרן צו דער אַרבעט אין אים. זי האָט זיך איבערגעגעבן מיט איר גאַנצן וועזן דערדאָזיקער אַרבעט און איז שנעל באַליבט געוואָרן ביי אירע מיטאַרבעטער, ביי אַלע יידן און אַפילו ביי די נאַציִשע מערדער, וועלכע פלעגן זיך מיט איר באַראַטן ביים איינאָרדענען זייערע ווּינונגען.

אַ דאַנק דעם אַלעם איז איר נישט איינמאָל געלונגען אָפּצושרייען גזירות, און זייער פיל אויפטאָן פאַר די אָרטיקע יידן. תמיד אַריינגעטראָגן טרייסט און דערמונטערונג אין טרויעריקן לעבן פון די פאַרצווייפלטע, זייענדיק אָפט אַליין שרעקלעך פאַרצווייפלט. קענענדיק זיך ראַטעווען פון אומקום (איינע אַ דייטשע פרוי האָט זי געוואָלט אויסבאַהאַלטן) האָט זי דאָס נישט אויסגענוצט און האָט געהאַלטן, אַז איר פּלאַץ איז צוזאַמען מיט אַלע יידן. זי איז אין צייט פון דער ערשטער אַקציע פאַרבליבן אין געטאָ און אומגעקומען אַלס איינע פון די לעצטע צוויי.

אין געטאָ האָט מען איר געהאַלטן אַלס די נישטגעקרוינטע „יידן־עלטעסטע״, וועלכע האָט האַנט ביי האַנט מיטגעאַרבעט מיט דעם דעמאָלסטיקן פּרעזעס פון „יודנראַט״.

אַלס פאַרטרעטער פון דעם „יידן עלטעסטן״ האָט געאַרבעט מוליע יאַנקעלעוויטש (איצט אין ישראל).

אין שפּיץ פון „יודענראַט״ איז געשטאַנען אַדוואָקאַט אָווסיעי איזיקזאָן, דער זון פון באַקאַנטן מאַנופאַקטור־סוחר אין באַראַנאָוויטש הירש איזיקזאָן (איצט אין ישראל). אָווסיעי האָט אויך געהאַט אַ געשעפט פון מאַנופאַקטור. ער איז געווען טעטיק אין געזעלשאַפטלעכן לעבן; מיטגליד פון סוחרים־באַנק א. א. אויסערדעם האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין דער צייט פון פּילסודסקיס הערשאַפט צום ב. ב. וו. ר. (אומפּאַרטייאישער בלאָק פאַר מיטאַרבעט מיט דער רעגירונג). וואָס האָט אים (און אַנדערע) באַוויוגן מיטצואַרבעטן אין „יידן־קאָמיטעט״ — איז פאַרבליבן זיין סוד.

נאָכן אַריינציען זיך אין דערדאָזיקער אַרבעט, האָט ער זיך איבערגעגעבן צו איר מיט לייב און לעבן. ער האָט געמאַכט די גרעסטע באַמיונגען כדי צו ראַטעווען די באַראַנאָוויטשער יידן פון אומקום. ער האָט געוואָלט גלויבן, אַז אים וועט דאָס געלינגען דורכצופירן. ער האָט געמיינט, אַז מיט זיין ענערגישער אַרבעט וועט אים געלינגען אויסקויפן דאָס לעבן. נישט איין גזירה איז אים געלונגען אָפּצושרייען. ער האָט אויפגעטון זייער אַ סך. זייער אָפט איז ער באַגעגנט געוואָרן מיט קלעפּ און צעשלאָגן געוואָרן פון די נאַציִשע מערדער. ביים אויספירן זיין אַמט, אָבער דאָס האָט אים נישט אָפּגעהאַלטן פון ווייטערדיקער אַרבעט, פון ווייטערדיקער שתדלנות. קלוג און אַמביציעז, האָט ער געוווּסט, ווי צו האַנדלען און מאַנעווּרירן ביים אויספירן זיינע פּלענער.

אַלס „יידן־עלטעסטער״ האָט ער אויך געהאַט זיינע פּריווילעגיעס: ער האָט געהאַט פאַר זיך אַליין אַ וווין־צימער, ער האָט געמעגט זיך באַנוצן מיט עלעקטרישן ליכט (אַלע איבעריקע יידן איז עס געווען פאַרבאָטן). אויך האָט ער געהאַט אַ פּאַסיר־שיין אויף פרייען באַוועגן זיך צו יעדער צייט א. א. דעם לעצטן האָט ער אויסגענוצט אויף דערליידיקן וויכטיקע ענינים פאַר יידן.

ער האָט געמוזט דערפילן די פאָדערונגען פון די דייטשן און צושטעלן אַלץ, וואָס זיי פאַרלאַנגען, און ער האָט זיי געגעבן, געבראַכט און געליפערט מער, ווי זיי האָבן געפאָדערט אַפילו, כדי צו ראַטעווען דאָס יידישע לעבן.

און ווען די מערדער האָבן זיך אין דער צייט פון דער ערשטער שחיטה געווענדעט צו אים און געפאָדערט, אַז ער זאָל זיי אַרויסגעבן די אַלטע און קראַנקע יידן, האָט ער זיי געענטפערט:

„איך האָב אייך אַלץ געגעבן, אַלץ וואָס איר האָט
פאַרלאַנגט פון מיר, אָבער יידן — וועל איך אייך נישט
געבן, ווייל אויף מענטשלעכע לעבנס בין איך נישט
קיין בעל־הבית״.

און מיט דעם ענטפער האָט ער זיין וועלט געקויפט! און צוליב דעם ענטפער האָט ער די וועלט פאַרלאָרן.

אויך אין די לעצטע מאָמענטן האָט ער גענאָסן פון „פּריווילעגיעס״: מען האָט אים צוזאַמען מיט זיין מיטהעלפערין פרוי זשעניע מען אַריינגענומען אין אַ טאַקסי (נישט אין קיין לאַסט־אויטאָ, ווי די איבעריקע יידן) און אָפּגעפירט צום עקזעקוציע־פּלאַץ... פאַר דעם ווי מען האָט זיי געשאָסן האָבן די רוצחים איבערגעלייענט אַ טויט־אורטייל, ווו צווישן אַנדערע באַשולדיקונגען ווערן די ביידע באַשולדיקט „אין אויסבאַהאַלטן און נישט וועלן אַרויסגעבן די יידן״.

ווי עס האָבן מיר איבערגעגעבן מיידלעך, וועלכע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן ביי דער אַרבעט אין „פעלדצוג ב״״, נאָענט פון דעם עקזעקוציע־אָרט און וועלכע האָבן געהערט יעדן וואָרט פון געלייענטן טויט־אורטייל, — האָבן זיי געזען, אַז אין אָנבליק פון טויט האָט ה׳ איזיקזאָן זיך פאַרהאַלטן גאַנץ רוהיק, דאַקעגן די פרוי מען האָט זייער געוויינט. מען האָט זיי, די ביידע פאַראורטיילטע, געגעבן נאָך די „פּריווילעגיע״, אַז נאָכן אויסטון די שיך און די מאַנטלען, האָט מען זיי באַפוילן לויפן באַרג־אַרויף און ערשט דאַן האָט מען געשאָסן אין זיי...

אַזוי זיינען אומגעקומען „די ערשטע צוויי״ פון „יודענראַט״ — די לעצטע צוויי אין דאָזיקן שחיטה־טאָג.

ערע זייער אָנדענק!

אין געגרינדעטן „יודנראַט״ האָבן נישט איינמאָל אָנטיילגענומען ביי די באַראַטונגען אויך די רעליגיעזע פאָרשטייער פון באַראַנאָוויטשער יידענטום, צווישן אַנדערע דער יונגער רב שיינבערג, זיין ברודער, דער דיין ניסן שיינבערג און דער סלאָנימער רבי, ר׳ שלמה ווייַנבערג.

### דער „יודנראַט" און די דאָקטוירים

באַלד נאָך די ערשטע גזירות פון דער ציוויל־מאַכט קומען נייע: יידן טאָרן נישט אַריינגיין און קויפן אין „אַרישע" געשעפטן. נאָכדעם — ווידער אַ קאָנטריבוציע פון צוויי מיליאָן סאָוויעטישע רובל, אָדער דייטשע מאַרקן (אין אומגאַנג זענען געווען רובלען און מאַרקן אין קורס איין רובל=איין מאַרק).

דער „יודנראַט" מוז צונויפזאַמלען די סומע.

דאַסמאָל איז עס געווען אַ סך שווערער ווי דאָס פאַריקע מאָל, ווייל די מענטשן האָבן שוין ניט געהאַט קיין געלט, און דאַסמאָל איז נישט געווען דער דרינגענדער רוף פון אויסלייזן יידן.

האָט דער „יודנראַט" געמוזט באַשטימען וויפיל יעדער רב שיינבערג, זיין ברודער, דער דיין ניסן שיינבערג, און דער סחורות, מאַטעריאַלן, לעדערנע פעלכלעך א. א.

מיט אַ גאַר גרויסן טייל פון דער סומע האָט דער „יודנראַט" באַשלאָסן באַשטייערן די דאָקטוירים, וועלכע זענען געוואָרן דער צילברעט פון אַלע מעגלעכע פיילן. די דאָקטורים, אין אַ צאָל פון 40—30, האָבן נישט געקענט ביי זייער בעסטן ווילן איבערנעמען אויף זיך די דאָזיקע לאַסט. די אַרויפגעלייגטע שטייערן זענען מיט יעדעם טאָג געשטיגן. און עס איז געקומען צו אַ שטורמישער זיצונג פון פאַרשטייער פון די דאָקטוירים מיטן „יודנראַט". צווישן אַנדערע איז אויפגעטראָטן אויף דערדאָזיקער זיצונג ד"ר לייב נאַחומאָווסקי. אַ בלייכער, אויפגערעגטער איז ער אויפגעשטאַנען און האָט אָנגעהויבן מיט אַן איינגעהאַלטענעם רוהיקן טאָן:

— אַ מאָל וועט פאַרצייכנט ווערן אין דער געשיכטע, אַז אין אַ שטעטעלע ב., ווו אַ מערהייט (די דייטשן און קריסטלעכע באַפעלקערונג) האָט זיך אָנגעזעצט אויף אַ מינדערהייט (די יידן) און גענומען זי פאַרפאָלגן און אונטערדריקן, האָט דידאָזיקע מינדערהייט אויסגעטיילט פון זיך אַ קלענערע מינדערהייט (די דאָקטוירים), וועלכע איז פון איר פאַרפאָלגט און אונטערדריקט געוואָרן...

— איך דערלויב נישט אַזוי צו ריידן! — איז אויפגעשפרונגען און אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש דער דאַמאָלסטיקער יידן־פּרעזעס אָווסעי איזיקזאָן.

— איך נעם צו ביי אייך דאָס וואָרט!—האָט ער געשריען.

עס איז אַנטשטאַנען אַ טומל, אַ געפילדעריי — און די זיצונג איז איבערגעריסן געוואָרן.

נאָכדעם האָט דער „יודנראַט" באַשטימט אַ קאָמיסיע צוזאַמען מיט אייניקע דאָקטוירים (ד"ר בוסעל, ד"ר שעפּס), וועלכע זאָל אויסהערן די טענות פון יעדן דאָקטאָר און באַשטימען די סומע, וועלכע ער מוז באַצאָלן.

### עקזעקוציעס

יעדן טאָג האָבן די דייטשן געפרעסט, און אויך יוזעף ליטווין האָט כסדר געהאַלטן אין איין נעמען און פאָדערן. אינגיכן איז ער באַקאַנט געוואָרן מיטן אויפהענגען דריי פויערים־„פאַרטיזאַנער" אויף די עלעקטרישע לאָמפּן־לאַמטערנעס, ביים מאָנומענט פון פוילישן אומבאַקאַנטן זעלנער. אין דעמזעלבן פעריאָד האָט מען אויסגעפירט אַ עקזעקוציע איבער עטלעכע סאָוועטישע געפאַנגענע זעלנער ביי שולייגערן אין הויף: מען האָט זיי באַגאָסן מיט בענזין און אונטערגעצונדן לעבעדיקערהייט. צווישן די איז געווען אַ ייד, וועלכער האָט פון די פלאַמען אויסגערופן: „זאָל לעבן סטאַלין! זאָל לעבן סאָוועט־רוסלאַנד!" דאָס אַלץ האָט אַנגעוואָרפן גרויס שרעק אויף דער באַפעלקערונג, בפרט אויף די יידן.

עס קומען אָן ידיעות וועגן אַ „אַקציע" אויף יידן אין נאָענטן שטעטל האָראַדישטש (ל' תשרי תש"ב), ווו ס'זענען אומגעקומען אויך באַראַנאָוויטשער יידן. מען דערוויסט זיך, אַז אין נאָוואָגרודעק האָט מען צונויפגעזאַמלט יידן אויפן מאַרק צוזאַמען מיטן דאָרטיקן „יודנראַט" און מען האָט זיי דערשאָסן, ווייל ס'איז נישט צוגעשטעלט געוואָרן די געפאָדערטע צאָל אַרבעטער. צווישן די דערשאָסענע — די באַראַנאָוויטשער איינוווינער בערל שוויראַנסקי און זיין עלטערער זון יאָסל (בעקעריי איהאַבער) און שמידאָוו (גאַלאַנטעריי־געשעפט).

### געטאָ

די שטימונג אין שטאָט ווערט נאָך מער דערדריקט, ס'ווערט אַלץ מער אַקטועלער די פראַגע פון געטאָ. דער „יידן־עלטסטער" איזיקזאָן מאַכט אַלע אָנשטרענגונגען, אַז מען זאָל דעם געטאָ לאָזן אין דעם שטאָט־טייל, ווו ס'געפינען זיך דער גרעסטער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג. ענדלעך געלינגט עס. דער געטאָ ווערט באַשטימט אין דרום־מערבדיקן טייל פון דער שטאָט. (זע דעם פּלאַן!).

קראַמפע, דער לייטער פון יידן־סעקטאָר ביי דער ציוויל־מאַכט, מיטן שפּיצרוט אין האַנט, אין דער באַגלייטונג פון מיטגלידער פון „יודנראַט", באַטראַכט די הייזער. מען דינגט זיך וועגן יעדן הויז. די קריסטלעכע איינוווינער ווילן נישט גערן פאַרלאָזן זייערע הייזער. זיי מאַכן באַמיאונגען מען זאָל זייערע הייזער נישט איינשליסן אין געטאָ. איין טאָג געלינגט עס זיי און דעם אַנדערן — געלינגט עס דעם „יודנראַט".

סוף סוף ווערן ענטגילטיק באַשטימט די גרענעצן פון געטאָ מיט דער אויסרעכענונג, אַז אויף יעדן מענטשן זאָל אויסקומען איין קוואַדראַט־מעטער רוים. דער געטאָ באַשטייט פון 2 טיילן, מיט אַ שמאָלן דורכגאַנג (ביי דעם הויז אויף מינסקע גאַס נר. 100), וואָס פאַרייניקט ביידע טיילן. איין הויז ווערט אויסגעטיילט פאַר די אַמטן פון „יודנראַט", אויף סאַדאָווע גאַס, נישט ווייט פון הויפּט־געטאָ־טויער. אַ צווייטע קליינע הייזל אַנטקעגן — פאַר דער געטאָ־פּאָליציי. אין געוועזענעם מושב־זקנים, געגרינדעט פון באַקאַנטן נדבן ישראל־זלמן האַלפּערין, ווערט איינגעאָרדנט דער געטאָ־שפּיטאָל און אומבולאַטאָריע. קעגנאיבער — די אינפעקציע אָפּטיילונג און געטאָ־אַפּטייק אויף דער אָזשעשקאָווע־גאַס.

פויערים פירן צונויף קלעצער און שטעכל־דראָטן. מען גראָבט איין די סלופּעס און פאַרציט די דראָטן. מען בויט פאַר



לויט א פאטא-קאפיע פון דער צענטראלער היסטארישער קאמיסיע אין מינכען.

אונדז אַ שטייג, מען זאָל אונדז קענען צו יעדן מאָמענט אַרויס־נעמען פון שטייג און קוילענען.

דער אויבנדערמאָנטער ד״ר לוקאַשעניע, דער לייטער פון געזונדהייטס־אַמט ביים מאַגיסטראַט גיט אָנצוהערענישן, אַז ער וועט זיך באַמיהען לאָזן די יידישע דאָקטוירים — יעדן אויף זיין פּלאַץ אויסערן געטאָ בכדי זיי זאָלן קענען באַדינען צו יעדער צייט די קריסטלעכע באַפעלקערונג.

דער „יודנראַט" איז קעגן דערדאָזיקער פּריווילעגיע פאַר די דאָקטוירים און באַמיט זיך מיט אַלע מיטלען ניט דערלאָזן דערצו. אפשר האָט דאָ געווירקט די קנאה: טאָמער וועט זיין די דאָקטוירים בעסער; טאָמער וועלן זיי זיך קענען לייכטער ראַטעווען. אויך זיינען קעגן די דאָקטוירים, וועלכע וווינען אין די הייזער, וועלכע ווערן צוגעטיילט צום געטאָ. עס קומט פאַר אַ כסדרדיקער קאַמף צווישן דעם ד״ר לוקאַשעניע און דעם „יודנראַט" דורך די לייטער פון די געהעריקע סעקטאָרן (געזונדהייטס־און יידן־סעקטאָר) ביי דער דייטשער ציוויל־מאַכט.

ענדלעך ווערט באַשלאָסן, אַז די דאָקטוירים, וועלכע אַרבעטן אין די קריסטלעכע שטאַטישע הייל־אַנשטאַלטן, וועלן וווינען אויסערן געטאָ, אָבער ניט אין זייערע ביזאַיציקע וווינונגען: עס ווערן אויסגעטיילט פאַר זיי פיר הייזער אויסער „די דראָטן" האַרט ביים געטאָ אויף ווילנער גאַס אין דעם קוואַרטאַל פון האָווער גאַס ביז סאַדאָווע. דער געטאָ־צוים גייט דורך הינטער די דאָזיקע הייזער. שוין נאָך דערדאָזיקער באַ־שטימונג, אין לעצטן מאָמענט, געלינגט דעם „יודנראַט" צו־נעמען איינע פון דידאָזיקע הייזער אויף וואַרשטאַטן (שניידער, שוסטער), ווו די דייטשן זאָלן קענען מאַכן באַשטעלונגען, נישט דאַרפנדיק אַריינגיין אין געטאָ. די דאָקטוירים באַקומען אַ דער־לויבניש אַריינצונעמען אין דידאָזיקע הייזער זייערע נאָענטסטע משפחה־מיטגלידער. ד״ר לוקאַשעניע געלינגט אויך אַרויס־נעמען דאָקטוירים פון געטאָ־טייל און באַזעצן אין די א. ג. „הייזער". אין לעצטן מאָמענט געלינגט אים אויך אַרויס־נעמען די הויפּט־שוועסטער פון געטאָ־שפּיטאָל מינע לאַחאָ־זוויאַנסקי, דעם דאָלמעטשער פון געזונדהייטס־אַמט פעלדמאַן ווילהעלם (געוועזענער לערער פון פּוילישער מלוכה־גימנאַזיע) אייניקע פאַרמאַצעווטן און לאַבאָראַטאָריע־אַרבעטערינס (דאָלע און האַראַוויץ מיט איר מוטער) און באַזעצן זיי אין דידאָזיקע הייזער. און אינטערעסאַנט: די דאָקטוירים, וועלכע זיינען געוועזן פריער קעגנער פון „אויסערן־געטאָ", האָבן זיך גערן באַזעצט דאָ, ווען זיי איז דאָס דערמעגלעכט געוואָרן.

שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אויסער די דאָקטוירים זיינען פאַרבליבן אויך אַנדערע יידישע פאַמיליעס אויסער דעם געטאָ און גאָר ווייט פון אים, צ. ב. די פאַמיליע סטאַווסקי איז פאַרבליבן ביי זיך אין הויז, ווו ס'איז געווען אַ פאַבריק

פון שטריק. די פאַמיליע פון אינזשיניער סינגאַלאָווסקי האָט געוווינט אין דער כעמישער פאַבריק מיט וועלכער ער האָט אָנגעפירט, די פאַמיליע פון ציין־דאָקטאָר פידלער — אין זיין קאַבינעט; דערפון האָט דער „יודענראַט" פריער נישט געוווּסט און אַזוי אַרום ניט געשטערט. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דידאָזיקע איינוווינער האָבן אַ סך מיטגעהאָלפן דעם געטאָ דערמיט, וואָס דורך זיי זיינען געליפערט געוואָרן שפּייז און אַנדערע זאַכן און אַריינגעשמוגלט געוואָרן אונטער די דראָטן אין געטאָ אַריין.

די פּריווילעגיע פון וווינען אויסערן געטאָ איז געווען נישט נאָר אין באַראַנאָוויטש, נאָר אויך אין אַלע אַנדערע אַרומיקע שטעט, ווי אין נאָוואָגרודעק, סלאָנים א.אַ.וו. דאָרט האָבן זיך די „יודנראַטן" נישט קעגנגעשטעלט.

### די „קאַלחאָזן"

צו אַלע טאָג־טעגלעכע צרות איז צוגעקומען איצט דאָס זוכן אַ דירה אין צוקונפטיקן געטאָ. פאַרשטענדלעך, אַז אויך פּראָטעקציע און באַקאַנטשאַפט מיט די אָנפירער האָט דערביי געשפּילט נישט קיין קליינע ראָל. האַבנדיק איין קוואַדראַט מעטער רוים אויף אַ פּערזאָן האָט מען געמוזט קאָמבינירן, אַז אויסער די בעטן זאָל לכל הפחות זיין אין צימער אַ טישל מיט אַ פּאָר שטולן פאַר 20—15 פּערזאָן, וועלכע דאַרפן דאָ וווינען. דעריבער האָט מען געמוזט בויען נאַרעס, דאָס הייסט אָנבויען בעטן איבער בעטן, אויסנוצנדיק די הויך פון צימער. אַנדערע האָבן אַפילו געמאַכט אין זעלבן צימער נאָך איין שטאָק, מאַכנדיק פון איין צימער 2 צימערן: איינער פון אונטן און דער צווייטער — איבער דעם. עס מוז באַטאָנט ווערן, אַז די צימערן אין באַראַנאָוויטש זיינען מערסטנטייל געווען גאַנץ הויכע: 4 מעטער און עטוואָס מער. וועגן אַריינפירן אַנדערע מעבל אויסער בעטן און אַ קליינעם טישל איז קיין רייד נישט געווען. די מעבל פון די אַמאָליקע וווינונגען זיינען אָדער איבערגעלאָזן געוואָרן, טיילווייז פאַרקויפט געוואָרן צו די קריסטן, אָדער איבערגעגעבן געוואָרן זיי אויף באַנוצן דערווייל און „אויב עס וועט אַמאָל זיין אַ וועלט און מיר וועלן בלייבן לעבן, וועלן מיר דאָס צוריקבאַקומען". בעטלעך פון קליינע קינדער זיינען צוגעפּעסטיקט געוואָרן צו די ווענט. אַ סך האָבן איינגעאָרדנט זייערע געלעגער אויף די בוידעמס.

ס'זיינען געווען זייער ווייניק פאַרויסזעענדיקע מענטשן, איבערהויפּט פון צווישן די פּליטים, וועלכע האָבן איינגעאָרדנט דאָפּל־ווענט אין די צימערן און אַנדערע באַהעלטענישן.

אַ ווייטיק פּראָבלעם איז געווען דאָס קאָכן: אין אַ הויז פון 5—4 צימערן מיט אַן אַלגעמיינעם שטח פון 100—80 קוואַדראַט־מעטער, האָבן געוווינט ביי 80 פּערזאָן, אומגעפער ביי 20 פאַמיליעס און די אַלע האָבן געהאַט נאָר איין קיך. אַ „גליק" איז נאָר געווען, וואָס עס איז נישט געווען וואָס צו קאָכן, אָבער דאָס ביסל „וואַרעמס", וואָס מען האָט געמוזט מאַכן, האָט נישט איינמאָל אַרויסגערופן בייז בלוט, קריגערייען און אָפּט־מאָל געשלעגן. נישט קיין קליין פּראָבלעם איז געווען דאָס אָפּטריט־אָרט, וואָס איז, דרך־אגב, געווען אויפן הויף. אַ ווייכ־טיקן ענין האָט פאַרגעשטעלט מיט זיך די וואַסער־פּראַגע. קיין וואַסערלייטונגען זענען אין שטאָט נישט געווען. וואַסער האָט מען געמוזט אָנשעפּן פון די ברונעמס און אַריינטראָגן אין הויז. ס'איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ ריי לויט וועלכער די איינוווינער האָבן באַדאַרפט אָנפילן גרויסע כלים מיט וואַ־סער, אָבער יעדער איינער האָט געהאַט דעם איינדרוק, אַז ער מוז אַרבעטן פאַר די אַנדערע. אויך אויף דעם געביט זענען נישט איינמאָל פאָרגעקומען קריגערייען. אויך די ריי פון וואַשן און טריקענען וועש, איבערהויפּט אין די ווינטער־מאָנאַטן, איז געווען איין אָנגעווייטאָקטע פּראַגע. צוליב דעם אַלעם האָט מען יעדעס הויז, וואָס איז באַוווינט געווען פון אַ גרויסער צאָל מענטשן, אָנגערופן „קאָלחאָז" ד.ה. קאָלעקטיווע ווירטשאַפט...

אויך דאָס רייניקן די צימערן, דאָס וואַשן פון די פּאָדלאָגעס און פענסטער, איז געווען פון די „קאָלחאָזנע" שטרייט־פּראַגן.

אויסערסט ווייטיק איז געווען דאָס וואַשן זיך אין דער פרי: כדי נישט פאַרשפּעטיקן צו דער אַרבעט האָט מען געמוזט אויפשטיין גאָר פרי, אין דער פינסטערניש און פאַרכאַפּן אַ ריי. קיין זייף איז נישט געווען. וועש האָט מען געקאָכט צוזאַמען מיט אַש; ס'זענען אויך געמאַכט געוואָרן אַלערליי שמירעכצן אויף צום וואַשן די הענט.

צום באָדן זיך איז איינגעאָרדנט געוואָרן פאַר די יידן אַ געטאָ־באָד; די אַלטע שטאָט־באָד אויף מינסקער גאַס, אויסערן געטאָ, איז אַרומגעצוימט געוואָרן מיט שטעכל־דראָט און אַהין זענען די יידן געפירט געוואָרן גרופּנווייז צום באָדן זיך.

פאַרשטענדלעך, אַז די אַלע, וועלכע האָבן געלייגט וויי־ניקער אַכט אויף ריינקייט, זענען פאַרלייזיקט געוואָרן. צוליב דעם זענען געשאַפן געוואָרן דורך דעם „יודנראַט" סאַניטאַר־קאָמיסיעס. מייסטנס פון פרויען, וועלכע זענען נישט געגאַנגען צו דער אַרבעט אויסערן געטאָ. זייער אויפגאַבע איז געווען צו אַנטפּלעקן פאַרלייזיקטע, און ביי די לעצטע זענען אָפּגע־שאָרן געוואָרן די האָר און זיי זענען געשיקט געוואָרן אין באָד. אַן אַלגעמיינע פּלאָג אין געטאָ זענען געוואָרן די וואַנצן, וועלכע האָבן נאָכמער פאַרגרעסערט די פּיין פון די געטאָ־איינוווינער, נישט צום באַשרייבן.

דערווייל ביזן אָפיציעלן אַריינגיין אין געטאָ, קומען צו נייע גזירות. די יידן טאָרן נישט געניסן פון מעדיצינישע הילף אין די שטאָטישע קריסטלעכע אַנשטאַלטן. אין אַ שנעלן טעמפּאָ ווערט אויסגעפּאַרטיקט דער צוקונפטיקער געטאָ־שפּיטאָל און אַמבולאַטאָריעס און די יידן באַקומען דאָרט די געפאָדערטע הילף. דאָך ווערן זיי אופגענומען אומלעגאַל דורך די יידישע דאָקטוירים אין די אַנשטאַלטן ווו זיי אַרבעטן נאָך דערווייל. גרייטענדיק זיך צו דער „ווינטער־קאַמפּאַניע" גיבן די דייטשן אַרויס אַ באַפעל, אַז יעדער מוז אַריינטראָגן זיינע פוטערס, פעלצן, וואַלאַנקעס און נייע וואַרעמע וועש פאַר די סאָלדאַטן אויפן פראָנט. די יידן מוזן אָפּגעבן זייערע לעצטע וואַרעמע זאַכן. עס רוקט זיך אָן אַ ביטערער ווינטער, מען איז אָפּגע־

ריסן, אָן וואַרעמע זאַכן, אָן האָלץ צום הייצן און ס׳דערנענטערט זיך די צייט פון פאַרשליסן אין געטאָ. די אַלע, וועלכע גייען נישט אַרויס צו דער אַרבעט (קינדער, עלטערע, קראַנקע), וועלן זיין פאַרשפאַרט אין געטאָ און נישט טאָרן אַרויסגיין אין שטאָט. מען זעט נישט קיין אויסוועג.

דער טאָג קומט אָן. דאָס פאַרשליסן פון געטאָ ווערט באַשטימט אויף דעם 12־טן דעצעמבער 1941, 12 אַזייגער בייטאָג. אויסער אַלע יידן מוזן אַריינגיין אין געטאָ אויך די משומדים; דאַקעגן איין גר, וואָס געפינט זיך אין שטאָט, דאַרף נישט גיין אין געטאָ, ווייל ער איז נישט פון יידישער אָפּשטאַמונג, אָבער זיין יידישע פרוי מוז פאַרבלייבן אין געטאָ. זייערע קינדער פאַרבלייבן מיטן טאַטן אויסערן געטאָ.

די יידן נוצן אויס די לעצטע מעגלעכקייט פון פרייער באַוועגונג אין שטאָט אויף דערליידיקן פאַרשידענע ענינים, און טראָגן אַריין זייער פאַרבליבענע ביסל „האָב און גוטס״ אין געטאָ.

## עס שליסן זיך די טויערן פון געטא

פּינקטלעך 12 אַזייגער דעם 12־טן דעצעמבער ווערן די טויערן פון געטאָ געשלאָסן. ביי די טויערן פונדרויסן ווערט אַוועקגעשטעלט אַ וואַך פון ווייסרוסישע פּאָליציי מיט ביקסן. איינציקע ווייסרוסישע פּאָליציאַנטן גייען אַרום די שטעכלדראָט־צוימען, און היטן אַז קיינער זאָל נישט אַרויס פון אונטער די דראָטן. זייער וואַך־הויז געפינט זיך ביים הויפּטטויער אויף ווילענסקע גאַס עק סאַדאָווע, אין הויז פון משה מירסקי, וואָס איז אויסערן געטאָ. מיט דער ווייסרוסישער וואַך פירט אָן אַ דייטשער זשאַנדאַרמעריע־וואַכמייסטער. פון דער זייט פון געטאָ שטייט אין טויער אַ יידישער פּאָליציסט. אַלס אָפּצייכנונג פון די יידישע פּאָליציאַנטן דינט אַ אַרמבאַנד פון טונקל־בלויען פאַרב מיט דער אויפשריפט „אָרדנונגסדינסט״ און מיט אַ קייַלעכדיקן שטעמפּל פון געביטסקאָמיסאַריאַט.

אין געטאָ זענען פאַראַן נאָך 2 טויערן: איינער אין מערב־צפון טייל און דער צווייטער אין מערב־דרום טייל פון געטאָ. דער לעצטער איז געוויינלעך פאַרשלאָסן אויף אַ שלאָס און ווערט געעפנט אויף אַרויספירן די געשטאָרבענע אויפן יידישן שטאָטישן בית־עלמין.

גאָכן פאַרמאַכן דעם געטאָ באַקומען די אַרבעטער, וועמענס אַרבעטס־פּלעצער זענען אויסערן געטאָ, באַשייניקונגען אויף אַרויסצוגיין פון געטאָ. אין געטאָ ווערן אַריינגעלאָזן אַלע יידן אָן אַ קאָנטראָל פון די שיינען, ביים אַרויסגיין פון געטאָ ווערן זיי אָבער קאָנטראָלירט דורך דעם ווייסרוסישן פּאָליציאַנט ביים טויער.

דאָס אַריינגיין פון סתם דייטשן, ווייסרוסישע פּאָליציי און ציווילע אַרישע באַפעלקערונג — איז פאַרבאָטן. די לעצטע גייען אַרום די דראָטן און זענען צופרידן פון דעם, וואָס מען האָט פאַרשפאַרט די יידן הינטער דעם צוים. אין געטאָ קענען אַריינגיין נאָר געסטאַפּאָ־מיטגלידער, פאָרשטייער פון געביטסקאָמיסאַר און דייטשער זשאַנדאַרמעריע. אויך די ווייסרוסישע געהיים־פּאָליציי האָט אַריינטריט אין בנין פון „יודענראַט״.

דאָס לעבן אין געטאָ הויבט זיך אָן סטאַביליזירן, מען ווערט געוווינט צו די צרות און צום לעבן אין ענגשאַפט און שמוץ. דער „יודנראַט״ פירט אויס זיינע פאַראָרדנונגען דורך דער געטאָ־פּאָליציי. ער שטעלט מיט זיך פאָר די רעגירונג פון דער מדינה, וואָס הייסט געטאָ. זיינע מיטגלידער הויבן ייך אָן פילן ווי מלוכה־מענער, ווען דער יידן־עלטסטער גייט אַריין אין געטאָ־פּאָליציי־געביידע מוזן אַלע אָנוועזנדע אויפשטיין און סאַלוטירן, און דער אָנפירער גיט אים איבער דעם ראַפּאָרט. אַ טראַגי־קאָמעדיע אין טראַגישן געטאָ־לעבן! דאָך מאַכט דער „יודנראַט״ אַלע באַמיונגען און אָנשטרענגונגען צו פאַרבעסערן די לעבנס־באַדינגונגען פון די איינוווינער און זאָרגט פאַר רעגולערער באַשפּייזונג. הונדערט גראַם שוואַרץ ברויט איז די אָנגעצייכנטע ראַציע פאַר אַ פּערזאָן. פון צייט צו צייט געלינגט צו באַקומען אַ ביסל צעפוילטע געפראָרענע קאַרטאָפל, אַ מאָל אַ ביסל פּערל־גרויפּן און עטוואָס בוימאייל.

עס שטייט אין דרויסן אַ שווערער, פראָסטיקער ווינטער. דאָס וואַסער אין די הייזער ווערט פאַרפראָרן. האָלץ צים באַהייצן די אויוונס איז ווייניק. פון צייט צו צייט געלינגט די אַרבעטער אַריינברענגען שטיקעלעך האָלץ און ברעטלעך, און מיט דעם באַנוצט מען זיך צום אויפקאָכן דאָס ביסל „געקעכץ״ און אָנצוואַרעמען די לופט אין די צימערן.

יעדן פרימאָרגן גייען אַרויס טויזנטער מענטשן מענער אין פרויען צו דער אַרבעט. די וועלכע אַרבעטן אין פאַרמאַכטע הייזער, וואַרעמען זיך אָן און באַקומען אַ מאָל עפּעס וואַרעמס צום עסן; אָבער די אַנדערע, וועלכע אַרבעטן אויפן פרייען לופט, פרוירן דעם גאַנצן טאָג. אַרויסגייענדיק פון געטאָ טראָגט מען אַרויס יעדעס מאָל עפּעס צום פאַרקויפן, און צוריקגייענדיק כאַפּט מען זיך אַריין אומבאַמערקטערהייט אין אַ קריסטלעכן געשעפט און מען קויפט עטוואָס איין פאַר דער הונגערנדיקער פאַמיליע. טאַקע דערפאַר ווילן אַ סך גערנער אַרויסגיין צו דער אַרבעט, ווי צו בלייבן „אינדערהיים״.

אויסערדעם, וואָס אַ סך האָבן אויסצושטיין ביי דער אַרבעט, איבערהויפּט ביי די דייטשן, זענען שטענדיק זייערע געדאַנקען פאַרנומען מיט זייערע משפחות, וועלכע זענען אין געטאָ און אומגעקערט: די פאַרבליבענע אין געטאָ זענען קיינמאָל נישט רוהיק און זאָרגן פאַר די אַרויסגעגאַנגענע צו דער אַרבעט. קוים וואָס מען דערלעבט זיך זען געזונט און גאַנץ איינע מיט די אַנדערע. אויך ביים אַריינגאַנג אין געטאָ, ביים טויער, קומען פאָר אָפּט רעוויזיעס, און די ווייסרוסישע פּאָליציי נעמט צו אַלץ, וואָס זיי געפינען, די ערשטע צייט קוקט מען נישט אַזוי, אָבער שפּעטער ווערט אַלץ שטרענגער און שטרענגער.

נאָכן אומקערן זיך פון דער אַרבעט ווערן די אַרבעטער אַרומגערינגלט פון זייערע באַקאַנטע און נאָכגעפרעגט וועגן נייס אינדרויסן. אַנדערע גיט זיך איין לייענען אַ צייטונג ביי

דער אַרבעט און אַנדערע — אַפּילו הערן ראַדיאָ. אַמבעסטן, פֿאַרשטייט זיך, ווילט זיך הערן די נייס אין דער אויפֿפֿאַסונג פֿון די אָפּטימיסטן. מען קען אָבער נישט זיין אָפּטימיסטיש ווען עס דערגייען ידיעות וועגן מאָרד־„אַקציעס" — פֿון יידן אין די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך. מען דערוויסט זיך וועגן דעם דורך קריסטן און אַ מאָל דורך אַ יידן, וועמען עס געלינגט זיך אַריינשמוגלען אין געטאָ. פֿון צייט צו צייט גיט זיך איין אַרויסשיקן אַ בריוועלע צו קרובים און באַקאַנטע, און אַמאָל אויך באַקומען אַ ביסל שפּייז פֿון די, וועלכע וווינען אין די קליינע שטעטלעך, ווו קיין געטאָ איז נישטאָ און זיי קענען נאָך קומען אין באַרירונג מיט די אַרומיקע פּויערים. דאָס אַלץ ווערט געמאַכט מיט גרויס ריזיקע. איינמאָל ווערט אַזאַ בריוועלע געכאַפּט און די פּרוי בראַווין, וועלכע האָט דאָס געשריבן צו איר פֿאָטער אין לעכעוויטש, ווערט צוליב דער עבֿירה דערשאָסן צוזאַמען מיט איר זויג־קינד.

## שחיטות אין לעכעוויטש און סלאָנים

אײַנגיכן ווערט באַקאַנט, אַז אַלע יידן פֿון לעכעוויטש זענען „ליקווידירט". מיר דערוויסן זיך איינצלהייטן: ווען מען האָט די דאָרטיקע יידן געבראַכט צו די גריבער, האָט דער געוועזענער באַראַנאָוויטשער סוחר, דער אַלטער גרשון ברעגמאַן געבעטן די מערדער, זיי זאָלן דערלויבן די יידן זאָגן ווידוי. אין אָנבליק פֿון טראַגישן מאָמענט מאַכט די ביטע אַ רושם אויף די מערדער — און זיי באַוויליגן.

דער אַלטער ברעגמאַן טוט אָן זיין טלית, וועלכן ער האָט מיטגענומען אויף זיין לעצטן וועג, און הויבט אָן זאָגן און אַלע זאָגן אים נאָך מיט אַ צעבראָכענער שטים און שטילן געוויין. די מערדער רוקן זיך אָפּ און וואַרטן געדולדיק. נאָכן פֿאַרענדיקן ווענדעט ער זיך צו די מערדער און זאָגט:

— מיר זענען גרייט!

די מערדער נעמען זיך צו זייער „אַרבעט". צווישן די אומגעקומענע — דער געוועזענער באַראַנאָוויטשער איינוווינער, דער אַפּטייקער אלתר קורכין מיט זיין פֿאַמיליע.

באַלד ווערט מען געוווּיר וועגן אַ שחיטה אין סלאָנים, אין וועלכער עס זענען אומגעקומען אויך באַראַנאָוויטשער איינוווינער, צווישן אַנדערע די פּרוי פֿון באַקאַנטן ציוניסטישן טוער יצחק יאַסינאָווסקי. די טאָכטער פֿון באַקאַנטן מאַנופֿאַקטור־סוחר פּוקסמאַן סאָניע, וועלכע איז געווען באַשעפֿטיקט אַלס קראַנקן־שוועסטער איז אויך גענומען געוואָרן צו די גריבער, און נאָכדעם ווי מען האָט אויף איר געשאָסן איז זי אַ פֿאַרוווּנדעטע, אָבער לעבעדיקע — אַריינגעפֿאַלן אין אַ גרוב מיט דערשאָסענע. אין דער טונקלקייט פֿון דער נאַכט האָט זי זיך אַרויסבאַקומען פֿון צווישן די טויטע און זיך אַוועקגעשלעפּט אין קריסטלעכן שפּיטאָל, ווו זי האָט פֿריִער געאַרבעט. איר וווּנד איז פֿאַרבאַנדאַזשירט געוואָרן, און מען האָט זי אַריינגעלייגט אין אַ בעט. עמיצער פֿון די שפּיטאָל־אַרבעטער האָט וועגן דעם דערטראָגן דער געהעריקער מאַכט, און מען האָט זי אַרויסגענומען פֿון שפּיטאָל און דערשאָסן. ידיעות פֿון די אַרומיקע שטעטלעך באַקומען מיר אויך אויף אַן אַנדער אופֿן: פֿון צייט צו צייט ברענגען די דייטשן אַריין אין געטאָ יידן פֿון די אַרומיקע שטעטלעך און ווייזן זיי איבער דעם „יודענראַט" צום איינאָרדענען אין געטאָ. דאָס זענען די שארית הפּליטה, איבערגעבליבענע יידן־ספּעציאַליסטן נאָכן ליקווידירן פֿון זייערע שטעטלעך, אַמאָל — אַרויסגענומענע פֿון זייערע היימען פֿאַר דער ליקווידאַציע.

## פּרוּוון פֿון אַנטלויפֿן

אין געטאָ איז אויך נישט רוהיק אינגאַנצן, מען לעבט אין אַ פּערמאַנענטן שרעק: אָט קומט אַריין אין „יודנראַט" איינער פֿון געסטאַפּאָ און מען איז שוין אין געטאָ דערציטערט; וואָס פֿאַר אַ גזירה האָט ער געבראַכט? וואָס פֿאָדערט ער? דאָ ווידער קומט עמיצער פֿון געביטס־קאָמיסאַריאַט. דערווייל פֿאַרבהאַלטן זיך אַלע אין די הייזער ביז ער גייט אַוועק. אויך פֿון „יודענראַט", איז דאָ אַן אָנזאָג, מען זאָל זיך נישט דרייען אין די גאַסן פֿון געטאָ, איבערהויפּט אַרום דער געביידע פֿון „יודענראַט", כדי זיך נישט וואַרפֿן אין די אויגן פֿון די מערדער. פֿון צייט צו צייט נעמט מען צו יונגע לייט פֿון געטאָ און מען שיקט זיי אַרויס מיט טראַנספּאָרטן פֿון פֿערד און בהמות אין אַלע ריכטונגען: קיין לעמבערג, וואַרשע א.א. זייער אַרבעט באַשטייט אין פֿאַרנעמען זיך מיט די בהמות אין וועג: געבן זיי עסן און טרינקען, אונטעררוימען זיי, שפּעטער „ליקווידירט" מען זיי, אָדער מען וואַרפֿט זיי אַריין אין געטאָ פֿון דער שטאָט, ווו ס'איז די ענד־סטאַציע פֿון טראַנספּאָרט.

ס'קומען אָן ידיעות פֿון וואַרשע און מיר לייענען אויך אין אַ צייטונג, אַז דאָרט זענען געשאַפֿן געוואָרן גרויסע וואַרשטאַטן אין געטאָ, וואָס אַרבעטן פֿאַר דער דייטשער אַרמיי. מען הויבט אָן טראַכטן, אַז דאָרט איז מען זיכערער מיטן לעבן. ווי ביי אונדז. מען זוכט וועגן ווי צו באַקומען זיך אַהין. ווען מען דערוויסט זיך, אַז מען דאַרף אָפּפֿירן אַ טראַנספּאָרט מיט בהמות קיין וואַרשע, געפֿינען זיך אַ סך בחורים, איבערהויפּט פֿון די פּליטים פֿון יענע געגענטן, וועלכע מעלדן זיך פֿרייוויליק צו דערדאָזיקער אַרבעט.

די עלטערע און פֿאַמיליע־מענטשן זוכן אַנדערע וועגן. אַנטשטייט אַ פֿאַרצווייגטע, אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציע פֿון קריסטן אין צוזאַמענאַרבעט מיט דייטשן, וואָס פֿאַרנעמט זיך מיט מאַכן פֿאַלשע פּאַפּירן און מיט אָפּטראַנספּאָרטירן מענטשן אין פֿאַרמאַכטע אויטאָס קיין וואַרשע. פֿאַרשטייט זיך, אַלץ פֿאַר גרויסע געלטער. אייניקע גרופּעס געלינגט אַזוי אַרום צו פֿאַרלאָזן אונזער געטאָ. אַלץ ווערט געמאַכט געהיים, אַז אַפּילו די נאָענטסטע שכנים פֿון „קאַלחאָז" וויסן נישט פֿון דעם. איינמאָל געשעט אָבער אַ דורכפֿאַל: נאָכן אַריינגיין אין אויטאָ ווערט די מאַשין אַרומגערינגלט פֿון געשטאַפּאָ־לייט און אַלע ווערן געכאַפּט. די שטראָף איז אַ פֿאַרשטענדלעכע: אַ פּאָר צענדליק יידן ווערן דערשאָסן, צווישן זיי דער

וואַרשעווער כירורג באַקמאַן, וועלכער איז באַקאַנט אין באַראַנאָוויטש זינט זיין קומען אַלס פּליט אין 1939.

איינמאָל אַ שבת פּרי, ווען די אַרבעטער קלייבן זיך אַרויסגיין פון געטאָ, ווערט דער טויער נישט געעפנט (געווייג־לעך איז ער געשלאָסן דעם גאַנצן אָוונט און נאַכט: פון נאָך די אַרבעט־שעה׳ן ביז צום אַרבעט־אַרויסגאַנג). עס אַנטשטייט אַ פּאַניק אין געטאָ, מען ווייס נישט, וואָס דאָס באַדייט. פון געביטס־קאָמיסאַריאַט רופט מען צונויף די ״יודענראַט״־מיטגלידער. ביי אַ שעה ווערן זיי געהאַלטן און געפאַרשט וועגן טיפוס־פאַלן אין געטאָ. נאָך אַ פאַרזיכערונג, אַז קיין טיפוס־קראַנקע זענען נישטאָ און נאָך אַ שטרענגן פאַרזאָג, אַז וועגן יעדן פאַל מוז אין דער צוקונפט געמאָלדן ווערן, לאָזט מען אָפּ די מיטגלידער פון ״יודענראַט״ — און די טויערן פון געטאָ ווערן געעפנט. די אַרבעטער גייען אַרויס. ״אַבי אָפּגעקומען מיט שרעק!״

טעג נאָך טעג פאַרגייען. מען געוויינט זיך צו צו די הערשענדיקע באַדינגונגען. מען הויבט אָן זוכן מיטלען אויף צו פאַרבעסערן דאָס לעבן. מען הויבט זיך אָן ״איינאָרד־נען״. הגם מען צאָלט נישט פאַר דער אַרבעט דאָך טרעפט זיך, אַז די קריסטלעכע אַרבעטס־געבער וואַרפן צו אַ פאַר מאַרק דעם פאַריאָכטן צו זיי יידן.

אין אַ שיינעם ווינטער־פאַרנאַכט גייען אַריין אין געטאָ אייניקע געסטאַפּאָווצעס מיט נאָך עטלעכע ״יידנפרעסער״ פון געביטס־קאָמיסאַריאַט מיט קראַמפּען בראש. אַרומגערינגלט דורך זיי גייט מיט אַ בלייכער, דערשראָקענער ייד. אַלע אין געטאָ באַהאַלטן זיך. די נאַציס באַפעלן, אַז דער ״יודענראַט״ זאָל צונויפזאַמלען די יידן פון געטאָ. איצט דערקענט מען דעם מאַן — דאָס איז דער דאַמען־שניידער אהרן אַמסטיבאַ־וויצקי. קראַמפּע לייענט דעם אורטייל: היות ווי דער ייד האָט געפאָדערט געלט פאַר זיין אַרבעט ביי דער שניידערין שולייקאַ, וואָס איז קעגן די אַרויסגעגעבענע געזעצן פון דער דייטשער מאַכט, ווערט ער ״פאַר סאַבאָטירן דייטשע געזעצן״ פאַראורטיילט צום טויט דורך שיסן. און באַלד אויפן אָרט, אין די אויגן פון אַלע פאַרזאַמלטע ווערט ער דערשאָסן.

## דער ״יודנראַט״ אָרגאַניזירט סקלאַדעס

די פאָדערונגען פון די דייטשן ווערן אַלץ גרעסער. די באַשטעלונגען פון אַלערליי נויטיקע פאַר זיי זאַכן — אַלץ מער. נישט איינמאָל פאָדערן זיי אַז די באַשטעלונגען זאָלן אין משך פון מינוטן דערליידיקט ווערן. דאָס באַוועגט דעם ״יודנראַט״ צו אָרגאַניזירן סקלאַדעס, ווו אַלץ, וואָס איז נאָך מעגלעך, זאָל זיין אויפן פּלאַץ, אַז מען זאָל גלייך קענען אַרויסגעבן דאָס געפאָדערטע. די סקלאַדעס מוזן אָנגעפילט ווערן מיט זאַכן און דאָס מוז מען, פאַרשטענדלעך, נעמען ביי די יידן אין געטאָ. ביי די, וועלכע וווינען אויסערן געטאָ, האָט דער ״יודנראַט״ נישט קיין רעכט צו מאַכן רעוויזיעס. נאָך געהעריקע באַמיונגען געלינגט עס אים צו באַקומען אַ דערלויבעניש פון קראַמפּען, אויף דורכצופירן רעוויזיעס און רעקוויזיציעס אויך אין די באַווינטע פון מעדיציניש פאַר־סאָנאַל דריי הייזער אויסערן געטאָ. אין איינעם אַ אָוונט ווערן די הייזער אַרומגערינגלט פון יידישע געטאָ־פּאָליציי. מען לאָזט נישט אַריין און מען לאָזט נישט אַרויס. דער פּאָליציי־מייסטער מיט דעם ״יודענראַט״־פאַרשטייער מוליק איזראַעל קומען אַריין — און ס׳הויבט זיך אָן די רעוויזיע. זיי ריידן נישט מיט זייערע גוט־באַקאַנטע פון יאָרן. — ״אין צייט פון אויספירן דאָס אַמט טאָר מען נישט רעדן״—זאָגט דער פּאָליציי־נאַטשאַל־ניק אין דער רוסישער שפּראַך.

די רעוויזיע ווערט דורכגעפירט זייער גענוי און אַלע זאַכן, וועלכע האָבן אַ ווערט, ווערן צוגענומען נאָכן אויפ־שרייבן אַ פּראָטאָקאָל דורך מוליק איזראַעל. עס העלפן נישט קיין שום רייד. אויף אַזאַ אופן האָט זיך דער ״יודענראַט״ אָפּגערעכנט מיט די, וועלכע האָבן געהאַט די העזה צו וועלן וווינען אויסערן געטאָ.

עס מוז צוגעגעבן ווערן, אַז נישט איינמאָל זענען פון די סקלאַדעס אַרויסגעגעבן געוואָרן זאַכן אויך יידן אין געטאָ, וועלכע האָבן זיך גענויטיקט אין אַ בגד.

עס באַקומט זיך אין איינעם אַ פרימאָרגן אַ באַפעל אין ״יודענראַט״, אַז אַלע יידן מוזן דערזעענדיק אַ דייטש אין גאַס, אַראָפּנעמען פאַר אים דעם היט. דערביי ווערט גענוי אָנגעגעבן, ווי־אַזוי דאָס דאַרף געמאַכט ווערן. דאָס איז נישט קיין נאָרמאַלע באַגריסונג. דאָס מוז געמאַכט ווערן אויף אַזאַ אופן: באַמערקענדיק אין וועג אַ דייטש מוז מען גיך אָנכאַפּן מיטן רעכטן האַנט דאָס היטל און מיט אַ שנעלער באַוועגונג אַראָפּכאַפּן פון קאָפּ און געשווינד אַראָפּלאָזן די האַנט מיט דעם היטל ביז די קני און אַזוי האַלטן די האַנט מיט דעם קאָפּ־צודעק ביז דער דייטש איז פאַרביי. ערשט דאַן קען מען אים אָנטאָן צוריק. פאַר נישט אויספירן דעם באַפעל — טויט־שטראָף. מיר האָבן באַשלאָסן גיין אָן היטלען, בכדי אויסצו־מיידן דידאָזיקע פאַראָרדנונג, אָבער דערווייל איז געווען ווינטער און מען האָט נישט געקענט אַרומגיין אָן אַ קאָפּ־צודעק.

מערקווירדיק, אַז אַ סך דייטשע סאָלדאַטן און איבערהויפּט אָפיצערן האָבן נישט געוווסט פון דעם באַפעל און, ווען מיר פלעגן ״אַראָפּכאַפּן״ די היטלען, האָבן זיי אונדז סאַלוטירט אויפן מיליטערישן שטייגער. דאָס האָט באַוויזן נאָך אייניקע מאָנאַטן דעם געביטס־קאָמיסאַר אָפּצורופן די גזירה.

דאַן איז ווידער געקומען צו אינצידענטן מיט דייטשן, וועלכע האָבן נישט געוווסט פון אָפּשאַפן פון דאָזיקן באַפעל: זיי פלעגן צעשלאָגן די אָנגעטראָפענע יידן פאַר נישט אַראָפּ־נעמען די ״מיטצען״.

## אילוזיעס

נישט געקוקט אויף דעם, וואָס אין די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך קומען פאָר כסדר שחיטות און אַז אַנדערע פּלעצער זענען שוין ״יודען־ריין״, טראַכטן די באַראַנאָוויטשער יידן, אַז זיי וועט דאָס אויסמיידן: מען נויטיקט זיך אין

זייער אַרבעט. חוץ דעם געפינט מען שטענדיק אַן אויסרייד פאַר די פאָרגעקומענע יידן־אויסראָטונגען: פאַרבינדונגען מיט פאַרטיזאַנער, באַנטדעקט פון פאַרטיזאַנער א.אַ.וו. מען איז אויך איינגעגלויבט אין פרעזעס פון „יודנראַט״, אַז ער וועט פאַרהיטן די יידן מיט זיין קלוגער האַנדלונג לגבי די דייטשן.

כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם געדאַנקען־גאַנג פון די באַראַנאָוויטשער יידן איז פאָלגענדער פאַקט: אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט מען געזען פאָרן איבער דער נאַרוטאָוויטש־גאַס (אַמאָליקע פאָסט־גאַס) אַ גרויסע צאָל פורן מיט ציגיינער מיט זייערע פרויען און קינדער; זיי זענען פאַרהאַלטן געוואָרן דורך דער געשטאַפּאָ און אַריינגעפירט געוואָרן אין געשטאַפּאָ־הויף (דאָס געוועזענע הויז פון „אָזע״) און דאָרט זענען זיי אַלע דערשאָסן געוואָרן; דערוויסנדיק זיך פון דעם, האָבן די יידן גלייך „פאַרשטאַנען״, אַז די נאַציס האָבן מורא געהאַט פאַר די ציגיינער אַז זיי קענען זיך פאַרנעמען מיט שפיאָנאַזש צוליב זייער וואַנדער־לעבן, און דערפאַר זענען די ציגיינער „ליקווידירט״ געוואָרן. איבערהויפּט ווילט זיך נישט טראַכטן פון גרויזאַמע זאַכן, און ביזן לעצטן מאָמענט טראַכט יעדער איינער, אַז מיט אים וועט „דאָס״ נישט געשען, ווייל...

דאָך האָבן אַנדערע יידן באַמיט זיך אַרויסגיין פון געטאָ און וווינען צווישן דער קריסטלעכער באַפעלקערונג. פאַרשטענדלעך, אַז דאָס האָבן געקענט טאָן נאָר אַזעלכע, וועלכע זענען געווען אומבאַקאַנט אין שטאָט און האָבן נישט געהאַט קיין יידישן אויסזען. אַזוי האָט זיך איינגעגעבן דער פרוי פון באַראַנאָוויטשער דאָקטאָר ברעסלאַוו מיט איר שוועסטער אַרויסגיין פון געטאָ און וווינען אין שטאָט אַלס „אַריערין״. עס איז געווען אַפילו אַ ייד מיטן נאָמען ליברעצקי וועלכער האָט געאַרבעט אין געביטס־קאָמיסאַריאַט אַלס דאָלמעטשער, און ער מיט זיין פרוי זענען אָנגעגאַנגען אַלס נישט־יידן.

## פרשה משומדים

אויך די משומדים האָבן זיך באַמיט אַרויסצובאַקומען זייערע פרויען פון געטאָ און אייניקע האָט זיך דאָס איינגעגעבן: דער טאָכטער פון ביטענסקי דעם שניידער איז דערלויבט געוואָרן אומקערן זיך צו איר קריסטלעכן מאַן, וועלכער האָט געדינט אין דער געהיים־פאָליציי, מיט דעם באַדינג, אַז זי זאָל דורכמאַכן אַ קאַסטראַציע־אָפעראַציע, כדי זי זאָל מער נישט קענען געבוירן קינדער. אייניקע טעג פאַר דעם „גרויליקן פורים״ איז זי אַריינגענומען געוואָרן אין שטאָטישן שפיטאָל, ווו דער דאַמאָלסטיקער שפיטאָל־דירעקטאָר, דער ווייסרוס פראַווקאָ האָט אין די נאָך־פורים־טעג אויסגעפירט איבער איר די אָפעראַציע.

עס האָט זיך אויך איינגעגעבן אַ פאָסט־באַאַמטן אַרויסצונעמען פון געטאָ זיין אָפטריניקע פרוי, וועלכע פלעגט, דרך אגב, שטענדיק ערב שבת בענטשן ליכט.

אַנדערע משומדים, ווי צ. ב. דער בריסקער כירורג ד״ר מיקיצינסקי, וועלכער האָט אין די מלחמה־יאָרן געאַרבעט אין באַראַנאָוויטש, זענען אַרויסגעפאָרן אין אַרומיקע קלענערע שטעטלעך און זיך דאָרט באַזעצט אַלס אַריער. ד״ר מיקיצינסקי איז אַריבערגעפאָרן אין ביטען און פלעגט אפילו שפילן אויפן קלויסטער־אָרגל אין צייט פון די זונטיק־געבעטן, אָבער אויך דאָס איז אים נישט בייגעשטאַנען: קריסטן האָבן אים געמסרט און ער איז דערשאָסן געוואָרן אַלס ייד.

אַזוי מער ווייניקער האָט אויסגעזען דאָס געטאָ־לעבן ביז די ערשטע טעג פון מערץ 1942.

## די פורים־„אקציע״

(די ערשטע מאַסן־שחיטה אין באַראַנאָוויטש 1942)

אָנפאַנג מערץ 1942. די זון שיינט און שיקט אירע פרילינגס־שטראַלן צו דער אין שניי־איינגעהילטער ערד. אויך ביי די יידן, פאַרשפאַרטע אונטער שטעכל־דראָט אין ענגן געטאָ, דערוועקן זיך האָפנונגען. אַוועק איז אַ קאשמאַרנער ווינטער, פול מיט נויט און פיין, גרוילן און צרות. מען דאַרף אָבער האָפן... האָט דאָך דער געביטס־קאָמיסאַר צוגעזאָגט, אַז אין באַראַנאָוויטש וועט די יידן קיין שלעכטס נישט געשען. זיי אַרבעטן דאָך פלייסיק, און דער „יודנראַט״ שטעלט צו די דייטשן אַלץ, וואָס נאָר זיי פאַרלאַנגען. „די יידן דאָ״ — האָט ער צוגעגעבן — זענען דאָך אַנדערע ווי די פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלאך, וועלכע מען האָט אומגעבראַכט״.

2־טער מערץ. ערב פורים. נאָכן שווערן אַרבעטס־טאָג זאַמלען זיך צענויף אין באַזונדערע הייזער גרופּעס פון יידן און מען לייענט די מגילה.

שושנת יעקב צהלה ושמחה... מען ווינשט זיך מ׳זאָל איבערלעבן דעם המן פון אונזערע צייטן און מען גייט זיך פאנאַנדער פול מיט בטחון אין אַ בעסערער צוקונפט.

*

נישט פאָרגעפילט האָבן די יידן, וואָס דער מאָרגן וועט זיי ברענגען. נישט געוווסט האָבן זיי, אַז שטרייכער האָט זיין בלוט־זויגערישן בלעטל געשריבן — אין „שטירמער״, אַז דאָסמאָל וועט שוין מער קיין אסתר׳קע צום ראַטעווען די יידן נישט זיין. נישט פאָרגעפילט האָבן די באַראַנאָוויטשער יידן, אַז דער פור — דער גורל פון זייער אומקום איז אָנגעצייכנט געוואָרן דורך דעם געביטס־קאָמיסאַר ווערנער. דורך דעם לייטער פאַר יידישער ענינים קראַמפּע און דורך דעם אָנפירער פון ס.ד. אמעלונג אויף פורים.

דינסטיק. 3־טער מעץ 1924. פורים פרי, נאָך דער מגילה גייען אַלע אַרבעטער, ווי געוויינלעך, אַרויס פון געטאָ צו די אַרבעטס־שטעלן. אין דרויסן שטייט אַ שיינער וועטער. אַרום און אין געטאָ איז אַלץ רוהיק. עס לאָזט זיך נישט מערקן קיין שום פאַרדעכטיקעס.

אָבער שוין מיטאָג־צייט דערשפירט זיך עפּעס אומהיימלעכעס אין דער לופט: ניטט אַלעמען לאָזט מען אַרויס דורך דעם הויפּט־געטאָ־טויער צו דער אַרבעט; פון צווייטן טויער לאָזט מען נאָך אַרויס. נישט לאַנג דויערט עס, און אויך פון דעם טויער לאָזט מען שוין נישט אַרויסגיין. אַריינגיין איז דערלויבט דורך ביידע טויערן.

נאָך אַ מאָמענט, און צום הויפּט־טויער פאָרט צו אַ לאַסט־אויטאָ. פון אים שפּרינגען אַרויס דייטשן אין העלמען. מען פאַרמאַכט דעם טויער און אַנטקעגן געטאָ שטעלן זיי אַוועק אַ פּולעמיאָט. מען לאָזט שוין אויך נישט אַריין דורך דעם טויער. אַריינגיין דאַרף מען נאָר דורך דעם צווייטן טויער.

דער „יידן־עלטסטער", איזיקזאָן, וועלכער האָט אַ צייכניש אויף אומגעשטערטן אַרויסגאַנג פון געטאָ, ווערט נישט אַרויס־געלאָזט און יעדע האָפנונג וועגן אינטערווענץ ביי דער מאַכט ווערט צונישט. זיין פאַרטרעטערין, די אחריות־פולע פרוי זשעניע מען, וועלכע געפינט זיך איצט אויסער געטאָ (זי איז אַרויס פריער, מאַכט אַלע באַמיאונגען אויפגענומען צו ווערן דורך די מאַכט־אָרגאַנען — אָבער אומזיסט.

— וואָס טוט מען? — וווהין גייט מען? — אַלע טירן זענען געשלאָסן, קיינער וויל היינט נישט אויפנעמען — מורמלען שטיל אירע ליפּן. זי גייט אין געטאָ כדי צו זיין צוזאַמען מיט אַלע יידן.

אינצווישן ווערט דאָס גאַנצע געטאָ אַרומגערינגלט דורך אַ שטאַרקן פּאָליציי־קאָרדאָן פון ווייסרוסן מיט געווער אין די הענט. איבער די גאַסן פון שטאָט פאָרן אַרום אויף מאָטאָ־ציקלען מיט דייטשע פעלדשזאַנדאַרמען. די יידן, וועלכע קערן זיך אום פון דער אַרבעט, ווערן אָפּגעשיקט צום אַריינגאַנג דורכן צווייטן טויער.

אין געטאָ, וואָס איז אין פאָרם פון אַ „ח", קומט דערווייל פאָר פאָלגענדעס: די יידן פון דעם טייל ווו עס געפינט זיך דער הויפּט־טויער, ווערן אויפגעפאָדערט צו פאַרלאָזן די הייזער און איבערגיין אין דעם צווייטן טייל פון געטאָ, מיט־נעמענדיק עסן אויף איין טאָג. מיט דער דאָזיקער איבערזידלונג פאַרנעמט זיך די ווייסרוסישע פּאָליציי און די יידישע „געטאָ־פּאָליציי". פאַר אַלעם ווערן איבערגעטראָגן די קראַנקע פון געטאָ־שפּיטאָל.

אַ סך יידן פאַרבאַהאַלטן זיך אין די קעלערן, אויף די בוידעמער און אין אַנדערע לעכער.

די „געטאָ־פּאָליציי" באַקומט אַ באַפעל צו גיין פון הויז צו הויז און רופן די פאַרבאַהאַלטענע יידן, אַז זיי זאָלן אַרויס־גיין, אַז עס דראָט נישט קיין געפאַר. זיי האָבן עס געטאָן, אָבער איינצייטיק געבן זיי צו: „יהודים, לא!"

די גאַנצע נאַכט זענען די הייזער אין דעם טייל געטאָ אָן אויפזיכט. די ווייסרוסן גייען פון שטוב צו שטוב, פאַראַמירן און רויבן.

די אַלע אויבנדערמאָנטע הכנות ווערן אָפיציעל אויסגע־טייטשט אין דעם זין, אַז די יידן פון גאַנצן געטאָ דאַרפן זיך צונויפזאַמלען אין איין אָרט, ווו מען וועט זיי אַרויסגעבן אַרבעטס־שיינען.

*

אין דעם טייל געטאָ, ווו ס'זענען פאַרזאַמלט אַלע יידן, איז דערווייל קיין פרעמדע (נישט־יידישע) פּאָליציי נישטאָ.

עס פאַרפאָרט אַ טאַקסי מיטן אינספּעקטאָר פון אַרבעטס־אַמט און ברענגט אַראָפּ אַ פּאַק מיט שיינען געדרוקטע אויף גרינעם קאַרטאָן, ווו עס איז אויפגעשריבן די פאַמיליע, דער נאָמען און געבורטס־יאָר פון באַשעפטיקטן. אונטערגעשריבן „דער געביטס־קאָמיסאַר באַראַנאָוויטש, אַרבייטס־איינזאַץ" און אַ רונדער שטעמפּל. אינמיטן פון דעם שיין איז זיכטבאַר אַ גרויסער „או" וואָס פאַראַ באַדייטונג דער דאָזיקער „או" האָט געהאַט איז נישט באַקאַנט. מען האָט געטראַכט, אַז דאָס באַדייט — אונפאַרטרעטבאַר א. א. שפּעטער האָט מען זיי אָנגערופן „די לעבנס־שיינען".

דער פּאַק שיינען ווערט פאַרטיילט. מען ברענגט אַ צווייטן פּאַק, און אויך דער ווערט פאַרטיילט. אַ גרויסער טייל יידן פאַרבלייבט אָן שיינען. דער „יידן־עלטסטער" אינטערווענירט. מען ברענגט נאָך אַ פּאַק שיינען אין בלאַנקאָ און מען דאַרף




לעבנס־שיין — אַזעלכע שיינען האָבן די נאַציס פאַרטיילט אין באַראַנאָוויטשער געטאָ אין דער נאַכט פון פורים אויף שושן־פורים (פאַר דער 1־טער שחיטה).

זיי אויסשטעלן. דערמיט באַקומט דער „יודנראַט" די מעגלעכקייט אַרויסגעבן שיינען פאַר רבנים א. אַנד.

אַ טייל אַרבעטער פאַרבלייבט נאָך אָן שיינען און מען זאָגט זיי צו, אַז מען וועט ברענגען נאָך שיינען. מען וואַרט אַ גאַנצע נאַכט אויף דער קאַלטער גאַס, מען האָפט, אַז מען וועט באַקומען. מען שטייט אין רייען, מען שרייט און מען אַמפּערט זיך, ווער איז פריער אין דער ריי...

אַלטע, שוואַכע, קינדער א.א. וועלכע האָפן נישט אויף קיין שיין, באַהאַלטן זיך. עס באַהאַלט זיך אויך אַ טייל מיט שיינען.

*

שושן פורים. 4 אַזייגער פאַרטאָג קומט פון די דייטשן אַ באַפעל, אַז די שיינען־באַזיצער זאָלן איבערגיין אין דעם ביז איצט פרייען טייל פון געטאָ. זיי דאַרפן דורגיין דורך אַ שמאָלן דורכגאַנג צווישן ביידע געטאָ־טיילן. ביים דורכגאַנג שטייט ווייסרוסישע פּאָליציי און קאָנטראָלירט די שיינען, דערביי שלאָגן זיי יעדער פאַרבייגייענדיקן יידן מכות רצח מיט די קאָלבעס פון די ביקסן און מיט גראָבע שטעקנס.

די יידן גייען אַריין אין די פאָגראָמירטע הייזער, ווו אַלץ איז צעבראָכן און צעשטערט.

נישט אַלע באַזיצער פון די „גרינע שיינען" גייען אַריבער אין צווייטן טייל פון געטאָ; זיי זענען אינגאַנצן גלייכגילטיק צו דעם, וואָס עס וועט מיט זיי געשען; אַנדערע פאַרשפּעטיקן אַריבערגיין, ווייל שוין אין 2 שעה אַרום לאָזט מען זיי נישט אַרויס. צווישן די געפינט זיך דער הויפּט־דאָקטאָר פון געטאָ־שפּיטאָל, ד"ר לייב נאכומאָווסקי מיט זיין פאַמיליע, ד"ר קאַפּלאַן סאלאמאן פון װארשע מיט זיין פרוי (דענטיסטין). ד"ר נאכומאָווסקי איז גאַנץ גלייכגילטיק צו דעם וואָס קומט פאָר און וויל נישט אַריבערגיין אין צווייטן טייל פון געטאָ. מיט גרויס מי געלינגט ענדלעך אים איינריידן, אַז ער זאָל אַריבערגיין אין אַנדערן געטאָ־טייל. מען לאָזט אים אָבער נישט אַרויס. שוין צו שפּעט.

ער בלייבט שטיין ביי די שטעכל־דראָטן מיט אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. דערזעענדיק זיין פריינט, דעם „יידן־עלטסטן" איזיקזאָנען, וועלכער באַמיט זיך, אַז מען זאָל דעם דאָקטאָר דורכלאָזן, אָבער אָן דערפאָלג, זאָגט ער צו אים: „זייט געזונט, הער איזיקזאָן! איך וועל שוין פאַרענדיקן ...מיט אונדזער אַלטן שמע ישראל ה' אלהינו ה' אחד!"

*

אין דערזעלבער צייט שטייט אַגרופּע יידן־חסידים. עס טיילט זיך אויס צווישן זיי די געשטאַלט פון באַקאַנטן דיין ניסיע שיינבערג. ער רופט אויס: — „יידן! היינט איז פורים אויף דער וועלט! פריילעך מוז מען זיין!

פילט אָן די כוסות! לאָמיר טרינקען לחיים!
דעם גלויבן נישט פאַרלירן! דעם בורא עולם לויבן!
לחיים, יידן, לחיים!

די ווערטער ווירקן. מען גייט אַ מצוה־טאַנץ. ביז... ביז די רוצחים פאַרלאָדעווען זיי אויפן אויטאָ!

און אויף איינעם פון די אָנגעלאָדעוועטע אויטאָס מיט צום טויט־פאַרמשפּטע יידן טיילט זיך אויס די באַקאַנטע הויכע געשטאַלט פון מענדל גאָלדבערג, דעם באַוווסטן פון אַמאָל „פאָטער פון די אסורים — פאַרהאַפטעטע", ער שטייט איינגעהילט אין אַ טלית, זיינע אויגן לויכטן און ער זינגט „שושנת יעקב צהלה ושמחה".

*

6 פאַרטאָג. עס עפנט זיך אויף אָרלע גאַס דער טויער פון דעם טייל געטאָ, ווו מען האָט אַרויסגעגעבן די „או"־קאַרטן און עס פאַרפאָרן לאַסט־אויטאָס מיט ליטווינער און ווייסרוסן (פּאָליציי). עס קומען אויך דייטשן פון ס. ד. (זיכערהייטס־דינסט), ס. ס., זשאַנדאַרמעריע און געביטס־קאָמיסאַריאַט. מען לאַדעוועט אויף אַלע יידן, וועלכע זענען געבליבן וואַרטן אויף די שיינען און אונטער אַ האָגל פון קלעפּ פירט מען זיי אַרויס פון געטאָ. אין דער ערשטער ריי וואַרפט מען אַרויף אויף די אויטאָס די קראַנקע פון געטאָ שפּיטאָל, וועלכע זענען אַ גאַנצע נאַכט געלעגן אויפן שניי, נאָכן איבערטראָגן זיי פון שפּיטאָל.

צו דער צייט זענען געווען אין געטאָ אויך אַ פּאָר בר־מינן'ס „צדיקים" — האָט מען זיי אָנגערופן, ווייל זיי זענען געשטאָרבן מיט נאַטירלעכן טויט. אויך די מתים לאַדעוועט מען אויף און מען פירט זיי צו די גריבער, ווייל זיי, די דייטשן ווילן האָבן מער אויף „זייער קאָנטאָ".

פאַרשטיינערטע, פאַרגליווערטע און מוטלאָזע ווערן די יידן אַרויפגעשטופּט אויף די מאַשינען און דערביי קלעפּ, קלעפּ און קלעפּ פון אַלע זייטן.

עס זענען אָבער אויך דאָ פאַלן, ווען איינציקע רייסן זיך אַרויס פון די הענקערט הענט, אַנדערע שפּרינגען אַרויס פון די אויטאָס אין גאַנג און אַנטלויפן. עס זענען אויך דאָ פאַלן פון ווירדיקער האַלטונג: ווען די פאַמיליע פון ד"ר נאָכומאָווסקי איז שוין אויפן אויטאָ, באַמערקט איינער אַ העכערער אָפיציר פון ס. ד. דעם דאָקטאָרס שוועגערין מאַניע, וועלכע האָט געאַרבעט אין ס. ד.־וועשעריי אַלס וועשערין. דער אָפיצער לייגט איר פאָר אַראָפּגיין פון אויטאָ. ער וויל זי ראַטעווען, אָבער זי שטעלט אים אַ באַדינג, אַז מען זאָל אַראָפּנעמען איר גאַנצע פאַמיליע צוזאַמען מיט איר 6־יאָריקן אינגעלע, אויף וואָס ער איז נישט מסכים. דאַן שרייט זי אויס: „איר שמוציקע הינט! איר, אייערע פרויען און קינדער, אייער גאַנץ פאָלק וועט מיט אייער בלוט באַצאָלן פאַר דאָס אומשולדיק פאַרגאָסענע בלוט פון אונז און פון אונזערע קינדער". מיט קלעפּ ווערן אירע ווערטער איבערגעריסן — און דער אויטאָ פאָרט אַרויס פון געטאָ.

*

נישט געשטימט מיט די דייטשע אויסרעכנונגען האָט די צאָל אַרויסגעפירטע יידן פון דעם געטאָ־טייל. זיי האָבן אָפּגעדרוקט זעקס טויזנט „או"־קאַרטן, צעטיילט און איבערגעשיקט די יידן פון די „לעבנס־שיינען" אין דעם אַנדערן,

עוואַקואירטן טייל געטאָ. די איבעריקע, בערך 6 טויזנט יידן האָבן געזאָלט אומגעבראַכט ווערן. אָבער מער ווי טויזנט יידן האָבן זיי נישט צונויפגעזאַמלט. אַ גרויסער טייל האָט זיך אויסבאַהאַלטן הן אין געטאָ, הן אויסערן געטאָ. ס'זענען אויך געווען פאַלן, ווען דייטשן (מיליטער־לייט) האָבן אויסבאַהאַלטן ביי זיך, ביי דער אַרבעט גאַנצע גרופּן אַרבעטער; זייער זעלטענע פאַלן, ווען די אַרומיקע קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט אויסבאַהאַלטן יחידים. אויך אויף די „או״־קאַרטן האָבן די יידן אַליין צוגעשריבן פּערזאָנען פון זייער פאַמיליע, ווי צ. ב. „און פרוי, און פאָטער״ א. א. און די ווייסרוסישע קאָנטראָל ביים דורכגאַנג אין צווייטן טייל געטאָ, האָט זיך נישט געכאַפּט און דורכגעלאָזן.

*

בלוטדורשטיק זענען געווען די מערדער! נאָך מער קרבנות האָט דער „מולך״ געפאָדערט!

זענען די הענקער אַריין אין דעם געטאָ, ווו עס האָבן זיך געפונען די יידן מיט די „לעבנס־שיינען״, מען האָט ווידעראַמאָל באַפוילן פאַרלאָזן אַלעמען די הייזער און זיך צונויפזאַמלען אויף דער סאַדאָווער גאַס, אַרום „יודנראַט״ און פון דאָרט גרופּנווייז, צו 4 אין אַ רייע מאַרשירן צו דער סאָסנאָווער גאַס, ווו די מערדער זענען געשטאַנען און מיטן ווונק פון זייער פינגער געשיקט אויף רעכטס — „צום לעבן״ אָדער אויף לינקס — „צום טויט״.

אין די גורלדיקע שעהן איז דער גורל פון יעדן איינעם יידן גע'חתמ'עט געוואָרן מיטן ווונק פון אַ פינגער.

די יעניקע וועלכע ווערן אָפּגעשיקט אויף לינקס, ווערן אויפגענומען דורך דער ווייסרוסישער פּאָליציי מיט מערדערלעכן שלאָגן איבער די קעפּ מיט שטעקנס, אייזנס, ברעטער און ביקסן־קאָלבעס. ס'זענען אָבער געווען אויך איינצעלנע פאַלן, ווען אַ ווייסרוסישער פּאָליציאַנט פלעגט אַריבערשמוגלען פּערזאָנען פון דער לינקער זייט אויף דער רעכטער.

עס פאַרפאָרן שוין לאַסט־אויטאָס אויך אין דער טייל געטאָ, און מען לאַדעוועט די מענטשן פון לינקס.

— שנעלער, גיכער, איר פאַרפלוכטע, אַרויף!

און יעדער לויפט צום אויטאָ, גיכער, כדי מער קיין קלעפּ נישט באַקומען. זאָל מען שוין שיסן, אָבער נישט פייניקן.

דער „יידן־עלטסטער״ און זיין פאַרטרעטערין שטייען דערביי און באַמיען זיך מיט אַלע מיטלען אַרויסרייסן פון דעם „טייוולס נעגל״ נאָך און נאָך מענטשן.

— דער איז אַ גוטער פאַכמאַן — אַ סטאָליער!

— דאָס איז דער בעסטער שוסטער!

— יענע דאָרט, אויף דער אויטאָ איז אַ גוטע דענטיסטין, זי מוז בלייבן! און מאָמענטנווייז געלינגט עס זיי צו ראַטעווען די מענטשן.

דערווייל זוכט די ווייסרוסישע פּאָליציי נאָך מענטשן, וועלכע האָבן זיך פאַרבאַהאַלטן און מען ברענגט זיי צום פלאַץ. אויך פון אויסער דעם געטאָ ברענגט מען אַריין אין געטאָ די געכאַפּטע יידן.

מען פירט אַריין דורך דעם הויפּט־טויער אַ גרופּע יידישע דאָקטוירים. אומקערענדיק זיך נעכטן נאַכט פון זייער אַרבעט אין ביי־באַראַנאָוויטש און זעענדיק, וואָס עס קומט פאָר אַרום געטאָ, זענען זיי אַריינגעשפּרונגען אין ערשטן הויז פון די דריי הייזער פון אויסערן־געטאָ — און אַרויף אויפן בוידעם. דאָרט זענען זיי געזעסן די גאַנצע נאַכט. צומאָרגנס פרי זענען זיי אַנטדעקט געוואָרן דורך ווייסרוסישע פּאָליציי, וועלכע האָט זיי אָוועקגעפירט אין געטאָ. ביים טויער האָט זיי געטראָפן ד״ר וויכמאַן, דער לייטער פון געזונטהייטס־אַמט אין געביטס־קאָמיסאַריאַט. ער האָט אויסגעדריקט זיין פאַרוווּנדערונג, וואָס זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן און פאַרזיכערט, אַז זיי וועט גאָרנישט געשען. אין דער ווירקלעכקייט זענען ביים ערשטן מאַסן־מאָרד געשוינט געוואָרן מעדיציניש אַרבעטער, ווייל מען האָט זיך נאָך אין זיי געניטיקט.

אָט פירט מען אַריין נאָך אַ גרופּע יידן. דאָס זענען די מיל־אַרבעטער, וועלכע האָבן זיך נישט אומגעקערט נעכטן אין געטאָ, נאָכדעם ווי זיי האָבן זיך דערוווּסט וועגן דער „אַקציע״. זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן די נאַכט אין שימשילעוויטשעס מיל, און צומאָרגנס פרי האָבן זיי זיך נאָכמאָל געשטעלט צו דער אַרבעט, מיינענדיק אויף אַזאַ אופן זיך ראַטעווען. עס איז אָבער דערטראָגן געוואָרן דער געשטאַפּאָ, און מען האָט זיי צוגענומען פון דער אַרבעט. מען ברענגט זיי קורץ פאַר דעם, ווי די „אַקציע״ ענדיקט זיך — און אַזוי אַרום בלייבן זיי לעבן.

דער לעצטער ווערט אַריינגעפירט מיין זעליקער פאָטער. ער איז די גאַנצע נאַכט געזעסן אין אונזער צימער און אומבאַמערקטערהייט צוגעקוקט ווי די ווייסרוסישע פּאָליציי רויבט און נישטערט אַלץ.

מיטאָגצייט האָבן זיי אים באַמערקט און אַריינגעפירט אין געטאָ. אין דעם מאָמענט איז אַרויסגעפאָרן אַ אויטאָ מיט יידן, די מערדער האָבן אים געהייסן איינשטייגן אין דאָזיקן אויטאָ...

*

די פולע מיט שטייענדיקע יידן אָנגעלאָדענע אויטאָס אין באַוואַכונג פון ליטווינער פאַרלאָזן דעם געטאָ. זיי פאָרן זייער לעצטן וועג... צו די גריבער ביים „גרינעם בריק״, איבער וועלכן עס גייט דורך די באַן־ליניע וואַרשע—מאָסקווע און אונטן — די באַן־ליניע לעמבערג—ווילנע.

אויף די אויטאָס — אַ יאָמער, אַ געוויין, געשרייען. די פרומע יידן זאָגן ווידוי, אַנדערע שעפּטשען שטיל קאַפּיטלעך תהלים. אַנדערע שרייען „שמע ישראל!״ און אַנדערע — „פאַרוואָס? פאַרוואָס קומט עס אונז? פאַר וועלכע זינד? וואָס זענען מיינע קליינינקע קינדערלעך שולדיק? ראַטעוועט זיי! אַנדערע האַלטן אין זייערע אויפגעהויבענע הענט די „לעבנס־שיינען״ און שרייען, אַז מען האָט אַ טעות געהאַט מיט זיי: — מיר האָבן דאָך שיינען! פאַרוואָס האָט מען אונז גענומען? און איבער אַלע קולות הילכט דאָס איינציקע וואָרט: „נ ק מ ה ! נ ק מ ה !״.

אַנדערע מאַכן מיט די הענט צו די פאַרבייגייענדיקע



דער „גרינער בריק"

באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע קריסטן און שיקן זייער לעצטע געזעגנונג צו דער שטומער און גרויזאַמער וועלט...

...און די זון שיינט און שיקט אירע פרילינגס־שטראַלן דער אויפוואַכנדער נאַטור און וועקט זי צום לעבן...

*

עס פאַרפאָרט נאָך אַ מאַשין אין געטאָ און מען פאָדערט 16 מאַן פון דער „געטאָ־פּאָליציי" אויף מאַכן אָרדנונג.

— אַלע מיט מיר אין מאַשין — רופט אויס דער געטאָ־פּאָליציי־אינספּעקטאָר חיים וועלטמאַן.

און 40 יונגע, פעסט־געבויטע בחורים שפּרינגען אַריין אין מאַשין אויף דעם באַפעל פון זייער קאָמענדאַנט. מען פירט זיי צו די גריבער. זיי דאַרפן דאָרט מאַכן אָרדנונג ביים איינלייגן די קערפּערס פון זייערע אומגעבראַכטע ברידער.

...און אין דער צייט, ווען זיי פירן אויס זייער אַרבעט אין די גריבער און האַלטן זיי ביים פאַרענדיקן, רוקן זיך אַרויס פון הינטן, אומבאַמערקבאַר פאַר זיי, ביקסן־לופעס אין די הענט פון ליטווינער, וועלכע נעמען זיי אויפן ציל. אַ סיגנאַל... און 40 יונגע לעבנס ווערן פאַרשניטן.

...נישט געוואָלט האָבן זיי אָפּגעבן זייערע לעבנס פאַר אַ ביליקן פּרייז, און די „בעסטיע" האָט עס דערשפּירט און אויף אַזאַ פאַרפּירערישן אופן זיי אומגעבראַכט.

*

אין געטאָ לאַדעוועט מען נאָך מענטשן אויף די מאַשינען. אָט פאָרט צו אַ מאַשין פול מיט יידן צום אַרויספאָר־טויער. דער ס. ד.־אָפיציר, וואָס האַלט דינסט ביים טויער גיט אַ בליק אויף זיין האַנט־זייגער: פּינקטלעך 2.

— האַלט! אַלע אויסשטייגן!

די „אַקציע" וועלכע האָט אָנגעהאַלטן 24 שעה איז פאַרענדיקט. דייטשע גרויסזאַמקייט — און דייטשע פּינקטלעכקייט!

*

עס פאַרפאָרט אַ טאַקסי צו דער געביידע פון „יודנראַט". קראַמפּע גייט צו צום „יידן־עלטסטן" און צו זיין פאַרטרעטערין און איז זיי מכבד מיט זיין שפּיצרוט, וואָס באַדייט אין דעם פאַל — טויט.

ער הייסט זיי איינשטייגן אין טאַקסי און מען פירט זיי אַוועק צו די גריבער.

די לעצטע צוויי אין דעם גרויליקן פּורים!

*

אין דעם טאָג פון שושן־פּורים האָבן איבער 2000 יידן אַלטע און יונגע, מענער און פרויען, זיידעס און אייניקלעך. יידן פון באַראַנאָוויטשער געטאָ זייערע לעבנס פאַרלאָרן, און דאָס האָב און גוטס פון 12000 יידן איז צעראַבירט געוואָרן.

## נאָך דער „אקציע"

נאָכן טויט־שטורעם, פאַרפאָרט צו דער יודנראַט"־געביידע דער געביטס־קאָמיסאַר ווערנער. ער פאַררופט די „יודנראַט"־מיטגלידער און פאַראָרדנט, אַז ביז מאָרגן מיטאָג־צייט זאָלן אַלע יידן, וועלכע האָבן ביז איצט געוווינט אין דעם צווייטן געטאָ־טייל און אויסערן־געטאָ איבערגיין אין דעם מזרח־טייל פון געטאָ, וווּ ס'געפינט זיך דער יודנראַט". פון איצט אָן טאָרן די יידן נישט גיין אַליין צו דער אַרבעט, זיי מוזן גיין צו דער אַרבעט — גרופּנווייז, אין באַגלייטונג פון אַן „אַריער" וועלכער מוז זיי נעמען צו דער אַרבעט און אָפּפירן צוריק

אָן באַגלייטונג איז דערלויבט צו גיין דעם „יידן־עלטסטן", וועלכער האָט אַ ספּעציעלן פּאַסיר־שיין. ער האָט דאָס רעכט צו באַגלייטן די יידן, וועלכע ער מוז, צוליב וועלכע נישט איז סיבות מיטנעמען. אַלס יידן־עלטעסטער ווערט באַשטימט דער ביזאיצטיקער פאַרטרעטער מוליע יאַנקעלעוויטש. (איצט

אין ישראל), עס ווערט אויך פֿאַראָרדנט דורכצופֿירן אַ נייע רעגיסטראַציע פֿון די פֿאַרבליבענע יידן.

מוטלאָזע, צעטומולטע, נישט אָפּגעבענדיק זיך קיין געגויען חשבון פֿון די געשעענישן פֿון די לעצטע צוויי טעג, גייען אַריין די פֿאַרבליבענע יידן, אין זייערע קאַלטע, פֿאַגראָמירטע הייזער. און עס איז נישטאָ קיין הויז, ווו עס זאָלן נישט פֿעלן מענטשן. איבערדעם אַלעם — די שרעק, די אומזיכערהייט פֿון מאָרגן מיט דעם אייגענעם „איך" — האָבן דערפֿירט צו אַזאַ צושטאַנד, אַז כמעט קיינער האָט נישט באַוויינט די אַוועקגעריסענע, פֿאַרפֿייניקטע. שטילקייט און אומעט. די וועלכע האָבן נישט געזען מיט די אייגענע אויגן, ווי זייערע נאָענטסטע זענען אַוועקגעריסן געוואָרן, האָפֿן נאָך, אַז זיי וועלן זיך אומקערן. מען האָט געמיינט, אַז זיי באַהאַלטן זיך נאָך אויס ערגעץ ווו. די, וועלכע האָבן יאָ געזען, קענען נישט גלויבן, ווייל דאָס געשעענע שטייגט איבער די אויפֿנאַמס־פֿעאיקייטן פֿון געדאַנק, ווייל מיטן געוויינלעכן שכל איז דאָס נישט צו באַגרייפֿן.

נאָך אַ פֿיינפֿולער פֿינסטערער נאַכט קומט אָן אַ זוניקער פֿרימאָרגן. דאָס לעבן פֿאָדערט פֿון די לעבעדיקע דאָסזייניקע.

די, וועלכע מוזן זיך איבערקלייבן פֿון דעם מערבדיקן געטאָ־טייל, גייען אין זייערע הייזער, וועלכע זיינען פֿאַגראָמירט, צעראַבירט און צעבראָכן. זיי נעמען צונויף דאָס ביסל „איבערגעבליבענע" און טראָגן דאָס און שלעפּן דאָס איבער אין צווייטן געטאָ־טייל.

און מערקווירדיק: עס געפֿינען זיך אויך אַזעלכע וועלכע נעמען מיט, „ירשענען" די איבערגעבליבענע זאַכן און שפּייז פֿון די, וועלכע האָבן נאָך נעכטן פֿרי געלעבט און היינט זענען זיי שוין אויסערן לעבן. ביים דערנענטערן זיך פֿון די מיטאָג־שעה'ן נעמט אָן די איבערזידלונגס־אַרבעט אַ שנעלערן טעמפּאָ: מען שלעפּט איבער די פֿאַרבליבענע צעבראָכענע „מעבל" און מען לייגט עס אויף די הויפֿן פֿון דער אָנגעצייכנטער געטאָ־טעריטאָריע. מיטאָג־צייט ווערט דער מערב־טייל פֿון געטאָ אָפּגעזונדערט דורך אַ שטעכל־דראָט־צוים און מער קיין צוגאַנג צו דעם טייל איז שוין נישטאָ.

*

פֿאַרוואָרלאָזט, פֿאַריתומט, אָן אַ סימן פֿון לעבן שטייט דער געטאָ־טייל, ווו נעכטן האָט נאָך געברויזט פֿון מענטשן, וועלכע האָבן זיך מיט אַלע מיטלען געוואָלט אָנהאַלטן ביים לעבן.

די הייזער — ליידיק, די פֿענסטער און טירן — אָפֿן, די שויבן — אויסגעהאַקט. אַ טויטע שטילקייט שוועבט אַרום. ער זעט אויס ווי אַ גרויסער בית־עלמין, אַרומגערינגלט מיט אַ צוים פֿון שטעכל־דראָט; זייַנע מצבֿות — די פּוסטע הייזער.

אַלע וועלכע האָבן פֿריער געוווינט אין דעם פֿאַרבליבענעם טייל פֿון געטאָ, זענען נישט רואינירט אין אַזאַ מאָס, ווי די וועלכע דאַרפֿן אַריבערגיין אַהער. די פֿריערדיקע איינוווינער האָבן זיך געפֿילט מער אַלס בעלי־בתּים פֿון זייערע ביז איצט פֿאַרנומענע פּלעצער. ערגער איז די לאַגע פֿון די, וועלכע מוזן זיך, אַלס שכנים, באַזעצן צוזאַמען מיט זיי: די ערשטע ווילן נישט פֿאַרציכטן אויף זייעריקעס, און עס ווערט נאָך ענגער ווי פֿריער: קוים $70 \times 70$ ס״מ. דאָס לעבן איז שרעקלעך, מען איז שוין כמעט מקנא די, „וועלכע דאַרפֿן זיך שוין מער נישט מאַטערן".

דער געטאָ־שפּיטאָל איז ליידיק. די בעטן צעדרייט, דאָס בעטגעוואַנט וואָס איז פֿאַרבליבן — צעוואָרפֿן. קיין שפּור פֿון מענטשן; קיין פּערסאָנאַל, קיין קראַנקע.

מיר גייען פֿון איין צימער אין צווייטן. פּוסט. מיר גייען אַריין אין לעצטן צימער. וואָס איז דאָס? אין אַ בעט ליגט אַ קראַנקער?

מיר גייען צו נענטער. אַ בלאַסער פּנים פֿון אַ צוועלף־יעריקן יינגעלע.

ווי קומסטו אַהער? וואָס איז מיט דיר? אַ קוים מערקבאַר שמייכל אויף זיינע אויסגעלאָשענע אויגן: ער איז לעבן געבליבן. מיר הויבן אויף לייכט די קאָלדרע. זיין לינקע פֿוס איז אין גיפּס.

— טרינקען!

ער דערציילט, ווי ער איז געראַטעוועט געוואָרן:

— ווען די „שוואַרצע וואָראָנעס" (קראָען) — אַזוי האָט מען לעצטנס גערופֿן אין געטאָ די ווייסרוסישע שוץ־פּאָליציי, וועלכע האָט געטראָגן שוואַרצע מונדירן — זענען אַריין אין קראַנקען־הויז און אַרויסגעשלעפּט די קראַנקע פֿון די בעטן, האָב איך פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַ שלעכטער סימן. ווען זיי זענען געווען פֿאַרנומען מיט זייער „אַרבעט" אין די פֿאָדערשטע צימערן, האָב איך פּאַמעלעך זיך אַראָפּגערוטשט פֿון מיין בעט, זיך אונטערגערוקט אונטערן בעט און איבערגעדעקט זיך מיטן אַראָפּגעשלעפּטן בעטגעוואַנט.

זיי האָבן ווייזט אויס מיך נישט באַמערקט און אַזוי בין איך געלעגן צוויי טעג. איך האָב געזען, ווי זיי האָבן אַ גאַנצע נאַכט געווישטערט אין שפּיטאָל און געגרויבט אַלץ, וואָס זיי איז געפֿעלן געוואָרן. ווען איך האָב דערהערט יידישע שטימען, בין איך אַרויס פֿון מיין באַהעלטעניש און זיך אַריינגעלייגט אין בעט. איך האָב אַזוי געוואָלט אַ טרונק, אָבער איך האָב קיין כּוח נישט געהאַט צו זוכן אַ ביסל וואַסער.

אַ טייל פֿון די דאָקטוירים מיט זייערע פֿאַמיליעס, וועלכע האָבן געוווינט אין די דריי הייזער אויסערן געטאָ, האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין צייט פֿון דער „אַקציע" אין שטאָטישן שפּיטאָל אין מויער פֿון זאַקהיים „דעם טאָקער". ווען זיי האָבן באַמערקט, אַז דער געטאָ ווערט אַרומגערינגלט מיט אַ פֿאַרשטאַרקטן קאָרדאָן פֿון ווייסרוסישער פּאָליציי, האָבן זיי אַרויסגעשיקט זייערע פֿרויען, וועלכע האָבן צוגעדעקט אָדער אַראָפּגענומען די געלע לאַטעס פֿון די קינדער, אין שפּיטאָל. זיי זענען דערגאַנגען אָן שטערונגען אין וועג. אָפּגעזונדערט פֿון די פֿאַמיליעס הינטער זיי, זענען געגאַנגען איינציקווייז די דאָקטוירים מיט די לאַטעס אויף די מאַנטלען און מיטן באַנד פֿון רויטן קרייץ אויפֿן האַנט. זיי זענען אייניקע מאָל אָפּגעהאַלטן געוואָרן פֿון דייטשע פֿעלדזשאַנדאַרמען.

— וווהין גייען זי?" — האָבן זיי מיט אַ רוהיקן טאָן געפרעגט.

— מיר גייען אין קראַנקענהויז, מיר האָבן איצט איין עקסטראַ־פאַל און מוזן דורכפירן איין אָפּעראַציע — האָבן מיר געענטפערט.

— גייען זי אינס געטאָ!" — האָבן זיי שטיל געזאָגט.

— מיר מוזן אָבער איצט מאַכן אַן אָפּעראַציע, וועלכע מען טאָר נישט אָפּלייגן.

— גייען זי אינס געטאָ! — האָבן זיי נאָכאַמאָל געזאָגט.

— מיר וווינען אויסערן געטאָ — האָבן מיר אָפּגעענטפערט.

דער אַרגומענט האָט זיי, ווייזט אויס, איבערצייגט:

זיי האָבן אונז געלאָזן ווייטער גיין.

אין וואַרטע־צימער פון שפּיטאָל האָבן זיך צענויפגעזאַמלט זייער פיל יידישע פרויען און קינדער אויסער די פאַמיליעס פון די דאָקטוירים, אָבער נאָכדעם, ווי זיי האָבן זיך טעלעפאָניש פאַרשטענדיקט מיט זייערע מענער, זענען זיי אַוועק אויסבאַהאַלטן זיך ביי באַקאַנטע קריסטן, אָדער אין די אַרבעטס־פּלעצער פון זייערע מענער. אַנדערע האָבן איבערגעלאָזן זייערע קינדער ביי קריסטן.

די פאַמיליעס פון די דאָקטוירים האָט דער שפּיטאָל־רענטגענאָלאָג ד"ר אַראָנסאָן (פליט פון לאָדזש) פאַרשלאָסן אין אַ פינסטער צימער, ווו ס'איז געשטאַנען אַ רענטגען־אַפּאַראַט.

אין די אָוונט־שעה'ן איז געקומען דער שפּיטאָל־דירעקטאָר פראַוווקאָ, וועלכן מען האָט דערטראָגן וועגן די אויסבאַהאַלטענע. ער האָט געפרעגט, וואָס טוען דאָ איצט די דאָקטוירים. מיר האָבן אים געענטפערט, אַז עס דאַרף פאַרקומען אַן עקסטראַ־אָפּעראַציע.

— און צוליב וואָס אַזוי פיל דאָקטוירים?

מיר האָבן אויסגערעכנט, אַז ד"ר לעווינבוק אַלס אָפּעראַטאָר, אַבראַמאָוווסקי און איזיקזאָן (דער זון פון פרעזעס פון „יודנראַט") אַלס אַסיסטענטן, וועלן אָפּערירן. שעניצקי מיראָן, סטודענט פון לעצטן יאָר מעדיצין (דער זון פון הויט־דאָקטאָר שעניצקי) האָט נאַכט־דינסט אין דער כירורגישער אָפּטיילונג און ד"ר אַלעקסאַנדער בראַטקאָווסקי וועט געבן די נאַרקאָזע, ד"ר אַראָנזאָן מוז נאָך מאַכן אַ רענטגען־בילד און ד"ר יאָסל מירסקי האָט נאַכט־דיזשור אין דער פרויען־אָפּטיילונג.

נאָך אַ טראַכטעניש האָט ער איינגעשטימט, אַז די אויסגערעכנטע דאָקטוירים זאָלן פאַרבלייבן.

דאַן האָט ער זיך געווענדעט צום ד"ר לעווינבוק און געזאָגט, אַז אים איז באַוווּסט, אַז אויף דער שפּיטאָל־טעריטאָריע געפינט זיך דעם דאָקטאָרס פאַמיליע (מוטער, פרוי און זון).

ער באַפעלט, אַז זיי זאָלן תיכף ומיד פאַרלאָזן דעם שפּיטאָל. עס האָבן נישט געהאָלפן קיין ביטעס און איבערצייגונגען, אַז די פרוי אַרבעט דאָך אין שפּיטאָל אַלס קראַנקן־שוועסטער און אַז איצט איז די „שפּער־שטונדע" און ווען זיי וועלן איצט אַרויסגיין אויף דער גאַס וועט מען זיי דערשיסן: זיי האָבן געמוזט אַרויסגיין פון הויפּט־איינגאַנג און פאַרלאָזן דעם שפּיטאָל. ערשט דאַן איז ער אַוועק.

ווייזט אויס, אַז ער האָט נישט געוווּסט וועגן די איבעריקע פאַמיליעס און אויך וועגן ד"ר באַריש שאַפּיראָ (דער זון פון שטאָט־ראַבינער און קינדער־דאָקטאָר שמעון שאַפּירא), וועלכע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אויפן שטח פון שפּיטאָל.

נאָכן אַוועקגיין פון פראַוווקאָ האָט ד"ר לעווינבוק אומבאַמערקט פון שפּיטאָל פערסאָנאַל אַריבערגענומען דורכן שפּיטאָל־פאַרקאַן די פריער אַרויסגעשיקטע פאַמיליע, וועלכע האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ הויף קעגנאיבער דעם שפּיטאָל, און אַריינגעפירט אין רענטגען־צימער.

די פרוי פון ד"ר מירסקי איז אַריינגעלייגט געוואָרן אין אַ שפּיטאָל־בעט אין דער פרויען־אָפּטיילונג, אַלס „אַרישע" קראַנקע. קיינער פון אונז אויסער איר מאַן האָט וועגן דעם נישט געוווּסט.

די אָפּעראַציע איז דורכגעפירט געוואָרן אין די שפּעטע אָוונט־שעה'ן. צומאָרגנס פרי איז באַקאַנט געוואָרן פון די אָנגעקומענע קריסטלעכע שפּיטאָל־אַרבעטער, אַז מען פירט אַרויס אויף מאַשינען די יידן פון געטאָ.

האָבנדיק מורא, מען זאָל זיי נישט אַרויסגעבן צו די דייטשן, זענען די דאָקטוירים אַרויף אומבאַמערקט אויפן שפּיטאָל־בוידעם און דאָרט זיך אויסבאַהאַלטן. פון דאָרט האָבן זיי געזען, ווי עס פאָרן פאַרביי דורך ווילנער גאַס אויף שאָסיי גאַס לינקס אָנגעלאָדענע מיט יידן אויטאָס. פון איין אויטאָ איז אַרויסגעשפּרונגען אַ יונגערמאַן. דער אויטאָ האָט זיך אָפּגעהאַלטן און אַ ליטווינער, וועלכער האָט באַוואַכט דעם טראַנספּאָרט האָט אָנגעשטעלט אויף אים זיין ביקס און באַפוילן, אַז ער זאָל אַרויפגיין אויף דער מאַשין. דער מאַן איז צוריקגעגאַנגען.

זיי האָבן אויך געזען ווי יידן מיט געלע לאַטעס לויפן איינגעבויגענע מען זאָל זיי נישט באַמערקן, אין די אַרומיקע הויפן, ווו זיי באַמיהען זיך אויסבאַהאַלטן.

עס איז פאַרביי דער טאָג און נאָך אים די נאַכט. צומאָרגנס אַרום צען אַזייגער, איז געקומען אין שפּיטאָל ד"ר בוסעל, געבראַכט „לעבנס־שיינען" פאַר אייניקע פון די דאָקטוירים און איבערגעגעבן, אַז ביז צוועלף מוז מען זיך איבערקלייבן אין געטאָ.

מיר קומען אין די הייזער, וועלכע זענען פולשטענדיק פאַגראַמירט. עס דרייט זיך אַ ווייסרוס אין צימער און זוכט, קלייבט און נעמט צענויף זאַכן, וועלכע זענען אים געפעלן. מיר רעאַגירן נישט.

עס גייט אַריין אַ וואַכמייסטער פון דער געטאָ־זשאַנדאַרמעריע און פרעגט, וואָס טוט דאָ דער ווייסרוס. מיר ענטפערן, אַז מיר קענען אים נישט. דער וואַכמייסטער ווענדעט זיך צום קריסט מיט דערזעלבער פראַגע. האַלטנדיק אין די הענט אונזער וואַנט־זייגער און אַנדערע זאַכן הויבט ער אָן צו שטאַמלען.

— וואָס, דו ביסט געקומען אַהער רויבן? — שרייט ער צו אים און לאָזט אים דערביי אַראָפּ אַ פלאַמעדיקן פּאַטש. ער הויבט אים אָן צו שלאָגן.

— „מיט וואָס פאַר רעכט ביסטו געקומען אַהער ראַבירן, דו ווייסרוסישער שוויין״ (חזיר)? — שרייט ער מיט שוים אויף די ליפּן.

נאָכדעם ווי דער זשאַנדאַרם איז אַוועק, האָט זיך דער קריסט ווידער אַריינגעכאַפּט אין הויז און צוגענומען די פריער אויסגעקליבענע דורך אים זאַכן.

עס גייט אַריין אַ דייטשער סאָלדאַט מיט אַ גוטמוטיקן אויסזען. ער קוקט זיך צו צום פּאָגראָם און פרעגט אונז, וואָס איז פאָרגעקומען. מיר דערציילן אים וועגן דער „אַקציע״.

— יאָ, יאָ לײדער וועט איר אַלע אומקומען, קיינער פון אייך וועט נישט בלייבן! אַזוי וויל דער „פירער״, אַזוי איז זיין באַפעל! — זאָגט ער מיט אַ טאָן פון מיטלייד.

ער שטייט אַ וויילע, קוקט זיך אַרום, דערזעט דעם ווייסרוסישן רויבער און זאָגט אים: „צו וואָס נעמסטו דאָס? אויך אייך, ווייסרוסן, וועט מען נאָכער אומברענגען! — אַזוי איז דעם „פירערס״ פּלאַן.

נאָכדעם גייט ער רוהיק אַרויס.

עס איז פאַרבליבן נאָך אַ שעה ביזן סוף פון טערמין אויף איבערצוגיין אין געטאָ, עס ווילט זיך גאָרנישט מיטנעמען, אַלץ איינס ווען מיר אומקומען! צו וואָס די גאַנצע מי?

איבערגייענדיק אין לעצטן מאָמענט אין געטאָ, האָבן שוין די מעדיצינישע אַרבעטער נישט געפונען קיין שטיקל פרייען פּלאַץ צום איינאָרדענען זיך. דער „יודנראַט״ האָט זיי אויסגעטיילט אַ צימער מיט אַ פאָדערצימער אין שפּיטאָל פאַר אַנשטעקענדיקע קראַנקהייטן, ביים געטאָ־אַפּטייק. עס האָט געפעלט פּלאַץ אין צימער אַפילו צום שלאָפן אויף דער ערד.

*

און שוין צומאָרגנס פרי פאַרן זונאויפגאַנג, פאָרמירן זיך אונטערן אויפזיכט פון אַרבעטס־ביורא ביים „יודנראַט״ — „אַרבעטער־קאָלאָנעס״, וועלכע פאַרנעמען גאַנצע גאַסן — סאַדאָווע ביז סאָסנאָווע און פון דאָרט ביז אָזשעשקאָווע. טויזנטער, טויזנטער אַרבעטער גייען אַרויס גרופּנווייז פון געטאָ־טויער, ווו די „אַרישע״ באַגלייטער נעמען זיי איבער און פירן זיי צו די „אַרבעטס־שטעלעס״.

— „צי ווייס אָבער די גרויסע וועלט, וואָס דאָ קומט פאָר?״

„ווי אַזוי לאָזט מען איבער אַ סימן, אַ דאַטע פאַר אונזערע ברידער און שוועסטער אין אַמעריקע, אַפריקע, אויסטראַליע, ארץ־ישראל און אין גאָר דער וועלט, אַז זיי זאָלן לכל הפחות וויסן דעם יאָרצייט־טאָג פון אונזער אומקום?״

אַזעלכע און ענלעכע שמועסן האָבן געפירט צווישן זיך די צענויפגעזאַמלטע אַרבעטער.

די אַלטע פּאָליטיק פון „יודנראַט״ האָט אונטערגעזאָגט, אַז מען דאַרף געבן וואָס מער אַרבעטער און אַז דאָס וועט ראַטעווען די פאַרבליבענע פון אומקום. מען האָט גענומען קליינע דרייצן־פערצן־יאָריקע קינדער און זיי געשיקט צו דער אַרבעט. מיינענדיק אַז אָט־אָט וועט ווידער פאָרקומען אַ מאַסן־מאָרד, האָבן די ערשטע צייט פיל מוטערס מיטגענומען זייערע קליינע קינדער צו דער אַרבעט דורכפירנדיק זיי אומבאַמערקטערהייט דורכן געטאָ־טויער.

גאָר אינגיכן ווערט דער געטאָ אויפגערודערט מיט דער ידיעה, אַז ד״ר באָריע שאַפּיראָ איז אַרעסטירט געוואָרן ביי דער אַרבעט אין שטאָט־שפּיטאָל דורך דער ווייסרוסישער געהיים־פּאָליציי. אַלע באַמיונגען אים צו באַפרייען האָבן נישט געהאָלפן. ווי געוויינלעך, ווען דער פּאָליציי־אַרעסט איז פאַרפולט געוואָרן מיט אַרעסטירטע (קריסטן און יידן), האָט מען אַלע אַרויסגעפירט אויפן קאַטוילישן בית־הקברות און דאָרט דערשאָסן. דאָרט האָט אויך געפונען זיין טויט ד״ר שאַפּיראָ. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָט מען זיך אַ צייט־לאַנג פאַר דעם געווענדעט פון דער ווייסרוסישער געהיים־פּאָליציי צו ד״ר שאַפּיראָ און געזאָגט, אַז קעגן אים איז פאַרפירט געוואָרן אַן אויספאָרשונג, אַז ער איז באַשולדיקט אין קאָמוניזם און שפּיאָנאַזש. ווי באַוווּסט, האָט זיך ד״ר שאַפּיראָ אומגעקערט פון קיסלאָוואָדסק (אַ סאָוויעטישער קור־אָרט) קיין באַראַנאָוויטש אין דער צייט, ווען די שטאָט איז שוין געווען אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע. די ווייסרוסישע געהיים־פּאָליציי האָט געפאָדערט פון אים אַ גרעסערע סומע געלט אין גאָלד צוזאָגנדיק צו פאַרניכטן ז׳עם באַשולדיקונגס־אַקט קעגן אים. מורא האָבנדיק, אַז די גאַנצע מעשה זאָל נישט ווערן פּאָפּולער, האָט מען אים צוגענומען — און צוריק איז ער שוין מער נישט געקומען.

דאָס פאָדערן געלט, גאָלד און זאַכן, פון דאָקטוירים אין געטאָ פאַר כלומרשט אָנגעגעבענע אין געהיים־פּאָליציי קעגן זיי באַשולדיקונגען פון פּאָליטישן כאַראַקטער, איז שפּעטער געוואָרן אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג. אַ סך דאָקטוירים זענען געפאַלן אַ קרבן פון דידאָזיקע געלט־אויספּרעסונגען. נאָכן „פאַל שאַפּיראָ״ זענען די ספּעציעלע „קאָנטריבוציעס״ אויף דאָקטוירים גלייך באַצאָלט געוואָרן און קיינער אין געטאָ, אויסער איינצעלנע, האָט פון דעם נישט געוווּסט. ס׳איז געווען אַ גרויסער פאַרדאַכט, אַז אַ געהיימע האַנט אין געטאָ האָט אָנגעפירט מיט דידאָזיקע „געלט־אַקציעס״, אָנווייזנדיק דער געהיים־פּאָליציי צו וועמען פון די דאָקטוירים זיך צו ווענדן: מען האָט אויך געטראַכט אַז די „געהיימע האַנט״ האָט באַקומען אַ טייל פון די אויסגעפּרעסטע געלטער.

*

אין אַ פּאָר וואָכן נאָכן „טרויעריקן פּורים״ איז ווידער אַרויס אַ באַפעל צו די דאָקטוירים אין געטאָ. דאָסמאָל פון געביטס־אַרצט וויכמאַן: אַלע דאָקטוירים מוזן אָפּגעבן זייערע מעדיצינישע ביכער און אינסטרומענטן. זיי מוזן די אַלע זאַכן אַריינטראָגן אין „יודנראַט״. נישט וועלנדיק אָפּגעבן די דייטשן, האָבן די דאָקטוירים אַרויסגעפירט מיט די פורן, וועלכע זענען געפאָרן פון געטאָ נאָך פּראָדוקטן אין שטאָט אַ גרויסע צאָל

פון די ווערטפולסטע ביכער און אינסטרומענטן איבערגעבנדיק דאָס זייערע קריסטלעכע קאָלעגן צום באַהאַלטן.

*

דערווייל האָבן זיך די געטאָ־איינוווינער גענומען צופּאַסן צו די נייע באַדינגונגען. די פרויען וועלכע זענען נישט אַרויס צו דער אַרבעט, האָבן זיך אָרגאַניזירט און געשטעלט באַקן מצות, ווער פון ווייצענע און ווער פון קאָרענע מעל. אויך ברויט איז געווען זייער ווייניק. נאָך דער פאַראָרדענטער איבעררעגיסטראַציע (פיל האָבן מורא געהאַט זיך רעגיסטרירן), האָבן די דייטשן אַרויסגעגעבן צו 125 גראַם ברויט אַ טאָג אויף אַ פּערזאָן, אַמאָל — פּערל־גרויפּן, בעבלעך, אַרבעס, אַמאָל — קאַרטאָפל, עטוואָס בוימאייל, זייער זעלטן פלייש, שוועבעלעך א. א. די פּראָדוקטן זענען צוגעטיילט געוואָרן דעם „יודנראַט", וועלכער האָט געעפנט דריי „געשעפטן" און דאָרט האָט מען לויט קאַרטן אויסגעטיילט דער באַפעלקערונג. צוזאַמען מיט די צוגעטיילטע פּראָדוקטן זענען אָפט אַריינגעפירט געוואָרן אומלעגאַל איינגעקויפטע אין שטאָט פּראָדוקטן. מיט דער צייט איז געשאַפן געוואָרן אַ טונעל וועלכער האָט געפירט פון געטאָ אין אַ שטאַל פון אַ קריסט נישט ווייט פון געטאָ. דאָרט פלעגט מען אָפט קוילענען אַ קו, אַ שעפּס אויף כשר — און דעם פלייש אַריינטראָגן אין געטאָ. פאַרשטענדלעך, אַז דאָס האָט געקאָסט זייער טייער און נאָר ווייניקע, וועלכע האָבן געהאַט געלט, האָבן פון דעם אַלעם געקענט גענינסן, די איבעריקע האָבן געהונגערט. אַנדערע האָבן אַפילו געמאַכט תענית־טעג און יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק האָבן זיי געפאַסט, כדי אָפּצושפּאָרן פאַר זייערע קינדער.

ערב פּסח האָבן אַ סך געכשרט זייערע כלים, און אינאָוונט זענען געפּראַוועט געוואָרן די סדרים מיט די פיר כוסות (טיי אַנשטאט ווייַן) — צום לעצטן מאָל אין געטאָ באַראַנאָוויטש.

*

צוליב שרעקלעכער ענגשאַפט האָט דער „יודנראַט" געמאַכט אַלע באַמיונגען, אַז דער ליידיק־שטייענדיקער מערבֿטייל פון געטאָ זאָל צוריקגעגעבן ווערן. נאָך לענגערע אינטערווענצן באַקומט מען צוריק דאָס פאַרלאַנגטע מיט דעם תנאי, אַז דער טייל אֶרלע גאַס, וועלכער געפינט זיך צווישן סאַדאָווע און האָוער־גאַס — זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין געטאָ־וואַרשטאַטן. פון באַוווינטן געטאָ־טייל ווערן די וואַרשטאַטן אָפּגעטיילט מיט אַ טויער אויף סאַדאָווע. דער טויער איז באַשטימט צו אַריינגאַנג פאַר די אַרבעטער פון געטאָ. אויף האָווראַ פאַרבלייבט דער אַמאָליקער טויער.

דער אַריינגאַנג פון אויסערן געטאָ און דער טויער זענען באַוואַכט פון ווייסרוסישער פּאָליציי. די הייזער און די וואַרשטאַטן ווערן אויסגעטיילט לויט די ספּעציאַליטעטן: דאַמען־שניידער, בערשטל־מאַכער טאַפּעצירער, שלאָסער א. א. וו. די אויפזיכט איבער די וואַרשטאַטן נעמט איבער אַ נאַצי פון געביטס־קאָמיסאַריאַט.

נאָכן צוריקבאַקומען פון דעם מערבֿדיקן געטאָ־טייל ווערן איבערגעפירט אַהין אַטייל יידן פון מזרח־טייל. איייניקע הייזער ווערן פאַרנומען פון „יודנראַט"־מיטגלידער, וועלכע קלייבן זיך אויס די שענסטע וווינונגען. איינס פון דידאָזיקע הייזער איז אָנגערופן געוואָרן אין געטאָ מיטן צונאָמען „בעלוועדער". איינער פון די איינוווינער פון דאָזיקן הויז האָט אַפילו באַקומען אַ דערלויבניש אויף צו האַלטן אַ קו.

אין דעם געטאָ־טייל ווערט אויך איינגעאָרדענט אַ פייערלעשער ווינקל מיט אַ קליינער אַלטער פּאָמפּע, וועלכע ווערט צוגעטיילט פון דער שטאָטישער פּאָזשאַרנע.

## „סכראָנעם" — באַהעלטענישן

דער פאַקט וואָס אין דער צייט פון דער „פּורים אַקציע" האָבן זיך פיל געראַטעוועט אַ דאַנק פאַרשטעקן זיך אין פאַרשידענע באַהעלטענישן, האָט דערוועקט ביי די געטאָ איינוווינער אַ דראַנג צו בויען נייע באַהעלטענישן, פון מער סטאַבילן און דויערהאַפטיקן כאַראַקטער.

די אַרכיטעקטאָנישע זייט פון דידאָזיקע באַהעלטענישן איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך. איך וועל זיך באַגנוגענען נאָר מיט אַ קורצן איבערבליק.

ביים פּלאַנען אַ באַהעלטעניש זענען גענומען געוואָרן אין אַכט פאָלגנדיקע פאַקטאָרן: 1) קאַמופלאַזש (מאַסקירונג) פון אַריינגאַנג; 2) פייער שוץ; 3) ווענטילאַציע (לופט צום אָטעמען); 4) אַפּראָוויזאַציע (שפּייז פּראָדוקטן און וואַסער); 5) באַלייכטונג; 6) היגיענע און סאַניטאַציע.

די אַריינגאַנגען אין די באַהעלטענישן זענען געמאַכט געוואָרן קונציק. אָט שטייט צ. ב. אין קיך אַ קאַכל אויוון, עס ברענט אַ פייער און עס קאָכן זיך טעפּ. דורך אַ געהיימער באַוועגונג עפנט זיך אויף אַ קאַכל וואַנט פון דער פּליטע און דורך דער געשאַפענער עפענונג לאָזט מען זיך אַראָפּ אין דער ערד. פון אינווייניק שליסט זיך די וואַנט שנעל צו, די טעפּ קאָכן און מען דערקענט קיין שפּור נישט. אין אַלגעמיין זענען אַריינגאַנגען דורך אויוונס קיין זעלטנהייט נישט געווען. פון זיכערהייט טעמים ווערן געמאַכט דאָפּעלע אַריינגאַנגען. אָדער: אָט עפענען זיך אַ פּאָר ברעטער אין פּוסבאָדן פון אַ צימער, מען לאָזט זיך אַראָפּ אונטן — די ברעטער מאַכן זיך צו. מען קריכט אויפן בויך צווישן די פירקאַנטיקע ציגל אונטערשטיצונגען („פאַסטומענטן") פון דער פּאָדלאָגע. אין איינעם אַזאַ פּירעק עפנט זיך אַ ציגל־טיר און מען לאָזט זיך אַראָפּ אויף אַ לייטער אונטער דער ערד. די איינגעשמידטע ציגל־טיר שליסט זיך צו פון אינווייניק און מען דערקענט גאָרנישט. עס ווערן אויך איינגעאָרדנט אַריינגאַנגען דורך די הינער „קאָטוכן" אונטער די באַק־אויוונס. דער פּאָפּולערסטער טיפּ אַריינגאַנג איז דורך פאַרמאַסקירטע ווענט אין קעלערן.

אַזעלכע אין אַנדערע פאַרמאַסקירטע אַריינגאַנגען ווערן געמאַכט אין די „קאָלחאָזן". בדרך כלל איז יעדער אַריינגאַנג די געהיימניש פון זיין „קאָלחאָז.

די באַהעלטענישן זענען, על־פּי־רוב אויסער די הייזער,

אויף די הויפן, אין דורכשניטלעכן גרויס פון 2×3 מעטער און אין דער טיף פון אַ מעטער אונטער דער ערד. דער באָדן פון די זייטן און אויבן ווערט אונטערגעהאַלטן מיט קלעצער און ברעטער.

די בונקערס זענען געבויט געוואָרן שטרענג געהיים, אונטער דער ערד אָדער אויפן הויף, פאַרהאַנגען מיט דעקעס און ליילעכער. נאָכדעם ווערט דאָס באָדן אויסגעגלייכט, אָפט פאַרזייט מען אויבן גרינס.

די פּראָיעקטן און אויספירונגען פון די פאַרמאַסקירטע אַריינגאַנגען ווערן אויסגעפערטיקט דורך ספּעציאַליסטן וועלכע פאַרדינען דערביי פיין. איינער פון די פאַכמענער אויף דעם געביט איז געווען דער באַקאַנטער בוי־מייסטער מוקאָסיי.

שווער איז געווען צו באַזאָרגן אַ בונקער מיט וואַסער. קריכנדיק אויפן בויך האָט מען געמוזט שלעפן האַלב גע־פילטע עמערס. אויך האָט יעדע פאַמיליע געזאָרגט פאַר אַן אייזערנע פּאָרציע פון געטריקנטע ברויט־סוכאַרעס.

באַלייכטונג איז געווען אַ פראַגע אַן און פאַר זיך. דער פייער פון אַ לאָמפּ אָדער ליכט, האָט פאַרנוצט לופט — נויטיק צום אָטעמען. ווער עס קען אָרדנט זיך איין עלעקטרי־שע באַלייכטונג, ווער נישט — באַגנוגנט זיך מיט ליכט נאָר ביים אַריינגאַנג און אַרויסגאַנג פון בונקער. באַטעריעס און עלעקטרישע טאַשן לעמפּלאַך ווערן פון די נויטווענדיקסטע באַדערפענישן. אין יעדן בונקער איז אויך דאָ אַ צוגעדעקטער עמער אין אַ ווינקל, אַלס אָפּטריט־אָרט. קלאָזעטן געהערן צו די לוקסוס איינריכטונגען וואָס נאָר איינצעלנע קענען זיך דערלויבן. אויסער די בונקערס ווערן אויך געמאַכט אינדיווי־דועלע באַהעלטענישן אין די הייזער ווי צ. ב. דאָפּעלע ווענט, פאַדלאָגעס און סופיטן.

אַזוי האָט זיך אַנטוויקלט אַ בוי־באַוועגונג פון „פינסטערע קברים“ פאַר מענטשן אין געראַנגל צווישן לעבן און טויט...

## די ווייטערדיקע געשעענישן

דאָס לעבן אין געטאָ הויבט זיך אָן צו „סטאַביליזירן“. יעדן פרימאָרגן מאַרשירן אַרויס פון געטאָ־טויער טויזנטער אַרבעטער אין רייען. אויך די אַרבעטער פון די געטאָ־וואַר־שטאַטן גייען צו דער אַרבעט. זיי האָבן אויך „אַרבעטער־אויסווייזן“ (אויף בלויען קאַרטאָן מיט אַ שטעמפּל פון „יודנראַט“). יעדער באַמיט זיך, אַז אויף זיין אויסווייז זאָל זיין אָנגעשריבן „פאַך־אַרבעטער“. מען מיינט, אַז דערמיט וועלן זיך די מערדער מער רעכענען. מען זוכט פּראָטעקציע אויף אַריינבאַקומען זיך אין די געטאָ־וואַרשטאַטן, אָדער אין דער געטאָ־פּאָליציי, וועלכע איז כמעט גענצלעך ליקווידירט געוואָרן בעת דער ערשטער אַקציע.

אין שפּיץ פון דער געטאָ־פּאָליציי שטייט איצט יוסף — „יאַשקע“ רוטקעוויטש, זיין פאַרטרעטער איז וואַרשאַווסקי, וועלכער איז געשטאַנען אין שפּיץ פון דער ווידערשטאַנדס־אָרגאַניזאַציע אין געטאָ, ווי ס'איז שפּעטער באַקאַנט געוואָרן. אייניקע געוועזענע פייערלעשער ווערן באַשעפטיקט אין זייער פאַך, ביי דער אַזוי גערופענער פייערלעשער־רעמיזע. נישט ווייט פון דער „יודנראַט“־געביידע ווערט איינגעאָרדנט אין אַ צימער אַ „פאַריקמאַכערסקע“, ווו עס אַרבעטן עטלעכע פריזירער. פאַר אַ קליינעם אָפּצאָל קען מען זיך אָפּשערן און אָפּראַזירן.

פון צייט צו צייט קומען אין געטאָ יידן פון אַרומיקע שטעט און שטעטלעך, מען באַקומט גרוסן פון דאָרט. עס קומט פּיניע יאַסינאַווסקי (געשטאָרבן אין ישראל) פון סלאָנים. ער פאַרבלייבט אין געטאָ און ווערט איינגעאָרדנט ביי די געטאָ־סקלאַדעס. אויך די פרוי פון ד״ר וואָלפסאָן קומט פון האָראָ־דישטש און פאַרבלייבט אין געטאָ. פון צייט צו צייט ווערן אַריינגעשיקט אין געטאָ דורך די דייטשן יידן פון אַרומיקע שטעטלעך, אָפטמאָל מיט זייערע פאַמיליעס. זיי זענען פאַך־אַרבעטער. ווי עס ווייזט זיך אַרויס, ווערן זיי אַרויסגענו־מען פון זייערע וווין־ערטער און אָפּגעשיקט אין געטאָ־באַראַ־נאָוויטש פאַר דער ליקווידאַציע פון די איבערגעבליבענע דאָרט יידן. מען ברענגט יידן פון לעכעוויטש, קלעצק, מייטשעט, האָראָדישטש א. א. דער „יודנראַט“ מוז זיי באַזאָרגן מיט וווינערטער און איינאָרדענען ביי אַרבעט.

און אין דערזעלבער צייט ווערן צוגענומען יידן פון געטאָ דורך דער געשטאַפּאָ. מען כאַפּט זיי און מען שיקט אָפּ אויף אַרבעט אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג. נישט קענענדיק צונויפזאַמלען די געהעריקע צאָל אַרבעטער און ספּעציאַ־ליסטן, וועלכע זיי האָבן געדאַרפט, האָט די געשטאַפּאָ געמאַכט פאָלגנדיקן טריק:

מיט אַ אַרעסטאַנטן־אויטאָ זענען אייניקע געשטאַפּאָ־לייט מיט יוזעף ליטווין צוגעפאָרן צו דייטשע אַרבעטס־שטעלעס, ווו ס'האָבן געאַרבעט יידן. לויט אַ צוגעגרייטער ליסטע מיט נעמען פון די געוווּנטשענע יידן, האָבן זיי געפאָ־דערט פון די דייטשע אַרבעטס־געבער, זיי זאָלן איבערגעבן דער געשטאַפּאָ די אויסגערעכנטע יידן אַלס פּאָליטיש־באַשול־דיקטע. אויף אַזאַ אויפן האָבן זיי אַרויסבאַקומען די ספּעציאַ־ליסטן פון די דייטשן, וועלכע האָבן נישט געוואָלט אָפּלאָזן זייערע יידישע אַרבעטער. אויך דידאָזיקע יידן (40—50) זענען אַרויסגעפירט געוואָרן אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג. מער זענען זיי שוין נישט געקומען צו זייערע פאַמיליעס אין געטאָ. אין אַ פּאָר טעג אַרום איז מען געוווּיר געוואָרן, אַז זיי לעבן און געפינען זיך אין קאָלדיטשעווע, אין אַ גוט פון געוועזענעם פּוילישן גוט־אייגנטימער שאַלעוויטש, 17 קילאָמע־טער פון באַראַנאָוויטש (5 ק״מ פון האָראָדישטש). דאָרט ווערט אויפגעשטעלט דורך דער באַראַנאָוויטשער געשטאַפּאָ אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. די יידן מוזן דאָרט אויספירן אַלע בוי־אַרבעטן. מיט דער צייט ווערט אָנגעבונדן מיט זיי אַ קאָנטאַקט דורך די יידן, וועלכע אַרבעטן ביי דער געשטאַפּאָ, אין הויף אַלס סטאָלערס, שלאָסערס, עלעקטריקער, וועשע־רינס א. א. וו. די לעצטע פאַרבינדן זיך מיט די דאָרטיקע יידן דורך די פּוילישע און ווייסרוסישע שאָפערן, וועלכע פירן בוי־מאַטעריאַל פאַרן לאַגער. אַמאָל קומט אויך אויס די יידן

פון געשטאַפּאָ מיטצופאָרן, און נאָך זייער אומקער באַקומט מען גרוסן פון דידאָרטיקע יידן, וואָס לעבן אין שרעקלעכע באַדינגונגען. עס געשעט אויך, אַז אייניקע יידן געלינגט נאָכן באַצאָלן אַ געהעריקן אויסקויף אומצוקערן זיך אין געטאָ. אויך די פרוי זיידמאַן, די טאָכטער פון ריבאַק, וועלכע איז אין „אַנדערע אומשטענדן", געלינגט זיך אומקערן צוריק אין געטאָ, ווו מען האָט זי געוואָלט דערשיסן אַלס שוואַנגערע פרוי.

דרך אגב, נישט געקוקט אויף דער לאַגע פון די יידן, קומען פאָר אין געטאָ־שפּיטאָל זייער אָפט געבורטן. אין געטאָ קומען פאָר חתונות, מען האַלט דאָס אַלס סגולה אויף אָפּצוהאַלטן די מגפה. אויך לערנט מען קליינע קינדערלעך דעם אלף־בית, דאַוונען און חומש. עס פאַרנעמען זיך דערמיט עלטערע יידן, פאַר אַ קליינעם אָפּצאָל, מער לשם מצוה, אַז דער זכות פון תינוקות דבית־רבן זאָל ביישטיין.

אין אייניקע זייטיקע הויפן ווערן איינגעאָרדנט טישן מיט בענק, אויף וועלכע אַלטע יידן לערנען משניות, זאָגן תהלים און דאַוונען. גאָר פרי, פאַרדעם, ווי די אַרבעטער גייען אַרויס צו דער אַרבעט, קען מען זען, ווי די אַלטיטשקע גייען מיטן טלית־זעקל אונטערן האַנט און לויפן „לעבודת הבורא".

## מען באַפרייט יידישע מעדיצינישע אַרבעטער

לויט אַ באַפעל פון די דייטשן און אויך אויף אייגענער האַנט, הויבן אָן די ווייסרוסישע מעדיצינישע לייטער פון שטאָט־שפּיטאָל און פון די שטאָט־אַמבולאַטאָריעס צו באַפרייען די יידישע דאָקטוירים, קראַנקן־שוועסטער און די איבעריקע יידישע שפּיטאָל־אַרבעטער פון זייערע פּאָסטנס. אַלס לייטער פון די אָפּטיילונגען אין שפּיטאָל ווערן באַשטימט יונגע אַרישע מעדיקער פון ווייסרוסישער און פּוילישער אָפּשטאַמונג. די יידישע דאָקטוירים דאַרפן זיי לערנען, אַריינפירן אין דער אַרבעט. פון מינסק און אַנדערע שטעט ווערן אַריינגעשיקט אַרישע קראַנקן־שוועסטער. מיט גרויס מי געלינגט נאָך די יידישע קראַנקן־שוועסטער צו פאַרבלייבן אַלס סאַניטאַרינס ביי דער שמוציקסטער און שווערסטער אַרבעט. זיי ווערן אויסגענוצט דורך זייערע אַרישע מיטאַרבעטערינס ביי יעדער געלעגענהייט. נישט איינמאָל קומט זיי אויס צו אַרבעטן אייניקע טעג און נעכט אָן איבעררייס, איבערלאָזענדיק אין געטאָ זייערע קראַנקע קינדער.

אָנהויבנדיק פון מאָנאַט אַפּריל 1942, ווערן באַפרייט פון זייער אַרבעט איינער נאָכן אַנדערן די יידישע דאָקטוירים, און צום סוף אַלע איבעריקע מעדיצינישע אַרבעטער פון די קריסטלעכע הייל־אַנשטאַלטן. אָנהויב יוני זענען שוין דידאָזיקע אַנשטאַלטן „יידן־ריין".

אין געטאָ ווייס מען נישט וואָס צו טאָן מיט דידאָזיקע אַרבעטסלאָזע. צו אַרבעט אין די געטאָ הייל־אַנשטאַלטן, וויל מען זיי נישט צולאָזן צוליב אַלערליי סיבות: ערשטנס, וויל מען ניט האָבן קיין קאָנקורענטן (די קראַנקע אָדער די געזונטע, וועלכע פלעגן באַקומען אַ באַפרייונגס־צעטל פון דער אַרבעט אויף אייניקע טעג, פלעגן אָפט באַפרידיקן דעם דאָקטאָר, ברענגענדיק אים פון אויסערן געטאָ עטוואָס צום עסן); צווייטנס, די מורא, אַז די דייטשן קענען אויסגעפינען, אַז עס אַרבעטן צו פיל דאָקטוירים; דריטנס, די קנאה, וואָס דידאָזיקע זענען ביז איצט באַשעפטיקט געווען אויסערן געטאָ און געהאַט די מעגלעכקייט בעסער זיך דורכלעבן. שיקן זיי צו אַרבעט אויסערן געטאָ, איז נישט דערלויבט. ענדלעך איז באַשטימט געוואָרן, אַז זיי זאָלן באַשעפטיקט ווערן ביי דער אַסעניזאַציע אין געטאָ: גראָבן גריבער א. א. וו. די דאָקטוירים האָבן זיך קעגנגעשטעלט, און מערסטנטייל נישט דערשינען צו דערדאָזיקער אַרבעט. ענדלעך געלינגט אייניקע איינצוּאָרדנען זיך ביי טיילווייזער אַרבעט אין די אַמבולאַטאָריעס און זיי, ווי אויך די איבעריקע, באַקומען צייטווייליקע אַלס באַשעפטיקטע ביים „סאַניטעט־וועזן".

נישט לאַנג האָט געדויערט, און די נאַציס האָבן זיך פאַרנומען מיט דער פראַגע פון דידאָזיקע דאָקטוירים...

## טראַנספּאָרטן פון אויסלענדישע יידן

אין די זומער־מאָנאַטן 1942 פאָרן דורך גרויסע טראַנספּאָרטן מיט דייטשע און עסטרייכישע יידן דורך דער סטאַנציע באַראַנאָוויטש. זיי פאַרהאַלטן זיך אויף דער סטאַנציע אַ געוויסע צייט — און פאָרן ווייטער אין דער מזרח־ריכטונג. די יידישע אַרבעטער־גרופּע פון באַראַנאָוויטשער געטאָ, וועלכע איז באַשעפטיקט מיט רייניקן די באַן־ליניעס טרעפט זיך מיט די יידן און רעדט מיט זיי. זיי ווילן נישט גלויבן אין דעם, וואָס זיי הערן פון אונזערע אַרבעטער וועגן די יידן־מאַסן־מאָרדן. זיי האַלטן עס פאַר אוממעגלעך. זיי דערציילן, אַז זיי פאָרן „נאָך אָסטען", קיין מינסק, אויף אַרבעט. זיי זענען טריי דעם „פירער און פאָטערלאַנד"...

עס פאָרן דורך טראַנספּאָרטן מיט פראַנצויזישע, בעלגישע, האָלענדישע און טשעכישע יידן. זייער וועג איז קיין מזרח. אויך זיי פאָרן „אויף אַרבעט". די באַראַנאָוויטשער יידן־גרופּע וואָרנט זיי, אָבער זיי גלויבן נישט. די איינציקע, וועלכע גלויבן, זענען די פּוילישע יידן. אייניקע טראַנספּאָרטן פון זיי פאָרן דורך באַראַנאָוויטש. עס געשעט, אַז אייניקע פון די יידן שפּרינגען אַרויס פון באַן און צעלויפן זיך.

אין איין שיינעם יוני־פאַרנאַכט ווערט דער געטאָ אויפגערודערט פון אַ שרעקלעכער ידיעה.

דעם טאָג איז פאַרפאָרן צו דער באַן־ראַמפּע, הינטער דעם ניי־באַראַנאָוויטשער וואָקזאַל, אַ טראַנספּאָרט פון בערך 3000 טשעכישע יידן. אַלע פיין געקליידעט, אין אַ גוטער שטימונג. די גרויסע צאָל וואַגאָנען באַגלייט פון טשעכישע באַן־קאָנדוקטאָרן און נישט פיל געשטאַפּאָ־לייט. ביים סוף פון לאַנגן צוג — אייניקע פראַכט־וואַגאָנען מיטן באַגאַזש פון די פּאַסאַזשירן. נאָכן אָפּהאַלטן זיך פון באַן ווערט געמאָלדן, אַז איצט קומט דאָס מיטאָג־עסן. זיי נעמען דאָס אָן אַלס אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך. די מענער רייניקן אָפּ דעם שטויב פון זייערע קאָסטיומען און שיך. די פרויען פּודערן זיך. אָט פאַר־

פאָרן לאַסט־אויטאָס און אַלע שטייגן איין, אויך די טשעכישע באַן־באַגלייטער — און די אויטאָס פאָרן אָפּ. צווישן די אויטאָס געפינען זיך אויך גרויסע, מיט הערמעטיש צוגעמאַכטע טירן. מיט דעם אַלעם פירט אָן די באַראַנאָוויטשער געשטאַפּאָ, וועלכע נעמט אויף די אָנגעקומענע געסט — די יידיש־טשעכישע אינטעליגענץ: דאָקטוירים, ציין־דאָקטוירים, אינזשיניערן, אַרכיטעקטן, לערער, יוריסטן און ראַבינער מיט זייערע פאַמיליעס. מען פירט זיי אויף „מיטאָג״ אין „גאַי״־וואַלד הינטער ניי־באַראַנאָוויטש צו צפון־מזרח פון דער זשלאָבין־אָזערע. דאָרט זענען שוין פאַראַן פאָרויס צוגעגרייטע גריבער. די אָנגעקומענע יידן הייסט מען זיך אויסטאָן, צונויפלייגן זייערע זאַכן אויף איין פּלאַץ — און נאָכדעם ווערן זיי דערשאָסן, שטייענדיק אויפן ראַנד פון גרוב. די הערמעטיש־צוגעמאַכטע אויטאָס, וועלכע הייסן „דושעגובקעס״ (פון רוסיש — נשמה־פאַרניכטער) ברענגען שוין פאַרטיקע קרבנות, וועלכע מען דאַרף שוין נישט שיסן: זיי זענען שוין פאַרסמט אונטערוועגס מיטן גאַז און רויך, וועלכער גייט אַרויס פון אויטאָ־מאָטאָר נאָכן פאַרברענען זיך פון בענזין. די גאַזן, וועלכע גייען נאָרמאַל אַרויף אויף דער פרייער לופט, ווערן אַריינגעפירט אין די דאָזיקע מאַשינעס דורך אַ ספּעציעלן רער, און אַזוי אַרום ווערן די מענטשן אומגעבראַכט דורכן „טשאַד״. ביי מערערע פון די קרבנות פליסט בלוט פון נאָז און מויל. אויך אין דעם פאַל שענקען נישט די מערדער די קליידער. אויך די טשעכישע קריסטלעכע באַן־באַגלייטער ווערן דערשאָסן. מען וויל נישט איבערלאָזן עדות פון דעם געשעענעם.

מיט דער „אַרבעט״ באַשעפטיקט זיך, צום ערשטן מאָל, די ווייסרוסישע פּאָליציי. די פריערדיקע „אַקציעס״ זענען דורכגעפירט געוואָרן דורך ליטווינער (געהילפס־פּאָליציי).

נישט ווייט פון די גריבער שטייען טישן; אויף זיי — פלעשער מיט „וואָדקאַ״ און צובייסעכץ. „צוערשט איז געווען אומהיימלעך, אָבער שפּעטער האָבן מיר זיך צוגעוווינט און אונז האָט נישט געאַרט״, — האָט איבערגעגעבן איינער פון די אָנטיילנעמער — אַ ווייסרוסישער געשטאַפּאָ־פּאָליציאַנט פון קאָנצענטראַציע־לאַגער קאָלדיטשעוואָ.

פאַרנאַכט האָט דער קאָמענדאַנט פון קאָלדיטשעוווער לאַגער צונויפגעזאַמלט די יידן פון לאַגער און געפרעגט, ווער עס וויל פאָרן אויף אַרבעט קיין באַראַנאָוויטש. אַ סך פון די באַראַנאָוויטשער יידן, וועלכע זענען דאָ געווען, האָבן זיך פריייוויליק געמאָלדן מיינענדיק, אַז זיי וועלן זיך קענען טרעפן מיט זייערע פאַמיליעס. ער האָט אויסגעקליבן 8 יידן, געגעבן זיי רידלען, אָנגעלאַדעוועט אויף אַ מאַשין און אַוועגעשיקט אין באַראַנאָוויטש, אין „גאַי״, ווו זיי האָבן געמוזט פאַרשיטן די גריבער מיט די דערמאָרדעטע טשעכישע יידן און צום סוף זענען זיי דערשאָסן געוואָרן.

צווישן די 8 — דער שלאָסער שלמהקע ראַוויצקי, פּועלי־ציוניסטישער טוער.

נאָכן אָפּשיקן די יידן אין „גאַי״, פאַרפאָרן צו די וואַגאָנעס לאַסט־אויטאָס, אויף וועלכע מען לאָדט אָן די פאַרבליבענע באַגאַזש און זאַכן, וועלכע מען פירט אָפּ אין דער געביידע פון דער „נייער שול״ אויף סאַדאָווע גאַס און אין אַ הויז ביים געשטאַפּאָ״. גאָלד־ און זילבער־זאַכן ווערן איבערגעפירט אין די קעלערן פון געביטס־קאָמיסאַריאַט.

שוין צומאָרגנס ווערן אַוועקגעשטעלט אַרבעטער־גרופּעס פון באַראַנאָוויטשער געטאָ, וועלכע מוזן סאָרטירן די אַראָפּגעבראַכטע זאַכן. די אַרבעט דויערט מאָנאַטן. לויט די געפונענע דאָקומענטן זענען די מענטשן פאַרשריבן געוואָרן אויף אַרבעט אין „אָסטן״. דערביי האָט יעדער געהאַט רעכט מיטצונעמען 60 קילאָ זאַכן פון די שענסטע און בעסטע, אויסער אַרבעטס־אינסטרומענטן. צווישן די זאַכן — טויזנטער קאָסטיומען, קליידער, שוכוואַרג, טליתים, תפילין, מעדיצינישע אינסטרומענטן, מעדיקאַמענטן, קאָלדרעס, וועש. די בעסערע זאַכן ווערן אָפּגעשיקט קיין דייטשלאַנד צו די פאַמיליעס פון די געשטאַפּאָוצעס, די ערגערע — ווערן טיילווייז צוגעטיילט די פּאָליציאַנטן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער קאָלדיטשעוואָ, ווו עס ווערן געשאַפן גרויסע זאַכן־סקלאַדעס. די יידן, וועלכע אַרבעטן ביים סאָרטירן די זאַכן געניסן אויך פון זיי. אַ טייל פאַרקויפט די זאַכן און פאַר דעם געלט קויפן זיי איין געווער פאַר דער ווידערשטאַנד־אָרגאַניזאַציע אין געטאָ.

עס טרעפן פאַלן, ווען אויפשניידנדיק אַ ברויט פון די אומגעבראַכטע געפינט מען אין אים אייניקע הונדערט דאָלאַר. אויך אין די קליידער און שיך געפינט מען פאַרבאַהאַלטענע אויסלענדישע וואַלוטע און גאָלד. די נאַציס דערוויסן זיך פון דעם און קאָנטראָלירן אַלע זאַכן, געפינענדיק דערביי זייער פיל פאַרבאָרגענע אוצרות. (אגב, דידאָזיקע זאַכן האָבן דערמעגלעכט פיל פאַמיליעס זייער ווייטערדיקע עקזיסטענץ).

## טאג-טעגלעכע מארדן

די לאַגע אין געטאָ איז אָנגעשטרענגט. ביים אַרייַנגאַנגטויער קומען זייער אָפט פאָר רעוויזיעס. מען נעמט צו די מיטגעבראַכטע פּראָדוקטן. דערביי שלאָגט מען. עס פאַרשפּרייטן זיך קלאַנגען, אַז צווישן די יידן געפינען זיך אייניקע, וועלכע גיבן איבער אינפאָרמאַציעס דער געשטאַפּאָ וועגן דעם וואָס ס׳קומט פאָר אין געטאָ. מען הויבט זיך אָן צו היטן מיט אַרויסריידן אַ איבעריק וואָרט. פון צייט צו צייט ווערן צוגענומען גאַנצע פאַמיליעס אויף „אויספאָרשונג״. צוריק אין געטאָ קומען זיי שוין נישט. ווי מען דערוויסט זיך ווערן דידאָזיקע צוגענומען אויפן גרונט פון אָנווייזונגען פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, וועלכע וויל נישט צוריקגעבן אייניקע פון די באַהאַלטענע ביי זיי זאַכן. אָדער סתם צוליב אַ רעכנונג פון אַמאָליקע צייטן. די אַמאָליקע שכנים דערטראָגן אויף דעם אָדער יענעם, אַז ער איז אַ קאָמוניסט — נעמט מען אים צו. אַזוי קומט אום צווישן אַנדערע דער געוועזענער גימנאַזיע־פּראָפעסאָר ווילהעלם פעלדמאַן מיט זיין פרוי און זיין פיר־יעריקע טעכטערל. אויף אַזאַ אופן ווערט דערשאָסן דער דאָקטאָר מרדכי („מאָטיע״) ריווקין א.אנד.

יעדער אַזאַ פֿאַל רודערט אויף דעם גאַנצן געטאָ. קיינער איז נישט זיכער, צי מען וועט אים באַלד אָדער שפּעטער נישט צונעמען. מען שרעקט זיך פֿאָדערן ביי די קריסטן, זיי זאָלן די אָדער יענע זאַך צוריקקערן צום פֿאַרקויפֿן אויף ברויט. דאָך זענען פֿאַראַן קריסטן, וועלכע שיקן אַריין צו זייערע באַקאַנטע אין געטאָ געלט, ברויט און אַנדערע שפּייז־פּראָדוקטן. עס געשעט אויך איין פֿאַל, ווען אַ דייטשער סאָלדאַט גייט אַריין אין אַ געשעפֿט און זעענדיק די פֿריילין מירע דוואָרעצקי, וועלכע אַרבעט דאָרט, פֿרעגט ער זי אויף אייניקע יידן, וועלכע ער האָט געקענט, צי זיי לעבן נאָך און ווען ער דערוויסט זיך, אַז יאָ, קויפֿט ער קעז און אַנדערע שפּייז און שיקט דאָס אַריין דורך איר אין געטאָ.

אין איינעם אַ טאָג ווערט דער געטאָ אויפֿגערודערט מיט דער ידיעה, אַז 3 יונגע מיידלעך, וועלכע האָבן געאַרבעט ביי דייטשן אַלס וועשערינס און „פּוץ־פֿרויען", זענען אַרעס־טירט געוואָרן אַלס באַשולדיקטע אין „אַמוזירן זיך" מיט די דייטשן. עס דראָט זיי טויט־שטראָף. דערוויסנדיק זיך, אַז זיי זענען באמת אומשולדיק, מאַכט דער „יודנראַט" אַלע באַמי־ונגען כדי זיי צו ראַטעווען. ענדלעך ווערט פֿאַרגעשלאָגן, זיי זאָלן אונטערזוכט ווערן דורך אַ דייטשן פֿרויען־דאָקטאָר. נאָך דער אונטערזוכונג אין אַנוועזנהייט פֿון געביטס־אַרצט ד"ר וויכמאַן ווערט פֿעסטגעשטעלט, אַז זיי זענען אַלע ריין. אַזוי־אַרום ווערן זיי דאָסמאָל געראַטעוועט פֿון אַ זיכערן טויט — און דער געטאָ איז שטאָלץ אויף זייער אומשולד.

## די „13"

7.30 פֿרי, פֿרייטיק דעם 3 יולי 1942 פֿאַרפֿאָרט צו דער געביידע פֿון „יודנראַט" אַן אויטאָ פֿון געשטאַפּאָ, עס שפּרינגט אַרויס פֿון אים יוזעף ליטווין און דער אין געטאָ גוט־באַקאַנטער געשטאַפּאָ־מערדער קיהן מיט אַ האַנט־מאַשין־געווער איבערן אַקסל. זיי גייען אַריין אין הויז פֿון „יודנראַט". יוזעף נעמט אַרויס אַ ליסטע מיט נעמען פֿון יידישע מעדיצינישע אַרבעטער. ער לייענט איבער די נעמען און פֿאָדערט אויף די געטאָ־פּאָליציי אַנצוזאָגן די אויסגערעכנטע דורך אים פּערזאָנען, זיי זאָלן זיך גלייך צושטעלן.

איינער נאָכן אַנדערן הויבן זיך אָן צונויפֿזאַמלען די אַרויסגערופֿענע. אַלע — דערשראָקענע, בלייכע. ווער אַליין און ווער אין באַגלייטונג פֿון זיין פֿרוי און אַנדערע פֿאַמיליען־מיטגלידער. עס קומען:

1) ד"ר האַרי לעווקאָוויטש — גינעקאָלאָג; 2) ד"ר יוסף („יאָסל") מירסקי — גינעקאָלאָג; 3) ד"ר חנן („חאַניע") ברעוודאַ — קינדער־דאָקטאָר; 4) ד"ר מיכאל („מישע") סידערמאַן (דער זון פֿון אַפּטייקער) — אַלגעמיינע קראַנק־הייטן; 5) ד"ר אַלעקסאַנדער („שורע") איזיקזאָן (דער זון פֿון אומגעבראַכטן ערשטן יידן־פּרעזעס)—כירורגישער פּראַק־טיקאַנט; 6) ד"ר גריגאָרי („גרישע") דאַנילעוויטש — אינער־לעכע קראַנקהייטן; 7) זיין ברודער ד"ר דאַנילעוויטש (דער מאַן פֿון טייבל ווערניקאָווסקי) — גינעקאָלאָג; 8) ד"ר לעאָן קאַפּלאַן — קינדער־דאָקטאָר; 9) ד"ר אַלעקסאַנדער („שאַכנע") בראַטקאָווסקי — אַלגעמיינע און אויערן־קראַנק־הייטן; 10) ציין־דאָקטאָר משה („מאָיסעי") יאַסינאָווסקי (געוועזענער קהילה־פּרעזעס אין 33—1929); 11) ציין־דאָקטאָר משה בערמאַן (ציוניסטישער טוער); 12 ציין־דאָקטאָר יעקב פֿידלער און 13) ציין־טעכניקער פּאַנטי.

עס קומט אויך די פֿאַרמאַצעווטין מירע שעניצקי, אָבער די נאַצי־מערדער באַטאַנען, אַז זיי האָבן קיין פֿרויען נישט געפֿאָדערט. זיי באַפֿרייען זי. עס ווייזט זיך אַרויס דער טעות: זיי האָבן געפֿאָדערט דעם מעדיצין־אַבסאָלווענט מיראָן שע־ניצקי. ער אַרבעט איצט אין די געטאָ־וואַרשטאַטן אַלס בערשטל־מאַכער (נאָכן באַפֿרייען אים פֿון שטאָט־שפּיטאָל האָט זיך אים איינגעגעבן מיט גרויס מי איינצואָרדנען זיך אין באַרשטן־פֿאַבריק פֿון געטאָ).

עס איז מערקווירדיק וואָס אויף דער ליסטע פֿיגורירט אויך דער נאָמען פֿון ד"ר באָריס שאַפּיראָ, וועלכער איז אַרעס־טירט און דערשאָסן געוואָרן מיט 4 מאָנאַטן צוריק.

אויך ד"ר לאָליע בערקאָוויטש (איצט אין ישראל) ווערט אויפֿגעפֿאָדערט דורך דער פּאָליציי צו קומען. ער גייט אַרויס צוזאַמען מיט זיין שוואָגער ד"ר ברעוודע. דערזעענדיק די מאַשין מיט די באַוואָפֿנטע דייטשן אַרום איר, קערט ער זיך אום שנעל צוריק און זאָגט, אַז ער וועט נישט גיין. עס שפּרינגט צו צו אים זיין חבר, ד"ר שורע איזיקזאָן און פֿרעגט זיך וואָס צו טון. ד"ר בערקאָוויטש לייגט אים פֿאָר, זיי זאָלן זיך פֿאַרבאַהאַלטן. ער גייט אַוועק און קערט זיך שוין נישט אום צוריק. ד"ר בערקאָוויטש וויל אַרויסקריכן פֿון אונטער די דראָטן און אַרויסגיין פֿון געטאָ, אָבער ער קען נישט, ווייל גראָד שטייט נישט ווייט אַ פּאַטרול. ער לויפֿט אַרויף אויף אַ בוידעם פֿון אַ הויז און באַהאַלט זיך דאָרט אויס.

עס פֿעלט נאָך דער כירורג ד"ר זעליק לעווינבוק, וועלכער וווינט אין ווייטעסטן (פֿון „יודנראַט") געטאָ־טייל. צום צווייטן מאָל לויפֿט צו אים אַ געטאָ־פּאָליציסט און פֿאָדערט אים אויף זיך מעלדן גלייך אין „יודנראַט".

— וואָס איז די איילעניש? וועט מען מיך דערשיסן מיט אַ פּאָר מינוט שפּעטער! — זאָגט ער געלאַסן.

— אָבער צו וואָס דאַרפֿט איר מען זאָל נאָך אייך צע־שלאָגן? — ענטפֿערט דער פּאָליציאַנט און דערביי לויפֿט ער שנעל אין די געטאָ־וואַרשטאַטן אָנזאָגן שעניצקין, אַז אויך ער זאָל זיך מעלדן שנעל.

נישט געאיילט, טרינקט זיך אויס דער דאָקטאָר אַ גלאָז טיי, זעגנט זיך מיט דער אַלטער וויינענדיקער מוטער, מיט זיין פֿאָטער יעקב לעווינבוק, וועלכער איז געקומען — מיט טרערן אין די אויגן — זיך זען צום לעצטן מאָל מיט זיין ברודער־זון, און געזעגנט זיך פֿון די איבעריקע שכנים פֿון „קאָלחאָז".

— וואָס וויינט איר? — איינמאָל מוז מען דאָך שטאַרבן! און כ'גלויב, אַז דער טויט איז נישט אַזוי שרעקלעך.

ביים אַרויסגיין פֿון הויז טרעפֿט ער נאָך אַ פּאָליציאַנט,

וועלכער לויפט שנעל אַנטקעגן מיטן וועליסאָפּעד אין האַנט.

— קומט שנעל, דאָקטאָר, מען וואַרט אויף אייך! ביי מיר איז אַראָפּגעפאַלן די קייט פון וועליסאָפּעד, און איך האָב זיך צוליב דעם אויך פאַרהאַלטן אונטערוועגס...

רוהיק און געלאַסן, גייט ד״ר לעווינבוק זיין „לעצטן וועג״, געזעגענעדיק זיך מיטן בליק פון אַרומיקע הייזער און גאַסן. ער טרעפט זיין פרוי, וועלכע קערט זיך אום פון „יודנראַט״, וווהין זי איז געגאַנגען זיך דערוויסן, וואָס דאָרט קומט פאָר. זי גיט איבער, אַז די איבעריקע דאָקטוירים זענען שוין געקומען און אַז מען פאָדערט ער זאָל גלייך קומען.

צוזאַמען גייען זיי צוריק. דער פּאָליציאַנט לויפט אַנזאָגן, אַז דער דאָקטאָר קומט שוין.

שטיל גייען זיי פאָרויס. זיי קומען אַריין אין אַנדער געטאָ־טייל, האַקן דורך די מינסקע גאַס און גייען אַריין אין סאָסנאָווע. נישט איילנדיק, כדי דער וועג זאָל דויערן לענגער, כדי זיי זאָלן זיין צוזאַמען נאָך אַ פּאָר מינוט... אַ שאָד וואָס איך בין נישט ראַזירט! אפילו צום טויט דאַרף מען שיין אויסזען! — רייסט ער איבער דאָס שטילשווייגן.

— אויב איך וועל נאָך באַווייזן, וועל איך אַריינשפּרינגען אין פאַבריקמאַכעריי און זיך אָפּראַזירן! — גיט ער צו.

— פאַרוואָס רעדסטו וועגן טויט? מען איז דאָך געקומען נעמען די דאָקטוירים אויף אַרבעט! דו וועסט נאָך קומען צוריק — וויל זי אים באַרוהיקן.

ער גייט רוהיק. ער גייט דעם גורל אַנטקעגן.

פאַרוואָס גייט ער אַזוי רוהיק? פאַרוואָס אַנטלויפט ער נישט? פאַרוואָס נעמט ער נישט אַ אייזן אין האַנט אויף צו־שפּאַלטן די קעפּ פון די מערדער?

יאָ, עס לויפן דורך ביי אים אַזעלכע געדאַנקען און דערביי קעגן־אַרגומענטן: זיך וועט ער נישט ראַטעווען און די איבע־ריקע — זיין מוטער, פרוי, קינד און די איבערגעבליבענע יידן אין געטאָ, וועלכע זענען נישט אָרגאַניזירט, וועלכע זענען הילפלאָז — קען ער נאָר ברענגען שאָדן!

עס קען אויך זיין, אַז ער איז באַהערשט פון אַ אינערלעכן פּסיכישן שאָק, וואָס דערשטיקט אין אים זיין שטאַרקן ווילן צום בונט. און אפשר גנבעט זיך אַריין אין זיין אונטערבאַ־וווסטזיין אַ פונק פון האָפנונג, מען נעמט אים ווירקלעך אויף אַרבעט און נישט צום טויט?

און אין דערזעלבער צייט... הייסן די נאַציישע מערדער איינשטייגן די צענויפגעזאַמלטע „13״ אין מאַשין. איינער נאָכן אַנדערן גייען זיי אַרויף אויפן אויטאָ.

עזיע פּידלער, וואָס אַרבעט אין אַרבעטס־ביוראָ ביים „יודנראַט״ און איז באַקאַנט מיט די צוויי געשטאַפּאָ־רוצחים, פרעגט זיך ביי זיי, צי עס איז נישט כדאַי איבערצולאָזן זיין פאָטער, ווייל אים אַלס עלטערן מאַן וועט זיין שווער דער וועג. די בלוטדורשטיקע חיות הייסן אים מיטפאָרן, פאַרזיכערנדיק, אַז אין אָונט וועט ער צוריקקומען. דער זון נעמט זיין אַלטן פאָטער, דעם ציין־דאָקטאָר יעקב פּידלער, אונטערן האַנט, פירט אים צום אויטאָ און העלפט אים אַרויפקריכן. דער זון פירט זיין פאָטער צו דער עקידה...

די תליינים וואַרטן נישט מער. זיי שטייגן איין אין דער מאַשין און באַפעלן דעם שאָפער, אַ פּוילישן שייגעץ, אַרויס־פאָרן פון געטאָ.

*

אין דעם מאָמענט דערגייט ד״ר לעווינבוק מיט זיין פרוי צו סאָדאָווע גאַס. נאָר אייניקע הייזער טיילן זיי אָפּ פון דער „יודנראַט״־געביידע. זיי קוקן פאָרויס און דערזעען, ווי די געשטאַפּאָ־מאַשין פאָרט אַרויס פון געטאָ־טויער. זיי ווייסן נאָך נישט, וואָס עס וועט ווייטער פאָרקומען.

— איינס איז זיכער: פאַרן אַריינגיין אין „יודנראַט״ וועל איך זיך אָפּראַזירן. — זאָגט ער צו דער פרוי.

זיי גייען אַריין אין פאַבריקמאַכעריי. אַלע רעדן וועגן די „צוגענומענע 13״. מען גראַטולירט דעם דאָקטאָר צו זיין רע־טונג.

נאָכן אָפּגאָלן גייען זיי צום „יודנראַט״. דאָ האָט מען נישט קיין טענות וועגן דער פאַרשפּעטיקונג, אָבער מען איז נישט זיכער, אויב די מערדער וועלן נישט קומען נאָך די „איבער־געבליבענע 2״, און דעריבער ווערט דער דאָקטאָר איבערגע־שיקט אין דער געטאָ־פּאָליציי און דאָרט פאַרהאַלטן.

דאָרט טרעפט ער שוין דעם צווייטן „חבר צום גליק״, וועלכער איז אויך צו שפּעט געקומען — מיראָן שעניצקי.

מיט אַ געפיל פון צום טויט־פאַראורטיילטע, וועלכע גע־פינען זיך שוין אין טויטן־קאַמער אין דערוואַרטונג פון אויספירן דעם אורטייל, פאַרבלייבן זיי אונטערן אויפזיכט פון די יידישע פּאָליציסטן, וועלכע באַציען זיך צו זיי מיט סימ־פּאַטיע און מיטלייד.

אַ שעה נאָך אַ שעה פאַרגייט אין אָנגעשטרענגטער דער־וואַרטונג. די פאַמיליעס פון די פאַרהאַלטענע שטייען אויף דער וואַך מיט אָנגעשטרענגטע בליקן צום געטאָ־טויער, צי קומען נישט ווידער די בלוטדורשטיקע חיות נאָך דעם איבער־געלאָזענעם רויב.

— און אפשר וועלן זיי פאַרגעסן?

— אָדער עס וועט זיי נישט לוינען צו קומען צוליב צוויי?

מיטאָג־צייט דערוויסט מען זיך ביים פּוילישן שאָפער פון געשטאַפּאָ־מאַשין, אַז ער האָט אָפּגעפירט „די 13״ צו דער צענטראַל־טורמע און דאָרט זיי אַראָפּגעלאָזן.

אין די נאָכמיטאָג־שעהן קומט אין „יודנראַט״ אַ געשטאַ־פּאָוויעץ און פאַראָרדנט, אַז די פאַמיליעס פון די צוגענומענע זאָלן צוגרייטן פאַר יעדן אַ פּעקל און אָפּשיקן אין געשטאַפּאָ. דערביי ווערט געגעבן אויסגערעכנט, וואָס דער פּעקל מעג אַנט־האַלטן: איין קאָלדרע, איין פּאָר שיך, צוויי פּאָר אונטערוועש, איין אויבערהעמד א. א. וו. קיינע בריוועלעך נישט אַריינלייגן! אויף יעדן פּאַקעט אָנשרייבן דעם פאַמיליע־נאָמען.

דידאַזיקע פאַראָרדנונג מונטערט אויף. מען הויבט אָן גלויבן, אַז מען שיקט זיי ווירקלעך צו אַרבעט. עס ווערן צענויפגעפּאַקט אויף שנעל די זאַכן. מען לאַדעוועט אָן די 13 פּאַקעטן אויף אַ וואָגן און מען פירט אָפּ אין געשטאַפּאָ.

ווען די פֿאַרשפּעטיקטע צוויי ווערט די גאַנצע צייט נישט דערמאָנט. פּרייטיק אָוונט דערלויבט מען זיי גיין אַ היים, נאָכדעם ווי זיי פֿאַרפּליכטן זיך מיט זייער אונטערשריפֿט, אַז צומאָרגנס פֿרי וועלן זיי זיך צושטעלן אין געטאָ־פּאָליציי.

שבת, מיטאָג־צייט, נאָכדעם ווי די הענקערס שווייגן און דערמאָנען מער נישט וועגן די צוויי פֿאַרשפּעטיקטע, לאָזט מען זיי אָפּ, נאָכדעם ווי זיי שרייבן זיך אונטער, אַז אויף יעדן רוף וועלן זיי זיך גלייך מעלדן.

וועגן די צוגענומענע 13 מעדיצינישע אַרבעטער זיינען נאָכדעם געגאַנגען אַלערליי קלאַנגען אין געטאָ. אַ פֿריילין וואָס האָט געאַרבעט ביים רייניקן די באַן־ליניעס, האָט איבערגעגעבן, אַז עס זענען צו איר צוגעגאַנגען די ברידער דאַניעלעוויטש, בלייכע און דערשראָקענע, אָן די געלע לאַטעס און געוואָלט איר עפּעס זאָגן. אין דעם מאָמענט איז צוגעגאַנגען צו זיי אַ דייטשע קראַנקן־שוועסטער און איינגעלאַדן זיי אין וואַגאָן פֿון רויטן־קרייץ־צוג אויף קאַפּע.

פֿון צייט צו צייט האָבן קריסטן איבערגעגעבן, אַז זיי האָבן געהערט פֿון באַן־אָנגעשטעלטע, אַז די לעצטע האָבן געזען די צוויין־דאָקטוירים יאַסינאָווסקי און פּידלער שפּאַצירנדיק אין מינסק. איינער האָט געזאָלט זען אויך דעם דאָקטאָר קאַפּלאַן.

פֿון דער אַנדערער זייט האָט איבערגעגעבן די פֿרוי פֿון ד״ר וואָלפֿסאָן, וועלכע האָט געאַרבעט אין וועשעריי פֿון געשטאַפּאָ, אַז מיטאָג־צייט פֿונם טאָג ווען מען האָט צוגענומען „די 13״, איז אַריינגעפֿאַלן אין וועשעריי אַ אויפֿגערעגטער דער געשטאַפּאָוויעץ קיהן, וועלכער האָט צוגענומען די דאָקטוירים, און אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך זיין פֿאַרבלוטיקטן מונדיר און אָפּגעגעבן אים צום וואַשן.

אַ לאַנגע צייט נאָכדעם האָבן די יידן וועלכע האָבן אויסגעפֿירט אַרבעטן אין געשטאַפּאָ־הויף און געביידע, געזען וואַלגערן זיך אויפֿן בוידעם פֿון הויז די פּאַקעטן, וועלכע זענען בשעתו געבראַכט געוואָרן לויט דער פֿאַראָרדנונג פֿון געשטאַפּאָ פֿאַר די צוגענומענע.

אין אַ צייט אַרום האָט עזיע פּידלער אָנגעטרונקען איינעם פֿון געשטאַפּאָ און אַרויסבאַקומען פֿון אים, אַז מען האָט די אַלע מעדיצינישע אַרבעטער דערשאָסן נאָך דעמזעלבן טאָג ביי „האַלינקע״.

דעם סוד פֿון זייער לעצטע לעבנס־מינוטן האָבן זיי מיטגענומען אין קבר.

## די מעזריטשער

אין איייניקע טעג אַרום קומט מען ווידער אין „יודנראַט״ פֿאָדערן אַ דאָקטאָר צו אַרבעט. דאָסמאָל פֿאַלט אויס דער וואַל אויף ד״ר יעקב אָשעראָווסקי. מען נעמט אים גלייך צו און מען פֿירט אים אָפּ אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג. דער געטאָ איז ווידער אויפֿגערודערט. דאָך אין די אָוונט־שעהן פֿירט מען אים אָפּ צוריק אין געטאָ אַ גאַנצן און געזונטן צו אַלעמענס פֿרייד.

מען דערוויסט זיך פֿון אים, אַז מען האָט אים אַוועקגעפֿירט אויפֿן פֿלוג־פּלאַץ, הינטער ניי־באַראַנאָוויטש. דאָרט געפֿינען זיך איבער 300 יידן פֿון מעזריטש, וועלכע פֿירן אויס אַלערליי בוי־אַרבעטן. זיי וווינען אויפֿן פֿעלד אין צונויפֿגעשטעלטע ביידלעך. זייער אויסזען און לעבנס־באַדינגונגען זענען שרעקלעכע. קוים וואָס זיי האַלטן זיך אויף די פֿיס. צווישן זיי אַ סך קראַנקע. צו די לעצטע האָט מען אַרויסגערופֿן אים, אַז ער זאָל זיי ערטיילן מעדיצינישע הילף.

איייניקע טעג קומט מען אים נעמען צו זיי, און שפּעטער ווערט באַשלאָסן אַז ער זאָל פֿאַרבלייבן דאָרט. עס פֿאַרפֿאָרט אַ לאַסט־אויטאָ אין געטאָ. אויף אים ווערט אַרויפֿגעלייגט אַ בעטל, אַ טישל, אַ שטול און בעטגעוואַנד פֿון ד״ר אָשעראָווסקיס וווינונג. אויפֿן אויבנדערמאָנטן פֿלוג־פּלאַץ באַקומט ער אַביידל פֿאַר זיך צום וווינען און אויפֿנעמען די קראַנקע.

אין אַ קורצער צייט אַרום ווערט דער „יודנראַט״ אויפֿגעפֿאָדערט דורכן געביטס־קאָמיסאַריאַט אויסצוטיילן אין געטאָ איייניקע הייזער פֿאַר די מעזריטשער יידן. דידאָזיקע הייזער, אויף אָרלע גאַס ווינקל אָזשעקאָווע, ווערן אַרומגערינגלט מיט אַ צוים פֿון שטעכל־דראָט: אַ געטאָ אין געטאָ. און אין איינעם אַן אָוונט ווערן זיי געבראַכט נאָך דער אַרבעט אין זייער נייעם וווין־פּלאַץ, צוזאַמען מיט זיי קערט זיך אום אויך ד״ר אָשעראָווסקי.

אָנגעפֿירט מיט די מעזריטשער האָט אַ „אָבער־יודע״, אַ ברייט־פּלייציקער, רויט־פּנימדיקער פֿאַרשוין, וועלכער פֿלעגט זיי שלאָגן מכּות רצח פֿאַר יעדער קלייניקייט. אויפֿן אַריינגאַנגס־טויער פֿון זייער געטאָ האָט ער אויפֿגעהאַנגען אַ שילד אין דייטש: „אַרבייטס־איינזאַץ פֿון גענעראַל־גאָווערנעמאַן״, האַלטענדיק זיך דערמיט מער אויסדערוויילט לגבי די אָרטיקע יידן. אויף אַ פּלאַץ, צווישן די הייזער, איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ קעסל צום קאָכן עסן און וועשעריי.

נאָך דער אַרבעט פֿלעגן זיך די מעזריטשער אַרויסשלייכן פֿון אונטער די דראָטן פֿון זייער געטאָ, און גיין איבער די „קאָלחאָזן״ בעטן עפּעס צום עסן און צום אָנטון. די באַראַנאָוויטשער יידן, אַליין הונגעריקע און אויסגעמאַטערטע, האָבן זיי קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט און געהאָלפֿן מיט וואָס עס איז נאָר געווען מעגלעך.

מיט דער צייט האָט זייער „אָבער־יודע״ זיך באַפֿריינדעט מיט די אָפֿיציעלע יידישע פֿאָרשטייער און דערלויבט זיי אַריינגיין אויף זיין טעריטאָריע.

פֿאָרשטייער פֿון „יודנראַט״, פֿון ראַבינאַט, מעדיצינישע אַרבעטער, א.אַ., פֿלעגן ערטיילן, אין די ראַמען פֿון זייערע מעגלעכקייטן, הילף און מונטערן די היימלאָזע, דערשלאָגענע ברידער און שוועסטער פֿון מעזריטש.

## פֿאַרווילונגס־מאָרדן

מיר דערוויסן זיך, אַז אויפֿן אָרט פֿון געוועזענעם געשטאַפּאָ־שעף, דעם קאַלטבלוטיקן רוצח, אַמעלונג, איז אָנגעקומען אַ נייער — דער אָבערשטורמפֿירער גרינספֿעלד.

וואָס פֿאַר אַ „מענטש״ איז ער? וואָס קען מען פֿון אים

דערוואַרטן? — דאָס זענען די פראַגן, וועלכע שווימען אויף אין געטאָ.

לאַנג דאַרפן מיר נישט וואַרטן אויף קיין ענטפער.

ער הויבט אָן זיין קאַריערע מיט פאַרוויילונגען אין דעם ניי־געעפנטן אַרישן רעסטאָראַן, אין געוועזענעם קאַפע־לאָקאַל פון ראַפּאָפּאָרטן. נאָך אַ נאַכט פון שיכורן און הוליען, פאָרט ער אַריין מיט זיין מאַשין פאַרטאָג אין געטאָ, אין באַגלייטונג פון נאָך אַ מאַן און אַ פויליש מיידל, שפּאַצירן זיי צווויילט איבער די גאַסן פון געטאָ, זיי ווילן פאַרשאַפן זייער באַגלייטערין עמאָציעס. מען קלאַפּט שטאַרק אין אַ טיר פון אַ הויז מיט געשרייען „מאַך אויף״. עס גייט אַרויס אַ צעשראָקענער ייד. זיי הויבן אים אָן צו שלאָגן מיט די פיס אין בויך, דער ייד פאַלט.

צווילדעוועטע לויפן זיי איבערן געטאָ. זיי טרעפן אַ עלטערן יידן, משה שטיינבערג, וועלכער גייט מיטן טלית און תפילין אונטערן אָרעם צום דאַוונען. מיט אַ רעוואָלווער־שאָס לייגן זיי אים אַוועק אַ טויטן אויפן אָרט.

דאַן רייסן זיי זיך אַריין אין אַ הויז. מען שלעפּט אַ בחור פון בעט. אַ נאַקעטן טרייבן זיי אים אַרויס אויפן גאַס, מען צעשלאָגט אים שטאַרק און מען פאַרוווּנדעט אים, ביז ער הויכט אויס זיין נשמה.

איצט פאַרלאָזן זיי דעם געטאָ כדי ווידער צו קומען און איבערצוחזרן זייערע „פאַרוויילונגען״...

אַ צעשלאָגענע, איינגעהויקערטע, קוים וואָס זי האַלט זיך אויף אירע פיס גייט די אַלטיטשקע פרוי פון משה שטיינבערג נאָך דער „עגלה״, וועלכע פירט אַרויס איר דערמאָרדעטן מאַן פון געטאָ צו אייביקער רו. פאַריאָמערט גייט זי און טענה׳ט אַריין צו איר מאַן:

מיישקע, אַ גוטער בעטער זאָלסטו זיין פאַר אונדז אַלעמען! פאַר מיר, פאַר אונדזער משפחה און פאַר אַלע יידן! און זע, מיישקע, פועלן, אַז דער מערדער, דער ימח־שמוניק, זאָל פאַרכאַפּט ווערן! אַ ניכפּע זאָל אים נעמען!

און ביים זייט־טויער פון אָרלע גאַס צום בית־עולם, ווען די פור פאַרלאָזט שוין דאָס געטאָ, שרייט זיך נאָך:

פאַרגעס ניט דעם רוצח!

אין אַ וואָך אַרום, דערוויסן מיר זיך, אַז דער מערדער, דער אָבערשטורמפירער גרינספעלד איז געפאַלן מיט נאָך עטלעכע און דרייסיק געשטאַפּאָ־לייט אין קאַמף מיט פאַרטיזאַנער אין וואַלד ביי ניי־סווערזשיען (סטאָלפּצער געגנט), וווהין ער איז געפאָרן אויספירן אַן „אַקציע״.

די ידיעה דערמוטיקט און ברענגט אַ צייטווייליקע נקמה־פרייד!

געשטאַפּאָ־שעף ווערט ווידער אַמעלונג.

### ניי-מוש

אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע געפינען זיך אין ניי־מוש איינקיע צענדליק יידישע משפחות. דאָס לעבן איז דאָ רוהיקער. מען זעט נישט אַזוי פיל דייטשן. די יידן גייען אויף צוואַנגס־אַרבעט.

אָנפאַנגס קומט נאָך עמיצער פון זיי קיין באַראַנאָוויטש, און שפּעטער באַקומט מען פון זיי גרוסן דורך די מושער „מיעשטשאַניעס״, דורך די קריסטן, וועלכע ברענגען אַמאָל אַ בריוועלע און אַ מאָל אויך צוגעשיקטע שפּייז־פּראָדוקטן. די יידן גיבן איבער זייערע בעסטע זאַכן צו זייערע לאַנגיאָריקע שכנים צום באַהאַלטן.

נאָך דער גרינדונג פון דער אָרטיקער ווייסרוסישער מאַכט און פאָליציי, הויבט מען אָן צו שלעפּן פון די יידן אַלץ, וואָס עס איז נאָר מעגלעך.

דער קאָנטאַקט מיט די מושער יידן רייסט זיך איבער. דאָך הערט מען נישט וועגן פאָרגעקומענע דאָרט מאַסן־מאָרדן. קיין געטאָ איז דאָרט נישטאָ. מיט דער צייט ווערט געשאַפן אַ „יידישער קוואַרטאַל״.

די רויב־גייציקע קריסטלעכע שכנים ווילן פטור ווערן פון די יידן, וועלכע האָבן זיי געגעבן צום באַהאַלטן זייערע ווערטזאַכן. די יידן ווערן באַשולדיקט דורך זיי אין קאָמוניזם — און מען נעמט זיי צו קיין באַראַנאָוויטש, אין טורמע, פונוואַנען דער איינציקער וועג פירט צום בית־עולם, ווו זיי ווערן דערשאָסן.

אַזוי דערוויסן מיר זיך אין מיטן זומער 1942, אַז אין באַראַנאָוויטשער ווייסרוסישן אַרעסט איז אַראָפּגעבראַכט געוואָרן דער מושער איינוווינער, חיים לעווינבוק מיט זיין פרוי און צוויי זין אַלס באַשולדיקטע אין קאָמוניזם (מערקווירדיק, די זעלבע זענען אין דער צייט פון דער סאָוועטישער הערשאַפט אָנגעוויזן געוואָרן אַלס געוועזענע בורזשויען און זייער פאַרמעגן איז דאַן נאַציאָנאַליזירט געוואָרן). דער באַראַנאָוויטשער „יודנראַט״ דערוויסט זיך וועגן די אַרעסטירטע, אָבער ער קען גאָרנישט מאַכן פאַר זיי.

אין אַ קורצער צייט אַרום דערוויסן מיר זיך, אַז אין ניי־מוש איז פאָרגעקומען אַ פולשטענדיקע ליקווידאַציע פון די דאָרטיקע יידן מיט איין מאָל. מיר דערוויסן זיך נישט קיין איינצעלהייטן וועגן אויסראָטונג פון די לעצטע מושער יידן, אָבער עס דערגייט צו אונדז אַ ידיעה וועגן אַן אַקטיוון ווידערשטאַנד־טאַט פון איינעם אַ יידישן בחור. אין צייט פון דער אַקציע האָט דערדאָזיקער בחור אַרויסגעכאַפּט אַ פאַרבאַהאַלטענע ביי זיך. האַק, זיך געוואָרפן אויף אַ ווייסרוסישן פּאָליציסט און אָפּגעהאַקט אים אַ האַנט. דאָס איז געווען דער ערשטער ווידערשטאַנדס־אַקט אין אונזערע געגענטן.

מען האָט די מושער יידן צונויפגעזאַמלט אויפן גרויסן מאַרק־פּלאַץ אין מוש, ווו עס געפינט זיך דער קאַטוילישער קלויסטער פון איין זייט און קעגנאיבער די פּראַוואָסלאַווּנע צערקווע, ווו עס געפינט זיך דער דענקמאָל פון אַלעקסאַנער דעם II, וועלכער האָט באַפרייט פון „פּאַנשטשיזנע״ די פאַריאָכטע מושער פּויערים. איצט האָבן זייערע אייניקלעך זיך געוואָרפן אויף די יידן און „באַפרייט״ זיי פון זייערע לעבנס...

דאָס וויגעלע פון באַראַנאָוויטשער יידנטום, — ניי־מוש, איז געוואָרן „יידן־ריין״.

**„יידן, שטייט אויף צו דער שחיטה!“**

איינע נאָך דער אַנדערער קומען אָן שרעקלעכע ידיעות אין באַראַנאָוויטשער געטאָ וועגן יידן־ליקווידאַציעס אין די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך.

קיין באַראַנאָוויטש קומט אויף אַ באַזוך דער הויפּט־יידן־מערדער, דער הויפּט־קאָמיסאַר פאַר ווייס־רוטעניען, קובע. ער מאַכט אויך אַ באַזוך אין געטאָ. מען פילט, אַז קיין גוטעס וועט דערדאָזיקער באַזוך נישט ברענגען. די קומענדיקע געשעענישן באַשטעטיקן דאָס. אויך געפינען מיר שוין נאָך דער מלחמה אַ באַשטעטיקונג פון דעם באַזוך. אין זיין ראַפּאָרט פון 31־טן יולי 1942 שרייבט קובע צווישן אַנדערן:

„....דאָס סלוצקער געביט איז אויך פאַרלייכטערט געוואָרן אויף עטלעכע טויזנט יידן. דאָס נעמלעכע איז שייך צי נאָוואַרעדאָק און ווילייקע. ראַדיקאַלע מאָסמיטלען גרייטן זיך נאָך פאַר באַראַנאָוויטש און האַנצעוויטש. אין באַראַנאָוויטש לעבן נאָך אין שטאָט אַליין ביי 10.000 יידן, וואָס פון זיי וועלן 9000 יידן ליקווידירט ווערן קומענדיקן חודש““..

האָבנדיק צוגעגרייט „סכראָנעס“ (באַהעלטענישן), נעכטיקן אין זיי אַ טייל פון דער באַפעלקערונג, איבערהויפּט די עלטערע מענשן. יעדער „קאָלחאָז“־הויז שיקט אַרויס אין דער נאַכט צו צוויי פּערזאָן אויף וואַך, וועלכע בייטן זיך יעדע 2—3 שעה. זייער אויפגאַבע איז צו זען, וואָס עס קומט פאָר אַרום געטאָ־צוים, צי דער געטאָ ווערט נישט אַרומגערינגלט דורך פאַרשטאַרקטע קאָרדאָנען פון פּאָליציי און דייטשן. שטיל, ווי שאָטנס, שלייכן זיך אַרויס די וועכטער פון הינטער די הייזער און אומבאַמערקטערהייט (די ווייסרוסישע פּאָליציי האָט רעכט צו שיסן אויף יעדן וואָס דרייט זיך אַרום ביינאַכט אין געטאָ), מיט אָנגעשפּיצטע אויערן און אָנגעשטרענגטן בליק בישטערן זיי אין דער פינסטערניש פון דער נאַכט אַרום די שטעכל־דראָטן פון געטאָ. ביים באַמערקן עפּעס אויסערגע־וויינלעכעס מוזן זיי גלייך אויפוועקן די מענטשן פון זייער קאָלחאָז, כדי זיי זאָלן זיך קענען פּריצייטיק פאַרשטעקן.

אין איינער פון דידאָזיקע נעכט מאַרשירט צום געטאָ־טויער אויף סאַדאָווע־גאַס אַן אָפּטיילונג פון דייטשן, פון ס.ס.־רעגימענט, אַלע אין שטאָלענע העלמען און פולער באַוואָפענונג. אויף אַ קאָמאַנדע פון זייער אָנפירער בלייבן זיי שטיין.

נישט וואַרטנדיק אויף די ווייטערדיקע געשעענישן, פאַרלאָזט דער יידישער פּאָליציי־וועכטער פון טויער איצל (יצחק) נאַרקונסקי זיין פּאָסטן, און לויפט אָנזאָגן דעם „יודנראַט“־מיטגליד פישל סאַוויטשיצקי, וועלכער וווינט אין צווייטן געטאָ־טייל. די שוויגער־מוטער פון סאַוויטשיצקי, פרוי נוסבאום, לויפט אָנזאָגן אין די שכנותדיקע הייזער.

שרעקלעך איז דער רושם, וועלכן ס׳מאַכן אויף אַלעמען דער טאָן און די ווערטער מיט וועלכע זי באַנוצט זיך ביים אויפוועקן אַלעמען.

אין דער פינסטערניש פון דער נאַכט, ווען אַלע שלאָפן ענדלעך איין נאָך אַ שווערן אַרבעטס־טאָג און נאָך אַמפּערניש מיט די וואַנצן — דערהערט זיך אַ שטאַרקער קלאַפּן אין די לאָדן פון די פענסטער, און אַ שטימע מיט אַ פאַרצוויגענעם

Geheim!

Abt. IIa Nr. 2402/428

Minsk, am 31. Juli 1942

Der Generalkommissar
für Weissruthenien

Herrn
Reichskommissar für das Ostland
Gauleiter Hinrich L o h s e ,

R i g a

Abdg. Gauleiter/G.-507/42 g.

Der Reichskommissar für das Ostland
Tgb. Nr. 1132/42 g.

Geheime ~~Reichssache!~~

Reichskommissar
Ostland
7. VIII. 1942
Hauptabt

Betreff: Partisanenbekämpfung und Judenaktion
im Generalbezirk Weißruthenien.

Auch das Gebiet Sluzk ist um mehrere tausend Juden erleichtert worden. Das Gleiche gilt für Nowogrodek und Wilejka. Radikale Maßnahmen stehen noch für Baranowitschi und Hanzewitschi bevor. In Baranowitschi leben allein in der Stadt noch rund 10.000 Juden, von denen 9.000 Juden im nächsten Monat liquidiert werden.

Der Generalkommissar für
Weißruthenien
Kube.

אַן אויסצוג פון דעם באַריכט, וואָס קובע האָט געשיקט צו זיין שעף אין ריגע.
(אַרויסגענומען פון בוך „היטלערס פּראָפּע־סאָרן“ פון מאַקס ווײַנרייך, אויסגאַבע ייווא, 1947).

ניגון מיט וועלכן די שמשים פּלעגן זיך באַנוצן ביים אויפוועקן צו סליחות — רופט:

"יי־יי־דן, שטיי־ייט אוי־י־יף צו דע־ער שחי־י־טה!"

אַ שווידערלעכער ציטער גייט אַדורך דורכן גאַנצן קערפּער.

נישט טויט, נישט לעבעדיק, רייסן זיך אַלע אויף פון די געלעגערס, און אין שיין פון אַן אָנגעצונדענעם „קורניקל" (אַ פלעשעלע מיט נאַפט, פון וועלכער עס שטעקט אַרויס אַ קנייטעלע) טוט מען אָן די קליינע קינדערלעך, מען וואַרפט שנעל אַרויף אויף זיך די אויבער־זאַכן און כאַפּענדיק דעם זעקעלע מיט די צוגעגרייט סוכאַרעס, הויבט מען זיך אָן אַראָפּשלייכן אונטער דער ערד — אין די „סכראָנעס".

מיט האַרצקלאַפּעניש און איינגעהאַלטענעם אָטעם וואַרט מען אויף דאָס פאַרשטייענדיקע.

אייניקע מענער דרייען זיך נאָך אַרום „פון אויבן" און אָבסערווירן, וואָס עס קומט פאָר אינדרויסן.

גאָר אינגיכן ווייזט זיך אַרויס, אַז די ס.ס.־אָפּטיילונג האָט נאָכן אָפּהאַלטן זיך ביים געטאָ־טויער באַקומען אַ קאָמאַנדע:

— „לינקס אום!" — „גראַדע אַוס, מאַרש!".

די אָפּטיילונג מאַרשירט צו דעם טייל פון סאַדאָווע גאַס, וואָס געפינט זיך אויסערן געטאָ. די סאָלדאַטן רינגלען אַרום די הייזער פון דעם גאַסן־טייל און פירן דורך ביזן פרימאָרגן רעוויזיעס, ביי די אַרומיקע קריסטלעך־„אַרישע" שכנים.

דידאָזיקע ווענדונג באַרוהיקט דערווייל די געמיטער פון די יידן אין געטאָ. מען זאָגט אָן די פאַרבאַהאַלטענע אין די „בונקערס" און זיי הויבן אָן פאַמעלעך, מיט אַ געוויסער מאָס פון אומזיכערהייט, אַרויסקריכן פון די „לעכער".

אין איינעם פון די זומער־טעג קומט אָן אַ פאַראָרדענונג פון געשטאַפּאָ צום „יודנראַט", אַז דער שניידער גולקאָוויטש מיט זיין פאַמיליע זאָל צונויפנעמען זייערע זאַכן און זיין גרייט צום אָפּפאָר קיין מינסק. דעמזעלבן פאַרנאַכט פאָרפאָרט אַ לאַסט־אויטאָ און נעמט צו די גאַנצע פאַמיליע, אויך זיין ניי־מאַשין ווערט מיטגענומען.

ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן איז דידאָזיקע אויפפאָדערונג געקומען אויפן פאַרלאַנג פון אַ דייטשן גענעראַל, וועלכן גולקאָוויטש האָט זיינער צייט אויפגענייט אַ מונדיר, פון וועלכן ער איז געווען זייער צופרידן. דער גענעראַל איז איבערגעפירט געוואָרן קיין מינסק. פון דאָרט פלעגט ער אָפּט קומען קיין באַראַנאָוויטש, ספּעציעל נייען זאַכן ביים דאָזיק־שניידער. ער פלעגט אָפּט שיקן העכערע אָפיצירן מיט רע־קאָמענדאַציעס צו נייען ביי אים מונדירן. ענדלעך האָט ער צוגענומען אים מיט זיין פאַמיליע קיין מינסק, ווו ער האָט אים פאַרשאַפט גוטע לעבנס־ און אַרבעטס־באַדינגונגען.

נאָך דער ליקווידאַציע פון געטאָ באַראַנאָוויטש, באַמיט זיך גולקאָוויטש, אַראָפּצוברענגען צו זיך קיין מינסק זיינעם אַ פּלימעניק, וועלכער איז געבליבן לעבן אין קאַלדיטשעווער לאַגער. ענדלעך געלינגט דאָס אים. זיי לעבן נאָך אַ לאַנגע צייט נאָכן „ליקווידירן" די באַראַנאָוויטשער יידן, אָבער ענדלעך ברענגט מען זיי אום.

## מען פאַרלאָזט דעם געטאָ

אין דערזעלבער צייט באַקומט זיך אַ באַפעל פון געשטאַפּאָ, אַז אַלע יידן, וועלכע האָבן בערד, מוזן זיי אָפּראַזירן. דער באַפעל פאַרשאַפט גרויסע עגמת־נפש די פרומע יידן. עס זענען אויך דאָ אַזעלכע, וועלכע פירן נישט אויס דעם באַפעל. זיי זיצן אין די הייזער און באַהאַלטן זיך אויס. מען טרעפט אָפּט דעם „סלאָנימער רבי" און זיין שוואָגער, ווי אויך אַנדערע יידן מיט אַרומגעוויקלעטע מיט טיכלעך קעפּ.

אין די זומער־מאָנאַטן פון 1942 ווערט די אויסוואַנ־דערונג פון געטאָ באַנייט. מען דערשפּירט, אַז אויף גוטס וועט מען זיך אין געטאָ נישט דערוואַרטן.

מען זוכט פאַרבינדונגען מיט באַקאַנטע קריסטן און מיט זייער הילף, מיט כלערליי קאָמבינאַציעס, פאַרלאָזט מען דעם געטאָ און די שטאָט. מען באַהאַלט זיך אויס ביי דידאָזיקע אָדער ביי אַנדערע קריסטן אין ספּעציעלע צוגעגרייטע בונ־קערס.

מערסטנטייל ווערן די קריסטן דערפאַר באַצאָלט, אָבער עס טרעפן אויך פאַלן, אַז זיי באַהאַלטן אויס גאַנץ אומזיסט, איבערהויפּט די פרומע קאַטאָליקן. אַנדערע ווערט צוגעזאָגט, אַז דערדאָזיקער זכות וועט זיי ביישטיין ביי די סאָוויעטן.

נישט שטענדיק קען מען פאַרבלייבן ביי די זעלבע קריסטן. אָפּט מוז מען אַריבערגיין צו אַנדערע.

עס טרעפט, אַז נאָכן אַרויסבאַקומען ביי די יידן זייער לעצטע געלט, וויל מען זיי מער נישט האַלטן. עס קומען אויך פאָר פאַלן, וואָס די יידן דערשפּירן, אַז זייערע פריערדיקע רעטער ווילן זיי אומברענגען — און דאַן מוזן זיי זיך אַרויסגנבענען און זוכן אַן אַנדער באַהעלטעניש. זיי בויען אויף אייגענער האַנט בונקערס אין די וועלדער און באַהאַלטן זיך דאָרט אויס.

מען גייט אַרויס אין דער נאַכט „זשעברעווען" אין די אַרומיקע וווין־ערטער, עפּעס צום עסן. צומייסטן, ווען עס לאָזט זיך, פאַרבינדט מען זיך מיט די פאַרטיזאַנער, וועלכע שטיצן זיי, אָבער עס טרעפט אויך, אַז די פאַרטיזאַנער ברענגען זיי אום.

אַנדערע גיט זיך איין אָנגענומען צו ווערן אין די פאַרטי־זאַנער־רייען, און צוזאַמען מיט זיי פירן זיי אויס אָנפאַלן אויף די דייטשן און נקמה־אַקטן אויף דער אַרומיקער פראָ־דייטשער באַפעלקערונג.

אָנפאַנגס פאַרלאָזן דעם געטאָ איינצעלטע פערזאָנען, שפּעטער — אויך גאַנצע פאַמיליעס. דאָס פאַרלאָזן דאָס געטאָ קומט פאָר אין שטרענגער געהיימניש, קיינער פון די אַרומיקע שכנים זאָל פאַר דעם נישט חושד זיין. מען האָט מורא פאַר די נאָענטסטע, ווייל עס קורסירן אין געטאָ קלאַנגען, אַז עס זיינען דאָ צווישן דער באַפעלקערונג אַזעלכע, וועלכע זיינען פאַרבונדן מיט דער געשטאַפּאָ און מוזן — ווילענדיק נישט־ווילענדיק — דערטראָגן די נייס פון געטאָ. אויך דער „יודנראַט" האָט מורא פאַר דידאָזיקע אומבאַקאַנטע, און אפשר אויך אויסגעטראַכטע פערזאָנען.

צווישן די ערשטע, וועלכע עס פֿאַרלאָזן דעם געטאָ איז טאַניע יאַסינאָווסקי (איצט אין ישראל), די טאָכטער פון ציין־דאָקטאָר און געוועזענעם קהילה־פּרעזעס, וועלכער איז צוגענומען געוואָרן צוזאַמען מיט די „13". פֿאַרבלייבנדיק אַליין (די מוטער איז געווען צו גאַסט ביי איר ברודער, פּראָפעסאָר שימשעלעוויטש און אַזוי אַרום פֿאַרבליבן אין רוסלאַנד), שאַפט זי זיך אַ פֿאַרבינדונג מיט אַ באַקאַנטער קריסטין, און אין מיטן העלן טאָג פֿאָרט זי אַרויס פון איר אַרבעטס־פּלאַץ אויף אַ „דראָזשקע" דורך שאָסיי־גאַס אין דער ריכטונג פון ניי־באַראַנאָוויטש. ביים שטאָט־ראַנד באַגעגנט זי זיך מיט אַ קריסט, וועלכער פירט איר אָפּ אין אַ דערבייאיקן „חוטאָר", ווו די קריסטלעכע משפחה באַהאַלט זי אויס, במשך פון 2 יאָר ביז נאָך דער באַפרייונג פון באַראַנאָוויטש.

אינגיכן דערוויסט מען זיך אין געטאָ, אַז אויך די פרוי פון ד"ר מירסקי — סאָניע (איצט אין ישראל) איז פלוצים „נעלם" געוואָרן. איינאָרדנענדיק זיך אויף אַ קריסטלעך פור אין אַ הויף, אויסערן געטאָ, פֿאַרלאָזט זי די שטאָט און פֿאָרט אַריבער אין אַ דאָרף, ווו עס געפינט זיך איר ברודער ד"ר בערזאַק מיט זיין פֿאַמיליע, איר מוטער, איר שוועסטער צעסיע (איצט אין ישראל) און נאָך אַ ברודער פּעטיע (איצט אין ישראל). נאָכדעם, ווי פּאַרטיזאַנער־באַנדיטן דערשיסן איר מוטער און איר ברודער, ד"ר בערזאַק מיט זיין פֿאַמיליע, אַנטלויפן די איבערגעבליבענע אין וואַלד צו דער רעגולערער פּאַרטיזאַן־באַוועגונג — און אַלס פּאַרטיזאַנער לעבן זיי איבער די מלחמה.

סוף אויגוסט 1942 „פֿאַרשווינדעט" פון געטאָ ד"ר ליאָלע בערקאָוויטש (איצט אין ישראל). נאָכן אויסבאַהאַלטן זיך ביי באַקאַנטע קריסטן אויסערן שטאָט, גייט ער אויך אַוועק צו די פּאַרטיזאַנער. וועגן זיין פֿאַרשווינדן מעלדעט דער „יודנראַט" אין געשטאַפּאָ, אָנגעבנדיק, אַז ער האָט פֿאַרלאָזן דעם געטאָ צוליב „פּערזענלעכע מאָטיוון".

עטוואָס שפּעטער ווערט מען געוווּיר, אַז ד"ר וואַצעק לובראַניעצקי מיט זיין פרוי ריטע, די טאָכטער פון באַקאַנטן מאַנופאַקטור־סוחר קאַפּלאַן — זענען נעלם געוואָרן. זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ בונקער ביי קריסטן און שפּעטער אָנגעשלאָסן זיך צו די פּאַרטיזאַנער. פֿאַרן מלחמה־סוף, נאָך אַ לענגערע קראַנקהייט שטאַרבט ד"ר לובראַניעצקי און ווערט באַערדיקט אין נאַליבאָקער פּושטשע (גרויסע וועלדער), זיין פרוי לעבט איבער די מלחמה און קערט זיך אום אין באַראַנאָוויטש (איצט אין אַמעריקע).

שעפּסל קרוטאָצאָווסקי, זיין פרוי און זון (איצט אין ישראל) פֿאַרלאָזן אין צייט פון דעם צווייטן מאַסן־מאָרד זייער אַרבעט־שטעלע, ווו אַלע יידישע אַרבעטער ווערן פֿאַרהאַלטן במשך פון דער „אַקציע־וואַך", און באַהאַלטן זיך אויס קנאַפּע 2 יאָר אין אַ בונקער ביי באַקאַנטע קריסטן אין באַראַנאָוויטש. נאָכן אַרויסגיין אויף דער פריי, קענען זיי זיך קוים באַוועגן אויף זייערע אָנגעשוואָלענע און אָפּגעווווינטע פון גיין פיס.

די פרוי פּשעני מיט איר טאָכטער רעניע (ביידע אין ישראל) באַהאַלטן זיך אויס ביי באַקאַנטע קריסטן אין שטאָט, אין אַ באַהעלטעניש אונטער דער פּאָדלאָגע.

נאָכן צווייטן „מאַסן־מאָרד" פֿאַרלאָזט דעם געטאָ אויך דער „יודנראַט"־מיטגליד פישל סאַוווטשיצקי מיט זיין פרוי און באַהאַלט זיך אויס אין אַ בונקער, וועלכן ער האָט צוגעגרייט אין שטאָט אונטער זיין געוועזענער סאָדע־וואַסער פֿאַבריק. לאַנג פֿאַרבלייבן זיי נישט דאָרט, ווייל זיי ווערן אויפגעפאָדערט פון די איבעריקע „יודנראַט"־מיטגלידער, וועלכע וויסן פון זייער באַהעלטעניש, אומצוקערן זיך צוריק אין געטאָ. בעת דער „ליקווידאַציע־אַקציע" פון געטאָ קומען זיי אום. זייער באַהעלטעניש ראַטעוועט די ברידער ווילאַנסקי און שמואל נוסבאום (אַלע אין ישראל), וועלכע באַהאַלטן זיך אויס דאָרט אַ לענגערע צייט, נאָך דער ליקווידאַציע פון געטאָ, און גייען אַוועק שפּעטער צו די פּאַרטיזאַנער.

דאָס אַוועקגיין פון די ערשטע באַוועגט פיל אַנדערע. ווער עס האָט אַ ביסל מוט און ענערגיע — טוט נאָך דעם ביישפּיל. ליידער, זייער ווייניקע האָבן זיך אויף אַזאַ אופן געראַטעוועט.

דער געדאַנק פון פֿאַרלאָזן דעם געטאָ, האָט באַהערשט זייער פיל, אָבער אַ סך האָבן געמיינט, אַז זיי וועלן נאָך באַווייזן דאָס שפּעטער צו טאָן.

## די צוויי דאָקטוירים

אין מיטן אויגוסט פֿאַרפֿאָרט אַ געשטאַפּאָ־מאַשין צום „יודנראַט". אַ געשטאַפּאָ־נאַצי פֿאָדערט אויף אים צוצושטעלן תיכף 2 דאָקטוירים, וועלכע ער דאַרף מיטנעמען אין קאָנצענטראַציע־לאַגער קאָלדיטשעוואָ. די צוויי זענען שוין פון פֿאָרויס באַשטימט דורכן „יודנראַט": ד"ר ענגעלמאַן און ד"ר לעווינבוק. מען שיקט אַרויס צו זיי געטאָ־פּאָליציסטן. ד"ר ענגעלמאַן ווערט גלייך אַראָפּגעבראַכט פון געטאָ־שפּיטאָל. דער פּאָליציסט, וועלכער קומט צו ד"ר לעווינבוק, געפינט דעם לעצטן ליגנדיק קראַנק אין בעט. ער גייט צוריק איבערגעבן וועגן דעם. מען שיקט ווידער דעם פּאָליציסט, אַז ער זאָל אים אַראָפּברענגען אַ קראַנקן. אינצווישן קומט אַראָפּ אַ „יודנראַט"־מיטגליד צוזאַמען מיטן געשטאַפּאָ־נאַצי.

— פֿאַרוואָס זענט איר נישט געקומען אויפן רוף? — פרעגט דער „יודנראַט"־מיטגליד.

— ווייל איך בין קראַנק און קען נישט אויפשטיין פון בעט, איך האָב אַ קאַרבונקול אויפן רעכטן האַנד (דערביי באַווייזט ער זיי זיין האַנד), און אויך געהעכערטע טעמפּעראַטור.

— אונזערע ערצטע אויפן פראָנט אַרבעטן נישט איינמאָל אויך מיט פיבער — מישט זיך אַריין דער נאַצי.

— ווען איך וואָלט געווען שוין אויפן פראָנט און געמוזט, וואָלט איך אויך געאַרבעט, אָבער זייענדיק קראַנק אינדערהיים, וואָלט אַ דייטשער דאָקטאָר אויך נישט אַרויסגעפאָרן אין אַזאַ צושטאַנד. חוץ דעם קען איך נישט און טאָר נישט אַרבעטן אַלס כירורג מיט אַזאַ אינפיצירטע האַנט.

ווייזט אויס, אַז דער לעצטער אַרגומענט איבערצייגט דעם נאַצי, און ער ווענדעט זיך צום „יודנראַט״־מיטגליד מיט אומגעדולד:

— זענען מער קיין דאָקטוירים אין געטאָ נישטאָ? וואָס האָסטו מיך געבראַכט צו אַ קראַנקן?

זיי פאַרלאָזן שנעל די וווינונג.

דער „יודנראַט״־שליח כאַפּט דעם ערשטן אַנגעטראָפענעם אויפן יועג דאָקטאָר. דער גורל פאַלט אויף ד״ר יוסף ליובראַניעצקי פון לאָדזש.

דער געשטאַפּאָוויעץ נעמט מיט ביידע דאָקטוירים אויפן אויטאָ און פירט זיי אַרויס פון געטאָ.

אָבער דערמיט איז דער ענין נישט געענדיקט: דער לייטער פון געזונטהייטס־אַמט ביים „יודנראַט״, ד״ר פישל סאַוווטשיץ שיקט ווידער אַ פּאָליציסט צום ד״ר לעווינבוק און פאָדערט אים אויף קומען אין געטאָ־שפּיטאָל אויף אַ מעדי־צינישער קאָמיסיע.

— גיט איבער דעם ד״ר סאַוווטשיץ, אַז איך ליג אין בעט און קען נישט קומען. אויב ער גלויבט נישט, זאָל ער זיך באַמיען מיט מיינע קאָלעגן צו מיר.

דער פּאָליציסט מיטן נאָמען פרץ, וועלכער איז פאַר דער מלחמה געווען אַ פורמאַן און וועלכער האָט אָפט געפירט דעם דאָקטאָר צו זיינע פּאַציענטן איבערן שטאָט, שפּאַרט זיך נישט איין און גייט איבערגעבן דעם ענטפער.

באַלד קומט ער צוריק און זאָגט, אַז ער האָט באַקומען אַ באַפעל מיטברענגען דעם דאָקטאָר מיט געוואַלט, ווען ער וועט אַליין נישט וועלן מיטגיין.

— הערט זיך איין, פרץ, אַליין קען איך נישט מיטגיין און אויב איר ווילט מיך מיטשלעפּן מיט געוואַלט און מאַכן אַ פאָרשטעלונג פאַר אַלע געטאָ־איינוווינער, וואָס עס וועט נישט פאַרשאַפן קיין גרויסן כבוד דעם „יודנראַט״, דאַן, ביטע, נעמט מיך פון בעט!

— כאָטש איך האָב באַקומען אַזאַ באַפעל, דאָך קען איך מיט א י י ך אַזוי נישט האַנדלען. זאָלן זיי שיקן אַן אַנדערן, אויב זיי געפינען דאָס פאַר נויטיק. פרץ גייט אַוועק.

דערווייל קומען מער נישט קיין שליחים. עס פאַרגייט אַ האַלבע שעה... דריי פערטל שעה... קיינער ווייזט זיך נישט.

אין אַ שעה אַרום קומען אַריין אין צימער ד״ר סאַוווטשיץ, וועלכער זעט אויס אין זיין שטייפן אַרט פון גיין און האַלטן זיך ווי אַ סעקונדאַנט, וואָס קומט איינלאַדן דעם צד שכנגד אויף אַ דועל. נאָך אים גייען אַריין ד״ר סלוצקי, ד״ר סקווירסקי און ד״ר שעניצקי. מען מעסט ביים קראַנקן דעם פּולס.

— 120 אויף איין מינוט!

מען מעסט די טעמפּעראַטור: 38,6°.

מען באַטראַכט דעם קאַרבונקול אויפן רעכטן האַנט. מען אונטערזוכט די דריזן אונטער רעכטן אָרעם.

— די דריזן זענען פאַרגרעסערט!

נאָכן פעסטשטעלן די סימפּטאָמען פאַרלאָזט די מעדי־צינישע קאָמיסיע דאָס הויז.

דער געטאָ איז אויפגערודערט פון די נייע צוויי קרבנות. די פריינד פון ד״ר לובראַניעצקי באַוויינען אים און זאָגן מיט פאַרדרוס: „ער, דער ד״ר לעווינבוק, איז שולדיק אין זיין טויט! צוליב אים איז „יוזעק״ אַוועק אַ קרבן!״.

צום גליק און פרייד פון אַלעמען קומען ביידע דאָקטוירים דעמזעלבן טאָג צוריק אין געטאָ. זיי דערציילן, אַז מען האָט זיי געבראַכט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער קאָלדיטשעוואָ, ווו זיי האָבן אונטערזוכט אַ ריי קראַנקע, נאָכדעם האָט מען זיי צוריקגענומען און צוגעשטעלט צום געטאָ־טויער. קיין שלעכטס האָט זיי נישט פּאַסירט.

## סאָוויעטישע באָמבאַרדיר־עסקאַדרען

נאָך אייניקע אָוונטן און נעכט פון אויפמונטערונג און האָפנונג לעבן איבער די געטאָ־איינוווינער די לעצטע זומער־מאָנאַטן פון 1942.

דאָס זענען די אָוונטן און נעכט, ווען עס פליען דורך איבער די הימלען פון באַראַנאָוויטש גרויסע סאָוויעטישע באָמ־באַרדיר־עסקאַדרען אין דער ריכטונג פון וואַרשע.

בעת מעשה ווייס מען נישט צי זייער ציל איז באַראַ־נאָוויטש אָדער ערגעץ־ווו אַנדערש. ערשט שפּעטער דערוויסט מען זיך דעם ענדעציל פון זייער נאַכט־באַזוך.

אין די וואַרעמע זומער־אָוונטן זיצן די יידן גרופּנווייז אַרום די הייזער און כאַפּן אויף מיט פרייד דעם גערויש פון די פליענדע אַעראָפּלאַנען.

— זאָלן זיי באָמבאַרדירן!

— זאָלן זיי צעשמעטערן די גאַנצע שטאָט!

— אויב אונז איז באַשערט אומצוקומען, איז בעסער פון די באָמבעס, איידער פון מערדערישע נאַצי־הענט!

קיין שרעק, קיין מורא, מען לויפט זיך נישט באַהאַלטן אין די בונקערס. אין דערזעלבער צייט באַפאַלט אַ ציטער די מערדער. זיי, די העלדן, וועלכע האָבן מיט די אייגענע הענט אומגעבראַכט און ברענגען יעדן טאָג אום טויזנטער אומשולדיקע, הילפלאָזע מענטשן־לעבנס, זיי ציטערן פאַר זייער אייגענעם לעבן. זיי לויפן זיך אויסבאַהאַלטן אין בונקערס אויסערן שטאָט און אין אַנדערע ערטער. אַ טייל פון זיי לויפט אין דער ריכטונג פון געטאָ, אַנדערע לויפן אַריין אין געטאָ מיט דעם געדאַנק, אַז די סאָוועטן וועלן נישט באָמבאַרדירן דעם שטאָט־טייל, ווען עס געפינט זיך דער געטאָ. זייער שרעק — איז אונזער אויפמונטערונג.

## דריי געראַטעוועטע קינדער

שפּעטער אָבער קומען איינע נאָך דער אַנדערער „איוב׳ס בשורות״: אַ נייע כוואַליע פון מאָרדן און אויסראָטונגען פון יידן אין די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך. דערביי ווערן אומגעבראַכט אַ סך באַראַנאָוויטשער, וועלכע געפינען זיך דאָרט. מיט דער יידן־ליקווידאַציע פירט אָן די באַראַנאָ־וויטשער געשטאַפּאָ, אונטער דער לייטונג פון אַמעלונג. די „שוואַרצע״ אַרבעט פירן אויס די ווייסרוסישע פּאָליצייט, די

ווייסרוסישע געשטאַפּאָ־פּאָליציי פון קאָנצ.־לאַגער קאָלדיטשעוואָ און לאַטישן (פון לאַטוויע) אין דײַטשע מונדירן. צו דידאָזיקע „פאַרשטעלונגען" ווערן אויך מיטגענומען די דײַטשע פרויען, וועלכע ברענגען אום אייגנהענטיק, קליינע ייִדישע קינדער, שיסנדיק אין זיי אָדער וואַרפנדיק זיי אין פײַער, ווי דאָס איז געווען דער פאַל אין מייטשעט, וווּ ייִדן האָבן אונטערגעצונדן זייערע הײַזער.

אין נאָוואָיעלניע קומט אום דער באַראַנאָוויטשער דאָקטאָר אהרן גאָלדין מיט זײַן פרוי. אין האָראָדישטש קומט אום ד״ר ווייל מיט זײַן טאָכטער, די פרוי פון ד״ר פעלער מיט איר טאָכטער ניוסיע. דעם מאַן פון דער לעצטער, ד״ר פּאָמעראַנץ, געלינגט אַנטלויפן. ער באַקומט זיך אַרײַן אין געטאָ באַראַנאָוויטש. דאָ ווערט ער פאַרהאַלטן און אַרײַנגעזעצט אין דער ייִדישער געטאָ־פּאָליציי, וווּ ער באַגייט זעלבסטמאָרד. וואָס עס האָט אים באַוויגן צו דעם שריט — איז אומבאַקאַנט.

מען דערוויסט זיך, אַז לאָליע סטאָליאַר מיט זײַן פרוי שיינע (די טאָכטער פון משה מירסקי) מיט זייער קינד זענען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד דורך פאַרגיפטן זיך, ווען מען איז געקומען זיי צונעמען פון אַפּטייק אין נאָוואָסיאָלקי.

די פרוי דאָקטאָר בעטי איזיקזאָן מיט איר זון איזיע באַהאַלטן זיך אויס אייניקע טעג אין קאָרן, ווען זיי ווערט באַקאַנט, אַז מען וויל זיי אומברענגען אין דאָרף באַרטניקי. נישט קענענדיק לאַנג אויסהאַלטן אין דער דאָזיקער לאַגע, גייען זיי צו דער פּאָליציי און גיבן זיך איבער.

אין זשעטל ווערט דערשאָסן די פרוי פון באַקאַנטן פּועלי־ציוניסטישן טוער, ד״ר יעקב קאַגאַן, רחל (די טאָכטער פון פּייוול קראָשינסקי) מיט זייער טעכטערל אביבה.

ד״ר קאַגאַן, יצחק ראָזענהויז מיט זײַן פרוי (איצט אין ישראל) ווערן נאָך דער ליקווידאַציע פון די זשעטלער ייִדן איבערגעפירט אין געטאָ נאָוואָגרודעק. פון דאָרט געלינגט זיי אַרויסגיין פון אונטערערדישן טונעל, וועלכן די פאַרבליבענע ייִדן האָבן אייגנהענטיק אויסגעבויט.

לויטן גורל גייט אַרויס דער ערשטער ד״ר יעקב קאַגאַן, וועלכער האָט אַ רעוואָלווער מיט איין איינציקער קויל. ער מיט נאָך אַ גרופּע ייִדן קומען אום, די איבעריקע ראַטעווען זיך בײַ די פּאַרטיזאַנער פון טוביה ביעלסקיס ייִדישן אָטריאַד.

זעלבסטמאָרד דורך אויסטרינקען סם וויל באַגיין סאַלאָמאָן וואָלקאָוויסקי מיט זײַנע צוויי שוועסטער ראָזע און געניע, ווען מען פירט זיי מיט נאָך ייִדן אויף אַ אויטאָ צום דערשיסן. זיי האָבן געאַרבעט אין אַ גוט, נישט ווײַט פון מייטשעט. נאָכן אײַננעמען סם זענען זיי אַראָפּגעפאַלן, אָדער אַראָפּגעשפּרונגען פון אויטאָ, און געבליבן ליגן אין וואַלד. נאָך אַ לענגערער צײַט פון שלאָפן האָבן סאַלאָמאָן און זײַן שוועסטער געניע אויפגעוואַכט און אַנטלאָפן צו די פּאַרטיזאַנער פון טוביה ביעלסקי (איצט אין ישראל).

אין צײַט פון דער שחיטה אין סטאָלאָוויטש געלינגט ד״ר הירש בודאָווליע מיט זײַן פרוי בת־שבע (די טאָכטער פון לעדער־סוחר פּאָלאָנסקי) און זייער קליינער מיידעלע פאַרלאָזן דאָס שטעטעל און אַרײַנבאַקומען זיך אין געטאָ באַראַנאָוויטש.

אָבער וואָס פאַר אַן איראָניע פון גורל: אויך דאָ, אין געטאָ, מוזן זיי זיך אויסבאַהאַלטן פון „יודנראַט", וועלכער פאָדערט זיי אויף צו פאַרלאָזן דעם געטאָ. מעגלעך, אַז דער „יודנראַט" האָט מורא געהאַט, אַז מען זאָל נישט דערטראָגן אין געשטאַפּאָ וועגן דעם פאַל און אפשר איז שוין דערטראָגן געוואָרן? אַ פאַקט איז, אַז נאָך אַ וואָך אויסבאַהאַלטן זיך, דערוויסנדיק זיך אַז אין סטאָלאָוויטש זענען נאָך פאַרבליבן אַ ביסל ייִדן, וועמען מען האָט צוגעזאָגט „אַז זיי וועט קיין שלעכטס נישט געשען"—פאַרלאָזן ד״ר בודאָווליע מיט זײַן פרוי דעם געטאָ און קערן זיך אום צוריק אין סטאָלאָוויטש, וווּ זיי ווערן שפּעטער אומגעבראַכט. זייער טעכטערל לאָזן זיי איבער אין געטאָ בײַ זייערע קרובים, דעם אַלטן שניידער זאַטוראַנסקי מיט זײַן קראַנקהאַפטער פרוי. און דער גורל וויל, אַז דאָס מיידעלע זאָל צוזאַמען מיט דעם עלטערן פּאָר, אַרויסגיין גאַנץ פון אַלע קאָשמאַרן און געראַטעוועט ווערן (איצט אַלע אין אַמעריקע).

איין קינד פון צווישן די געציילטע געראַטעוועטע קינדער: (נישקע גאַלאַיס זון און יוסף לעווינבוק, דער זון פון ד״ר לעווינבוק, דעם שרײַבער פון די שורות) פון באַראַנאָוויטשער געטאָ!

די לעצטע צוויי געפינען זיך איצט אין ישראל. נאָר דרײַ קינדער — יעדער מיט איין אַנדער נס — זענען געראַטעוועט געוואָרן פון גאַנצן באַראַנאָוויטשער ייִדנטום!

## די 700

שבת פרי, דעם 29־טן אויגוסט 1942, פאָרמירן זיך די אַרבעטס־קאָלאָנעס, ווי געוויינלעך, אין די געטאָ־גאַסן, וועלכע זענען נאָענט צום „יודנראַט" (סאַדאָווע און סאָסנאָווע). טויזנטער און טויזנטער ייִדן זענען גרייט צום אַרויסגאַנג. די פאַרגאַנגענע נאַכט איז אַדורך רויִק. אַרום געטאָ־צוים באַמערקט זיך גאָרנישט. מען איז גרייט צום אַרויסגיין. דער געטאָ־טויער עפנט זיך ברייט אויף, די קאָלאָנעס גייען אַרויס איינע נאָך דער אַנדערער, דאָ ווערן זיי איבערגענומען דורך זייערע געוויינלעכע טאָג־טעגלעכע „אַרישע" באַגלייטער.

אָבער אַנשטאָט צו פירן זיי אין דער ריכטונג צו זייערע אַרבעטס־פּלעצער, ווערן אַלע קאָלאָנעס געפירט דאָסמאָל אין איין ריכטונג: דורך סאַדאָווע גאַס צום געביטס־קאָמיסאַריאַט. די גאַסן זענען אָפּגעצוימט מיט שטאַרקע קאָרדאָנען פון זשאַנדאַרמעריע און פּאָליציי. די קאָלאָנעס ווערן געבראַכט און אויסגעשטעלט אין רייען אויף די גרויסע פּלעצער קעגנאיבער געביטס־קאָמיסאַריאַט און דער געביידע פון געוועזענעם פּוילישן געריכט („סוד"). די מענטשן פילן, אַז עפּעס וועט פאָרקומען. מען ווייס נישט וואָס. מען רעכנט אויף דאָס ערגסטע.

צוויי בחורים רײַסן זיך אַרויס פון די רייען און הויבן אָן צו לויפן. זיי ווערן דערשאָסן אויפן אָרט. די איבעריקע בלײַבן שטיין אין טויט־שרעק. עס קומען אָן דײַטשן פון אָ. ט.

(„אָרגאַניזאַציע־טאָדט״) און מיט זיי די מערדער פון געשטאַפּאָ. זיי קלייבן אויס פון צווישן די אַרבעטער־קאָלאָנעס די יינגסטע און קרעפטיקסטע מענער, צוזאַמען בערך 700 מאַן, און שטעלן זיי אָן אַ זייט. אַלע איבעריקע ווערן אָפּגעשיקט אויף זייערע אַרבעטס־פּלעצער. די פאַרבליבענע זאָגט מען אָן, אַז זיי ווערן צוגענומען און אַרויסגעפירט אויף אַרבעט קיין שטשוטשין און מאָלאַדעטשנאָ (קרייז לידע). מען דערלויבט דעם „יודנראַט״ ברענגען פאַר זיי פּעקלעך מיט שפּייז און וועש, וועלכע די פאַרבליבענע פאַמיליעס גרייטן צו. זיי ווערן אָפּגעפירט מיטן באַן.

ווי ס׳ווייזט אויס, איז עפּעס דערגאַנגען צו דער געשטאַפּאָ וועגן די ווידערשטאַנדס־גרופּן אין געטאָ. אויף אַזאַ אופן האָבן די דייטשן געוואָלט ליקווידירן דעם אונטערערדישן געטאָ־כוח.

די ערשטע צייט גיט זיך איין אייניקע פון די צוגענומענע איבערצושיקן בריוולעך צו זייערע פאַמיליעס. זיי שרייבן, אַז זיי אַרבעטן ביים בויען אַ באַן־ליניע. אין אַ וואָך אַרום קערט זיך אום צוריק אין געטאָ דער אינזשיניער לייזער סלוצקי, וועלכער איז אַרויסגעפאָדערט געוואָרן דורך דער כעמישער פאַבריק אין באַראַנאָוויטש, ווו ער האָט די גאַנצע צייט געאַרבעט. אייניקע פרויען פון די אַרויסגעשיקטע מעלדן זיך שפּעטער און בעטן, אַז מען זאָל זיי צונעמען אויף אַרבעט צו זייערע מענער. זייער ווונש ווערט דערפילט. זיי אַרבעטן דאָרט אין דער קיך. אַלס זייער „אָבער־יודע״ ווערט באַשטימט דער געוועזענער וואַרשעווער אַדוואָקאַט און זשורנאַליסט אדאם מאַזורעק (שפּעטער דערשאָסן אין וואַלד דורך די פאַרטיזאַנער אַלס ענגלישער(?) שפּיאָן). גרופּן־אָנפירער זענען געווען: יונה פּוטשינסקי, מוליע ליפשיץ און גורעוויטש.

אַ קליינער טייל פון די 700 אַנטלויפט צו די פאַרטיזאַנער אין לידער געגנט. די איבעריקע ווערן שפּעטער אומגעבראַכט.

## קיין קאָלדיטשעווא

דעם 1־טן סעפּטעמבער 1942, דינסטיק פרי, קומט צולויפן צו ד״ר לעווינבוק אין וווינונג אַ פּאָליציאַנט, געשיקט פון „יודנראַט״:

— דאָקטאָר, גרייט זיך צו, איר דאַרפט אָפּפאָרן אין קאָלדיטשעוואָ!

ער בלייבט שטיין אויף דער וואַך.

— באַלד וועט קומען אַהער דער אַנדערער דאָקטאָר, און איר וועט צוזאַמען אַרויספאָרן!

עס דויערט נישט לאַנג און ס׳קומט ד״ר יעקב אָשעראָווסקי אין באַגלייטונג פון אַ „יודנראַט״־מיטגליד און צוויי ווייסרוסישע „וואָראָנעס״, פּאָליציאַנטן מיט לאַנגע נאַהייקעס אין די הענט!

— שנעלער, שנעלער! — שרייען זיי.

מען גייט דורך די געטאָ־וואַרשטאַטן.

די פרוי פון ד״ר לעווינבוק גייט מיט. זי וויל מיטפאָרן. די „וואָראָנעס״ הויבן אויף די נאַהייקעס און דערלויבן זי נישט אַרויסגיין.

— אָבער איך בין דאָך אויך פאַרשריבן צום אַרויספאָר — זאָגט זי צו זיי.

— מיר האָבן נישט באַקומען קיין באַפעל אייך מיטצונעמען! — ענטפערן זיי.

פריער האָט זי שוין אָפּגערעדט מיטן מאַן, אַז ביי דער ערשטער מעגלעכקייט וועט ער איבערשיקן אַ טאַשן־טיכל און דאָס וועט דינען אַלס באַווייז, אַז ער לעבט. שרייבן קען זיין פאַרבונדן מיט געפאַר.

ביים טויער געזעגנען זיי זיך.

דער „יודנראַט״־מיטגליד זאָגט צום ד״ר אָשעראָווסקי:

— כ׳גיב דיר מיין ערן־וואָרט, אַז מאָרגן קומסטו צוריק! מיר וועלן דיך אומבייטן!

ד״ר אָשעראָווסקי גייט אַ טויט־בלייכער.

— פאַרוואָס עפּעס דו? און נישט ד״ר ענגעלמאַן? — פרעג איך אים.

— ער האָט זיך פאַרבאַהאַלטן, האָט מען מיך גענומען.

— איצט גייען מיר אַלס קרבן פאַר ד״ר בערקאָוויטש — גיט ער צו.

ווי באַוווּסט, איז ד״ר בערקאָוויטש אַוועק מיט 9 טעג צוריק פון געטאָ.

ווי ס׳האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, האָט געדאַרפט דעם טאָג פאָרקומען אַ מאַסן־מאָרד אין געטאָ באַראַנאָוויטש. צוליב אומבאַקאַנטע סיבות איז די „אַקציע״ פאָרלויפיק אָפּגעלייגט געוואָרן.

מען דערלויבט אונז זעצן זיך אויף אַ באַנק ביים וואַנט פון הויז.

— באַלד וועט מען אונז דערליידיקן — ווענדט זיך ד״ר אָשעראָווסקי צו מיר. ער איז בלייך און ציטערט אויפן גאַנצן קערפּער.

— האָב נישט קיין מורא! זיי האָבן אונז שוין לאַנג פאַרשריבן אויף קאָלדיטשעוואָ. זיי וואָלטן דאָך געקאָנט שוין לאַנג אונז דערליידיקן — באַמי איך זיך אים צו באַרוהיקן.

מיטאָג־צייט פאַרפאָרן לאַסט־אויטאָס.

מען לאַדעוועט אָן אויף זיי פיל זעק מיט זאַכן און שיך פון די אומגעבראַכטע טשעכישע יידן.

דאַן הייסט מען אונז איינשטייגן. די קאָלדיטשעווער פּאָליציאַנטן פילן אָן די אויטאָס און מיר פאָרן אָפּ.

דאָס לעבן אין געטאָ גייט „נאָרמאַל״. ס׳פאַרגייען אייניקע טעג און קיין גרוס פון די צוגענומענע צוויי דאָקטוירים באַקומט מען נישט. די באַמיונגען צו פאַרבייטן דעם ד״ר אָשעראָווסקי מיט ד״ר ענגעלמאַן פאַרבלייבן אָן רעזולטאַט. די פרוי פון ד״ר לעווינבוק באַמיט זיך דורך באַקאַנטע קריסטן אַראָפּברענגען איר מאַן און זי באַקומט אַ צוזאָג. זי טיילט מיט וועגן דעם דעם „יודנראַט״ אויסנוצנדיק די געלעגנהייט ברענגט דער „יודנראַט״ דעם ד״ר אָשעוואָראָווסקי צוריק אין געטאָ, האַלטנדיק דעם געגעבענעם אים צוזאָג. די פרוי ווענדעט זיך דאַן צום „יודנראַט״ און בעט מען זאָל איר אָפּשיקן

צום מאַן. דער „יודנראַט״ דערמאָנט וועגן דעם אין געשטפּאָ און זיי שטימען איין. דער פּרעזעס פון „יודנראַט״ פירט זי אָפּ אין געשטאַפּאָ. אויפן וועג וויל ער זי באַאיינפלוסן, אַז זי זאָל נישט פאָרן. איך וואָלט מיינע אַ שוועסטער נישט געלאָזט פאָרן אַהין — זאָגט ער. צי ווייסט איר אין וואָס פאַר אַ „גרוב״ איר פאָרט ?

— און וואָס מיינט איר, אַז אין געטאָ איז זיכערער ? דער לאַגער וועט זיך האַלטן לענגער, ווי דער געטאָ. יעדנפאַלס, ווי ס׳זאָל נישט זיין, וויל איך זיין צוזאַמען מיט מיין מאַן. — קומט איר ענטפער.

אויך די יידן, וועלכע אַרבעטן אויפן הויף פון געשטאַפּאָ, באַמיען זיך אָפּצוווענדן זי פון דעם שריט.

— זיי קענען אייך אַראָפּנעמען אונטערוועגס פון אויטאָ און דערשיסן. און אייער פּעקל מיט די זאַכן וועלן זיי צונעמען — זאָגט צו איר בראַטקאָווסקי (איצט אין ישראל).

— זאָל געשען, וואָס עס וויל. איך האָב נישט קיין שלעכטן פאָרגעפיל.

מיטאָג־צייט ברענגט זי דער אויטאָ אין קאָלדיטשעווא.

— „דאָננער־וועטער״, צי וואָס איז זי געקומען אַהער, אין פינסטערן קאָלדיטשעוואָ ? — זאָגט דער שעף פון לאַגער, דער ס.ס.־מאַן יערן.

— זי וועט אַרבעטן אַלס קראַנקן־שוועסטער — זאָג איך.

*

במשך פון די ערשטע וואָכן מאַך איך באַמיונגען ביים לאַגער שעף צו פאָרן קיין באַראַנאָוויטש נאָך מעדיקאמענטן פאַר דעם לאַגער. ענדלעך באַוויליגט ער. אינצווישן איז שבת אָנגעקומען מיין פרוי, און מאָנטיק איז באַשטימט דער טאָג פון מיין אַרויספאָר. צוריקציען זיך איז אוממעגלעך. מאָנטיק פאָר איך אַרויס אין באַגלייטונג פון אַ באַוואָפנטן פּאָליציאַנט קיין באַראַנאָוויטש. נאָכן פאַרשאַפן די רפואות פירט מיך אָפּ דער פּאָליציאַנט אין געטאָ. איך באַווייז נאָך צו ברענגען מיין קינד און מוטער — און עטוואָס פונם פאַר דער צייט אָפּגעשפּאָרטן עסן.

דאָס לעבן אין געטאָ איז פיל רוהיקער, ווי אין לאַגער. דער „יודנראַט״ פרעגט מיך אויס איינצלהייטן וועגן קאָלדיטשעוואָ. כ׳גיב איבער גרוסן די פאַמיליעס פון די באַראַנאָוויטשער יידן, וועלכע געפינען זיך אין לאַגער. אַנדערע ברענגען קליינע פּאַקעטן מיט וועש און שפּייז פאַר זייערע פאַמיליען־מיטגלידער. כ׳טרעף דעם ד״ר אָשעראָווסקי.

— צי האָסטו נישט קיין חרטה וואָס דו ביסט אַוועקגעפאָרן?

— קיינמאָל אין לעבן נישט. כ׳בין גליקלעך, וואָס איך בין צוריק אין געטאָ — ענטפערט ער.

נאָכן איבערנעכטיקן אין געטאָ פירט מען מיך אָפּ צו־מאָרגנס צוריק אין לאַגער.

די אַרבעטער, וועלכע זענען באַשעפטיקט אין „פעלדבוי־לייטונג״, באַקומען ספּעציעלע אַרבעטס־אויסווייזן מיט פאָטאָגראַפיעס. מען האַלט, אַז די באַזיצער פון אַזעלכע אַרבעטס־שיינען זענען זיכערער. און עס געפינען זיך „מאַכערס״, וועלכע פירן דורך מיט די דייטשן די געהעריקע „פאָרמאַליטעטן״ אויף אָנצונעמען נייע אַרבעטער און אַרויסצוגעבן זיי נייע שיינען.

בדרך כלל ווערן געמאַכט אַלערליי קאָמבינאַציעס אויף צו באַקומען אַרבעטס־שיינען פון כלערליי אַרבעטס־שטעלעס. מען נוצט אויס דערביי אַלערליי פּראָטעקציעס. יעדערער וויל האָבן די מעגלעכקייט אַרויסצוגיין פון געטאָ.

אויסערדעם באַמיען זיך אַנדערע עלטערן אָפּגעבן זייערע קינדער צו קריסטן. פאַרשטענדלעך, אַז בדרך כלל זענען עס מיידלעך מיט אַ „גוטן״ „אַרישן״ אויסזען. אַזוי צ.ב. גיט איבער דער לערער בריסטיגער זיין בלאָנדע קליינע מיידעלע אַ פּוילישן קינדלאָזן פּאָר אין באַראַנאָוויטש ; דער זייגער־מאַכער און יובעלירער ראָמעק פרידמאַן גיט איבער זיין מיידעלע אַ באַקאַנטער ווייסרוסישער קינדערלאָזער פאַמיליע. אויך ד״ר סאָווטשיץ גיט איבער זיין בלאָנדהאָריקע מיידעלע צו קריסטן.

— „אויב מיר וועלן נישט זיין, זאָלן לכל הפחות אונזערע קינדער זיך ראַטעווען !״

## דער צווייטער מאסן-מארד

ראש השנה תש״ג. מען גייט צו דער אַרבעט ווי געוויינלעך. די עלטערע, וועלכע פאַרבלייבן אין געטאָ זאַמלען זיך אין מנינים און דאַווענען. זייערע תפילות רייסן, דוכט זיך, הימלען.

צי הערט די וועלט ? צי ווייס זי, וואָס מיר לעבן דורך ? צי וועט נאָך עמיצער בלייבן, וועלכער וועט נאָך אונז „יזכור״ זאָגן ?

יום־כפור קומט אַראָפּ פון מינסק קיין באַראַנאָוויטש דער הויפּט־אָנפירער פון געשטאַפּאָ פאַר ווייסרוטעניען, און צוזאַמען מיט דער באַראַנאָוויטשער געשטאַפּאָ באַאַרבעטן זיי דעם פּלאַן פון צווייטן מאַסן־מאָרד אין געטאָ.

דעמזעלבן טאָג פאַרנאַכט קומט ער אָן אין קאָלדיטשעווא, און גיט אַרויס געהעריקע פאַראָרדענונגען דער דאָרטיקער ווייסרוסישער פּאָליציי.

נאָך דעמזעלבן אָוונט פאַרפאָרן גרויסע לאַסט־אויטאָס, וועלכע נעמען אויף ביי הונדערט פּאָליציאַנטן, באַזאָרגטע מיט רידלען און קירקעס אויסער זייערע ביקסן.

זיי פאָרן אָפּ מיטן געזאַנג פונם דורך זיי באַליבטן ווייסרוסישן ליד, וועלכער ענדיקט זיך מיטן רעפרען :

„זשידאָוו, קאָמוניסטאָוו — מי וסיעך פּערעביאָם !״ (די יידן און די קאָמוניסטן — וועלן מיר זיי אַלע אויסהרגענען !)

מוצאי יום־כפור הויבן אָן די פרומערע יידן אויפשטעלן סוכות.

די נאַכט פאַרגייט ווי געוויינלעך.

די דיזשורירנדיקע וועכטער פון די „קאָלחאָזן״ באַמערקן גאָרנישט אַרום געטאָ־צוים.

נאָך יום־כפור, מאַרשירן אַלע אַרבעטער, ווי געוויינלעך, אויסגעשטעלט אין קאָלאָנעס צו דער אַרבעט.

עס באַווייזן אָבער נאָך נישט די לעצטע קלענערע גרופּן

צו פאַרלאָזן דעם געטאָ, ווי ס'קומט אָן אַ גרעסערע גרופּע דייטשן אין מונדירן פון „טאָדט־אָרגאַניזאַציע".

וואָס וועט דאָ פּאַרקומען?

מען לויפט אין „יודנראַט" זיך דערוויסן וואָס עס קומט פאָר. דאָ פאַרזיכערט מען, אַז מען איז געקומען נעמען נאָך מענטשן אויף אַרבעט קיין מאַלאַדעטשנאַ, ווי דאָס איז געשען מיט אַ מאָנאַט צוריק.

— דאָס זענען דאָך דייטשן פון אָ. ט., זיי זוכן אַרבעטער!

יונגע לייט לויפן זיך באַהאַלטן אין די בונקערס.

באַלד אָבער דערקענט מען אין די אָ. ט.־לייט איבער־געטוענע געשטאַפּאָוצעס, וועלכע האָבן אויף אַזאַ ראַפינירטן אופן אָפּגענאַרט די פאַרבליבענע אין געטאָ יידן.

גלייך קומען אַריין אין געטאָ אַ פּאָר הונדערט באַוואָפנטע לאַטישן. דער געטאָ ווערט אין איין אויגענבליק אַרומגערינגלט דורך אַ פאַרשטאַרקטער וואַך פון ווייסרוסישער פּאָליציי.

אין געטאָ הויבט מען אָן כאַפּן יונגעלייט. פרויען לאָזט מען נאָך דערווייל זיך פריי באַוועגן.

אין געציילטע מינוטן לאָזן זיך אַראָפּ אַלע יידן אין די צוגעגרייטע „סכראָנעס" אונטער דער ערד. מען באַהאַלט זיך אויך אין אַנדערע באַהעלטענישן איבער דער ערד־פּלאַך.

אָט גייט די הויפּט־שוועסטער פון געטאָ־שפּיטאָל, מינע ליאַחאָזוויאַנסקע. זי האָט נאָר וואָס פאַרמאַסקירט דעם קעלער אין געטאָ־שפּיטאָל, וווּ עס האָט זיך באַהאַלטן ד"ר אַבראַשע אַבראַמאָווסקי מיט נאָך חברים. מיט אַ געהויבענעם קאָפּ און שטאָלצן גאַנג גייט זי צום צווייטן געטאָ־טייל.

— האַלט! — שרייט צו איר אַ מערדער. — האַלט! שטיין בלייבן!

זי הערט זיך נישט צו צו די געשרייען און גייט פאָרויס.

אַ ביקסן־קנאַל. זי גיט זיך אַ וואַקל, פאַלט אום און בלייבט ליגען אין מיטן גאַס טויט.

איצט כאַפּן די מערדער אויך פרויען.

די געכאַפּטע מענער, פרויען און קינדער, וועלכע האָבן נישט באַוויזן זיך באַהאַלטן, זאַמלט מען צענויף אונטער אַ וואַך אויף סאַדאָווע גאַס ביים הויז פון רודינקאָוון, קעגנאיבער דעם „יודנראַט". דאָ זענען אויך פאַרהאַלטן די קלענערע גרופּעס, וועלכע האָבן שוין נישט געקענט אַרויסגיין צו דער אַרבעט, איבערהויפּט פרויען.

עס פאַרפאָרן לאַסט־אויטאָס. מען לאָדעוועט אָן די מענטשן אויף די אויטאָס. איינע פון די ערשטע גייט אַרויף די טאָכטער פון לייטמאַן דעם בעקער — איטקע, די פרוי פון אַדוואָקאַט שלמה'קע עפּשטיין („משה דעם גרויסנס" זון), וועלכער פלאָגט זיך אין קאָנצ.־לאַגער קאַלדיטשעווע.

די אָנגעפילטע מאַשינעס פאָרן אַרויס פון געטאָ אין דער דרום־ריכטונג פון שטאָט, צו די גראַבאָוויצער פעלדער.

*

די גאַסן פון געטאָ און די הייזער זענען אויסגעליידיקט פון יידן. די „יודנראַט"־מיטגלידער באַפעלט מען, נישט צו פאַר־לאָזן די געביידע, דאָסזעלבע דער געטאָ־פּאָליציי. די געטאָ־וואַרשטאַטן ווערן שטאַרק באַוואַכט. די אַרבעטער דאָרט, פירן אויס זייער טאָג־טעגלעכע אַרבעט. דער געטאָ־שפּיטאָל ווערט אויסגעליידיקט פון די קראַנקע, וועלכע די רוצחים נעמען צו אויף מאַשינען און שיקן זיי אָפּ צו די גריבער. די אומבאַוועג־לעכע קראַנקע ווערן דערשאָסן אין די בעטן. די גזלנים בושעווען איבער די גאַסן, זיי לויפן פון הויז צו הויז, פון אָרט צו אָרט, נישטערן און זוכן קרבנות. זיי זוכן אין די בעטן, אונטער זיי, אין די שראַנקן, אויף די בוידעמס און אין די קעלערן. דערביי ראַבירן זיי פון דאָס בעסטע, וואָס עס איז נאָך ביי עמיצן פאַרבליבן, וואָס עס קומט זיי נאָר אונטער די הענט.

*

אין צווייטן געטאָ־טייל אויף סאַדאָווע גאַס ביי לייזער ריוואָקינדן אין הויז, וואָס איז אויסגעליידיקט פון מענשן, ליגט אין אַ צימער אויפן בעט די אַלטע פרוי ריוואָקינד. זי איז שווער קראַנק און קען זיך נישט רירן פון געלעגער. אין דאָזיקן צושטאַנד האָט מען זי נישט געקענט אַרונטערנעמען אין „סכראָן".

איר יינגערע טאָכטער פאַרלאָזט נישט די קראַנקע מוטער.

— זאָל געשען, וואָס עס וועט געשען! דער מאַמען וועל איך אַליין נישט איבערלאָזן! זי בלייבט זיצן ביי איר בעט. זי ווייס, וואָס עס דערוואַרט זיי ביידן. זי איז גלייכגילטיק צו דעם, וואָס עס קומט פאָר אַרום.

די מערדער לויפן אַריין אין הויז. זיי געפינען די ביידע פרויען. אַזאַ לייכטן רויב האָבן זיי נישט דערוואַרטעט.

— קומט מיט!

— מיין מוטער איז קראַנק און קען זיך נישט באַוועגן — ענטפערט זי רוהיק.

די רוצחים ווערן צעיושעט, ווי ווילדע חיות.

מיט סאַדיסטישער פרייד דערשיסן זיי די אַלטע קראַנקע פרוי.

— איצט קענסטו זי איבערלאָזן!

די בעסטיעס נעמען זי צו פון איר מוטערס טויטן קערפּער און פירן זי אָפּ צום זאַמל־פונקט. אַ לאַנגע צייט זעט מען נאָך אויף די ווענט די בלוט־פלעקן...

*

אין דעם „אונטערשטן געטאָ", אין די „סכראָנעס" זיצן צונויפגעפּרעסט איינע צו די אַנדערע פרויען, קינדער און מענער, יונגע און אַלטע, פערציק—פופציק אין אַ בונקער. דאָס אָטעמען ווערט וואָס ווייטער אַלץ שווערער און שווערער. עס פעלט אויס פרישע לופט. די מענטשן באַגיסן זיך מיט שווייס. אויף די קאַלטע ווענט שאַפן זיך וואַסער־טראָפּנס. עס פעלט אויס וואַסער צום טרינקען.

קליינע זויג־קינדער הויבן אָן צו וויינען. די מוטערס באַמיען זיך מיט אַלע מיטלען צו באַרויקן זיי. מיט איינגע־האַלטענעם אָטעם הערט מען זיך צו צו יעדן גערויש פון אויבן.

פון צייט צו צייט דערהערן זיך שווערע טריט פון די רוצחים, זייערע געשרייען און זייער סאַרקאַסטישער געלעכטער.

אין אַזעלכע מאָמענטן, ווען די מערדער זענען נישט ווייט פון באַהעלטעניש, געשעען פאַלן, ווען די מוטערס לייגן אַרויף אויף די וויינענדיקע קינדערלעך קישנס און זאַכן, כדי מען זאָל נישט דערהערן זייער געוויין, וועלכער קען אַרויסגעבן די פאַרבאַהאַלטענע. ס׳געשעט אַז קינדער ווערן דערשטיקט.

די פאַרצווייפלונג איז גרויס, אָבער נאָך גרעסער איז דער באַגער צום לעבן; אָדער, אפשר, די שרעק פאַרן טויט. און דערפאַר האַלט מען אויס אויך אין אַזעלכע אוממענטשלעכע באַדינגונגען: אָן וואַסער, אָן עסן, אָן לופט כמעט, — האַלבע מתים.

דער ערשטער בלוטיקער טאָג פאַרגייט. ס׳קומט אָן די נאַכט. אין געטאָ ווערט רוהיק. פון צייט צו צייט דערהערט זיך אַ שאָס, וועלכער הילכט אָפּ אין דער שטילקייט פון דער נאַכט.

ווי מייז פון די לעכער, מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג, הויבן אָן די מענטשן אַרויסשלייכן פון די באַהעלטענישן איינ־ציקווייז, איינער נאָכן אַנדערן. די פרישע לופט דערקוויקט. פאַמעלעך און שטיל גייט מען אַריין אין די פּאָגראָמירטע הייזער. מען זוכט אויף עסן און וואַסער און מען טראָגט דאָס אַראָפּ אין די בונקערס. ביסלעכווייז הויבט מען זיך אָן צו אָריענטירן אין טעטיקייטס־פּלאַן פון די מערדער און מען פּאַסט זיך צו צו אים. אין די קומענדיקע נעכט, ווען די אויסראָטונגס־אַקציע ווערט געוויינלעך איבערגעריסן ביז צום נעכסטן מאָרגן, גייען פיל אַרויס פון די באַהעלטענישן און נעכטיקן איבער אין די הייזער. דאָס ברענגט אַ געוויסע דער־לייכטערונג אין דער אָנגעשפּאַנטער לאַגע און העלפט צום ווייטערדיקן אויסדויער.

מיטן פרימאָרגן־אָנקום פאַרשווינדעט מען צוריק פון אויבער־פלאַך. אָבער נישט אַלעמען איז באַשערט צו דערלעבן די אָנקומענדיקע נאַכט.

*

די „אַקציע" אין געטאָ גייט אין פולן ברען. פון צייט צו צייט געלינגט די הענקער צו געפינען איינציקע, וועלכע האָבן זיך נישט באַוויזן צו באַהאַלטן. מען שלעפּט פרויען מיט קינדערלעך. די תליינים באַמיען זיך שוין נישט אָפּצופירן די קרבנות אויפן זאַמל־פּונקט. מען דערשיסט זיי אויפן אָרט.

ווי ס׳שיינט, ווייסן די מערדער וועגן די אין געטאָ עקזיסטירנדיקע „סכראָנעס". זיי זוכן און גראָבן אין דער ערד. מיט פּלייס פירן אויס די ווייסרוסישע באַהעלפער די „הייליקע אַרבעט", אָבער דערווייל אָן רעזולטאַטן. זיי וואַרפן זיך פון איין אָרט אויפן אַנדערן, פון איין פּלאַץ אויפן צווייטן, אָבער אָן דערפאָלג. זייער בלוטדורשט ווערט גרעסער און גרעסער.

אָט פירן זיי אַ געכאַפּטן ייד אין די מיטעלע יאָרן. (דער טויט־שרעק שפּיגלט זיך אָפּ אין זיינע אויגן. אַ בלייכער, קוים וואָס ער האַלט זיך אויף זיינע פיס. מען שלאָגט אים נישט. מען ווייזט אפילו אַרויס פריינטשאַפט צו אים. מען גיט אים טרינקען.

— מיר וועלן דיר נישט טאָן קיין שלעכטס! האָב קיין מורא!

— דו וועסט בלייבן לעבן, אָבער דו מוזט אונז ווייזן, ווו עס באַהאַלטן זיך אויס די איבעריקע.

אין אַנבליק פון טויט — אַ צוזאָג פון לעבן.

ער שווייגט. מן הסתם שפּילט זיך אין אים אָפּ אַ שווערער אינערלעכער קאַמף. ער איז אַ אָרענטלעכער ייד. קיינעם קיינמאָל נישט באַעוולט. קיינמאָל קיינעם קיין שלעכטס נישט געטאָן.

און די מערדער ריידן אים איין מיט זיסע ריידעלעך.

זיי ריידן צו אים אַזוי זיס, אַזוי „האַרציק".

ער שווייגט. אַ שווייס גיסט אים אָפּ פון קאָפּ ביז די פיס.

זיי וועלן קיינעם קיין שלעכטס נישט טאָן, זיי ווילן נאָר מענטשן צו דער אַרבעט.

ער שווייגט. קיין מוסקול פון זיין פנים גיט זיך נישט אַ ריר.

צי דערגרייען זייערע רייד צו זיין באַוווסטזיין?

צי גיט ער זיך אָפּ אַ חשבון פון דעם, וואָס עס קומט פאָר אַרום אים?

ער גיט זיך אַ וואַקל. ווי אַ היפּנאָטיזירטער, נישט אַרומ־קוקנדיק זיך גייט ער פאָרויס.

די מערדער גייען אים נאָך.

שטום ווייזט ער אָן אויף אַ געהיימען איינגאַנג פון א „סכראָן". דער איינגאַנג איז פון קעלער.

די מערדער גיבן זיך אַ וואָרף אויף דער פאַרמאַסקירטער טיר, רייסן זי אויף.

— אַלע אַרויס! — שרייען זיי.

נישט טויט, ניט לעבעדיק, מיט אַרויסגעשטאַרטע אויגן, קוים וואָס זיי באַוועגן זיך, איינער נאָכן אַנדערן הויבן זיי אָן אַרויסצוקריכן פון „פינסטערן קבר".

— שנעלער, איר פאַרפלוכטע!

עס גייען אַרויס האַלב־טויטע, פון טויט־שרעק פאַרגלי־ווערטע, יונגע און אַלטע, מענער און פרויען מיט קליינע קינדערלעך אויף די הענט.

אָט גייט יודל (יהודה) העלמאַן מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ. נאָך אים גייט זיין שיינע פרוי, פייגעלע, אַ בלייכע, דערשראָקענע, מיט אַ קליין קינד אויף די הענט. נאָך זיי — אין טויטן מאַרש — זיין שוועסטער ליובע מיטן זונעלע, צו־געפּרעסט צו איר לייב. און אָט די הויכע דאַרע געשטאַלט פון יונגן מיידל, איטקע שעראַיזן.

פופציק—זעכציק מאַן ווערן אַרויסגעשלעפּט פון „קבר" — און צום קבר געפירט.

די תליינים יובלען, זיי וועלן האָבן אַרבעט!

זיי וואַרפן זיך אויף זייער רויב און שלאָגן מכות רצח, נישט אונטערשיידנדיק צווישן פרוי און קינד. מיט אַ סאַדיס־טישער הנאה פירן זיי אויס זייער ווערק.

אַזוי ווערט אַנטדעקט דער ערשטער „סכראָן" אויף סאַדאָווע 17.

איצט ווייסן זיי שוין ווו צו זוכן. זיי געפינען אויס נאָך באַהעלטענישן, וועלכע זענען געבויט אויפן זעלבן שטייגער. זיי שלעפן אַרויס די קרבנות און שלאָגן זיי מערדערלעך. געשרייען, געוויינען און שיסערייען פאַרהילכן די לופט. מען זאַמלט צענויף אַלעמען אויף איין פּלאַץ, און פון דאָרט שיקט מען זיי אָפּ אויף די אָנגעקומענע אויטאָס — צו די גריבער.

*

אַ קאָלדיטשעווער, ווייסרוסישער פּאָליציאַנט געפינט אַ פאַרבאַהאַלטענעם עלטערן יידן. דער ייד שלאָגט אים פאָר אַ גאָלדן צען־רובל, נאָר ער זאָל אים נישט אַרויסגעבן. דער פּאָליציאַנט גייט איין אויף דעם. ער נעמט צו ביי אים דאָס געלט און נאָכדעם פירט ער אים אָפּ אויפן זאַמל־פונקט. דערזעלבער פּאָליציאַנט גייט מיטאָקצייט איבער די גאַסן פון שטאָט, און דערזעט שפּאַצירנדיק אַ יידיש מיידל פון זיין שטעטל.

— איך האָב זי אַמאָל אַדאָרירט און אפילו ליב געהאַט — דערציילט ער.

ער פאַרהאַלט זי. זי האָט „אַרישע" דאָקומענטן. אָבער ער לאָזט זי שוין נישט אָפּ. ער גיט זי איבער אין „גוטע" געשטאַפּאָ־הענט.

אַנדערע יידן גיבן געלט, אַז מען זאָל זיי נישט שלאָגן. צום טויט זענען זיי שוין גרייט, אָבער פיזישע ליידן פאַר דעם — ווילן זיי זיך פאַרשפּאָרן.

די נאַציס כאַפּן אויך קינדער, גיבן זיי עפּל און אַנדערע גוטע זאַכן אוןריידן זיי איין, זיי זאָלן באַווייזן, ווו עס געפינען זיך נאָך „סכראָנעס".

זייער אָפט געלינגט די מערדער אַרויסצובאַקומען אויף אַזאַ אופן פון די אומשולדיקע קינדערלעך דאָס געהיימניש.

*

די אַרבעטער, וועלכע זענען פרי אַרויס צו דער אַרבעט, ווייסן נישט וואָס עס קומט פאָר אין געטאָ.

פאַרנאַכט, ווי געוויינלעך, קלייבן זיי זיך אומקערן אַהיים צו זייערע פאַמיליעס. דאָסמאָל איילט מען זיך נישט אָפּצופירן זיי צוריק. לויטן פון פאָרויס אויסגעאַרבעטן פּלאַן פאַרהאַלט מען זיי אויף נאַכט אין זייערע אַרבעטס־פּלעצער.

מען לאָזט זיי נישט צוריק אין געטאָ. זיי הויבן אָן צו פאַרשטיין, וואָס עס קומט פאָר. די איבערלעבענישן פון די, וועלכע האָבן איבערגעלאָזן אין געטאָ זייערע פאַמיליעס, איז נישט צו באַשרייבן.

פון אַרומיקע קריסטן דערוויסט מען זיך דעם שרעקלעכן אמת.

אויך די אַרבעטער אין די געטאָ־וואַרשטאַטן ווערן פאַר־האַלטן אונטער אַ שטרענגער וואַך אין די געביידעס פון די וואַרשטאַטן.

פינף טעג, פינף פיינפולע טעג, לעבן איבער די פאַר־האַלטענע אויף זייערע אַרבעטס־פּלעצער.

עס געשעען פאַלן, אַז אייניקע אַנטלויפן. דאָס זענען מענטשן, וועלכע זענען נישט געבונדן מיטן געטאָ (זיי האָבן דאָרט קיינעם נישט). זיי אַנטלויפן פון די אַרבעטס־שטעלן צו באַקאַנטע קריסטן, זיי באַהאַלטן זיך דאָרט אויס אין ספּעציעל פאַר זיי צוגעגרייטע באַהעלטענישן ביז דער באַפרייאונג פון באַראַנאָוויטש. צווישן זיי: די פאַמיליע פון שעפּסל קרוטאָ־צאָווסקי.

*

שוין דעם ערשטן טאָג פון בלוט־באָד, געפינען די מערדער אין אייניקע פון די דורך זיי אַנטדעקטע „סכראָנעס", אַרסענאַלן פון באַהאַלטענעם, נישט אויסגענוצטן קעגן זיי געווער. דאָס באַוועגט זיי אָנצונעמען פאָרזיכטס־מיטלען. אין אָוונט פאַרלאָזן זיי דעם געטאָ, איבערלאָזנדיק נאָר פּאַטרולן.

*

צומאָרגנס פרי קומען זיי ווידער, מיט געזאַנג, אין געטאָ. זיי ברענגען מיט רידלען, קירקעס און אַנדערע גראָב־אינ־סטרומענטן. זיי לויפן אַראָפּ אין די קעלערס און זוכן די פאַרמאַסקירטע איינגאַנגען. געפינענדיק — שלעפּן זיי אַרויס פון די באַהעלטענישן צענדליקער.

ווען איינער אַזאַ בונקער אויף סאַדאָוועֶ 16, ווערט אויפגעמאַכט און אַ לעטישער אונטער־אָפיצער רוקט אַריין זיין קאָפּ אינעווייניק און באַפעלט אַרויסצוגיין, וואַרפט זיך אויף אים איינער אַ העלדישער יונגערמאַן מיט אַ מעסער און שניידט אים אָפּ זיין קאָפּ.

די איבעריקע מערדער שפּרינגען אַרויס מיט שרעק־געשרייען פון קעלער.

עס קומט אַ פאַרשטאַרקטע גרופּע, אָבער אויך זי וואַגט זיך נישט אַראָפּלאָזן אין קעלער. זיי וואַרפן אַריין האַנט־גראַנאַטן און רייסן אויף דעם בונקער צוזאַמען מיט די מענטשן.

*

פול־אָנגעלאָדענע מיט יידן אויטאָס פירן די צעשלאָגענע און פאַרפייניקטע, צו די גראַבאָוויעצער גריבער. אַ שטאַרקע, באַוואָפנטע ווייסרוסישע פּאָליציי־וואַך זיצט אויף יעדן אויטא און היט די טויט־טראַנספּאָרטן. אויף איינעם אַזאַ אויטאָ געפינט זיך צווישן אַנדערע דער פאַבריקמאַכער זובאַק, אַן איידעם פון כליזמר שאָלאָמאָוויטש. ער דערמאָנט זיך, אַז ער האָט ביי זיך אַ ראַזיר־מעסער. ער וועט זיך נישט לאָזן סתם שעכטן ווי אַ לעמעלע! נקמה!

שטיל, אומבאַמערקטערהייט, נעמט ער אַרויס דעם „חלף", וואַרפט זיך אויף אַ ווייסרוסישן פּאָליציאַנט און שניידט אים איבער דעם גאָרגל. עס אַנטשטייט אַ פּאַניק צווישן דער פּאָליציי. די יידן נוצן זי אויס און שפּרינגען אַראָפּ פון אויטאָ. זיי לויפן פון טויט.

אָבער דער טויט לויפט זיי נאָך. דער וועג צו די גריבער איז באַוואַכט פון ווייסרוסישע, אוקראַאינישע און לעטישע פּאָליציסטן. עס הויבט זיך אָן אַ שיסעריי אויף די אַנטלאָפענע, איינער נאָכן אַנדערן פאַלן זיי, באַגיסנדיק זיך מיט זייער אייגן בלוט. די איינציקע, וועמען ס׳געלינגט זיך אַרויסרייסן פון קוילן־האָגל, ווערן געכאַפּט דורך די אַרומיקע קריסטן און איבערגעגעבן צו די דייטשן.

די מערדער הויבן זיך אָן צו באַנוצן ביים איבערפירן די יידן מיט הערמעטיש צוגעמאַכטע מאַשינעס און מיט „דושע־גובקעס" — גאַז־מאַשינען, אין וועלכע די קרבנות ווערן דערשטיקט אונטערוועגס.

*

די אַראָפּגעבראַכטע צו די גריבער יידן מוזן זיך אויסטאָן נאַקעט. זיי ווערן געצוווּנגען לויפן צו די גריבער, איבער וועלכע עס ליגן אין דער ברייט ברעטער. זיי מוזן אַרויפלויפן אויפן ברעט און דאַן דעריאָגט זיי די רוצחישע קויל. זיי פאַלן אַריין אין די גריבער.

נישט אַלע זענען טויט. אַ טייל — נאָר פאַרווּנדעט. די קערפּערס פון די אַנדערע דעקן זיי צו. זיי ווערן דערשטיקט.

קליינע קינדער ווערן אַריינגעוואָרפן אין די גריבער לעבעדיקערהייט, אָדער ווערן צוריסן אויף צוויי־ען פאַר די אויגן פון זייערע עלטערן.

*

די יידן אין קאַלדיטשעווער לאַגער פאַרשטייען, אַז „עפּעס" קומט פאָר. די פּאָליציאַנטן, וועלכע זענען אַרויסגעפאָרן, קערן זיך זינט צוויי טעג נישט אום. פון באַראַנאָוויטש קומען נישט אָן קיין אויטאָס מיט בוי־מאַטעריאַלן פאַרן לאַגער, ווי געוויינלעך יעדן טאָג. שרעקלעכע געדאַנקען לויפן אַדורך. דאָס האַרץ ווערט צוזאַמענגעקלעמט. וואָס איז מיט זייערע פאַמיליעס אין באַראַנאָוויטש?

ערשט אויפן דריטן טאָג צו מיטאָג קומען אַראָפּ די קאַלדיטשעווער ווייסרוסישע מערדער. יעדער פון זיי איז אָנגעלאָדן מיט מיטגעבראַכטן רויב. זיי ווייזן די יידן אויסלענדישע וואַליוטע און פרעגן, וואָס פאַרא געלט דאָס איז. איצט ווייסט מען שוין גענוי, אַז זיי זענען געפאָרן אויף אַ „שטיקל אַרבעט" און נישט קעגן פּאַרטיזאַנער, ווי מען האָט פריער געמיינט. אַנדערע מיינען, אַז זיי האָבן מן הסתם ווידער „דערליידיקט" טראַנספּאָרטן מיט אויסלענדישע יידן. מען קוקט אויף די מערדער, וועלכע דערציילן גאַרנישט, און מען טראַכט: „אפשר האָט ד ע ר אומגעבראַכט מיין קינד?"

אפשר ד ע ר — מיין מוטער, מיין פרוי?

יעדן פרימאָרגן פאָרן די רוצחים אַרויס מיט זייער באַ־ליבטן געזאַנג: „אי קראַוו גאַריאַטשאַיאַ פּאַליעטסיאַ"... (און הייס בלוט וועט זיך צעגיסן...). אין די אָוונט־שעהן קערן זיי זיך אום צוריק.

ערשט איז אַ וואָך אַרום קומט אָן אַ אויטאָ פון באַראַנאָוויטש, און עס געלינגט זיך דערוויסן פון שאָפער וועגן בלוט־באָד.

*

אין געטאָ פירן אויס די מערדער אַ סיסטעמאַטישע אַרבעט. יעדן פרימאָרגן קומען זיי אַריין מיט געזאַנג אין געטאָ, פאַרלאָזן אים מיטאָג־צייט און אין אָוונט. נישט געפינענדיק מער קיין „שטאַנדאַרטע" איינגאַנגען דורך די קעלערס, זוכן זיי די „סכראָנעס" אַרום די הייזער. זיי שטעכן מיט אייזערנע שפּיזן די ערד, זיי גראָבן און זוכן, געפינענדיק אַ בונקער, רייסן זיי אויף אַ ברעט און וואַרפן אַריין האַנט־גראַנאַטן. נאָכער שלעפּן זיי אַרויס אויף דער ליכטיקער שיין די לעבן־געבליבענע, פאַרשוואַרצטע, אָפּגעריסענע, פאַרשמאַכטע און פאַרחלש'טע האַלבע מתים.

די מערדער הייסן זייערע קרבנות זיך לייגן אויף דער ערד און ליגן אומבאַוועגלעך. פאַר יעדער באַוועגונג, פאַר יעדן וואָרט — אַ האַגל פון קלעפּ מיט שטעקנס, אייזנס, ביקסן און מיט די פיס.

דעם גאַנצן פאַרמיטאָג קלייבן די ווילדע חיות צוזאַמען אַלע אומגליקלעכע און האַלטן זיי אויף דער גליענדיקער זון. ערשט נאָכמיטאָג פאַרפאָרן מאַשינען, מיט וועלכע די פאַר־אורטיילטע ווערן אָפּגעשיקט.

*

אָט גראָבן די גזלנים אויף סאַדאָווע גאַס ביי ריווקינד'ס הויז אין אַ גערטל פאַרזייט מיט קאַרטאָפל. דער אָרט קומט זיי אויס פאַרדעכטיקט. ענדלעך געפינען זיי דעם בונקער. מען שלעפּט אַרויס די באַהאַלטענע.

אָט איז די ציין־דאָקטאָרין, רבקה סלוצקי מיט איר קליינעם סענדערל (אַ נאָמען נאָך איר פאָטער סענדער סלוצקי, דעם איינהאָבער פון פּאַפּיר־געשעפט אויף שעפּטיצקי גאַס). דאָס קינד איז געבוירן געוואָרן אין געטאָ. דאָס קינד פאַר־זשמורעט די אויגעלעך פון צופיל ליכט. עס איז צופרידן, וואָס עס אָטעמט זיך אים לייכטער. דער פאָטער משה'קע לעווינבוק איז פאַרהאַלטן געוואָרן ביי דער אַרבעט. ער ווייס נישט, פונקט אַזוי ווי זיין סענדערל, וואָס עס קומט פאָר אין דעם מאָמענט מיט זיין פאַמיליע. דער זיידע, יעקב, איז אָבער נעבן זיין אייניקל. דער זיידע, וועלכער האָט זיך די גאַנצע צייט פאַרנומען מיט זיין אייניקל אין געטאָ, טרעט נישט אָפּ אויף איצט פון אים. נאָך זיי גייט צעסיע אַנגעלאָוויטש (די עלטסטע טאָכטער פון אהרן זאַבלאָצקי), אַ פּלימעניצע פון יעקב לעווינבוק. זיי האָבן צוזאַמען געלעבט אין איין „קאַלחאָז". צוזאַמען זיך באַהאַלטן, און איצט — צוזאַמען גייען זיי דעם לעצטן וועג, נאָך זיי די איבעריקע שכנים פון הויז אין געטאָ.

*

אַלע אַרויסגעשלעפּטע פון די בונקערס זיצן אויף דער ערד ביי דער „יודנראַט"־געביידע. צווישן זיי — דער כעמיע־אינזשעניער סינגאַלאָווסקי מיט זיין פרוי. ער וויל נישט דער־לעבן דעם שענדלעכן סוף, נעמט אַרויס די צוגעגרייטע ציאַן־קאַלי, גיט זיין פרוי אַ פּאָרציע און גלייכצייטיק נעמען זיי איין דעם אויסלייזונגס־מיטל.

דאָ זיצט אויך דער באַקאַנטער ד"ר שעניצקי מיט זיין פרוי. אויף דער לינקער האַנט — אַ ווייסער אַרמבאַנד מיט אַ רויטן קרייץ. פיל פון די אָרטיקע מערדער קענען אים. זיי האָבן זיך נישט איינמאָל געהיילט ביי אים ווענערישע קראַנקהייטן. ביי איינעם פון זיי בעט ער אַ דערלויבניש אויפצושטעלן זיך, אויסגלייכן די פאַרגליווערטע פון זיצן אין בונקער גלידער און פאַררייכערן אַ פּאַפּיראָס. דער מערדער איז „גרויסמוטיק" און דערלויבט אים.

*

דעם דריטן טאָג פאַרנאַכט פירט מען אַריין אין געטאָ אַ אַרבעטער־גרופּע פון פינף פּערזאָן, צווישן זיי דער שוסטער־מייסטער דישעל (איצט אין ישראל). זיי אַרבעטן אין דער דייטשער זשאַנדאַרמעריע. אַ זשאַנדאַרם־באַגלייטער פירט זיי אַריין אין אַ הויז און פאַרזאָגט זיי נישט אַרויסצוגיין. דערביי באַפעלט ער, אַז מען זאָל זיי קיין שלעכטס נישט טאָן. מאָרגן פרי נעמט ער זיי, ווי געוויינלעך, צו דער אַרבעט און ברענגט זיי נאָך דער אַרבעט צוריק.

זייער אָנוועזנהייט אין געטאָ ווערט אויסגענוצט. מען נעמט זיי, צוזאַמען מיט דער געטאָ־פּאָליציי, אויפצוראַמען די גאַסן פון דערשאָסענע דורכן טאָג יידן אין געטאָ.

צו הילף ווערן מיטגעבראַכט אויך פּויערים, וועלכע נישטערן אין די קעשענעס פון די קרבנות, זוכנדיק געלט און אַנדערע ווערטזאַכן.

די קערפּערס פון די דערשאָסענע ווערן אָנגעלאָדן אויף וועגענער און מאַשינען — און אַרויסגעפירט צו די גריבער הינטערן שטאָט.

*

די אַרבעטער־גרופּע, וועלכע פירט אויס אַלערליי אַרבעטן אין געשטאַפּאָ, איז אויף מאָרגן נאָך יום־כפור אַרויס צו דער אַרבעט. צוזאַמען מיט די איבעריקע קאָלאָנעס. אויף זייער אַרבעטס־פּלאַץ האָבן זיי די מעגלעכקייט, מער ווי אויף אַנדערע פּלעצער, צו באַמערקן, אַז דעם טאָג קומט פאָר עפּעס אויסער־געוויינלעכעס: די מערהייט געשטאַפּאָ־מערדער פאַרלאָזן די געביידע, לויפן הין און הער, זעען אויס צו זיין זייער באַ־שעפטיקט. גאָר גיך דערוויסן זיי זיך דעם ביטערן אמת. זיי קענען, ליידער, גאָרנישט אויפטאָן פאַר זייערע פאַמיליעס, וועלכע זענען פאַרבליבן אין געטאָ. זיי דערוואַרטן זיך קוים דעם אָוונט, כדי וואָס גיכער אומצוקערן זיך אין געטאָ, מען לאָזט זיי נישט גיין אַהיים. מען פאַרהאַלט זיי אויף נאַכט.

נאַדיע די מאַניקוריסטין אַרבעט דאָ אויך אַלס וועשערין. זי האָט איבערגעלאָזן אין געטאָ איר איינציקן זונעלע, פאַר וועלכן זי האָט מקריב געווען איר גאַנצן לעבן. זי האָט געלעבט און געאַרבעט נאָר פאַר אים. קיין אַנדער אינטערעס אין לעבן האָט זי נישט געהאַט. איצט איז זי אָפּגעזונדערט פון אים. אַ טויט־געפאַר שוועבט איבער אים, און זי קען אים נישט באַשיצן. זי איז זיכער, אַז די שכנים פון „קאָלחאָז" האָבן אים מיטגענומען אין „סכראָן" און האָפט, אַז דעם בונקער וועט מען נישט געפינען. זי גיט זיך אָבער אָפּ אַ רעכנונג, אַז דאָ, ביי דער אַרבעט, איז זיכערער ווי אין „סכראָן". זי רוט נישט די גאַנצע צייט. זי מוז אים האָבן דאָ, ביי זיך.

אין איינעם פון די אָוונטן גנבעט זי זיך אַרויס פון געשטאַפּאָ־הויף, נעמט אַראָפּ די געלע לאַטע און גייט מיט מינסקער גאַס ביז די געטאָ־דראָטן. שנעל גיט זי זיך אַ וואָרף אויף דער ערד און רוקט זיך אונטער די דראָטן. זי איז שוין אין געטאָ. פאָרזיכטיק דערגייט זי ביז דער פאַרמאַסקירטער טיר פון באַהעלטעניש; עפנט! — דאָס איז נאַדיע.

זי געפינט איר זונעלע, לעבעדיק און גאַנץ. זי נעמט אים שנעל אַרויס און מאַכט צוזאַמען מיט אים דעמזעלבן וועג צוריק. זי באַהאַלט אים אויס אויפן בוידעם פון געשטאַפּאָ, זי איז גליקלעך, אַז זי האָט אים שוין ביי זיך.

*

נאָכן פינפטן טאָג פון בלוט־באָד פאַרלאָזן די רוצחים שבת נאָך מיטאָג דעם געטאָ. אַ טויטע שטילקייט הילט אַרום די בלוט־אַרענע. פּוסטע פאַגראָמירטע הייזער. קיין סימן פון לעבן אין און אַרום זיי.

אין דער שטילקייט פון דער נאַכט הויבן אָן אַרויסצוקריכן פון די באַהעלטענישן איינציקע געשטאַלטן. זיי קוקן זיך אַרום, זוכן מיט די אויגן, שטרענגען אָן די אויערן. מען זעט נישט קיינעם און מען הערט גאָרנישט. די לבנה קוקט אַראָפּ פון אויבן, באַלייכט די שטיל־טויטע אָביעקטן.

— וואָס קומט דאָ פאָר?

— צי איז נאָך עמעצער פאַרבליבן? — טראַכטן די איבערגעבליבענע. צומאָרגנס פרי, דיזעלבע רוהיקייט. די האַלב־לעבעדיקע, האַלב־טויטע מענטשן ווערן דרייסטער. זיי שלייכן זיך אַרויס פאָרזיכטיק פון די הייזער, קוקן זיך אַרום, שטרענגען אָן דאָס געהער און רוקן זיך פּאַמעלעך ווייטער.

צי נאָר מיר אַליין האָבן איבערגעלעבט?

מען דערזעט פונווייטן אַ פאַרבאַהאַלטענע געשטאַלט הינטער אַ ווינקל פון אַ הויז. מיט שרעק ציט מען זיך צוריק. די געשטאַלט פאַרשווינדעט. מען שרעקט זיך פאַרן אייגענעם שאָטן, מען ציטערט אויף פון די אייגענע טריט. מען קוקט ווידער אַרויס. מען דערזעט איינער דעם אַנדערן: יידן פון שכנותדיקע „קאָלחאָזן".

ווי אַ סטאַדע ציטערדיקע שעפּסן דריקט מען זיך צו איינער צום אַנדערן. מיט דער צייט באַקומט מען מער זעלבסט־זיכערהייט. מען זאַמלט זיך צענויף גרופּנווייז. אַ שטומע שטילקייט. מען רעדט נישט, נאָר די אויסגעלאָשענע בליקן פון די איינגעגראָבענע אין די אויגן־לעכער אויגן רעדן פאַר זיך.

עס באַקומט זיך אין „יודנראַט" אַ באַפעל פון געביטס־קאָמיסאַר, אַז מען זאָל ביז מאָרגן אַריבערגיין אין צווייטן געטאָ־טייל. אַלע אַמטן פון געטאָ און דער שפּיטאָל דאַרפן איבערגעפירט ווערן אַהין.

מען הויבט אָן איבערצוּוואַנדערן. מען נעמט כמעט גאָר־נישט מיט: נישטאָ וואָס מיטצונעמען. אַלץ איז פאַגראָמירט און צערויבט. אַפּאַטיע. מען דאַרף גאָרנישט נישט האָבן.

אויף סאַדאָווע עק מינסקע גאַס ווערט אויפגעשטעלט אַ בייער געטאָ־טויער. נישט ווייט פון אים ווערט פאַרנומען אַ הויז אויף סאַדאָווע גאַס פאַרן „יודנראַט". נישט ווייט פון אים — די יידישע געטאָ־פּאָליציי. די אַרבעטער פון די געטאָ־וואַרשטאַטן ווערט דערלויבט אַריינצוגיין אין דעם געטאָ־טייל. עס ווערן אַראָפּגעבראַכט נאָך איניקע אַרבעטער־גרופּעס פון זייערע אַרבעטס־פּלעצער, ווו זיי זענען פאַרהאַלטן געוואָרן במשך פון דער צייט. די טראַגעדיע פון די געקומענע, וועלכע

טרעפן נישט זייערע פאַמיליעס איז זיך נישט פאַרצושטעלן. מען פילט אָבער, אַז מיט דעם איז נאָך נישט געענדיקט. מען האַלט, אַז די געטאָ־וואַרשטאַטן זענען דערווייל דער זיכער־סטער אָרט; מענטשן באַמיִען זיך אַריינצובאַקומען אַהין. איבערהויפּט גיט מען אַריין אַהין די קינדערלעך, וועלכע האָבן ביז היינט איבערגעלעבט. נישט אַלעמען ווילן די יידישע וואַרשטאַטן־אָנפירער אַריינלאָזן. מען מוז האָבן ביי זיי גרויס פּראָטעקציע.

*

מאָנטיק פרי גייען אַרויס די אַרבעטער פון געטאָ. די פאַרבליבענע נעמט אַרום אַן אומהיימלעך געפיל. מען איז אויף דער וואַך. מען באַמערקט נישט ווייט פונם נייעם געטאָ־טויער אויטאָמאָבילן אָנגעפּילטע מיט געשטאַפּאָ־לייט, ווייס־רוסישע, אוקראַינישע און לעטישע פּאָליציאַנטן. מען לאָזט זיך שנעל אַראָפּ אין די פאַרבליבענע „סכראָנעס". פיל פון די יידן, וועלכע האָבן נעכטן פאַרלאָזן דעם ערשטן געטאָ־טייל און האָבן דאָרט זייערע בונקערס, אין וועלכע זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן די פאַרגאַנגענע וואָך, לויפן צוריק אין זייערע באַהעלטענישן. דאָך באַווייזן נישט אַלע זיך צו באַהאַלטן.

די אויטאָס מיט די רוצחים פאָרן אַריין אין געטאָ. זיי צעשיטן זיך בליץ־שנעל איבערן געטאָ. זיי גייען אַריין אויך אין די געטאָ־וואַרשטאַטן. דאָסמאָל זוכן זיי נישט קיין בונקערס, זיי כאַפּן נאָר עלטער־מענער און פרויען. זיי נעמען צו די קינדער, וועלכע זיי געלינגט צו כאַפּן. די יונגע, אַרבעטס־פעיקע רירן זיי נישט אָן. כאַפּנדיק פרויען מיט קינדער אויף די הענט, באַפעלן זיי אָפּצוגעבן די קליינע אין מאַשין אַריין. ווען די מוטערס ווילן נישט, רייסן זיי אַרויס די קינדערלעך פון זייערע אָרעמס. אַ ספּעציעלער מאָרד־טאָג פאַר קינדער און אַלטע.

מען כאַפּט די פרוי פון ד"ר לעאָן קאַפּלאַן (צוגענומען מיט „די 13"). צוויי קליינע מיידעלעך געפינען זיך מיט איר, אַ פינפיאָריקע און אַ צוויי־יעריקע אויפן האַנט.

אַ בויכיקער געשטאַפּאָוויעץ באַפעלט זי אָפּגעבן די קינדער אין מאַשין אַריין; אַ צעקלעמטע שטייט זי ווי פאַר־גליווערט. אַ „יודנראַט"־מיטגליד, וועלכער שטייט דערביי, דערציילט דעם דייטש, אַז די מוטער איז אַ פרוי פון אַ דאָקטאָר, וועלכער איז צוגענומען געוואָרן אין יולי דורך דער געשטאַפּאָ „אויף אַרבעט", אַז זי איז איינזאַם אַליין און די צוויי מיידעלעך זענען איר איינציקע טרייסט.

ער גייט איין אויף אַ „קאָמפּראָמיס": נאָר איינע זאָל זי אָפּגעבן, און די צווייטע קען פאַרבלייבן ביי איר.

די אומגליקלעכע מוטער מוז געבן אַ קרבן, זי אַליין מוז דעם קרבן אויסוויילן! זי גיט אָפּ די קלענערע. אַ שטאַרקער ווייטיק קלעמט איר מוטערלעכע האַרץ. וואָס האָט זי געטאָן? פאַרוואָס האָט זי אָפּגעגעבן דאָס קליינע באַשעפעניש? זי וויינט, זי בעט, זי וויל מאַכן אַ בייט. עס ווערט איר דערלויבט. זי נעמט אַראָפּ פון מאַשין די קלענערע און גיט אָפּ די עלטערע.

מאַמעלע! מאַמעלע! — וויינט און שרייט דאָס קינד. די פרוי לויפט צו שנעל צו דער מאַשין, נעמט אַראָפּ דאָס וויינענדיקע קינד און גיט ווידער אָפּ דאָס אַנדערע. אין פאַרלויף פון אַ קורצער צייט האַלט זי אין איין בייטן די קינדער.

— אַ מוטערס האַרץ! — זאָגט דער „יודנראַט"־מיטגליד צום דייטש.

אפילו ביים מערדער באַווייזן זיך טרערן אין די אויגן. ער ברעכט זיך צוזאַמען. — נעם ביידע קינדער! — זאָגט ער.

בעת דער געטאָ־ליקווידאַציע קומען אום אַלע צוזאַמען: די מוטער מיט ביידע קינדערלעך.

אַכט טעג דויערט דער צווייטער מאַסן־מאָרד: פון אויף מאָרגן נאָך יום כפור ביזן דריטן טאָג חול המועד סוכות.

אייניקע גיבן אַן די צאָל פון די דערמאָרדעטע אויף איבער 3 טויזנט, אַנדערע — אויף 6 טויזנט. לויט מיינע פערזענלעכע אויסרעכענונגען דערגייט די צאָל ביז 6 טויזנט.

אַלע אַרבעטער ווערן אומגעקערט צוריק אין צווייטן געטאָ־טייל. די יעניקע, וועלכע האָבן זיך ביז איצט נאָך אויסבאַהאַלטן אין די נישט־אַנטדעקטע „סכראָנעס" פון דעם טייל, גייען אַרויס אויף דער „ליכטיקער" שיין.

*

דערמיט איז נאָך די „אַקציע" נישט געענדיקט. אין ערשטן געטאָ־טייל געפינען זיך נאָך ביי 500 פאַרבאַהאַלטענע, אונטער דער ערד, יידן. זיי קענען נישט פאַרלאָזן זייערע באַהעלטענישן, ווייל דאָ ווערט נאָך די „ליקווידאַציאָנס־אַקציע" פאָרטגעזעצט. דער געטאָ־טייל איז נאָך אַרומגערינגלט מיט אַ פאַרשטאַרק־טער וואַך. יעדן טאָג קומען אַריין די נאַציס מיט זייערע באַהעלפער. זיי זוכן און גראָבן די ערד. פון צייט צו צייט געלינגט זיי אויסצוגעפינען אַ בונקער. אויסגעדאַרטע, פאַר־וואָקסענע, אויסגעהונגערטע, קוים אויף די פיס זיך האַלטנדיקע מענטשן ווערן אַרויסגעשלעפּט אויף דער אויבערפלאַך.

מען פירט זיי אַרויס צו די גריבער, אַנדערע שיסט מען אויפן אָרט. דריי וואָכן האַלט נאָך אָן די „ליקווידאַציע". אַזוי אַרום דויערט די צווייטע „אַקציע" אַ מאָנאַט צייט.

⁂

אין די ערשטע טעג, נאָך דער בלוטיקער וואָך, ווערט נאָך דערלויבט די „יודנראַט"־מיטגלידער אַריינגיין אין ערשטן געטאָ־טייל און איבערטראַנספּאָרטירן די פאַרבליבענע געטאָ־געשעפטן, מעבל פון „יודנראַט" און פון געטאָ־שפּיטאָל. דערביי געלינגט אויך איבערצופירן איינציקע פערזאָנען, וועלכע האָבן זיך ביז איצט אויסבאַהאַלטן. אַמבעסטן צום אַרויסראַטעווען די פאַרבליבענע איז אָבער די אָוונט־צייט, ווען די מערדער פאַרלאָזן דעם געטאָ.

דער דעמאָלסטיקער פּרעזעס פון „יודנראַט" מוליע (שמואל) יאַנקעלעוויטש (איצט אין ישראל) קויפט אונטער דעם דייטשן וואַכמייסטער פון געטאָ־וואַך, און צוזאַמען מיט וואַרשאַווסקין, דעם פאַרטרעטער פון געטאָ־פּאָליציי־נאַטשאַל־

ניק, גייען זיי אַריין אין ערשטן געטאָ־טייל, נעמען אַרויס פון די, זיי באַקאַנטע בונקערס, די פאַרבליבענע יידן — און פירן זיי אַריבער אין באַווינטן געטאָ־טייל.

די ערשטע צוויי נעכט געלינגט זיי אַרויסצוראַטעווען אויף אַזאַ אופן עטלעכע צענדליק פון די צום טויט פאַר־משפּטע יידן. אין דער דריטער נאַכט גייען זיי ווידער צו דער, באמת הייליקער אַרבעט. זיי זענען שוין ביי זייער ציל. זיי זוכן די פאַרבאַהאַלטענע. פלוצלינג... ווערן זיי באַלויכטן. אַ פּראָזשעקטאָר־ליכט נעמט זיי אַרום.

— האַלט, האַלט!

מוליע יאַנקעלעוויטש פאַרלירט זיך נישט. ער באַקומט זיך אַרויס פון געטאָ, ער איז שוין אויסערן שטאָט. ער ראַטעוועט זיך. ער לעבט איבער די מלחמה.

די איבעריקע ווערן געכאַפּט און אָפּגעפירט אין געשטאַפּאָ. וואַרשאַווסקי ווערט געפּאָרשט, געשלאָגן און ענדלעך דער־שאָסן. אויך באַצאָלן מיט זייער לעבן די פרוי און קינד פון יאַנקעלעוויטשן, דער „יודנראַט״־מיטגליד אידעלטשיק און פיל אַנדערע פון די אַרויסגעראַטעוועטע אין די פאָריקע נעכט.

*

נאָך דער „ליקווידאַציע״ פון ערשטן געטאָ־טייל ווערן אַראָפּגענומען די שטעכל־דראָט־צוימען, און די הייזער ווערן באַזעצט מיט „אַרישער״ באַפעלקערונג. אין די געוועזענע קריסטלעכע הייזער קערן זיך אום זייערע אייגנטימער.

אַ לאַנגע צייט נאָכדעם באַהאַלטן זיך אויס אין די נישט־געעפנטע „סכראָנעס״ פון דידאָזיקע הייזער פאַרבליבענע יידן.

אין די נאַכט־שעהן, ווען די איינוווינער פון די הייזער לייגן זיך שלאָפן, ווען אין הויז ווערט פינסטער און רוהיק, רוקן זיך אַרויס פון די באַהעלטענישן די אומגליקלעכע יידן. מיט גרויס פאָרזיכטיקייט נעמען זיי אָן וואַסער פון די איימערס, זוכן אויס אָפּפאַלן פון די קריסטלעכע עסנס, אַמאָל דער־לויבן זיי זיך מיטצונעמען אַ שטיקל ברויט — און פאַרשווינדן צוריק אין דער פינסטערניש פון דער נאַכט. די קריסטן הויבן אָן צו באַמערקן, אַז עס פעלט זיי ברויט און וואַסער און ווייסן נישט, וואָס דאָ קומט פאָר. זיי הויבן אָן נאָכצופאָרשן און אָפּצוהיטן „די נאַכט געסט״.

ענדלעך אַנטדעקן זיי דעם סוד. זיי רופן פּאָליציי און גיבן איבער אין זייערע הענט די פאַרצווייפלטע מענטשן־שאָטנס.

## די געשעענישן נאָך דער 2-טער „אקציע״

נאָכן אַנטלויפן פון געוועזענעם פּרעזעס פון „יודנראַט״, מוליע יאַנקעלעוויטש, באַשטימען די נאַציס אַ נייעם פּרעזעס, דעם שלאָסער־מייסטער גאָלדבערג, אַ פּליט, וועלכער איז פאַרבליבן אין באַראַנאָוויטש אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע. אַ קלוגער, ענערגישער ייד, וועלכן די דייטשן שעצן צוליב זיין פלייסיקער אַרבעט.

אַלס פּאָליציי־אינספּעקטאָר (דער ביזאיצטיקער איז פאַר־שווונדן פון געטאָ) ווערט אויסגעוויילט דורכן „יודנראַט״, דער יונגער ווילער מעדיצין־דאָקטאָר, יוזעק ליובראַניעצקי, אַ מלחמה־פּליט פון לאָדזש. ער ווערט זיך, וויל נישט אָננעמען דעם אַמט. דער ״יודנראַט״ רעדט אים אָבער איין, אַז ער זאָל אָננעמען דעם פּאָסטן צום גונסטן פון געטאָ. אויך וויל ער אים אויף אַזאַ אופן פאַרהאַלטן אין געטאָ, כדי ער זאָל נישט פאַרלאָזן דאָס געטאָ, ווי זיין ברודער ד״ר וואַצעק ליובראַ־ניעצקי, מיט מאָנאַט צוריק.

דאָס לעבן אין געטאָ איז אומדערטרעגלעך. די ענגשאַפט איז גרויס: 60 × 60 ס״מ אויף אַ פּערזאָן, די מענטשן אָפּגעריסן. דער הונגער און נויט גרויס, די איינזאַמקייט — אומבאַ־שרייבלעך. עס זענען כמעט נישט פאַרבליבן קיין משפחות. אַלע יתומים, אלמנים און אלמנות. אין ערשטן געטאָ־טייל האַלט נאָך אָן די „אַקציע״, טאָג און נאַכט — שיסערייען.

— ראַטעווען זיך און נקמה נעמען! — דער געדאַנק הויבט אָן צו עגבערן אין מוח. און שוין אין דער פינסטערניש פון די אָנקומענדיקע נעכט ווערן איבערגעשניטן די דראָטן פון געטאָ־צוים. גרופּעס, גרופּעס פון יונגע לייט באַקומען זיך אַרויס פון אונטערן צוים, ווער מיט צוגעגרייטן געווער (פון די ווידערשטאַנדס־גרופּעס) און ווער מיט הוילע הענט. מען פאַרלאָזט די שטאָט און מען גייט אין וואַלד. אַנדערע פאַרלאָזן די שטאָט, אַרויסגייענדיק פון זייערע אַרבעטס־שטעלעס. מען טרעפט זיך צוזאַמען, מען סוד׳עט זיך. דער „יודנראַט״ באַמיט זיך מיט אַלע מיטלען פאַרהאַלטן דעם שטראָם אין וואַלד, אָבער אויך זיי אַליין, די „יודנראַטשיקעס״, קלייבן זיך אויך צו פאַרלאָזן דעם געטאָ, הגם זיי זענען נאָך נישט גאַנץ גרייט: זיי מוזן זיך פאַרזאָרגן מיט עסנוואַרג אויף אַ לענגערע צייט (אַנדערע גרייטן צו אַפילו קאָנפּיטורן) און מיט באַקליידונג. זיי היטן אויך איינער דעם אַנדערן, אַז קיינער זאָל נישט אַנטלויפן פריהער פון די איבעריקע.

די געשטאַפּאָ פאַררופט זיי פון צייט צו צייט און וואָרנט.

— די ענגשאַפט אין געטאָ איז גרויס און די מענטשן האָבן נישט, ווו אָפּצורוען נאָך דער אַרבעט! — טענה׳ט מוליק (שמואל) איזראַעל. — דערפאַר פאַרלאָזן זיי דעם געטאָ!

נעמענדיק אין אַכט זיינע ווערטער, ווערן צוגעטיילט צום געטאָ נאָך אייניקע הייזער אויף אָרלע גאַס.

אַנדערע, איבערהויפּט עלטערע, פאַרבונדענע מיט פאַ־מיליען־רעשטלעך, אָדער דרייסטלאָזע, באַמיען זיך איינצו־אָרדענען אויף אַלערליי אַרבעטן: אין די געטאָ־וואַרשטאַטן, אין פעלדבאַאַרבייטונג, אין „אָטע״, אין געביטס־קאָמיסאַריאַט און אין געשטאַפּאָ, ווו עס זענען אויך דאָ וואַרשטאַטן פון אַלערליי ספּעציאַליסטן, ווי שוסטער, שניידער, זייגער־מאַכער א.אַ.וו. די וועלכע אַרבעטן, באַמיען זיך אַריינצונעמען זייערע, ביים לעבן פאַרבליבענע פאַמיליען־מיטגלידער. אַזוי, צ.ב., ווערט ד״ר שטערנפעלד אָנגענומען אַלס זייגער־מאַכער. מען וויל אַלץ האָפן, אַז די אַרבעט וועט אויסלייזן פון טויט.

*

אויך אין די אוממענטשלעכע באַדינגונגען פון געטאָ, הויבט זיך אָן דאָס לעבן „איינצוסטאַביליזירן״. די איינציקע זאָרג איז איבערצולעבן. פון דער אַנדערער זייט קומען אָן

אַלץ נייע און נייע פאַראָרדנונגען פון געשטאַפּאָ, וועלכע פאַרביטערן דאָס לעבן אַלץ מער און מער. צווישן אַנדערן, קומט אַ באַפעל, אַז מען זאָל אַלע „סכראָנעס”, וועלכע געפינען זיך נאָך אין געטאָ, אויפגראָבן און אויפעפענען. אויב עס וועט זיך געפינען איין נישט־ליקווידירטער־בונקער, וועלן אַלע איינוווינער פון הויז, צו וועלכן ער געהערט, דערשאָסן ווערן. אין יעדן הויז געפינען זיך מענטשן, וועלכע זענען קעגן עפענען און צעשטערן פון די באַהעלטענישן, אָבער עס געפינען זיך אויך אַזעלכע וואָס הערן געהאָרכזאַם דעם באַפעל. די לעצטע מעלדן אין געטאָ־פּאָליציי וועגן די נאָך עקזיסטירנדיקע בונקערס. די גרעסטע צאָל פון זיי ווערט ליקווידירט. די איינציקע האָפנונג אויף אויסצובאַהאַלטן זיך אין אַ נויטפאַל — ווערט צעשטערט.

מען פאַרשטייט און מען גיט זיך אָפּ אַ רעכענונג פון דער באַדייטונג פון דער נייער גזירה. עס איז שוין כמעט נישטאָ קיין האָפנונג אויף איבערצולעבן.

*

דער שטראָם פון די יוגנטלעכע אין וואַלד אַריין ציט זיך אָן אויפהער. עס קומען שוין פון צייט צו צייט אין שטאָט אונזערע פּאַרטיזאַנער און מאַכן איבערפאַלן אויף די דייטשן און אויף זייערע וואָיגונגען. מען נעמט צו זייער געווער, מען פירט אויס אַלערליי אויפגאַבעס. זיי קומען אויך אין געטאָ, מונטערן אויף די יוגנט צום אַרויסגיין אין וואַלד. צוויי־הונדערט יונגעלייט זענען שוין אַרויס אין די וועלדער.

דער „יודנראַט” פאַרהאַלט די „פאַרדעכטיקע” אין וועלן אַנטלויפן, שפּאַרט זיי איין אין געטאָ־תפיסה. פאָרשט די פאַרהאַלטענע, וויל זיך דערוויסן, ווער נאָך קלייבט זיך צו אַנטלויפן. ביי דער אויספאָרשונג ווערן נישט איינמאָל אָנגעווענדעט פיזישע געוואַלט־מיטלען.

דעם 12־טן דעצעמבער 1942 (אין יאָרטאָג פון פאַרשליסן דאָס געטאָ) באַפאַלט יודל אַשעראָווסקי אַ דייטשן מיליטערישן באַן־אָנגעשטעלטן און וויל אָפּנעמען ביי אים זיין געווער. עס אַנטוויקלט זיך אַ קאַמף. דער דייטש ווערט דערהרגעט. אָשעראָווסקי קומט אויך אום, וואַרפנדיק ביים אָפּטרעטן אַ האַנט־גראַנאַט.

די לאַגע ווערט אָנגעשטרענגטער. מען פילט אַז דאָס שרעקלעכע אומפאַרמיידלעכע רוקט זיך אָן... די קריסטן גיבן איבער זייערע באַקאַנטע יידן, וועגן אַ קאָנצענטראַציע פון ווייסרוסישע און אוקראַאינישע פּאָליציי פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך.

דעם 15־טן דעצעמבער אָוונט באַקומען זיך אַריין אין געטאָ אייניקע יידישע פּאַרטיזאַנער מיט איטשע (יצחק) מעדרעשן בראש. זיי זענען געשיקט געוואָרן אויסצופירן איין אויפגאַבע: „אָפּרוימען” איינעם פון די „יודנראַט”־מיטגלידער, וועלכער איז אַם טעטיקסטן ביים פאַרהאַלטן די יוגנט, וועלכע וויל פאַרלאָזן דעם געטאָ, און וועלכער באַנוצט זיך מיט געוואַלט־מיטלען ביי די אויספאָרשונגען. אויסער דעם דאַרפן זיי באַפרייען אַלע פאַרשפאַרטע אין געטאָ־תפיסה.

דער ערשטער טייל פון דער אויפגאַבע קומט נישט צרשטאַנד, ווייל דער מאַן געפינט זיך אויף אַ זיצונג. דאַקעגן ווערט די געטאָ־תפיסה אויפגעריסן, די יוגענטלעכע ווערן באַפרייט און אַרויסגעפירט פון געטאָ. אויסער די, נעמט מיט מעדרעש, די מעדיצין־סטודענטין, לאה בעגוזע מיט אירער אַ חברטע. ער וויל מיטנעמען לאה׳ס יינגערע שוועסטער, גיזע מיט איר מוטער, די באַקאַנטע אַקושערין, קלאַראַ יאַסינאָווסקי־בעגוזע, אָבער זיי לייגן אָפּ זייער אַרויסגיין אויף שפּעטער, אויף אַן אַנדער מאָל. מאָרגן גאַנץ פרי ווערט געמאָלדן וועגן די נאַכט־געשעענישן אין געשטאַפּאָ.

## ליקווידאַציע פון געטא

געווידמעט דעם אָנדענק פון מיין אומפאַר־
געסלעכער מוטער, ליבע לעווינבוק ע״ה,
וועלכע איז אומגעבראַכט געוואָרן בעת דער
געטאָ־ליקווידאַציע.

דעם 17־טן דעצעמבער 1942 — ט׳ בטבת תש״ג. זעקס פאַרטאָג. עס איז נאָך פינסטער. אינדרויסן — אַ פראָסט. פּלוצלינג הויבט אָן צו „טרעשטשען” דער פאַרפרוירענער שניי אַרום און אַרום דעם געטאָ־צוים. הונדערטער באַוואָפנטע „וואָראָנעס” רינגלען אַרום דעם געטאָ.

אין געטאָ — אַ פּאַניק. נישטאָ ווו זיך אויסצובאַהאַלטן. די „סכראָנעס” זענען מייסטנס צעשטערט. מען לויפט אַרום, ווי פאַרסמטע מייז, די אַרבעטער פון די געטאָ־וואַרשטאַטן לויפן מיט זייערע פאַמיליעס אין זייערע אַרבעטס־פּלעצער. אויך הונדערטער אַנדערע יידן רייסן זיך אַריין אין די וואַרשטאַטן. זיי האָפן דאָ צו געפינען זייער רעטונג. אַנדערע באַהאַלטן זיך אויך דאָ אין באַהעלטענישן (אויף די בוידימער און אונטער די פּאָלן).

דער געטאָ־טויער ווערט געעפנט. עס הויבן אָן אַריינצושטראָמען געשטאַפּאָווצעס, קאָלדיטשעווער ווייסרוסישע פּאָליציאַנטן, אוקראַאינישע און לעטישע פּאָליציי. דער טויער פון געטאָ צו די וואַרשטאַטן איז באַוואַכט. מען קען זיך שוין נישט אַריינבאַקומען אַהין. מען זאַמלט די אַרבעטער־גרופּן און מען סעגרעגירט זיי. עס ווערן אַרויסגעפירט פון געטאָ איבער 300 מאַן פון דער „אָ.ט.”־גרופּע, ביי 250 פון „פעלד־באַוולייטונג”־גרופּע און איבער 100 מאַן פון דער געשטאַפּאָ־גרופּע. מען פירט זיי אָפּ אויף זייערע אַרבעטס־פּלעצער. אַלע איבעריקע אַרבעטער מוזן זיך אויסלייגן ביי די זייטן פון די גאַסן, אויף דעם שניי, מיטן פּנים אַראָפּ.

זיי ווערן באַוואַכט. ביי יעדער קלענסטער באַוועגונג — שרעקלעכע קלעפּ. הונדערטער, הונדערטער מענער און פרויען זענען צעשפּרייט אויף ביידע גאַס־זייטן. צווישן די רייען שפּאַצירן די געשטאַפּאָ — און פּאָליציי־אָפיצירן.

מיטן פּנים צו דער ערד, ליגט צווישן אַנדערע, די יונגע פרוי זיידמאַן. איר מאַן איז אין קאָלדיטשעווע. זי איז אויך

דאָרט געווען, מיט אים צוזאַמען. זי איז דאַן געווען שוואַנגער. מען האָט זי שוין געוואָלט דערשיסן, אָבער עס איז איר געלונגען זיך אומקערן אין געטאָ. דאָ האָט זי געבוירן אין געטאָ־שפּיטאָל איר קינד. זי האָט נאָכדעם איבערגעלעבט דאָ, דעם נאָך יום־כפור־מאַסן־מאָרד. דאַן האָט זי געמאַכט באַ־מיונגען און איז צוריקגעקומען אין קאָנצענטראַציע־לאַגער, כדי צו זיין צוזאַמען מיט איר מאַן. דער לאַגער־קאָמענדאַנט האָט זי נישט אָנגענומען און אָפּגעשיקט צוריק אין געטאָ. זי קען אים גוט — דעם קאָמענדאַנט באָבקע. איצט, ליגנדיק מיטן פּנים אַראָפּ, כאַפּט זי אַ בליק אין דעם זייט און דערזעט אים, באָבקען, פאַרבייגייענדיק.

— קאָמענדאַנט באָבקע, ראַטעווע מיך! — זאָגט זי צו אים שטיל. ער דערהערט די ווענדונג, גיט אַ קוק אין איר זייט און שפּרייזט רוהיק אַוועק ווייטער.

עס פאַרפאָרן אין געטאָ גרויסע פאַרמאַכטע אויטאָס, צווישן זיי, אויך לאַסט־אויטאָס. אונטער אַ האָגל פון קלעפּ טרייבט מען אַריין די מענטשן אין די אויטאָס. נאָכן „פאַרהאַקן״ די טירן פאָרן די אויטאָס אַרויס צו די גראַבאָוויעצער גריבער, צו די זעלבע גריבער, ווו עס זענען מיט צוויי און האַלב מאָנאַט צוריק אומגעבראַכט געוואָרן ביי זעקס טויזנט יידן פון באַראַנאָוויטשער געטאָ. איצט פירט מען שוין אַהין די לעצטע רעשטן...

עס פאָרט אַן אויטאָ „אָנגעפּאַקט״ מיט יידן, צעשלאָגענע, אַפּאַטישע. צווישן זיי — די אויבנדערמאָנטע פרוי זיידמאַן און די אַכצן־יעריקע מירקע ווידגאָרטשיק (די טאָכטער פון אינהאַבער פון אפּטייק־סקלאַד משה ווידגאָרטשיק). די לעצטע ווענדעט זיך צו די אָנוועזנדע:

— יידן, וואָס שווייגט איר? וואָס זיצט איר אַזוי רוהיק? צי ווייסט איר נישט, וווהין און צו וואָס מען פירט אונדז?

— קומט, לאָמיר צוזאַמען פּרווון אויפעפענען די טירן פון אויטאָ!

איר רוף ווירקט. מען לויפט צו דער טיר. צוזאַמען הויבן זיי אָן דריקן אויף דער צוגעמאַכטער צווייטייליקער טיר. די טיר הויבט זיך אָן אונטערגעבן דעם דרוק. זי עפנט זיך אויף טיילווייז. צווישןביידע העלפטן פון טיר אַנטשטייט אַ „שפּאַרע״. מען זעט דורך איר די גאַס. מירע קוקט אַרויס.

— איצט רוהיק! קאָמאַנדעוועט זי. פון ביידע זייטן פון דער גאַס שטייט פּאָליציי. מיר וועלן נאָך וואַרטן! מיר זענען נאָך אין שטאָט!

דער אויטאָ רוקט זיך שנעל פאָרויס און לאָזט הינטער זיך די שטאָט.

— איצט זעט מען קיינעם נישט! לאָמיר ווייטער דריקן אויף די טירן!

מען דריקט איצט מיטן גאַנצן כוח. צווישן די טירן און אויטאָ־פּאָל אַנטשטייט אַ דרייעקיקע עפענונג.

— נאָך אַ ביסל אַ שטופּ, אַלע צוזאַמען!

די עפענונג פאַרגרעסערט זיך.

— און איצט, שפּרינגען!

איינער נאָכן אַנדערן רוקט זיך אַראָפּ מיט די פיס
אין דער עפענונג און שפּרינגט, אומפאַלנדיק אויפן
שניי, אויף אַ געוויסן דיסטאַנץ איינער פון צווייטן.
די מענטשן צעלויפן זיך אין אַלע זייטן.
צו די גריבער קומט אָן אַ ליידיקע מאַשין.

*

אין דערזעלבער צייט גייען אַריין די נאַצי־באַנדיטן אין די געטאָ־וואַרשטאַטן. זיי באַפוילן אַלעמען פאַרלאָזן די הייזער און אַרויסגיין אויפן גאַס. דאָ מאַכן זיי אַ סעלעקציע. זיי קלייבן אויס די ספּעציאַליסטן און שטעלן זיי אויף רעכטס און די איבעריקע — פרויען מיט קינדער און אַנדערע מענער, וועלכע געפעלן זיי נישט — אויף לינקס.

די צאָל פון די מענטשן איז גרויס און די גאַס איז קליין אויפצונעמען אַלעמען. דעריבער קומט אויס, אַז ביידע אָפּגע־טיילטע גרופּן שטייען נישט ווייט איינע פון דער אַנדערער. די יידן פון לינקס הויבן זיך אָן איבערצורוקן אויף רעכט. די נאַציס באַמערקן דאָס און הויבן אָן צו שיסן אויף אונטן, צווישן ביידע גרופּעס, וועלנדיק אויף אַזאַ אופן אָפּטיילן איין גרופּע פון דער אַנדערער. אייניקע ווערן פאַרוואונדעט אין די פיס, צווישן זיי, דישעל דער שוסטער (זיין ברודער אין ישראל). ער באַקלאָגט זיך נישט, ער מאַכט זיך נישט וויסנדיק פון זיין וווּנד. ער איז גליקלעך, וואָס אים האָט זיך איינגעגעבן פאַרבלייבן אויף דער רעכטער זייט.

די אַדוואָקאַטין זלאַטע שוויראַנסקי רייסט זיך אַרויס פון דער טויטן־זייט און הויבט אָן צו לויפן צום טויער. זי ווערט דערשאָסן אויפן אָרט, אויף די אויגן פון איר ברודער, וועלכער שטייט אויף „רעכטס״.

האַרצרייסנדיקע סצענעס שפּילן זיך אָפּ. אָט שטייט דער מענער־שניידער, ניסן פּאָרעצקי אויף דער „זייט פון די לעבע־דיקע״, זיין פרוי מיט זייערע צוויי קינדערלעך — אין דער אַנדערער גרופּע. די קינדערלעך זעען זייער פאָטער פון־דערווייטנס. וויינען און שרייען: „טאַטע, קום צו אונדז״. ער האַלט נישט אויס: דער גוטער פאָטער גייט צו זיינע קינדער. אויף דער „זייט פון די טויטע״ דערלויבט מען אים איבערצוגיין.

די ס.ד.־מערדער באַמערקן זייערע אַן אַרבעטערין, וועלכע האָט זיך דאָ אויסבאַהאַלטן מיט איר קינד. זיי ווילן איר צונעמען אויף דער רעכטער זייט, אָבער אָן קינד. זי וויל דאָס קינד נישט פאַרלאָזן און פאַרבלייבט צוזאַמען מיט אים. שפּעטער, ווען די מערדער קומען צו איר צו און הויבן אָן איר איינצורעדן, ווערט זי איינגעבראָכן: זי לאָזט איבער דאָס קינד, בעט באַקאַנטע, זיי זאָלן זיך מיט אים פאַרנעמען, און, זאָגנדיק אים, אַז באַלד וועט זי צוריקקומען, גייט זי איבער אויף דער רעכטער זייט.

די גרופּע פון די ספּעציאַליסטן, בערך 350 מאַן, ווערט צוגענומען פון געטאָ און אָפּגעפירט אין געשטאַפּאָ־הויף. צווישן זיי געפינען זיך די „יודנראַט״־מיטגלידער און אַרבעטער:

ד״ר סאַוואָטשיץ, וועלכער האָט אויסגעטאָן דעם אַרמבאַנד מיטן רויטן קרייץ און זיך אָנגעגעבן אַלס טשעסליער (בוי־האָלץ־האַקער), מוליק איזראַעל — אַלס עלעקטריקער, עזיע פידלער, אלימלך (מיילעך) ליימאַן מיט זיין זון, בעלאָסקורניק און איסאַק איזיקזאָן (אַדמיניסטראַטאָר פון געטאָ־שפּיטאָל), אַלס סטאָליאַר. אין דער גרופּע געפינט זיך אויך דער סלאָנימער רבי, ר׳ שלמה׳לע וויינבערג, אַלס סטאָליאַר. די איבעריקע, פאַרבליבענע אין די וואַרשטאַטן, ווערן צוגענומען אין אויטאָס און אָפּגעפירט צו די גריבער.

דער זייגער איז עלף פאַרמיטאָג. אָפיציעל עקזיסטירט שוין נישט מער דער געטאָ. נאָך 5 שעה האָט געדויערט די ליקווידאַציע. אין דעם אָפיציעלן נאַציסטישן באַריכט ווערט אָנגעגעבן: „באַראַנאָוויטש איז יודנריין״.

*

די אַראָפּגעבראַכטע אויפן געשטאַפּאָ־הויף יידן זיצן אַלע צוזאַמען אויף דער ערד. זיי ווייסן נישט, וואָס עס שטייט זיי נאָך פאָר. זיי זענען אַרומגערינגלט מיט אַ וואַך פון קאַלדי־טשעווער פּאָליציאַנטן.

פון צייט צו צייט קומט אַ געשטאַפּאָוויעץ און נעמט אַרויס איינציקע ספּעציאַליסטן פון דער גרופּע. זיי ווערן איבער־געפירט צו די סטאַבילע אַרבעטער ביים ס.ד. נאָך דער ליקווידאַציע פון די געטאָ־וואַרשטאַטן פאַרברייטערן די געשטאַפּאָ־באַנדיטן די שוין עקזיסטירנדיקע ביי זיי אַרבעטער־שטעלעס. אויך ברענגען זיי אַראָפּ פון געטאָ די ביי־מאַשינען און אַנדערע אינסטרומענטן. אין זייערע „סקלאַדעס״ פירן זיי אַריין דאָס ביסל איבערגעבליבענע אין געטאָ, האָב און גוטס: בעטן, בעטגעוואַנט, טישן, שטולן, עסנוואַרג, מעדיקאַמענטן, א.אַ.וו.

פאַרנאַכט דערנענטערט זיך צו דערדאַזיקער יידן־גרופּע אַ ס.ד.־מאַן און פירט אַרויס מוליק איזראַעלן. מער האָט מען אים שוין נישט געזען. ווי עס ווערט איבערגעגעבן, האָבן אים די ס.ד.־מעדער זייער געמאַטערט און געשלאָגן. שפּעטער האָבן זיי אים אַרויסגעפירט אַ נאַקעטן אויפן הויף און דער־שאָסן.

אין די אָוונט־שעהן פאַרפאָרן אויטאָ־מאַשינען אין גע־שטאַפּאָ־הויף. די איבער 300 יידן ווערן אַריינגעטריבן אין זיי און אַוועקגעפירט אין דער פינסטערניש פון דער נאַכט אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג.

*

אין ליקווידירטן געטאָ האַלט נאָך אַן די „אַקציע״. די ווייסרוסישע פּאָליציי נישטערט און זוכט אויס די באַהאַלטענע יידן. זי זאַמלט זיי צונויף אויף איין פּלאַץ, שלאָגט און מאַלטרעטירט. דאַן שיקט זי זיי אָפּ צו די גריבער.

מען כאַפּט דעם באַקאַנטן ציוניסטישן און געזעלשאַפטלעכן טוער, ד״ר אייזיק בוסעל. זיי דערוויסן זיך, אַז ער איז אַן אויגן־ספּעציאַליסט.

— דו ביזט אַן אויגן־ספּעציאַליסט? האַ?

מיט זייערע פויסטן הויבן זיי אָן צו באַקסירן זיין פּנים, ספּעציעל אויסמעסטנדיק די קלעפּ אין די אויגן. זיין געזיכט, באַגיסט זיך מיט בלוט, די אויגן ווערן פאַרשוואָלן.

— איצט זעסטו גוט, דו אויגן־ספּעציאַליסט? כאַ, כאַ, כאַ!

ווען אַ באַהאַלטעניש מיט יידן ווערט אויסגעפונען, געשעט נישט איינמאָל, אַז די געכאַפּטע צעלויפן זיך אין אַלע זייטן. זיי ווערן נאָכגעיאָגט דורך דער פּאָליציי, וועלכע שיסט אויף די אַנטלויפנדיקע.

אַט לויפט ד״ר ראובקע סלוצקי. אַ ווייסרוסישער פּאָלי־ציאַנט מיט אַ ביקס לויפט אים נאָך. פון צייט צו צייט דרייט אויס דער דאָקטאָר זיין קאָפּ אויף הינטן און שרייט צום ווייסרוס:

— סטרעליאַי! סטרעליאַי! (שיס! שיס!).

עס געלינגט אים דאָסמאָל אַנטלויפן, אָבער שפּעטער ווערט ער געכאַפּט און דערשאָסן.

דעם דאָקטאָרס צוויי־יאָריקע טעכטערל, צילינקע, לויפט אַליין אין מיטן גאַס. אַ מערדערישע, גוט אויסגעצילטע קויל לעכערט דורך איר לייב.

*

אויף אַ ספּעציעלן אופן געלינגט צו פאַרלאָזן דעם געטאָ דער פרוי מאַניע וויגדאָרטשיק, מיט איר צען־יאָריקן זונעלע.

אויפן צווייטן טאָג פון דער אַקציע פאַרפאָרט אין געטאָ אַ פאַרמאַכטער לאַסט־אויטאָ פון „פעלדבאַולייטונג״. עס גייען אַרויס פון אים עטלעכע יידן מיט אַ דייטש. זיי זענען געשיקט געוואָרן אויפצוזאַמלען אייזנס אין געטאָ. פון איר באַהעלטעניש דערזעט זיי די פרוי וויגדאָרטשיק. זי דערקענט די מענטשן, וועלכע זענען נעכטן אַרויסגענומען געוואָרן מיט דער אַרבעטער־גרופּע, צוזאַמען מיט איר מאַן. אומקוקנדיק זיך אויף אַלע זייטן און נישט באַמערקנדיק קיין פּאָליציי, לויפט זי צו צום דייטש, בעטנדיק אים, אַז ער זאָל מיטנעמען זי צוזאַמען מיטן קינד אין „פעלדבאַולייטונג״ צו איר מאַן, וועלכער אַרבעט דאָרט. זי ווירקט אויף אים. ער נעמט אַריין ביידן אין פאַרמאַכטן מאַשין און נאָכן פאַרענדיקן פון דער אַרבעט, פירט ער זי אָפּ צום מאַן.

די פרייד פון דער געראַטעוועטער פאַמיליע איז אומ־באַשרייבלעך, בפרט אַז זייער עלטערע טאָכטער מירקע, וועלכע איז נעכטן אַרויסגעשפּרונגען פון דער „טויט־מאַשין״, איז אויך געקומען צו זיי אין לאַגער. וועלנדיק האָבן מער אַרבעטער־הענט, האָבן זיי די דייטשן אויפגענומען.

*

די ליקווידאַציע פון געטאָ דויערט איבער אַ מאָנאַט. אַ פאַרשטאַרקטע וואַך שטייט אַרום דעם געטאָ־צוים, טאָג און נאַכט. פון צייט צו צייט געלינגט זיי נאָך אויסצוגעפינען פאַר־באַהאַלטענע יידן.

אין דער לעצטער וואָך ווערן אַריינגעבראַכט יידישע אַרבעטער פון געשטאַפּאָ אויפצורוימען די גאַסן און הייזער.

אין איינעם פון די טעג דערנענטערט זיך צו די יידישע אַרבעטער אַן אַלטיטשקע, וועלכע איז אַרויס פון באַהעל־

טעניש. כמעט אַ מאָנאַט, אַז זי באַהאַלט זיך שוין אויס. קוים וואָס זי האַלט זיך אויף די פיס. זי ציטערט.

— באַבינקע! — זאָגן צו איר די יידן, — פאַרבאַהאַלט זיך גיך, ווייל מען קען נאָך אייך דערזען!

— ווען עס ווערט פינסטער, גנבעט זי זיך אַרויס פ׳ון אונטער די דראָטן און גייט אַרויס פון געטאָ!

צומאָרגנס, ווען די אַרבעטער זענען ווידער געקומען אין געטאָ, האָבן זיי דערזען האַרט ביים געטאָ־צוים דעם טויטן קערפּער פון דער אַלטער פרוי. וואַרשיינלעך דער לעצטער קרבן אויף דער באַראַנאָוויטשער געטאָ־טעריטאָריע!

ביי 300 יידן ווערן אומגעבראַכט אין דערדאָזיקער דריטער אַקציע.

אין אַ קורצער צייט אַרום ווערן אַראָפּגענומען די שטעכל־דראָטן, די קלעצער באַזייטיקט. דער געטאָ עקזיסטירט שוין מער נישט.

*

ביז איצט האָט זיך נאָך אויסבאַהאַלטן אין איינעם פון די נישט אַנטדעקטע און נישט צעשטערטע „סכראָנעס״, דער יונגער כירורג, ד״ר אַבראַשע אַבראַמאָווסקי. ער אָריענטירט זיך שנעל, אַז מער קען ער דאָ נישט פאַרבלייבן: ווען די קריסטלעכע איינוווינער וועלן באַזעצן דאָס הויז, וועט ער שוין מער נישט קענען פאַרלאָזן דעם בונקער.

גוט צוגעגרייט צום וועג, אין אַ וואַרימען אַנצוג, מיט נייע שטיוול אויף די פיס און מיט אַ רעוואָלווער אין קעשענע, גייט ער אַרויס פון זיין באַהעלטעניש און פאַרלאָזט אין דער פינסטערניש די שטאָט. ער גייט אין וואַלד.

דער לעצטער געטאָ־מאָהיקאַנער!

## נאָך דער געטאָ־ליקווידאַציע

ווי באַקאַנט זענען אינם טאָג פון דער געטאָ־ליקווידאַציע, דעם 17־טן דעצעמבער 1942, אַרויסגעפירט געוואָרן פון געטאָ פאָלגענדיקע גרופּן:

„א. ט.״־גרופּע, פעלדבאַלייטונג־גרופּע, „ס.ד.״־גרופּע און נאָך אַ גרופּע, וועלכע איז אָפּגעפירט געוואָרן אויף מאַשינען אין קאָנצענטראַציע־לאַגער קאָלדיטשעוואָ.

די מאַשינען ווערן געעפנט און ביי געשרייען און קלעפּ פון דער דאָרטיקער ווייסרוסישער געשטאַפּאָ־פּאָליציי: „ביסטראָ, ביסטראָ״! (שנעלער! שנעלער!), ווערן זיי אויסגעלאָדן פון די אויטאָס.

פּלוצלינג רייסן זיך אַרויס פון דער גרופּע דריי פערזאָן און הויבן אָן אַנטלויפן. די פּאָליציי יאָגט זיי נאָך און שיסט. די דריי לויפן אַרויס פון לאַגער־טעריטאָריע, נישט קענענדיק אָבער די טאָפּאָגראַפישע לאַגע פון לאַגער, לויפן זיי אַריין אין צווייטן, אַרומגעצוימטן לאַגער־טייל, וועלכער איז באַוווינט דורך דער פּאָליציי. אין דראַמאַטישן געלויף פאַלן אַלע דריי דערשאָסענע: דער שטעפער (קאַמאַשן־מאַכער) און מיטגליד פון דראַמאַטישן פאַריין, ניעסוויזשסקי, מיט זיינע צוויי דערוואַקסענע זין. אַלע איבעריקע יידן ווערן פאַרשפּאַרט אין אַ באַראַק, וואָס האָט אַ מאָל געדינט אַלס פערד־שטאַל.

דאָ טרעפן זיי זיך אין דער פינסטערניש מיט די באַראַנאָוויטשער יידן, וועלכע זענען צוגענומען געוואָרן פון געטאָ מיט איבער אַ האַלב יאָר צוריק.

פון די אַראָפּגעבראַכטע יידן דערוויסט מען זיך וועגן דער ליקווידאַציע פון געטאָ. אַנדערע באַקומען די „לעצטע גרוסן״ פון זייערע פאַמיליעס. ערשט אויף מאָרגן פרי, דערזעען איינע די אַנדערע.

מער קיין יידן פון געטאָ קומען שוין נישט אין קאָלדיטשעוואָ, אויסער איין פאַרצייכנונגסווערטן פאַל:

עס קומט די פרוי זיידמאַן און דאָסמאָל ווערט זי אָנגענומען אין לאַגער.

דאָס געשעט אויף פאָלגענדיקן אופן:

צום שרייבער פון די שורות, וועלכער אַרבעט אַלס לאַגערדאָקטאָר און האָט אויך די פליכט אויפצונעמען קריסטלעכע פּאַציענטן פון די אַרומיקע דערפער (דער אָפּצאָל אין פּראָדוקטן גייט פאַר דעם לאַגער), קומט אַריין, אין איניקע וואָכן אַרום, נאָך דער געטאָ־ליקווידאַציע אַ לערערין פון דאָרף סטאָלאָוויטש — זי איז פון פּוילישער אָפּשטאַמונג. זי דערציילט, אַז ביי איר אין קעלער באַהאַלט זיך אויס די פרוי זיידמאַן, וועלכע בעט איבערגעבן איר מאַן, אַז זי לעבט און אַז ער זאָל זיך באַמיען מען זאָל זי אויפנעמען אין לאַגער. כ׳רוף אַריין אין אַמבולאַטאָריע דעם ה׳ זיידמאַן, כלומרשט אַלס פּאַציענט, און דאָ באַקומט ער אַ לעבעדיקן גרוס פון זיין לעבעדיקער פרוי. מיר ריידן אַרום אַלע פּרטים און באַשטימען אַ טעטיקייטס־פּלאַן: די פרוי זיידמאַן דאַרף קומען אין דאָרף קאָלדיטשעוואָ, נישט ווייט פון לאַגער, און דאָרט אָפּוואַרטן אויף אַ באַשטימטן פּלאַץ איר מאַן. וועט ער זי קומען נעמען, איז גוט און ווען נישט, דאַן מוז זי זיך אומקערן צוריק אין סטאָלאָוויטש.

אין באַשטימטן טאָג איז געקומען צו מיר די לערערין און איבערגעגעבן, אַז די פרוי זיידמאַן וואַרט שוין אויפן באַשטימטן פּלאַץ.

דאַן איז אַוועק זיידמאַן צום לאַגער־קאָמענדאַנט, באַבקאַ, איבערגעגעבן אים וועגן פאַל און אים שטאַרק געבעטן, אַז ער זאָל אַריינגעמען די פרוי אין לאַגער.

— דאָס איז אוממעגלעך. דיין ווייב לעבט נישט מער, איך אַליין האָב זי געזען, ווען מען האָט זי אַרויסגעפירט אין אַ מאַשין פון געטאָ! — טענה׳ט ער.

— אָבער אַ פאַקט, הער קאָמענדאַנט, זי לעבט — ענטפערט זיידמאַן. נאָך אַ קורצן שטילשווייגן זאָגט באַבקאַ:

— גוט, איך וועל זי אָננעמען, אָבער אונטער איין באַדינג: זי מוז מיר דערציילן דעם גאַנצן אמת, ווי זי האָט זיך געראַטעוועט.

— ווו איז זי? — פרעגט ער.

— נישט ווייט פון לאַגער.

דער קאָמענדאַנט רופט אַריין צו זיך אַ פּאָליציאַנט און פאַראָרדנט:

— גיי מיט אים צוזאַמען און ברענג צו מיר אַ פּרווי, אויף וועלכע ער וועט דיר אָנווייזן!

אין אַ האַלבע שעה אַרום קומען זיי מיט דער פּרווי.

זי דערציילט דעם קאָמענדאַנט די געשיכטע פון איר רעטונג, אַ ביסל אמת, עטוואָס אויסגעטראַכטעס (זי האָט נישט געוואָלט אַרויסגעבן די לערערין, וועלכע האָט איר אויס־באַהאַלטן). די געשיכטע האָט זיך געלייגט אויפן שכל.

— נו, גוט, קענסט גיין אין לאַגער, צום מאַן!

דיווירקלעכע געשיכטע פון איר רעטונג איז פאָלגענדע:

אַרויסשפּרינגענדיק פון מאַשין, וויסט זי נישט וווהין צו גיין. זי באַהאַלט זיך אויס ביזן אָוונט און באַשליסט אַוועק־צוגיין צו איר אַרבעטס־פּלאַץ ביי די דייטשן, ווו אַלע אַריינגאַנגען זענען איר באַקאַנט. זי נעכטיקט דאָרט איבער אין אַ שטאַל. צומאָרגנס דערזען זי די געוועזענע אַרבעטס־געבער. וואָס טוסטו דאָ? — פרעגן זיי. זי דערציילט די געשיכטע פון איר רעטונג. זיי ווייסט נישט, וואָס צו טאָן מיט זיך.

— אייגנטלעך דאַרפן מיר דיך איבערגעבן אין די הענט פון געשטאַפּאָ. מיר ווילן דאָס נישט טאָן. אָבער דאָ קענסטו נישט פאַרבלייבן, דו מוזט פון דאַנען אַוועק!

— און וווהין זאָל איך גיין? מען וועט דאָך מיך כאַפּן — זאָגט זי שטיל.

— איין וועג איז פאַראַן, גיי אין וואַלד־אַריין — רוימט איר אַריין אין אויער אַ עלטערער דייטש.

זי גייט אַוועק צו באַקאַנטע קריסטן, באַקומט פון זיי אַ קויש מיט עטוואָס שפּייז אויפן וועג און אַ וואַלענע טוך, אין וועלכע זי וויקלט אַרום איר פּנים: עס איז אַ פּראַסטיקער טאָג און דערביי וועט מען זי נישט דערקענען. זי הויבט אָן גיין, די פיס פירן זי צום שאָסיי באַראַנאָוויטש—נאָוואָגרודעק, אין דער ריכטונג צו קאָלדיטשעווא, ווו עס געפינט זיך איר מאַן.

עס איז פאַרנאַכט. אַ מאַרק־טאָג אין באַראַנאָוויטש. די פּויערים קערן זיך אום אויף שליטלעך אַהיים. זי גייט ביים זייט פון שאָסיי. קוים וואָס זי שלעפּט די מידע פיס. עס פאָרט פאַרביי אַ שליטן אין וועלכן עס זיצט אַ יונגע קריסטין.

— אפשר קענט איר מיך מיטנעמען? — פרעגט זי זיך ביי דער קריסטין.

— ביטע, זעץ זיך אַרויף!

— וווהין דאַרפסטו אייגנטלעך? — פרעגט זיך ביי איר די קריסטלעכע פרוי.

— איך דאַרף אין קאָלדיטשעווא; אין קאַנצ. לאַגער, דאָרט געפינט זיך מיין מאַן.

עס פאַרפירט זיך אַן אינטימער שמועס, ווען זיי קומען אָן אין סטאָלאָוויטש, לאַדעט זי איין די קריסטין צו זיך אין צימער.

— קום אַריין צו מיר, וועסט זיך אַביסל אָנוואַרעמען און דאַן וועסטו קענען גיין ווייטער!

זיצנדיק צוזאַמען ביי אַ וואַרעם גלאָז טיי דערציילט זי דער לערערין אירע איבערלעבענישן פון די לעצטע צוויי טעג. די גוטהערציקע פרוי פאַרהאַלט זי ביי זיך, גיט איר עסן און טרינקען, במשך פון טאָג באַהאַלט זי איר אויס אין אַ קעלער אונטערן טיש און אין די אָוונטן, נאָכן צושליסן די טירן, נעמט זי זי אַריין אין צימער.

די ווייטערדיקע פאַקטן זענען באַקאַנט.

*

וועגן מאַרטירער־לעבן און אומקום פון די באַראַנאָוויטשער יידן אין די באַזונדערע לאַגערן — קען מען אָנשרייבן גאַנצע ביכער.

דאָ ווילן מיר איבערגעבן וועגן די ווייטערדיקע געשעע־נישן אין קורצן.

### „פעלדבאוולייטונג־לאַגער"

די אַרויסגעפירטע בעת דער געטאָ־ליקווידאַציע אַרבעטער־גרופּע פון פעלדבאוולייטונג" (בערך 250 מאַן) — ווערט איבערגעגעבן דורך דער געשטאַפּאָ צו די אָנפירער פון דער „אַרבעטס־איינהייט". זיי דאַרפן אויסנוצן די יידן אַלס אַר־בעטס־קראַפט צו זייערע צילן און זיי באַוואַכן.

דער לאַגער ווערט איינגעאָרדנט נישט ווייט פון אַעראָ־דראָם הינטערן שטאָט. ענגשאַפט, הונגער, שמוץ און פּיין, שווערע פיזישע אַרבעט — דאָס איז דער שיקזאַל פון די פאַר־בליבענע.

פון דערדאָזיקער אַרבעטס־שטעלע, ווען זי איז נאָך נישט געוואָרן קיין לאַגער, גייען אַרויס נאָך דער צווייטער „אַקציע" אין געטאָ פיל יידן אין וואַלד. זיי שטייען אין פאַרבינדונג מיט די פאַרבליבענע אַרבעטער, וועלכע דערוויסן זיך פון זיי וועגן לעבן אין וואַלד און די וועגן וועלכע פירן אַהין. איצט, נאָך דער גרינדונג פון אַ לאַגער און נאָך דער ליקווידאַציע פון געטאָ — הויבן אָן די איינוווינער פון לאַגער אַרויסצוגיין אין וואַלד גרופּנווייז. יעדן טאָג פעלן נייע מענטשן. די אויסוואַנדערונג נעמט אָן אַ מאַסן־כאַראַקטער.

די געשטאַפּאָ דערוויסט זיך וועגן דעם. זי באַשליסט אָפּצו־האַלטן דעם שטראָם אין וואַלד. אירע מאָסמיטלען זענען באַקאַנט.

אָנפאַנג יאַנואַר 1943 ווערט דורכגעפירט אַ ליקווידאַציע אַקציע פונם דאָזיקן לאַגער. איבער צוויי הונדערט יידן ווערן אומגעבראַכט.

### לאַגער א. ט.

דער אָ.ט.־לאַגער O. T. געפינט זיך אין באַראַקן הינטערן שטאָט, נאָך דער אַלטער באַן־סטאַציע, נישט ווייט פון דער צענטראַל־טורמע. דער לאַגער איז אַרומגערינגלט מיט אַ דראָט־צוים. די יידן אין צאָל פון בערך 350 לעבן אין שרעקלעכע היגיענישע באַדינגונגען. די ענגשאַפט איז גרויס. דאָס הונגער־עסן ווערט אַרויסגעגעבן פון דער געגרינדעטער דאָרט קיך, ווו דער הויפּט־קאָך איז דער געוועזענער טאַנץ־מייסטער מאַרין. די מענטשן זענען אָפּגעריסן. זיי מוזן אויס־פירן אַלערליי בוי־אַרבעטן אויף דער באַן־ליניע און אַרום. אַ לאַגער־רעזשים. דאָך עקזיסטירן נישט דאָ די באַרימטע

„אַפּעלן" און געשלעגן, ווי אין אַנדערע ק.צ.־לאַגערן. ביים לאַגער איז דאָ אַ קראַנקן־שטוב, מיט וועלכע עס פירט אָן דער פאַרמאַציע־מאַגיסטער מיכאל מוקאַסיי (איצט אין ישראל). צו ערנסטערע פאַלן ווערט געבראַכט ד״ר שטערנפעלד פון ס.ד.־לאַגער. אין די זומער־מאָנאַטן 1943 געלינגט זיך דאָ איינצואָרדנען אַלס דאָקטאָר פישל סאַוואָטשיק (געוו. „יודנראַט"־מיטגליד), וועלכער קומט אַהער פון קאָנצ.־לאַגער קאָלדיטשעווא.

די יידן קומען אין צייט פון דער אַרבעט אין באַרירונג מיט דער קריסטלעכער באַפעלקערונג. אַנדערע געלינגט אויף אַזאַ אופן צו באַקומען עטוואָס צום עסן אַלס דערגענצונג צו די הונגער־פּאָרציעס.

זייער פיל האָט געלייסטעט פאַר די יידן אין דאָזיקן לאַגער קאָזיאָל (איצט אין ישראל). ער האָט געוווינט אין דאָזיקן לאַגער, אָבער געאַרבעט אין שטאָט, אין אַ זייף־פאַבריק. ער קויפט איין פּראָדוקטן און ברענגט אַראָפּ אין לאַגער מיט אַ וואָגן.

די דייטשן, וועלכע „געניסן" אויך פון אים, מאַכן זיך נישט זעענדיק. אויסערדעם שטיצט ער דעם סלאָנימער רבי אין ק.צ. קאָלדיטשעוואָ, צושיקנדיק אים שפּייז. מיט די דייטשן פונם דאָזיקן לאַגער קען מען נאָך דורכקומען, ווייל זיי לאָזן זיך אונטערקויפן מיט געלט און גאָלד, וועלכע אייניקע יידן האָבן מיט זיך. אויף אַזאַ אופן געלינגט נאָך אַריינגעמען אין לאַגער אייניקע יידן, וועלכע האָבן זיך אַרויסבאַקומען פון געטאָ נאָך דער געטאָ־ליקווידאַציע. די לעצטע, וועלכע איז אָנגענומען געוואָרן אין לאַגער איז געווען די 10־יעריקע טאָכטער פון ד״ר סאַוואָטשיק.

אויך פון דאָזיקן לאַגער הויבן אָן צו אַנטלויפן אין פאַרטיזאַנקע מערערע יידן.

אַ שרעק כאַפּט אַרום די פאַרבליבענע.

איינע הויבן אָן צו היטן די אַנדערע, אויף וועלכע עס איז דאָ אַ חשד, אַז זיי ווילן פאַרלאָזן דעם לאַגער. מען היט אויך דעם ד״ר סאַוואָטשיק מיט זיין טאָכטערל. זיי קענען נישט אַרויסגיין צוזאַמען. ד״ר סאַוואָטשיק גייט אַרויס דער ערשטער אין באַגלייטונג פון אַ דייטשן אָ.ט.־מאַן. ער לאָזט דעם דייטש וואַרטן און אַליין פאַרשווינדט ער. די טאָכטער האָט געדאַרפט אַרויסגיין שפּעטער מיט נאָך אַ פרוי. דער פרוי געלינגט אַרויסצוגיין, אָבער די טאָכטערל ווערט פאַרהאַלטן אין לאַגער, וווּ זי קומט אום שפּעטער, צוזאַמען מיט די איבעריקע יידן. צווישן די אַנטלאָפענע אין וואַלד געפינט זיך אויך דער פאַרמאַציע־מאַגיסטער מיכאל מוקאַסיי, משה טובקעל און זיין איצטיקע פרוי (איצט אין ישראל). ביי 30 מאַן זענען פון דעם לאַגער אַרויס אין וואַלד.

אין די שפּעטערדיקע זומער־מאָנאַטן פון 1943 ווערט דער לאַגער איבערגעטראָגן אין דער געביידע פון דער רואינירטער באַן־סטאַציע אויף ניי־באַראַנאָוויטש. דאָס לעבן איז דאָ אומדערטרעגלעך. דער הונגער — גרויס. די זאַכן אָפּגעריסן, אַלט, די מענטשן גנבענען זיך אַרויס נאָך דער אַרבעט און גייען איבער די קריסטלעכע הייזער פון ניי־באַראַנאָוויטש, בעטנדיק אַ שטיקל ברויט.

פאַרוואָס גייען זיי נישט אין וואַלד? מעגלעך, אַז זיי האָבן נישט דעם געהעריקן מוט דערצו. זיי זענען צעבראָכן, אַפּאַטיש, שוואַך. מעגלעך, אַז זיי שטעלן זיך פאָר דעם וואַלד נאָך ערגער, ווי דאָ, ווייל ווו וועט מען ווינען אין וואַלד און וואָס וועט מען עסן? בפרט, אַז דער ווינטער דערנענטערט זיך. מען וואַרט נאָך... אויפן געהעריקן מאָמענט.

און אַזוי דערוואַרט מען זיך... דעם 26־טן אָקטאָבער 1943 אין אָוונט הייסט מען די מענטשן זיין גרייט צום אַרויספאָר אויף אַרבעט. מען טיילט זיי ברויט. זיי גרייטן זיך צו קעסעלעך מיט אָפּגעשאָבענע (אָפּגערייניקטע) קאַרטאָפל.

צומאָרגנס פרי, מיטוואָך, דעם 27־טן אָקטאָבער 1943 פאַרפאָרן גרויסע לאַסט־אויטאָס און אָפענע פּלאַטפאָרם־מאַשינען. די מענטשן ווערן אָנגעלאָדעוועט אויף די מאַשינען און אָפּגעפירט אין... קאָנצענטראַציע־לאַגער קאָלדיטשעוואָ.

*

שוין אַ וואָך פאַר דעם ווערן גענומען טאָג־טעגלעך אַרבעטער פון קאַצעט קאָלדיטשעווא און אָפּגעפירט אויף אַרבעט אין אַ וואַלד, 3 ק״מ פון קאָלדיטשעווא, אויפן וועג קיין האָראָדישטש. דאָרט ווערט „געבויט" אין אַ שנעלן טעמפּ „גראָבנס" און עטוואָס „ענלעכעס צו א גרויסן אויוון". מען מיינט, אַז עס ווערן געמאַכט „בונקערס פאַר טאַנקן" אויף צו באַוואַכן דעם שאָסיי קעגן פּאַרטיזאַנער.

דעם 27־טן אָקטאָבער 1943 פרי לאָזט מען אַרויס די אַרבעטער פון קאַצעט קאָלדיטשעווא. אויפן אַפּעל־פּלאַץ. זיי באַקומען שנעל זייער „פרישטיק", און נאָכדעם שיקט מען זיי נישט אָפּ, ווי געוויינלעך, אויף זייערע אַרבעטס־שטעלן, נאָר מען פאַרשפּאַרט זיי צוריק אין די באַראַקן. מען פילט, אַז עפּעס דאַרף דאָ פאָרקומען. מען רעכנט אויף דאָס ערגסטע...

פלוצלינג זעט מען דורך די פענסטערלעך פון די באַראַקן (אייגנטלעך טאָר מען נישט אַרויסקוקן), ווי עס פאַרפאָרן גרויסע אויטאָס פולע מיט מענטשן. די מענטשן מיט „געלע לאַטעס". אויך זייערע זאַכן ווערן אַראָפּגענומען אין דעם טייל פון לאַגער, ווו עס געפינען זיך די פּאָליציי־קאַזאַרמעס. דאָ ווערן זיי באַזוכט, מען נעמט צו ביי זיי דאָס געלט. אַנדערע צערייסן זייער געלט און וואַרפן אַרויס די שטיקלעך. ביי דער רעוויזיע ווערן אַלע שרעקלעך געשלאָגן. מען הייסט זיי אַראָפּנעמען זייערע שיך און אויבער־זאַכן. דאַן ווערן זיי אָפּגעפירט אין דערבייאיקן וועלדל, ווו עס זענען געבויט געוואָרן די „גראָבנס". דאָרט דערשיסט מען זיי, און זייערע קערפּערס ווערן פאַרברענט אין דעם אויסגעבויטן אויוון.

פון די געפונענע שפּעטער דאָקומענטן (דער פּאַספּאָרט פון שמעלקע (שמואל) בוסעל, דער ברודער פון ד״ר אייזיק בוסעל, פון שמעון מאַדקאָווסקי, אַרקאַשע בעגוזע א. א.) און פאָטאָגראַפיעס דערוויסט מען זיך, אַז די אומגעקומענע זענען די יידן פון אָ.ט.־לאַגער אין באַראַנאָוויטש, וועלכע זענען אויף אַזאַ אופן „ליקווידירט" געוואָרן.

נאָכדעם ווערן די אַרבעטער פון ק.צ. קאַלדיטשעוואָ אַרויסגעלאָזן פון די באַראַקן און אָפּגעפירט צו דער אַרבעט.

אַ גרעסערער טייל, מער ווי געוויינלעך, ווערט אָפּגעפירט אויף די טאָרף־פעלדער. אַהער פאַרפאָרן די ליידיקע אויטאָס, וועלכע האָבן געבראַכט די אָ.ט.־יידן און דאָ לאָדט מען אָן אויף זיי טאָרף, וועלכער ווערט אָפּגעפירט אין ס.ד. באַראַנאָוויטש.

## ס. ד. (געשטאַפּאָ) לאַגער

אַמבעסטן לעבט זיך די 125 יידן פון ס.ד.־לאַגער אין באַראַנאָוויטש. זיי געפינען זיך אין אַ הויז ממש, אין הויז פון דער באַראַנאָוויטשער בער. די יידן לעבן דאָ אין ריינקייט, זענען גוט אָנגעטאָן און באַקומען גוט עסן. דאָס אַלץ איז זיי דערמעגלעכט, ווייל זיי געניסן פון די ס.ד.־סקלאַדעס, וווּ עס געפינען זיך די זאַכן פון די אומגעקומענע טשעכישע און באַראַנאָוויטשער יידן. זיי געניסן אויך פון די שפּייז־פּראָדוקטן, וועלכע זענען פאַרבליבן אין געטאָ נאָך זיין ליקווידאַציע.

בעת מיינעם אַ באַזוך אין דעם לאַגער קלעמט מיר דאָס האַרץ, ווען איך דערזע אויף איינע פון די בעטן די קאָלדרע, מיט וועלכער מיין מוטער ע״ה האָט זיך צוגעדעקט ביז איר לעצטן טאָג אין געטאָ.

די יידן אַרבעטן אין די וואַרשטאַטן, וועלכע געפינען זיך ביים ס.ד. זיי אַרבעטן אַלס שוסטער, קאַמאַשן־מאַכער, שניידער, וועש־נייטאָרינס, זייגער־מאַכער, שלאָסער, מעכאַניקער, עלעקטריקער, וואַסער־לייטער און אויך אין פערד־שטאַל, אין וועלכן עס געפינען זיך די רייט־פערד פון די געשטאַפּאָ־אָנפירער.

אין אַלגעמיין איז די באַציונג צו די יידן אַ גוטע, ווייל יעדער פון זיי גיט אַרויס גוטע אַרבעט פאַר די נאַצי־מערדער, וועלכע מאַכן כסדר באַשטעלונגען און שיקן אָפּ צענדליקער פאַר שטיוול, שיך, אַנצוגן א.א. צו זיך אַהיים, קיין דייטשלאַנד. און יעדער פון זיי זעט צו „זיין מייסטער״ מיט פּאַפּיראָסן, שפּייז און זאַכן.

דערפאַר שטרעבן כמעט אַלע יידן פון ק.צ. קאָלדיטשעוואָ וועלכער איז אויך אונטער דער אָנפירונג פון באַראַנאָוויטשער ס. ד., אַרויסצובאַקומען זיך פון דאָרט און אַריבער אין באַראַנאָוויטשער לאַגער. מיט אַלערליי מיטלען, מיט אונטערקויפן דעם בלוטדורשטיקן לאַגער־„אינזשיניער״ סיטשוק געלינגט אַנדערע אַריבערצוגיין אין באַראַנאָוויטש.

אַלס „אָבער־יודע״ פונם דאָזיקן לאַגער ווערט באַשטימט דער לעצטער „יודנראַט״ פּרעזעס גאָלדבערג. ער איז איבערגעגעבן די יידן. אין די אָוונט־שעהן לייענט ער זיי אַ דייטשע צייטונג, וועלכע עס געלינגט אָפטמאָל צו באַקומען ביי דער אַרבעט. מען וואַרט אויף דער אויסלייזונג. אַלס מעדיצינער אַרבעט אין דאָזיקן לאַגער ד״ר שטערנפעלד, וועלכער איז פריער באַשעפטיקט געוועזן אַלס זייגערמאַכער, ביים זייט פון זיין שוויגער־פאָטער טשאַצקי.

עס דאַרף באַצייכנט ווערן, אַז די נאַצי־מערדער זאָרגן פאַר „זייערע יידן״ איינמאָל, ווען עס איז נויטווענדיק צו מאַכן אַ אָפּעראַציע אויף בלינדדאַרם איינעם פון די יידן מיטן נאָמען גאָרעליק (דער זון פון קאָלאָניאַל־סוחר גאָרעליק). וועלכער טאָר נישט אַלס ייד אָנקומען אין קריסטלעכן שפּיטאָל, ווערט אַרויסגערופן פון קאַצעט קאָלדיטשעוואָ, ד״ר לעווינבוק מיט זיין פרוי אַלס קראַנקן־שוועסטער, כדי דידאָזיקע אָפּעראַציע דורכצופירן. אַ צווייט מאָל ווערט ד״ר לעווינבוק אַראָפּגעבראַכט, ווען דאָס פריילין ליוסיע מאָושאָוויטש פאַלט אַראָפּ פון צווייטן שטאָק אין צייט פון פוצן אַ פענסטער און נאָכאַמאָל, ווען בעלאָסקורניק באַקומט אַ גאַל־שטיינער אָנפאַל.

דאָס „גוטע״ לעבן ווירקט, אַז די יידן פון דאָזיקן לאַגער האַלטן זיך אָפּ מיטן אַנטלויפן אין וואַלד. דאָך זענען זיי באַהערשט פון דאָזיקן געדאַנק און הויבן אָן צוגרייטן זיך געווער.

עס ווערט באַשטימט אַז אַנטלויפן דאַרפן אַלע צוזאַמען, אָבער איינער טרויט נישט דעם אַנדערן און איינע היטן די צווייטע.

נאָך דעם, ווי עס ווערט באַקאַנט וועגן דער ליקווידאַציע פון אָ.ט.־לאַגער, איז באַשטימט געוואָרן, אַז מען מוז ווי אַמשנעלסטן אַנטלויפן.

מאָנטיק, דעם 1־טן נאָוועמבער 1943 ביינאַכט אַנטלויפן פון דאָזיקן לאַגער ביי 40 פּערזאָן צו די פּאַרטיזאַנער אין געגנט פון קריוואָשין.

די פאַרבליבענע לעבן איבער טויט־שרעק. איינער אַ סטאָליאַר שניידט זיך איבער דעם האַלדז און מאַטערט זיך שרעקלעך. קעגן אָוונט געלינגט עס איינבעטן זיך ביי אַ נאַצי, ער זאָל אים דערשיסן. אויף מאָרגן ווערן אַלע איבעריקע יידן אָפּגעשיקט אין ק.צ. קאָלדיטשעוואָ.

*

אין באַראַנאָוויטש האָבן די געשטאַפּאָווצעס פאַרהאַלטן ביי זיך איין איינציקן ייד, פאָרטנאָי, וועלכער האָט געאַרבעט ביי די מערדער אַלס אויטאָמאָביל־מעכאַניקער. ער האָט געמיינט, אַז עס וועט אים געלינגען אַנטלויפן צו דער געהעריקער צייט, אָבער ער האָט זיך פאַררעכנט: אומגעריכט פאַר אים זענען זיי אָנגעפאַלן אויף אים, גוט צעשלאָגן און נאָכער דערשאָסן.

פאָרטנאָי — דער לעצטער פאַרבליבענער אין די נאַצישע הענט אין באַראַנאָוויטש ייד און דער לעצטער וועלכער איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך זיי אויף דער באַראַנאָוויטשער ערד.

## קאָנצענטראַציע־לאַגער קאָלדיטשעוואָ

דער קאָנצענטראַציע־לאַגער (קאַצעט, ק.צ.) קאָלדיטשעוואָ ווערט געגרינדעט דורך דער באַראַנאָוויטשער ס.ד. (געשטאַפּאָ) אָנפאַנג זומער 1942, אין דעם נאַטור־שיינעם גוט פון געוועזענעם פוילישן פריץ און סיים־דעפּוטאַט שאַלעוויטש.

מזרחדיק פון לאַגער געפינט זיך דער געבורטס־אָרט פון גרויסן פוילישן דיכטער אַדאַם מיצקעוויטש — זאַאָסיע,

דרומדיק — גרויסע טאָרף־פעלדער און די שיינע „אָזיערע״ מיטן נאָמען קאָלדיטשעווא — דער גרויסער וואַסער־קוואַל, וועלכער האָט אַן אונטערערדישע פאַרבינדונג מיט דער אָזיערע סוויטעז׳ (באַשריבן פון מיצקעוויטשן), מערב׳דיק פון לאַגער גייט דורך דער שאָסיי באַראַנאָוויטש—נאָוואָגרודעק און צפון׳דיק געפינט זיך דער דאָרף קאָלדיטשעווא און 5 ק״מ פון אים — דאָס שטעטעלע האָראָדישטש.

דער לאַגער, וועלכער איז אונטער דער אויפזיכט פון באַראַנאָוויטשער ס.ד., ווערט אָנגעפירט פון ווייסרושיער פאָ־ליציי, וועלכע ווערט דאָ געשולט אַלס ווייסרוסישע געשטאַפּאָ־פּאָליציי און שטייגט איבער די דייטשע געשטאַפּאָ מיט אירע פייניקונגען און מערדערייען.

דער פאַקט, וואָס דער איינציקער דייטש דאָ, דער לאַגער־שעף פריץ יערן איז „דער בעסטער״ און דער איינציקער „באַשיצער״ פון די יידן קעגן די מערדערישע ווייסרוסן; דער פאַקט איז גענוג, כדי זיך פאָרצושטעלן די ליידן און פּיין, דעם גרויל, שרעק און אומקום פון די יידן אין דאָזיקן לאַגער. פאָלגענדער בילד וועט אפשר אַמבעסטן אָפּשפּיגלען די יסורים, וועלכע די יידן האָבן דאָ אויסצושטיין:

דער ווייסרוסישער קאָמענדאַנט סטעפּאַניוק, וועלכער באַ־ציט זיך שוין „גוט״ צו די קריסטלעכע פאַרהאַפטעטע (דער לאַגער איז אויך פאַר קריסטלעכע פּאָליטישע און אַלגעמיינע פאַרברעכער), שלאָגט און שמייסט זיין פאַרשיקטן אַהער שוואָגער אַזוי לאַנג, ביז דער גיט אָפּ נישט־ווילנדיק דעם שטולגאַנג. דער בעסטיאַלישער קאָמענדאַנט באַפעלט דאַן זיין שוואָגער אויפצועסן זיין אייגענעם אָפּפאַל.

די גוט באַקאַנטע „אַפּעלן״, ווען מען ציילט די מענטשן זעקס מאָל אין טאָג צייכנען זיך אויס מיט די שרעקלעכסטע מאַטערנישן און קוויילערייען: מאַרשירן, לויפן, פאַלן אויף בלאָטע, פויזען אויפן בויך, אויפהויבן זיך און ווייטער לויפן, דאַן דאָס שפּרינגען „זשאַבקעס״ (מיט די הענט פאַרלייגט אויפן טאַז, די פיס איינגעבויגן אין די קני, מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קערפּער ביז דער ערד מוז מען שפּרינגען ווי אַ זשאַבע). פון צייט צו צייט אָרדנען איין די בעסטיעס פאַרוויילונגען: די יידן מוזן זיך זעצן רייטענדיק איינער אויפן צווייטן, און די אויבנזיצנדיקע מוזן קעמפן צווישן זיך. ווען איינער ווערט אַראָפּגעוואָרפן פון צווייטן, אָדער, ווען דער אונטערשטער, דער אַזוי גערופענער „פערד״ פאַלט אום, נישט קענענדיק זיך איינהאַלטן אויף די פיס, ווערן זיי געשלאָגן ביז בלוט, ביזן צעברעכן ממש די ביינער. דאַן הייסט מען שפּרינגען איינער איבער דעם אַנדערן און ווען עס געלינגט נישט איינעם איבער־צושפּרינגען, אָדער בעת דער אַנדערער פאַלט אום — ווידער קלעפּ און קלעפּ. נאָך דידאָזיקע שפּילן ווען אַלע האַלטן זיך שוין קוים אויף די פיס (נאָר 120 גראַם שוואַרצן ברויט אַ טאָג מיט אַ ביסל וואַסערדיקן זופּ), הייסט מען זיי זיך צונעמען פאָרנוויין און טאַנצן טאַנגאָ, וואַלס, פאָקסטראָט און דערביי זינגען צום טאַנץ.

צעשלאָגענע, פאַרבלוטיקטע, מיט איבערגעבראָכענע הענט, ריפּן און ביינער, מוזן זיי זיך באַוועגן צום טאַקט אין טאַנץ. דאָס בילד איז שרעקלעך, נישט צום באַשרייבן.

ביי יעדן אַפּעל שרייט אויס דער לאַגער־קאָמענדאַנט (עס זענען דאָ פיר קאָמענדאַנטן אויסער פאַרטרעטער):

— „זדראָוואָ, זשידי!״ (זייט באַגריסט יידן!) און אַלע מוזן ענטפערן אין איין קול מיט דער העכסטער שטימע:

— „ניחאַי זדאָחניע טאָוואַרישטש סטאַלין״ (זאָל פּגרן דער חבר סטאַלין). און ווי איז דעם, וועלכער שווייגט, אָדער ווען דער ריטם פון געשריי ווערט נישט איינגעהאַלטן.

דאָס אַוועקלייגן און שמייסן אויפן הוילן קערפּער איז אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג. אַמאָל באַפעלן זיי, אַז איין ייד זאָל שמייסן דעם אַנדערן. ווען יענקעלע פייערמאַן, אַ פּליט פון לאָדזש אַ געוועזענער דרוק־אַרבעטער אין דער בונדישער צייטונג, ווערט באַשטימט אַלס „אָרדנער״ איבער די יידן און די סאַדיסטן הייסן אים שמייסן אַ יידן, פאַרמעסט ער זיך שטאַרק און לאָזט אַראָפּ דעם פלאָקן (שטעקן) מיט רחמים אויפן געשמיסענעם יידנס קערפּער; הייסן זיי אים זיך לייגן און זיי „גיבן אים אַ לעקציע״, ווי אַזוי מען דאַרף שמייסן. בדרך־כלל פאַרנעמען זיי זיך מיט דערדאָזיקער „הייליקער אַרבעט״ אַליין.

ביי דער אַרבעט שלאָגט מען די יידן און מען מאַלטרעטירט זיי נישט צום אויסהאַלטן. און מערקווירדיק — אַלע האַלטן אויס: דער דראַנג צום לעבן און איבערצולעבן איז אומגעהויער גרויס.

אַממייסטן ווערן געקוויילט און געשלאָגן ביי דער אַרבעט די נישט ספּעציאַליסטן, וועלכע אַרבעטן אונטערן פרייען הימל, ספּעציעל ביים טאָרף־גראָבן. דאָ שלאָגן די אויפזעער־פּאָלי־ציאַנטן מיט גראָבע שטעקנס און מיט די ביקסן־קאָלבעס אויף רעכטס און אויף לינקס. זיי אָרדנען איין „פאָרשטעלונגען״, וועלכע זיי רעזשיסירן פריער אויס: מען הייסט איינעם שטעלן זיך אויף „אַלע פיר״ (אויף די איילנבויגנס און קני), דער אַנדערער דאַרף זיך זעצן רייטנדיק אויף זיין רוקן און פאָרן... אויף דער פראַגע פון פּאָליציאַנט:

„אויף וואָס פאָרסטו?״ דאַרף קומען דער ענטפער:

„אויף אַן אייזל״. און אויף דער פראַגע:

„וווהין פאָרסטו?״ — מוז געענטפערט ווערן:

„קיין פּאַלעסטינא״.

נאָך דעם ענטפער ווערט דער „רייטער״ גוט צעשלאָגן.

ביים מאַלטרעטירן די יידן נעמען אויך אַ טיכטיקן אָנטייל די קריסטלעכע „קאַצעטניקעס״ (פאַרהאַפטעטע). די יידן מוזן נישט איינמאָל אויספירן נישט נאָר זייער „אייגענע״ אַרבעט, נאָר אויך די אַרבעט פון די קריסטן.

בעסער גייט עס די יידן, וועלכע אַרבעטן אין די וואַר־שטאַטן אַלס שניידער, שוסטער, זייגער־מאַכער א.א.וו. זיי ווערן אין צייט פון דער אַרבעט נישט געשלאָגן (זייער זעלטן), אויך באַקומען זיי עפּעס צום עסן פון די קריסטן פון די אַרומיקע דערפער, ווען זיי קומען מאַכן אַלערליי באַשטעלונ־גען. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז פאַר דער אַרבעט צאָלן די

קריסטן אין פּאָליציי־קאַנצעלאַריע, איבערהויפּט מיט פּראָדוקטן.

אַם ערגסטן ליידן די אויף וועלכע די פּאָליציי „האָט אַן אויג". איבערהויפּט רעליגיעזע יידן, וועלכע זיי רופן אָן מיטן נאָמען „ראַבין" און די אינטעליגענץ. אַממייסטן ווערן די יידן געקווילט פון טעכנישן אַרבעטס־אָנפירער, דעם אַזוי גערופענעם „אינזשיניער" סיטשוק, אַ בעסטיע אין מענטשלעכער געשטאַלט.

די וווינונגס־באַדינגונגען זענען אויך שרעקלעכע: מען וווינט אין אַ גרויסן געוועזענעם פערד־שטאַל און מען שלאָפט אויף דריישטאָקיקע נאַרעס. נאָכן אָוונט־אַפּעל ווערן די באַראַקעס פאַרשלאָסן ביז פרי. איבער די מענטשן שפּרינגען אַרום גרויסע „שטשורעס" ווי קעץ. דער לאַגער איז אַרומגערינגלט מיט אַ הויכן צוים פון שטעכל־דראָט. אַרום און אַרום היטן פּאָסטנס. ביי די עקן פון לאַגער — אונטערערדישע בונקערס מיט באַוואָפנטע פּאָליציי, וועלכע היט דעם לאַגער קעגן עווענטועלע אָנפאַלן פון פּאַרטיזאַנער.

פון צייט צו צייט אָרדענען איין די רוצחים אימפּראָוויזירטע פּאַרטיזאַנען־אָנפאַלן געוויינלעך אין די נאַכט־שעהן. עס אַנטשטייט אַ שיסעריי פון ביקסן, פּולעמיאָטן, מינען־וואַרפער. דער פּאַטראָלירענדער טאַנק פאָרט אַרום און אַרום דעם לאַגער און עפנט אַ פייער אויף אַלע זייטן. דערביי אָבסערווירט די פּאָליציי, ווי אַזוי די „קאַצעטניקעס" פאַרהאַלטן זיך, צי זענען זיי נישט גרייט זיך קעגנצושטעלן פון אינעווייניק.

די פּאָליציי עפנט די באַראַקן און ווען זי טרעפט דאָ מענטשן וועלכע ליגן נישט, מאַכט זי אַ „אַפּעל" אין די באַראַקן און צעשלאָגט שרעקלעך אַלעמען.

ווי ס'איז שוין דערמאָנט געוואָרן, זענען פיל יידן פון באַראַנאָוויטשער געטאָ געכאַפּט און אָפּגעשיקט געוואָרן אין דאָזיקן לאַגער אין צייט פון זיין גרינדונג. צוזאַמען מיט אַנדערע יידן פון אומגעגנט (האַראָדישטש, נאַוואָגרודעק, זשעטל, סטאָלפּצי) מוזן זיי אויסראַמען און איינאָרדענען די באַראַקן, מאַכן דעם צוים אַרום לאַגער א.א.וו. יעדן טאָג ווערט אַן אַנדער ייד דערשאָסן אונטערן אויסרייד, אַז ער האָט געוואָלט אַנטלויפן. בעת דע אַרבעט וואַרפט אַראָפּ אַ פּאָליציאַנט די היטל פון אַ יידנס קאָפּ און הייסט אים לויפן כאַפּן די היטל און אין דעם מאָמענט שיסט ער אים. די צאָל פון די יידן איז אָנפאַנגס איבער 70. זיי ווערן ביסלעכווייז אויסגעשאָסן און אויף זייער אָרט ברענגט מען אַנדערע. די לאַגע ווערט אַביסל סטאַביליזירט מיטן אָנקום פונם דייטשן לאַגער־שעף וועלכער „באַשיצט" די יידן קעגן די ווייסרוסישע הענקער.

אין אַ פּאָר מאָנאַט אַרום פאָרט ער אַרויס אויף אַ געוויסע צייט קיין סלאָנים, און דאַן הויבן אָן די ווייסרוסן ווידער צו בושעווען.

אין דער צייט פון זיין אָפּוועזנהייט ברענגט מען אַראָפּ, דעם 7־טן דעצעמבער 1942 אין די שפּעטע אָוונט שעהן, איבער 300 יידן פון באַראַנאָוויטש, נאָך דער געטאָ־ליקווידאַציע.

צומאָרגנס פרי, ביי זייער ערשטן „אַפּעל", ווען איך גיי, געוויינלעך, באַזוכן די קראַנקע, זע איך די אַלע מאַרשירענדיק: אַלע גוטע באַקאַנטע, געוועזענע שכנים און פריינט. צווישן זיי דער אַלגעמיין גוט באַקאַנטער סלאָנימער רבי, ר' שלמה ווייינבערג. ער, דער גאַנצער „הויף" און אַלע „סלאָנימער" חסידים זענען געווען „אַמאָל" מיינע פּאַציענטן. איך האָב אים נישט דערקענט אין ערשטן מאָמענט, ווייל ער איז געווען אָן אַ באָרד. ער האָט זיך געראַטעוועט אַלס סטאָליאַר. מיין ערשטער ראָט צו אים איז געווען, אַז ער און אַלע איבעריקע זאָלן זיך נישט אַרויסריידן אַ וואָרט, אַז ער איז אַ רבי, ווייל ער וועט האָבן אויסצושטיין שרעקלעכע פאַרפאָלגונגען פון די ווייסרוסן.

ביי איינער אַ רעוויזיע ווערט געפונען אַ קוואַנטום גאָלד, פאַרשטעקט אונטער אַ אויפגעריסענער ברעט פון באַראַקן־סופיט. עס ווערט פאַרפירט אָן אויספאָרשונג. קיינער וויל זיך נישט מודה זיין. אַלע ווערן שטאַרק צעשלאָגן, דערביי זאָגן צו די מערדער צו שלאָגן אַזוי לאַנג, ביז דער אייגנטימער וועט זיך נישט מעלדן. עמיצער ווייזט אָן אויף סאָקאָלאָווסקין, געוועזענער „פּאָזשאַרניק" פון באַראַנאָוויטש. ער ווערט אַרויסגעפירט פון לאַגער און דערשאָסן.

דער גרויל און הונגער ווערן אומדערטרעגלעך. באָרוויסע און אָפּגעריסענע אַרבעט מען אויפן שטאַרקן פראָסט. הענט און פיס ווערן אָפּגעפרוירן. וווּנדן שלאָגן זיך אויס אויפן קערפּער.

מען ווערט קראַנק אויף לונגען־אָנטצינדונגען.

עס געלינגט מיר איינצואָרדענען אין אַ אָפּגעצוימטן ווינקל פון באַראַק אַ „שפּיטאָל". אונטערן אויסרייד פון אַ פאַרקילונג, וועלכע דאַרף דויערן נישט מער ווי איינציקע טעג (אויב מער — דערשיסט מען), פאַרהאַלט איך די מענטשן אין „שפּיטאָל". און מערקווירדיק: כמעט אַלע ווערן שנעל אויסגעהיילט. מיט גאָר קליינע דאָזן פון מעדיקאַמענטן און עטוואָס בעסער עסן, וואָס עס געלינגט מיר אַריינצושמוגלען (דאָס שפּייז באַקום איך פון די פויערים, וועלכע קומען צו מיר אַלס פּאַציענטן) שטעלן זיי זיך שנעל אויף די פיס און גייען צו גרינגערע אַרבעטן.

קראַנקהייטס־פאַלן, וועלכע ענדיקן זיך געוויינלעך, אין נאָרמאַלע לעבנס־באַדינגונגען מיטן טויט, ווערן דאָ אויסגעקורירט. דיזעלבע אָבסערוואַציעס האָב איך געמאַכט שפּעטער אויך אין דער פּאַרטיזאַנקע.

וועגן פאַלן פון אָנשטעקנדיקע קראַנקהייטן דאַרף איך מעלדן, און וואָס אַזאַ מעלדונג באַדייט — איז פאַרשטענדלעך: טויט דורך דערשיסן. אין דער צייט איז געווען נאָר איין פאַל פון פלעק־טיפוס ביים באַראַנאָוויטשער יונגערמאַן גיטלין (איצט אין אַמעריקע). מיט טויט־געפאַר פאַר זיך און נישט מיט קליינער געפאַר, אַז די איבעריקע יידן זאָלן זיך נישט אָנשטעקן פון אים, האַלט איך אים אַלס גריפּע־קראַנקן ביז ער ווערט פולקאָם געזונט.

דאָך זענען געווען איינציקע טויט־פאַלן פון קראַנקהייטן און דאָס ביי פערזאָנען, וועלכע האָבן פאַרלאָרן דאָס באַוווסט־

זיין (מיין יוגנט־חבר אברהם־יוסף שוויראנסקי, וועלכער איז קראנק געוואָרן אויף אַ לונגען־אַנטצינדונג און גלייך נאָכדעם אויף מענינגיטיס — הויט־מאַרך־אַנטצינדונג); אָדער וועלכע זענען געווען אַפּאַטיש פון אָנפאַנג (אַן עלטערער ייד, אַ תלמיד חכם און ווילטעטיקער טוער פון מייטשעט). דער לעצטער האָט אָנגענומען אַלע ליידן באהבה...

די געשטאָרבענע ווערן אַרויסגעטראָגן אויף געמאַכטע „נאָסילקעס" (טראָג־בעטן) אויף די אַקסלען פון יידן נישט ווייט אויסערן לאַגער, און ווערן באַערדיקט דרומדיק פון לאַגער אונטער אַ בוים.

די פּאָליציאַנטן, וועלכע באַוואַכן די „לויה" שרייען צו די יידן: — זשידי, מאָדליטיעס! (יידן, דאַוונט!)

די יידן ווייסן נישט, וואָס צו טאָן, זיי פאַרשטייען נישט, וואָס די רוצחים זענען דערמיט אויסן. די פּאָליציאַנטן וואַרפן זיך אויף זיי און שלאָגן מערדערלעך. יעדער זאָגט, וואָס ער ווייס, וואָס ער קען, וואָס עס איז אים פאַרבליבן אין זכרון: תהילים, קדיש און סתם, וואָס עס פאַלט אַריין אין געדאַנק.

דריי־פיר איינצעלנע קברים זענען פאַרבליבן אין קאָלדיטשעוואָ, קברים פון יידן, וועלכע זענען געשטאָרבן מיט אַ „נאַטירלעכן" טויט אין אומנאַטירלעכע באַדינגונגען.

*

אין אייניקע וואָכן אַרום נאָכן אָנקום פון דער לעצטער באַראַנאָוויטשער יידן־גרופּע ווערן געפאָדערט פון דער געשטאַפּאָ צוואַנציק סטאָליאַרעס קיין מינסק. מען הייסט זיך פאַרשרייבן פרייוויליק.

עס געפינען זיך זייער פיל יידן וועלכע מעלדן זיך. דער גרויל דאָ איז שוין באַקאַנט און מען באַמיט זיך אַרויסצורייסן פון דאַנען. אַ גרופּע פון צוואַנציק באַראַנאָוויטשער, צווישן זיי איסאַק איזיקזאָן, שמעון שעניצקי, דער יינגערער זון פון ד״ר שעניצקי, פאָרן אַרויס. מען איז זיי מקנא, נישט וויסנדיק, וואָס מיט זיי וועט פאָרקומען.

מער פון זיי הערט מען נישט.

ווי עס ווייזט זיך איצט אַרויס, זענען זיי דאַן ווירקלעך צוגענומען געוואָרן קיין מינסק, האָבן דאָרט געאַרבעט און שפּעטער זענען ניינצן פון זיי אומגעקומען. פאַרבליבן איז נאָר איינער — ליפּא קאַפּלינסקי (איצט אין ישראל, וועלכער איז אַנטלאָפן פון דאָרטיקן לאַגער).

*

די פאַרבליבענע אין קאָלדיטשעוואָ יידן באַמיען זיך צוצופּאַסן צו דער לאַגע. פיל באַמיען זיך איינצואָרדנען אין די וואַרשטאַטן, מיט וועלכע עס פירט אָן דער יידישער שניידער לייבל זיגער. ער איז אויך דער „קאָמענדאַנט" איבער די יידן אין לאַגער. זיין באַציונג צו די יידן איז אַ קאָרעקטע און גוטע. ער באַמיט זיך זיי העלפן מיט וואָס ער קען.

נישט אַלע קענען איינגעאָרדנט ווערן אין די וואַרשטאַטן און די, וועלכע מוזן גיין אויף געוויינלעכע פיזישע אַרבעט האָבן זייער אַ סך אויסצושטיין ביי דער אַרבעט, נישט נאָר פון די צווייפיסיקע ווייסרוסישע חיות, נאָר אויך פון די פירפיסיקע גרויסע הינט פון לאַגער, וועלכע ווערן אָנגערייצט אויף די יידן. דער שרעקלעכסטער איז געווען דער אַלגעמיין־באַקאַנטער הונט מיטן נאָמען „לאָרד". זיינע שאַרפע ציינער האָב איך און מיין פרוי אויך געהאַט די געלעגנהייט צו שפּירן.

זייענדיק פּאָפּולער פון פריער ביי אייניקע ווייסרוסישע קאָמענדאַנטן, געלינגט מיר פון צייט צו צייט ווירקן אויף זיי לטובת די יידן. אויך דער דייטשער שעף קומט מיר אַנטקעגן אין לעבנסוויכטיקע פראַגן.

וויסנדיק, אַז סטעפּאַניוק האָט ליב קליינע פאַבריקאַציע, רוק איך אים אונטער אַ געדאַנק וועגן עפענען אַ זייף־פאַבריקל אָנווייזנדיק אויף דעם באַראַנאָוויטשער ייד לאַטאָ אַלס ספּעציאַליסט. אַזוי אַרום ווערן אייניקע יידן איינגעאָרדנט ביי דער דאָזיקער אַרבעט.

איך שטעל אים פאָר דעם יידישן אַגראָנאָם קראַקאָווסקי (איצט אין ישראל), און עס ווערט אים איבערגעגעבן דאָס איינאָרדנען גערטנער.

דער מעדיצין־אַבסאָלווענט מיראָן שעניצקי ווערט איינגעאָרדנט אַלס פלעגער אין שפּיטאָלכל. ד״ר סאַוויטשיץ ווערט פאָרגעשטעלט אַלס דער בעסטער גינעקאָלאָג פון שטאָט און ווערט אַריינגענומען אין אַמבולאַטאָריע אַלס פרויען־ספּעציאַליסט. דער אַדוואָקאַט שלמה עפּשטיין ווערט איינגעאָרדנט אין דער שפּעטער אויסגעבויטער באָד. דער באַקאַנטער רעווי־אַמאַטאָר ראַיאַק ווערט איינגעאָרדנט ביים דעזינפעקציע־אַפּאַראַט.

אַזוי אַרום געלינגט אַרויסצוראַטעווען אַ ביסל יידן פון קלעפּ, שווערער פיזישער אַרבעט און פון טויט.

איך גיב איבער די יידן ברויט צום פאַרטיילן צווישן זיך. עס געשעט אָבער איינמאָל, אַז זיי קענען נישט צוטיילן צווישן זיך דעם ברויט. די באַראַנאָוויטשער יידן זאָגן, אַז דער ברויט געהערט צו זיי, ווייל דער דאָקטאָר איז זייערער, אַ באַראַנאָוויטשער און די איבעריקע טענהן, אַז זיי אַלע זענען דיזעלבע יידן און אַז דער ברויט געהערט אַלעמען.

די זאַך דערגייט כמעט צום קאָמענדאַנט. מען גיט דאָס מיר איבער. אין דער צוקונפט מוז איך געבן יעדן באַזונדער, אַז איינער זאָל נישט וויסן פון צווייטן. שטיקלעך ברויט ווערן פאַרבאַהאַלטן אויף דער נאַכט, ווען מען לייגט זיך אויף די נאַרעס און דאַן איז דאָס דער גרעסטער פאַרגעניגן אַרויסצונעמען אַ שטיקל ברויט און קייען...

*

שבת, דעם 31־טן יאַנואַר 1943 קומט ווידער פאָר אַ מאַסן־מאָרד פון באַראַנאָוויטשער יידן, דאָסמאָל אין קאָלדישטעוואָ. ביים מיטאָג־אַפּעל ווערן אָפּגעקליבן בערך 300 יידן. זיי ווערן שנעל אַרומגערינגלט מיט פּאָליציי און מען זאָגט זיי, אַז זיי ווערן אָפּגעפירט קיין באַראַנאָוויטש אויף אַרבעט. מען פירט זיי צופוס. מען ברענגט זיי אין אַ דערבייאיקן וואַלד נישט ווייט פון דאָרף אַראַבינאָווטשיזנע (2 ק״מ פון קאָלדיטשעוואָ) — און דאָ ווערן זיי אַלע דערשאָסן אויפן באַקאַנטן שטייגער.

ד״ר סאַוווטשיץ ווערט אויך אַוועקגעשטעלט אויפֿן זייט פֿון די צום־טויט־פֿאַראורטיילטע. ער גענויסט נישט פֿון סימפּאַטיע ביי די מערדער. איינמאָל נעמען זיי ביי אים אַראָפּ פֿון די פֿיס אַ פּאָר שיינע שטיוול, אָבער מיט לאַטעס פֿון אונטן. נאָכן אַראָפּנעמען די לאַטעס ווייזט זיך אַרויס אַז די שטיוול זענען גאַנץ. ער ווערט דאַן געשמיסן. איצט שטייט ער צווישן די 300. אין לעצטן מאָמענט געלינגט מיר אים אַרויסצונעמען. איך דערמאָן דעם קאָמענדאַנט באָבקאָ, אַז זיין ווייב דאַרף געבוירן און עס איז געווונשן, אַז אַ געניטער אַקושער זאָל זיין דערביי. דאָס ראַטעוועט אים.

צווישן די אומגעקומענע: דער פּאָטער און זון ליימאַן, דער זייגערמאַכער אַנשל ברעוודע און עזיע פֿידלער.

עס איז כדאַי דאָ צו דערמאָנען, אַז צום לעצטן פֿלעגט קומען יעדן זונטיק זיין געוועזענע קריסטלעכע ניאַניע מאַשאַ, וועלכע פֿלעגט אים ברענגען שפּייז־פּאַקעטן און איבערגעבן אַ קריסטלעכן קאַצעטניק, וועלכער פֿלעגט זיך צוטיילן מיט אים. (די קריסטלעכע אַרעסטאַנטן האָבן געהאַט רעכט זיך צו זען יעדן זונטיק מיט זייער פֿאַמיליעס און באַקומען שפּייז און וועש־פּאַקעטן).

*

נאָך דער „אַקציע״ קומט צוריק דער דייטשער לאַגער־שעף פֿון סלאָנים. ער ברענגט מיט 2 יידישע שניידער מיט אַ פֿרוי פֿון איינעם פֿון זיי. ער האָט זיי שוין דריי מאָל געראַטעוועט פֿון טויט און איצט נאָך דער ליקווידאַציע פֿון סלאָנימער יידן, גנבעט ער זיי אַרויס פֿון שטאָט און ברענגט אין קאָלדיטשעווא. פֿון שעף דערוויס איך זיך, אַז אין סלאָנים איז איצט אומגעקומען דער באַראַנאָוויטשער אינזשיניער באָמע קאַפּלאַן מיט זיין פֿרוי אידע (די טאָכטער פֿון יצחק יאַסינאָווסקי) מיט זייער זונעלע.

מיטן אָנקום פֿון שעף ווערט איינגעאָרדנט אַ באָד, עס ווערט דורכגעפֿירט אַ דיזענפֿעקציע. די האָר ביי אַלעמען (קריסטן און יידן) ווערט אָפּגעשאָרן. דאָס עסן פֿאַרבעסערט זיך. ער באַפֿוילט שיסן אומנוצלעכע פֿערד און גיט אין קעסל פֿערדפֿלייש.

אָפּט קומט ער אַריין אין אַמבולאַטאָריע און פֿאַרפֿירט אַ שמועס.

ער באַמיט זיך גרינגער צו מאַכן דאָס לעבן פֿון די אומגליקלעכע, אָבער די ווייסרוסן טוען דאָס זייעריקע, ווען ער זעט נישט.

נאָך דער דורכגעפֿירטער ענטלויזונג פֿון די מענטשן און באַראַקן ווער איך איינמאָל פֿאַרנאַכט גערופֿן אין „שפּיטאָל״. איך טרעף דאָרט דעם קאָמענדאַנט סטעפּאַניוק. ער איז בגילופֿנדיק. ער פֿרעגט גענוי אויס וועגן יעדן קראַנקן. איך באַהויפּט, אַז אַלע זענען לייכט קראַנקע און אַז אין איין־צוויי טעג וועלן זיי גיין צו דער אַרבעט.

— כ׳דאַנק דיר, קענסט גיין, גיט ער צו העפֿלעכער ווי אַלעמאָל.

אין אַ האַלבער שעה פֿאַרפֿאָרן צום באַראַק פֿויערישע פֿורן, אויסגעלייגט מיט שטרוי. מען לייגט אַרויף אויף זיי די קראַנקע און מען פֿירט אַרויס פֿון לאַגער. זיי ווערן דערשאָסן אויפֿן קריסטלעכן בית־הקברות פֿון קאָלדיטשעווא. צווישן די דערשאָסענע — אברהמ׳ל סאָלאָמיאַנסקי, וועלכן דערזעלבער קאָמענדאַנט האָט פֿריער פּראָטעזשירט און איינגעאָרדנט אויף אַ „גוטער״ אַרבעט אין לאַגער־קיך.

## דער „סלאָנימער רבי״

דאָס לעבן און אומקום פֿון „סלאָנימער״ איז אַ קאַפּיטל פֿאַר זיך.

שטענדיק מיט אַ שמייכל אויפֿן פּנים און אין די אויגן, רוהיק און געלאַסן, ליבלעך צו יעדן און באַשיידן.

ביי זיין אַרבעט אַלס סטאָליאַר העלפֿן אים אויס די איבעריקע חברים צום אומגליק. ווען עס גייט אַריין אַ קאָנטראָל, נעמט ער דעם הובעל אין האַנט און פֿירט איבער די ברעטער. רוקט זיך קיינמאָל נישט פֿאָרויס. ווען ער דערמאָנט זיך, אָדער רעדט וועגן זיין אומגעבראַכטער פֿאַמיליע, הויבט ער אָן שטיל אונטערצוזינגען אַ חסידישן זמרל. נאָך דער אַרבעט, אין די באַראַקן, האָט ער אַרום זיך אַ גרופּע פֿון זיינע חסידים און פֿאַרערער. זיי לעבן זיך אויס אַלע, אויף וויפֿל מעגלעך, אין חסידישן גייסט.

דריי מאָל טעגלעך היט ער אָפּ דאָס דאַוונען, אינדערפֿרי — טלית און תפֿילין, זייענדיק שטענדיק אין שפּאַנונג, אַז די רוצחים זאָלן נישט באַמערקן.

אין די צייטן פֿון מיין זיין אין לאַגער אַרבעט ער קיינמאָל נישט אום שבת און יום־טוב: ער ווערט באַפֿרייט אויף דעם טאָג אַלס קראַנקער. עס קומען צו מיר יידן און בעטן, אַז איך זאָל אים נישט באַפֿרייען יעדן שבת, ווייל די מאַכט קען זיך אַרומזען און אַלע קענען נאָך באַשטראָפֿט ווערן. איך באַרוהיק זיי, אַז דער איינציקער פֿאַראַנטוואָרטלעכער פֿאַר דעם בין איך און זיי דאַרפֿן נישט מורא האָבן.

קיין טריפֿה קומט נישט אַריין אין זיין מויל במשך פֿון דער גאַנצער צייט. צוערשט ליידט ער הונגער, אָבער שפּעטער ווערט איינגעאָרדנט לויט מיין איניציאַטיוו אַ דיעטעטישע קיך פֿאַר „מאָגן־קראַנקע״, פֿאַרשטענדלעך פֿאַר קריסטן אין דער ערשטער ריי.

אויסער די ברויט־פּאָרציעס באַקומען די „דיעטעטיקער״ צוויי מאָל אין טאָג טיי אָדער קאַפֿע און קאַרטאָפֿל־פּיורע.

פּסח־צייט עסט ער נישט קיין חמץ. זיינע ברויט־פּאָרציעס ווערן אָפּגענומען און אַוועקגעלייגט אין אַ זייט. ווער עס וויל נעמט זיי צו. ער גיט עס קיינעם נישט, כדי נישט מאכיל חמץ זיין. זיין גאַנצע דערנערונג אין דער פּסח־וואָך באַשטייט פֿון געבאַקטע קאַרטאָפֿל און געבאַקטע בוריקעס, וועלכע ווערן אים צוגעשטעלט דורך זיינע חסידים.

מען באַקומט אַביסל מעל און דערפֿון ווערן אויסגעבאַקן איניקע קליינע מצהלעך אין אַ אויוון, וווּ דער קליינער חאַניעלע פּילשטשיק (איצט אין ישראל) פֿאַרנעמט זיך מיט

איבערברענען קאַלך. דאָרט ווערן אויך געבאַקט די קאַרטאָפל מיט די בוריקעס.

און פורים... ווייל „ער״ גיין אַ טענצל. איז ווי מאַכט מען דאָס?

די קריסטלעכע קאַצעטניקעס געפינען זיך אין שכנות: זייער טיר גייט אַרויס אין יידישן באַראַק, פאַלט ער אויף אַן אָריגינעלע המצאה: אין אָוונט, פאַרן גיין שלאָפן לאַדט מען איין די קריסטן אין יידישן באַראַק און מען פאַרפירט אַ שמועס וועגן טענץ.

— ווער טאַנצט בעסער? איר אָדער מיר? — זאָגט מען צו זיי.

— באַווייזט, וואָס איר קענט!

די קריסטן הויבן אָן צו טאַנצן. זיי באַמיען זיך באַווייזן זייער קונסט. נאָכדעם זאָגן זיי צו די יידן:

— און איצט באַווייזט, וואָס איר קענט.

אויף דעם טאַקע האָט מען געוואַרט. איצט טאַנצט „דער רבי״ מיט זייַנע חסידים. זיין ציל איז דערגרייכט.

און גרויס איז ער אויך אין די לעצטע מאָמענטן.

בעת דער „אַקציע״ פון 4־טן נאָוועמבער 1943 (ו׳ אָדער ז׳ חשון תש״ד) ווערט ער אין צייט פון דער „סעלעקציע״ אַוועקגעשטעלט צווישן די פאַראורטיילטע צום טויט. ער איז רוהיק. גייט אין דער ערשטער ריי שטאָלץ, מיט אַ פאַריסענעם קאָפּ. ער גייט דערפילן די גרעסטע מצוה אין זיין לעבן — די מצוה פון ק י ד ו ש ה ש ם.

*

די יידן אין קאָלדיטשעווא זעצן פאָר זייער טרויעריק לעבן. זיי ווערן ביסלעכווייז צוגעוווינט אויך צו אַזאַ לעבן. די לייז־פלאָג איז אַריבער. די שטשורעס ווערן לויט מיין איניציאַטיוו אויסגעסמט. אין די הונדערטער ווערן זיי צענויפ־געזאַמלט, און די יידישע גאַרבער מוזן אָפשינדן פון זיי די פעלכלעך און אויסאַרבעטן זיי. עס פאַרבלייבט נאָך די פליי־פלאָג, וועלכער מען קען זיך נישט קעגנשטעלן. אין די טויזנ־טער באַפאַלן די שוואַרצע שפרינגענדיקע באַשעפענישן די אויסגעמאַטערטע מענטשן־קערפערס און בייסן זיי אָן רחמנות.

אויך אין די דאָזיקע באַדינגונגען פאַרלירן נישט די יידן די לעבנס־לוסט. מען לאַכט, מען זינגט. זייער אַ שיינע שטימע באַזיצט די פרוי זיידמאַן, וועלכע זינגט האַרציקע לידער. זי שטאַמט פון דער פאַמיליע ריבאַק, ווו אַלע זענען זייער מוזי־קאַליש. אירע ברידער זענען חזנים אין אַמעריקע. אפילו ליבעס ווערן געפירט אין אָנבליק פון טויט.

אויך פעלט נישט די יידן קיין הומאָר. מען וויצלט זיך אַפילו אין דערדאָזיקער טרויעריקער לאַגע.

דער גרעסטער לץ איז פוטשינסקי, דער זון פון אַלעמען באַקאַנטן יונה פוטשינסקי, וועלכער איז צוגענומען געוואָרן מיט „די 700״ אין מאָלאָדעטשנא.

דער יונגער פוטשינסקי קאָמפּאַנירט לידער. דעם יידן־באַראַק שטעלט ער פאָר אַלס אַ יידישע שטעטלע מיטן נאָמען „פלייסק״ (צוליב די פליי). די דורכגאַנגען צווישן די נאַרעס — דאָס זענען געסלעך, וועלכע באַקומען געהעריקע נעמען: די הסידישע געסל, ווו עס געפינען זיך די נאַרעס פון „סלאָנימער״ מיט זיינע חסידים; די שוסטער געסל, די שניידער געסל, די בעלי מלאכה געסל א.א.וו. עס פעלט דאָ נישט אויך אַ פּלאַץ מיטן נאָמען „אונטער דעם זייגער״ (דאָ הענגט אַ וואַנט־זייגער). אפילו אין די לעצטע מאָמענטן פון זיין לעבן פאַרלירט נישט פוטשינסקי זיין הומאָר: שטייענדיק בעת דער „אַקציע״ אויף דער זייט פון די „טויטע״, נעמט ער אַרויס אַ שטיקל ברויט פון קעשענע און קייט און וויצלט זיך...

## מיין אנטלויפן

דאָס אַנטלויפן פון לאַגער קומט נישט דערווייל אין פראַגע. דער לאַגער איז שטרענג באַוואַכט און עטלעכע פרוון פון קריסטלעכע „קאַצעטניקעס״ ענדיקן זיך מיטן חאַפן זיי און אויפהענגען אין צייט פון „אַפּעל״ אין די אויגן פון אַלעמען. דאָך באַשליס איך מיט מיין פרוי, אַז מיר מוזן אַנטלויפן, אויב מיר ווילן זיך ראַטעווען. דורך אַ פאַמיליע פון מיינע דאָרפישע פאַציענטן געלינגט אונז זיך פאַרבינדן מיט אַ „פאַרטיזאַנער־אָטריאַד״ אויפן נאָמען פון „מאָלאָטאָוו״. איך באַקום אַ בריוו פון קאָמאַנדיר פון דער דאָזיקער גרופּע קאַפּיטאַן יאַראָטשקין, אַז זיי זענען גרייט אונז אָנצונעמען.

מיר שיקן איבער צו די פאַרטיזאַנער אַ גרויסע צאָל פון חירורגישע אינסטרומענטן און מעדיקאַמענטן. אונזערע פער־זענלעכע זאַכן נעמען צו די א. ג. פאַציענטן צו זיך אַ היים. מיר ריזיקירן דערביי זייער, ווייל דער קריסט, וועלכער פירט דאָס אָפּ, קען געכאַפּט און רעווידירט ווערן אין וועג און דאַן זענען מיר אַלע פאַרלאָרן.

דערווייל אַנטלויפן אין אַ זומערדיקן פאַרנאַכט צוויי יידישע בחורים פון דער אַרבעט אויפן פעלד. דער פּאָליציי געלינגט נישט צו כאַפּן זיי. די פאַרבליבענע יידן ווערן מער־דערלעך געפייניקט. ספּעציעל מאיר לאַזאָווסקי (איצט אין ישראל) ווערט אַזוי געשמיסן און געשלאָגן, אַז זיין גאַנצער קערפּער ווערט שוואַרץ פון פאַרלאָפענעם בלוט. זיין צונג ווערט צענדליקער מאָל דורכגעשטאָכן מיט נאָדלען.

דידאָזיקע פייניקונגען פון די איבערגעבליבענע האַלטן אונז אָפּ אויף אַ לענגערע צייט פון אַנטלויפן.

דעם 27־טן אָקטאָבער ווערן אַראָפּגעבראַכט קיין קאָלדי־טשעווא די יידן פון אָ.ט.־לאַגער פון באַראַנאָוויטש און דאָ ווערן זיי דערשאָסן און זייערע קערפערס פאַרברענט.

מיר באַשטימען: מער נישט צו וואַרטן. אַ ווייסרוסישער פּאָליציאַנט, וועלכער ווייזט זיך אַרויס אין אַן אינטימען שמועס אַלס אַ פאַרבינדונגס־מאַן פון פאַרטיזאַנער, גיט אונז צו מוט זאָגנדיק, אַז מיט אונזער פאַרבלייבן וועלן מיר נישט ראַטעווען די מענטשן, ווייל אַלע וועלן סוף כל סוף אומקומען. דער פּאָליציאַנט זאָגט מיר צו ברענגען גראַנאַטן און אַ פּיס־טאָלעט, אָבער ער קומט נישט צו דער באַשטימטער צייט. מיר מוזן שוין אַנטלויפן, ווייל מיר האָבן מורא, אַז דער פּאָליציאַנט וועט אונז אַרויסגעבן. זיינערצייט, ווען עס זענען אַנטלאָפן די

2 בחורים, האָט אונז דער לאַגער־שעף געזאָגט: „איר וועט מיר אַזאַ „שווייַנערייַ" געוויס נישט טאָן!" מיר האָבן אים פאַר־זיכערט, אַז נישט, בפרט אַז מיר האָבן אַ קליין קינד. זונטיק, דעם 31־טן אָקטאָבער 1943 אָוונט ווערט באַשטימט אונזער גורל.

וועלנדיק פאַרהיטן די איבערגעבליבענע יידן פון קוויי־לונגען, לאָז איך איבער אַ בריוו פאַר דעם לאַגער־שעף, וועל־כער געפינט זיך צו דעם מאָמענט אין באַראַנאָוויטש. דער אינהאַלט פון בריוו איז פאָלגנדיקער:

„זייער געהערטער הער שעף!

וועסט אונז אַנטשולדיקן פאַר דער „שווייַנערייַ" וואָס מיר האָבן דיר געמאַכט. קיינער האָט נישט קיין שולד אין אונזער אַנטלויפן. מיר האָבן אויך נישט קיין שולד, וואָס מיר זענען יידן. מיר זענען נאָך יונג און קענען נאָך לייסטן פאַר דער מענטשהייט. אַנטשולדיק אונז, וואָס מיר ווילן לעבן".

זעקס אָוונט, ווען עס איז שוין פינסטער, גיי איך אַרויס צוזאַמען מיט אונזער אַכט־יעריקן זון פון אַמבולאַטאָריע, עטוואָס שפּעטער — מיין פרוי. מיר גייען אין דער ריכטונג פון די טאָרף־בלאָטעס. לויט אונזערע אויסרעכענונגען האָבן מיר פאַר זיך 12 שעה, אין דער צייט וועט מען זיך נישט כאַפּן וועגן אונזער אַנטלויפן, און ביז 6 פרי וועלן מיר שוין זיין ביי די פּאַרטיזאַנער.

ליידער, אין אַ האַלבער שעה אַרום כאַפּט מען זיך, אַז מיר זענען נישטאָ, מען הויבט אונז אָן צו זוכן. די פּראָזשעקטאָרן הויבן אָן צו באַלויכטן די אומגעגנט, ראַקעטעס, איינע נאָך דער אַנדערער, באַלויכטן דעם הימל. שיסערייען פון אַלע מינים געווער. אין דעם דראַמאַטישן אַנטלויפן טרינק איך זיך אין אַ טיפן, מיט וואַסער אָנגעפּילטן טאָרף־גרוב. מיט נסים געלינגט מיר אַרויסצובאַקומען זיך פון וואַסער. די בלאָטעס ווערן אַרומ־גערינגלט מיט פּאָליציי, וועלכע איז שוין גאָר נאָענט פון אונז, אָבער פּלוצלונג נאָך צוועלף שעה פון זוכענישן, גייען זיי אַוועק. אַ גאַנצן טאָג ליגן מיר אויף די בלאָטעס, אַ פאַר הונדערט מעטער פון לאַגער. עס געפינען אונז דאָרפישע שייגעצלעך, אָבער זיי גיבן אונז נישט אַרויס.

מיטן נאַכט־אָנקום פון 1־טן נאָוועמבער זעצן מיר פאָר אונזער ריזיקאַלישן וועג און קעגן האַלב־נאַכט געפינען מיר זיך שוין ביי די פּאַרטיזאַנער פון דער „ערשטער מאַי־בריגאַדע". ווי עס איז אונז שפּעטער באַקאַנט געוואָרן, האָבן די יידן נישט פיל געליטן פון אונזער אַנטלויפן. נאָר דער וועטע־רינאַר־דאָקטאָר אבא גאָלדשטיין (איצט אין אַרגענטינע) איז געשמיסן געוואָרן פון קאָמענדאַנט. ד"ר גאָלדשטיין האָט זיך פון פאַרויס פאַרזיכערט פון די קלעפּ דערמיט, וואָס ער האָט זיך אַרומגעבונדן מיט פיל האַנטיכער.

אויך איז מיר איבערגעגעבן געוואָרן, אַז דער שעף האָט לייענענדיק דעם בריוו געהאַט טרערן אין די אויגן. שפּעטער האָט ער אויפגעזאַמלט אַלעמען צום „אַפּעל" און איבערגעגעבן, אַז מען האָט געפונען אונזערע דריי טויטע קערפּערס, נאָכדעם ווי מיר האָבן איינגענומען סם.

∴

אין לאַגער פאַרבלייבן 122 יידן. דעם 3־טן נאָוועמבער ווערן אַראָפּגעבראַכט איבער אַכציק יידן פון ס.ד.־לאַגער אין באַראַנאָוויטש. אין אַ טאָג אַרום קומט פאָר אַ „סעלעקציע".

דער לאַגער־שעף און די ווייסרוסישע קאָמענדאַנטן לאָזן איבער „צום לעבן" אַממייסטן יידן פון קאָלדיטשעווא, אָבער נאָך דעם קומען אָן די ס.ד.־פירער פון באַראַנאָוויטש און זיי מאַכן אויפסניי אַ „סעלעקציע", איבערלאָזנדיק „צום לעבן" מערערע יידן פון ס.ד.־לאַגער.

די צום טויט אָפּגעזונדערטע ווערן געשלאָגן, ווי געוויינ־לעך, אין אַזעלכע פאַלן. אין לעצטן מאָמענט ווערן נאָך עטלעכע ספּעציאַליסטן אַרויסגענומען פון דער גרופּע און איבערגעפירט „צום לעבן".

אַן אינטערעסאַנטער פאַל איז געשען מיט דעם יונגן גאָ־רעליק. שטייענדיק אויף דער זייט „צום טויט" נעמט ער אַרויס אַ שאַרפן מעסער און צעשניידט זיינע שטיוול (מיטגעבראַכט פון ס.ד.־לאַגער) אויף שטיקער.

— וואָס טוסטו? פאַרוואָס מאַכסטו דאָס? — שרייען צו אים די ווייסרוסישע פּאָליציאַנטן.

— איך וויל דאָס נישט איבערלאָזן פאַר אייך — ענט־פערט ער.

— דו וועסט שוין דערפאַר באַקומען! דו וועסט דער לעצטער אומקומען!

די רוצחים האַלטן וואָרט: זיי לאָזן אים איבער צווישן די לעצטע.

דערווייל גייט צו זיין קוזינע לוסיע מאָושאָוויטש, וועלכע איז אָפּגעשטעלט געוואָרן צום לעבן, צו איינעם פון די באַראַ־נאָוויטשער ס.ד.־לייט, ביי וועלכן זי האָט פריער געאַרבעט, און בעט אים, אַז ער זאָל ראַטעווען איר קוזין. ער טוט עס. דער יונגער בחור'ל ווערט איבערגעפירט צו די אָפּגעשטעלטע „צום לעבן". ער איז לעבן געבליבן (איצט אין אַמעריקע).

איין ספּעציאַליסט ווערט געראַטעוועט ממש פון די גרי־בער: מען שיקט נאָך אים. ער איז שוין אויסגעטון הויל־נאַקעט און וואַרט אויף זיין „ריי" דערשאָסן צו ווערן. אַ נאַקעטן, ציטערנדיקן ברענגט מען אים אויף אַ מאַשין צוריק אין לאַגער. ביי הונדערט יידן ווערן דעם טאָג „ליקווידירט".

נאָך דער דאָזיקער „אַקציע" הייסט מען די פאַרבליבענע יידן אַראָפּנעמען זייערע געלע לאַטעס. אנשטאָט דעם מוזן זיי צונייען ווייסע פאַסן פון לייוונט אין דער ברייט (די קריסט־לעכע געפאַנגענע האָבן די גאַנצע צייט געהאַט אַזעלכע פאַסן אין דער לענג).

מיט דייטשן, וועלכע קומען מאַכן באַשטעלונגען, מוזן די יידן פאַרשטענדיקן זיך דורך אַ דאָלמעטשער. זיי טאָרן נישט ריידן אין דער דייטשישער שפּראַך. ביי די „אַפּעלן" שרייט מען שוין נישט מער „זדראַוואָ, זשידי!". נאָר „זדראַוואָ כלאָפּצי!" (זייט באַגריסט, יונגעלייט!) — אַזוי ווי צו די קריסטלעכע „קאַצעטניקעס".

דאָס אַלץ דאַרף באַדייטן, אַז קיין יידן עקזיסטירן שוין

נישט מער. דער העכערער מאַכט ווערט ראַפּאָרטירט, אַז אין באַראַנאָוויטשער געביט זענען אַלע יידן אומגעבראַכט געוואָרן.

די פאַרבליבענע יידן זענען פאַקטיש איבערגעלאָזן געוואָרן דורך דער ס. ד. אויף איר אייגענער האַנט, ווייל די געשטאַפּאָוצעס האָבן זיך געניטיקט אין גוטע ספּעציאַליסטן פאַר פערזענלעכן געברויך.

*

דאָס אַנטלויפן פון ד״ר לעווינבוק מיט זיין פאַמיליע און דאָס דערוויסן זיך וועגן דער ריכטונג, אין וועלכער זיי זענען אַנטלאָפן (איינער פון די שקצים, וועלכער האָט זיי געטראָפן, מעלדעט צומאָרגנס דער פּאָליציי, אַז דער אַנטלאָפענער דאָקטאָר האָט געפרעגט דעם וועג צום דאָרף סקראַבאָוואָ) — גיט די פאַרבליבענע יידן אַ אימפּולס צו פאַרטראַכטן זיך וועגן זייער זעלבסטרעטונג — דורך אַנטלויפן פון לאַגער.

דער געדאַנק ווערט מיט יעדן טאָג רייפער און באַהערשט אַלעמען אָן אויסנאַם. עס הויבט זיך אָן אויסצוקריסטאַליזירן אַ פּלאַן. דער שוסטער קושניר מיט נאָך אייניקע פירן אָן מיט דער אַנטלויפונגס־אַקציע. עס געלינגט זיי צו פאַרבינדן זיך מיטן ווייסרוסישן פּאָליציאַנט פון אַראַבינאָווישטשיזנע (דאָרט איז אַ פּאָליציי־אָפּטיילונג פון קאָלדיטשעוואָ), וועלכער איז אַ פאַרבינדונגס־מאַן מיט די פּאַרטיזאַנער. ער שטעלט זיי צו פּיסטאָלעטן און האַנט־גראַנאַטן. עס ווערן געמאַכט קאָנספּיראַטיווע צוגרייטונגען. אין אַ וואַנט פון יידישן באַראַק, וועלכע גרענעצט זיך מיט דער גאַרבעריי ווערן געמאַכט אונטער די נאַרעס אין די אָוונט־שעהן מיט אַ קליינעם עגבער לעכעלעך, וועלכע ווערן גוט פאַרמאַסקירט. פון גאַרבעריי איז דאָ אַן אַרויסגאַנג צום דראָטן־צוים. עס ווערן צוגעגרייט אינסטרומענטן אויף איבערצושניידן די דראָטן. לויט אַ גורל ווערט באַשטימט די ריי צום אַרויסגיין, אויך ווערן איינגעטיילט די פונקציעס: ווער עס דאַרף איבערשניידן די דראָטן, ווער און ווו עס דאַרף באַוואַכן א.א.וו. יעדער גרייט צו פאַר זיך סם אין אַ פלעשל.

מיט די יידן צוזאַמען געפינט זיך אַ דענטיסט — אַ משומד מיט זיין ווייב און קינד. זיי האַלטן זיך ווייט פון די יידן און באַמיען זיך, אַז מען זאָל זיי איבערפירן אין קריסטלעכן באַראַק. פאַר די דאָזיקע האָבן די יידן מורא. זיי שטערן זיי אין זייער אַנטלויפונגס־פּלאַן. עס אַנטשטייט אַפילו אַ געדאַנק וועגן „אָפּרוימען" זיי פון וועג. נאָך אַ פאַרזיכטיקן צוגאַנג צו זיי ערקונדיקט מען זיך, אַז אויך זיי זענען שטאַרקע אָנהענגער פון „פּלאַן".

ביי דעם אַלעם האָבן נישט די יידן קיין צוטרוי איינער צום אַנדערן: די גרופּע, וועלכע אַרבעט נישט אין די וואַרשטאַטן האָט מורא, אַז די ספּעציאַליסטן זאָלן נישט אַנטלויפן פון די וואַרשטאַטן, בפרט אַז זיי אַרבעטן איצט אויך אין די אָוונט־שעהן.

די וואַרשטאַטן־אַרבעטער האָבן מורא, אַז אַ טייל פון זייערע חברים, וועלכע אַרבעטן לויט די פאַכן אין באַזונדערע צימערן מיט באַזונדערע אַרויסגאַנגען, זאָלן אַ מאָל נישט אַנטלויפן. איינער הרט דעם צווייטן און מען איז אין פערמאַנענטער אָנשטרענגונג.

אין אַ געוויסן אָוונט געשעט פאָלגענדער פאַקט: צוויי פון די וואַרשטאַטן־אַרבעטער גייען אַרויס „אויף אַ ווײַלע". ווען די „ווײַלע" דויערט לענגער, ווערן אַרויסגעשיקט צוויי אַנדערע שניידער צו זען, וואָס מיט יענע איז געשען. זיי גייען אַריין אין אָפּטריטס־צימער און געפינען נישט די פריערדיקע. טראַכטנדיק, אַז די ערשטע פאַר זענען אַנטלאָפן, באַשטימען זיי צו טאָן דאָסזעלבע. זיי גייען שטיל אַרויס, גנבענען זיך אַרויס דורך די דראָטן און אַנטלויפן. ווען די ערשטע צוויי, וועלכע האָבן זיך פאַרזוימט, ווייל זיי האָבן געפירט אינדרויסן אַ שמועס מיטן פּאָסטן, וועלכער באַוואַכט די וואַרשטאַטן קערן זיך אום—געפינען זיי נישט די אַנדערע פּאָר. עס ווערט אַ טומל, אַ גערודער — און די אַלע איבעריקע קענען שוין נישט אַנטלויפן, ווייל אין דער פּאָליציי ווערט פאַראָרדנט אַ געיעג נאָך די אַנטלאָפענע. עס געלינגט נישט זיי צו כאַפּן און אין אַ קורצער צייט אַרום טרעפן מיר זיך מיט זיי אין פּאַרטיזאַנקע פון נאַליבאָקער „פּושטשע" (גרויסע וועלדער). אויך מיט די גאָר ערשטע צוויי אַנטלאָפענע בחורים טרעפן מיר זיך אין „ביעלסקיס אטריאַד".

דאָס אַנטלויפן פון די צוויי שניידער־ספּעציאַליסטן האַלט אָפּ אויף אַ געוויסער צייט דאָס אויספירן פון „אַנטלויפונגס־פּלאַן".

דערווייל האַלט די געביטס דריישטאָקיקע טורמע ביים פאַרענדיקן זיך, און פון דאָרט זעט זיך שוין נישט פאַר קיין מעגלעכקייט פון רעטונג. מען מוז זיך צואיילן, אויב מען וויל נישט פאַרשפּעטיקן!

אויך איז אַ געפאַר, אַז די פּאָליציי קען אַנטדעקן די צוגרייטונגען (די אויסגעבויערטע לעכלעך אין וואַנט) און דעם פאַרבאַהאַלטענעם געווער. מען האָט אויך מורא פאַר די קריסטלעכע פאַרהאַפטעטע, אַז זיי זאָלן זיך נישט דערוויסן פון עמיצן פון די יידן. ווי עס ווייזט אויס, האָט די פּאָליציי אַ געוויסן חשד, ווייל דעם 20־טן מערץ 1944 נעמט זי צו דעם געוועזענעם באַראַנאָוויטשער יידישן קוימענקערער באַראָווסקי און פאַרזעצט אים אין אַ פּאָליציי־קעלער אונטער דער פּאָליציי־געביידע. מען פאַרשט אים אַ גאַנצן טאָג, מען וויל באַקומען פון אים ידיעות. ער גיט אָבער גאָרנישט אַרויס. ער ווערט לאַנג געמאַטערט און געשלאָגן ביז ער הויכט אויס זיין נשמה.

אין אַ פּאָר טעג אַרום נעמט מען ווידער צו אין דאָזיקן קעלער אַ יידישן שניידער וועלכן דער שעף האָט געראַטעוועט פון סלאָנים.

עס אַנטשטייט אַ געפאַר, אַז ער קען זיך צוזאַמענברעכן און אַרויסגעבן דעם „פּלאַן".

מען מוז זיך שנעל באַשליסן: היינט נאָך מוז מען אַנטלויפן.

דעם 22־טן מערץ 1944 אין אַ פראָסטיקן אָוונט האַקן די יידן אויס די וואַנט און פאַרלאָזן דעם לאַגער. צעטיילטע אין גרופּן לויפן זיי אַוועק אין פאַרשידענע ריכטונגען. ביז פרי

ווייס די פּאָליציי פון גאַרנישט. ווען זי עפּנט אויף דעם יידן־באַראַק געפינט זי נאָר איין איינציקן ייד, אַ שניידער פון פאַך, וועלכער איז געשמאַק געשלאָפן. די אַנטלאָפענע האָבן אין זייער אויפרעגונג נישט באַמערקט זיין אָפּוועזנהייט. אויסער אים פאַרבלייבט נאָך דער פאַרשלאָסענער אין בונקער שניידער.

אין אָרגאַניזירטן געיעג ווערן געכאַפּט אייניקע צענדליק אַנטלאָפענע. איין גרופּע פון 17 מאַן, אָנגעפירט פונם שוסטער קושניר, באַהאַלט זיך אויס במשך פון קומענדיקן טאָג אין אַ דערבייאיקן וואַלד, אין אַ גרוב. זיי דערהערן פלוצלינג דאָס גאַלאָפּירנדיקע לויפן פון דער רייטער־פּאָליציי, וועלכע פאָרט פאַרביי, נישט באַמערקנדיק זיי. די יידן אָבער זענען זיכער, אַז מען האָט זיי אַנטדעקט. צוויי פון די יידן לויפן שנעל אַרויס פון גרוב און באַהאַלטן זיך אין אַ בעטאָן־בונקער פון ערשטן וועלט־קריג. זיי ווערן געראַטעוועט.

קושניר, האָבנדיק אַ פּיסטאָלעט און נישט וועלנדיק אַריינפאַלן אַ לעבעדיקער אין די הענט פון די רוצחים — באַגייט זעלבסטמאָרד.

די טאָנאַציע פון די שאָסן גיט אַרויס די פאַרבאַהאַלטענע: די רייטער־פּאָליציי געפינט זיי.

אַלע געכאַפּטע ווערן צוריקגעבראַכט אין לאַגער. מען הענגט זיי נישט אויף, ווי עס פּראַקטיצירט זיך אין אַזעלכע פאַלן אין לאַגער. מען לאָזט זיי לעבן, ווייל די דייטשן נויטיקן זיך אין זייער פאַך־אַרבעט. אפילו די באַציונג צו זיי ווערט בעסער. מען האַלט זיי אין דער אויסגעבויטער טורמע ביז יולי 1944.

ווען די נאַציס מוזן פאַרלאָזן באַראַנאָוויטש אונטערן דרוק פון דער אָנגרייפנדיקער זיגרייכער סאָוויעטישער „רויטער אַרמיי", ווערן דערשאָסן אין לאַגער גופא אַלע קאַצעטניקעס צוזאַמען מיט די פאַרבליבענע יידן.

אייניקע נוצלעכע פאַר זיי קאַצעטניקעס, דערונטער אַ פעלדשער, און, ווי עס ווערט איבערגעגעבן, אויך דער יידישער שניידער פון סלאָנים, וועלכן דער לאַגער־שעף האָט די גאַנצע צייט געראַטעוועט פון אומקום (עס איז אַריין ביים שעף אין אַמביציע צו ראַטעווען אים ביזן סוף) — זענען איבערגעטון געוואָרן אין נאַצי־מונדירן און מיטגענומען געוואָרן ביים אָפּטרעטן אין דער ריכטונג פון פראַנקרייך.

* *

75 פון די אַנטלאָפענע יידן קומען אָן נאָך לאַנגע וואַנדערונגען צו דער פּאַרטיזאַנער־זאָנע.

די אַנטלאָפענע פון געטאָ און פון די לאַגערן באַראַנאָוויטשער יידן צעשפּרייטן זיך איבער אַלע אַרומיקע פּאַרטיזאַנער איינהייטן: אין די פּאָליעסיער וועלדער, פּינסקער בלאָטעס און נאַליבאָקער פּושטשע.

פיל העלפט מיט ביים איבערפירן אַ טייל פון די אַנטלאָפענע יידן צו די פּאַרטיזאַנער דער באַראַנאָוויטשער קריסט מיטן נאָמען חאַציע, וועלכער וווינט אין אַ „כאַטקע" (שטיבעלע) הינטערן יידישן בית־עלמין.

אין פּאַרטיזאַנקע נעמען אונזערע באַראַנאָוויטשער אַ טיכטיקן אַנטייל אין דער מלחמה און נקמה פון די דייטשן און זייערע ווייסרוסישע און אוקראַינישע מיטהעלפער. זיי קעמפן און פירן אויס אַלערליי דיווערסיע־אַקטן, קעגן בלוטיקן שונא פון אונזער פאָלק. אַ סך באַקומען אויסצייכענונגען און אָרדנס פון דער סאָוויעטישער מאַכט.

פיל פון די באַראַנאָוויטשער פאַלן אין פּאַרטיזאַנקע מיט אַ העלדישן טויט, ווי צ.ב. אסנע פּערעלשטיין („אניע"), טוביה צירינסקי, ד"ר אהרן פיליפּאָווסקי, מאַמע קאַפּעלאָוויטש א.אַ.

אַ טייל ווערט דערמאָרדעט דורך די דייטשן און אויך דורך פּאַרטיזאַנער־באַנדיטן אויפן וועג צום וואַלד, ווי ד"ר יעקב קאַגאַן, ד"ר אַבראַשע אַבראַמאָווסקי א.אַ. דער לעצטער קומט אָן צו דער ערשטער פּאַרטיזאַנער־וואַך פאַרן דאָרף סוויטיצע. די „פּאַרטיזאַנער" וואַרפן אָן אויג אויף זיינע נייע שטיוול און זיין גוטע וואַרעמע באַקליידונג, ווי אויך אויף זיין רעוואָלווער. זיי נעמען דאָס אַלץ צו און דערשיסן אים.

שפּעטער ווערן געוווּיר וועגן דעם די יידישע פּאַרטיזאַנער, זיינע געוועזענע חברים פון דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג אין געטאָ. זיי געפינען זיין טויטן קערפּער אונטערן שניי, טראָגן אים אַוועק אין דאָרף סוויטיצע און באַערדיקן אויף איינעם פון די בערגלעך.

אַנדערע ווערן דערשאָסן אין פּאַרטיזאַנקע כלומרשט אַלס „שפּיאָנען" (מוקאַסיי), אַנדערע ווערן דערשאָסן דורך די פּאַרטיזאַנער אומקערענדיק זיך פון אַ שלאַכט צוליב פּערזענלעכע חשבונות (דער זייגער־מאַכער ראַמעק פרידמאַן) און סתם אַלס יידן.

ביים זיגרייכן אָנגריף פון דער רויטער אַרמיי אין די מאָנאַטן יוני־יולי 1944 העלפן מיט די פּאַרטיזאַנער דעם פראָנט מיט זייערע דיווערסיע־אַקטן, וועלכע ווערן קאָאָרדינירט מיט די פראָנט־אָפּעראַציעס לויט באַקומענע דורכן ראַדיאָ באַפעלן. ביים אַרויסגיין פון די וועלדער קומען מיר שיער נישט אום אויף די ברעגן פון טייך ניעמאַן אין אַ שלאַכט מיט דער רויטער אַרמיי, וועלכע מיינט, אַז מיר זענען דייטשן און וועגן וועלכער מיר מיינען, אַז זיי זענען דייטשן.

וועגן דעם יידישן אַנטייל (אויך פון באַראַנאָוויטשער יידן) אין דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג פון סאָוויעט רוסלאַנד, זע דאָס בוך, צוזאַמענגעפּאַסט פון דער היסטאָרישער קאָמיסיע ביים פּאַרטיזאַנען פאַרבאַנד, פּח"ח אין איטאַליע (רוים 1948), און רעדאַגירט פון משה קאַגאַנאָוויטש, אַרויסגעגעבן דורכן „ציוניסטישן אַרבעטער קאָמיטעט פאַר הילף און אויפבוי", אין אַמעריקע (ניו־יאָרק, 673, בראָדוויי), אויך „ביערות" פון א. לידובסקי (הוצאת „עם עובד") און „ביערות" פון ט. בילסקי.

## דער צוריקקער קיין באַראַנאָוויטש

דעם 8־טן יולי 1944, ווערט באַראַנאָוויטש באַפרייט פון די נאַציש־רוצחישע אָקופּאַנטן. דער גאַנצער שטאָט־צענטער איז פאַרברענט און צעשטערט דורך די דייטשן, בעת זייער אָפּטרעטן.



די מצבה נאָך די באַראַנאָוויטשער קדושים פון דער 1־טער שחיטה
אויפן ברודער־קבר ביים גרינעם בריק מיט דער אויפשריפט:
היהודים הקדושים שנהרגו ע״י היטלער ימ״ש כשלשת אלפי איש
מעיר ברנוביץ שושן פורים ש׳ תש״ב ת. נ. צ. ב. ה. 4.3.1942



אָנ־ענק־טאָוול נאָך די באַראַנאָוויטשער קדושים פון דער 3־טער
שחיטה ביים דאָרף גראַבאָוועץ מיט דער אויפשריפט:
היהודים הקדושים מעיר ברנוביץ שנהרגו ע״י היטלער ימ״ש בימי
ט׳—י״ז טבת תש״ג ת. נ. צ. ב. ה. 25.12.1942—19

די פאַרבאַהאַלטענע אין שטאָט יידן, הויבן אָן אַרויסקריכן פון זייערע „לעכער". עס קומען אָן די איינצעלטע פאַרבליבענע יידן, וועלכע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די אַרומיקע דערפער און נאָך זיי — „מערערע" יידן, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט אין פאַרטיזאַנקע. אייניקע פון די יידישע פאַרטיזאַנער ווערן נאָכן צוזאַמענטרעף מיט דער רויטער אַרמיי גלייך איינגעשלאָסן אין אירע רייען, נישט באַוויזנדיק צו קומען אין זייער געבורטס־שטאָט. אַנדערע פון זיי קומען אום אויפן פראָנט.

עס קומען אויף אַ באַזוך אין זייער היימאַטס־שטאָט, באַראַנאָוויטשער יידן, וועלכע דינען אין דער רויטער אַרמיי פון קריגנס־אָנפאַנג, ווי: שמואל עפשטיין — אָפיצער אין דער רויטער אַרמיי (איצט אין ישראל), בנימין ראָזשאַנסקי — מעדיצין־פּראָפעסאָר פון מאָסקווער אוניווערסיטעט, הויכער אָפיצער אין דער אַרמיי. שפּעטער קומען אָן די פאַרבליבענע אין רוסלאַנד זינט מלחמה־אָנפאַנג (מיכלע יאַסינאָווסקי, די פרוי פון אומגעקומענעם ציין־דאָקטאָר) א. א.

עס זאַמלט זיך צענויף אַ קליינע עדה יידן פון בערך 150 פערזאָן, דערפון ביי הונדערט איינגעבוירענע. עס גרינדעט זיך אַ מנין צום דאַוונען אין הויז פון קודעוויצקי אויף ווילנער גאַס, עק שאָסיי־גאַס. אַלס רב דינט דער געוו. שלאָסער יעקב ליאַחאָוויצקי. עס געפינט זיך אויך אַ ספר תורה. אַ שוחט איז אויך דאָ און אין די ימים נוראים איז די שול איבערפולט. קיין ייד מיט אַ באָרד זעט מען נישט אָן. ערשט איצט הויבן אָן די פרומערע יידן צו פאַרלאָזן בערד און פיאות.

דער אַנטיסעמיטיזם איז גרויס. דער האַס צו די „איבער־געבליבענע" מצד די אַמאָליקע שכנים איז נאָך גרעסער: זיי ווילן נישט אומקערן די זאַכן, וועלכע זיי האָבן באַקומען צום באַהאַלטן. אייניקע יידן, וועלכע גייען אָפּנעמען זייערע זאַכן אין די אַרומיקע דערפער, ווערן דאָרט דערמאָרדעט דורך די פויערים.

יעדער פון די פאַרבליבענע איז פאַרדעכטיק. יעדן ווערט געשטעלט די פראַגע: „ווי אַזוי ביסטו לעבן געבליבן?".

— וואָס איז געשען? וואָס האָסטו געטאָן (פאַר די דייטשן) אַז מען האָט דיר געשענקט דאָס לעבן?

גיי, דערצייל!.. אַז יעדער איינער איז אַ היסטאָריע פאַר זיך אַליין, אַז יעדער איינער איז לעבן געבליבן אויף זיין שטייגער.

די מאַכט זאַמלט היסטאָרישע מאַטעריאַלן קעגן דייטש־לאַנד און דערביי ווערט דער נאָמען „ייד" נישט דערמאָנט.

דורך דער מאַכט ווערן אויך געשאַפן קאָמיסיעס, וועלכע מאַכן אויסגראָבונגען אין די „גריבער", און די צונויפגעזאַמלטע מאַטעריאַלן און באַריכטן ווערן איבערגעשיקט צו דער צענטראַל־מאַכט אין מאָסקווע און פּובליציִרט אין דער סאָוויעטישער פרעסע.

אין די זונטיק־טעג, פרייע פון אַרבעט, זאַמלט זיך צענויף די נישטיקע צאָל פאַרבליבענע יידן און אַלע צוזאַמען גייען אויף די „הייליקע ערטער", צו די „גריבער", ווו עס ליגן

זייערע קדושים, די מאַרטירער פון יידישן פאָלק. אויף זייערע מאַסן־קברים גייען אַרום פערד, קי און שעפסן, וועלכע ווערן דאָרט געפיטערט פון די קריסטלעכע פאַסטוכער פון די אַרומיקע דערפער.

די יידן ברענגען אַראָפּ קלעצער, גראָבן זיי איין אַרום די טייערסטע פאַר זיי ערטער און צוימען אַרום די פעלדער, ווו עס רוען זייערע עלטערן, זייערע ברידער און שוועסטער, זייערע פרויען און קינדער. מען באַזוכט דעם „אַלטן" שטאָטישן בית־עלמין. אויך דאָ, אויפן „אַלטן" בית־עלמין האָבן די נאַצי־האָרדעס געוועלטיקט: דער צום צעשטערט, די מצבות צעבראָכן און אומגעוואָרפן. אויך דאָ, אויפן „אַלטן" בית־עלמין געפינען מיר נייע מאַסן־קברים פון אונדזערע דערשאָסענע און דערמאָרדעטע קרובים.



די מצבה וואָס איז געשענדעט געוואָרן אויפן ברודער־קבר ביים „גרינעם בריק"

אויך אויף דעם קאַטוילישן און פּראַוואָסלאַווענעם בית־הקברות געפינען מיר אַלץ נייע און נייע ברידער־קברים, ווו עס ליגן יידן מיט קריסטן צוזאַמען; אויף יעדן טריט און שריט — קברים, קברים און קברים!

*

די פאַרבליבענע „הייפעלע" יידן באַשטימט אויפצושטעלן מצבות אויף די צוויי גרעסערע מאַסן־קברים: ביי די „גריבער" פון גרינעם בריק (דער מאַסן־קבר פון דער פורים „אַקציע") און ביי די גריבער פון גראַבאָוויעצער פעלדער (דער מאַסן קבר פון „צווייטן מאַסן־מאָרד" און פון „געטאָ־ליקווידאַציע"). עס ווערט צונויפגעזאַמלט צווישן זיך דאָס געלט און די מצבות ווערן אויפגעשטעלט אין די זומער־מאָנאַטן פון 1945.

נישט לאַנג דויערט און די דאָזיקע „הייליקע ערטער" ווערן געשענדעט פון אַנטיסעמיטישע עלעמענטן. די צוימען ווערן צעשטערט, די קלעצער אַרויסגעריסן. אויף איין מצבה געפינט מען אַ צושריפט מיט קרייד אין רוסישער שפּראַך: „טאַק אים אי נאַדאַ בילאָ" (אַזוי האָט זיי געקומט). די אַנדערע מצבה ווערט אומגעקערט און צעבראָכן אויף צוויי טיילן.

*

מיר קענען מער נישט לעבן צווישן די קברים. מיר קענען מער נישט אַרומגיין צווישן די ווייסרוסישע מיטמערדער און רויבער, וועלכע באַדויערן, אַז אונז האָט זיך „איינגעגעבן" איבערצולעבן.

ביי דער ערשטער מעגלעכקייט (דער אָפּמאַך צווישן ווייסרוסלאַנד און פּוילן וועגן בירגער־אויסטויש) פאַרלאָזן מיר אונדזער געבורטס־שטאָט, מיטן באַגער אַנצוקומען אין ארץ־ישראל.

*

דער געדאַנק וועגן ארץ־ישראל עקבערט ביי אַלעמען אין די טיפענישן פון זייער נשמה.

שוין אין ק.צ. קאַלדיטשעוואָ הער איך פון אַלע יידן, ווען זיי קומען צו מיר אין אַמבולאַטאָריע, צעשלאָגענע, פאַרוווּנדעטע און מיט צעבראָכענע ביינער: „ווען מען גיט אונז עטוואָס בעסער עסן און מען שלאָגט אונז נישט, וואָלטן מיר געאַרבעט גאַנץ אומזיסט ביי אַלע אַרבעטן אין ארץ־ישראל".

אויך אין פּאַרטיזאַנקע, ווען עס טרעפן זיך צענויף יידן פון באַזונדערע קריסטלעכע „אָטריאַדן" (איינהייטן) איז די איינציקע טעמע: „אויב מיר וועלן איבערלעבן, איז דער איינציקער אָרט אויף דער וועלט פאַר אונז יידן — נאָר ארץ־ישראל".

אַזוי ריידן אַלע: נישט נאָר געוועזענע ציוניסטן, נאָר אויך געוועזענע בונדיסטן און אַפילו קאָמוניסטן.

נאָך דעם גאַנצן מאַרטירער־וועג, קריסטאַליזירט זיך אויס דערדאָזיקער איינציקער ציל, דער איינציקער וועג.

מען איז זיכער, אַז די טויערן פון לאַנד וועלן זיין אָפן פאַר אַלע איבערגעבליבענע. גרויס איז די אַנטוישונג, ווען מען דערוויסט זיך אויפן וואַנדער־וועג וועגן „ווייסן בוך", וועגן די געשלאָסענע טויערן.

וואַרטנדיק יאָרן אין פּוילן, טשעכיע, אונגאַרן, רומעניען, פראַנקרייך, איטאַליע, עסטרייך און אין דעם טמא'דיקן דייטשלאַנד, אויף דער מעגלעכקייט פון אַרײַנקומען קיין ארץ־ישראל — און נישט קענענדיק אויסהאַלטן אין די לאַגער־באַדינגונגען, פאַרלאָזן אַ סך די לאַגערן און פאָרן אַרויס קיין אַמעריקע, אויסטראַליע, קאַנאַדע, בראַזיליע, אַפריקע און אַנדערע לענדער. אַ גרעסערער צאָל קומט אָן קיין ישראל.

*

נאָכן אַריינמאַרש פון די סאָוועטן אין באַראַנאָוויטש ווערן אייניקע ווייסרוסישע העכערע־פּאָליציאַנטן געכאַפּט און געמשפּט. די יידן טרעטן אויף אַלס עדות. די געכאַפּטע לייקענען „שטיין און ביין״. די עדות פון די יידן ווערט אָנגענומען קריטיש. די רוצחים באַקומען קליינע שטראָפן.

זייער טעטיק ביים אויסגעפינען די פאַרברעכער פון באַראַנאָוויטש איז דער באַראַנאָוויטשער דאָקטאָר, אלחנן („חאַניע״) נאַרקונסקי. ער קומט פון רוסלאַנד, ווו ער האָט פאַרבראַכט די מלחמה־יאָרן. אויך איז טעטיק דערביי הירשל מוקאַסיי.

אַ דאַנק זיי געלינגט צו פאַרהאַלטן דעם אונז באַקאַנטן געשטאַפּאָ־תלין, „יוזעף ליטווין״ (יוזעף גרוניעוויטש). ד״ר נאַרקונסקי איז אָנוועזנד ביי דער גאַנצער אויספאָרשונג, דאַן — ביי די געריכטס־פאַרהאַנדלונגען.

יוזעפן געלינגט אַנטלויפן פון טורמע־מאַשין און אָפּשיסן זיך מיט אים אין האַנט „אַריינגערוקטן״ געווער. ער ווערט געכאַפּט. ד״ר נאַרקונסקי לאָזט אים אָבער נישט אָפּ, ביז ער ווערט נישט אויפגעהאָנגען אין תפיסה־הויף, ווו ד״ר נאַרקונסקי איז אָנוועזנד אַלס תפיסה־דאָקטאָר.

אויך איינער פון די געהילפס־קאָמענדאַנטן פון ק. צ. קאָלדיטשעוו, דיראָ וויקטאָר ווערט געכאַפּט און פאַרמשפּט דורכן דאַנציקער אַפּעלאַציע־געריכט צום טויט.

ד״ר נאַרקונסקי רוט נישט, כדי אויסצוגעפינען די תליינים פון באַראַנאָוויטשער יידנטום.

אָבער אין די הונדערטער און טויזנטער גייען נאָך אַרום אויף דער פריי, די קלענערע און גרעסערע רוצחים, און געניסן פון אָנגערויבטן האָב און גוטס פון די אומגעקומענע יידן און אפילו פון די אַרויסגעריסענע פון זייערע מיילער גאָלדענע ציין.

דורך באַראַנאָוויטש פאָרן דורך אַ סך פון די קיין רוסלאַנד פאַרשיקטע יידן. אַנדערע פאַרהאַלטן זיך אויף אַ קורצער צייט און באַזוכן די געבורטס־שטאָט, אַנדערע ווילן פאַרמיידן דעם ווייטאָק, גייען נישט אַראָפּ פון די טראַנספּאָרטן און פאָרן ווייטער.

אין באַראַנאָוויטש פאַרבלייבן נאָר איינצעלנע יידן, וועלכע האָבן נישט בייגעוווינט און נישט געזען מיט זייערע אויגן דאָס פאַרגעקומענע.

צווישן די פאַרבליבענע: די פאַמיליע פון דוד זמונדזיאַק און שמעון שערעשעווסקי, געוועזענע איינוווינער פון ניי־באַראַנאָוויטש.

*

און איר, פאַרבליבענע, און צוקונפטיקע דורות, געדענקט שטענדיק און פאַרגעסט נישט, וואָס עמלק פון אונזערע צייטן האָט אונז געטאָן! זכור את עמלק!

אל נקמות, הופיע! (גאָט פון נקמה דערשיין!).




די מצבה נאָך די באַראַנאָוויטשער קדושים פון דער 2־טער און 3־טער שחיטה ביים דאָרף גראַבאָוועץ

# יִזְכֹּר

קְהִלַּת בָּרָנוֹבִיץ אֵינֶנָּה.

עָלָה הַכּוֹרֵת עַל קְהִלַּת הַקֹּדֶשׁ שֶׁלָּנוּ, שֶׁאַף זֶה עַתָּה הֵחֵלּוּ שָׁרָשֶׁיהָ לְשַׁלֵּחַ אֶת שְׁלוּחוֹתֵיהֶם וְיוֹנְקוֹתֶיהָ לְהִסְתָּעֵף; וְאֵין בַּיִת שֶׁאֵין בּוֹ מֵת.

עַל־יַד מַצֶּבֶת־נְיָר זוֹ, שֶׁשְּׁמָהּ סֵפֶר־הַזִּכָּרוֹן, עוֹמְדִים אִלְּמֵי־יָגוֹן הַשְּׂרִידִים שֶׁנִּשְׁאֲרוּ לִפְלֵטָה, וּמַעֲלִים אֶת זֵכֶר נִשְׁמוֹתֵיהֶם שֶׁל יַקִּירֵיהֶם שֶׁבְּקִבְרֵי־עֲנָק שֶׁל אַחִים הִגִּיעוּ, מְחֻלָּלִים בְּגוּף וּטְהוֹרִים בְּרוּחַ, אֶל מְנוּחָתָם הָאַחֲרוֹנָה, אוֹ שֶׁפֻּזְּרוּ עַצְמוֹתֵיהֶם בְּדָרָכִים־לֹא־דְרָכִים שֶׁל אַדְמַת־פּוֹלִין עֲקֻבַּת־הַדָּמִים, מַאֲכָל לְחַיַּת־הַשָּׂדֶה וְעוֹף־הַשָּׁמַיִם, וְלֹא יָדַע אִישׁ אֶת קְבוּרָתָם.

**שרידי קהילות ברנוביץ׳ ובנותיה**

(מוש, סטולוביץ׳, הורודישץ, מייצ׳ט ופולונקה)

# יוצאי ברנוביץ בעולם
# באראנאוויטש אין דער וועלט

ד״ר נחמיה קרושינסקי

## ב י ש ר א ל

עוד לפני מלחמת העולם הראשונה נעשו נסיונות מצד יחידים מיהודי ברנוביץ, הנאמנים לציון לבקר בארץ ישראל. הרי טאניה בתו של העסקן יעקב שימשלביץ, חברה פעילה בארגון הנוער הציוני במקום, והרי העסקן הציוני הנודע, המהנדס יעקב ברמן, שעלה בימים ההם לארץ ישראל.

ב־1913 בא לארץ בן עירנו בנימין לימון (אביו של מפקד חיל הים הישראלי, כעת בת״א), ללמוד ב„הרצליה". בפרוץ המלחמה, ב־1914, נאלץ אף הוא לעזוב את הארץ.

בסמוך לכך נסעו יהודים אחדים לארץ, לתהות על אפ־שרויות הקליטה בה, ובכללם מרדכי גאלאי ויעקב שימשל־ביץ. עם שובם מסרו השליחים דו״ח לא מעודד ביותר. י. ש. קנה נחלה בארץ — ואחר כך מכרה.

אהרון יוסלביץ היה התושב הראשון של ברנוביץ שעזב לחלוטין את הגולה והשתקע בארץ (בן למשפחת יוסלביץ שהיתה ידועה אז בברנוביץ בשם ה„ברוזובקאים"). עמו באו אשתו בעתיד ושני אחיה: יעקב ברקוביץ (כעת בדגניה) וגבריאל ז״ל (נפל כחייל בלגיון העברי במלחמת העולם הראשונה). אהרון יוסלביץ, ממיסדי דגניה, הוא כיום חקלאי במושב נטעים.

תחילת 1920 עלה שוב לארץ יחד עם משפחתו המהנדס יעקב ברמן, והפעם — להשתקע. הוא נתמנה מנהל חברת „הבונה", אולם לא זכה לראות חיים בארץ, כי מת בדמי ימיו.

על קבוצת החלוצים הראשונים שעלו מעירנו מיד לאחר מלחמת העולם הראשונה, ב־1920, נמנו: האחים פסח ואהרון זאקלאד, מרדכי אנקשטיין, בנימין אנקשטיין, ז״ל ויבדלו לחיים משה פלדנקרייז, זאב קובנסקי, גרשון יוסלביץ, משה ושמחה מלאדאק. קבוצה זו היתה כעין חלוץ לעליה מעירנו בתקופה שבין שתי המלחמות. חבריה השתקעו בתל־אביב והניחו את היסוד לקבוצת הפועלים יוצאי ברנוביץ שבראשה עמד זאב קובנסקי.

לאחר מלחמת העולם הראשונה נעשתה ברנוביץ מרכז חשוב, אליו זרמו מאות חלוצים־פליטים בדרכם מרוסיה לארץ־ישראל. הזרם הזה סחף עמו גם חלק מהנוער הציוני המקומי ששאף מזמן לעזוב את הגולה ולבנות את עתידו במולדת.

הקבוצה הברנוביצ׳אית גדלה משנה לשנה עם התווספות עשרות עולים, רובם חלוצים צעירים, שעזבו בתי הורים מסודרים ואת החסר להם בהכשרה והתמחות מקצועית השלימה ההתלהבות הגדולה לבנין המולדת, והיא שעמדה להם בכל שנות הסבל והנדודים בארץ. במשך תקופה מסו־יימת היו עסוקים בחברת „הבונה" שביצעה אז עבודות בניה בתל־אביב ובסביבה. קבוצה זו מיזגה בתוכה יסודות של שיתוף קולקטיבי עם עצמאות כלכלית של הפרט; אש״ל וחיי החברה היו במשותף (בתשלום), ואילו את שכר־העבודה קיבל כל פרט לחוד. אנשי הקבוצה גרו באהלים ואחר כך בבי־דונים, ועברו עליהם ימי דוחק, אך השמחה היתה שרוייה במעונם. פיעמה בהם הרוח החלוצית של העליה השלישית והיו מאושרים בחלקם.

קבוצת הפועלים התקיימה בצורות שונות עד 1930, בערך. אחר כך נתפרדה החבילה ואנשיה התפזרו; מהם שהתמחו במקצועותיהם ונעשו בעלי מלאכה עצמאיים ואפילו קבלנים גדולים, ומהם שהלכו לקיבוצים, או שהחליפו את המקצוע והמשיכו כפועלים בודדים.

עם העליה הרביעית, באמצע שנות העשרים, החלה גם עליה של המעמד הבינוני מעירנו. החלוץ הראשון של עליה זו היה הציוני הנלהב דוד זאקלאד ואחריו — מנחם מנדל גינצבורג ז״ל, יו״ר הסתדרות הציונית בברנוביץ ועוד.

בשנות העשרים עלה לארץ גם העסקן הציוני הותיק יצחק יסינובסקי. על אף מאמציו לא נקלט — ונאלץ לשוב בדאבון נפש לגולה. על אף כשלונו האישי הגביר את פעולתו למען הרעיון הציוני וחיכה להזדמנות נוספת לעליה, הזדמנות שלא באה.

בשנות 1934—1936 החלה עליה גדולה מברנוביץ. צעירים רבים שלא היו להם רשיונות־עליה (סרטיפיקטים) ניצלו את ה"מכביה" השניה ב־1935, באו לארץ כתיירים — ונשארו בה.

בפרוס מלחמת העולם השניה כבר היה מספר ניכר של ברנוביצ׳אים בארץ, שגדל קצת עם עלית שארית הפליטה לאחר המלחמה. כיום נמצאות בישראל 500—600 משפחות בערך מיוצאי ברנוביץ, המפוזרות על פני כל הארץ. רובן— בערים הגדולות וחלקם — בקיבוצים. קיבוץ אילון בגליל המערבי מכונה „הקיבוץ הברנוביצ׳אי"; גם בקיבוץ מסילות וכן בקיבוצים אחרים מצויים יוצאי ברנוביץ וכן במושבות.

רבים מבני ברנוביץ פעילים בחיי המדינה, הכלכלה והתרבות בארץ, מהם התופסים עמדות חשובות בישוב.


„קבוצת ברנוביץ" בעבודת בניין בית הכנסת הגדול בתל־אביב, 1922

### „ארגון יוצאי ברנוביץ"

בתקופת מלחמת העולם השניה נותק הקשר עם ה„בית הישן". איש לא ידע את המתרחש שם. איש לא תיאר לעצמו גודל השואה. הכל קיוו לאיחוד פזורי משפחות.

בשורת־איוב הראשונה הגיעה אלינו ב־1944 מגלות סיביר, מאת בן־עירנו שלום רבינוביץ, שפנה לסוכנות היהודית וביקש לסייע לו בחיפוש בני עירו אליקים קושניר ותיבדל לחיים הגברת פלדנקרייז. ממנו נודע שרבים מיהודי


ד"ר ז. לוינבוק
משרידי הניצולים, מחבר הפרק על שואת ברנוביץ

ברנוביץ הוגלו לסיביר. אחרי כן החלו להגיע בכתב פניות רבות לעזרה מקרובים וידידים.

ביזמת גברת פלדנקרייז הוקמה אז ועדת־פעולה בהרכב: ד"ר פרס, משה מוקסיי, אהרן כהן, רבקה לימון, יהושע קושניר שרגא שניצקי ז"ל ועוד. אורגן מפעל עזרה גדול על־ידי משלוחי חבילות לאחינו בני עירנו בגלות רוסיה. בית פלדנקרייז בתל־אביב נעשה מרכז הפעולה. הבית הוצף בגדים שונים והיה צורך לנקותם, לתקנם, למיינם ולשלחם. בעול העבודה הקשה הזו נשאה העסקנית הותיקה גברת פלדנקרייז, ובצדק רכשה לה את השם „אמא של הברנובי־צ'אים" וביתה — „בית יוצאי ברנוביץ".

הפרטיזן אברהם לידובסקי ז"ל היה הפליט־העולה הראשון מעירנו שבא לארץ ב־1944. עם בואו נקראה מיד אסיפה גדולה באולם „הקרן הקיימת" והוא מסר עדות חיה מפרשת השואה על כל זוועותיה. גילוייו זיעזעו והדהימו. בו במקום נערכה מגבית לקרן העזרה ונוסד „ארגון יוצאי ברנוביץ". שבראשה הועמדה הקבוצה היוזמת הנ"ל.

נוכח המצב התפתחה פעולת עזרה מסועפת. לא הסתפקו כבר במשלוח בגדים משומשים, אלא קנו מהטוב והמובחר ושלחו לשרידינו ברוסיה ואחר כך לברנוביץ, ששימשה תחנה בדרך נדודיהם. איש מהם לא רצה להשאר במקום הטבח. בתקופה ההיא נשלחו כ־400—500 חבילות.

עלית שארית הפליטה ציינה תקופה חדשה בפעולת העזרה של הארגון. „ארגון יוצאי ברנוביץ" עזר לעולים במיטב כוחותיו. כל עולה קיבל סכום דמי־סיוע לסידורו הראשון. בעלי־מקצוע קיבלו הלוואות למטרות פרודוקטיביות כגון רכישת מכונות וכדומה. כן עזר הארגון בחיפוש קרובים, בסידור בעבודה ועוד.

רבים ממעפילי ברנוביץ הוגלו על ידי שלטונות המנדט הבריטיים לקפריסין, ויצרו שם ועד של ברנוביצ'אים שעמד בקשר עם ה„ארגון" שלהם בארץ ונעזר על ידו. המגע הזה היה גורם מעודד למעפילים ומדרבן לותיקים.

עם עלית שארית הפליטה נעשה „בית פלדנקרייז" לבית עולי ברנוביץ. כאן מצא העולה את האוירה החמה של הבית האבוד. והשולחן היה תמיד ערוך לכל דיכפין, ו„אמא" המשיכה לטפל בבאים ולעודדם, לשקוד על סידורם ולדאוג לצרכי בני משפחותיהם, ובעיקר לילדיהם הקטנים. אין מלים לתאר פרשת פעולותיה, — היא היתה לעולים מקור לא־אכזב של עזרה ועידוד.

התקופה ההיא היתה ל„ארגון" הרת קשיים ולבטים.



פעילי „ארגון יוצאי ברנוביץ" בישראל
יושבים מימין: רבקה לימון, ד"ר נחמיה קרושינסקי, שיינדל פלדנקרייז, אהרן כהן, סוניה שץ (פוֹצ'פובסקי), משה מוקסיי.
עומדים מימין: צבי וולפוביץ, יהושע קושניר, אהרן קושצ'יץ, שמואל אפשטיין, ד"ר שלום פרס, מיכאל מוקסיי

גדולה היתה התהום בין הצרכים המרובים לבין האמצעים המצומצמים. החבילות והסיוע הכספי לעולים דלדלו את קרנות הארגון, שפנה באין מוצא בקריאה לעזרה אל אחינו בני עירנו מעבר לים. הם נתבעו ונענו. ההיענות החמה ביותר היתה מצד בני עירנו באפריקה הדרומית. תודות לתרומותיהם ומאמציהם קיבלנו כמה פעמים תמיכות־כסף



שמנא שניצקי ז"ל

הגונות מצד „אגודת אחים דמינסק" ביוהניסבורג ומ„ועדת העזרה ליהודי פלך מינסק" (הילפס־קאָמיטעט פאַר יידן פון מינסקער גוברניע) בקייפטאון. גם ה„מושער און באַראַנאָוויטשער פאריין" בניו־יורק הושיט את עזרתו. הפ־תעה נעימה היתה לנו עזרתם של בני עירנו בקובה. מובן מאליו, שגם עזרה זו היתה כטיפה מן הים. היא נשאה אופי של סעד וסיוע ולא היה בה בסיס לשיקום פרודוקטיבי, או לפתרון בעית השיכון וההתיישבות של בני עירנו.

עם תקומת המדינה דעכה קמעה פעולת ה„ארגון". בזמן האחרון עמדו בראשו: אהרון כהן, משה מוקאסיי, שיינה פלדנקרייז, אהרון קושציץ, מיכאל מוקסיי, סוניה שץ (פוצ'אַפובסקי), ד"ר נחמיה קרושינסקי ועוד. שנה שנה נערך יום זכרון לקדושי ברנוביץ, ובעצרות אבל אלו משתתפים מאות בני עירנו הפזורים על פני כל הארץ.

עוד נכונו לארגון תפקידים, אולם אלה הם בגדר חזון לעתיד. אנו תקוה, שספר זה, שהוא מצבה לברנוביץ שהיתה ואיננה, ישמש גם גורם מאחד ומלכד לאחינו הנפוצים על פני כל העולם, מורשת השומרים בלבם את זכרו הטוב של ביתם הישן.

*

חובה קדושה לנו להזכיר את חברנו היקר שכנא שניצקי ז"ל, שהצטיין בפעילותו הרבה, ביושרו ובמסירותו ללא גבול כחבר הועד של „ארגון יוצאי ברנוביץ". כגזבר הועד הצטיין בהנהלת פנקסים מופתית, ושיקע מרצו לטובת בני עירנו. מיוזמי ספר זכרון על יהדות ברנוביץ ומפעיליו הראשונים. לצערנו לא זכה לראות בהופעתו.

יהא זכרו ברוך!

עזריאל גאלאי

# מושער און באַראַנאָוויטשער פאַריין אין ניו־יאָרק

דער מושער און באַראַנאָוויטשער פאַריין אין ניו־יאָרק איז געגרינדעט געוואָרן אין אָנפאַנג פון איצטיקן יאָרהונדערט. די ערשטע פאַרזאַמלונגען זענען פאָרגעקומען סוף זומער 1904.

דער ערשטער פרעזידענט איז געווען אַ מושער, אַ ייד אַ משכיל מיט אַ שאַרפער פען און איינפלוס. ער איז דער איינציקער לעבעדיקער עדות פון יענע פּיאָנערן וועלכע האָבן מיט אים צוזאַמען געבראַכט צום לעבן אונזר פאַריין, מיט וועלכן מיר זענען אַזוי שטאָלץ · אפרים וואלאך (וואָלאָכוויאַנסקי).



עזריאל גאלאי ז״ל
(געוו. סעקרעטאַר פון יזכור־בוך קאָמיטעט).

אין יענער צייט האָבן שוין עקזיסטירט אַ סך לאַנדסמאַנשאַפט־פאַריינען אין אַמעריקע. אַפילו מייטשעט, זשעטל און האָראָדישטש, האָבן שוין געהאַט זייערע אָרגאַניזירטע פאַריינען. אַלע מיט דער זעלבער טענדענץ — אונטערשטיצונג, קעגנזייטיקע הילף, קראַנקן־בענעפיט און באַזאָרגן די מיטלגידער לאחר מאה שנים מיט קרקע און אויסריכטונג, ווי אויך הילף מיט אַ ביסל געלט פאַר דער אַלמנה אָדער אלמן.

די גרינדער פון אונזער מושער און באַראַנאָוויטשער פאַריין: אפרים וואלאך, יחיאל סקלאַר, הלל מאלאכאָווסקי, ד״ר לואי זאבלאוו, אהרן וואלאך, מיכל סילווערמאן און חיים יצחק זייטשיק ע״ה, האָבן נישט געוואָלט קאָפּירן די עקזיסטירנדע לאַנדסמאַנשאַפט־אָרגאַניזאַציעס. זייער הויפּט־פּרינציפּ איז געווען די ברידערלעכע באַציונג צווישן זיך, „איינער פאַר אַלע און אַלע פאַר איינעם“, און איבערהויפּט נישט פאַרגעסן די אַלטע היים, אָנהאַלטן די פעדים וואָס פאַרבינדן אונז דאָ מיט אונזער ליבער געבורטשטאָט, מוש און באַראַנאָוויטש. אין יענער צייט, איז די בענקשאַפט נאָך דער אַלטער היים געווען אַ נאַטירלעכע, צוליב דער אַנטוישונג, וואָס מיר אַלע ניי־אַריבערגעקומענע האָבן דאַן געליטן. אָנשטאָט די גרויסע פאַרדינסטן, וואָס מיר האָבן זיך פאָרגעשטעלט אין דעם גאָלדענעם לאַנד, האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אין גרויסע שוועריקייטן. קיין יוניאָנס וואָס זאָלן באַשיצן דעם אַרבעטער זענען נאָך נישט געווען. דער אַרבעטער און זיין אַרבעטסקראַפט איז געווען הפקר. די עקספּלאָטאַציע אַ שרעקלעכע. פאַבריקלאַך אין פינסטערע לעכער, אָן לופט און ליכט. מען האָט געאַרבעט 12 און 15 שעה אַ טאָג פאַר אַ הונגער־לוין, די אָפּטע אַרבעטסלאָזיקייט האָט אָנגעהאַלטן חדשים. די מערסטע אַריבערגעקומענע — האַלבע אינטעליגענטן, היימישע שטעקלדרייער, האָבן זיך דאָ געכאַפּט צו לערנען שניידעריי און זענען גוט אויסגעריסן געוואָרן, ביז זיי האָבן זיך אויסגעלערנט צוזאַמענצונייען טיילן פון אַ מלבוש. כדי צו לערנען אַזאַ פאַך, האָט מען באַדאַרפט צוצאָלן דעם בעל הבית פון פאַבריקל אַ גרויסע סומע געלט, און אַרבעטן פיר וואָכן אומזיסט. אויף דער פינפטער וואָך, אויב דער אויך־מיר־פאַבריקאַנט האָט געוואָלט דעם לערנער באַשעפטיקן, האָט ער געצאָלט 2—3 דאָלאַר אַ וואָך פאַר חדשים לאַנג. די באַדינגונגען זענען געווען אומדערטרעגלאַך. האָט מען געשאָלטן קאָלאָמבוסן פאַר זיין אַנטדעקן אַזאַ מדינה, וווּ דאָס שטיקל ברויט קומט אָן אַזוי שווער... און כאָטש אַלע ניי אַריבערגעקומענע האָבן געוווּסט, אַז די אַלטע היים איז אָפּגעשניטן און אַז מען מוז זיך צופּאַסן צו אַמעריקע, האָט מען געזוכט היימישע אַטמאָספער צווישן אייגענע לאַנדסלייט. צוזאַמען האָט מען געזונגען היימישע לידער, געטוליעט זיך צום אייגענעם קרייז.

דער לאַנדסמאַנשאַפט־פאַריין איז געווען דער זאַמלפּונקט פאַר אָט די בלאָנדזשענדיקע נשמות, און אַ צוזאַמענטרעף איז געווען אַ יום טוב, צו וועלכן מען איז געקומען אין שבת׳דיקן אַנצוג און זיך געוואַרעמט ביי אַ היימישן פייער. עס איז אויך דאַן געווען לעבנס־וויכטיק, צוליב די קליינע פאַרדינסטן, צו זיין פאַרזיכערט מיט אַ שטענדיקן דאָקטאָר, וועלכער האָט באַדינט דעם מיטגליד און זיין פאַמיליע פאַר אַ זייער קליינעם אָפּצאָל. דער פאַריין איז געווען אַן אָנשפּאַר פאַר דעם מיטגליד סיי אין פריידן, סיי אין ליידן. אונזער מושער־באַראַנאָוויטשער פאַריין האָט זיך אַמבעסטן אויסגעצייכנט אויף דעם געביט.

די פירערשאַפט פון פאַריין האָט שטאַרק באַטאָנט, אַז דער פאַריין מוז זיין שטענדיק פאַרבונדן מיט דער אַלטער היים, אַזוי אַז אויב צום ביישפּיל אין מוש וועט ווידער אויסברעכן אַ שרפה, חלילה, זאָל אונזער פליכט זיין אויפצובויען די שטאָט, אַזוי שנעל ווי מעגלעך.

דעם ערשטן געבורטסטאָג פון פאַריין האָבן מיר געפייערט מיט אַ יום טוב׳דיקן אָוונט. ביי פיין געדעקטע טישן האָט זיך דער עולם מיטגלידער און איינגעלאַדענע געסט געלאָזט וווילגיין. אַ קאַפּעליע כּליזמרים האָט געשפּילט היימישע טאַנץ־מוזיק, ספּעציפיש יידישע קאַדרילן און אַ שערעלע, פּאָלקע, מאַזורקע און דעם עכט רוסישן קאָזאַטשאָק, און עס איז געווען חי געלעבט. דער עולם איז געווען גוט געשטימט, ווייל מען האָט זיך שוין אַ ביסל בעסער איינגעאָרדנט, אָריענטירט און אַקלימאַטיזירט אין דעם נייעם לאַנד מיט גוטע האָפענונגען פאַר אַ בעסערער צוקונפט. מען האָט שוין אויפגעהערט צו שעלטן קאָלאָמבוסן... אונזערע גרינע, נייע־אַריבערגעקומענע, נאָכדעם ווי זיי זענען דאָ געווען אַ פּאָר יאָר, האָבן איינגעזען, אַז עס איז נישט האָפענונגסלאָז, אַז ס׳איז נויטיק צו קעמפן פאַר אַ



פרעזידיום פון מושער־באַראַנאָוויטשער יזכור־בוך קאָמיטעט אין ניו־יאָרק.

**פון רעכטס: איזידאָר יודקאָווסקי (סעקרע־טאַר), משה לימאַן (פּרעזידענט), קלאַראַ איזראַעליט (וויצע־פּרעזידענטין), מאָריס סטראוס (קאַסירער)**

בעסערן לעבנסשטייגער דאָ אין דער נייער היים, וועלכע איז רייך און פאַרמאָגט פון אַלץ, וואָס קאָן מאַכן אירע איינוווינער גליקלעך און צופרידן. וואָס עס פעלט, איז אַ בעסערע אָרדענונג, אַ מער יושרדיקע פארטיילונג פון די רייכטימער וואָס דאָס לאַנד באַזיצט, און פאַר דעם איז נויטיק צו קעמפן.

מיר האָבן פאָרגעזעצט צו בויען און באַפעסטיקן אונזער פאַריין. מיר האָבן אויסגעאַרבעט אַ קאָנסטיטוציע לויט די באַגריפן פון יענער צייט, אַריינגעשריבן פונקטן וועגן די פליכטן פון די מיט־גלידער צו זייער פאַריין, און די פליכטן פון פאַריין צו זיינע מיטגלידער, וועגן צוזאַמענשטעל פון באַאַמטע, זייער דערוויילונג, זייער פאַראַנטוואָרטליכקייט, לויט דעמאָקראַטישע יסודות. די קאָנסטיטוציע מיט אירע פאַרשידענע געזעצן און רעגולאַציעס זענען דורך די עטלעכע און פערציק יאָר לעבן פון פאַריין א סך מאָל געענדערט און אויסגעבעסערט געוואָרן. איין קאַפּיטל וועט אָבער קיינמאָל נישט געענדערט ווערן אַזוי לאַנג ווי דער פאַריין עקזיס־טירט, און דאָס איז — נאָמען, צוועק און שפּראַך:

1. דער פאַריין זאָל טראָגן דעם נאָמען **מ ו ש ע ר  א ו ן  ב אַ ר אַ נ אָ וו י ט ש ע ר  א ו נ ט ע ר ש ט י צ ו נ ג  פ אַ ר י י ן.**

2. דער פאַריין קאָן נישט אויפגעלייזט ווערן, אַזוי לאַנג, ווי 9 גוטשטייענדע מיטגלידער ווילן דעם פאַריין אָנהאַלטן.

3. דער צוועק פון פאַריין זאָל זיין: אונטערשטיצונג אין נויט, קראַנקן־בענעפיט און אין אַ טויטפאַל צו באַזאָרגן מיט קרקע, און באַערדיקונג.

4. פאַרהאַנדלונגען ווי אויך פאָרשלאַגן וועגן אַ שול (בית תפילה) אין דעם פאַריין זאָלן קיינמאָל נישט אויפגענומען ווערן.

5. פּראָטאָקאָלן און פאַרהאַנדלונגען זאָלן געפירט ווערן אין יידיש און ענגליש, ווען נויטיק. אַ פּאָר יאָר שפּעטער האָבן מיר געפונען פאַר נויטיק צו גרינדן אַ „גמילות חסדים“, כדי אַ מיטגליד זאָל קאָנען אויסלייען אַ ביסל געלט אָן פּראָצענט. אָט די אינסטיטוציע עקזיסטירט ביז היינט און איז זייער נוצלעך.

## אונזערע ימים טובים

אונזער פאַריין האָט אויך געשאַפן טראַדיציאָנעלע אייגענע ימים טובים: אַ מיטגלידערשאַפט יום טוב און אַן אַלגעמיינעם לאַנדס־מאַנשאַפט יערלעכן יום טוב. פאַר דעם אַלגעמיינעם יום טוב פלעגן מיר איינאָרדנען אַ באַל, צו וועלכן לאַנדסלייט פלעגן ווערן פאַרבעטן דורך בריוו און אַנאָנסן אין די צייטונגען. אָט די בעלער זענען געווען אַ שם דבר אין אונזערע קרייזן. יונג און אַלט פלעגן קומען פאַרברענגען אַ שבת אָוונט ביזן גרויען טאָג אַריין. מען האָט געהאַט די גוטע געלעגנהייט זיך צו באַגעגענען מיט אַמאָליקע שכנים, כאַפּן אַ שמועס וועגן דעם אַמאָל אין דער אַלטער היים; די יוגנט, אַפילו די אַמעריקאַניזירטע, האָט אויך געפילט מער נאָענטקייט צו איינעם אָדער איינער, וואָס קומט פון דעם טאַטנס אָדער מאַמעס אַלטער היים; און עס האָט פּאַסירט, אַז אַזאַ באַגעגעניש האָט געפירט צו א חתונה, צו וועלכער דער פאַריין איז איינגעלאַדן געוואָרן, ווי אַ הויפּט מחותן און ער האָט געגעבן זיין ברכה צוזאַמען מיט אַ מתנה, אַ זילבערנעם לייכטער. אַזעלכע ימים טובים זענען איצט נישט אַזוי אין דער מאָדע, נאָר פון צייט צו צייט ווערן יאָ איינגעאָרדנט אַזעלכע אונטערנעמונגען. יענע יוגנט איז שוין היינט פאַרעלטערט און די איצטיקע קינדער און אייניקלעך, זענען ליידער אָפּגעפרעמדט.

מיטגלידערשאַפט ימים טובים האָבן מיר עטלעכע אַ יאָר. צ. ב. עס ווערט דערוויילט אַ נייע פאַרוואַלטונג, ווערט זי אינסטאַלירט ביי פיין־געדעקטע טישן. עס פעלן אויך נישט קיין רעדעס. צו אַזאַ יום טוב׳דיקן אָוונט קומען מיטגלידער מיט זייערע פרויען און אויך לאַנדסלייט, נישט קיין מיטגלידער. עס ווערן אויך איינגעאָרדנט אין די ווינטער־חדשים ליטעראַרישע אָוונטן און לעקציעס, אונטערהאַל־טונגען מיט קינסטלער און קולטור־טוער.

מיר האָבן אויך געפייערט אונזערע יובילייען מיט באַנקעטן ווי דעם 5־טן, 10־טן, 20־טן, 25־טן, 30־טן און 40־טן. אין 1954 וועלן מיר פייערן אונזער 50־טן יובל. עס וועט געוויס זיין אויף טיש און אויף בענק...



מושער און באַראַנאָוויטשער ליידיס עקזילערי אין ניו־יאָרק.
עס זיצן פון רעכטס: סאָניע קורטין, חנה שעכטער (קאַסירער), קלאַראַ איזראַעליט (עקס־פרעזידענט), סאָניע מיללער (פרעזידענט), חנה טראָטנער (אַ גאַסט פון מעקסיקע, יעקב דעם קצב׳ס אַ טאָכטער), פראַניע לימאָן.
עס שטייען פון רעכטס: סילוויע בראודי (סעקרעטערין), גאָלדע גאַלאַי, פר׳. גינזבורג, יעטא זוטאָ (פאָדאָראַייסקי), מאָכע קראָשינסקי, רייזעלע פיינבערג, דאָרע לייבאָוויטש, ליובע דיסקין.

מיט אַ סך פּראַכט און גלאַנץ איז געפייערט געוואָרן אונזער 25־יאָריקע עקזיסטענץ אין 1929. מיר האָבן דאַן אויך אַרויסגעגעבן אַ יובל זשורנאַל, רעדאַקטירט פון אונזער גרינדער און חשובן הלל הזקן, מאלאכאָווסקי ע״ה, מיט דער באַטייליקונג פון אונז — אַ סך מיטגלידער.

*

מיר מוזן זיך צוריקערן צו די ערשטע צען יאָר פון אונזער פאַריינס־עקזיסטענץ. דאָס זענען געווען יאָרן פון בויען און באַפעסטיקונג. מיר האָבן זיך דאַן שטאַרק אָנגעשטרענגט אַריינצוציען אַלע אונזערע לאַנדס־לייט דאָ, און ס׳איז אונז ליידער נישט געלונגען צוליב פאַרשידענע סיבות. אַ מאָל צוליב עלטער און אַ מאָל צוליב זייער יחסנות. מיר האָבן זיך געפירט זייער דעמאָקראַטיש, רייך און אָרעם אַלע גלייך: אויב נאָר עטיש, אָנשטענדיק און ערלעך, איז אחנו אתה. אַ סך פון אונזערע היימישע מיוחסים איז אַזאַ פירונג נישט געווען צום האַרצן און זיי זענען פאַרבליבן אויסער אונזערע רייען, ווייל מיר האָבן נישט געהאַט קיין מזרח־וואַנט פאַר זיי. עס איז אויך געווען אַ באַגרענעצטע צאָל באַראַנאָוויטשער, וואָס הגם זיי זענען געקומען אַהער פון באַראַנאָוויטש, זענען זיי אָבער נישט געווען קיין געבאָרענע אין באַראַנאָוויטש, ווי די לידער קצבים, פּרוזשינער שניידער, סלאָנימער קרעמער א. א. וו. אַזעלכע האָבן דאָ געפונען זייערע לאַנדסלייט־פאַריינען.

מיר האָבן אָבער געקראָגן אָנערקענונג פאַר אונזער ראַדיקאַל פּראָגרעסיווער פירונג, און דער מושער־באַראַנאָוויטשער פאַריין איז געווען באַטראַכט אויף דער יידישער גאַס אַלס איינער פון די ראַדיקאַלסטע און פּראָגרעסיווסטע.

און אַזוי האָבן מיר זיך אויסגעלעבט אַרום אונזער פאַריין. אַלע צוויי וואָכן אַ פאַרזאַמלונג מיט דיסקוסיעס. עס האָבן זיך אויך געשאַפן פאַרטייען אָבער קיין שונאים איז מען נישט געוואָרן. נאָך דער פאַרזאַמלונג איז מען געזעסן צוזאַמען ביי אַ טיש אין קאַפע און געפירט אַ פריינטלעכן געשפּרעך. עס זענען געווען און עס זענען דאָ צווישן אונז סאָציאַליסטן, ציוניסטן און אַנדערע, אָבער אין פאַריין זענען מיר לאַנדסלייט. דער זעלבער גייסט באַהערשט אונז אַלעמען ביז היינט צו טאָג. אונזער פליכט און אויפגאַבע צו אונזער אַלטער היים איז דערפילט געוואָרן. מיר האָבן אויך געהאָלפן אין דעם אויפבוי פון אונזערע היגע צדקה אינסטיטוציעס, ווי מושב זקנים, בתי יתומים יידישע שפּיטאָלן און אַנדערע אַנשטאַלטן, לאָקאַלע און נאַציאָנאַלע, וואָס די יידן אין אַמעריקע האָבן געשאַפן.

מיט דעם יאָר 1914 האָבן מיר אָפּגעשלאָסן 10 יאָר עקזיסטענץ, שטאָלץ אויף אונזערע דערגרייכונגען האָבן מיר אָנגעפאַנגען מאַכן פּלענער פאַר אַ גרויסע, אימפּאָזאַנטע פייערונג לכבוד דעם צענטן יובילעאום. דער יום טוב איז אָבער געווען אַ פאַרשטערטער. די מלחמה האָט אַרומגענומען גאַנץ אייראָפּע, איינגעשלאָסן אונזערע היים־שטעט. די קאָרעספּאָנדענץ האָט זיך אָפּגעשטעלט. די פאַרבליבענע פאַמיליעס דאָרט, זענען געווען אָפּגעשניטן פון זייערע שפּייזער דאָ. דאָס איז נישט געווען אַ שריפה אין מוש, נאָר אַ וועלט־אומגליק.

אין יענער צייט הויבט אָן דער מושער און באַראַנאָוויטשער פאַריין צו שרייבן אַ גאָלדן קאַפּיטל אין זיין געשיכטע, וואָס קאָן באַצייכנט ווערן מיט דעם נאָמען —

## דער רעליף פּעריאָד

אין 1920 האָבן מיר אויסגעקליבן איינעם פון אונזער אַקטיוו, ער זאָל זיין אונזער שליח קיין מוש און באַראַנאָוויטש און מיטנעמען אונזערע האַרציקע טרייסט־ווערטער צוזאַמען מיט דער מאַטעריעלער הילף, וואָס איז דורך די מלחמה־יאָרן געזאַמלט געוואָרן. דער שליח האָט אויך מיטגענומען בריוו און געלט פון לאַנדסלייט פאַר זייערע קרובים און נאָענטע, ווי אויך לעגאַלע פּאַפּירן פאַר די וואָס קענען און ווילן פאַרלאָזן זייערע חרובע היימען און קומען אין אַמעריקע. אונזער שליח האָט דערפילט זיינע פליכטן. עס איז געלונגען צו ברענגען אַהער אָרום 70 פּערזאָן. זיין באַריכט און זיינע איינדרוקן און איבערלעבונגען, מיט וועלכע



מושער און באַראַנאָוויטשער בענעוואָלענט אסאָסיאיישאַן אין ניו־יאָרק (1952).

**עס זיצן פון רעכטס: סעם גאַלאַי (קאַסירער), מאָריס סטראוס (וויצע־פּרעזידענט), ברונאָ שאכטער (פּרעזידענט), סעם ראטקאָוויץ, עזריאל בערקאָוויץ (סעקרעטאַר), סעם שקליאַר.**

**עס שטייען פון רעכטס: אָסיע טעץ, איזידאָר יודקאָווסקי, רובי זיממערמאַן, משה לימאָן, אהרן וואַלאַך, מיכאל קושניר, הרב חיים קאַראַליצקי, נחמיה ביטענסקי, קאַגאַן.**



מושער און באַראַנאָוויטשער בענעוואָלענט אסאָסיאיישאַן אין ניו־יאָרק (1953).

**עס זיצן פון רעכטס: מאָריס סטראוס (וויצע־פּרעזידענט), ברונאָ שעכטער (פּרעזידענט), סעם ראטקאָוויץ (עקס־פּרעזידענט), איזי ראטקאָוויץ (סעקרעטאַר).**

**עס שטייען פון רעכטס: עזריאל בערקאָוויץ (סעקרעטאַר), טאוב (האספּיטעלער), סעם גאַלאַי (טרעזשורער), ביילין (האָספּיטעלער), איזי גינזבורג (מאַרשאַל).**

אונזער שליח האָט זיך געטיילט מיט אונז נאָך זיין צוריקקומען, זענען געווען זייער טרויעריקע.

אונזער פאַריין האָט אין די יאָרן צווישן ביידע מלחמות פאַרגעזעצט צו שטיצן מוש און באַראַנאָוויטש. יעדן ערב פסח האָבן מיר געשיקט מעות חיטים, מיר האָבן געשיקט אַ באַדייטנדע סומע געלט פאַר גמילות חסדים. מיר האָבן געשטיצט די לערן־אַנשטאַלטן, איינגעשלאָסן די ישיבות. אונזערע מיטגלידער און לאַנדסלייט דאָ בכלל האָבן זיך איינגעבירגערט און איינגעאָרדנט אַזוי אַז די נייע אַריבערגעקומענע זענען אויפגענומען געוואָרן דורך זייערע קרובים מיט אַ סך גאַסטפריינדשאַפט.

אונזער פאַריין האָט צוגעקראָגן נייע מיטגלידער, און איז געוואָרן נאָך מער אַקטיוו, צוגעקויפט נאָך אַ פעלד פאַר אַ בית עולם, אַזוי אַז דער פאַריין איז אַן אייגנטימער פון 3 גרויסע בית עולמ׳ס.

די ערשטע אַנגעשלאָסענע מיטגלידער, וועלכע זענען געווען אין עלטער פון 30 — 25 בעת זייער אַנשלוס, זענען געוואָרן 65 — 60 אין 1935, און די עלטערע נאָך עלטער. מיר האָבן אָנגעפאַנגען פאַרלירן מיטגלידער, אויף אַ נאַטירלעכן אופן. דערפאַר האָבן מיר דאַן געהאַט אַ זייער אַקטיוון עלעמענט פון די ניי־אָנגעשלאָסענע. און אַזוי איז דאָס לעבן פון אונזער אָרגאַניזאַציע געגאַנגען זיין וועג: אַ מאָל בעסער, אַ מאָל ערגער. ערגער ווען אומגליקן פאַסירן מיט אַ צאָל מיטגלידער איינצייטיק, ווי עס האָט פאַסירט ביי אונז, ווען מיטגלידער זענען קראַנק געוואָרן אויף שווינדזוכט און מען האָט זיי געדאַרפט אַוועקשיקן אין די בערג ווו דער קלימאַט איז גינסטיק, און עס האָט זיך געפאָדערט אַ סך געלט אויף אויסהאַלטן דעם קראַנקן און זיין פאַמיליע. אונזער פאַריין האָט געהאַט אַזעלכע פאַלן אַ סך, און האָט זיין פליכט דערפילט מיט הארץ און נשמה.

סוף 1939 איז ווידער דער הימל פאַרצויגן געוואָרן מיט שוואַרצע וואָלקנס. מיר האָבן שוין געהאַט די דערפאַרונג פון דער ערשטער וועלט־מלחמה צו פאַרשטיין, אַז יידן ליידן אַמשרעקלעכסטן.

מיר האָבן אויך פאַרשטאַנען, אַז אַ געוויסע צאָל פון אונזערע וועלן זיך ראַטעווען, און פריער אָדער שפּעטער וועלן מיר זיי מוזן העלפן. און מיר האָבן ווידער אָנגעפאַנגען זאַמלען געלט־מיטלען.

שפּעטער האָבן מיר געזוכט אַ פאַרבינדונג מיט באַראַנאָוויטש, נאָכדעם ווי די דייטשישע בעסטיע איז געוואָרן באַזיגט, אָבער אָן דערפאָלג. מיר האָבן אָפּגעשיקט שפּייז־פּאַקעטן דורך דעם „דזשאָינט" אין טעהעראַן פאַר טויזנט דאָלער.

מיר האָבן אָבער געמאַכט פאַרבינדונגען מיט די קעמפּס ווו ס׳האָבן זיך געפונען באַראַנאָוויטשער, מיט דער הילף פון אידישע צייטונגען. מיר האָבן געשריבן, אַז לאַנדסלייט פון מוש, באַראַנאָוויטש און אומגעגנט זאָלן זיך פאַרבינדן מיט אונז, און אַז מיר וועלן זיי גלייך קומען צוהילף, ווי אויך העלפן צו פאַרבינדן זיי מיט זייערע קרובים דאָ אין אַמעריקע. אַ שטראָם פון בריוו האָט אונדז דערגרייכט פון אַלע לאַגערן, און מיר האָבן רעאַגירט מיט צופרידנהייט אויף זייערע פאַרלאַנגען. אויסער פּאַקעטן מיט שפּייז און קליידער, וואָס מיר האָבן אַרויסגעשיקט אין גאַנצע טראַנספּאָרטן דורך פאַרשידענע געזעלשאַפטן, האָבן מיר אויפגעטאָן גאָר אַ סך אויפן געביט פון אָפּזוכן קרובים, און פאַרבינדן זיי מיט זייערע נאָענטסטע. דער סעקרעטאַריאַט פון רעליעף־קאָמיטעט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קליינעם „האיאַס", צענדליקער לאַנדסלייט, קרובים פון די בריוו־שרייבער, האָבן זיך גלייך אָפּגערופן בנוגע זייערע לעבעדיק־געבליבענע קרובים. אונזער רעליעף קאָמיטעט איז זייער שטאָלץ מיט זיין אויפטו. אָנערקענונג פאַר דער אַרבעט האָט אויך געקראָגן דער סעקרעטאַר.

ווען אַ גרעסערע צאָל פון די געראַטעוועטע איז שוין געוואָרן פאַראייניקט מיט זייערע קרובים, און אַנדערע זענען עולה געווען קיין ארץ ישראל — האָבן מיר באַשלאָסן אויפצולייזן דעם קאָמיטעט. קאַרגע צוויי טויזנט דאָלאַר פון די פאַרבליבענע געלטער האָבן מיר אָפּגעשיקט אין ישראל פאַר זעלבסטפאַרטיידיקונג־צוועקן.

ס׳איז אויך גלייכצייטיק אונטערנומען געוואָרן אַן אַקציע צו פאַראייביקן אונזערע היים־שטעט, מוש און באַראַנאָוויטש, דורך בויען הייזער אויף זייער נאָמען אין ישראל. מיר האָבן געזאַמלט און גלייך איינגעצאָלט פאַרן אויפבוי פון צוויי הייזער, מיט אַ צוזאָג צו זאַמלען נאָך און בויען מער אַזעלכע הייזער.

## די צוקונפט פון אונזער לאַנדסמאַנשאַפט

נישט קוקנדיק אויף אַלע אָנשטרענגונגען איז אונז (מיט אַ זייער קליינעם אויסנאַם) נישט געלונגען אַריינצוברענגען אונזערע זין אַלס דויערהאַפטע מיטגלידער פון אונזערע לאַנדסמאַנשאַפטן ס׳איז נישטאָ דער סענטימענט, וואָס זאָל צובינדן; די צוקונפט פון די פאַריינען, וואָס האָבן אַזויפיל אויפגעטאָן, איז דעריבער נישט קיין אויסזיכטספולע. מיט דעם פּראָבלעם זענען באַשעפטיקט אַלע עקזיסטירנדיקע לאַנדסמאַנשאַפטן. אויך די ניי־געקומענע זענען נישט אַקטיוו. די סיבה איז קלאָר. זיי זעען אין אַ סך בעסערער לאַגע, ווי מיר זענען געווען, אַלס ניי־געקומענע. דער היינטיקער עמיגראַנט האָט זיך אַן וועמען אָנצושפּאַרן, ער האָט איינגעאָרדנטע קרובים א.אַז.וו. ער זוכט צו פאַרגעסן די אַלטע היים, וואָס איז פאַרבונדן מיט שוידערלעכע דערינערונגען. ס׳האָט זיך אויסגעלאָשן די בענקשאַפט נאָך אַ היימישער סביבה.

אונזער מושער־באַראַנאָוויטשער פאַריין איז נישט קיין אויסנאַם. מיר האָבן לעצטנס פאַרלאָרן, אויף אַ נאַטירלעכן אופן, אַ היפּשע צאָל מיטגלידער; מיטגלידער וואָס האָבן געבויט און אויפגעהאַלטן דעם פאַריין צענדליקער יאָרן; דער פאַריין איז געווען זייער אידעאַל, און קיין אַנדערע וואָס זאָלן פאַרנעמען זייערע פּלעצער זענען נישטאָ.

ס׳ווילט זיך האָפן, אַז די ניי־אַריבערגעקומענע וועלן איינזען אַז זיי באַגייען אַן עוולה קעגן זיך — און וועלן געפינען זייער פּלאַץ אין דעם פאַריין וואָס טראָגט דעם נאָמען פון זייער היים.

איך, דער שרייבער פון די שורות, ווען איך פאַרטראַכט זיך וועגן דעם אַ מאָל און קוק צוריק אויף די קאַרגע 5 צענדליק יאָר פון דעם פאַריינס לעבן און שאַפן, — קום צום אויספיר: וואָלט מיר איצט אויסגעקומען אָנצופאַנגען פון אָנהויב, וואָלט איך נישט געפינען קיין בעסערן וועג ווי דעם, אויף וועלכן אונזער פאַריין איז אַזוי האַרציק און ברייטהאַרציק געגאַנגען ביז איצט.

קלארא איזראעליט (חיה יודקאווסקי)

# 15 יאר מושער־באראנאוויטשער פרויען פאריין

דער מושער־באַראַנאָוויטשער פרויען־פאַריין איז געגרינדעט געוואָרן מיט 15 יאָר צוריק. געווען איז עס אין דער צייט ווען די אַלטע היים האָט נאָך נישט דערוויזן צו קומען צו זיך פון חורבן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, און שוין האָט געדריקט אויף איר דער שווערער יאָך פונם פּוילישן ווירטשאַפטלעכן אַנטיסעמיטיזם. פון אַלע זייטן זענען אָנגעקומען הילפס־רופן—פון ישיבות, בתי יתומים פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס א. א.

אין יענער צייט האָט זיך דערוועקט אונזער חשובער לאַנדסמאַן משה סטרעלאָווסקי (מאָריס סטראוס), און גענומען אויף זיך די איניציאַטיוו צו גרינדן אַ פרויען־פאַריין ביי דעם מושער־באַראַנאָ־וויטשער פאַריין.

ברודער מאָריס סטראוס און זיין פרוי האָבן געווידמעט אַ סך כוחות און געאַרבעט מיט לייב און לעבן צו אָרגאַניזירן אונזערע מושער און באַראַנאָוויטשער פרויען, צו הילפס־טעטיקייט פאַר דער אַלטער היים. עס זענען גערופן געוואָרן פאַרזאַמלונגען. אַלס ערשטע פאַרזיצערין איז געוויילט געוואָרן די שוועסטער שרה גינזבורג, וועלכע האָט אַ סך בייגעטראָגן צו דער אַנטוויקלונג פון דער ברייט־פאַרצווייגטער טעטיקייט פון פאַריין.

ברודער סטראוס האָט אויך געזאָרגט, אַז באַלד פון זיין אַנטשטייאונג זאָל דער פרויען־פאַריין זיין אויטאָנאָם אין זיין טעטיקייט, פאַרזיכערנדיק דערביי פריינטשאַפטלעכע האַרמאָנישע צוזאַמענאַרבעט צווישן ביידע פאַריינען. די דאָזיקע טראַדיציע ווערט ביז היינט־צו־טאָג אָפּגעהיט.

עס איז אונז געלונגען צוציען צו דער אַרבעט וויכטיקע פרויען־כוחות, אַקטיוויזירן זיי געזעלשאַפטלעך, ווי אויך צו שאַפן אַ שוועסטערלעכע אַטמאָספער צווישן די מיטגלידערינס.

מיט דער הילף פון פאַרשידענע פאַראַנשטאַלטונגען איז אונז געלונגען אין אַ קורצער צייט צו שאַפן אַ געלט־פאָנד און צוטרעטן צו דער הילפס־טעטיקייט.

מיטן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז איבער־געריסן געוואָרן דער קאָנטאַקט מיט דער אַלטער היים. מיר האָבן איבערגעלעבט טעג און נעכט פון שוידער און פּיין. נאָך דעם ווי אַמעריקע זאָאז אַריין אין דער מלחמה און אונזערע מענער און קינדער זענען געשיקט געוואָרן אויף אַלע פראָנטן, האָט דער פאַריין געהאַט אַ דאָפּלטע אויפגאַבע: צו דערמוטיקן די עלנטע פרויען און מוטערס און טרייסטן די אומגליקלעכע וואָס האָבן פאַרלאָרן זייערע טייערסטע, ווי אויך פאַרזעצן אונזער טעטיקייט מיט דער האָפענונג אַז נאָכן בלוט־מבול זאָלן מיר קענען אויסשטרעקן אונזער הילף. אַזוי איז עס טאַקע געשען.

גלייך נאָך דער מלחמה זענען מיר צוגעטראָטן צו דער הילפס־טעטיקייט. ס׳איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ „יזכור״ טאָג און אויפן אָרט איז געזאַמלט געוואָרן עטלעכע טויזנט דאָלאַר. ס׳זענען גערופן געוואָרן פאַרזאַמלונגען און צו יעדער פאַרזאַמלונג האָבן מיר בייגעטראָגן אונזער צושטייער און פאַרהעלטניסמעסיק, בכבודיקע געלט סומען. דער פאַראייניקטער הילפס־קאָמיטעט האָט זיך פאַר־בונדן מיט אונזערע לעבנגעבליבענע לאַנדסלייט, צעשפּרייטע איבער לענדער און פּליטים־לאַגערן; געשיקט זיי שפּייז און קליידער, געהאָלפן אויפזוכן זייערע קרובים, וועלכע האָבן זיי נאָכדעם געבראַכט קיין אַמעריקע. מיר האָבן זיי אויך געהאָלפן דאָ ביים איינאָרדענען זיך אין דירות, באַזאָרגט זיי מיט מעבל א. א. נויטיקע זאַכן. מיר האָבן אויך מיטגעאַרבעט אויפן געביט פון יתומים־פאַרזאָר־גונג, סיי דורכן אויסהאַלטן יתומים־הייזער און סיי דורך אַדאָפּטירן קינדער א. ד. גל. היינט־צו־טאָג זענען מיר אַקטיוו אין דער אַרבעט פאַר מדינת ישראל. מיר האָבן, צווישן אַנדערן, דורכגעפירט אַן אַקציע פאַר אַ קינדער־היים אין ישראל, וואָס זאָל טראָגן דעם נאָמען מוש־באַראַנאָוויטש.

פריידל שטיין (צירולניק)

# באראנאוויטשער אין ארגענטינע

די ערשטע באַראַנאָוויטשער וואָס זענען אָנגעקומען צו די ברעגן פון אַרגענטינע, שוין אין אָנהויב פון די ניינציקער, זענען געווען די ברידער יעקב און שמעון יאָסעלעוויטש. דאַן זענען נאָך בכלל געווען זייער ווייניק יידן אין לאַנד. אין 1902 זענען צוגעקומען מרדכי ראַ־זאָווסקי און די ברידער עפּשטיין, די לעצטע — מיט דער הילף פון „ייקא״. די ברידער עפּשטיין זענען געווען די ערשטע, וואָס האָבן זיך קאָנגנעשטעלט „ייקא״ און געגרינדעט אַן אומאָפּהענגיקע קאָלאָניע נישט ווייט פון דעם שטעטל מעדאַנאָס, — אַ געשעעניש וואָס האָט אין יענע יאָרן געהאַט אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג אויך אויסער די גרענעצן פון אַרגענטינע.

ס׳איז כדאי צו פאַרצייכענען נאָך אַן עפּיזאָד. דעם 20־טן סעפּ־טעמבער 1910, ווען מען האָט אין רוים אָפּגעשיידט די קירכע פון דער מדינה, האָבן די איטאַליענער פון מעדאַנאָס איינגעאָרדנט אַ מאַניפעסטאַציע און מאַרשירט אונטער זייער פאָן. אויך אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן האָבן זיך אין איר באַטייליקט מיט זייערע פענער, צווישן זיי אויך מיר, די יידן, און לכבוד אונזער פאָן האָט מען דאַן געשפּילט די „התקוה״.

אין 1912 איז געקומען קיין אַרגענטינע דער באַקאַנטער באַראַנאָוויטשער כלל־טוער חייקל עפּשטיין מיט זיין שוועסטער פראַדל, וועלכע האָבן אויך דאָ אַרויסגעוויזן אַ לעבהאַפטיקע טעטיקייט אין געזעלשאַפטלעכן לעבן און זיך באַטייליקט אין דער גרינדונג פון אַ סך יידישע אינסטיטוציעס. צוזאַמען מיט יעקב יאָסעלעוויטש



קאָמיטעט פון באַראַנאָוויטשער פאריין אין אַרגענטינע

עס זיצן פון רעכטס: משה קאַגאַן, פרוי ליט־וואַק, פרוי איצקאָוויטש, יעקב קאַנטאָראָוויטש, פריידל שטיין (צירולניק), וויכנע מאַנגען (באָ־ראָווסקי), ליאָווע מאַ-גען.
עס שטייען פון רעכטס: משה בערקאָוויטש, שמואל קאָטליאַר, משה ליטוואַק, אברהם אַב־ראַמאָוויטש, מ. גאָוועזניאַנסקי.

און מרדכי ראזאווסקי געשאַפן אַ ביקור־חולים, חברה־קדישא, די חברה „עזרה" מיטן יידישן שפיטאָל, און די ציוניסטישע פעדעראַציע, ווו אונזער לאַנדסמאַן יעקב יאָסעלעוויטש איז געווען איר ערשטער פרעזידענט. ער איז אויך געווען אַ שרייבער און זיך אַקטיוו באַטייליקט אין פאַרשידענע יידישע און העברעאישע אויסגאַבן. דאָס זענען אונזערע ערשטע באַראַנאָוויטשער, וועלכע האָבן אַריינגעשריבן די שענסטע בלעטער אין דער געשיכטע פון אַרגענטינער יידנטום.

אין פאַרלויף פון די קומענדיקע יאָרן האָט זיך די עמיגראַציע דורך „ייקא" פולשטענדיק אָפּגעשטעלט. זי איז באַנייט געוואָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה אונטערן דרוק פון אַנטיסעמיטיזם און ווירטשאַפטלעכן קריזיס. צו יענער צייט איז געפירט געוואָרן אַ גרויסע פּראָפּאַגאַנדע פאַר עמיגראַציע אין די לענדער פון דרום־אַמעריקע, ווו מען האָט נאָך אַ צוויי־יאָריקן אויפנטהאלט באַקומען די בירגערשאַפט.

איינס פון די דאָזיקע לענדער איז אויך געווען אַרגענטינע, וווהין עס האָט אָנגעהויבן גיין אַ גרויסע עמיגראַציע פון באַראַנאָ־וויטשער יידן. נישט אַלע זענען, פאַרשטייט זיך, פאַרבליבן אין אַרגענטינע. אייניקע האָבן נאָך אַ קורצער צייט דאָס לאַנד פאַרלאָזן און זיך אַריבערגעפירט קיין קובא, מעקסיקע, קאַנאַדע און אַפילו אין די פאַראייניקטע שטאַטן, — נישט געקענט זיך צופּאַסן צו די נייע באַדינגונגען פון אַ פרעמד לאַנד און אַ פרעמדער שפּראַך. דער גרעסטער טייל איז אָבער פאַרבליבן אויפן אָרט, דורכ־געמאַכט אַלע שוועריקייטן פון דער ערשטער צייט, זיך גענוג אָנ־געפּלאָגט, און ממילא איז שוין נישט געווען כדאי און נישט געווען קיין חשק צו פאָרן זוכן נייע גליקן, — ווידער אַמאָל ווערן אַ „גרינער".

וואָס ווייטער איז די צאָל באַראַנאָוויטשער אין אַרגענטינע אַלץ מער געשטיגן. בערך אין 1935 האָבן עטלעכע ענטוזיאַסטן געמאַכט אַ פּרווו צו אָרגאַניזירן אונזערע לאַנדסלייט און גרינדן אַ פאַריין פון באַראַנאָוויטשער. דער עקספּערימענט איז נישט געלונגען. דער פאַריין האָט נישט געהאַט קיין שום סאָציאַלן און געזעלשאַפט־לעכן אינהאַלט. ער איז צעפאַלן געוואָרן נאָך איידער ער האָט באַוויזן עפּעס אויפצוטאָן. מעגלעך אויך צוליב דעם, וואָס יעדער האָט זיך באַטראַכט אַלס צייטווייליקער גאַסט און נישט געגלויבט אַז ער וועט זיך דאָ איינוואָרצלען. מען איז געשטאַנען על פרשת הדרכים, געזעסן אויף די קופערטס און געזוכט נייע וועגן. אייניקע האָבן איבערגעלאָזן זייערע משפחות אין דער אַלטער היים, און דער וועג צוריק איז שטענדיק געווען אָפן.

ערשט נאָכן גרויסן חורבן זענען אַלע חלומות מיט אַמאָל פאַרשוווּנדן געוואָרן. פּלוצים האָט מען זיך דערפילט פאַראייניזאַמט און פאַריתומט. דאָס אומגליק איז געווען אַזוי גרויס, אַז יעדער איינער האָט פאַרלאָרן זיין גלייכגעוויכט. מען איז געלאָפן איינער צום צווייטן זיך נאָכפרעגן אפשר האָט עמעצער באַקומען אַ ידיעה וועגן טרויעריקן גורל פון דער אַלטער היים, וועגן לעבנגעבליבענע קרובים און באַקאַנטע. אפשר איז דאָך עמעצער פאַרבליבן פון דער משפחה, אפשר דאַרף מען עפּעס טאָן?! פאַר די אויגן זענען געשטאַנען פאַרשידענע אויפגאַבן. יעדערן האָט באַהערשט דאָס באַוווסטזיין, אַז נאָר מיט געמיינזאַמע כחות וועט מען קענען באַווייזן עפּעס אויפצוטאָן. אַן אינערלעכער דראַנג האָט געטריבן צו דערנענטערן זיך איינער צום צווייטן. דאַן איז געבוירן געוואָרן דער געדאַנק צו אָרגאַניזירן אונזערע לאַנדסלייט און אין אָקטאָבער 1946 איז געגרינדעט געוואָרן דער „באַראַנאָוויטשער לאַנדסלייט־פאַריין", וועלכער האָט זיך תיכף געשטעלט אין דינסט פון דער הייליקער אַרבעט — קודם כל אויפצוזוכן די פאַרבליבענע רעשטלעך און זיי העלפן מיט אַלעם מעגלעכן. דער פאַריין האָט זיך פאַרבונדן מיט די פאַרשידענע פּליטים־קאָמיטעטן אין פּוילן, דייטשלאַנד, איטאַ־ליע און פראַנקרייך. באַלד איז דערהאַלטן געוואָרן די ערשטע קורצע רשימה פון אונזער אָרעם פאַרמעגן. מיר האָבן גלייך אָנגעהויבן שיקן געלט, קליידער, וועש, שפּייז און ד. גל. מיר האָבן אויסגעפונען אַ מושער מיידל, וועלכע איז פאַרבליבן איינע אַליין פון אַ פאַרצוויייג־טער משפחה און נישט געוווסט צו וועמען און וווהין זיך צו קערן. מיר האָבן זי אַראָפּגעבראַכט צו אונז, באַצאָלט פאַר איר אויסליי־



אַ גרופּע באַראַנאָוויטשער אין אַרגענטינע.

עס זיצן (1־טע שורה פון רעכטס): פרוי מאָרדוכאָוויטש, פרוי קאַגאַן, אומבאַקאַנט, פרוי מאַנגען (באָראָווסקי), פרוי שטיין (צירולניק), פרוי קערנער, משה בערקאָוויטש.

2־טע שורה פון רעכטס: יענקל צימינסקי, משה קאַגאַן, צ. ליאַכאָוויצקי, יעקב קאַנטאָראָוויטש, ליאָווע מאַנגען, אברהם אַבראַמאָוויטש, שמואל קאָטליאַר, אומבאַקאַנט.

3־טע שורה פון רעכטס: יצחק מאָרדוכאָוויטש, נאַכע ברעוודאַ, אומבאַקאַנט, פרוי בערקאָוויטש, פרוי קאַנטאָראָוויטש, קאַנטאָראָוויטש, משה ליטוואַק.

אויבערשטע שורה פון רעכטס: חיים איטשע לייזעראָוויטש, ראובן מאָרדוכאָוויטש, כאַשע גיטל, מ. גאָוועזניאַנסקי, פרוי ליטוואַק, פרוי ברעוודאַ, זעלענער, פרוי איצקאָוויטש, אברהם קערנער, אהרן רויטמאַן, מאַקס קאָלבאָווסקי.

געלט, ווען די מאַכט האָט איר פאַרהאַלטן, און שפּעטער געפּראַוועט איר חתונה, וואָס איז געווען אַ יום־טוב פאַר אַלע באַראַנאָוויטשער. דאָסגלייכן האָט דער פאַריין געזאָרגט פאַר אַלע לעבנגעבליבענע, וואָס האָבן באַוויזן צו דערגרייכן די ברעגן פון אַרגענטינע. ער זאָרגט און העלפט נישט בלויז די נײַ־אָנגעקומענע, נאָר אויך לאַנדסלייט וואָס זענען שוין לאַנג אין לאַנד און נויטיקן זיך אין הילף.

די פּראָקלאַמירונג פון דער יידישער מדינה האָט אַרייַנגעבלאָזן אַ נייע נשמה אין אַרגענטינער יידנטום. מענטשן האָבן פשוט געטאַנצט אין די גאַסן פאַר פרייד. זינט דאַן איז אונזער „באַראַנאָוויטשער לאַנדסלייט־פאַריין" אַרויס אויף אַ נייעם וועג. מיר פייערן יעדעס יאָר דעם געבורטס־טאָג פון דער יידישער מדינה; מיר באַשטייערן זיך אויף אַלע אַקציעס פאַר ישראל.

אויפן בית־עולם אין בוענאָס־איירעס איז געבראַכט געוואָרן צו קבורה דאָס אַש פון אונזערע 6 מיליאָן קדושים, און די יידישע קהילה האָט דאָ אויפגעשטעלט פאַר זיי אַ דענקמאָל. אויך מיר, די באַראַנאָוויטשער, האָבן דאָרט אַן אָנדענק־טאָפל, אויף וועלכער ס'איז אויסגעקריצט דאָס יאָרצייט נאָך אונזערע קדושים. יעדעס יאָר קלייבן מיר זיך צענויף לעבן דער מצבה און ריכטן אָפּ אַן אזכרה.

אונזער פאַריין ציילט ביז 100 מיטגלידער. אין גאַנץ אַרגענטינע זענען דאָ אַ 150—175 משפחות פון באַראַנאָוויטש. אַ טייל פאַרנעמט זיך מיט מסחר, אייניקע זענען פאַרטרעטן אין דער אינדוסטרי, אַ קלענער טייל זענען לוין־אַרבעטער.

דער באַראַנאָוויטשער פאַריין שטיצט אויך די אָרטיקע יידישע אינסטיטוציעס: יידישע שולן, דעם יידישן טעאַטער, דעם יידישן שפּיטאָל א. אַז. וו. יעדער פון אונז איז אַ מיטבויער פון קולטורעלן און געזעלשאַפטלעכן לעבן פון אַרגענטינער יידנטום.

ביילע אדלער

# באַראַנאָוויטשער לאַנדסלייט אין דרום־אַפריקע

אונזער טעטיקייט אין דרום־אַפריקע האָט זיך אָנגעהויבן פון אַ פּאָר צענדליק מענער און פרויען, וואָס משפחה־און נשמה־פּעדים האָבן זיי פאַרבונדן מיט דער אַלטער היים. סוף 1937 איז געגרינדעט געוואָרן אונזער לאַנדסמאַנשאַפט, אָדער ווי מען רופט עס ביי אונז: סאָסייטע. אירע איניציאַטאָרן זענען דאַן אויך אויסגעוויילט געוואָרן אין ערשטן קאָמיטעט, וועלכער איז באַשטאַנען פון: אריה־ליב אייזיקאָוויטש — פאָרזיצער; העניע סיגעל (נייפעלדס טאָכטער) — סעקרעטאַרין; מיטגלידער (לויטן א״ב): פרוי ביילע אַדלער; יהודה אַדלער; משה נייפעלד; וועלוול סיגעל; מרדכי פריימער. די קאָמיטעט־מיטגלידער — אַליין פאַריאָגט אין טאָג־טעגלעכע דאגות, האָבן פיל פון זייער פּריוואַטער צייט געווידמעט פאַר פּראַקטישער סאָסייטע־אַרבט, וואָס איז באַשטאַנען אין זאַמלען געלט פאַר די פאַראָרעמטע נויטבאַדערפטיקע פון אונזער שטאָט.

פון אָנהויב 1938 ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָבן מיר עטלעכע מאָל איבערגעשיקט גרעסערע געלט־סומעס צו דער פאַרוואַלטונג פון „בית־לחם“. די דאָזיקע אינסטיטוציע האָט דאַן געשטיצט אַ קימא־לן פון 700 יידן פון אונזער שטאָט, זיי זאָלן האָבן אַ שטיקל ברויט צו דער זאַט, אַ וואַרעמע היים און אַ כשרן געדעקטן טיש אויף יום־טוב. מיר זענען צו יענער צייט געווען אָנגעשלאָסן אין דער אָרגאַניזאַציע „אגודת אחים דמינסק“.



אַ גרופּע באַראַנאָוויטשער אין יאָהאַניסבורג

אונטן פון רעכטס: רבקה בארסוק, פאָלע בילטשיק, בערל בילטשיק (איר מאַן), גיטל קאַפּלאַן, רחל פרענקענטאַל

עס זיצן פון רעכטס: יהודה אַדלער, ביילע אַדלער (זיין פרוי), שרה נייפעלד, משה נייפעלד, יהודה נפתלי בילטשיק, חיה זיסל בילטשיק, רייזל וויגאָשין.

3־טע שורה פון רעכטס: נאָרמאַן קאַפּלאַן, יוסף פּאָלאָנעצקי, פריידל פּאָלאָנעצקי, הרב בנימין נייפעלד, נחום קראַשינסקי, עלקע נאָראַלסקי, חיים גאָראַלסקי, חוה ברייטמאַן (בילטשיקס טאָכטער).

4־טע שורה פון רעכטס: פּנחס לוי, ליבע לוי, איטקע פריימער, מאַריאַשקע לעווין, חזן ברייטמאַן.

אויבן פון רעכטס: ליובע אייזיקאָוויטש, מאָטל פריימער, מיכל שוואַרץ, אסתר שוואַרץ.

עס איז געווען די גרעסטע שמחה און באַפרידיקונג אין אונזערע אָנשטרענגונגען, ווויסנדיק, אַז די שפּענדונגען האָבן געבראַכט ליכט און גליק אין יידישע הייזער, וואָס פיזיש זענען מיר פון זיי געווען אַזוי ווייט, אָבער מיט אונזערע בענקשאַפטן זענען מיר נאָך דאָרט געווען פאַראַנקערט.

מיר האָבן געפילט און אויך געוווּסט די אויסערגעוויינלעכע דאַנקבאַרקייט פון די אַלע פרנסה־און חיונהלאָזע אָרעמע שוועסטער און ברידער. אויך די „עפנטלעכע דאַנקזאָגונגען" אין דער באַראַנאָוויטשער יידישער פּרעסע, האָבן אונז געגעבן מוט און ענערגיע ווייטער אָנצוגיין מיט דער עבודת־קודש. מיר האָבן שוין געמאַכט פּלענער פאַר דער צוקונפט, כדי אינטענסיווער צו אַנטוויקלען אונזער טעטיקייט.

אָבער די רציחה׳דיקע היטלער־וואַקכאַנאַליע, וואָס האָט פאַרפלייצט מיט יידיש בלוט האַלב אייראָפּע ובתוכה אונזער געבורטשטאָט, האָט געמאַכט אויף עטלעכע יאָר אַ סוף צו אונזערע פאַנטאַזיעס. צו יענער צייט איז אויפגעקומען די זאָרג פאַרן לעבן פון אַלע אונזערע טייערע, רייך צי אָרעם, וועלכע מיר האָבן אַפילו מיט אַ טרייסט־וואָרט נישט געקאָנט העלפן. אַזוי איז בדרך־אונס די אָנגעהויבענע אַרבעט פאַראַליזירט געוואָרן, אָבער יעדער פון אונז האָט אין דער טראַגישער תקופה, מיטגעהאָלפן אין דער זאַמלאַקציע פון מלחמה־אַפּיל און אַנדערע וויכטיקע און נויטווענדיקע אַלגעמיינע פאָנדן.

אין דער מלחמה־צייט האָבן מיר איבערגעשיקט שפּייז־און קליידער־פּאַקעטן און געלט צו דעם ארגון יוצאי ברנוביץ אין ארץ־ישראל, פאַר אונזערע לאַנדסלייט, וועלכע האָבן געהאַט די זכיה זיך צו ראַטעווען און דערגרייכן אַ מקום־מנוחה; די אַרבעט אין א״י איז אָנגעפירט געוואָרן דורך פרוי שיינדל פעלדנקרייז. זי פלעגט באַקומען און פאַנאַנדערטיילן די זאַכן און פּראָדוקטן צווישן די נצרכים.

נאָך דעם וואָפנשטילשטאַנד אין פרילינג 1945, האָט אונזער הילף אויסער א״י זיך נאָך אויסגעברייטערט אויף פּוילן און די לאַגערן פון דייטשלאַנד. מיר האָבן די אַרבעט געטאָן מיט התמדה, באַגרייפנדיק, אַז אונז איז באַשערט אַ גרויס גליק אויסצושטרעקן אַ האַנט צו העלפן די רעשטלעך בדרך־נס נצול־געוואָרענע יידן. אַלע יאָרן פון דער מלחמה און עד היום הזה דערפילן אונזערע לאַנדסלייט זייערע פליכטן לויט בעסטע מעגלעכקייטן, און זענען אויך מנדב ביד רחבה פאַרן אַלגעמיינעם קאַמפּיין. חוץ דעם טוען אונזערע באַראַנאָוויטשער אויך אַלס יחידים פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן און דערפילן וויכטיקע פונקציעס, צום ביישפּיל איז כדאי צו דערמאָנען אויך איינע פון אונזערע מיטגלידערינס ווי די חשובע פרוי אַדלער, איינע פון די פאַראַנטוואָרטלעכסטע ציוניסטישע טוערינס, באַזונדערס אין וויצ״א. מיט איניקע מאָנאַט צוריק איז אין דער היים פון פרוי אדלער פאָרגעקומען אַ צוזאַמענטרעף פון אונזערע לאַנדסלייט. אונזער חשובער בן־עיר, הרב׳ ר׳ בנימין נייפעלד, האָט זיך געווענדעט צו די פאַרזאַמלטע, דערמאָנט וועגן חוב פון אחדות, אַז אַלע באַראַנאָוויטשער זאָלן זיך פעסט צוזאַמענשליסן און פאַראייניקן, כדי ווייטער צו טראָגן אין זייער זכרון דעם הייליקן אָנדענק פון אונזערע מאַרטירער, און שטאָלץ זיין אויף דער שיינקייט, גרויסקייט און חשיבות פון אונזער ק״ק, וואָס איז נאָך טיף איינגעבאַקן אין אַלעמענס הערצער. מיט גרויס ענטוזיאזם איז אויפגענומען געוואָרן דער פאָרשלאַג פון אונזער געשעצטן רב, און עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו באַנייען אונזער טעטיקייט. מיר האָפן אין דער צוקונפט מיט מער איבערגעגעבנקייט, גרייטקייט און מסירות צו טאָן די בכבודיקע פליכטן פון סאָסייטע.

אויף אַ שפּעטערדיקער זיצונג, ספּעציעל צו דעם צוועק גערופן, איז געוויילט געוואָרן אַ נייער קאָמיטעט אין פאָלגנדיקן באַשטאַנד: פאָרזיצער — הרב ר׳ בנימין אלי׳ נייפעלד; וויצע־פאָרזיצער — יהודה אדלער; סעקרעטאַרין — פאָליע בילטשיק; קאַסירער — נאָרמאַן קאַפּלאַן; מיטגלידער:ביילע אדלער; אריה־ליב איזיקאָוו; בערל בילטשיק; חיים גאָראלסקי; וועלוול סיגעל; מרדכי פריימער; רחל פרענקענטאַל; גערטע קאַפּלאַן און אסתר שוואַרץ. אונזער סאָסייטע הייסט אָפיציעל: באַראַנאָוויטשער פאַמיליען קרייז (פעמילי־סירקל).

ביי דער געלעגנהייט גריסן מיר האַרציק אונזערע לאַנדסלייט אין ישראל, און דריקן אויס אונזער וווּנטש, צו בלייבן געאייניקט ווי איין פאַמיליע, וואָס היט הייליק אָפּ דעם זכרון פון אונזערע טייערע הרוגים על קדוש השם, די טייערע ברידער און שוועסטער — קדושי באַראַנאָוויטש. תנצב״ה!

## משה יודעלעוויטש

# באַראַנאָוויטשער אין טשילע

אויך דאָרט אין דעם ווייטסטן ווינקל פון דער ערד, אין דעם פאַס לאַנד וואָס ציט זיך לענגאויס די אַנד־בערג און דעם פּאַציפיק, לעבט אַ קיבוץ פון באַראַנאָוויטשער יידן.

די איינוואַנדערונג פון די באַראַנאָוויטשער קיין טשילע האָט זיך אָנגעהויבן אין די 20־ער יאָרן מיט די משפחות גאָלדבוים און יודעלעוויטש. שפּעטער זענען צוגעקומען די פאַמיליעס נארקונסקי, סאפּאטניצקי, ראזאווסקי, קלעצקין און אַנדערע. דער גאַנצער קיבוץ וואָס באַשטייט פון לערך 30 משפחות, איז מערסטנטייל פאַרבונדן דורך נאָנטער און ווייטערער קרובהשאַפט. צו די באַראַנאָוויטשער אין טשילע דאַרפן אויך צוגערעכנט ווערן די האָראָדישטשער און ניעסוויעזשער, וועלכע געהערן דאָרט צו דער באַראַנאָוויטשער משפחה.

די עמיגראַציע קיין טשילע האָט זיך לאַנגזאַם געצויגן דורך די 20־ער און 30־ער יאָהרן, איינער האָט אַריבערגענומען דעם צווייטן. טראָץ די באַשרענקטע עמיגראַציע מעגלעכקייטן (ספּעציעל פאַר יידן) האָבן זיך אין די לעצטע חדשים פאַר דער מלחמה געקליבן



באַראַנאָוויטשער לאַנדסלייט אין טשילע

אין וועג אַריין עלטערן און קרובים, אייניקע האָבן שוין אפילו געהאַט גרייט זייערע פּאַפּירן, אָבער די גרויסע מלחמה טראַגעדיע האָט איבערגעהאַקט דעם וועג. גרויזאַם איז איבערגעשניטן געוואָרן אויף אייביק די האָפנונג פון עלטערן און קינדער, ברידער און שוועסטער וועלכע האָבן יאָרנלאַנג געחלומט צו זען איינער דעם צווייטן. פון די געראַטעוועטע נאָך דער מלחמה איז געקומען קיין טשילע יעדער איינער, זאב יודעלעוויטש, דער זון פון באַקאַנטן באַראַנאָוויטשער תושב ר' אלתר יודעלעוויטש הי"ד.

די באַראַנאָוויטשער, ווי די מערהייט יידן אין טשילע, פאַרנעמען זיך מיט האַנדל און אינדוסטרי, און די עקאָנאָמישע לאַגע איז אַ סטאַבילע; זיי נעמען אויך אַ לעבהאַפטן אָנטייל אין דער דאָרטיקער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, און זענען בכלל אָנזעעוודיק אין דעם קאָלירפולן טשילענער יידישן ישוב, וועלכער ציילט איבער 30 טויזנט נפשות. אזוי צום ביישפיל האָט ה' משה יודעלעוויטש געגרינ־דעט די „צעירי מזרחי" און די „יבנה" שול אין אונזער שטאָט. ער איז איינער פון די מיטאַרבעטער און מיטגרינדער פון דער טשילע־נער יידישער פּרעסע, „טש. ייד. וואָכענבלאַט" און „דאָס יידישע וואָרט", וואָס דערשיינט אין סאַנטיאַגאָ. אַנדערע באַראַנאָוויטשער זענען פאַרטראַטן און נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער ציוניס־טישער אַרבעט, יידישער דערציונג און אַנדערע געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעטן.

# תיקוני טעויות — באמערקטע דרוק־פעלער

| זייט | שורה | פון | געדרוקט | דאַרף זיין |
|---|---|---|---|---|
| 74 | 21 | אונטן | רפעל | רפאל |
| 95 | 2 | אויבן | ברנויבץ | ברנוביץ |
| 203 | 3 | ״ | ההנגה | ההגנה |
| 305 | 27 | אונטן | נקפל | נקפד |
| 365 | 2 | ״ | אַרומגעדיירט | אַרומגעדרייט |
| 382 | 11 | ״ | געקרעצט | געקרעכצט |
| 385 | 10 | אויבן | מלאך | מלך |
| 386 | 3 | ״ | פּרייט | פרייד |
| ״ | 10 | ״ | נישט־פאַרגעניגן | נישט פאַרגינען |
| ״ | 15 | ״ | זינט | זינד |
| 399—400 | 1 | אונטן | ר'ענקלעך | קרענקלעך |
| 403—404 | 10 | ״ | — רבי, איר האָט מיך געפּאַקט! — האָט | דער דיין האָט חושד געווען, אַז דער פאַל |
| ״ | 9 | ״ | זיך אָפּגרופן דער אַלטער פייגמאַן נאָכן | איז נישט קיין געלט־סכסוך, נאָר אַן ענין |
| 406 | 18 | ״ | דבינ׳ס | רבינ׳ס |
| 417—418 | 2 | ״ | עליתו | עליתי |
| ״ | 1 | ״ | מברנוּביץ׳ בימי המלחמה ונדודיו כפליט תלוש | לתחומי המשפחה. ועם עקירתו של הדוד |
| 418 | 1 | אויבן | לתחומי המשפחה. ועם עקירתו של הדור | מברנוביץ בימי המלחמה ונדודיו כפליט תלוש |
| 419—420 | 14 | ״ | ה:גמולי בעליו | תגמוליה עליו |
| 421—422 | 6 | ״ | מתקהים | מתקהלים |
| 425 | 8 | ״ | יוזיק | יודוּק |
| 479 | 9 | אונטן | עטיקייט | טעטיקייט |

